Geoynim

# גאונים און גדולים

(ביאָגראַפיעס)

לעבענס-בעשרייבונגען
פון אַלע גאונים און גדולים
פון אידישען פאָלק.

בעארבייטעט נאָך
פאַרשיעדענע קוועלען.

STAR HEBREW BOOK CO.
54-58 Canal Street, New York

*Printed in the United States of America*

# אינהאַלט:

---

# ר' ישראל בעל שם טוב

## דער גרינדער פון חסידיזמוס.

זיין לעבען, טהעטיגקייט און פילאָזאָפיע.

פון

## א. פרומקין.



# ערשטער קאפיטעל.

## זיין געבורט און זיין יוגענד.

קוועלען און לעגענדען וועגען זיין געבורט. — זיינע עלטערן. — ער ווערט אַ יתום. — אין חדר. — דיא פאַרציייטיגע מלמדים און דער „בעהעל־פער“. — זיין אַנטלויפען אין וואַלד. — זיין ליעבע צו דער נאַטור און צו מוזיק. — ער ווערט אַ „בעהעלפער“, דער נאָך א שמש פון שוהל.

אַם ענדע פון זיעבצעהנטען יאהרהונדערט זיינען דיא אי־דען אין פוילען געשטאַנען אויף אַ טרויעריגער שטופע פון קולטור. דיא בלוטיגע טעג פון דיא יאָהרען 1648—55, וועלכע זיינען בעקאַנט אין דער אידיישער געשיכטע אונטער דעם נאמען „גזרות ת״ח“, האָבען געלאָזט א טיעפען איינדרוק אויף דעם גייסטיגען צושטאַנד פון דיא דאַמאָלסדיגע אידען. דיא ווילדע קאָזאַקען האָבען פערטרונקען דאס גאַנצע לאַנד מיט אידייש בלוט; דיא ישיבות זיינען פערניכטעט געוואָרען. אויף אַ צייט לאַנג האט דאָרט אויפגעבליהט דיא ק ב ל ה, דיא תורה פון דיא אידיישע מיסטיקער. דיא בעוועגונג פון „שבתי צבי“ האָט זיך פערשפרייט איבער דער לייננ און דער ברייט פון פוילען. זיא האט זיך אזוי טיעף איינגעגעסען אין דיא ביינער פון דיא דאָר־טיגע אידען, אז זאָגאַר דאַן, ווען דער „פאַלשער משיח“ איז שוין גע־ווען טויט. האבען זיי איהם ניט אויפגעגעבען אין גאַנצען. פון דיעזער

מיש׳ח־בעוועגונג איז אין פוילען געבאָרען געוואָרען דיא סעקטע „חסידים״, וועלכע האט געוואָלט אראָבברייננגען דיא גאולה דורך תעניתים און דורך פערשיעדענע קערפערליכע פייניגונגען, און אן דער שפיצע פון וועלכער עס זיינען געשטאנען דיא צוויי בעריהמטע קאַבאַליסטען יהודה חסיד און חיים מלאך. אָבער אויך פון זיי האָט זיך גאָר ניט אויסגעלאָזען. נאָר אן איינדרוק האָבען זיי געלאָזען איבעראל, וואו זיי זיינען געוועזן; און וויא ענטטוויקעלט דאָס פאָלק איז ניט געוועזן, האבען זיך פון דעסטוועגען געפונען מאסען, וואס האבען ארויסגעקוקט אויף וואונדער.

אונגעפעהר אין יענער צייט איז אין א קליין שטעטעל אין וואָלאכיע געבאָרען געוואָרען דער פאָטער פון דעם „חסידיזמוס“, ר׳ ישראל בעל שם טוב.

* * *

וואו און אין וועלכען יאָהר ער איז געבאָרען געוואָרען, ווייס מען ניט גענוי. ביאָגראַפיען האָט מען דאָרט אין יענע צייטען ניט געשריעבען. כמעט אַלעס וואָס מיר ווייסען וועגען ר׳ ישראל בעל שם טוב, קומט צו אונז פון לעגענדען און מעשיות וואָס זיינע חסידים, זיינע נאכפאָלגער האבען איבערדערצעהלט איינע דיא אַנדערע, ביז וואנען מען האָט דיזעלבע מעשה׳לאַך אָנגעפאַנגען צו פערעפענטליכען אין שריפט. פאַר דיא גלויביגע, וואס האבען דערצעהלט דיא שבחים פון דעם „בעש״ט“ (בעל שם טוב) נאָך זיין טויט, איז ניט וויכטיג געוועזן צו בעשטימען אויף ריכטיג, וואו און ווען זיי האָבען פאַסירט. אויב דער בעל שם האט עטוואס געזאָגט אָדער בעוויזען א וואונדער איז פאַר זיי גענוג צו וויסען, אַז ער האָט דאס און דאָס געזאָגט און דאָס און דאָס געטהאָן. געהן אויסרעכענען אויף ריכטיג ווען דאס איז געשעהן, דאס איז געווען א צו שווערע ארבייט און דיא חסידים האָבען עס געמוזט בעטראַכטען פאַר אַ׳ן איבעריגע זאַך.

לעגענדען זיינען דערצעהלט געוואָרען וועגען יעדען גרויסען מאַן, זאָגאַר אין דיא לעצטערע צייטען, ווען מען האָט שוין געפיהרט טאַגע ביכער און געשריבען ריכטיגע ביאָגראַפיעס. בעזאָנדערס זיינען דיא לעבענס־בעשרייבונגען פון אַלע רעליגיאָנס־גרינדער פול מיט לעגענדען.

און דער גרינדער פון׳ם „הסידיזמוס״ איז אין דיזער הינזיכט ניט נאָר ניט געווען קיין אויסנאַהמע, נאָר גראָד פערקעהרט, זיין לעבען איז אזוי איינגעוויקעלט אין א וואָלקען פון בבא מעשיות און פון וואונ־דערליכע, צויבערהאַפטע ערצעהלונגען, אז ער ווייזט עפּעס אין גאַנצען אויס וויא א פאַבעלהאַפטע פּערזאָן.

איבערהויפּט זיינען דאָ זעהר ווייניג ביאָגראַפּיישע ידיעות מכח זיינע קינדער־יאָהרען. וויא מען קען ארויסנעהמען פון דיא פערשיע־דענע שריפטען וואס זיינע אנהייננער האָבען פערשפּרייט א צייט נאָך זיין טויט, איז ער געווען א קינד פון אָרעמע, פּראָסטע עלטערן. זיין פאָטער ר׳ אליעזר איז געווען א פרומער איד פון׳ם איינפאַכען פאָלק, פון׳ם המון עם. קיין פּרנסה, ווייזט אויס, האָט ער אליין ניט געהאַט. ער האָט געלעבט אויפ׳ן חשבון פון זיין פרוי שרה, דעם בעל שם׳ס מוטער, וועלכע איז געווען א הייבאַמע. ישראל איז געווען א בן יחיד ביי זיינע עלטערן.

וועגען זיין געבורט דערצעהלען דיא חסידים א וואונדערבאַרע מעשה׳לע. אָהן דעם פאַנגט זיך גאָר ניט אָן. דיא פאַנטאַזיע פון דעם בעל שם׳ס אנהייננער וואָלט ווירקליך געבליבען באַנקראָט, ווען זיא וואָלט ניט אויסגעטראַכט עטוואָס וואונדערבאַרעס וויא אזוי זייער געטליכער רבי איז געקומען אויף דער וועלט.

„איינמאָל — דערצעהלט דיא לעגענדע — זיינען דיא ווילדע טאַטאַרען בעפאַלען דאס שטעטעל, וואו ר׳ אליעזר, דעם בעל שם׳ס פאָטער, האָט געלעבט. וויא זייער שטייגער איז געווען, האָבען זיי אויסגעליידיגט דיא הייזער פון׳ם גאַנצען שטעטעל, גענומען דיא איינ־וואוינער געפאַנגען און זיי דערנאָך פערקויפט פאַר קנעכט און דיענ־סטען. צווישען דיא געפאַנגענע איז אויך געווען דער פאָטער פון דעם גרינדער פון „חסידיזמוס״. דיא מוטער זיינע האָט זיך אויסגעדרעהט פון דיא טאַטאַרישע הענד און איז אנטלאָפען ערגעץ־וואו.

„דיא טאַטאַרען האָבען אליעזר׳ן אוועקגעפיהרט אין א ווייטער מדינה, וואו קיין אידען זיינען ניט געווען. דאָרט האָבען זיי איהם פערקויפט פאַר א שקלאַף. נאָר ער האָט נושא חן געווען ביי זיין

בעל הבית, וועלכער האט איהם געמאכט פאר דעם פערוואלטער פון זיין הויז.

„און עס פליהען דיא טעג, א טאג נאך א טאג. אליעזר מאכט ביי זיך אב צו אנטלויפען פון זיין בעל הבית. נאר פון הימעל גיט מען איהם א וואונק צו בלייבען—

„מען דארף איהם נאך האבען דא, אין דער מדינה...

„און ווייל ער איז געווען אזוי טהייער ביי זיין הערר, האט ער איהם א מאל אוועקגעשיינקט צו דעם שני למלך, דיא רעכטע האנד פון סולטאן.

„איינמאל האט זיך געמאכט, אז דער שני למלך איז געווען שטארק צוטראגען. דער סולטאן האט זיך געפונען אין א שרעקליכער צרה, און ער האט בעדארפט אן עצה,

„און אליעזר האט דיא עצה געגעבען. פון הימעל האט מען זיא איהם מגלה געווען...

„וואס נאכדעם איז געווען פערשטעהט זיך שוין פון זיך אליין. אלץ האט ער געקראגען, אי גדולה, אי כבוד, אי עשירות, און דערצו נאך א פרוי אויך!

„און דיא פרוי איז א שעהנע געווען, דיא שעהנסטע טאכטער פון לאנד. נאר אליעזר האט זיך ניט צוגעריהרט צו איהר...

„אז זיא פלעגט איהם פרעגען פאר וואס ער בעהאנדעלט איהר אזוי, און אז זיא פלעגט איהם זאגען, וויא ליעב זיא האט איהם — פלעגט ער זיך אויסדרעהען יעדעס מאל מיט אן אנדער תירוץ.

„נאר איינמאל האט זיא איהם שטארק דערקוטשעט, ער זאל איהר זאגען וואס מיט איהם איז, דערצעהלט ער איהר מיט טרעה־רען אין דיא אויגען, אז ער איז א איד...

„האט זיא איהם אבגעלאזען, און גאלד האט זיא איהם מיט־געגעבען, און זילבער און אלערליי גוטע זאכען.

„נאר אויפ'ן וועג זיינען איהם בעפאלען גזלנים און האבען אוועקגערויבט זיין גאנצען פערמעגען.

„דאן האט זיך אליהו הנביא צו איהם בעוויזען אויפ'ן וועג און האט איהם אנגעזאגט, אז פאר דיא אלע צרות וואס ער האט איבער־

געליטען, וועט איהם גאָט בעניטען אויף דער עלטער מיט א זוהן, וואָס וועט אויפעפענעז דיא אויגען פון אידישען פאָלק.

„און אזוי — ענדיגט דיא לעגענדע — איז געבאָרען געוואָרען ר׳ ישראל בעל שם טוב.“

לאנג, ווייזט אויס, האָט דער אינגעל ניט זוכה געווען צו זיין מיט זיינע עלטערן צוזאמען. זיין פאָטער אליעזר איז געווען זעהר אלט און שוואך. ער איז געשטאָרבען, ווען זיין זוהן ישראל איז אלט געווען עטליכע יאָהר. פאר׳ן טויט,—אזוי דערצעהלט זיך אין דיא „שבחי בעש״ט“ — האָט ער ישראל׳ן גענומען אויף דיא הענד און האָט איהם געזאָגט: „וויא דו זעהסט, מיין קינד, איז געקומען מיין צייט זיך אָבצוזעגענען מיט דער וועלט. איך בין זיכער, אז דו וועסט זיין א גרויסער, געטליכער מאַן. געדענק זשע, מיין זוהן, אז גאָט ברוך הוא וועט זיין שטענדיג מיט דיר, און דוא דארפסט פאר קיינעם קיין מורא ניט האָבען.“

אָט דיא לעצטע ווערטער פון זיין שטערבענדען פאָטער זיינען איינגעקריצט געוואָרען אין זיין קינדערישׁ הערצעל; ער האָט זיי, ווייזט אויס, קיינמאָל פון זינען ניט ארויסגעלאָזען.

אָבער דאס איז ניט געווען אלעס. נאָך דעם פאָטער איז דיא מוטער, הפנים, אויך באלד געשטאָרבען, און ישראל איז געבליבען א פאלשטענדיגער יתום, עלענד און אליין; זיין ערציהונג איז איצט געווען אין דיא הענט פון פרעמדע מענשען. וועלכע האָבען פון איהם געוואָלט מאכען א לערנער, א בן תורה.

וויא דער שטייגער איז, האָבען איהם זיינע פערזאָרגער איינגעגעבען אין א „חדר“. עס זיינען איצט דאָ זעהר ווייניג פלעצער, וואו מען קען נאָך זעהן א פארצייטיגען חדר. דאס איז געווען א מורא׳דיגער פלאַץ, א מין גיהנום פאר דיא קליינע חברה. דער אידישער פילאָזאָף שלמה מיימון, וועלכער האָט געלעבט אין יענער צייט, דערצעהלט זיך אָן שוידערליכעס וועגען דעם. „דער הדר—זאָגט ער—דאס איז אָן ענגער, שמוציגער צימער, פול מיט רויך. אטהייל פון דיא קינדער זיצען אויף ביינק און א טהייל אויף דער ערד. דער מלמד, אין א שמוציגע העמד, זיצט ביים טיש מיט א גראָבען

שטעקען אין דער האנד. דיזער שטעקען דיענט אויף צוויי זאכען ער צורייבט דערמיט דעם טאַבאַק אין דער שיסעל וואָס שטעהט אויף דער ערד, לעבען איהם; און אַז מען דאַרף הויבט זיך דערזעל־בער שטעקען אויף איבער דיא פּלייצעס און איבער דיא קעפּ פון דיא קינדער..."

נאָר אויסער דעם „מלמד" איז דאָ אַ „בעהעלפער" אין חדר. דאס איז אַ ווילדע חיה, פאַר וועמען דיא קינדער ציטערן וויא פאַר פייער. דער בעהעלפער שלאָגט זיי נאָך מעהר פון דעם רבי׳ן. ער עסט אויף דעם גרעסטען טהייל פון דיא „וואַרמעסען," וואס אָרעמע מאַמעס גיבען מיט דיא קינדער אין חדר. מיט איין וואָרט, דער „בעהעלפער" איז געווען דער שד פון דיא קליינע חברה; זיי האָבען געציטערט פאַר איהם און זיי האָבען איהם אין הארצען געהאַסט וויא דעם טויט.

וואָס פלעגט מען אין דיא „הדרים" לערנען? דאַווענען, חומש מיט רש"י און מיט דיא עלטערע קינדער אויך גמרא. אָבער אלצ־דינג פלעגט געלערנט ווערן אָהן אַ בּיעקעל סיסטעמע, אָהן געשמאַק. דער אינגעל האָט ניט געקענט האָבען קיין שום אינטערעסע אין דעם.

און אין אַזאַ מין „חדר" האָט זיך געפונען דער יתום יישראל. ער האָט ניט געקענט איינזיצען דאָרט. זיין קאָפּ איז ניט געלעגען ביים לערנען. בשעת דער מלמד האָט איהם איינגעטייטשט אַ פסוק פון חומש, האָט ער געטראַכט וועגען עפּעס אַנדעריש. איהם האַט זיך געוואָלט זיין אין דרויסען, ווייט, העט ווייט אין וואַלד, וואו עס איז ניטאָ ניט קיין „מלמד", ניט קיין „בעהעלפער," ניט קיין שמור־ציגער חדר און ניט קיין פערוויינטע, פערטרויערטע פּנים׳לאַך פון קליינע קינדער... שוין אַלס קינד האָט זיך אין איהם ארויסגעצייגט דיא ליעבע צו דער נאַטור, דיא פערגעטערונג פון דאָס שעהנע און ערהאבענע. דעם וואלד האָט ער געליעבט דאָס לעבען, און מעהר וויא איינמאָל פלעגט ער פערשוואונדען ווערען אויף עטליכע טעג. מען פלעגט איהם ארומזוכען און ענדליך געפינען אליין אין וואַלד, פערטראַכט, פער׳חלום׳ט. דיא בוימער און דיא בערגלאַך האָבען איז זיך געהאַט אַ בעזונדערן צויבער פאַר איהם. עס ווייזט אויס, אַז ער

האָט אויך שטאַרק ליעב געהאַט צו הערען דעם געזאַנג פון פויגעל. זיינע נאָכפאָלגער דערצעהלען, אַז ער איז געווען זעהר מוזיקאַליש. מוזיק איז געווען זיין לעבען. און אַזוי בעהאַווענט איז ער געווען אין מוזיק, אַז ער האָט געקענט דערקענען פון דעם ניגון וואָס דער „כליזמר" האָט געשפּיעלט, וואָס פאַר אַ סאָרט מענש ער איז, וואָס ער האָט אין זיין לעבען געטהאָן.

אין דעם בעל שם׳ס מנין — אַזוי דערצעהלט דיא לעגענדע — איז געווען אַן אָרענדאַר וואָס האָט געהאַט אַ אינגעל מיט זעהר שלעכטע פעהיגקייטען. דאָס איז געווען אַן איינפאַכער „גולם" וואָס האָט זיך ניט געקענט אויסלערנען קיין „אלף בית" אפילו. ימים נוראים אָדער יום טוב, אַז דער פאָטער פלעגט געהן אין שטאָדט דאַווענען, פלעגט ער דעם אינגעל לאָזען אין דערהיים. אַזוי האָט ער זיך געפיהרט ביז זיין זהן איז געוואָרען „בר מצוה." איינמאָל, ערב יום כפור, האָט דער אָרענדאַר מורא געהאַט צו לאָזען זיין אינגעל אין דערהיים; ער קען נאָך מחיל זיין דעם הייליגען טאָג; ער ווייס דאָך ניט, אַז מען דאַרף פאַסטען...

דער אינגעל האָט געהאַט אַ פייפעלע. בשעת ער פלעגט ליגען אויף׳ן פעלד, מיט דיא שאָף און דיא רינדער, פלעגט ער דערויף אויס־פייפען פערשיעדענע, שעהנע ניגונים. דיזע פייפעלע האָט ער מיטגע־נומען מיט זיך אין שוהל אריין. דער פאָטער האָט דערפון ניט גע־וואוסט.

דעם גאַנצען טאָג איז דער אינגעל געזעסען אין קלויז און געקוקט מיט אַן אָפענעם מויל אויף דיא אידען וואָס האָבען געדאַווענט. אַ געפיהל פון קנאה האָט דורכגעדרונגען זיין האַרץ. אַלע דאַווענען, אַלע שרייען, אַלע וויינען און ער שווייגט, ער טהוט גאָר ניט. אַ פּאָר מאָל האָט ער זיך גענומען צום פייפעל און געוואָלט ווייזען וואָס ער קען... נאָר דער אָרענדאַר האָט עס דערזעהן און האָט איהם ניט געלאָזען. ער בעט זיך ביים פאָטער ער זאָל איהם לאָזען כאָטש איין פייף טהאָן—אונמעגליך! דער אינגעל האָט געהאַלטען דאָס פייפעלע אונ־טערן קאַפּטען, און כדי צו זיין זיכער, אַז ער זאָל ניט פייפען, האָט עס דער פאָטער צוגעהאַלטען ביי איין ברעג...

דער עולם האָט שוין אָבגעדאַווענט מוסף, מנחה; מען האַלט שוין ביי „נעילה“. דער אינגעל בעט זיך ביים פאָטער, ער זאָל איהם לאָזען אַ פייף טהאָן, אָבער דער ארענדאַר ענטפערט מיט אַ בייזער, אז ער זאָל זיצען שטיל.

מיט אמאָל האט ביים אינגעל געפּלאַצט דיא געדולד...

ער האָט ארויסגעריסען דאס פייפעלע פון דעם פאָטער'ס האַנד, און אין קלויז האט זיך דערהערט אַ מורא'דיגער פייף...

דיא חסידים זיינען פערציטערט געוואָרען און האבען זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען.

און דער „בעל שם“ האָט מפסיק געווען אין מיטען דאַווענען און האט געזאָגט:

— אָט דער אינגעל האט מיט זיין פייף ארויפגעשיקט אַלע אונזערע תפילות צום הימעל... דער וואס קען דאַווענען, רעדט צו גאָט דורך דיא תפלות... אָבער דער אינגעל קען נאָר פייפען, ניט מעהר, און דאָס איז ביי גאָט אָנגענומען וויא אונזערע תפלות...

פון דעם פייף — אזוי האבען זיינע נאכפאָלגער געדרונגען — האט ער דערקענט וואס פאר אַ אינגעל דעם ארענדאַר'ס זוהן איז געווען; ער האט אין איהם ענטדעקט אַ פערבאָרגענעם צדיק.

אָבער ישראל'ס אויפפיהרונג, זיין אנטלויפען איינמאָל נאָך'ן אנדערן פון חדר אין וואַלד אריין, האָט איהם פערמאוס'ט אין דיא אויגען פון זיינע פערזאָרגער און זיי האבען זיך אָבגעטרייסעלט פון איהם. דער אינגעל האָט אַלזאָ גאַנץ פריה געמוזט אָנהויבען זאָרגען פאַר זיך אַליין.

אין אַ קורצע צייט ארום געפינען מיר איהם ווידער אין „חדר“; אָבער ניט אלס „תלמיד,“ נאָר אַלס „בעהעלפער“.

און אַלס בעהעלפער איז ער געווען אַן אויסנאַהמע פון זיינע חברים. ער האָט באַלד געוואונען דיא הערצלאַך פון דיא קליינע קינדער. זיי האבען איהם זעהר ליעב געהאט. ער פלעגט זיי ניט נאָר פיהרען אין חדר און צוריק, נאָר ער פלעגט אויך מוזען געהן מיט זיי אַף שול אריין און זאָגען מיט זיי „אמן“ און „קדושה“. דיזע ארבייט

פלעגט ער טהאָן מיט דעם גרעסטען פערגניגען. ער איז געװען צופריע־
דען מיט זײן בעהעלפערשען לעבען.

נאָר לאַנג האט ער זיך דערבײ ניט געהאַלטען.

מען קען ניט װיסען אויף ריכטיג פאר װאס, נאָר אין א צײט
ארום האָט ער געביטען זײן בעשעפטיגונג און איז געװאָרען דער שמיש
פון דער שוהל. מעגליך, אז דאָס איז געװען דערפאַר, װײל אלס שמיש
האט ער געקענט זײן אונאַבהײנגיגער, מעהר פאַר זיך. דער דאַמאַלס־
דיגער שמיש איז געװען א מין שומר װאס פלעגט היטען דיא שוהל,
און דער יונגער ישראל האט געטהאָן זײן ארבײט װיא עס דאַרף צו
זײן. זײנע בעלי בתּים, דיא גבירים פון שוהל, זײנען געװען צופרידען
מיט איהם, נאָר זײ האָבען איהם בעטראַכט פאַר א שטיקעל מישוגע׳נעם,
מחמת ער פלעגט אויף זײן דיא גאַנצע נאַכט, און בײטאָג, בשעת
דער עולם האָט זיך ארומגעדרעהט און שוהל, איז ער געשלאָפען.

דיא גאַנצע נאַכט, ביז טאָג, פלעגט ער זיצען אין שוהל און
לערנען.

---

## צווייטער קאפיטעל

# זיין ענטוויקלונג און זיינע למודים.

וואָס ער האָט געלערנט. — ר׳ אדם און דיא געהיימע כתבים.— זיין חבר ר׳ אדם׳ס זוהן און זיין סוף. — דער בעש״ט ווערט א מלמד.— זיין שידוך מיט דעם בראָדער רב׳ס שוועסטער און זיינע צרות.

וואָס האָט ער געלערנט ? פון וועלכע ספרים האָט דער שפּעטערדיגער גרינדער פון׳ם חסידיזמוס געשעפּט זיינע קענטניסע ? וואָס פלעגט ער לערנען אין דיא נעכט וואס ער איז אויף געווען אין ישוהל?

א גענויען ענטפער דערויף קען קיינער פון זיינע ביאָגראפען ניט געבען. נאָר פון דיא בעקאנטע פאקטען וועגען זיינע קינדערישע יאָהרען, פון דעם וואָס דערצעהלט זיך וועגען זיין פאנטאסטישע נאטור און זיין ליעבע צום וואלד, קען מען פערשטעהן, אז ער האָט זיך ניט געבלענדעט דיא אויגען און ניט געבראָכען דעם מוח איבער דער גמרא און איבער דיא „פּוסקים“. דיזע ספרים זיינען, אָהן צווייפעל, געווען פאר איהם צו טרוקען. עס איז גיכער צו גלויבען, אז ער האָט זיך שוין אין דער יוגענד אָבגעגעבען מיט קבלה־ספרים, מיט׳ן „זוהר“, דיא ביבעל פון דיא קבלה־לייט, און אנדערע ווערקע פון אלטע און נייע קאבאליסטען וואס האָבען אין יענער צייט געהאט אן אָבגאנג אין פוילען.

אַז דער „זוהר״ איז שפּעטער ניט אַרוים פון זיינע הענד, פערגעסען זיינע פערעהרער ניט צו דערצעהלען אויף יעדען שריט און טריט. דיזער ספר, פול מיט ווינקען און סודות, מיט לעגענדען און טיעפזיניגע געדאנקען, געשריבען אין א צוויבעדהאפטען סטיל, האָט געמוזט מאכען א טיעפען רושם אויף דער צארטער, פיהלענדער זעעלע פון דעם יונגען אינגעל. און מען דערצעהלט, אז ווער עס איז שפּע־טער געקומען צו איהם, האָט איהם געפונען ביים „זוהר״. דאָס איז געוועזען זיין טרייעסטער חבר אין לעבען. „אין דיזען ספר״, פלעגט ער אליין זאָגען, „האָט גאָט ברוך הוא בעהאלטען פאר די צדיקים דאָס ליכט וואָס ער האָט בעשאפען אין די ששת ימי בראשית.״

אויסער די קבלה־ספרים, דערצעהלט מען, האָט ער אויך ליעב געהאט דעם „עין יעקב״, יענעם טהייל פון תלמוד, וועלכע גיט זיך ניט אָב מיט טרוקענע דינים און מיט פּלפּולים; דעם טהייל פון די אגדתות, די לעגענדען פון דער גמרא. ער פלעגט ליעב האָבען, אימיצער זאָל זיצען לעבען איהם און איהם פאָרלעזען שטיקער פו „עין יעקב״.

נאָר אחוץ די ספרים איז אויך דאָ א לעגענדע וועגען געהיימע כתבים, מאנוסקריפּטען, וואס דער יונגער ישראל האָט „על פי נס״ געקראָגען אין יענער צייט, ווען ער איז געוועזען שמש פון שוהל.

אין א געוויסער מדינה — דערצעהלט די לעגענדע — האָט אין יענער צייט געלעבט א הייליגער מאן, א מקובל מיט׳ן נאָמען ר׳ אדם. דיזער מאן האָט אמאָל אין א מערה געפונען א פּאק מיט הייליגע כתבים. דורך וועלכע ער פלעגט בעווייזען וואונדער. פיעלע נסים האָט ר׳ אדם געצייגט. ער איז געווען א גרויסער אביון. איינמאָל האָט זיך א גרויסען קעניג פערגלוסט אראָבצוקומען צו איהם צו גאסט מיט א גאנצע מחנה פון גענעראלען און אָפּעצירען און סאָלדאטען. און דער הייליגער מאן האָט דורך די הייליגע מאנוסקריפּטען פאר איהם אויפגעשטעלט א פּראכטפּאַלען פּאלאַין אין איין מינוט; און א סעודה האָט ער פאר זיי געמאכט כיד המלך, מיט געבראָטענע קאטשקעס און מיט וויין און מיט אלערליי זיסע און געשמאקע מאכלים — אלין דורך די הייליגע כתבים...

פאר׳ן טויט האָט מען איהם פון הימעל מגלה געווען, אַז דיא כתבים געהערן צו ר׳ ישראל דעם זוהן פון אליעזר, וועלכער געפינט זיך אין דער שטאָדט אָקופּ. ר׳ אדם האָט געהאַט אַן איין איינציגען זוהן, האָט ער איהם אָנגעזאָגט, אַז נאָך זיין טויט זאָל ער פאָהרען נאָך אָקופּ און איבערגעבען דיא שריפטען צו דעם, ווענמען זיי געהערן. דער זוהן האָט געפאָלגט און איז אַוועקגעפאָהרען קיין אָקופּ. דאָרט איז ער אריינגעפאָהרען צום „פּרנס חודש״ און האָט איהם דערצעהלט, אַז זיין פאָטער האָט איהם פאר׳ן טויט אָנגעזאָגט חתונה צו האָבען אין דער שטאָדט.

האָט מען איהם גלייך געקראָגען אַ כלה. מען האָט איהם חתונה געמאַכט מיט א גביר׳ס אַ טאָכטער.

נאָך דער חתונה האָט ער גענומען זוכען דעם, וואָס ער דאַרף, נאָר ער האָט ניט געקענט געפינען קיינעם, אויסער דעם 14 יעהריגען אינגעל ישראל, דער זוהן פון אליעזר, וועלכער האָט געדיענט אַלס שמש פון שוהל. דער יונגער בעל הבית׳ל האָט אַלזאָ גענומען נאָכשפּירען דעם אינגעל. ער האָט איהם אַ פּאָר מאָל אונטערגעוואָרפען אַ פּאָר כתבים און האָט געזעהן, וויא דער אינגעל האָט זיי מיט ציטערנדע הענט אַ כאַפּ געטהאָן, זיי דורכגעקוקט און זיי בעהאַלטען אין קעשענע. ער איז אַלזאָ געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז דער, וועמען ער זוכט...

דער סוף איז געווען אַז דיא צוויי יונגע לייט האָבען זיך בעקענט איינע מיט דיא אַנדערע. דער בעל הבית׳ל האָט דעם אינגעל איבערגעגעבען דיא איבעריגע מאַנוסקריפּטען און האָט איהם געבעטען, ער זאָל זיין זיין חבר און לערנען מיט איהם צוזאַמען. ישראל האָט איינגעוויליגט דערויף, נאָר מיט א בעדינגונג קיינער זאָל דערפון ניט וויסען; פאַר׳ן עולם איז ער געווען דעם בעל הבית׳ל׳ס משרת.

דער יונגער מאַן האָט געהאַט אַ רייכען שווער, האָט ער ביי איהם גע׳פּועל׳ט, ער זאָל איהם אויסבויען אַ שטיבעל ערגעץ וואו, הינטער דער שטאָדט. דאָרט איז ער מיט ישראל׳ן געזעסען און געלערנט. זיי האָבען אויך דאָרט געמאַכט פּראָבעס מיט דיא הייליגע כתבים; זיי האָבען פּרובי׳רט בעוויזען וואונדער, וויא דער הייליגער

מאַן ר׳ אדם האָט געטהאָן. נאָר דיא פּראָבעס זיינען ניט געלונגען. איינמאָל האָבען זיי דורך דעם אָנגעמאַכט א גרויסע שרפה, א צוויי־טען מאָל האָט זיך דאָס געענדיגט מיט נאָך א גרעסערן אונגליק: דער בעל הבית׳ל איז דער׳הרג׳עט געוואָרען, און ישראל איז געבליבען אליין, אָהן א חבר...

עס דערצעהלט זיך אויך אז בשעת ישראל איז געוועזן שמש פון שוהל, האָט מען איהם חתונה געמאַכט, נאָר זיין ווייב האָט גע־מוזט שטאַרבען אין איין צייט מיט זיין חבר. דער יונגער מאַן איז אלזאָ געבליבען אליין, אָהן אירגענד וועלכע שטיצע. און ער האָט זיך ווידער געמוזט אוועקלאָזען „איבער דער וועלט" זוכען פּרנסה.

און ווידער אמאָל געפינען מיר איהם ביי זיין אמאָליגער בעשעפ־טיגונג אלס „בעהעלפער" אין פערשיעדענע „חדרים", ארומפאַהרענ־דיג פון איין שטעטעל אין דער אנדערער. קיין גליקען, פערשטעהט זיך, האָט ער דערפון ניט געמאַכט; ער האָט קוים געהאַט אַ שטיקעל ברויט. ער פלעגט געהן אָבגעריסען, אָבגעשליסען, וויא א בעטלער: אפילו אויף א שבת׳דיגע קאַפּאָטע האָט איהם זיין פּרנסה ניט גע־סטייעט

און אזוי וויא פריהער איז איהם דיא „בעהעלפעריי" גיך נמאס געוואָרען. זיין ליעבע צו איינזאַמקייט, זיין חשק צו וועלדער און פעלדער, צו דער נאַטור, האָבען איהם געטריבען אוועקצואוואַרפען דיא בעה־עלפער־שטעלע און צו ווערן אַ מלמד ביי אַן ארענדאַר.

דער אַרענדאַר אָדער „יישוביניק", וויא מען האָט איהם גערופען און מען רופט איהם נאָך יעצט ביי אידען, איז געוועזן אַ מערקוויר־דיגער טיפּ. מאָדנע זאַכען דערצעהלט מען זיך אָן פון יישוביניקעס־זייער לעבען איז געוועזן קלעגליך און טרויעריג. „אָרימקייט און אונ־וויסענהייט האָבען געהערשט אין הויז פון יעדען אַרענדאַר," דערצעהלט דער פילאָזאָף שלמה מיימון אין זיין אייגענע לעבענס־בעשרייבונג. „דער בעל הבית איז געוועזן גראָב און שמוציג, אַ פאָלשטענדיגער „עם הארץ" וואָס האָט ניט נאָר נים געקענט קיין איין לשון קדש׳דיגען וואָרט, נאָר אפילו זשאַרגאָן האָט ער ניט געקענט ריידען. זיין שפּראַכע איז געוועזן אַ פערדאָרבענעס, צובראָכענעס רוסיש. וועגען

זיין פרוי און קינדער איז שוין גאָר ניטאָ וואָס צו ריידען; זיי זיינען געשטאַנען נאָך נידעריגער פון איהם. זיין הויז איז געווען אַ פּויערישע באַטקע וואָס האָט געהאַלטען ביים איינפאַלען, שוואַרץ פון רויך. קיין קוימען איז ניט געווען אין שטוב, און דער רויך פלעגט אַרויסגעהן דורך אַ גרויסען לאָך וואָס איז געווען אין דאַך. אַזוי ניך וויא דער אויוועז פלעגט זיך אויסהייצען, פלעגט מען פערשטאָפּען דיא לאָך, כדי דיא וואַרימקייט זאָל ניט אַרויס פון שטוב. דיא גאַנצע וואוינונג איז בעשטאַנען פון איין צימער וואָס האָט געדיענט פאַר אַלצדינג: אַ שלאָף־צימער, אַ שיינק, אַן עסס־שטוב, און אַ „חדר" פאַר דיא קינדער צום לערנען. אין דיעזען צימער איז שטענדיג געווען הייס צום דערשטיקט ווערן, און מען פלעגט זיך דאָרט באָדען אין שמוץ. אַלעס איז געווען אויסגעמישט, דיא ריינע וואַסער און דיא פּאַמוניעצע, דיא שמוציגע קליידער אוז דיא אויסגעוואַשענע. דאָרט וואו מען פלעגט באַקען און קאָכען, האָט מען אויך געמוזט מעלקען דיא קוה... און אַלע, אַלע אין איין און דעמזעלבען צימער: דיא שכור'ע פּויערים, דער אַרענדאַר, זיין פרוי און קינדער און — דער מלמד..."

צו אַזאַ לעבען האָט זיך דער בעל שם טוב בשום אופן ניט געקענט צוגעוואוינען. איינע פון זיינע בעדינגונגען, בשעת ער האָט אָנגענומען דיא שטעלע ביים אַרענדאַר, איז געווען, מען זאָל איהם אויפשטעלען אַ בעזונדער שטיבעל הינטער'ן דאָרף. דאָרט פלעגט ער לערנען מיט דעם אַרענדאַר'ס קינדער און אויך פערברייינגען זיין גאַנצע צייט. נאָר עסען פלעגט ער געהן צום „ישוב'ניק" אין הויז.

מיט דער צייט האָט ער שטאַרק נושא חן געווען ביי דיא אַרומיגע אַרענדאַרען און ביי דיא „פּריצים", מחמת ער האָט געקענט פּויליש, און ער פלעגט זעהר אָפט דיענען אַלס דאָלמעטשער צווישען דיא אַרענדאַרען און זייערע פּריצים.

אין עטליכע יאָהר אַרום געפינען מיר איהם אין דער שטעטעל טלאָסט, ניט ווייט פון בראָד. ער איז שוין זעלבסטשטענדיג און האַלט אַ „חדר" פאַר זיך. זיינע פעהיגקייטען און זיינע קענטניסע אין לעבען האָבען איהם געמאַכט אַ גוטען נאָמען ניט נאָר אין יענער שטעטעל אַליין, נאָר אויך אין אַלע אַרומיגע פּלעצער. ער איז געוואָרען בעליעבט

ביי אלעמען. מען פלעגט אפט קומען צו איהם האבען א דין תורה אז עס האט זיך געמאכט א „בוררות“, א מין שיעדס־געריכט. האט מען איהם גענומען פאר א „שליש“. מען האט געהאט צו איהם פולען צוטרויען.

צווישען דיא גרויסע לייט, מיט וועמען ער איז דאן געקומען אין בעריהרונג, איז אויך געווען א געוויסער איד מיט'ן נאמען ר' אפרים פון דער שטאד קאטעוו. ער איז געווען דער פאטער פון דעם בעריהמ־טען רב, ר' אברהם גרשון קאטעווער, וועלכער האט געוואוינט אין בראד. ר' אפרים האט געהאט א שטיקעל סכסוך מיט זיינעם א בעקאנטען און האט זיך געקליבען צו פאהרען קיין בראד האבען דארט א דין תורה. אבער אזוי וויא זיין בעל דין האט איהם שטארק אבגע־לויבט דעם מלמד ישראל פון זיין שטעטעל, האט זיך ר' אפרים מיישב געווען און איז צוגעפאהרען קיין טלאסט, אום פארצולייגען דארט זיינע טענות. דעם בעל שם'ס פסק האט אזוי אויסגעגומען ביי ר' אפר'ם'ן, אז ער האט געזוכט זיך מיט איהם בעסער צו בעקענען; און ווען ער האט זיך דערוואוסט, אז דער מלמד איז אן אלמן, האט ער איהם אנ־געבאטען זיין טאכטער, א גרושה, פאר א ווייב. ישראל האט מסכים געווען דערצו, נאר מיט א בעדינגונג, אז דיא חתונה זאל ניט אב־געלעגט ווערן אויף א בעשטימטע צייט און אז קיינער זאל ניט וויסען דערפון ביז דאן.

אויף'ן וועג, צוריק פאהרענדיג אהיים, איז ר' אפרים געשטארבען.

צווישען דיא פאפירען וואס דער פערשטארבענער האט איבער־געלאזען, האט זיין זוהן, ר' אברהם גרשון, געפונען דיא „תנאים“, דורך וועלכע זיין שוועסטער איז געווארען א כלה פאר א געוויסען אלמן מיט'ן נאמען ישראל דער זון פון אליעזר. ער איז ערשטוינט געווא־רען און האט ניט געקענט פערשטעהן וויא אזוי זיין פאטער האט געקענט פער'קנס'ן זיין טאכטער אהן איהר וויסען. ר' אברהם גרשון'ס שוועסטער האט עס אויך ניט געקענט בעגרייפען. זיא האט געצויגען מיט דיא פלייצעס און האט געשוויגען. עס איז געבליבען צו שווייגען דערווייל און אבצוואווארטען, אום צו זעהן וואס דא וועט ווערן.

אז דער „זמן" פון דיא מלמדות איז אריבער, האט ישראל פער־לאזען טלאסט און איז אוועק קיין בראד צו ר׳ אברהם גרשון׳ען אין הויז. אנגעטהאן אין פראסטע, פויערשע קליידער האט ער זיך אוועק־געשטעלט ביים טהיר. דער רב האט געמיינט, אז דאס איז עפּעס אן ארעמאן און האט איהם געוואלט געבען א נדבה. אבער וויא ערשטוינט איז ער געווארען, אז אנשטאט צוצונעהמען דיא נדבה, האט איהם דער אבגעריסענער „שלעפער" דערלאנגט דיא „תנאים" און האט איהם ערקלערט, אז ער איז געקומען חתונה האבען.

ר׳ אברהם גרשון איז געבליבען א צוטומעלטער. אין זיין לע־בענס־טאג וואלט ער זיך ניט געגלויבט, אז זיין פאטער וועט אויס־קלויבען פאר זיין שוועסטער אזא פּראסטאק, אזא „גארנישט" פאר א מאן. ער האט אלזא געשיקט רופען זיין שוועסטער און האט איהר דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע. זיא האט ניט געוואלט געהן געגען דעם ווילען פון איהר פערשטארבענעם פאטער און עס איז געבליבען צו מאכען דיא חתונה.

פאר דער חופה האט דער חתן זיך דורכגעשמועסט מיט דער כלה. ער האט איהר אויסגעזאגט דעם אמת, ווער און וואס ער איז, נאר ער האט איהר בעשווארען, זיא זאל עס קיינעם ניט ענטדעקען, ווייל ער וויל זיך נאך אזוי פערשטעלען ביז א געוויסע צייט. דיא כלה האט איינגעוויליגט.

לאזען אז זיין שוואגער זאל בלייבען אזא „עם הארץ", האט ר׳ אברהם גרשון בשום אופן ניט געקענט, ער האט דארום געזוכט איהם אויסצובילדען, מיט איהם צו לערנען. אבער זיין מיה איז געווען ארויסגע־ווארפען. ישראל האט זיך געהאלטען ביי זיין אבמאך, זיך ניט אויסצוגעבען מיט זיינע קענטניסע און מיט זיינע פעהיגקייטען פאר קיינעם. ער האט עס געהאלטען פאר אן ערנידערונג, פאר א פחיתת הכבוד, צו ווערן בעעהרט פאר עטליכע בלאט גמרא וואס מען קען. זיין כלל איז געווען, אז מען דארף אבשאצען דעם מענשען׳ס מעשים זיינע מדות, זיין כאראקטער, און ניט זיינע קענטניסע. עס איז קיין ספק ניט, אז ער האט זיך געקענט אויסגלייכען מיט דיא דאמאלסדיגע רבנים אין למדנות אויך, נאר ער האט זיך ניט געוואלט גרויס האלטען דערמיט.

איהם איז געווען אלין איינס וואס פאר א מיינונג מען וועט האבען וועגען זיינע קענטניסע. ער האט געקוקט מיט גלייכגילטיקקייט אויף דיעזע מיינונגען. דיזע מדה איז ביי איהם געבליבען לאנג, זאגאר דאן, ווען ער איז ארויס פאר דער וועלט, ווען מען האט שוין געוואוסט ווער ער איז. „עס דארף זיין אלין איינס פאר דעם מענשען", זאגט ער אין זיין צוואה, „צו מען לויבט איהם, צו מען טאדעלט איהם; צו מען האט איהם ליעב אדער פיינט, צו מען האלט איהם פאר א גרויסען קענער אדער פאר א פשוט'ן „עם הארץ"...

נאר פאר ר' אברהם גרשון'ען איז דאס קיין תירוץ ניט געווען. ער האט געוואלט אז זיין שוואגער זאל ווערן א למדן, און ווען ער האט געזעהן אז ער קען מיט איהם גאר ניט מאכען, האט ער געשיקט רופען זיין שוועסטער און האט איהר פארגעלייגט: ענטוועדער זיא זאל זיך גט'ן מיט איהר מאן, דעם „עם הארץ", אדער זיי זאלען זיך אוועקפאה־רען פון בראד, וואו זיי ווילען. ער וויל זיי מעהר ניט קענען.

זיא האט אויסגעקליבען דיא צווייטע בעדינגונג.

ישראל האט אלזא געמוזט נעהמען זיין פרוי און פערלאזען בראד. דער הארטנעקיגער רב, ווענמען דער יחוס און דער שטאלץ פון זיין למדנות האט געמאכט פאר אן אכזר, האט זיך ניט געלאזט בויגען. ער האט דיא פאר פאלק געקויפט א פערד און וואגען און האט זיי ארויסגעשיקט פון שטאדט.

---

## דריטער קאפיטעל.

---

## זיין „ענטפּלעקונג“ און טהעטיגקייט אַלס „בעל שם“.

---

זיין לעבען אויף דיא בערג. — צוריק אין בראָד. — ווערט אַ שוחט און שפּעטער אַ בעל־הבית פון אַ קרעטשמע. — זיין „ענטפּלעקונג“ — זיין טהעטיגקייט אלס „בעל שם“ און זיינע וואונדער.

---

וואו זיינען זיי אהינגעקומען ? אַ צייט לאַנג זיינען זיי ארומגעפאָהרען פון איין אָרט צום אַנדערן ביז וואַנען זיי האָבען זיך בעזעצט אין אַ דאָרף צווישען דיא שטעדט קאָטעוו און קאָסעוו. עס ווייזט אויס, אַז נאָר זיא, דיא פרוי האָט געוואוינט אין דאָרף. ער פלעגט, וויא געוועהנליך, פערברייננגען דיא צייט אַליין, צווישען דיא הויכע בערג, אַרום יענעם דאָרף. זיי האָבען געפיהרט אַן אָרעמען, קימערליכען לעבען. דיא איינציגע שטיקעל שטיצע זייערע איז געוועזען דאָס פערד און וועגעלע וואָס ר׳ אַברהם גרשון האָט זיי געקויפט פאַר זייער אָבפּאָהר־ד׳ן פון בראָד. אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך, דערצעהלט מען, פלעגט דיא פרוי קומען מיט׳ן פערד און וואָגען צו איהר מאַן אויף דיא בערג. ער פלעגט אָנלאָדען דעם וואָגען מיט ליים און זיא פלעגט עס פיהרען אין דיא ארומיגע שטעטלעך פערקויפען. דערפון האָבען זיי געלעבט.

אָבער לאַנג האָט עס ניט אָנגעהאלטען. מען קען ניט וויסען וואָס דאָרט איז געשעהן. אפשר איז דאָס פערדיל, דיא איינציגע שטיצע זייערע, אוועקגעפאלען. עס איז זיי געוואָרען זעהר ביטער און

זיי האָבען זיך געמוזט אומקעהרען קיין בראָד, צו ר' אברהם גרשון'ען אין הויז.

און דאָ האָט זיך ווידער א מאָל אָנגעפאנגען דער אַלטער קאַמפּף. דער למדן ר' אברהם גרשון האָט געזוכט אַלערליי מיטלען צו מאַכען זיין שוואָגער דעם „עם הארין", פאַר א „לייט". אָבער אומזיסט! ער האָט צו קיין זאַך ניט געטויגט; א לא יוצלח, און גענוג! ער האָט איהם געמאַכט פאַר זיין מ'שרת. איינמאָל האָט ער איהם מיטגענומען מיט זיך אויף דער רייזע. ר' אברהם גרשון האָט איינגעדרעמעלט, און ער, ישראל, איז געווען אַזוי פערטיעפט אין זיינע מחשבות, אז דיא פערד האבען אריינגעשלעפּט דעם וואָגען אין א טיעפען זומפּ און מען האָט ניט געקענט ארויסקריכען פון דאָרט. דער רב האָט זיך געמוזט אַליין מטריח זיין און צוגעהן אין דאָרף רופען אייניגע פויערים ארויסצושלעפּען דעם וואָגען מיט דיא פערד. ישראל'ין האָט ער שוין מורא געהאַט צו שיקען, ער זאָל ניט פערבלאָנדזשעט ווערן...

דעם מאָל האָט ישראל אַליין שוין ניט געקענט בלייבען לאַנג ביים שוואָגער. ער האָט זיך אויסגעלערנט „הלכות שחיטה" און איז געוואָרען א שוחט. אַזוי פלעגט ער ארומפאָהרען אין דיא ארומיגע דערפער וואו ער האָט געדיענט אלס שטענדיגער שוחט. שפּעטער האָט זיך איהם געמאַכט אָנצונעהמען א קליינע קרעטשמע. ער האָט זיא אָבגעדונגען ניט ביים „פּריין" אַליין נאָר ביי א אידישען ארענדאַר, וועלכער האָט געהאַט אונטער זיין האַנד עטליכע קרעטשמעס און האָט איהם אָבגעלאָזען איינע. קיין גליקען האָט ישראל דערביי ניט געקענט מאַכען. עס האָט איהם זאָגאַר ניט געסטייעט צום לעבען, מחמת ער פלעגט מוזען קויפען שנאַפּס און וויין ביים ארענדאַר און פלעגט מוזען צאָהלען וויפיעל יענער האָט פערלאַנגט. ער האָט אַלזאָ געמוזט זעהר אָפט ארויספאָהרען איבער דיא דערפער און צומאַכען א ביסעל געלד פון דער שחיטה.

אין דער קרעטשמע האָט ער זיך געפיהרט וויא געוועהנליך. זיין ווייב און זיינע קינדער האָבען געוואוינט דאָרט, און ער פלעגט זיין אונגעשטעו'ט און האָט געקענט זיך פערטיעפען אין זיינע

גערדאַנקען ווי פיעל ער האָט געוואָלט. אהיים פלעגט ער נאָר קומען שבת און יום טוב, אָדער דאַן ווען זיין פרוי האָט איהם געשיקט רופען צו בעדיענען דיא אורחים.

און אין דיעזער קרעטשמע, הייסט עס, איז געקומען זיין צייט זיך צו „ענטפּלעקען", אַרויסצוצייגען פאַר דער וועלט זיין גרויסקייט און זיין „ליכט". ער איז דאַן געוועזן אונגעפעהר 36 יאהר אַלט. מען האָט איהם, וויא זיינע נאָכפאָלגער דערצעהלען, פון הימעל גע־הייסען אַראָבוואַרפען פון זיך דיא מאַסקע פון דעם פּראָסטען, איינ־פאַכען מענשען.

וויא אַזוי איז דאָס צוגעגאַנגען? וויא אַזוי האָט דיא וועלט דערזעהן זיין הייליגקייט? דערויף זיינען דאָ עטליכע לעגענדעס, און איינע פון זיי דערצעהלט זיך אויף אַזאַ אופן:

איינמאָל איז צו איהם אין קרעטשמע אַריינגעפאָהרען אַן אורח, אַ רב, זיין שוואָגער ר' אברהם גרשון'ס אַ תלמיד. ישראל האָט איהם אַליין בעדיענט. אַרום דיענסטאָג רופט זיך אָב דער אורח צו איהם: „ישראל, זיי אַזוי גוט און גרייט צו דעם פערד און וואָגען, מחמת איך מוז באַלד אָבפאָהרען". בעט איהם דער „בעש"ט" ער זאָל בליי־בען ביי איהם אויף שבת. דער רב קוקט איהם אָן וויא אַ משוגע'נעם. אָבער דיא השגחה האָט זיך געטהאָן איהרס. וויפיעל דער אורח האָט זיך ניט געאיילט צו פאָהרען, האָט זיך כסדר געמאַכט עפּעס וואָס האָט איהם פערהאַלטען, און ער האָט געמוזט בלייבען ביז איבער שבת אין קרעטשמע.

שבת, ביים טיש, האָט דער אורח דערקענט דעם בעל הבית פון דער אַנדערע. ער האָט דערזעהן זיין גרויסקייט... אָבער דער „בעל שם טוב" האָט אויף איהם גוזר געוועזן ער זאָל עס ניט דערצעהלען זיין שוואָגער, נאָר ער זאָל אַריבער געהן צו דיא פרומע אידען פון שטאָדט און זאָל זיי זאָגען בזה הלשון: „אַ גרויסער שטערן געפינט זיך אַרום אייך. עס איז אַ יושר איהר זאָלט איהם אַריינגעהמען אין שטאָדט אַריין".

פון דאַן אָן האָט ער זיך שוין מעהר ניט בעהאַלטען. דיא וועלט האָט איהם דערקענט...

* * *

פאר דעם גרויסען עולם האט זיך דער גרינדער פון חסידיזמוס צוערשט בעוויזען אלס "בעל־שם". דאס האט איהם געגעבען זיין גרוי־סען נאמען, דאס האט איהם געבראכט אין בעריהרונג מיט טויזענדע און טויזענדע מענשען, אידען און קריסטען, וועלכע האבען גענומען גלויבען אין זיין גרויסקייט, אין זיין הייליגקייט.

ער איז ניט געווען דער ערשטער און ניט דער איינציגער „בעל־שם". אין יענער צייט איז גאנץ פאדאליען, גאליציען און בוקאווינא געווען פול מיט געשיכטען פון דיא וואונדער, וואס דיא „בעלי שמות" האבען געוויזען. דער גייסטיגער צושטאנד פון דיא אידען אין יענע מקומות איז געווען וויא צוגעמאסטען דערצו. דער אידישער המון עם האט געלעבט אין א מורא׳דיגער פינסטערניס, אונטערדריקט און פערפאלגט פון דיא בייזע „פריצים". וואס פאר א ווערדע האט א איד געהאט ביים פריין אין דיא אויגען? אויך דער קריסטליכער פויער איז דאן געווען גענוג אונטערדריקט; נאר פאר איהם האט דער פריין כאטש אמאל געהאט א שטיקעל חבשיי: ער האט פשוט געציטערט פאר איהם, ער זאל ניט רעוואלטירען. פאר דעם אידיישען ארענדאר האט ער קיין שום מורא ניט געהאט. אז ער פלעגט האבען א כעס אויף א אידען, פלעגט ער איהם אבטשטאטעווען אויף׳ן וועג, איהם צו׳הרג׳ענען און איבערלאזען זיין טויטען קערפער פאר דיא ווילדע חיות. ווען עס האט זיך איהם פערגלוסט, האט ער געלאזט אונטערצינדען דעם אידען׳ס הויז, און אין דער מהומה פלעגט ער דער׳הרג׳ענען דעם אידען קיינער זאל ניט וויסען ווער דאס האט געטהאן. דיא „שאלות ותשובות" פון דיא דאמאלסדיגע רבנים זיינען פול מיט פראגען און אנטווארטען וועגען דיא מאסען עגונות וואס זיינען דאן געבליבען דורך דעם וואס מען האט ניט געקענט געפינען דיא קערפערס פון זייערע ערמארדעטע מענער.

און פונקט אזוי קלעגליך וויא דיא עקאנאמישע לאגע איז אויך געווען דער גייסטיגער צושטאנד פון יענער צייט. ניט נאר דיא מוחות פון׳ם המון עם זיינען געווען פערפינסטערט, נאר דיא דאמאלסדיגע רבנים, מייסטיינס געזאגט, זיינען אויך ניט געווען בעסער. אין יענער צייט האט זיך געקענט געפינען א רב וואס האט געפרעגט דעם אנדערן אזא שאלה: „א פאטער וואס האט א נדר געטהאן ניט צו לערנען

זיין זוהן דיא פוילישע שריפט, צו האט ער עובר געווען אויף זיין שבועה דורך דעם וואס ער האט איהם אויסגעלערנט דעם פויליישען „אלף בית״ אויסענוויינינג, ניט צייגענדיג איהם דיא בוכשטאבען, נאָר דער זוהן איז אזא חכם און האט עס דערנאָך אליין אויסגעפונען ?״... דיזע און עהנליכע שאלות צייגען אויף וואס פאר א נידריגע גייסטיגע מדרגה דיא אידען זיינען דאן געשטאנען אין יענע געגענדען.

וואָס זיטע איז דער וואונדער, אז דיא „בעלי שמות״ האָבען דאן געפונען אזא אויפנאהמע ? ניט נאָר אין פאָדאָליע און אין גאליציען אליין האבען זיי געפונען א פעלד פאר זייער טהעטיגקייט ; זיי האבען זיך פערשפרייט איבער דער לייננ און דער ברייט פון אייראָפּא. זייערע „קליענטען״ זיינען געווען ניט בלויז אידען, נאָר אויך קריסטען, בעזאנ־דערס רייכע דאמען וואס זיינען געקומען צוא דיא „הייליגע מענער״ זוכען א רפואה צו זייערע געבראָכענע הערצער, צו זייערע דערשלאָגענע געמיטהען און אָפּטמאָל צו זייערע קערפערליכע קראנקהייטען. כמעט אין יענער צייט איז צווישען דיא קריסטען גופא, אין ענגלאנד און אין נאָרטה אמעריקא, ארויסגעוואקסען דיא סעקטע פון „תפלה־דאָקטוירים״, אזוי וויא דיא זאָ־גענאנטע קריסטשיאן סייענטיסטס״ אין אמעריקא, וועלכע האָבען געוואָלט היילען גייסטיגע און קערפערליכע קראנקהייטען דורך געבעט

עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אז צווישען דיא פערשיעדענע „בעלי שמות״ פון יענער צייט האָבען זיך געפונען גענוג שווינדלער, וועלכע האָבען געזוכט צו מאכען געלד פון זייערע „שווארצע קונצען״. אויף דעם „בעל שם טוב״ קען דאס אבער קיינער ניט זאָגען, אפילו זיינע ביטערסטע געגנער ניט. „צו זיין עהרע״, זאָגט גרעטץ, „מוז מען צוגעבען, אז ער האט קיינמאָל ניט מיסברויכט זיינע פעהיגקייטען. ער האָט ניט געמאכט קיין מסחר דערמיט ; ער האָט אפילו ניט געזוכט דערפון א לעבען צו מאכען.״

אויף וויא ווייט מען קען ארויסנעהמען פון זיינע אייגענע ווער־טער ביי פיעלע געלעגענהייטען, איז ער געווען איבערצייגט אין זיין כח אלס „בעל שם״. עס איז געלעגען אין זיין טהעאָריע, אין זיין תורה. „דיא נאַטהייט געפינט זיך איבעראל, אין אלע בריאים״—דאָס איז געווען זיין

פרינציפּ. דאָס איבריגע פערשטעהט זיך שוין פון זיך אַליין. וויא באַלד דיא שכינה איז איבעראַל, דאַנקענען דיא וואָס זיינען מסוגל דערצו ווירקען אויף איהר ווילען, איהר בויגען וואו זיי ווילען, דאָס הייסט בעווייזען וואונדער...

האָט ער זיך אימער בענוצט מיט דיזער „געטליכער" קראַפט זיי־נער, אין וועלכער ער האָט אַליין געגלויבט? זיינע נאָכפאָלגער זאָגען, אַז ניט. נור דאַן ווען עס איז קיין אַנדער ברירה ניט געווען, האָט ער געברויכט איבער־נאַטירליכע מיטלען. געוועהנליך האָט ער אַלס „בעל שם" אַנגעווענדעט נאַטירליכע מיטלען, באַבסקע רפואות און סגולות, וועלכע ער האָט זיכער געלערנט אין דער יוגענד, ארומפאַהרענדיג אין דיא דערפער און פערברייננענדיג מאָנאַטען און יאָהרען אין דיא וועלדער און אויף די בערג. קראַנקהייטען פלעגט ער מייסטענס היילען מיט קרייטיכער און גראָזען. ער פלעגט אויך געבען „קמיעות", אָבער דאָס נאָר זעלטען, ווען ער האָט זיך ניט געקענט העלפען. אָפטמאָל, ווען זיין פּאַציענט איז געשטאָרבען, האָט ער געהאַט אַ פאַרטיגען תירוץ: ער האָט ניט געקענט העלפען דערצו; ער האָט געהערט וויא מען האָט אויף'ן הימעל אויסגערופען, אַז דער חולה מוז שטאַרבען; אָדער אַז ער האָט געזעהן וויא דער מלאך המות שטעהט שוין הינטער דעם טויטען און עס איז געווען פערפאַלען!...

דאָס וואָס ווערט אָנדערצעהלט פון זיינע וואונדער אַלס „בעל שם", קען אָנפילען גאַנצע ביכער. נאָך דיא שילדערונגען פון דיא חסידים האָט ער געצייגט זיין כח אין פערשיעדענע פעלע. דיא גע־פעהרליכסטע קראַנקהייטען האט ער געהיילט, וואַהנזיניגע האָט ער קלאָר געמאַכט. נאָר דאס איז ניט אַלעס. ער איז אויך געווען אַ „רואה ואינו נראה". אַז ער האט געוואָלט, האָט ער געקענט שטעהן לעבען אייך, און איהר זאָלט איהם ניט זעהן. דערצו האָט ער זיך אויסגעצייכענט אַלס „נביא". זיינע פערעהרער וויסען פון צעהנדליגע מעשה'לאך וועגען זיין ווייטען בליק אין דער צוקונפט. פיעלע זאַכען וואָס ער האט נביאות געזאָגט, דערצעהלען זיי, זיינען מקוים געוואָרען.

אין דער גאַנצער צייט וואָס דער גרינדער פון חסידיזמוס איז געווען טהעטיג אַלס „בעל שם" איז ער ארומגעפאָהרען איבער'ן לאַנד.

מען געפינט איהם אַלע ווײַלע אין אַן אַנדער שטאָדט. דיזע טהעטיג־קייט זיינע האָט אָנגעהאַלטען עטליכע יאָהר און האָט איהם פער־שאַפט אַ גרויסען נאָמען. ער איז געוואָרען בעריהמט איבעראַל. יעדער איינער האָט גערעדט פון איהם. מען האט זיך ניט געקענט אָבלויבען געגוג פון זיינע וואונדער וואָס ער האט געציינט. אַרום איהם האָבען זיך ארומגעקליבען הונדערטער מענישען פון אַלע קלאַסען, וואס זיינען איהם נאָכגעגאַנגען דיא טריט און האָבען געשלונגען זיינע רייד. דאָן, ווייזט אויס, איז איהם שוין נמאס געוואָרען דער וואַנדערענדער לעבען, און ער האט בעשלאָסען זיך צו בעזעצען אין אַ שטאָדט און פאָרט־זעצען פון דאָרט זיין טהעטיגקייט ניט נאָר אַלס „בעל שם“, אַלס וואונדער־היילער, נאָר אויך אַלס פיהרער פון אַ נייער כת״ה, פון אַ נייע ריכטונג איי יודענטהום.

---

## פערטער קאפיטעל.

# זיין טהעטיקקייט אַלס „צדיק“ און זיין פילאָזאָפיע.

דער בעש"ט אַלס „צדיק“ אין מעזביז. — אַן אייגענע חויז.—זיין לוסט צו זיצען אין דערהיים.—דיא נייע תורה.—זיין בעגריעף וועגען גאָט.—געגען דיא קאַבבאַליסטען און דיא רבנים.

פון דיא פיעלע שטעדט, וואו דער בעש"ט איז ארומגעפאָהרען, האָט ער אויסגעקליבען דיא קליינע שטעטעל מעזביז און האָט זיך דאָרט בעזעצט מיט זיין פאַמיליע. פאַר וואָס איז דער גורל גראָד געפאַלען אויף מעזביז? מחמת דיא קליינע שטעטעלע האָט געהאַט אין זיך פיעלע זאכען וואָס האָבען איהם צוגעצויגען. זיא האָט ערשטענס געהאַט א היסטאָרישען ווערטה: אין איהר פנקס זיינען פערשריבען פיעלע פאַסירונגען פון דיא „גזרות ת"ח“. אויסער דעם צייכענט זיא זיך אויך אויס מיט איהר געאָגראַפישער לאַגע; זיא ליגט אויף א זעהר שעהנעם פּלאַץ, און דאָס לאַנד ארום איהר איז זעהר בעוואַקסען. דאס איז געווען גענוג צו געווינען דעם בעש"ט'ס הארץ.

און עס האָבען זיך אָנגעהויבען קלייבען אין מעזביז הונדערטער און טויזענדער אידען. אויסער דעם פּראָסטען עולם, דעם המון עם זיינען אויך געווען פיעלע געלעהרנטע יונגע לייט, תלמידי חכמים וואָס זיינען געקומען הערען תורה פון דעם גרויסען און בעריהמטען מאַן.

דיא ערש״ע צייט, באלד וויא ער האט זיך בעזעצט אין מעזביז, האט דער בעש״ט געוואונט אין א דירה וואס ער האט געדונגען פון פרעמדע. זיין פרוי אבער האט געוואלט האבען אן אייגענע הויז. און זיא האט שטילערהייט אבגעשפארט פון איהרע הוצאות, אנגע־קליבען א „קניפעל״ און אויסגעפיהרט איהר פלאן. דיא גאנצע צייט וויאזס דאס הויז האט זיך געבויט, האט דער בעש״ט גאר ניט געוואוסט דערפון. איינמאל, דערצעהלט מען, איז ער דורכגעגאנגען מיט זיינע תלמידים דורך יענער גאס, און מען האט איהם אויסגעזאגט אז דאס נייע הויז איז זיינס; אז זיין ווייב האט עס אויסגעבויט פאר זיי אויף צו וואוינען, האט ער זיך זעהר געפרייט דערמיט.

ארויספאהרען פלעגט ער אין יענער צייט זעלטען פון מעזביז. מען דערצעהלט, אז זיין פרוי פלעגט איהם כסדר ציטראגען דעם חשבון פון איהרע חובות וואס זיא איז שולדיג, פאר מעהל, פאר פלייש און אנדערע נייטיגע שטוב־זאכען, און ער פלעגט אלין אבלייגען דיא רייזע, ביז וואנען דער חוב איז געווארען זעהר גרויס, אז מען האט שוין מעהר ניט געקענט אבלייגען. דאן פלעגט ער ערשט פאהרען.

איבערהויפט איז איהם געווען אונאנגענעהם ארומצופאהרען אין דיא לעצטע צוואנציג יאהר פון זיין לעבען, ווען ער האט געוואלט ווירקען אויף׳ן פאלק אלס גייסטיגער פיהרער און לעהרער און ניט אלס „בעל שם״ און „וואונדער־דאקטאר״. דיא „בעל־שם׳ערייי״ האט איהם זעהר פיעל געשטערט דערצו. דיא רבנים און למדנים פון יענע געגענ־דען האבען איהם שטענדיג אויפגעווארפען זיינע וואונדער און זיינע „הונצען״, אין וועלכע זיי האבען ניט געגלויבט. איהם האט זיך גע־וואלט ווירקען אויף זיי מיט זיין נייע לעהרע, מיט זיין פילאזאפיע. און דאס האט ער אם בעסטען געקענט טהאן, זיצענדיג אין דערהיים אין דער סביבה פון זיינע געלעהרנטע תלמידים.

נאר אין וואס איז בעשטאנען זיין נייע לעהרע ? וואס איז אזוינס געווען זיין „אני מאמין״, וועלכער האט זיך דערנאך ענטוויקעלט צו דער פילאזאפיע פון דעם מאדערנעם חסידיזמוס ?

צוערשט קומט זיין בעגריף וועגען גאט. דאס איז ניט געווען דער אלגעמייניזר אידישער בעגריף, אז „השמים שמים לה׳ והארץ נתן לבני

אדם", אז גאָט זיצט אויבען אין הימעל און קוקט אראָב אויף דיא מעשים פון דעם מענשען אונטען אויף דער ערד. נאָך זיין בעגריף נאָך איז דיא גאָטהייט דאָ איבעראל; ניטאָ קיין ליידיגער פלאין, וואו זיא געפינט זיך ניט. דיא שכינה רוהט אין דער גאנצער שעפפונג, אין אלע וועזענס, אין דער גאנצער נאטור.

צו דיזען בעגריף איז ער זיכער געקומען נאָך אין דער יוגענד. זיך ארומטראָגענדיג שטענדיג מיט'ן געדאנק, אז גאָט איז אימער מיט איהם, אז ער געהט שטענדיג ביי זיין זייט, וויא זיין פאָטער האָט איהם אנגעזאָגט פאר'ן טויט; זיך געפינענדיג שפעטער אזוי נאָהענט צו דער נאטור, אימער צווישען דיא בערג, אימער אין דיא פעלדער און דיא וועלדער, האט ער גאָר אנדערש ניט געקענט גלויבען נאָר אז דער כח פון גאָט בעלעבט דאס אלעס וואס ער זעהט. זאל דיזער כח אָבגעטהאָן ווערן פון דער נאטור, זאָל גאָט פערלאָזען דיא בערג, דיא בוי־מער און דיא פעלדער, און אלעס וועט מוזען אָבשטארבען, ווערן צו גאָרנישט!

דיזען געדאנק, וועלכער ווערט אין דער געשיכטע פון פילאָזאָפיע בעצייכענט אלס פאנטהעאיזמוס (אל גאָטטהייט), האט ער אם בעס־טען ערקלעהרט מיט פאָלגענדען משל:

„א מעכטיגער קעניג האָט אמאל אויסגעבויט א זעהר גרויסען פא־לאין. און אין פאלאין זיינען געווען הונדערטער חדרים איינע אין דיא אנדערע, ארומגערינגעלט מיט פיעלע ווענט און מחיצות. נאָר איין טויער איז געווען אָפען; און אנטקעגען דיזען טויער זיינען געווען מאַסען טהירען, דורך וועלכע מען האָט געקענט אריינקוקען און זעהן וואָס טוט זיך אינווייניג אין פאלאין, דיא גאנצע שיינקייט, דעם גאנצען פראכט פון פאלאין. און הינטען, אין דעם לעצטען חדר איז געזעסען דער קעניג, ווייט, ווייט פון דיא צושויער. אז דער פאלאין איז גע־ווען פארטיג, האָט מען געשיקט רופען אלע מיניסטאָרען און אלע גרויסע לייט פון דער מדינה אָנצוקוקען דעם שעהנעם בנין און צו בעגריסען דעם קעניג. נאָר ווען זיי זיינען צוגעקומען צום טויער, האָט ער זיך פערשלאָסען און מיט איהם האָבען זיך אויף צוגעמאכט אלע טהירען אינעווייניג.

„שטעהען זיי אזוי און וואונדערן זיך וויא געהט מען דאָס אריין אין פאלאַץ, אַז עס זיינען דאָ אזוי פיעל מחיצות, אזוי פיעל ווענט, אזוי פיעל פערשלאָסענע טהירען. מיט אמאָל קומט אָן דעם קעניג׳ס זוהן און זאָגט: איהר קענט דאָך מיין פאָטער, וואָס פאר א חכם ער איז. ער האָט אייך פשוט פערבלענדעט דיא אויגען. אָט דאָס אלעס וואָס איהר זעהט, דיא ווענט, דיא מחיצות, דיא פערשלאָסענע טהי־רען זיינען גאָר ניט; זיי זיינען גאָר ניטאָ. דאָס דוכט זיך אייך נאָר אויס אזוי... אָט זיצט ער דאָרט, מיין פאָטער... דער וועג איז ליידיג פאר אייך, געהט!—

„פונקט אזוי איז מיט אלע וועלטען, און מיט אלעס וואס גע־פינט זיך אין זיי. אונז ווייזט זיך אויס, אַז זיי זיינען אָבגעטהיילט פון איהם, כביכול, נאָר אין דער אמת׳ן איז ער און זיי אליין איין זאך; נאָר ער האט זיך בעהאלטען, פערשטעלט און ארומ־געצאַמט מיט טויזענדער זאכען, כדי זיך צו פערהוילען פון דיא אויגען פון זיינע ברואים, וועלכע זעהען אין יעדער מין מחיצה צווישע זיי און זייער בורא —״.

צוויי גרונד־פרינציפען האָט דער גרינדער פון חסידיזמוס געזוכט צו בעקעמפפען מיט זיין פילאָזאָפיע: דיא נזירות, דיא זעלבסטלאָזיג־קייט פון דיא דאמאלסדיגע רבנים. דיא קבלה־לייט האָבען געפּרעדיגט דיא דערוויטערונג פון „עולם הזה״, דיא פייניגונג פון׳ם גוף, פאסטען תענית׳ם, זיין טרויעריג און וואָס וויניגער הנאה האָבען פון דער וועלט. דער „בעל־שם״ האָט אדרבה געהייסען הנאה האָבען פון דער וועלט. דיא „חיי העולם הזה״, דאס לעבען אויף דער וועלט,—דאס איז א תכלית, א צוועק אַן און פאר זיך. דער מעניש וואס לעבט אין פרייד טהוט דערמיט גאָט׳ס ווילען. דאס איז דיא הויפּט אויפגאַבע פון דעם מעניטשען, וועלכער איז נור א רינגעלע פון דער גרויסער, אלגע־מיינער קייט פון דער שעפּפונג. עס איז אמת, אַז ער איז דער בעס־טער רינג, מחמת ער צייכענט זיך אויס מיט זיין שכל, מיט זיין פער־נונפט; דארום דארף טאקי זיין לעבען האָבען א העכערן ציעל. אָבער ער איז ניט דער איינציגער וזאס דיענט זיין שעפּפער.

„אלע, אלע דיענען איהם, כביכול“, זאָגט ער אין זיין צוואה, „נאָך זייער שכל נאָך; אפילו דאָס ווערעמעל אויך“.

„ווער עס בעהויפּטעט, אַז דיא וועלט האָט אין זיך קיין ממשות ניט“, זאָגט ער ווייטער, „האָט אַ גרויסען טעות. עס איז אַ גרויסע, אַ וויכטיגע וועלט פאר דעם וואס ווייס וויא זיך מיט איהר צו בענוצען“.

איבערהויפּט האָט ער זעהר שטאַרק אגיטירט געגען דיא תעניתים.

„אַז אַ מענש פאַסט אפילו פון שבת צו שבת“, זאָגט ער אין זיין צוואה, „און מיינט, אַז ער טהוט דערמיט אויף ווער ווייס וואָס, ווערט דער תענית ניט אָנגענומען. דיא נשמה קען נור דאַן ווערן אויסגעלייטערט, ווען דער מענש האָט קיין שום פּניה ניט און טראַכט זיך ביי זיך וואָס פאר אַ בעטרעף האָט דער מענש און אלע זיינע מעשים אנטקעגען זיין ליעבען נאָמען“.—

אין דער צייט פון דעם בעש“ט, דערצעהלט מען, איז געוועזען אַ מאַן וואָס האט זיך געפּייניגט דעם קערפּער דורך תעניתים און אלערליי אַנדערע פּייניגונגען, כדי צו קריגען דעם „רוח הקדש“, האָט דער בעש“ט וועגען איהם געזאָגט: „אויבען לאַכט מען פון איהם“...

געגען דיא טרוקענע רעליגיאָן פון דיא אידיישע רבנים האָט דער בעש״ט אַרויסגעשטעלט אַ טערמין, וועלכען ער רופט: „עבודה בדבקות“, דיענען גאָט מיט האַרץ, מיט פייער.

דיא רבנים האבען געהאַלטען פון לערנען. דאס איז ביי זיי געשטאַנען זעהר הויך. לערנען גמרא און פּסקים און אָבהיטען פּינקט־ליך אלע מצוות — אויף אַזאַ אופן געהט צו דיא גאָטעס־דיענסט ביי זיי. געפיהל, כונה—דאָס איז ביי זיי אַ גאָר ניישט. ווער זאָל קען לערנען? געצעהלטע מענשען, למדנים און רבנים. אויף אַזאַ אופן האָט זיך אויסגעבילדעט אַ „הויכע“ קלאַסע, אַ רעליגיעזע אַריסטאָ־קראַטיע ביי אידען פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט אַ קלאַסע פון „גראָבע יונגען“, פון „עם הארצים“.

געגען דיעזע אָבטהיילונג, געגען דיזען גייסטיגען מאָנאָפּאָל וואָס דיא רבנים האָבען געהאַט, איז דער גרינדער פון׳ם חסידיזמוס אַרויס

מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין טהעטיגקייט און האט פּראָקלאַמירט דיא „עבודה בדבקות", גאָטעס־דיענסט פון הארצען, מיט כונה.

„דיא „דבקות", דיא פּערטיעפטקייט איז דאס שטארקע געפיהל, דיא בּיינקענעניש פון דער נשמה צו דעם בורא, דיא אומארמונג פון דער גאַנצער נאַטור און דיא בעהעפעטונג אין זיין ליעבען נאָמען—דאס איז דער עיקר אין דעם גייסטיגען לעבען פון'ם מענשען".

געגען דיא פּינקטליכקייט פון דיא דינים און דיא מצוות, געגען דיא „חומרות", אויף וועלכע דיא רבנים האָבען געלייגט אזא גרויסע געוויכט האט ער געזאָגט:

„דער מענש דאַרף ניט צו שטאַרק מדקדק זיין אין דעם וואס ער טהוט, מחמת דאס איז אויך פון דיא תחבולות פון דעם יצר הרע, איהם איבערצושרעקען, ווארפען אויף איהם א מורא. און אפילו ווען ער טהוט, חס ושלום, אַן עבירה, דאַרף ער זיך ניט שטאַרק מצער זיין נאָר חרטה האָבען אויף דעם וואס ער האָט געטהאָן און זיך נעהמען ווידער צו דיענען גאָט פון שמחה"—

דיא „קבלה" האט געלערנט פיעלע זאכען, וועלכע זיינען פּשוט געוועזען אונמעגליך צו ערפילען, מחמת זיי זיינען געוועזען געגען דעם אירדיישען לעבען. דיא מקובלים האָבען געוואָלט, אז דער מענש זאָל זיך וואָס ווייניגער אָבגעבען מיט משא ומתן, מיט מסחר. וויינען איז געוועזען איינע פון זייערע וויכטיגע מיטלען צו לייטערן דיא נשמה. „אז איינער קען ניט בעגרייפען וואס עס איז"—לערנט דיזע תורה— „דאַרף ער תשובה טהאָן מיט אלע כחות, פערגיסען אויף יעדע זאך ביטערע טרעהרען און שלאָפען כאָטש איין שעה בייטאכט אויף דער ערד מיט א שטיין צוקאָפּענס."

היינט תעניתים אויף יעדען שריט און טריט. קיין פלייש טאָר מען ניט עסען און קיין וויין ניט טרינקען א גאַנצע וואָך; ניט ריידען, ניט לאַכען -- נאָר וויינען און קלאָגען.

געגען דעם איז דער גרינדער פון חסידיזמוס ארויס מיט אלע כחות. דער צוזאַמענקומען זיך פון מענשען, דער ריידען און דער פערברייגנען פריילאך—דאָס איז געוועזען איינער פון זיינע הויפּט פּרינציפּען.

„גאָט ברוך הוא“, פלעגט ער שטענדיג זאָגען, „וויל מען זאָל איהם דיענען אויף פעריטיעדענע ערליי אופנים: אמאָל אזוי און אמאָל אנדעריש. דערפאַר אז איינער געהט, למשל, און רעדט מיט א מענ־שען, און דאַן קען ער דאָך ניט לערנען; אָדער אז ער איז אין וועג און ער קען ניט דאַוונען וויא עס דאַרף צו זיין, — זאָל ער עס זיך ניט נעהמען צום האַרצען; מחמת גאָט ברוך הוא וויל מען זאָל איהם דיענען אויף אַלע אופנים: אמאָל אויף דעם אופ'ן און א מאָל אויף אַן אַנדערן. דערפאַר האָט ער געמאַכט, אז ער זאָל איצט זיין אין וועג אָדער ריידען מיט א מענשען, כדי ער זאָל איהם קענען דיענען אויף אזא וועג“.

„וויינען“, פלעגט דער בעש"ט שטענדיג ווידערהאָלען, „איז זעהר שלעכט, ווייל דער מענש דאַרף דיענען גאָט פון שמחה. נאָר אויב טרערען קומען פון פרייד, דאַן איז עס זעהר גוט!“



## פינפטער קאפיטעל.

# זיינע לעצטע יאהרען.

זיין לוסט צו פאָהרען קיין פאלעסטינא. — דיא רייזע און דער אונגליק אויפ'ן וועג.— דיא „עלילת דם" אין זאסלאוו און זיין „חלום". — ר' בער מעזריטשער.— זיין גייסטיגער יורש. — זיינע אנהייגער און געגנער. — דיא „פראנקיסטען" און זיין אנטהייל אין קאמפף געגען זיי. — זיין קראנקהייט און טויט. — זיינע נאכפאָלגער.

אין דיא לעצטע 10, 15 יאָהר פון זיין לעבען האט זיך אין דעם בעש"ט ערוועקט א גרויסער חשק צו פאָהרען קיין ארץ ישראל. געקומען איז עס דורך דעם וואָס אין יענער צייט האָבען זיך כמעט אלע קאבאליסטיישע גדולים אריבערגעקליבען קיין פאלעסטינא. דאס „היילינע לאנד" איז געווען דער קוואל, פון וואַנען דיא גאַנצע קדושה איז ארויס. דאס איז געווען דער מיטעל־פונקט פון דער קאבאליסטי־שער אויטאָריטעט. און דעם גרינדער פון חסידיזמוס האָט זיך הפנים געוואָלט, אז זיין נייע תורה זאָל זיך אויך פערשפרייטען פון דאָרט. עס וואָלט איהם לייכטער געווען אויף דיא עלטערע יאָהרען צו ווירקען פון דעם פלאין, וואו עס האָבען זיך געפונען אזוי פיעל קדושים, אזוי פיעל גרויסע און היילינע מענשען. אויסער דעם האָט עס איהם גע־מוזט ציהען צו דער ערד, וואָס האָט בעהאלטען אין זיך דיא גרעסטע, דיא היילינסטע מענשען, דיא זיילען פון יודענטהום; צו דיא שטיינער וואָס דערמאָנען אָן דער אמאָליגער אידיישער גדולה.

זיין שוואָגער, ר׳ אברהם גרשון, וועלכער האט זיך ענדליך איבערגעבעטען מיט איהם, אָבוואָהל ער האָט נאָך ניט געהאַלטען פאָלשטענדיג פון זיין שטה, מחמת ער האָט בעלאנגט צו דער אַלטער קבלה־וועלט, איז געוועזן אין ארץ יישראל. ער האט דאָרט געוואוינט עטליכע יאָהר און איז געקומען צוריק אויף א קורצע צייט קיין חוץ־לארץ, חתונה צו מאַכען זיינע קינדער. דער בעש״ט האָט איהם ניט אָבגעלאָזען. דער שוואָגער האָט איהם געמוזט דערצעהלען אַלעס, וואָס דאָרט טהוט זיך, וויא אַזוי עס לעבט זיך און פיהלט זיך דאָרט; און יענעמ׳ס מעשה׳לאך האבען געוואונען זיין האַרץ און האָבען בעצויבערט זיין נשמה. עס האט איהם געצויגען, געריסען אהין, אין דאָס הייליגע לאַנד. נאָר דיא אומשטענדען האָבען ניט געלאָזען. ער האט ניט געקענט איבערלאָזען זיין פרוי און קינדער, וויא זיין שוואָגער האָט געטהאָן. יענער איז געוועזן א מקובל פון דער אַלטער שוהלע. זיך פייניגען, זיין א נזיר איז געוועזן זיין פרינציפּ. דער פרינציפּ פון דעם בעש״ט איז אבער געוועזן פונקט דער היפוך דערפון: לעבען אין פריי־דען און געניסען אזוי פיעל פון לעבען, וויפיעל עס איז נור מעגליך, דיענענדיג דערמיט דעם בורא. ער האָט אַלזאָ ניט געקענט כאַפּען און פאָהרען.

האָט זיך אָבער געמאַכט, אז זיין פרוי איז געשטאָרבען. זיין איין איינציגער זוהן, ווייזט אויס, איז דאַן ניט געוועזן ביי איהם, און ער האָט בעשלאָסען צו פאָהרען מיט זיין טאָכטער און מיט זיין שרייבער קיין ארץ ישראל. מען קען ניט וויסען אויף ריכטיג, וואָס דאָרט איז געשעהן. נאָר אויפ׳ן וועג האָט זיי געטראָפען א גרויסער אונגליק. מאַנכע זאָגען, אז עס איז געוועזן א גרויסער שטורם אויפ׳ן שווארצען מעער, און דיא שיעף האָט געהאַלטען ביים אונטערגעהן. זיי האבען אַלזאָ פערלאָרען זייער גאַנצען פערמעגען און האָבען זיך ענדליך געמוזט אומקעהרען פון קאָנסטאַנטינאָפּעל צוריק נאָך מעזביז.

א שוידערליכע פּאַסירונג האָט אין יענער צייט געטראָפען אַרום מעזביז, וועלכע האָט, ווייזט אויס, שטארק געווירקט אויף דעם גע־דאַנקען־גאַנג פון דעם בעש״ט.

ניט ווייט פון דער שטאָדט זאסלאוו האט מען געפונען דעם טויטען קערפּער פון א קריסט אונטערן שנעע. טויטע אידיישע קערפּערס פלעגט מען דאן געפינען אין דיא צעהנדליגע; מען פלעגט זיי ערמאָרדען אויף יעדען שריט און טריט און קיינער האט זיך פאַר זיי ניט אָנגענומען. נאָר אַז מען האט געפונען דעם טויטען קריסט וועלכער האט וואהרשיינליך פערבלאָנדזשעט און איז פערשאָטען געוואָרען פון שנעע. איז געוואָרען א מורא דיגער טומעל. עס איז גלייך געוואָרען דערפון אַן עלילת דם. עס האט זיך שוין געפונען א פויער, וואס האט געזעהן וויא א וואָגען מיט אידען זיינען צוגעפאָהרען צו דער אידיישער קרעטשמע און האבען דאָרט געמאכט א „שמחה". דאס איז געווען גענוג. מן הכתם האבען זיי דאס גע׳הרג׳עט דעם קריסט און אויסגעצאַפּט דיא בלוט פון זיין קערפּער אויף פסח. אומזיסט האבען דיא דארטיגע אידען זיך פערטהיידיגט און ערקלערט, אז דיא „שמחה" איז געווען דערפאַר, ווייל אין דער קרעטשמע איז געווען א ברית. עס האט ניט געהאָלפען, מען האט ארעסטירט 5 אידען און מען האט זיי געמאַרטערט און געפייניגט, זיי זאָלען זיך מודה זיין. ענדליך האט מ׳ן זיי אַלעמען הינגעריכטעט. דיא לעגענדע געהט, אַז צוויי אָדער דריי פון זיי האבען זיך פאַר׳ן טויט געלאָזט איבעררייידען פון דיא גלחים און האבען זיך געשמד׳ט. זיי האבען געמיינט, אַז דערמיט וועלען זיי רעטען זייער לעבען. נאָר אַז זיי האבען געזעהן, אַז מען פיהרט זיי דאָך צו דער תליה, האבען זיי ביי דער לעצטער מינוט חרטה געהאט און זיינען געשטאָרבען מיט דיא ווערטער: „שמע ישראל" אויף זייערע ליפּען...

דיזע שוידערליכע געשיכטע, הייסט עס, האט געמאכט א געוואַלדיגען איינדרוק אויף דעם גרינדער פון חסידיזמוס. צו יענער צייט געהערט זיין בעריהמטער „חלום" וואס ער האט בעשריבען אין א בריעף צו זיין שוואָגער, ווען ער האט געהאַט „עלית נשמה", ווען ער איז אַרויף אויף׳ן הימעל און האט זיך דאָרט געזעהן מיט דער גאַנצער פמליא און גערעדט מיט זיי וועגען דיא מורא׳דיגע פאַסירונג...

דערווייל האָט זיך דיא צייט גערוקט, און דיא אַלטקייט און שוואַכקייט האבען דעם גרינדער פון חסידיזמוס דערמאָנט, אז עס איז צייט צו

זארגען פאר נאָך׳ן טויט, צו געפינען א מאַן וואס זאָל איבערנעהמען זיין לעהרע און זיא פערשפרייטען אין אַלע אידישע קרייזען. לאַנג האט ער ניט געדאַרפט זוכען. ער האט געפונען דעם פאסענדסטען מאַן אין ר׳ בער מעזעריטשער, וועלכער האט זיך גערופען דער „מגיד פון מעזעריטש״.

ר׳ בער איז געוועזען זיינער א געגנער. אלס א שטארקער אנהייננ־גער פון דער קבלה, האָט ער פערבראַכט יאהרען אין פאסטען תעניתים און פייניגען זיין גוף, ביז וואנען ער איז געוואָרען שטארק קראנק. דעם בעש״ט׳ס א מקורב האט איהם צוגערעדט צו פאָהרען צו דעם גרויסען וואונדער־מאַן, וועלכער וועט איהם זיכער אויסהיילען. עס וועט אויך ניט שאַדען זיך מיט איהם צו בעקענען. ר׳ בער האט זיך אין אָנ־פאנג געלאזט בעטען; דערנאָך איז ער אריינגעפאָהרען קיין מעזביז, וואו דער בעש״ט האט איהם געדונגען א דירה און האט איהם גענומען היילען. זיי פלעגען אויך פערברייננען שטונדען לאַנג אין ויכוחים, און ענדליך איז ר׳ בער געווארען א פאָלשטענדיגער אנהייננער פון דעם בעש״ט — זיין רעכטע האנד.

ער האט אַלזאָ שוין געהאט א גייסטיגען יורש, א מאַן וואס זאָל פארטזעצען זיין ארבייט נאָך זיין טויט. אנהעננער האבען אויך ניט געפעהלט. ער האט געהאט צעהנדליגע תלמידים, וואס האבען ניט געוואָלט אָבטרעטען פון זיין הויז, הונדערטער וואס האבען איהם אויפ־געזוכט ביי יעדע געלעגענהייט און טויזענדער וואס האבען געגאַרט איהם צו זעהן און צו הערען זיין תורה. אבער צוזאַמען מיט זיינע אנהעננער האבען זיך גענומען אָברופען געגנער אויך. דאס זיינען, אמת, נאָך ניט געווען אזעלכע שרעקליכע געגנער, וויא זיין סעקטע האט ארויסגערופען שפעטער. ער איז מיט זיי פארטיג געוואָרען אויף א קורצען אופן. איינמאָל האט מען איהם גערופען פאר דעם „ועד פון דיא פיער לענדער״. דאס איז געווען א מין קאָמיטע פון פערשיעדענע רבנים, וועלכע האבען געוואָלט וויסען וואס פאר א מענש דער בעש״ט איז. זיי האָבען געהערט זיין גרויסען נאָמען, זיינע מופתים; א טהייל האבען אויף איהם געזאָגט, אז ער איז אן „עם הארץ״, האבען זיי איהם געוואָלט פערהערן. איינער פון דיא רבנים ווענדעט

זיך צו איהם און פרעגט איהם א „דין". עס איז געווען ראש חדש, האט איהם דער רב געפרעגט: וואס איז דער דין, אויב מען פערגעסט זאָגען „יעלה ויבא"? גאנץ קאַלטבלוטיג און מיט א זיסען שמייכעל אויף די ליפּען ענטפערט דער גרינדער פון חסידיזמוס:

— דיזער דין איז ניט נייטיג ניט פאַר אייך און ניט פאַר מיר; מחמת איהר, ווען איהר זאָלט אַפילו נאָך אַמאָל איבערדאַווענען, וועט איהר א צווייטען מאָל פערגעסען, און איך וועל זיכער דעם ערשטען מאָל אויך ניט פערגעסען...

דאָס איז געוועזי געננוג; מעהר האט מען איהם שוין ניט געפרעגט.

אין די לעצטע עטליכע יאָהרען פאַר זיין טויט האט ער גענוי־מען א גרויסען אַנטהייל אין דעם קאַמפּף געגען די „פראַנקיסטען", וועלכע האבען אָנגעטהאָן די פּוילישע אידען גרויסע צרות און האבען אויף זיי געמאַכט איין בלבול נאָך'ן אנדערן. י ע ק ב פ ר א נ ק איז געווען א פּויילישער איד, א נאָכפאָלגער פון דעם „פאַלשען משיח" שבתי צבי. ער האט געוואָלט אליין שפּיעלען די ראָלע פון א „משיח". נאָך א שרעקליכע נידערלאַגע אין דער טירקיי, וואו ער האט פערבראַכט א היבשע צייט, איז ער אין 1755 געקומען צוריק קיין פּוילען. דאָרט האבען זיך אַרום איהם ארומגעקליבען א קליינע צאָהל אַנהענגער און האבען זיך געמאַכט א „קלייזעל". די פרומע אידען האבען עס ניט געקענט דערלאָזען און האבען גענומען פערפאָלגען די „שבתי צבי'ניקעס". יענע האבען אויך ניט געשוויגען און ענדליך האט זיך ענטוויקעלט צווי־שען זיי א ביטערער קאַמפּף. די „פראַנקיסטען" האבען זיך צוגעשאַרט צו די קאַטוילישע גלחים, וועלכע האבען זיך אָנגענומען פאַר זיי. מען האט גענומען פערפאָלגען די אידישע רעליגיאָן און פערברענען די אידישע ספרים. דער סוף איז געווען, אַז די אידען האבען געזיעגט, און פראַנק מיט זיינע אנהענגער האבען געמוזט אריבערגעהן צום קריס־טענטהום.

דיעזער קאַמפּף, אין וועלכען דער בעש"ט האט אריינגעלייגט אַלע כחות, האט איהם געקאָסט געזונד. ער איז געווען שטאַרק אויפגערעגט אויף די רבנים פאַר זייער שטרענגקייט, דורך וועלכער זיי האבען אריינ־געטריבען די „פראַנקיסטען" אין די אָרעמס פון קריסטענטהום.

דאס האט איהם ענדליך אזוי צוגעדריקט, אז ער האט זיך אנידערגעלייגט אין בעט א קראנקער און איז שוין מעהר ניט אויפגעשטאנען...

זיין טויט, דערצעהלט מען, איז געווען זעהר ריהרענד. וואכען לאנג האבען זיינע טרייע תלמידים ניט אבגעטראטען פון זיין בעט. ער האט ניט געקענט צוזעהן זייער צער. „פאר מיר,“ פלעגט ער כסדר זאגען, „דאגה איך ניט; מחמת איך וועל ארויסגעהן פון דער טהיר און גלייך אריינגעהן אין אן אנדערער.“

עס איז געווען דעם ערשטען טאג שבועות 1760. נאכמיטאג האבען זיך פערזאמעלט אין זיין הויז דיא נכבדים פון דער שטאדט. א קורצע ווייל האט ער פערבראכט מ'ט זיי, זאגענדיג תורה. מיט א מאל איז ער געבליעבען ליגען אהן כחות... צוויי זייגערס, דערצעהלט דיא לעגענדע, זיינען געווען אין שטוב. און „אז ביידע זייגערס וועלען זיך אבשטעלען“, האט דער קראנקער געזאגט, „דאן וועל איך מעהר ניט זיין צווישען אייך...“

און כך הוה. דיא זייגערס זיינען געבליעבען שטיל און מיט זיי אויך האם הארץ פון דעם גוסס...

* * *

וואס מען זאל זיך ניט דיינקען וועגען זיין לעהרע, וועגען דיא בבא מעשיות, דיא לעגענדען וואס וויקלען ארום זיין לעבען און זיין טהעטיגקייט — איין זאך איז זיכער, אז ר' ישראל בעל שם טוב איז געווען א ריינע פערזאן מיט אן עהרליכע, אויפריכטיגע נאטור. דיא ריכטונג, וועלכע ער האט אריינגעבראכט אין יודענטהום, איז אהן צווייפעל געווען א פארטשריט. זיא האט אריינגעבלאזען לעבען אין דיא טרוקענע אידיישע ביינער; זיא האט זאפטיג געמאכט דיא פערטריקענטע, איינגעדארטע אידיישע נשמות. יעדעסווארט זיינס הויכט מיט לעבען, מיט פייער, מיט הארץ. יעדענפאלס האט ער געמיינט גוט. וואס איז ער שולדיג, אז א גרויסער טהייל פון זיינע פערטרעטער האבען דערנאך פערקריפעלט זיינע לעהרען און האבען זיין תורה געמאכט פאר א מיטעל אויסצוליידיגען דיא קעשענעס פון דעם פאלק?

ער האט געהאט דעם שיקזאל פון אלע רעפארמער, פון אלע רעליגיאנס־גרינדער, וועמעס לעהרען ווערן דאס רוב צודרעהט און

פערטייטשט אזוי, אז זיי וואָלטען זיי פּאָזיטיוו אליין ניט געקענט דערקענען. און מען דערצעהלט, אַז דער גרינדער פון חסידיזמוס האָט עס געזעהן בנבואה נאָך ביי זיין לעבען... עס איז געווען אַ נאָכמיטאג אין פריהלינג. דער בעש"ט איז געגאַנגען שפּאַצירען מיט זיינע תלמידים. אין מיטען וועג איז אָנגעקומען דיא צייט פון מנחה, האָבען זיי זיך געשטעלט אונטער אַ בוים דאַוונען. מיט אַמאָל האָט ער אויפגעהויבען דיא אויגען צום בוים און האָט זיך פערטראַכט. דיא געבורט פון דער נאַטור האָט איהם וואהרשיינליך אַרויפגעפיהרט צו דיינקען וועגען דיא ענטוויקלונג פון זיין ריכטונג, פון זיין פהילאָזאָפיע. און ער האָט הפּנים געמוזט אריינקוקען ווייט, ווייט אין דער צוקונפט; ווייל זיך אומקוקענדיג צו זיינע תּלמידים, האָט זיך אַרויסגעריסען אַ טיעפער זיפץ פון זיין האַרצען, און ער האָט געזאָגט:

— איך ווייס, אַז וויפיעל בלעטער אָט דער בוים האָט, אַזוי פיעל „צדיקים" וועלען אויפשטעהן נאָך מיר, מיט זייערע שיטות, מיט זייעריגע ריכטונגען; און יעדער איינער וועט מיינען, אַז ער געהט אין מיין וועג...

אָרעמער מעניש! ער האָט געזעהן עטוואָס, אָבער זיכער ניט אַלעס. ער וואָלט ניט געקענט שטאַרבען אַזוי רוהיג, אַזוי צופריעדען, ווען ער וואָלט געוואוסט וואס פון דעם חסידיזמוס וועט ווערן אין דער ווירקליכקייט...



אין דיזער ביאָגראַפיע האָב איך זיך בענוצט מיט אברהם כהנא, „ר' ישראל בעל שם טוב"; פּראָפ. גרעטץ, „געשיכטע דער יודען"; „מעשה צדיקים"; „דברי צדיקים"; „סדר הדורות החדש"; „שבחי בעש"ט" און אנדערע קוועלען.

א. פּ.

# רב סעדיה גאון

---

דער ערשטער אידישער רעליגיאָנס-פילאָזאָף

זיין לעבען, ווערקען און שריפטען.

---

נאָך פערשיעדענע קוועלען בעארבייטעט.

פון

## מ. וויערניק.



## ערשטער קאַפּיטעל.

# אידען מיט טויזענד יאָהר צוריק.

אידיישקייט איז מיט טויזענד יאָהר צוריק שוין אויך געווען אַן אַלטע רעליגיאָן און דיא אידען זיינען דאַן שוין געווען פון אַ לאַנגע צייט אין גלות. אָבער דיא לאַגע פון דיא אידען, אַזוי וויא דיא לאַגע פון דיא לענדער, אין וועלכע זיי האָבען געוואוינט, איז דאַן געווען גאַנץ אַנדערס וויא איצטער. אידען האָבען אויך געהאַט אַנדערע מיטעלפּונקטען, און דיא ענטוויקלונג פון גייסטיגען און מאַטעריעלען אידיישען לעבען האָט דאַן ערהייכט אַ הויכע שטופע אין געגענדען, וועלכע האָבען שפּעטער פערלאָרען זייער גאַנצע וויכטיגקייט. דאַגעגען זיינען דיא איצטיגע וויכטיגע אידיישע מיטעלפּונקטען, דאַס הייסט דיא אייראָפּעאישע, ערשט געשטאַנען אויף אַ גאַנץ ניעדריגע שטופע אָדער האבען זיך נאָך גאָר ניט אָנגעפאַנגען צו ענטוויקלען. מען ווייס אַז עס זיינען אין יענע צייטען געווען אידען אין שפּאַניען, איטאַליען, אין דיא איצטיגע דייטשלאַנד און פראַנקרייך און אין פּלעצער וועלכע זיינען איצטער אַ טהייל פון אייראָפּעאישע טירקיי אָדער פון רוסלאַנד. אָבער מען ווייס כמעט מעהר ניט וויא דאָס, אַז זיי האָבען עקזיסטירט. דיא רייכע האָבען געהאַנדעלט מיט שקלאַפען אָדער זיינען געווען געלד-פערלייהער, דיא אָרעמע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט ערד-ארבייט אָדער מיט מלאכות און מיט קליין-האַנדעל.

אידען האָבען זיך דאַן אין פיעלע הינזיכטען וועניגער אונטער־שיידעט פון קריסטען וויא מיט יאהרהונדערטע שפּעטער, ווען די קריסטליכע קירך האט דורכגעפיהרט איהר פּלאַן אָפּצושיידען די.. קריסטען פון דיא ניט־קריסטען. דיא געשיכטע פון דיא אידען אין אייראָפּא פון יענער צייט בעשטעהט מייסטענטהיילס פון בעשרייבונגען פון דעם שיקזאל פון איינצעלנע פּערזאָנען אָדער געמיינדען. אויף איין פּלאַן האָט מען געמאכט איין איבערפאַל אויף אידען און פון אן אַנדער פּלאַן האט מען זיי פּעריאָגט; דאָ האָב ן זיי עטוואס געמעגט טהאָן און דאָרטען האבען זיי ניט געטאָרט. דאָ האט אַ איד זיך ערוואָרבען רייכטהום און דאָרטען — אַ הויכעס אַמט. אָבער דיא פינסטערנים אין וועלכע אייראָפּאַ איז דאַן געווען פערוויקעלט, בעזאָנדערס ווען דיא לעצטע ליכט־שטראַהלען פון דיא פּעריאָדע פון קאַרל דעם גרויסען (געשטאָרבען 814) זיינען פערשוואונדען, האט געמאַכט אַן אַלגעמיינעס אָדער צוזאַמענהיינגענדעס אידיישעס לעבען אונמעגליך. דיא צאהל פון אידען אין גאַנץ אייראָפּאַ איז דאַן וואַהרשיינליך געווען קלענער וויא דיא איצטיגע צאָהל אידען אין דער שטאָדט ניו־יאָרק. זיי זיינען געווען צו־וואָרפען אין לענדער, וועלכע זיינען געווען פיעל מעהר פרעמד איינע פון דיא אַנדערע וויא אין איצ־טיגע צייטען. דארום ווייס מען פון זיי כמעט ניט מעהר וויא דעם פאַקט, אַז זיי האבען דאָרט געלעבט.

דער גרויסער אידיישער מיטעלפּונקט איז נאָך דאַן געווען יענער טהייל פון דער וועלט, פון וועלכען זיי האָבען געשטאַמט—אזיען. ארץ ישראל איז אָבער ניט מעהר געווען אַ אידיישעס לאַנד און האָט גע־האט נור אַ גאַנץ קליינע אונבעדייטענדע אידיישע בעפעלקערונג זייט דער ביצאַנטיישער (גריכיש־רוימיישער) קייזער הערַאקליוס האט אין יאָהר 628 פון דאָרטען צום לעצטען מאָל פערטריעבען דיא אידען צוזאַמען מיט זייערע פריינד און בעשיצער: דיא פּערזיער. דער פּלאַן וואו אידען זיינען געווען אַם מייסטען אין צאהל און וואו זיי האָבען ערורייכט דיא העכסטע גייסטיגע און מאַטעריעלע שטופּע פון יענער צייט איז געווען בבל. אידען האָבען זיך דאָרטען געפונען אין גרויסע מאַסען זייט דעם ערשטען גלות דורך נבוכדנצר (586 יאָהר פאַר דיא

זיצטיגע צייטרעכנונג). ווען דאס אראבישע פאלק האט זיך אויפגע־וועקט צו א נייעם לעבען אונטער מחמד און זיינע נאכפאלגער און ווען דיא הערשאפט פון איסלאם האט זיך פערשפרייט איבערן פאר־דערסטען טהייל פון אזיען, איבער נארד אפריקא און איבער דיא שפאנישע האלב־אינזעל אין אייראפא, איז בבל געווארען א מיטעל פונקט פון מאכט און פון אויפקלערונג. דיא גרויסע אידישע בעפעל־קערונג, וועלכע האט מיט דיא נייע הערשאפט זיך צימליך גוט פער־טראגען, האט אנגענומען אראביש אלס איהר מוטערשפראך און האט זיך ביסלאך־ווייז אנגעפאנגען צו בעטהייליגען אין דיא פאליטישע און גייסטיגע בעוועגונגען פון דיא אראבער. ווען דער גרויסער קאליף הרון־אל־רשיד (געשטארבען אין 809) האט געמאכט דיא שטאדט בגדד (דיא שטאדט בבל פון תלמוד) זיין הויפשטאדט, פאר דיא שענסטע און וויכטיגסטע שטאדט פון דיא דעמאלטיגע ציוויליזירטע וועלט, איז עס געוועזן נאטירליך אז דיא דארטיגע אידען זאלען דער־פון אויך פראפיטירען.

עס האט ביי דיא אידען פון בבל זיך נאך געהאט אנגעהאל־טען א לעצטער צייכען פון אונאבהענגיגקייט אדער זעלבסט־רעגיערונג; דאס איז געוועזן דאס אמט פון ר י ש ג ל ו ת א (עקסילארק), וועל־כער איז אנערקענט געווארן פון דער רעגיערונג אלס דער אידישער פירסט און וועלכער האט געהאט דיא הויפט דעה איבער אידען אין אלע זייערע אינערליכע אנגעלעגענהייטען. דאס אמט איז אימער געהאלטען געווארען אין דיא זעלבע פאמיליע, וועלכע האט אפגע־שטאמט פון דינאסטיע פון דוד המלך, אבער דיא ארדנונג פון ירשה איז ניט געוועזן פעסטגעזעצט און דיא אידישע בעפעלקערונג אונטער דיא פיהרערשאפט פון דיא גאונים, אדער דיא פארשטעהער פון דיא צוויי גרויסע ישיבות פון סורא און פומבדיתא, האבען אפט בעשטימט וועלכער מיטגליעד פון יענער דינאסטיע זאל ווערן א רייש גלותא. פון זיין זייט האט דער רייש גלותא געהאט צו זאגען, ווער עס זאל ווערען א גאון אין דיעזע ישיבות, און דיעזעביידע עמטער, דאס הייסט דאס אמט פון גאון, אין וועלכען עס איז געלעגען דיא קירכליכע אדער גייסטליכע מאכט, און דאס אמט פון רייש גלותא

אין וועלכען עס איז געלעגען דיא וועלטליכע אָדער פּאָליטיישע מאכט, האָבען זיך ביז א געוויסען גראַד קאָנטראָלירט איינעם דעם אנדערען.

עס איז געוועזען אונפערמיידליך, אז דאָס וואס עס פּאסירט איבעראל אונטער אזעלכע אומשטענדע זאָל דאָ אויך פּאָרקומען, נעמליך א צוזאממענשטטויס צווישען דיא וועלטליכע און דיא גייסטליכע מאכט. אזא קולטור־קאמפּף ביי אידען אין בבל האָט נאטירליך נעקענט זיין נור א בעשריינקטער, ווייל דער רייש גלותא איז נאָך אלעמען געוועזען אן אונטערטהאַן פון קאליף אָדער אמת׳ען הערשער פון לאנד. דיא גייסטליכע מאַכט פון יודענטהום איז אויך קיין מאָל ניט געוועזען שטארק אָרגאניזירט, און דיא גאונים, אָבגלייך מען האָט זיי רעספּעקטירט און געפאָלגט זייערע ענטשיידונגען אין דינים, האַ־בען ניט געהאַט אזא אבסאָלוטע מאַכט אפילו אין רעליגיעזע אנ־געלעגענהייטען, וויא, צום ביישפּיעל, דער פּאַבּסט האָט שפּעטער געקראָגען אין דער קאטהאָלישער קירכע.

דיא אויטהאָריטעט פון תלמוד איז נאָך ניט געוועזען אזוי אנער־קענט ביי אידען אין יענע צייטען, וויא זיא איז עס געוואָרען שפּעטער. מען האָט דעם תלמוד אַם מייסטען געלערנט אויסוועניג אין ישיבות, און וואָס ווייטער פון דעם מיטעלפּונקט, זיינען אלץ דיא צאהל פון תלמידי חכמים געוועזען קלענער. עס איז אמת, אַז אין דיא לעצטע צוויי הונדערט יאָהר פאַר דער צייט וועגען וועלכע מיר שרייבען דאָ, האָט זיך דיא הערשאַפט פון תלמוד פערשפּרייט אונ־טער דיא אידען אומעדום, וואו דיא הערשאַפט פון איסלאַם אָדער תורה פון מחמד האָט זיך פערשפּרייט, אָבער אין בבל גופא איז דער תלמוד גראַדע אָפּגעשוואכט געוואָרן. דיא אַראבּיישע אידען, וועלכע זיינען געשטיגען אין צאהל און איינפלוס זייט דיא אַראבער זיינען געוואָרען דיא הערשער, זיינען געוועזען גאַנץ קנאַפּע אידען און זיינען מעהר בעאיינפלוסט געוואָרן פון אַראבּיישע קולטור און פון דיא מחמד׳אנישע בעוועגונגען וויא פון יודענטהום.

עס איז דערפאַר געוועזען נאַטירליך, אַז דיא בעוועגונג פון דיא נייע אַראבּיישע סעקטע, וועלכע האָט זיך ערקלערט נעגען דיא „סוננאה“ אָדער מחמד׳אנישע תורה שבעל פה, זאָל געפינען אן אָפּקלאַנג אונ־

טער אידען, און דאס עס זאָלען זיך געפינען אידען, וועלכע האָבען בעהויפּטעט, אַז מען דאַרף זיך נור האַלטען אַן דעם וואָרט אָדער ריינעם פּשט פון דער תורה, פּונקט וויא דיא נייע אראַבישע סעקטע האָט זיך געהאַלטען אָן דעם בוכשטאַב פון קאָראַן. אזוי האָבען דיא אידישע פיהרער פון דיא סעקטען אָדער פּאַלשע משיחים ישריני (אונגעפעהר אין יאָהר 720) אין אבו איסא פון איספּאַהאַן אין פּערזיען (אונגעפעהר אין 749) זיך אָפּען ערקלערט גענגען דעם תּלמוד און גענגען דיא גאַנצע תּורה שבעל פּה וויא מען האָט איהר געלערנט אין דיא ישיבות פון בבל. דיא אמת'ע שפּאַלטונג איז געקומען עטוואָס שפּעטער, אונגעפעהר אין 760, ווען ענן בן דוד, פון דיא פאַמיליע פון ריש גלותא, האָט צוזאַמענגענומען אַלע גענגער פון תלמוד און און פון דיא ישיבות און האָט געגרינדעט דיא סעקטע, פון וועלכע עס זיינען שפּעטער אַרויס דיא בני מקרא אָדער קראים, וועלכע עקזיסטירט נאָך ביז היינטיגען טאָג.

דער קאַמפּף צווישען דיא רבנים און דיא קראים, וויא מען האָט ביידע זייט דאַן אָנגערופען, איז געווען אַ רעליגיעזער פון ביידע זייטען. דיא גאונים פון סורא און פּומבדיתא, וועלכע זיינען דאַמאַלס געווען בּרידער, האָבען ניט צוגעלאָזען, אַז ענן זאָל ווערען ריש גלותא אויף דעם פּלאַץ פון זיין פעטער שלמה און האָבען אויסגעפיהרט, אַז ענן'ס אינגערער ברודער חנניא האָט געקראָגען דעם אַמט. ענן איז דערפאַר ארויס גענען דיא ישיבות און גענען תלמוד, און האָט אזוי וויא דיא „שיאיטען" אָדער גענגער פון דיא מחמד'אַנישע „סוננאה" געפּרעדיגט, אַז דער עיקר איז דער תּנ"ך אליין. זיין בעוועגונג, וועלכע האָט אין אָנפאַנג געפונען זעהר פיעלע אַנהענגער און האָט זיך שטאַרק פערשפּרייט אונטער זיינע נאַכפאָלגער, האָט געבראַכט אין דער מאָדע צו שטודירען דיא שפּראַך און דיא גראַמאַטיק פון תּנ"ך, און דער אמת'ער אָנפאַנג פון דקדוק און מסורה שטאַמט פון יענע צייטען. אין דיא ערשטע 150 אָדער 200 יאהר נאָך איהר גרינדונג, דאס הייסט ביז דער צייט, ווען רב סעדיה גאון איז ערשיענען, איז דיא סעקטע פון קראים געוואָרן גרויס און מעכטיג, מיט אַ ליטעראַטור, וועלכע האָט געהאַט דיא קראַפט און דיא

ענערגיע פון א יונגע בעוועגונג. דיא רבנים אָדער דיא אנהענגער פון אלטען תלמודיישען יודענטהום האָבען זיך געהאַלטען אָן דיא טראַדיציאָנען פון דיא ישיבות; דיא גאונים אלס זייערע פערטרעטער האָבען ניט געוואָלט אָדער ניט געקענט זיך אריינלאָזען אין א ליטעראַרישען קאמפף מיט דיא קראים. דערצו איז דער קאמפף צווישען דיא גאונים און דיא ראשי גלותא געוואָרן וואָס וויטער שטארקער ביז עס איז געקומען צו אן עפענטליכען אויסברוך.



## צווייטער קאַפּיטעל.

# דער קאַמפּף מיט דיא ראשי גלותא פאַר רב סעדיה גאון.

וואָס מעהר דיא הערשאַפט פון דיא קאַליפען איז בעפעסטיגט געוואָרען אַלץ פאַנאַטישער זיינען זיי געוואָרען אין רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען און אַלץ טיראַנישער אין פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען. עס איז נאַטירליך, אַז אונטער אַזעלכע אומשטענדע זאָלען דיא אונאַבהענגיגקייט פון דיא אידען און דיא וויכטיגקייט פון דעם אַמט פון דעם רייש גלותא אימער מעהר אָבגעשוואַכט ווערען. ביטערע שטרייטיגקייטען וועגען אינערליכע אַנגעלעגענהייטען, וועלכע זיינען אימער אַ סימן פון שוואַכקייט, האבען זיך אָנגעפאַנגען צו בעוויזען אין לאַגער פון דיא רבנישע אידען, און דאס האָט זייער לאַגע נאָך ערגער געמאַכט. אזוי פריה וויא אונטער דער רעגיערונג פון קאַליף אַל־מאַגין וועלכער האָט געהערשט אין דיא יאָהרען 813—33 איז ווידער פאָרגעקומען אַ מחלוקה וועגען דיא ערנענונג פון אַ רייש גלותא. דיעזער קאַליף, וועלכער איז געווען אַ ליבעראַלער מענש און איז אויך אָפט בעלעסטיגט געוואָרען מיט עהנליכע מחלוקות צווישען זיינע קריסטליכע אונטערטהאַנען, איז געווען גענייגט צו לאָזען דיא ניט־מוחמדנער אין זיינע פּראָווינצען האַנדלען וויא זיי ווילען. ער האָט אַרויסגעגעבען אַן ענטשיידונג, אַז יעדערע צעהן אידען מעגען זיך ערוועהלען אַ ריש גלותא און יעדערע צעהן קריסטען אַן ערצבישאָף. דאָס האָט

דיא אידישע בעלי מחלוקה א ביסעל אויסגעניכטערט און מען האָט זיך צום סוף געאייניגט אויף אן איינציגען קאַנדידאַט פאַר רייש גלותא; דאָך האָט דער נייער אידעשער פירסט ניט געקענט מעהר האָבען דיא מאַכט און דעם איינפלוס וויא זיינע פאָרגעננער.

אָבער מיט הונדערט יאָהר שפּעטער האבען דיא קאַליפען און זייערע וויזירען שוין מעהר געוואוסט דיא טיראַנישע מנהגים צו זיך לאָזען בעאיינפלוסען פון מתנות, פון חניפות און אַנדערע עהנליכע מיטלען. דער גאון פון דיא איינערע ישיבה פון פומבדיתא מר כהן צדק. וועלכער האָט בעקליידעט דאָס אמט פון יאָהר 917 ביז 936, האָט געהאט זיינע פריינדע אין בגדד און האָט דורך זייער מאַכט געזוכט צו מאַ־כען זיין ישיבה וויכטיגער וויא דיא עלטערע ישיבה פון סורא, וועלכע איז שטענדיג געוועזען דיא הויפּטשטיצע פון רייש גלותא. ווען עס איז ארויס א קריעג צווישען מר כהן צדק גאון און עוקבא, דעם דאמאַ־ליגען רייש גלותא, האבען דעם ערשטען׳ס פריינד אויסגעפיהרט ביי דעם דאמאליגען קאַליף אַל־מוכת־אַדיר, אדער ריכטיגער געזאָגט ביי זיין וויזיר איבן פוראַט, אַז עוקבא איז פערטריעבען געוואָרען פון בגדד אין דאס אמט פון רייש גלותא איז פאר א קורצע צייט געבליעבען ניט בעזעצט.

עוקבא איז געוועזען א מאַן מיט אראַבישע בילדונג אין האָט גע־שריעבען שיינע ליעדער אין דיעזער שפּראַך. דיא אַראַבער האָבען געשעצט פאָעזיע זעהר הויך, און א גוטע פאָעמע האָט אָפט איינעם גליקליך געמאַכט דאמאלס, אזוי וויא א וויכטיגע ערפינדונג אָדער א גרוי־סעס ווערק מאַכען איינעם גרויס אין איצטיגע צייטען. ווען דער קאַליף אַל־מוכת־אדיר איז אַמאָל געקומען אין דער שטאָדט קערגאַנישאה, וואו עוקבא איז פערשיקט געוואָרן, האָט איהם דער געוועזענער רייש גלותא צוגעשיקט אַזעלכע שיינע לויב־ליעדער, אַז דער קאַליף האָט איהם ענדליך צוריק געמאַכט פאַר רייש גלותא. אבער דיא גנאַדע פון א טיראַן קען ניט האָבען א ווערטה פאר א לאַנגע צייט. מר כהן צדק׳ס פאַרטי האָט אין קורצען ווידער געוואונען דיא אויבער־האנד, און דער רייש גלותא איז דיעזעס מאָל פערטריעבען געוואָרן אויף אימער. עוקבא איז אוועק נאָך קיירואן אין נאָרד אפריקא,

וואו דיא אידען האבען איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד, און דער גאון פון פומבדיתא האָט געזוכט אויסצופיהרען, אז עס זאָל איבער־הויפט קיין אנדער ריש גלותא אויף זיין פלאין ניט נאָמינירט ווערען.

דיא אידישע בעפעלקערונג איז אָבער נאָך געווען טריי צו דיא פאמיליע פון מלכות בית דוד און האָט געוואָלט האָבען א פירסט, וואָס האָט אין זיך פערקערפערט דעם לעצטען סימן פון אידישע אונאבהענגיגקייט. דער גאון פון דיא עלטערע ישיבה פון סורא, רב יעקב בר׳ נטרונאי, וועלכער האָט פריהער ניט געוואגט זיך צו שטע־לען נעגען דעם שטארקען און פעהיגען מר כהן צדק האָט דורך דיא פאָרדערונג פון דיא עפענטליכע מיינונג געפאסט מוטה און האָט אויסגעקליעבען דוד בן זכאי, א קרוב פון עוקבא, פאר רייש גלותא. דער נייער פירסט איז אויך געווען רייך און פעהיג, און דער קאמפף צווישען אזעלכע צוויי פעסטע כאראקטערע וויא ער און מר כהן צדק איז געפיהרט געוואָרען מיט גרויס ביטערקייט עטליכע יאָהר נאָך אנאנד.

פריהער האָט מר כהן צדק ניט אנערקענט דוד בן זכאי, אבער דער לעצטער האָט זיך דאָך בעהויפטעט און ווען ער האָט זיך גע־פיהלט גענוג בעפעסטיגט אין זיין שטעלונג, האָט ער אראָפּגעזעצט דעם גאון פון פומבדיתא און געמאכט אויף זיין פלאין אן אנדער גאון מיט דעם נאָמען רב מבשר. אזוי האָט מען זיך ארומגעריסען איינינע יאָהר ביז אן עהרווירדיגער אלטער מאן, דער בלינדער ניסי נהרוני, האָט געמאכט שלום צווישען ביידע צדדים. מר כהן צדק איז צוריק געוואָרען גאון פון פומבדיתא און ער האָט דערביי אנערקענט דוד בן זכאי אלס רייש גלותא. דער שלום צווישען דיא ישיבה און דעם פירסט, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען אין יאָהר 921 האָט אנגעהאל־טען אונגעפעהר זיעבען יאָהר, ביז דער צייט וואָס א נייער גאון האָט געדארפט אויסגעקליעבען ווערען פאר דיא ישיבה פון סורא.

דוד בן זכאי האָט געוואָלט פערשטארקען זיין אייגענע מאכט און אָפּשוואכען דעם איינפלוס פון כהן צדק דורך דעם, וואָס ער וועט מאכען א בעריהמטען מאן צום גאון פון דיא עלטערע, אבער פער־נאכלעסיגטע ישיבה. ער האָט אויך געגלויבט דאָס א פרעמדער מאן

פון אַ ווייטעס לאַנד, אָהן רייכע פריינד און אָהן אנהענגער, ווערט
זיך בעסער לאָזען געברויכען אלס אַ ווערקצייג אין זיינע הענד. ער
האָט דאַרום גטמאַבט דיא ערשטע אויסנאַהמע זייט דיא ישיבות האָ־
בען עקזיסטירט אויסצוקלייבען אַ ראש ישיבה פון דער פרעמד, איינעם
וועלכער האָט אַליין ניט געלערנט אין דיא ישיבות און וועלכער האָבּ
זיי וואַהרשיינליך פריהער אַפילו ניט אנגעזעהן. דיעזער פרעמדער
געלעהרטער ווען דוד בן זכאי האָט אַראָבגעבראַכט און געמאַכט
צום גאון פון סורא איז געוועזן דער ערשטער גייסטיגער ריעז אין דיא
נאָך תלמודישע אידישע ליטעראַטור, רב סעדיה בן יוסף
אל־פאַיומי פון עגיפּטען.



## דריטער קאפּיטעל.

# רב סעדיה גאון.

ווער רב סעדיה גאון איז געוועזען, פון וואנען ער האָט געשטאַמט און וויא ער האָט פערבראכט זיין יוגענד אָדער זיינע שפּעטערע יאָהרען ביז ער איז געקומען נאָך בבל איבערצונעהמען דעם הויכען אַמט אַלס גאון פון סורא, בלייבט אונז צום גרעסטען טהייל אונבעקאַנט. מען האָט אין יענע צייטען פיעל ווענינער געשריעבען וויא איצטער, און אַ גרויסער טהייל פון דעם וואָס מען האָט געשריעבען איז פערלאָרען געגאַנגען. מען וויים דאָס ער איז געבאָרען אין יאהר 892 און איז דארום אַלט געוועזען 36 יאָהר ווען ער איז געקומען נאָך בבל. פון זיין ביי־נאַמען אל־פאיומי רעכענט מען, אַז ער האָט געשטאַמט פון פאַיום, דיא אמאָליגע שטאדט פּיתום אין מצרים, אבּגלייך שפּעטער האָט מען איהם פאָרגעוואָרפען, אַז ער איז גאַר געוועזען פון אַ קליינעם פלאַין מיט דעם נאַמען דלאַין אין דיא אומגעגענד פון פאיום. דיא זעלבע געגנער, וועלכער האבען איהם אַפילו ניט פערגונען דעם יחוס וואס ער איז געבארען געוואָרען אין אַ וויכטיגע שטאָדט, האָבען אויך אויף איהם געזאָגט, אַז ער שטאַמט גאָר ניט פון אידען און דאָס זיין פאָטער איז געוועזען אַ גר. *) ער אַליין

*) דיעזע בעשולדיגונג און דער חרם געגען איהם געפינען זיך אין פינפטען טהייל פון דר. הארקאַווי׳ס „זכרון לראשונים“, וועלכער טראגט דער טיטעל „זכרון הגאון רב סעדיה אלפיומי וספריו“. סט. פעטערסבורג 1891.

האָט אויף דעם גענענפערט אז ער שטאמט פון שלה בן יהודה, און עס איז טעגליך אז עס האָט געהערשט אזא טראדיציאָן אין זיין פאמיליע.

עבענזאָ װעניג װייס מען פון זיין ערציהונג, בעזאָנדערס װאו ער האָט זיך ערװאָרבען דיא גרויסע תלמודישע קענטניסע אזוי װייט פון דיא איינציגע מיטעל פּונקטען פון תּלמוד־שטודיום אין בבל. מען גלויבט אז א געװיסע ערשינונג אין איין אלטעס װערק בעװייזט, דאָס א געלעהרטער מיט דעם נאָמען דוד הבבלי אלמקמץ איז געװעזן זיין לעהרער, אָבער עס איז ניט קלאָר בעשטימט, אין װעלכע צייט דיעזער דוד האָט געלעבט, און עס איז פון דעם פּלאַן װאו זיי װע־רען ביידע דערמאָנט שװער צו פערשטעהן, אויב ער איז געװעזן זיין לעהרער אָדער זיין שילער. מען װייס אויך אז רב סעדיה האָט קאָ־רעספּאָנדירט מיט דעם בעריהמטען דאָקטאָר און פילאָזאָף יצחק הישראלי פון קיירואן אין אפריקא, װעלכער איז געװעזן מיט 43 יאָהר עלטער פאר איהם און האָט איהם איבערגעלעבט. אבער, אבגליך מיר װייסען ניט װאו און װיא ער האָט געלערנט, איז עס זיכער אַז ער איז געװעזן אנערקענט אלס א גרויסער געלעהרטער אונטער אידען און אונטער ניט־אידען. זיין גרויסקייט אלס אידישער געלעהר־טער איז אלגעמיין בעװאוסט. דר. שלמה מונק פון פּאריז, דער נאָכ־פאָלגער פון ערנעסט רענאן אלס פּראָפעסאָר אין קאָלעזש דע פּראנס, װעלכער איז געװעזן א זעלטענער בקי אין אראבישע ליטעראטור, האָט געפונען דאס א גרויסער אראבישער געלעהטער און היסטאָריקער מיט דעם נאָמען מאסודי, װעלכער האָט געלעבט פון 885 ביז 956 דאס הייסט טאקי אין יענער צייט, דערמאָנט רב סעדיה'ן אין זיינע װערקע און לויבט איהם זעהר שטארק. *)

רב סעדיה איז געװעזן דער ערשטער רבני'שער געלעהרטער פון װעמען מען װייס, אז ער האָט גרינדליך שטודירט דיא גאנצע קראישע ליטעראַ־

---

*) זעה מונק'ס Notice sur Saadiah אין נייטען באנד פון ס. קאהען'ס פראנצעזישע אויסגאבע פון תנ"ך, פּאריז 1838, זייטע 78,ביידע, רב סעדיה און מאסודי װערען בעהאנדעלט אין שפּעציעלע ארטיקלען אין אלע װיכטיגע ענציקלאָפּעדיעס, װיא צום ביישפּיעל אין דיא „ענציקלאָפּעדיא בריטאַניקאַ".

טור און האָט זיי אַנגעפאַנגען צו בעקעמפּפען אויפ׳ן ליטעראַרישען פעלד. זיין אַראַבּישעס ווערק נעגען ענן, דעם גרינדער פון דיא קראים, איז פון איהם געשריעבען געוואָרען, ווען ער איז אַלט געווען 23 יאָהר, דאָס הייסט אַ לאַנגע צייט איידער ער איז געקומען נאָך בבל. דאָס ווערק אַליין איז מיט דער צייט פערלאָרען געגאַנגען, אָבער עס איז קיין צווייפעל ניט אַז זיא האָט געמאַכט אַ גרויסען איינדרוק און דאָס אידען האָבען זיך געפרעהט אַז עס איז ענדליך אויפגעשטאַנען אַ מאַן, וועלכער קען בעשטעהן געגען דיא קראים׳שע שרייבער.

מיר קענען דיעזע ווירקונג אַם בעסטען זעהן אין דיא שריפטען פון דיא קראים אַליין. סהל בן מצליח, סלמון בן ירוחם (אויף וועמען אַנדערע זאָגען, אַז ער איז אויך געווען איינער פון רב סעדיה׳ס לעהרער) און אַנדערער בעריהמטע קראים פון יענעם דור און פון דיא דורות גלייך נאַכדעם, בעשעפטיגען זיך אזוי שטאַרק מיט דער פערזאָן און מיט דיא טענות פון רב סעדיה, דאָס מען זעהט אַז זיי פיהלען זיין געוויכט און דאָס זיי פערשטעהען, אַז אויב זיי קענען ניט אָפּלייקענען אָדער מבטל זיין וואָס ער זאָגט, בלייבען זיי דיא שוואַכערע זייט. עס פערשטעהט זיך, דאָס מען איז דאַמאַ־ס ניט געווען וועניגער פערזענליך אין אַזעלכע שטרייטיגקייטען וויא מען איז איצטער, און דאָס דיא פערזאָן פון רב סעדיה ווערט פון יענע שרייבער ניט פערשוינט. ער ווערט בעשולדיגט און בעליידיגט אויף פערשיעדענע אַרטען. דאָך האַבען דיא דיינקענדע קראים, מינדעסטענס דער אויבענדערמאָנטער סהל בן מצליח, צוגעגעבען אַז זיי געפעהט בעסער דיא שריפטליכע בעקעמפּפונג פון רב סעדיה וויא דיא מסירות און דיא פערפאָלגונגען פון דיא רבנישע אידען ביז זיין צייט.*) מען מעג פאַרבייגעהענדיג בעמערקען, אַז דיא פערפאָלגונגען האבען אויף דיא קראים

*) „דיעזער וועג (רב סעדיה׳ס צו פיהרען וכוחים) — שרייבט סהל — איז בעסער וויא דיא ערשטע פלעגען פריהער טהאָן מיט אונז. ווען זיי פלעגען קומען צו דיא בעאמטע מסר׳ן און אַרויפצולייגען שטראָף פון גאָלד און זילבער און לייגען אין חרם און שילטען מיט האַס און פיינדשאַפט.—סהל בן מצליח אין זיין ווערק תוכחת מגולה, וועלכעס איז איבערגעדרוקט אין שמחה פינסקער׳ס, ״לקוטי קדמוניות״ וויען 1860, זייטע 33.

געהאט דיא זעלבע ווירקונג, וואס זיי האבען אימער אויף רעליגיעזע סעקטען, דאס הייסט זיי האבען געהאלפען צו פערשטארקען און פערגרעסערן דיא צאהל פון זייערע אנהענגער. אבער פון דיא צייטען פון רב סעדיה האבען דיא קראים אנגעפאנגען צו ווערען שוואכער און זיינען צום סוף געזונקען אזוי טיעף און זיך אזוי דערווייטערט פון כלל ישראל, אז דער קליינער הייפעלע פון זיי, וואס עקזיסטירט נאך היינטע, ווערט כמעט גאר מעהר ניט אנערקענט אלס אידען. עס איז קיין צווייפעל, אז דער גרויסער גייסט פון רב סעדיה האט געהאלפען אריבער ציהען דאס געוויכט אויף דיא זייטע פון רבנישען יודענטהום אין דער צייט, ווען ביידע טיילען זיינען געווען נעהענטער איינער צום אנדערען אין צאהל און איינפלוס וויא זיי זיינען געווארען שפעטער.

מיר וויסען פון רב סעדיה'ס פערזענליכקייט נור פון דער צייט, ווען ער איז געקומען נאך בבל, דאס הייסט ווען זיין גרויסקייט איז שוין געווען אזוי אנערקענט, אז ער איז ערוועהלט געווארען פאר דעם גייסטיגען פארשטעהער פון דיא אידען פון זיין צייט. מען דערצעהלט, אז דער בלינדער אלטער מאן וועלכער האט פריהער שלום געמאכט צווישען כהן צדק און דוד בן זכאי, האט שפעטער געראטהען דעם לעצטען ער זאל ניט מאכען רב סעדיה צום גאון פון סורא. נסי נהרוני האט וואהרשיינליך געהערט פון רב סעדיה'ס כאראקטער און האט געווארנט דעם ריש גלותא, אז דער פרעמדער עגיפטישער געלעהרטער וועט זיך ניט לאזען בייגען און וועט זיין נאך א געפעהרליכערער געגנער אין פאל פון א קאמפף, וויא דער גאון פון פומבדיתא. דוד בן זכאי האט אבער אום יעדען פרייז געוואלט ערניעדריגען זיין אלטען געגנער, און מיט דער זיכערהייט, וואס נע'ירשנטע מאכט גיט אפט צו דיא, וועלכע בעזיצען עס, האט ער זיך ניט געקימערט וועגען וואס עס וועט זיין שפעטער, אזוי לאנג וויא דאס העלפט איהם אויסצופיהרען זיינע איצטיגע פלענער.

רב סעדיה איז געקומען, און זיין גרויסקייט האט געמאכט דעם איינדרוק וואס דוד בן זכאי האט געהאפט. דער נייער גאון איז געווען דער פעהיגסטער און גרעסטער פון אלע גאונים פאר איהם און נאך איהם און ער האט מיט זיינע פערשיעדענארטיגע גייסטיגע בעגאבונ־

נען און מיט זיינע אומפּאַסענדע קענטניסע באַלד פערדונקעלט דיא זאינגערע ישיבה. מר כהן צדק און פומבדיתא זיינען כמעט און גאַנצען פערגעסען געוואָרען, און סורא האָט אויפגעבליהט און איז צוריק געוואָרען דער גרויסער מיטעלפּונקט פון תלמודיישען יודענטהום. דער זיעג פון רייש גלותא איז געווען פאָלשטענדיג, אָבער ניט אויף א לאַנגע צייט. דעם בלינדען מאַנ׳ס מיינונג וועגען דעם מוטה און דיא דרייסטיגקייט פון נייעם גאון איז געווען ריכטיג. רב סעדיה, אזוי וויא יעדער פּיאָניער וועלכער ברעכט דורך א נייעם וועג אויף א געוויסען פעלד פון טהעטיגקייט, האט ניט געוואוסט פון מורא און איז געווען בערייט זיך צו שטעלען אין דיא גרעסטע סכנות פאר דאָס, וואָס ער האָט געגלויבט צו זיין רעכט. עס איז דארום געווען כמעט אונפער־מיידליך, דאָס אזא מאַן וויא ער זאָל קענען לאַנג שטימען מיט א הערשזיכטיגען און אייפערזיכטיגען מאַן, וויא דער רייש גלותא. א נייער ביטערער קאַמפף צווישען דיא גייסטיגע און וועלטליכע מאַכט אין יודענטהום האָט לאַנג ניט געקענט אויסבלייבען און ער האָט אָנגע־פאַנגען אזוי שנעל וויא עס האָט זיך דערצו געמאַכט דיא ערשטע גינסטיגע געלעגענהייט.

---

## פיערטער קאפיטעל.

# לעצטער קאַמפּף צווישען גאון און ריש גלותא.

דיא מחלוקה איז ארויסגעקומען אין פינפטען יאָהר נאָך רב סעדיה׳ס אָנקומען אין בבל. עס האָט זיך געהאַנדעלט װעגען אַן אָפּמאַך איבער אַ ירושה. דער פּסק דין האָט געדאַרפט זיין אונטער־צייכענט פון רייש גלותא און פון גאון. דוד בן זכאי האָט אָבגענגע־בען זיין ענטשיידונג און האָט אריבערגעשיקט דעם דאָקומענט צו רב סעדיה, ער זאָל איהם בעשטעטיגען. רב סעדיה האָט געגלויבט, אַז דער רייש גלותא האָט ענטשיעדען ניט ריכטיג און האָט ניט געוואָלט אונטערשרייבען. רוד בן זכאי האט איהם געוואָלט דערצו צווינגען און מען האָט דערצעהלט, אַז דער זוהן אָדער פערטרעטער פון רייש גלותא האט זאָגאר געוואַגט אויפצוהויבען אַ האַנד אויף דעם בעריהמטען גאון און איז פאַר זיין חוצפּה שווער פערלעצט געוואָרען פון רב סעדיה׳ס תּלמידים, וועלכע זיינען געווען דערביי. דאס איז גע־וועז דער פונק, פון וועלכען דאס פייער פון קריעג האָט זיך אָנגע־צונדען, און דיא געוועהנליכע וואַפען פון מסירות, חרם און פערפאָל־גונגען זיינען אָנגעווענדעט געוואָרען פוןביידע זייטען. דוד בן זכאי, דער היימייטער פירסט איז נאַטירליך געווען דער שטאַרקערער אין אַזאַ פאַל, און דער אויסלענדייטער געלעהרטער האָט זיך געמוזט צוריס־ציהען. ער האָט פערבראַכט פיער יאָהר ווייט פון דער ישיבה, וואהר־שיינליך אין בגדד. עס איז שווער צו זאָגען בעשטימט, אויב ער אי־

טאקי געווען אין לעבענסגעפאהר און האָט זיך געמוזט בעהאלטען, מען זאָל ניט וויסען וואו ער איז, אָדער ער האָט איינפאך זיך ניט געקענט האלטען אן דער שפּיצע פון דער ישיבה אין האָט דארום געלעבט אין צוריקגעצויגענהייט, דאס הייסט אלס פּריוואט מאן. יעדענפאלס זיינען דיעזע פיער יאהר געווען דיא פּרוכטבארסטע פון רב סעדיה׳ס לעבען, און שפּעטערע דורות האָבען גענאָסען פון זיינע געצוואונגענע צוריקגעצויגענהייט, ווייל אין דיעזע פיער יאהר האט ער פערפאסט דיא מייסטע פון זיינע ווערקע, דורך וועלכע ער איז גע־בליעבען בעריהמט ביז היינטיגען טאָג.

אָבער אָבגלייך רב סעדיה איז געווען א פרעמדער, האָבען איהם אויך ניט געפעהלט קיין פריינדע און פערטהיידיגער. ער איז אויך ניט געווען דער מאן זיך צו לאָזען לייכט אַרונטערוואַרפען. ער האָט דיא ערשטע זאך ערקלערט דוד בן זכאי אלס אויס רייש גלותא און האָט אויף זיין פּלאַץ נאָמינירט א געוויסען יאשיה האססאן. ביידע זייטען האָבען אפּעלירט צום קאַליף אל־מוכת-אדיר, וועלכער האָט געוואָלט אויסהערען ביידע זייטען. אין אָנפאנג איז עס גאָר ניט געווען אזוי זיכער, דאס דוד בן זכאי וועט בעזיעגען דעם גאון. נור ווען דיעזער קאַליף איז ערמאָרדעט געוואָרן (אָקטאָבער 932) און דער אָרעמער קאהיר האט גע׳יריש׳נט זיין טראָהן, האָבען דיא פריינד פון אלטען רייש גלותא געקראָגען דיא אויבערהאנד. אין דיא זעלבע צייט וואס רב סעדיה האָט געמוזט פערלאָזען דיא ישיבה, איז דער רייש גלותא האססאן פערטריעבען געוואָרן פון זיין אמט און איז שפּעטער געשטאָרבען אין כאראססאן.

אין פערלויף פון פיער יאהר האָט זיך אָבער אלעס געענדערט. אויף דעם פּלאַץ פון גרויזאמען און געלדגייציגען קאהיר איז ארויף אויף דעם טהראָן פון דיא קאַליפען א גערעכטער מאן מיט דעם נאמען אבראַדהי, און זיין גרויס־וויזיר עלי אבן־איסא האָט זיך געוויע־זען גענייגט צו רב סעדיה׳ס זייט. דיא אידישע בעפעלקערונג אליין האט זיך אויך וואס וויטער אלין מעהר געשטעלט אויף דער זייט פון דעם גאון. עס האט דארום נור געפעהלט א געלעגענהייט ארויס־צוברייננגען איין אלגעמיינע פאָדערונג, אז רב סעדיה זאָל צוריק קריעגען

זיין שטעללע. דיא געלעגענהייט איז באלד געקומען, ווען צוויי אידען, וועלכע האבען געהאט א שטרייטיגקייט, האבען אויסגעקליעבען אלס בוררים אדער אפמאכער איינער דוד בן זכאי און א צווייטער — רב סעדיה. דער רייש גלותא איז איבער דעם אזוי בייז געווארן, דאס ער האט אנגעשטעלט דורך זיינע לייטע צו מאכען א פערזענליכען אנגריף אויף דעם מאן, וועלכער האט געוואגט אויסצוקלייבען דעם גאון.

דיא אויפרעגונג איז געווארן זעהר גרויס, און איינפלוסרייכע מיטגליעדער פון דער אידישער געמיינדע האבען צוגעגעבען, אז דער קריעג איז אוועק א ביסעל צו ווייט. מען האט זיך אנגעפאנגען צו ליינען אויף א שלום און מען האט פריהער איבערגערעדט איינעם פון דיא הויפט אנהענגער פון דוד בן זכאי און דאן אויף איהם אליין צו שליעסען פריעדען. עס איז דאן געווען גאנץ לייכט צו געווינען דעם שוואבערען און קליגערען רב סעדיה פאר דעם פלאן פון אן אפמאך און דיא גרויסע מחלוקה איז געווארן געענדיגט.

דיא אידישע געמיינדע פון בגדד איז געווען מלא שמחה, ווען דיא נייעס פון שלום איז פערברייטעט געווארן. א טהייל האבען זיך אנגעשלאסען אן דעם גאון און א טהייל אן דעם רייש גלותא, ווען דיא צוויי ביטערע געגנער זיינען ארויס איינער געגען אנדערן זיך צו בעגעגנען אלס פריינד. ווען זיי זיינען זיך צוזאמענגעקומען, האבען זיי זיך אומארמט און געשלאסען א נייע און אייביגע פריינדשאפט. רב סעדיה האט פערבראכט איינינע טעג אלס גאסט אין הויז פון רייש גלותא און איז דאן צוריק געקומען אלס ראש ישיבה נאך סורא.*) עס איז געוויס, אז דער גאון האט זיך געוויסענהאפט גע־האלטען אן דיא נייע בעדינגונגען און איז געבליעבען טריי צום רייש גלותא און זיין פאמיליע אזוי לאנג וויא ער האט געלעבט. ווען דוד בן זכאי איז געשטארבען אין 940, איז זיין זוהן יהודה געווארן רייש

*) אזוי ווערט געוועהנליך אנגעגעבען אין דיא מייסטע געשיכטליכע ווערק איבער דיעזע פעריאדע און מיר האבען עס דארום דא אויך אנגענומען, אבגלייך עס איז דא א סברא, אז רב סעדיה האט ניט צוריק געקריעגען דעם אמט נאך דער שליסונג פון פריעדען.

גלותא דורך דיא אנשטרענגונג פון רב סעדיה. יהודה איז געשטארבען זיעבען מאנאט שפעטער און האט איבערגעלאזען א צוועלף־יאהריגען זאהן, וועמען רב סעדיה האט אדאפטירט און גענומען ערציהען ביז ער וועט קענען איבערנעהמען דאס אמט אלס פירסט פון גלות.

אבער דיא אומשטענדען פון דער צייט האבען געבראכט דערצו, אז דיא אידען האבען ניט מעהר געקענט האבען דעם נחת פון האבען איינעם, וואס זאל אפילו טראגען דעם פוסטען טיטעל פון פירסט. צום טהייל איז אין דעם שולדיג געוועזן דיא פערשטארקטע מאכט און דער פאנאטיזמוס פון דיא מחמדאנער, צום טהייל אויף דיא שלעכטע אויפפיהרונג פון דיא ראשי גלותא זעלבער, און דיא ארט און ווייזע וויא זיי האבען מיסברויכט זייער מאכט. דער מאן, וועלכער איז בעשטימט געווארען צו פערנעהמען דעם אמט פון רייש גלותא ביז דער אייניקעל פון דוד בן זכאי וועט אויפוואקסען, איז אומגעבראכט געווארן אויף א בעשולדיגונג, אז ער האט בעליידיגט דעם נאמען פון מחמד. דער לעצטער פרינץ פון דיא קעניגליכע פאמיליע פון דוד איז שפעטער ערמארדעט געווארן פון פאנאטישע מחמדאנער אין זיין קארעטע אויף א גאס אין בגדד, און דאס אמט פון רייש גלותא איז אונטערגעגאנגען. אבער רב סעדיה האט ניט דערלעבט צו זעהן דיעזען טרויעריגען סוף.

דיא פערפאלגונגען און אויפרעגונגען פון דער צייט פון מחלוקת האבען אונטערגראבען זיין געזונדהייט און איהם געמאכט מעלאנכאליש אדער מרה שחורה'דיג. דיא ישיבה פון סורא האט, וויא מען דיינקט, אונטער איהם צוריק געקראגען איהר אלטען גלאנץ, אבער ער אליין איז ניט מעהר געקומען צו זיך. רב סעדיה איז געשטארבען אין יאהר 942, ווען ער איז אלט געוועזן נור 50 יאהר, און דער בעריכט דאס ער איז געשטארבען פון מרה שחורה, בערעכטיגט צו גלויבען, אז ער איז וואהרשיינליך געוועזן קראנק א לייננערע צייט פאר זיין טויט. ער האט געלאזען א זוהן מיט דעם נאמען דוסא, וועלכער איז געוועזן א תלמודיסט און א וועלטליכער געלעהרטער, אבער אויס אורזאכען, וועלכע זיינען אונז ניט בעקאנט, איז ער ניט געווארן דער נאכפאלגער פון זיין גרויסען פאטער. דיא ישיבה פון

סורא איז נאָך רב סעדיה׳ס טויט אַזוי אָבגעשוואַכט געוואָרן דורך דעם איינפלוס פון דעם רייכען אבן־כרגדא, וועלכער האָט זיך געזעטצט אן דער שפּיצע פון דיא אינגערע ישיבה פון פּומבדיתא, דאס זיא איז אין קורצען אונטערגעגאנגען. זעקס יאהר נאָך רב סעדיה׳ס טויט איז דער לעצטער ראש ישיבה פון סורא פון דאָרטען אוועק, און דיא אַנשטאַלט, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן פין רב אָדער אבא אריכא מיט 700 יאהר פריהער, איז אויף אימער געשלאָסען געוואָרן.

דיא אידען פון סורא האבען געמאַכט א לעצטען פערזוך וויעדער צו ערעפנען דיא אַלטע ישיבה, נאָר דאס האט געהאַט דעם מערק־ווירדיגען און גאַנץ אונערוואַרטעטען רעזולטאט פון אונטערגראָבען דיא גאונות אין גאַנצען און פערפלאַנצען דעם תלמוד און דערמיט דעם מיטעלפּונקט פון יודענטהום אין אייראָפּא. דאס איז געקומען דורך דעם, וואס דיא פיער יונגע תלמידי חכמים, וועלכע זיינען אוועקגעשיקט געוואָרן פון סורא אין אנדערע לענדער צו זאמלען נדבות פאר דיא ערעפנונג פון דער ישיבה, זיינען אריינגעפאלען אין דיא הענד פון ים רויבער און זיינען פערקויפט געוואָרן אלס שקלאַפען אין פערשיעדענע פלעצער. דיא פערקויפטע זיינען אויסגעלייזט און בעפרייט געוואָרן פון דיא אידישע געמיינדען אין דיא לענדער, וואו מען האָט זיי געבראַכט. וויא עס איז געווען דער מנהג אין דאמאָליגע צייטען. דיעזע בעפרייטע מישולחים האבען דאן אליין געגרינדעט ישיבות, און זיי זיינען געווען דיא דירעקטע אורזאכע פון דער פערשפּרייטונג פון תלמודישע קענטניסע אין פערשיעדענע געגענדען, בעזאָנדערס אין שפּאניען, וועלכע איז מיט דער צייט געוואָרן דיא הויפּט קוועללע פון אידישע געלעהרזאמקייט, אזוי וויא בבל איז פריהער געווען



## פינפטער קאפיטעל.

## רב סעדיה׳ס ווערקע און זיין בעדייטונג.

דיא אידען, דאָס הייסט דיא רבנישע אידען, האכען ביז רב סעדיה כמעט ניט געהאט קיין אַנדער ליטעראַטור, וויא דיא הייליגע אָדער רעליגיעזע. אויסער דעם תנ״ך, דעם תלמוד און געוויסע מדרשים און ספרים וועגען דינים וויא דיא „הלכות פסוקות״ און „הלכות גדולות״ אָדער געמיישטע פון דינים און אגדות, וויא רב אחאי גאון׳ס „שאלתות״, בעזיצען מיר ווייניג נעמען פון ווערק און נאָך ווייניגער ווערקע, וואָס זיינען פערפאַסט געוואָרן פאַר דער צייט פון רב סעדיה. פון סיסטעמאַטיש־וויסענשאַפטליכע ביכער, דורך וועלכע אידען זאָלען בעקאַנט ווערען מיט דיא געדאַנקען פון דיא ניט אידישע וועלט, איז ביז דאַמאָלס כמעט קיין זכר ניטאָ. רב סעדיה ערשיינט פאַר אונז אַלס דער ערשטער גרויסער אידישער און וועלטליכער געלעהר־טער, וועלכער וויל פעראייניגען אמונה און השכלה, וועלכער וויל פון איין זייט בעפעסטיגען דיא אידישע רעליגיאָן אויפ׳ן תלמודישען גאַנג און איהר פערטהיידיגען געגען אינוועניגסטע און אויסזייטיגע אַנגריי־פער; און פון אַנדער זייט איהר פּרובירען געבען אַ וויסענשאַפטליכע פאָרם, אויסאַרבייטען אַ אידישע פילאָזאָפיע און אריינברייגגען אונ־טער אידען דיא גראַמאַטיק, דיא פּאָעזיע, דיא דיינקונגס־אַרט און דיא שטרעבונגען פון דיא קולטיווירטע אראַבער, אונטער וועלכע זיי האָבען געוואוינט. פון דיזען שטאַנדפּונקט ערשיינט ער פאַר אונז אַלס

א קעמפפער און אויפטהוער אויף דעם ליטעראַריישען פעלד, וואו ער זוכט פעריטיעדענע מיטלען צו עררייכען דעמזעלבען צוועק. זיינע ניט וויכטיגע ווערקע, אָדער אַזעלכע, אין וועלכע ער האָט נור נאַכ־געמאַכט אַנדערע, קריגען דאַדורך אַ ווערטה איבער דיא אַלגעמיינע טענדענץ פון זיינע שריפטען, ווייל אין אַלע צוזאַמען זעהט מען דעם פּלאַן פון זיין אַרבייט, זיין אַנשטרענגונג צו שאַפען אַ ליטעראַטור און צו מאַכען אַ וועג פאַר שפּעטערע דיינקער צו געהן אויף דעמ־זעלבען וועג.

דאַס אידיישע לעבען איז אַזוי ענג פערבונדען מיט דער תורה, דאַס יעדער, וועלכער וויל מאַכען איין איינדרוק אָדער איין ענדערונג אויף דעם אינערליכען לעבען פון אידען, מוז אָנפאַנגען פון דער תורה. אַן איבערזעצונג פון חומש איז שטענדיג דיא בעסטע און לייכטעסטע מעטהאָדע בעקאַנט צו מאַכען דעם אידען מיט אַ נייע שפּראַך, ווייל דאַס איז אַ בוך, וועלכען יעדער איד האָט געלערנט, און וועלכען דיא מייסטע זיינען נאָך איצטער און זיינען געווים געוועזען אין אַמאָליגע צייטען במעט קלאָר אויף אויסוועניג. עס איז דערפאַר געוועזען גאַנץ נאַטירליך, אַז אַ מאַן וויא רב סעדיה זאָל איבערזעצען דעם חומש אויף אַראַביש. מען גלויבט, אַז ער האָט אויף איבערזעצט גאַנץ תנ״ך, אָבער מיר וויסען נור פון איבערזעצונגען פון חומש, פון ישעיה (געדרוקט), תהלים, משלי און אַ טהייל פון איוב. ער האָט אָבער זיך געמוזט שאַפען דיא נייטיגע געצייג, מיט וועלכע ער זאָל קענען דיעזע אַרבייט דורכפיהרען, און מיר געפינען איהם דאַרום אַלס דעם ערשטען גראַמאַטיקער אָדער בעל דקדוק פון דיא העברעאישע שפּראַך.

ער איז דער פערפאַסער פון אַ „בוך דער שפּראַכע" (כתאב אללגה: ספר לשון עברי), אַ ווערטער־בוך (אגרון, אָדער ספר פתרונים), אַ בוך איבער סינטאַקס אָדער צוזאַמענשטעלונג פון זעטצע (צחות) און אַ בוך איבער דיא ווערטער וועלכע זיינען נור איינמאָל דער־מאָנט אין תנ״ך.

אין זיין איבערזעצונג האַלט ער זיך ניט אַזוי שטרענג צו דעם טעקסט וויא שפּעטערע איבערזעצער. ער ערלויבט זיך אָפט אַ לייכטע ענדערונג צו געבען אַ קלערערען בעגריף פון אָריגינאַל. צו דיעזען

טהייל פון זיין ארבייט געהערען אויף דיא פירושים, וואס ער האט געמאכט צוזאמען מיט דיא איבערזעצונגען.ביידע זיינען כאראקטערי־זירט דורך א פרייהייט און אן אנערקענונג פון תלמודישע ערקלע־רונגען, וועלכע זיינען געציעלט אלס א געגענזאץ צו דיא שקלאפעריי צום ווארט, פון וועלכע דיא קראים האבען זיך קיינמאל ניט געוואגט צו בעפרייען.

נאך אינטערעסאנטער זיינען וואהרשיינליך געווען זיינע פאלע־מישע אדער שטרייט־שריפטען, פון וועלכע אלע זיינען ליידער פער־לארען געגאנגען. מיר ווייסען דארום פון זיי נור דיא נעמען וועלכע זיינען דערמאנט אין זיינע אייגענע אדער אין פרעמדע שריפטען. דער איינפלוס פון זיינע שריפטען געגען דיא קראים איז געווען אזוי גרויס, אז דורך זיי איז ער אליין גרויס געווארן, און דיא סעקטע האט זיך פון זיין אנגריף ניט געקענט ערהוילען און איז זייט דאן שטענדיג געזונקען. עס זיינען בעקאנט דיא נעמען פון זיעבען ווערקע, וועלכע ער האט געשריעבען געגען דיא קראים. איינינגע פון זיי זיינען געציעלט געגען דיא פערזאנען, וויא דאס ווערק געגען ענן אדער געגען אבן סקויאה, און אנדערע געגען איינצעלנע דינים אדער מנהגים, וויא צום ביישפיעל, דיא איינפיהרונג פון דיא קראים ניט אנצוצינדען קיין ליכט פרייטאג־צו־נאכט.*)

אבער ער האט אויך געהאט אנדערע געגנער וויא דיא קראים. ער אליין דערמאנט א ווערק, וואס ער האט געשריעבען געגען דעם אפיקורס אדער פריי־גייסט חוי אל־בלכי, וועלכער האט אין יענער צייט שוין געוואגט אנצוגרייפען דיא גלויבווירדיגקייט פון דיא נסים, וואס זיינען דערמאנט אין חומש, און האט למשל געזאגט, דאס דער מן וואס דיא אידען האבען געגעסען אין דער מדבר, איז געווען אזא סארט פלאנצונג אדער גראז, דאס דיא אידען זיינען אריבער דעם דעם ים סוף אין דער צייט פון עבבע אדער ווען דאס וואסער פון

---

*) דיעזעס ווערק איז דערמאנט אין אבן עזרא׳ס פירוש אויף חומש. אין דעם פסוק לא תבערו אש בכל מושבותיכם ביום השבת (שמות ל״ה ג׳) וועלבען דיא קראים נעהמען אן בוכשטעבליך אז מען טאר אין גאנצען ניט לאזען ברענען קיין פייער.

ים האלט אָפּ דורך נאַטירליכע אורזאַכען א. ז. וו. דיעזער חוי האט אויף פערפאַסט איין איבערזעצונג פון חומש מיט א פּירוש נאָך זיינע אפּיקורס'ישע אידעען, און מען האָט אין פיעלע אידיישע חדרים אָדער ישוהלען פון יענער צייט געלערנט דיעזע אפּיקורסות' ביז זיי זיינען פערדרענגט געוואָרן פון רב סעדיה'ס פּירוש און איבּערזעצונג. מען האָט אין אָנפאַנג געמיינט, אַז חוי אַל-בלכי (פון דיא ישטאָדט בלך), וועלכער ווערט פון זיינע געגנער אָפּט גערופען „הכלבי", האָט געהערט צו דיא קראים, אָבער איצטער איז עס כמעט פעסטגעישטעלט, אַז ער איז געוועזן פון דיא רבניישע אידען און האָט געלעבט אין ניינטען יאַהרהונדערט, מיט אַ דור אָדער צוויי דורות פאַר רב סעדיה.

דאָס הויפּט ווערק פון רב סעדיה וועלכע איז ניט פאַרלוירען געגאַנגען אויף וועלכע זיין גרויסקייט רוהט איז דער „ספר האמונות והדעות", דאָס ערישטע אידיישע רעליגיאָנס־פילאָזאָפּישעס ווערק און איינע פון דיא בעסטע, וועלכע זיינען איבער דיעזען געגעניטאַנד געישריעבען געוואָרען. אין דיעזעס ווערק האָט רב סעדיה פּרובּירט ערקלערען דעם יודענטהום פילאָזאָפיש און סיסטעמאַטיש, צו געבען ישכל'דיגע ערקלערונגען אויף אַלעס וואָס לאָזט זיך ערקלערען און צו בעקעמפּפען אַלערליי אידיישע און ניט־אידיישע געגנער, מאַנכעס מאָל מיט לאָגיק און מאַנכעס מאָל מיט אמונה. דאָס ווערק איז פּיליייכט ניט עכט פילאָזאָפיש נאָך דעם היינטיגען בעגריף, אבער עס איז קיין צווייפעל, אַז רב סעדיה איז געישטאַנען אויף דיא העכסטע ישטופע פון זיין צייט און האָט געוויעזען גרויסע פעהיגקייטען אין בעהאַנדלען דיעזען געגעניטאַנד פון זיין רעליגיעזען ישטאַנדפּונקט. דאָס ווערק איז פערפאַסט געוואָרען אין אַראַביש אין איז זייט דאן צוויי מאָל איבּערזעצט געוואָרען אין העברעאיש. טהיילען זיינען איבּערזעצט געוואָרען אין לאַטיין, אין ענגליש (לאָנדאָן 1707) אין דייטיש און וואַהרישיינליך אויף אין אַנדערע שפּראַכען. אַלט־מאָדישע אידיישע מחברים און אַלע מאָדערנע געלעהרטע, וועלכע אינטערעסירען זיך אין רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע אָדער אין איהר געישיכטע, שטודירען דיעזעס ווערק נאָך אין איצטיגע צייטען.

איין אַנדער וויכטיגעס ווערק פון רב סעדיה, פון וועלכע עס געפינען זיך א פּאָר געישריעבענע קאָפּיעס אין דיא ביבליאָטעקען פון

אָקספּאָרד און מינכען, איז זיין פּירוש אויף „ספר יצירה“. עס האָבען זיך אין יענער צייט אָנגעפאַנגען אונטער אידען צו פּעריטפּרייטען מיסטיקער אָדער בעלי סודות, וועלכע האבען געזוכט צו ערקלערען אלעס על פּי סוד. דאָס מערקווירדיגע ווערק, ספר יצירה, איז ביי זיי געוועזן איינע פון דיא הויפּט שטיצען, אויף וואָס זייערע טהעאָריען זיינען געגרינדעט געוואָרען. רב סעדיה האָט געזוכט דעם „ספר יצירה“ צו ערקלערען פון א פילאָזאָפיישען שטאנדפּונקט אין האָט זיין פּירוש געשריעבען אין אראביש אלס א געגנער פון קבלה. שפּעטער ווען דיא לעהרען פון קבלה זיינען אונטער אידען מעהר פערברייטעט געוואָרען און דיא בעלי קבלה האבען געקראָגען מעהר איינפלוס, איז רב סעדיה׳ס נאמען שוין געוועזן אזי גרויס און הייליג דאָס מען האָט איהם ניט גע־וואגט אָנצוגרייפען. זיי האָבען זיך בעסער גענומען צו דעם לייכטען און איינפאַכען מיטעל פון אָפּלייקענען אז ער איז געוועזן זייער געגנער, און אזוי וויא זיין אראבישער פּירוש אויף ספר יצירה איז געבליעבען כמעט אונבעקאַנט, האָט מען אַנגעהאַנגען זיין נאמען אָן א פּירוש וואָס איז געשריעבען אין זין פון דיא קאַבּאַליסטען.

דאָס איז דער „פּירוש רב סעדיה גאון“, וועלכער איז געדרוקט אין פיעלע אויסגאַבען פון ספר יצירה און וועלכער איז פערפאסט גע־וואָרען מינדעסטענס צוויי הונדערט יאָהר נאָך זיין טויט. דער פּרויש אויף דברי הימים, וועלכער איז געדרוקט אין פיעלע אויסגאַבען פון תנ״ך אַלס פּירוש רב סעדיה גאון“ איז אויך ניט פון איהם. אַנדערע האבען אויך אַרויסגעשטעלט זיין נאמען אויף א „ספר הגורות“ און אויף אנדערע ווערקע, וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט געשריעבען. עס איז אמאָל געוועזן שטארק אין דער מאָדע אָנצושטעפען שפּעטערע שריפ־טען אָן גרויסע דענקער פון פריהעריגע צייטען, אָדער צו ציטירען פון ווערקע וואָס האָבען ניט עקזיסטירט. דער גרעסטער בריה אויף אויס־קלערען מחברים און ספרים איז געוועזן ר׳ משה בטריל, דער פערפאַ־סער פון א פּירוש אויף ספר יצירה, און מען איז בערעכטיגט צו דיינ־קען אז דער ספר, „אבן הפילוסופים לרב סעדיה גאון“ וואָס ער דער־מאָנט, האָט אויך עקזיסטירט נור אין זיין איינבילדונג.

אם ענדע דארפען דערמאָנט ווערען זיינע ווערק אַלס גאון, דאס הייסט אַלס פאָרשטעהער פון רעליגיעזען יודענטהום פון זיין צייט. אָבער אויך אויף דיעזען פעלד געהערט ער צו דיא פאָרטשריטליכע. ער האָט געזוכט בעקאַנט צו מאַכען דעם גרויסען עולם מיט אַ טהייל פון דעם וואָס האָט געהערט צו דיא אַריסטאָקראַטיע פון געלערנטע. ער האָט דארום איבערזעצט דיא מִשנה אויף אַראַבּיש און געמאַכט צו איהר אַ פירוש אויף אַראַבּיש, בריינגענדיג דערמיט דיא גרונדלאַגע פון תַּלמודיישען יודענטהום נעהענטער צום פאָלק. איינינע פון זיינע תשובות אויף פראַגען וועגען דינים, געפינען זיך אין זאַמלונגען פון תּשובות הגאונים. אַ קאָפּיע פון אַ „סידור רב סעדיה גאון“ געפינט זיך אין דיא באָדליַאן לייברערי אין אָקספאָרד, און עס זיינען אויך דאָ פון איהם שירים, פּיוטים און אַנדערע קליינע שריפטען, וועלכע דיענען נור צו בעווייזען זיין טהעטיגקייט אין דיא פערשיעדענאַרטיגקייט פון זיין טאַלענט.

דיא גרויסקייט פון רב סעדיה שטייגט אין וויכטיגקייט, ווען מען בעטראַכטעט דיא גייסטיג אונפּרוכטבאַרע צייט אין וועלכע ער האָט געלעבּט אונטער אידען. דיא צייט פון דיא גאונים איז איינער פון דיא אָרעמסטע אין דער אידיישער געשיכטע, דיא פרייע ענטוויקלונג פון דיא צייטען פון תּלמוד האָט דאַמאַלסט אויפגעהערט, און דיא ישיבות פון בּבל האָבען ניט מעהר געקענט בעאיינפלוסען דעם גייסטיגען לעבען פון אידען אָדער צופריעדען שטעלען דיא שטרעבונג פון מענשען מיט פעהיגקייטען. דיא אַראַבּישע בילדונג פוז איין זייט און דיא קראים'שע נייע וועגען פון אַנדער זייט האָבען אַוועקגעצויגען פיעלע אידען פון רבּנישען יודענטהום. עס איז נייטיג געוועזן צו ווייזען, אַז אַ איד מוז ניט אָפּפאַללען פון יודענטהום אָדער פון תּלמוד, ווען ער לערנט זיך אויס אַראַבּיש, דאָס ער קען נאַכטהאָן דיא מחמדנער און דאָך בלייבען אַ פרומער איד, און דאָס ער קען האָבען אין איי־גענע פילאָזאָפיע וועלכע שטעהט אַזוי הויך וויא דיא פרעמדע.

אַלע ווערקע פון רב סעדיה ווייזען אויף דעם פּלאַן צו שאַפען אַ אידעישע קולטור אָדער אַזוי צו פערפאָלקאָמענען און ערקלערען דיא אידישע קולטור, אַז זיא זאָל קענען בעשטעהן געגען דיא אַראַבּישע און איהר מיט דער צייט איבערלעבען. אין איהם איז פערקערפּערט דער

פערזוך, וואָס אידען האָבען איינינע מאָל געמאכט, האלב ווילענדיג, האלב ניט־ווילענדיג, זיך צו־צופאסען צו דיא קולטור פון דיא פעלקער, אונטער וועלכער זיי לעבען, און דאָך בלייבען ביז א געוויסען גראד אָבגעזונדערט. אין איהם שפיעגעלט זיך אָב דיא פעראייניגונג פון תורה און חכמה, פון רעליגיאן אין פילאָזאָפיע, פון אידייטע גאונות און וועלטליכע געלעהרזאמקייט, וועלכע האָט מעגליך געמאכט די אידען זיך צו בעטייליגען אין אלע גרויסע גייסטיגע בעוועגונגען פון דער וועלט און דאָך בלייבען אידען. אזעלכע מעניטען האבען געהאלטען מאכען דיא אידישע געשיכטע פאר א קיצור און א פירוש פון דיא גאנצע וועלט געשיכטע פאר דיא לעצטע צוויי טויזענד יאהר און זיין נאמען וועט אימער בלייבען איינע פון דיא גרעסטע, וועלכע זיינען אין איהר פערצייכענט.

---

# יְהוּדָה הַלֵוִי

דער גרעסטער העברעאישער
דיכטער

זיין לעבען און זיינע שריפטען.



פריי היזארבייטעט נאך פערשיעדענע
קוועלען, פון

מאררים ראזענפעלד.

# יהודה הלוי

אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני.
(תהלים קל"ז)

——— ———

## פאָרוואָרט.

פאָרצוטרעטען פאר רבי יהודה הלוי איז פונקט וויא פאָרצוטרעטען פאר א'ן ארון קודש; פאר דעם ארון פון בית המקדש אין וועלכען עס זיינען געלעגען דיא לוחות, און איבער וועלכען עס האָבען זיך געשפרייט דיא גאָלדענע פליגעל פון דיא כרובים. נאָר אַזעלכע כהנים גדולים אין איכל פון דער וועלט ליטע־ראַטור וויא געטהע און היינע האָבען געהאַט דאָס פולע רעכט מקריב צו זיין מיינונגען און געפיהלען פיר זייער אונשטערבליכען חבר, וואָס האָט דערגרייכט דעם זיעבעטען הימעל פון דער פּאָעזיע. דאָך ווייל דיא ארבייט — צו שרייבען איבער יהודה הלוי — איז אזוי הייליג, ערהאַבען און ריזיקאַליש, דערפאר לאָקט זיא אָן און בע־הערשט אזוי וויא א כשוף.

ארומנעהמען דעם גייסט פון יהודה הלוי איז — פונקט וויא ארומנעהמען דעם ים הגדול — אַ זאַך, וואָס איז אונמעגליך, גאָט האָט זיך שוין מיט איהם געע'עצה'ט אין בעשאפען דיא וועלט און דיא ליעבע, און שפעטער האָט ער איהם פערטרויט דיא סודות הבריאה און ער האָט פאר זיך אליין געשאַפען אייביגע וועלטען פון געזאַנגען. העכסטענס וואָס מען קען — איז שרייבען וועגען יהודה הלוי דעם מענש, דעם נאַציאָנאַליסט, דעם געטרייען זוהן פון זיין אָרעם, עלענד פאָלק. אָבער אויך דיעזע ארבייט איז אין דעם פאַל פערבונדען מיט גרויסע שוויעריגקייטען, ווייל דיא וויכטיגסטע

שטריכען פון יהודה הלוי'ס לעבען זיינען פון אונז בעהאלטען, אין מיר קענען זיך נאר בענוצען מיט דעם מאגערען, קארגען שטאף, וואס מיר געפינען וועגען איהם אין דער אידישער געשיכטע און אין האלב דונקעלע שטעלען פון פערשיעדענע שרייבער אין דיא אראבישע און העברעאישע שפראכען. עס איז דערפאר לייכט צו פערשטעהען, וויא ווענינ מען קען גערעכט בלייבען בעשרייבענדיג יהודה הלוי אלס פאעט און פילאזאף.

יהודה הלוי — דיא זונן פון אמונה און האפנונג פון דעם אידישען פאלק — שטעהט הויך און גלענצענד אין הימעל פון זיין אומה; ער האט צו זיך קיין גלייכען. ער איז דער איינציגער, וואס האט גע'ירש'עט דיא היילינע אוצרות פון דיא נביאים און האט זיי מיט ד׳עזועלבע בעגייסטערונג פערטהיילט צו זיינע ברידער און צו זיין הערצענסגעליעבטע ציון — זיין ערשטע און לעצטע ליעבע; דיא געלוסטיגקייט פון זיין נאבעלער נשמה.

יהודה הלוי האט בעזונגען זיין אונשטערבליכע „ציון,“ אין דער גאלדענער צייט פון דער אידישער פאעזיע, ווען עס האבען העל און גרויס געשיינט אזעלכע ליכטיגע שטערען וויא ר' משה אבן עזרה, יהודא אבן־גיאת, יהודא אבן־עבבאס, שלמה אבן־צאקבעל און אנדערע בעריהמטע דיכטער פון יענעם דור. זיי האבען אלע דאן געזונגען זייערע ליעדער און געשריעבען גרויסע ווערק, דאך דער גרעסטער און אייביגסטער פון זיי איז דער זינגער פון „ציון הלא תשאלי.“ — יהודה הלוי. זיין נאמען איז געבליעבען ניט נאר אויף דיא קאלטע בלעטער פון דער געשיכטע, זאנדערן מיט פייער־דיגע אותיות איז ער איינגעקריצט אין דיא הערצער פון זיינע גלות ברידער. זיינע מאנומענטען שטעהען אין דיא מחזורים, סדורים און קינות, זיין נאמען איז איינגעשלאסען אין דיא תפילות, וואס בעקרוינען דיא אידישע ימים טובים און גיסען אן דיא אידישע הער־צער מיט ליעבע און בטחון.

לעבענדיג אין שפאניען אין 11טען און 12טען יאהר הונדערט, אונטער דעם איינפלוס פון אראבישער קולטור, האט יהודה הלוי, פונקט וויא זיינע צייט גענאסען און חברים, אויך געדיכטעט און גע־

שריעבען אין אראביש. דאָך אין דער צייט, וואָס דיא איבעריגע אי־
דישע דיכטער האָבען געזוכט נאָכצוטהאָן די אראבישע פּאָעטען, און
האָבען פערווענדעט כמעט זייער גאַנצען גייסט אויף דיעזער פרעכ־
טיגער, פרעכדער שפּראַכע, פאר אַ פרעמד פּאָלק אין אַ פרעמדע
קולטור, האָט יהודה הלוי געזינגען זיינע רייכע שמעקעדיגע ליעדער
אין דעם הייליגען לשון פון דיא פּראָפעטען. מיט דעם פייער פון
זיין גליהענדער זעעלע האָט ער אָנגעצונדען דיא מנורה אין דעם
טעמפּעל פון זיין פּאָלקס אונשטערבליכקייט און זיא וועט אייביג
ברענען.

אזוי וויא מען קען זיך ניט פאָרשטעלען אַ מאי אָהן בלומען,
און אַ זעלטענע שעהנהייט — אָהן אַ זיסע מינע, אזוי קען מען זיך
ניט פאָרשטעלען יהודה הלוי אָהן ציון. ביידענס אייביגע נעמען
קומען גלייך אויפ׳ן זכרון, אזוי ענג און איניג זיינען זיי צוזאַמענ־
געוועבט מיט זיידענע ליעבעס פעדים און גאָלדענע שטראַהלען,
אין יהודה הלוי׳ס אייביגע מעלאָדיען. זיין גייסט און זיין נשמה
זיינען צוזאַמען געגאָסען מיט אַלע הייליגע, היסטאָרישע פלעצער
פון ארץ ישראל, אַז מען קען ניט דענקען וועגען דעם קלענסטען
שטויבעלע פון אונזער אַלטער, אַמאָליגער היים מען זאָל פאראיינס
ניט דענקען וועגען יהודה הלוי׳ס טיעף דורכגעלעבטע און דורכגע־
פיהלטע ציון געזאַנגען, אין וועלכע עס וועהט דערזעלבער לאוער־
זאַנפטער ווינטעלע, וואָס גלעט דיא בלומען פון כרמל און מאַכט
שעפּטשען דיא גרינע עהלבירט בלעטלעך פון דעם הר הזיתים. און כל
זמן אידען וועלען קומען וויינען ביי דער איינגעפאַלענער וואַנד,
וועלען זיך זייערע טרעהרען צונויפמישען מיט דיא טרעהרען פון
יהודה הלוי —דיא אידישע קלאָג מוטער, און ווען ישראל וועט
אַמאָל „אויפגעריכט און אויסגעלייזט" ווערען פון דעם פינסטערען
גלות, וועט יהודה הלוי זיין דיא זיסע האַרפע צו זייערע פרייהייטס
ליעדער, זייער נייעם „אז ישיר."

דיא ביאָגראַפיע פון דיעזען דיכטער פרינץ איז דערפאַר
אזוי וויכטיג פאר דעם אידישען לעזער, וועלכער בעקענט זיך מיט
דעם גרעסטען זוהן פון זיין פּאָלק. דען אויסער אַ דיכטער איז

יהודה הלוי אויך געווען א גרויסער פילאזאף, וואס האט געזוכט דורך טיעפע חקירה און זעלטענעם שארפזינן אויפצוצייגען דיא ערהאבענהייט פון דער אידישער אמונה און דעם אונבעשטרייטבא־רען אמת פון אחדות הבורא.

גרויסע מענשען לעבען אין גרויסע צייטען און אויך דיא צייט פון ר׳ יהודה הלוי איז איינע פון דיא וויכטיגסטע אין דער אידישער געשיכטע און זאגאר אין דער אלגעמיינער וועלט געשיכ־טע, וויא מיר וועלען דאס שפעטער זעהען. און פונקט וויא עס איז אונז נויטיג צו קענען דעם דיכטער אזוי איז אונז אויך וויכטיג זיין צייט, זיינע חברים, זיינע צייט מענשען און דיא גאנצע צורה פון יענער מענשהייט. דען נאר וויסענדיג און פערשטעהענדיג דאס אלין וועלען מיר בעסער בעגרייפען דיא פערזאן, וואס מיר זוכען צו קענען.



## 1 — דיא שפאנישע דיכטער.

בעגייסטערטע משוררים אין יהודה הלוי׳ס צייט — יהודה חריזי׳ס שעהנע פערזען וועגען דער אידישער געזאנג־פעריאָדע אין שפאניען — שלמה אבן־גבירול און זיינע גרויסע ווערק — דיא פערשיעדענהייטען צווישען אבן גבירול און הלוי.

ווען מען זאָל צונעהמען פון דער העברעאישער ליטעראטור דיא פּאָעזיע פון דיא שפאנישע פּאָעטען דאַן בלייבט איהר כמעט ניט מעהר וויא דיא ביבעל. עס האָבען זיך געפונען אידישע דיכטער אין יעדען דור אין יעדען לאַנד, דאָך שפאניען שטעהט מיט איהרע משוררים צום העכסטען. ניט קיין קליינע דיכטער האָבען אידען געהאַט אין איטאַליען. מען דאַרף נאָר אָנרופען דיא נעמען קלונימוס בן קלונימוס (1287) עמנואל הרומי (1272) דיא שפּעטערע דיכטער וויא יוסף אלמנצי,ביידע לוצטו׳ס און אַנדערע, דאָך האָט דיעזע מדינה פון זונשיין און בלומען ניט אריינגעגעבען איהר ליכט און פּארפומע אין איהרע העברעאישע פּאָעזיע. דיא אידישע משוררים פון דער איטאַליענישער שולע פעלט דיא ארגינאַליטעט, דיא ריינקייט, דיא טיעפקייט, דיא עלאַסטישע, ווייכע, גלענצענדע בייגזאַמקייט פון זייערע שפּאַנישע פּאָרגענגער, וועלכע האָבען גע־מייסטערט העברעאיש מיט וואונדערבאַרע געניטקייט און זעלטענער קינסטלער קראַפט.

גרויסע מייסטערס זיינען זיי אַלע געווען, אפילו דיא, וואָס האָבען זיך נאָר געשפּיעלט מיט דער שפּראַכע און האָבען בלויז נאָכגעמאַכט דיא אַראַבישע דיכטער פון יענער צייט. יהודה הלוי שטעהט ניט אליין, ער איז ארומגערינגעלט פון אַ סך בעגייסטערטע מוזען־קינדער. נאָך מיט 65 יאָהר פאר איהם איז אויפגעגאַנגען אַ זונן אויף דעם הימעל פון דער אידישער פּאָעזיע אין שפּאַניען, וואָס האָט ליידער ניט לאַנג געשיינט און איז באַלד פערלאָשען געוואָרען :

דאָס איז געווען דער גייסטרייכער, טיעפזיניגער פּאָעט און דענקער רב שלמה בן יהודה אבן־גבירול, אָדער וויא ער איז באַקאַנט אין אראַבּיש מיט דעם נאָמען אבו־איוב סולימאַן אבן־יחייא. דיעזער וואונדערבאַרער מענש האָט סך הכל געלעבט 49 יאָהר און דאָס, וואָס ער האָט געשאַפען וועט לעבען אייביג. כל זמן מענשען וועלען פיהלען און דענקען וועלען לעבען אבן־גבירול׳ס קרעפטיגע שירים, איבערהויפּט זיין פילאָזאָפיש־פּאָעטיש ווערק „כתר מלכות,“ וואָס האָט כמעט קיין גלייכען אין קיין ליטעראַטור.

שלמה אבן־גבירול איז געבאָרען געוואָרען אין מאַלאַגאַ שפּאַניען אין דעם יאָהר 1021 און איז געשטאָרבען אין דעם יאָהר 1070 פּונקט אין 16 יאָהר שפּעטער אין 1086 האָט יהודה הלוי דער־זעהען דיא וועלט, מען קען זאָגען, אַז מיט אבן־גבירול איז דיא העברעאישע פּאָעזיע אין שפּאַניען געבאָרען געוואָרען און נאָך ר׳ יהודה הלוי איז זיא אָבגעשטאָרבען. עס האָבען זיך נאָך אפילו געפונען דיכטער, וואָס האָבען זיס און ליעבליך געזונגען, אָבער דער פייער פון דיא אמת׳ע פּאָעזיע האָט זיי געפעהלט. זיי זיינען געווען שעהן, אָבער פלאַך. אבן־גבירול און יהודה הלוי האָבען אויסגעשעפּט דעם גאַנצען קוואַל פון דיא פּאָעזיע און עס איז ניט מעהר געבליעבען קיין בעגייסטערונג פאַר דיא שפּעטער׳ע דיכטער.

יענע ערהאַבענע געזאַנג־פּעריאָדע פון דיא שפּאַנישע אידען ווערט שפּעטער גרויסאַרטיג געשילדערט אין דעם ספר תחכמוני (שער י״ח) פון דעם גרויסען פּאָעט יהודה הריזי (1218).

אָט זיינען חריזי׳ס מייסטערהאַפטע ווערטער:

ויקם אחריהם דור המשוררים הנעמנים ונקרא זמנם זמן הנצנים, כי היה הדור כמו קוצים והם כשושנים, והוא דור המשוררים הנפלאים, הקוראים חבל נביאים, אשר היה מהם הלוי רב יהודה, תור התורה ועדי התעודה, ושאר משוררי דורו ילוה אליהם השלום, ואף על פי שלא הגיע אחד מהם בשירו למעלות רבי שלמה, ולא השיג לתוקף נאמו, ימתק טעמו, אך היה להם מלים נפלאים, וחרוזים נוראים, ועל פיהם נראו נוראות השירים הערבים, כאלו לקוחים מפרי

כרובים, יתנח עליהם הרוח והמה בכתובים, ויתנבאו ולא יספו, ולשמוע נוראות שירם נדבי עמים נאספו.

אין אידיש קענען עטליכע פון דיעזע שורות איבערגעזעצט ווערען אומגעפעהר אזוי:

נאָך זיי האָט מען געזעהען א דור פון דיכטער בליהען — א זעלטענע צייט פון הימעל זיסע מעלאָדיען — דאָס איז געווען דער דור פון גייסטיגע ריעזען — וויא א נביאים כאָר האָבען זיי זיך בעוויעזען — דאָ איז יהודה הלוי אויך אויפגע־טרעטען — דער תורה׳ס שטאָלץ און דיא ציערונג פון דיא פראָפעטען — און אנדערע זינגער, אויף זיי א אייביגער פריע־דען, — דער חן און דער כבוד פון דיא שפאנישע אידען — דאָך אָבוואָהל קיינער פון זיי האָט געקענט דערלאנגען — וויא גבירול דעם העכסטען הימעל פון געזאנגען — דאָך האָ־בען זיי געפונען ווערטער שארף און מעכטיג — און זייערע ליעדער זיינען גרויס און רייך, און פרעכטיג.

וויא מען זעהט האָט חריזי געשטעלט אבן־גבירול אלס דיכטער העכער אפילו וויא יהודה הלוי. ווען מען בעטראכט גבירול׳ס קורצען לעבענס לויף מוז מען ווירקליך שטוינען איבער דיא גרויסקייט פון זיינע ווערק איבער דעם הייליגען פראכט, וואָס ליעגט אויסגעגאָסען אויף אלע זיינע פערזען און איבערהויפט אי־בער זיין געטליכע הימנע „כתר מלכות,“ איבער זיינע בעריהמטע ווערק אין לשון קודש און אראביש, וואָס ער האָט געמייסטערט וויא קיין אנדערער. מעגליך אז ער האָט אין דער פּאָעזיע אין מאנכע ערטער איבערגעפליעגעלט דעם גרויסען ציון זינגער, דאָך אלס פי־לאָזאָף שטעהט יהודה הלוי הימעל הויך איבער איהם. עס איז איבערהויפט שווער צו זאָגען ווערכע פון דיא צוויי מייסטער׳ס עס איז גרעסער אין דער פּאָעזיע ווייל דער שטאָף, וואָס זיי בעארביי־טען, איז אזוי פערשיעדען. גבירול בעזינגט זיין אייגענעם אונגעלונ־גענעם לעבען, דיא אכזריות פון שיקזאל, וועלכער האָט איהם אזוי ביטער אָבגענארט, ווערענד יהודה ווידמעט זיין הייליגע האַרפע, מיט א גאנץ קליינע אויסנאהמע, אויסשליסליך צו זיין פאָלק.

אפילו אין זיינע ליעבע־ליעדער זעהט מען אויך נאָר דיא אידישע טאָכטער דעם ערהאַבענעם טיפּ פון דיא בנות ציון. גבירול און יהודה זיינען פערשיעדען אין דער ליריק פונקט וויא געטהע און היינע. *) גבירול איז אַ היינע און יהודה—אַ היינע און אַ געטהע צו־זאַמען.

מען דאַרף נאָר דורכלעזען יהודה הלוי'ס ליעבע־ליעדער צו דער־זעהען דעם גרעסטען ראָמאַנטיקער אין דער העברעאישער ליטעראַטור; צו דערזעהען היינע'ס א לייבליכען חבר, און מען דאַרף זיך ארייגלאָזען אין זיינע פילאָזאָפישע אנשויאונגען אום צו דערזעהען פאר זיך דעם גרויסען דענקער, וועלכער אַלס פּאָעט־פילאָזאָף, אָדער פילאָזאָף־פּאָעט האָט צו זיך קיין בעסערען פער־גלייך וויא געטהע. און ביידע בעריהמטע דייטשע דיכטער האָבען מודה געווען, אַז יהודה הלוי איז איינער פון דיא גרעסטע וועלט־זשעניען.

געטהע זאָגט, איבערלעזענדיג „ציון הלא תשאלי": —

„עס ליעגט אַ פייער פון בענקשאַפט אין דיעזער קינה וויא אין וויניג געדיכטען" און היינע האָט זיין אידישען ברודער־פּאָעט געווידמעט אַ אונשטערבליכעס געדיכט פון פיעל הונדערט ציילען.

*) זעה „היינריך היינע — זיין לעבען און זיינע שריפטען" ארויסגעגעבען פון דיא „אינטערנאציאָנאלע ביבליאָטהעק פערלאג קאָ."



## 2 — דיא אידיש־שפאנישע צייט

דיא תורת טראָגט זיך איבער פון בבל נאָך שפאניען — מחלקות צוליעב גאונים אין פומבדיתאָ — דער אונגליק מיט דיא שלוחים פון סורא'ר ישיבה — דיא גרויסע בעדייטונג פון אבן שפרוט — שפאנישע אידען דערוויסען זיך צום ערשטען מאָל וועגען דיא אידישע מלוכה פון דיא חאזארען.

מיר האָבען פריהער בעמערקט, אַז יהודה הלוי האָט געלעבט אין א גרויסע צייט פאַר אידען. מיר וועלען דערפאַר וואַרפען אַ בליק אויף דעם אידישענשטאַנד אין יענע דורות אום בעסער צו פער־שטעהען אונזער דיכטער. ניט אומזיסט ווערט יענע צייט בעצייכענט אין דער אידישער געשיכטע אַלס דיא „אידיש־שפאַנישע צייט," דיא מדינה פון צלמים און אינקוויזיציעס, וועמעס נאָמען עס וואַרפט ארויף אַ שרעק אויף יעדען דענקענדען מענשען, איז נאָך אין דעם 10טען און 11טען יאָהר הונדערט ניט געווען דיא שפאַניען פון טארקוואמאדעס צייט. דיא קירכע האָט נאָך דאָרט דאַן קיין פעסטען פונדאַמענט ניט געהאַט און דיא שפאַנישע הערשער זיינען דאָס רוב מחמדאַנער, וואָס האָבען גערעדט אַראַביש און געהאַלטען דיא רעליגיאָן פון איסלאַם.

נישט אַלע פון דיא אַראַבישע כליף'ן (הערשער) זיינען געווען פיינע מענשען, מאַנכע פון זיי האָבען ארויסגעוויזען גענוג אכזריות געגען אידען, דאָך דיא מעהרצאָהל פון זיי זיינען געווען גערעכט, גוט און באַרעמהערציג. זיי האָבען געגעבען דיא אידען אַ סך רעכטע, און זיי ערהויבען צו דיא העכסטע שטאַפּלען פון כבוד און גדולה. אין דיא אַראַבישע הויפען האָבען זיך שטענדיג געפונען אידישע דאָקטוירים און אידישע געלעהרטע מיט וועלכע דיא הערשער האָבען שטאָלצירט און אין וועמעס זכות דיא שפאַני־

שע אידען האָבען געגאָסען אַ סך פּרייהייטען און גרויסע פּריווי־לעגיעס.

אין דער צייט פון 950 ביז 1020 נאָך קריסטוס געבורט איז בעזאָנדערס גוט געווען אין שפּאַניען. דער עדלער כליף עבדאל רחמן דער דריטער איז געווען אַ גרויסער ליעבהאָבער פון חכמה און האָט מקרב געווען אַלע מענשען, וואָס האָבען זיך בע־שעפטיגט מיט וויסענשאַפט; קיין אונטערשיעד צו וועלכע אומה אָדער אמונה דיעזע מענשען האָבען געהערט. עס איז דערפאַר גאַנץ גוט געווען קריסטען און אידען, דער אונטערשיעד איז נאָך געווען צווישען דיא יידע, וואָס דיא קריסטען, וועלכע האָבען זיך דעמאָלט גערופען מוזעראבער, האָבען אָנגעהויבען פערלאָזען זייער אמונה און זייער שורש, ווערענד דיא אידען האָבען געזוכט מחזק צו זיין זייער גלויבען, צו בעפעסטיגען דאָס אידישקייט און צו בעלעבען דיא העברעאישע שפּראַכע.

דיא אויפבליהונג פון תורה און חכמה אין שפּאַניען, איז געקומען אין יענער קריטישער צייט, ווען אין דער גרויסער אידישער ישיבה פון פומבדיתא, בבל, האָט דיא תורה אָנגעהויבען ביסלעכווייז שוואַך צו ווערען. דער הייליגער פייער פון דיא אידישע למודים האָט זיך אין בבל ניט אויסגעלאָשען, זאָנדערן ער האָט זיך איי־בערגעטראָגען נאָך אייראָפּאַ. בבל וואָלט נאָך אפשר פּאַר אַ צייט געווען דער מיטעלפּונקט פון אידישע לעהרונג ווען ניט דאָס אָפטע מחלוקות פון דיא דאָרטיגע אידען וועגען דעם טיטעל „גאון“. דאַן האָט נאָך ניט געקענט יעדער רב׳ל זיך אַ נאָמען געבען „גאון“. דיעזען טיטעל האָט מען געמוזט קריעגען. צו ווערען אַ גאון האָט מען געדאַרפט האָבען סמיכה. מאַנכע איז דאָס אָבער דאָך געלונגען זיך ארויפצוכאַפּען אויף דער שטעלע פון „גאון“ אפילו געגען דעם ווילען פון עולם. דאָס האָט אַ סך געהאָלפען אונטערצובריינ־גען דיא ישיבה פון פומבדיתא און דאָס יודענטהום האָט דאָרט אויפגעהערט בליהען און וואַקסען.

קיין גרעסער גליק האָט אויך געהאַט דיא ישיבה פון סורא, וועלכע האָט ארויסגעשיקט פיער שלוחים צו זאַמלען נדבות. דריי

פון דיא שלוחים האָט דער מחמדאַנער אַדמיראַל אבן ראַמחאַיין געפאַנגען. איינעם פון זיי: שמריה בן אלחנן, האָט דער אַדמי־ראַל פערקויפט אין אלכסנדריען, דאָרט האָבען איהם דיא אידען אויסגעלייזט און ער האָט זיך בעזעצט אין קאַירא. דעם צווייטען: הושיאל האָט מען פערקויפט אין אַפריקאַ און ער איז געבליעבען אין קירואַן; דער דריטער: נתן בר יצחק איז פערוואָרפען געוואָרען קיין נאַרבאָן; דער פיערטער אָבער — ר׳ משה בן חנוך — האָט געליטען מעהר פון זיינע אומגליקליכע חברים. ער האָט געהאַט זעהר אַ שעהן, גראָטהען ווייב און אַ קינד וואָס ער האָט שטאַרק ליעב געהאַט און האָט זיי מיטגענומען אויף זיין נסיעה. ווען מען האָט זיי אַלע געפאַנגען האָט דער אַדמיראַל געוואָרפען אַן אויג אויף דאָס אידישע ווייבעל און האָט איהר אָנגעפאַנגען טשעפּען. זעהענדיג, אַז זיא וועט זיך פון זיינע הענד ניט ארויסדרייען, און אַז דיא סכנה איז גרויס, האָט זיא מיט דיא צושטימונג פון איהר מאַן, וועלכער האָט איהר פערזיכערט, אַז זיא וועט אויפשטעהען תחית המתים, זיך אריינגעוואָרפען אין ים. נאָך דעם אומגליק האָט מען ר׳ משה בן חנוך מיט זיין קליינעם זוהן געבראַכט אַלס שקלאַוו אין קורדובה, שפּאַניען, און דאָרט האָט איהם דיא אידישע קהלה אויסגעלייזט, אָבוואָהל קיינעם איז גאָר אויף דער מחשבה ניט געקומען, אַז מיט דעם פדיון שבויים האָבען זיי בעפרייט אַזאַ מאַן, וואָס אויף איהם איז געפאַלען דער גורל אריינצובריינגען אַ נייע ליכטיגקייט אין לאַנד, וואָס דאַרף בעשיינען דאָס גאַנצע יודענטהום פון שפּאַניען.

ר׳ משה בן חנוך האָט באַלד ניט מגלה געווען ווער ער איז, און ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל געקומען אין בית המדרש האָט ער זיך געזעצט ביי דער טהיר אין אַ ווינקעלע און האָט געהערט תורה פון קורדבה׳ס רב ר׳ נתן, וועלכער איז ניט געווען קיין גרוי־סער למדן. ווען ר׳ נתן האָט אָבער אַ טעות געהאַט, האָט זיך ר׳ משה ניט געקענט בעהערשען, איז שטיל צוגעגאַנגען און מיט גרויס עניוות אויפגעקלערט דעם פּשט. דער עולם האָט באַלד דערזעהען, אַז ער האָט צו טהאָן מיט אַ זעלטענעם חריף, דיא לומדים האָבען

זיך פערוואונדערט אויף ר׳ משה׳ס גרויסע בקיאות און טאקע באלד אויף מארגען האט ר׳ נתן מיט׳ן ווילען און גרויס עהרליכקייט איבערגעגעבען דאס רבנות צו ר׳ משה׳ן, ערקלערענדיג איהם אלס גרעסערען למדן.

דער כליף עבדאל רחמן איז געווען צופריעדען פון ר׳ משה׳ס רבנות און זיין גרויסען איינפלוס, וואס ער האט באלד געקראגען אויף דיא שפאנישע אידען. דען מאכענדיג שפאניען פאר דעם צענטער פון אידישקייט און אידישע לעהרונג האבען דיא שפאנישע אידען אויפגעהערט שיקען געלד נאך בבל און האבען נאטירליך פערניצט זייער געלד ביי זיך אין לאנד. אזוי האט זיך געעפענט אין שפאניען דער פרישער שטראם פון תורה און חכמה, וואס האט בעלעבט אלע אידישע הערצער און מחות.

עס זיינען דאן געווען אין שפאניען, אויסער ר׳ משה בן חנוך, אנדערע אידישע געלעהרטע וויא דער מדקדק מנחם בן סרוק און דער שפראכענקענער דונש אבן לברט, אבער גרעסער א סך פון דיא דריי בעריהמטע גדולים איז געווען אבו יוסף חסדאי בן יצחק אבן שפרוט פון דער משפחה אבן עזרה. ער האט אויפגעשטעלט פאר דיא שפאנישע אידען א גייסטיגען בנין, וואס האט געדויערט גאנצע פינף הונדערט יאהר. ער איז געווען דער שטאלץ און דער כבוד אין הויף פון כליף עבדאל רחמן און וויא דיא זונן אין הימעל האט ער אראבגעשיינט אויף זיינע ברידער אין שפאניען און אויף זיין גאנץ פאלק. חסדאי איז געווען א גרויסער למדן, א זעלטענער שפראכענקענער און א בעריהמטער דיפלאמאט און דיעזע אלע דריי מעלות האט ער אויסגענוצט אין אידישקייט. ער האט אזוי בעפעסטיגט דאס שפאנישע יודענטהום און האט אין דעם אריינגעגעבען אזא קראפט, וואס האט זיך ניט אויסגעשעפט און איז ניט שוואך געווארען ביז דיא אינקוויזיציע האט ארויסגעטריעבען דיא אידען פון שפאניען.

אין דער צייט פון חסדאי האט מען זיך דאס דערוואוסט אין שפאניען פון דיא חאזארען, (כוזרים) א אידיש פאלק, מיט א׳ן אייגענע אידישע מלוכה, וואס האט זיך געצויגען פון דעם טייך

דאָן איבער קאַווקאַז ביז צום שוואַרצען ים און דעם דניעפּער. דיא הויפּט שטאָדט האָט זיך געפונען אויף איין אינזעל פון דער וואָלגא. חסדאי איז אויך געוועזען דער ערשטער איד, וואָס האָט געשריעבען אַ בריעף אויף לשון הקודש צו דעם חאַזאַרישען מלך יוסף, וועלכער האָט איהם געענטפערט, אַז דיא חאַזאַרען שטאַמען ניט פון דיא עשרת השבטים זאָנדערן, אַז זייער מלך בולאַן האט זיך מגיר געווען און אָנגענומען דעם אידישען גלויבען. דיעזען שטאָף האָט שפּעטער ר׳ יהודה הלוי בענוצט פיר זיין גרויס פילאָזאָפיש ווערק ספר הכוזרי, אין וועלכען ער ווייזט אויף, אַז פון אַלע גלויבענס איז דאָס אידיש גלויבען דאָס ריכטיגע.

אין פראַנקרייך האָט זיך צווישען דיא אידען אויך שטאַרק בעפעסטיגט דאָס לעהרנען תורה, אָבער וויא אין אַנדערע קריסטליכע לענדער, האָבען דאָרט אידען שטאַרק געליטען פון דיא גלחים און עפּיסקאָפּען, וואָס האָבען געהאַט דיא הויפּט דעה אין לאַנד. אַלע ווייליע פלעגט דיא קירכע אונטערהעצען און מאַכען אינטריגעס וואָס פלעגען ברייגגען בלוטפערגיעסונג און טויט.

אין דייטשלאַנד איז דעמאָלט דיא אידישע לאַגע געווען אַ מיטעלמעסיגע, צו דערליידען. קיין לומדים האָבען זיך צווישען זיי ניט געפונען און ערשט אין יאָהר 960 איז געבאָרען געוואָרען דער בעריהמטער רבינו גרשום בן יהודה, וואָס מען האָט איהם ניט אומזיסט גערופען „מאור הגולה“ (דאָס ליכט פון גלות) רבינו גרשום און זיין ברודער רבינו מכיר האָבען בעפעסטיגט דאָס לעהרנען פון תורה. רבינו גרשום האָט געשריעבען אַ פירוש אויף עטליכע מסכתות און אַלע פראַנצויזישע, דייטשע און איטאַליענישע אידישע קהלות האָבען איהם בעטראַכט וויא אַ גאון און מען האָט זיך אויפגעהערט ווענדען מיט שאלות קיין בבל. בעזאָנדערס האָט זיך רבינו גרשום בעריהמט געמאַכט מיט דעם חרם, אַז מען טאָר ניט נעהמען מעהר וויא איין ווייב.

אין מאַיניז האָבען אידען דעמאָלט געליטען גרויסע צרות. דער קייזער היינריך דער צווייטער האָט געגלויבט אויף אידען אַלע בלבולים, וואָס דיא גייסטליכע און סתם אידישע שונאים

האָבען איהם דערצעהלט. אידען זיינען געצוואונגען געווען זיך צו שמד'ן און צווישען דיא גע'שמד'טע איז אויך געווען רבינו גרשום'ס א זוהן.

אין דעם 11־טען יאָהרהונדערט האָבען זיך אויך אָנגעהאַנגען רדיפות אין דיא לענדער פון מזרח־זייט און מצרים. דער כליף חכים איז געווען אַ זעלטענער פאַנאַטיקער און האָט זיך ענדליך אליין איינגערעדט, אז ער איז אַ גאָטט און געוואָלט מען זאָל אין איהם גלויבען. ער האָט אָנגעטהאָן גרויסע צרות ניט נאָר אידען אליין, נאָר אויך קריסטען און מחמדאַנער, וואָס האָבען ניט אָנער־קענט זיין געטליכקייט. געוועהנליך האָבען אידען געליטען אַם מעהרסטען, ביז אין דעם יאָהר 1020 האָבען איהם דיא מחמדאַנער אליין דער'הרג'עט.

* * *

אָט אַזוי האָט אויסגעזעהן דיא אידישע וועלט 136 יאָהר פאַר יהודה הלוי'ס געבורט. אַזוי האָט זיך אין שפּאַניען גענומען ענטוויקלען אַ פּעטער, פעסטער באָדען פאַר דיא שפּעטערע אידישע נביאים פון דער נייער צייט. אָבוואָהל שפּאַניען איז שוין דעמאָלט געווען רייך אין אידישע גדולים, קענער אין פערשיעדענע צווייגען פון וויסענשאַפט, איז נאָך פון דעסטוועגען דער שטאָף פון יהודה הלוי'ס נשמה ניט אין גאַנצען פאַרטיג געווען. אידען האָבען נאָר געדאַרפט אַ סך לעהרנען, קעמפּפען שטייגען און פאַלען, זיעגען און פערלירען, אויפטהאָן און בעפעסטיגען ביז דיא צייט פון דעם גרעס־טען אידישען זינגער איז געקומען. יהודה הלוי, אַלס דער פאָל־שטענדיגסטער אידישער גייסט, האָט געמוזט געבאָרען ווערען אין אַן אָרט, וואו דיא תורה און דיא חכמה האָבען עררייכט זעהר אַ הויכע שטופע און האָבען זיך פעסט איינגעוואָרצעלט אין דיא אי־דישע הערצער און מחות און האָבען גענאָסען כבוד, גלאַנץ און גדולה. ערשט דעמאָלט איז געקומען יהודה הלוי און האָט דאָס אַלץ איינגעזויגען אין זיך, איינגעזאַפּט אין זיין היילינער, גרויסער זעעלע, און געגעבען אידען און אידישקייט דעם העכסטען, פאָל־שטענדיגסטען אויסדרוק אין זיינע אונפערגלייכליכע מייסטערווערק.

## 3 — פאָרטשריט פון שפּאַנישע אידען

דיא אינלענדישע מחלקות פון דיא מחמדאנישע הערשער אין שפּאניען — עס קומען צו נייע אידישע גדולים אין תורה און דרך ארץ — דער שוידערהאפטער סוף פון אביל־הוסיאן יוסף אבן־נאגרעלא און דיא אויסשלאכטונג פון אידען אין גראנאדה — דיא ערשטע מחברים מפרשים פון תוספות.

נאָך חסדאים טויט איז געוואָרען דער הויפּט פיהרער פון די שפּאַנישע אידען, ר' שמואל הנגיד פון דער משפחה אבן־נאגרילה, וועלכער איז געווען אַ מענש מיט אַ פעסטען ווילען, אַ שאַרפען מח און מיט אַ גוט, עדעל האַרץ. ר' שמואל האָט געלעהרנט תורה ביים לעטצטען רב חנוך — לשון הקודש און דקדוק — ביי ר' יהודה חיוג, און אַנדערע לשונות — ביי דיא בעסטע שפּאַנישע געלעהרטע. ווען ער איז אַלט געוואָרען צוואַנציג יאָהר איז אין שפּאַניען אַרויס אַ אינעוועניגסטע קריעג און עטליכע ערטער האָבען זיך אָבגעטהיילט און זיינען געוואָרען זעלבסטשטענדיגע קליינע מלוכות. דעמאָלט זיינען פיעל אידישע פאַמיליעס געצוואונגען געווען זיך אַרויסצו־קלייבען פון קורדבה און זיך בעזעצען אין גראַנאַדאַ, טאָלעדא און סרגוזה, און שמואל איז אַריבער קיין מאַלאַגאַ, אַ שטאָדט ביי'ם ים, וואו ער האָט זיך געצויגען זיין פרנסה פון אַ קליינע קלייטעל, וואָס ער האָט דאָרט געעפענט ניט ווייט פון אַ פּאַלאַסט, וואָס דעם גראַ־נאדישען קעניג'ס חאַבום הויפּט־מיניסטער אבו־אלקאסאם אבן־אלעריף האָט אויסגעבויט. שמואל האָט זיך אויסגעקליעבען דעם אָרט צו זוכען פרנסה רעכענענדיג, אַז נעבען אַ גרויסען פּלאַטין וועט ער מעהר פערדיענען. זיין גורל האָט איהם אָבער ניט בעשטימט פאַר אַ קרעמער און ער האָט דורך דאָס שכנות דערגרייכט דעם גרעסטען גליק. שרייבענדיג בריעף פאַר דעם הויפּט מיניסטער'ס אַ שקלאַווין איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט דעם מיניסטער אבן־

אלעריף, וועלכער האָט אים געמאַכט פאַר זיין סעקרעטאַר. שמואל האָט ערשט געהאַט דיא געלעגענהייט ארויסצואווייזען זיין שאַרפ־זינן און גלייכען פערשטאַנד אין געבען עצות און בעזאָרגען גרויסע זאַכען. זיין נאָמען איז שטאַרק געשטיגען און ווען אבן אלעריף איז קראַנק געוואָרען צום שטאַרבען, האָט ר׳ שמואל פערנומען זיין שטעל אַלס הויפּט מיניסטער. ער איז דאַן געשטיגען אַלץ העכער און העכער ביז דער קעניג האָט איהם געשאָנקען דעם טיטעל נגיד. (פירסט).

אַז דער קעניג חאַבוס איז אין יאָהר 1037 געשטאָרבען, איז דיא מלוכה — מיט שמואל׳ס הילף און געגען דעם ווילען פון דיא דעמאָלטדיגע פיינסטע אידישע עשירים: יוסף אבן מיגאש, יצחק בן ליאון און נחמיה אשקפּה — איבערגעגאַנגען צו חאַבוס׳ס עלטערען זוהן, באַדיס. שמואל האָט אויסגעפיהרט א סך נצחונות פאַר דעם הערשער און איז געוואָרען דער גרעסטער חשוב אין באַדיס הויף. אָבוואָהל שמואל איז געווען שטאַרק פערנומען מיט דער מלוכה, וועלכע איז כמעט אין גאַנצען געלעגען אויף זיינע הענד, האָט ער דאָך געהאַט צייט זיך צו בעשעפטיגען מיט רבנות און איז געווען אַרומגערינגעלט מיט לומדים, וואָס האָבען איהם געהאָלפען פיהרען אַ ישיבה און אַכטונג געבען אויף דער אמונה, זיא זאָל האָבען איהר ריכטיגען גלאַנץ. עס פלעגען געהן שאלות־תשובות צווישען איהם און דיא רבנים פון בבל, מצרים, סיריען און אַפריקאַ און ער האָט געשיקט גרויסע נדבות צו רב האי גאון און רב נסים פון קיירואן מען זאָל אויסהאַלטען ארעמע תלמידים. דערצו האָט ער נאָך אַליין אָנגעשריעבען צוויי און צוואַנציג ספרים און האָט דאָרט אַרויסגעוויעזען גרויס בקיאות אין לשון הקודש, אָבוואָהל ער האָט זיך ניט געקענט אויסגלייכען מיט דעם בעריהמטען מדקדק אבן גנאַ׳ח, וועלכער איז פונקט ווי ער געווען א ציערונג פאַר אידען פון יענער צייט.

יונה, מרינוס אבן־גנאַ׳ח, אָדער וויא ער האָט געהייסען אין אַראַביש: אבול־וואַליד־מערוואן, איז אויך ערצייגען געוואָרען אין קורדובה, וואו ער האָט געשטודירט מעדיצין אין דער אוניווערזיטעט,

וואס דער כליף אלחכים האָט געגרינדעט. שפּעטער, ווען אין שפּאַ־
נ איז געוואָרען אומרוהיג, האָט אבן־גנאַ'ח פערלאָזען זיין גע־
בורטס־שטאָדט און זיך בעזעצט אין סאַראַגוזה. עס וועט זיין ניט
מעהר וויא רעכט צו זאָגען אַז ער האָט געשטעלט דיא העברעאישע
שפּראַכע אויף אַ געזונדען פוס, ווייל ער האָט זיין גאַנץ לעבען
געאַרבייט נאָר אין דקדוק און געזוכט פעסטע כללים עס זאָל לייכ־
טער זיין צו לערנען לשון קדוש. ער האָט דערפאַר אָנגעשריעבען
אויף דער עלטער זיין בעריהמטען פירוש אויף דער תורה, וואָס
איז בעקאַנט מיט דעם נאמען „ספר הרקמה“. ער האָט געקוקט
אויף יעדען פּסוק פון דער תורה וויא אַן אמת'ער דענקער און זיין
כלל איז געווען, אַז דיא תורה רעדט מיט אַ מענשליכער שפּראַכע,
וואָס דאַרף פערשטאַנען ווערען אָהן שום סודות און אָהן רמזים.

אויסער **אבן גנא'ח** און דער ליכטיגער שטערען שלמה בן גבירול,
וועלכע האָבען בעלויכטען דעם הימעל פון דער שפּאַניש־אידישער
ליטעראַטור פון דיא ערשטע העלפט פון 11טען יאָהר־הונדערט, איז
אויך אויפגעשטאַנען אַן אַנדער אידישער פילאָזאָף — רבנו בחיי
הדיין בן יוסף אבן פּקודה (בקודה). דיעזער געלעהרטער האָט זיך
גענומען אויף אַן אַנדער דרך. ער האָט געוואָלט בעקרעפטיגען דאָס
אמת'ע פרומקייט צווישען אידען. ער האָט געוואָלט מאַכען אַ
נייעם קאָדעקס מיט דינים פאַר'ן האַרצען. ער האָט דיא מצוות
אָנגעקלייד אין אַ נייעם מאַנטעל פון קדושה און אויפגעוויעזען וויא
געשמאַק און גוט דאָס איז פרום צו זיין. אויף זיין ספר „חובת
הלבבות“ דיא „פפליכטען פון דיא הערצער“ שוועבט אַזאַ זיס־
קייט און חן, אַז זיי געווינען מיט זייער צויבערקראַפט דיא אמת
עהרליכע אידען. זיין הויפּט לעהרע איז געווען, אַז דער מענש
זאָל נאָר לעבען לשם שמים. ער האָט געוואָלט איינפיהרען אידישע
נזירים, אָבגעזונדערטע פון דער וועלט. פונקט וויא ביי קריסטען
און אינדער, און זיינע ספרים זיינען ביים פאָלק שטאַרק בעליעבט
געווען.

אָט אַזעלכע מענשען האָבען דאָס געלעבט אין שמואל הנגיד'ס
צייט. זיי האָבען געהאַט מיט איהם אין איינעם נאָר איין ציעל :—

צו דערהויבען און שטארקען דאס אידישקייט. נאך שמואל׳ס טויט האט דער קעניג באדיס איבערגעגעבען זיין שטעלע און געשענקט דאס אייגענע צוטרויען ר׳ שמואל׳ס זוהן אבול־הוסיאן יוסף אבן־נאגרילא. אבוואהל ער איז נאך געווען זעהר יונג, האט ער דאך געקענט אין דער זעלבער צייט זיין דער הויפט פיהרער פון דער רע־גיערונג און דער פארשטעהער פון דיא שפאנישע אידען. ער איז אין גרונט געוועזען א בעשיידענער מענש, נאר דארט, וואו ער האט געוואלט ארויסווייזען זיין גרויסקייט האט ער זיך גראד געשטעלט מיט גרויס עקשנות, וואס מאנכע האבען אנגענומען פאר גאוה. זיין עקשנות האט איהם געבראכט זעהר פיעל שונאים. איבערהויפט זיינען איהם דיא אראבער געווארען בלוטיגע פיינד דערפאר, וואס ער האט זיך ארומגערינגעלט נאר מיט אידען און האט זיי געגעבען דיא גרעסטע און בעסטע שטעלען. יוסף האט אבער ענדליך געהאט א שרעקליכען סוף. זיינע שונאים איז דאס סוף כל סוף געלונגען צו מאכען א שנאה צווישען איהם און דעם קעניג באדיס. געפאלען איז יוסף אין אונגנאדע דערפאר, וואס ער האט זיך איינגעשפארט און ניט געוואלט נאכגעבען דעם קעניג׳ס פערלאנג, אבווארל ער האט מיט זיין עקשנות פערהיט דאס לאנד פון א גרויסע סכנה. אבוואהל דער קעניג האט שפעטער אויסגעפונען, אז יוסף דאט רעכט געהאט און האט איהם כלומר׳שט פערגעבען מיט׳ן מויל, איז ער איהם אבער אין הארצען געבליבען א דם שונא און האט זיך שוין צוגעהערט צו אלע רכילות׳ן פון יוסף׳ס שונאים.

עס איז פלוצלונג ארויס א קלאנג, אז יוסף, דער אידישער מי־ניסטער, האט געוואלט פערקויפען גראנאדה צום שונא. באדיס האט געוואוסט, אז דאס איז א ליעגען, אבער ער האט זיך גאר ניט וויסענדיג געמאכט און האט געלאזט דאס פייער זיך צוברענען. מיט גרויס אכזריות איז דאס פאלק בעפאלען יוסף׳ס פאלאסט; ער האט זיך געוואלט בעהאלטען אין קאמער פון קוילען און האט זיך אויסגעשמירט דעם פנים, נאר מען האט איהם דערקאנט און באלד גע׳הרג׳עט. ווען דאס פאלק האט זיך פאנאנדערגעלאזט האט עס ניט געוואוסט קיין אויפהער און עס זיינען באלד נאכהער געטוידט

געוואָרען פופּצעהן הונדערט אידישע משפּחות, זייערע הייזער האָט מען פערברענט. דיא איבריגע — צווישען זיי אויך יוסף׳ם פרוי און זיין זוהן עזריה — זיינען אנטלאָפען קיין אליסאַנא (לוזענא) בארוועס און נאקעט.

יוסף׳ם שרעקליכער סוף האָט געמאַכט אַ שטאַרקען רעש ניט נאָר צווישען אידען, נאָר אויך ביי אַנדערע פעלקער, וואָס האָבען געהערט פון זיין גרויסקייט און איבערגעבענהייט צו דער רעגיערונג. איינער פון דיא בעריהמטע אראַבישע דיכטער אבן אלפרי אין אלמי־ריד האָט אָנגעשריעבען אַ ריהרענדע קינה אויף יוסף׳ם טויט און לאָזט אוים מיט דיא ווערטער : „מיין אמונה איז ביי מיר דאָס טהייערסטע, דען זיא הייסט מיר פאַר דעם אידען לאָזען אַ טרעהר.“ מען האָט דעם דיכטער באַלד פערקלאַגט פאר׳ן קעניג און געוויזען אַז עס איז ניט שעהן פאַר אַ מחמדאַנער צו בעווייגען אַ אידען. נאָר דער קעניג האָט דערויף געענטפערט : „איך זעה אַרוים, אַז דער דיכטער מוז האָבען אַ עדעל האַרץ, דען ער בעווייגט אַ אידען אפילו נאָך׳ן טויט און פיעל פון אונזערע מחמדאַנער קוקען זיך אפילו ביי׳ם לעבען ניט אום אויף זייערע גלויבענס־ברידער.“

דער בלוטיגער אויפשטאַנד געגען יוסף אבן נאגרילה האָט זיך פון דעסטוועגען ניט פערוואַנדעלט אין אַן אַלגעמיינעם יודענ־האַס אין שפּאַניען. ווען דיא טרויעריגע מהומה אין גראַנאַדה איז פאַרביי, איז ווידער געוואָרען שלום ושלוה. אידען האָבען ווייטער גענאָסען דיא זעלבע רעכטע און פרייהייטען וויא פריהער. אומע־טום האָבען זיי געהאַט דיא בעסטע שטעלען ביי דיא מחמדאַנישע הערשער. דאָס האָט געפיהרט דערצו, אַז אפילו דיא קריסטליכע קעניגע האָבען אויך אָנגעפאַנגען צו בעהאַנדלען אידען מיט מעהר איינזעהענים און האָבען זיך איינגעשאַפט אידישע יועצים און דאָקטוירים אין זייערע הויפען.

דיעזע גליקען האָבען אָבער צו קיין גוטס ניט געפיהרט. וואָס מעהר תקיף אידען זיינען געוואָרען אין דיא קריסטליכע מדינות און וואָס גרעסער זייער ראָלע איז געוועזן אין דיא הויפען פון דיא קריסטליכע קעניגע, אַלץ גרעסער איז געוואָרען דיא קנאה, שנאה,

פון דיא גייסטליכע, וואָס האָבען געזוכט אַלערהאַנד תחבולות זיך נוקם צו זיין. גרוים אכזריות האָט דאַן אַרויסגעוויעזען דער פּאַפּסט הילדיבראַנד, וועלכער האָט זיך גערופען גרעגאָר דער זיבעטער. ער איז געווען אַ בעוואוסטער צורר היהודים, אַ בלוטיגער אידען־פיינד און האָט צוגערעדט אַלע קעניגע זיי זאָלען זיך דערוויטערען פון אידען. אין דעם יאָהר 1078 האָט דער בלוטדורסטיגער גרעגאָר צוזאַמען גערופען אין רוים איין אסיפה פון גייסטליכע, וואו מען האָט בעשלאָסען פאָרצולייגען אַלע קעניגע זיי זאָלען ניט דערלאָזען אידען צו קיין אמט. טרעפען האָט מען דערמיט געוואָלט נאָר קאַסטילען, וואו דער קעניג אַלפאָנסא דער זעקסטער פון קאַסטי־לע האָט געהאַט אין הויף אַלס לייב־דאָקטאָר אין יועץ דעם אידי־שען געלעהרטען עמרם בן יצחק אבן־שלביב. אויך אַ איד צידעלוס איז ביי איהם געווען זעהר חשוב.

אין שפּאַניען איז דאַן געווען אַ אונרוהיגע צייט. דיא קליי־נע מחמדאַנישע מלוכות פון גראַנאַדה, קורדובה און טולידא האָ־בען געשאַרפט דיא צייהנער איינע אויף דיא אַנדערע און דער קריכטליכער קעניג אַלפאָנסא דער זעקסטער פון קאַסטילען האָט דערווייל געוואָלט כאַפּען פיש אין מוטנע וואַסער, העטצענדיג איין מלוכה'לע אויף דער צווייטער זיך אַריינכאַפּענדיג אַליין אין מיטען מיט אַ כיון עפּעס איינצושלינגען. דיא אידען איז דאַן געוואָרען ביטער פון אַלע זייטען. אָבער וויא שלעכט און אונזיכער זייער עקסיסטענץ איז געווען האָבען זיי זיך דאָך געהאַלטען אַן דער תורה. זיי האָבען געמאַכט ישיבות און געלעהרנט מיט מעהר פליים און איבערגעבענהייט וויא פריהער. צווישען דיא אידען, וואָס האָבען זיך דאַן בעשעפטיגט מיט וויסענשאַפטען, זיינען בעזאָנדערס בע־קאַנט דיא נעמען פון משה בן שמואל אבן־גיקטאַליאַ און יהודה אבן־בלעם פון טולידה. פון דיא לומדים אָדער, וואָס האָבען אין יענער צייט שטאַרק בעפעסטיגט דעם תלמוד, האָט זיך בעריהמט געמאַכט רבינו יצחק בן יעקב אלפסי, אָדער אַלקאַלאַיי (אָדער רי"ף) אין זיין ישיבה האָט דאָס אונזער דיכטער יהודה הלוי געלעהרנט תורה און פערשיעדענע אידישע למודים.

רבינו יצחק בן יעקב אלפסי איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1013 אין א דאָרף ניט ווייט פון פעז אין אפריקא. ווען ער איז נאָך א יונגער מאַן געווען איז ער געקומען אין שיבילה און איז בעקאַנט געוואָרען פאַר א גרויסען מופלג. זיין ארט לעהרנען איז געווען ניי און האָט, וויא יעדער נייער אויפטהו, אַרויסגערופען פיעל געגנער. דיאביידע רבנים פון שיבילה: ר׳ יצחק בן ברוך אַלבאַליה און ר׳ יצחק בן יהודה אבן־גיאת. זיי האָבען איהם שטאַרק גע׳רודף׳ט אפילו דאַן, ווען זיין חיבור אויף תלמוד, וואָס מען האָט גערופען אויף זיין נאָמען „אלפס“, האָט שוין געקלונגען אין דער וועלט. איבער דיא רדיפות, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטעהען, האָט רבינו יצחק אלפסי געמוזט אַוועקפאָהרען פריהער קיין קורדובה און שפּעטער האָט ער זיך בעזעצט אין לוצענא, וואו ער איז געבליעבען רוהיג און איז געשטאָרבען אין הויכען עלטער פון נייַנציג יאָהר.

מיט דעם טויט פון אלפסי האָבען זיך נאָך ניט אויסגעלאָזט דיא גרויסע אידישע געלעהרטע פון יענעם דור און אין דעם יאָהר 1030 איז געבאָרען געוואָרען אין דער שטאָדט טרויס אין שאַמפאַן, פראַנקרייך, ר׳ שלמה יצחק, וועלכער איז בעקאַנט מיט דעם נאָמען רש״י. דיעזער גרעסטער פון אלע אידישע מפרשים פון אלע צייטען, וועלכער האָט מעגליך געמאַכט פאַר דער וועלט צו לעהרנען און פערשטעהען תנ״ך און גמרא, האָט וויעדער איבערגעלאָזט זיינע בעריהמטע דריי אייניקלאָך. איינער פון זיי ר׳ שמואל בן מאיר, וואָס מען האָט גערופען רשב״ם און ר׳ יעקב, וואָס איז בעקאַנט אלס רבנו תם. וועלכער איז אין גרינט גענומען געווען איינער פון דיא ערשטע בעלי תוספות.

* * *

פון דעם געזאָגטען קאפּיטעל קענען מיר האָבען א אויבערפלעכליכען בעגריף פון אידען און אידישקייט אין ערשטען העלפט פון 11טען יאָהרהונדערט. מיר האָבען אין דעם קאפּיטעל ניט געזעהען דעם לעטצטען אָטהעם צוג פון דיא גאונים אין בבל, און וויא רש״י איז געבאָרען געוואָרען דאַן, ווען דער לעטצטער גאון ר׳

חזקיה איז גע'הרג'עט געוואָרען אין פּמבדיתא. דער קאַפּיטעל איז געשריעבען געוואָרען בקיצור, ווייל דאָס געזאָגטע איז ניט בע־שטימט צו זיין אידישע געשיכטע, זאָנדערען צו וואַרפען א שטראהל אויף דיא גרויסע אידישע לייט און דיא געשיכטליכע פּאַ־סירונגען, וואָס האָבען אויסגעפּלאַסטערט דעם וועג פאַר יהודה הלוי. דיא אלע נעמען און געשעהעניסען פון דיא צוויי קאַפּיטלען, איבער דיא „שפּאַניש־אידישע צייט", אינטערעסירען אונז נאָר אויף אַזוי ווייט וויא זיי האָבען שפּעטער געהאַט אַ ווירקונג אויף יהודה הלוי'ס פּאָעטישע און פילאָזאָפישע שאַפונגען. און א שטאַר־קע ווירקונג האָבען זיי געהאַט. דען נאָר מיט אַזאַ גרויסען, ריי־כעז פּאָרראַטה פון פערשיעדענע גייסטיגע מלחמות און נצחונות מיט אַזעלכע אונשאַצבארע, הייליגע אוצרות פון תורה און דרך ארץ און מיט אזוי פיעל זעלטענע, כמעט אונגלויבליכע, לעגענדארישע און דאָך אמת'ע פּאַסירונגען האָט יהודה הלוי געקענט שאַפען וואָס ער האָט געשאַפט. דאָך איידער מיר טרעטען צו צו זיינע פּאָעטי־שע און פילאָזאָפישע ווערק מוזען מיר ווארפען נאָך איין בליק אויף דער געשיכטע פון יענער צייט און איבערהויפּט אויף דעם אידישען מצב צווישען דיא אומות.

---

## 4 — דער קאמפף וועגען אמונה.

דיא שטורמדיגע צייט אין וועלכע יהודה הלוי האָט געלעבט און געווירקט — דער שטאנד פון דיא אידען אין משך פון דעם ערשטען קרייצצוג — קריסטען געהען מיט פייער און שווערד — בלוט בעדער, שמד און הימעל שרייענדע אכזריות — אידען אונטער דיא הערשאפט פון דיא אל־מורבידען אין שפאניען.

דער סוף פון עלפטען יאָהרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבען מיט איינעם פון דיא בלוטיגסטע קאַפּיטלען אין דער וועלט־געשיכטע און ממילא שוין אין דער געשיכטע פון אידען, דען קוים פאַנגען אן דיא פעלקער משוגע צו ווערען איז שטענדיג דער ערשטער קרבן דער איד. דיא אנהענגער פון דיא צוויי גרעסטע אומות אין דער וועלט : קריסטען און מחמדאַנער האָבען אָנגעפאַנגען צווישען זיך אַ „היילינע" מלחמה. מיט'ן שווערד אין האַנד האָבען זיי געוואָלט אויסשטרייטען דעם אויבען־אָן אין הימעל און אויף דר'ערד. דאָס איז געווען דיא שרעקליכע צייט פון קרייצצוגען, וואָס האָבען שיער פאַרטרונקען גאַנץ אייראָפּא אין בלוט. יהודה הלוי איז נאָך דאַן געווען אַ קינד, ווען דיא קריסטליכע מחנות מיט שווערד און צלם אין דיא הענד האָבען אויסגעשלאַכטעט, פערברענט, פערניכטעט און אויסגע'שמד'ט גאַנצע אידישע קהלות.

דער בלוטיגער קריעג האָט זיך אָנגעהויבען צוליעב ירושלים. דיא הייליגע שטאָדט מיט איהרע היסטאָרישע קברים, איז געוואָרען דיא סיבה פון אַ שוידערהאַפטע מהומה, וואָס האָט געדויערט במעט צוויי הונדערט יאָהר. דיא טערקען, וואָס האָבען דאמאלס געהערשט אויף פּאַלעסטינא האָבען ניט נאָר דיא אידען אַליין ניט צוגעלאָזט צו דער הייליגער שטאָדט, נאָר אפילו ד'יא קריסטען, וואָס פלעגען קומען מתפלל זיין אויף דעם קבר פון זייער „גואל", פלעגען אויך מוזען אויסשטעהען גרויס אכזריות און שאַנד, זעהר אָפט נאָר דערגרייכען זייער ציעל דורך גרויסע סומען געלד. דיא

סירישע קריסטען און אויך דיא וואס פלעגען געהען קיין ירושלים האבען זיך שטארק אנגעליטען און איינער פון זיי, וואס האט מיט זיינע אייגענע אייגען געזעהען דאס אכזריות פון דיא טערקען, פעטער פון אמיען, האט דעריבער געמאכט א גרוים געשריי אין איירא‌פא, עס איז געווארען אן אסיפה פון גייסטליכע אין קלירמונט, פראנקרייך, און עס איז בעשלאסען געווארען, אז ווער עס האט נאר גאט אין הארצען זאל זיך אוועקלאזען נאך פאלעסטינא זיך אננעהמען פאר דעם כבוד פון דער אמונה.

מעהר האט מען ניט געדארפט. עס פעדלען קיין מאל ניט אין דער וועלט קיין פאנאטיקער און קיין רשעים און עס האבען זיך טאקע באלד גענומען קלייבען גאנצע מחנות קריסטען, אנדערע לשם שמים און אנדערע סתם אזוי פון הפקר וועגען, און דיא הפקר יונגען זיינען געוועזען דיא מעהרצאהל, דען זיי האבען געוואוסט אז כאי וויא סאי וועלען זיי דערצו ניט דערלעגען.

מיט רויטע קרייצען אויף דיא קליידער, און פיעל אויך מיט אויסגעברענטע קרייצען אויפ'ן לייב, האבען זיי אנגעהויבען געהן קיין ארץ ישראל. געוועהנליך האט מען זיך פאר איין וועגס פאנאנדער געלאזען דיא פרומע הענד צו רויבען און מארדען אונשולדיגע אידען.

דיא לאגע פון דיא אידען אין דייטשלאנד איז דאן געווען ניט שלעכט. א בעוויז דערצו קען דיענען, אז ווען דער עפיסקאפ רידיגער האט געוואלט מאכען „שפייער“, פאר א שטאדט, האט ער אן עצה געגעבען דיא אידען, זיי זאלען זיך דארט בעזעצען. דער קייזער היינריך דער פיערטער האט זיי געגעבען אלע רעכטע און פרייהייטען. אבער גראד אין דער זעלבער צייט איז ארוים א קלאנג, אז ביז דעם יאהר 1104 מוז משיח קומען, נאר אין מיטען פון זייערע פאלשע האפנונגען האבען זיך אנגערוקט אויף זיי דיא בלוטיגע קרייצפאהרער און האבען גענומען ווייזען וואס זיי קענען.

דיא ערשטע כתה, וואס פעטער פון אמיען אליין מיט זיינע אכט הויפטלייט און דער גייסטליכער גאטשאלק האבען געפיהרט, דאט זיך ניט בענוגענט מיט רויבען און פלינדערען אידישעס פער־

מעגען, נאָר אפילו גוים האָבען זיי אויך ניט געשווינט. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און עס האָבען זיך פעראייניגט גרויסע מחנות שלעכטע מענשען, פון אַלע זייטען האָבען זיי זיך פאַנאַנדערגע־לאָזט און גענומען רויבען און מאָרדען אידען. עס האָט זיך פלוצ־לונג דערהערט, אַז אויף קריסטוס קבר האָט מען געפונען אַ פּאַ־פּיער, דאָס דיא הייליגע העלדען מוזען זעהען אָבצו׳שמד׳ן אידען. דיא הויפט רציחות האָבען זיך אָנגעפאַנגען אין פראַנקרייך, באַלד אָבער האָבען זיי זיך צושפרייט איבער אייראָפּא. אידען האָבען גוזר תענית געווען אין דיא שולען, אָבער מען האט זיי פון דיא שו־לען ארויסגעריסען און געבראכט מיט געוואַלד אין דיא קירכען און געטויפט. דיא וואָס האָבען ניט געוואָלט, זיינען אויף דער שטעל גע׳הרג׳עט געוואָרען. אידישע טעכטער, וואָס האָבען ניט געוואָלט אריינפאַלען אין דיא הענד פון דיא הייליגע שענדער האָבען זיך אליין דאָס לעבען גענומען. איינע פון דיא אידישע טעכטער, וואָס האָט אַזוי מקדש ה׳ געווען איז מרת אסתר בת ר׳ יחזקיה הגבאי און איהר נאמען איז געבליעבען אויף אייביג.

דיא אידען פון שפּאַיער וואָלטען פערניכטעט געוואָרען אין גאַנצען, ווען ניט דער גוט־הערציגער עפּיסקאָפּ יואַנזין, וועלכער האָט זיי בעהאַלטען ביי זיך. ווען דיא שונאים זיינען זיי בעפאַלען, האָט דער עפּיסקאָפּ בעגייסטערט דיא אידען זיי זאָלען זיך ניט אונ־טערגעבען. ער האָט זיי געהייסען אַרויסגעהן מיט כח און זיך שטעלען געגען זייערע רוצחים. „זייט אידען“ —האָט זי״ געזאָגט —„אַן אויג פאַר אַן אויג“... און אויף אַזאַ אַרט זיינע[illegible] טאַקע ניצול געוואָרען פון דיא רוצחים.

דיא אידען פון וואָרמס האָבען זיך כמעט אַלע אַליין אויס־געשלאַכטעט. אויף קדוש השם זיינען זיי געגאַנגען און האָבען זיך ניט געטויפט. דיא איבעריגע האָט מען געקוילעט אין דיא גאַסען. אַכט הונדערט אידען זיינען דאַן אומגעקומען אין וואָרמס, און צווישען דיא קדושים האָבען זיך אויך געפונען דיא קינדער פון רבינו יצחק הלוי, וועלכער איז געווען דער רבי פון רש״י, און אַ סך פון זיינע תלמידים. באַלד האָט זיך דיא בלוטיגע מהומה איבער־

געטראָגען נאָך קעלן און באַלד נאָך בעהמען, וואו אידייש בלוט האָט זיך געגאָסען וויא וואַסער. נאָך ערגער איז געוועז דיא אידען פון ירושלים. ווען גאָטטפריעד פון בוליאָן האָט איינגענומען דיא הייליגע שטאָדט, האָט ער אם 15טען יולי 1099 צוזויפגעזאַמעלט אַלע אידען, און מיט זיי אויף דיא קאַראַאימעס, אין איין שוהל, און האָט זיא אונטערגעצונדען פון אַלע זייטען.

דיא אידען פון שפאַניען האָבען זיך אָבער ניט געהאַט וואָס צו בעקלאָגען. דיא נייע הערשער פון'ם לאַנד, די אל־מוראַבידען, האָבען זיי בעטראַכט אַלס דיא בעסטע און ניטצליכסטע בירגער פון לאַנד. דער צווייטער אל־מוראַבידישער כליף עלי האָט געגעבען די אידען שטעלען: זיין לייב־דאָקטאָר איז געווען אַ איד איינער פון די בעריהמטע דיכטער אבו־איוב שלמה אלמולאם פון שיבילה. אויסער איהם האָט ער געהאַט אַ אידישען יועץ, אויך אַ דאָקטאָר אבול־חסאַן אברהם בן מאיר אָבן־קמניאל פון סאַראַגוזה. אין דער צייט האָט אויך געדיענט ביי איינעם פון שפאַניען'ס קריסטליכע קעניגע, אַ גרויסער מאַן מיט'ן נאָמען שלמה אבן־פרוצל, וואָס איז געהרג'עט געוואָרען אין אַ מלחמה און וואָס זיין טויט האָט ר' יהודה הלוי בעוויינט אין אַ פייערדיגע קינה. פון אַנדערע בעריהמטע אידען, וואָס האָבען דאַן געלעבט, מוז מען דערמאָהנען ר' אברהם בר' חייא אלברג'לוני, וואָס איז געווען מיניסטער ביי איינעם פון דיא מחמדאַנישע הערשער, און איז ביי איהם געווען דער גרעסטער חשוב צוליעב זיין חכמה, און ר' יוסף אבן־מיגאש, איינער פון אלפסי'ס תלמידים, וואָס האָט זיך גערעכענט פאַר'ן גרעסטען רב און איז זיין גאַנ'ז לעבען געווען פאָרשטעהער פון דער אידיישער קהלה אין לוצענא (אליטאנה). ר' יוסף אבן־מיגאש האָט איבערגעלאָזט אַ פרומען זוהן ר' מאיר און זעהר פיעל תלמידים, צווישען וועלכע עס האָט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט מיימון, דעם רמב"ם'ס פאָטער.

## 5 — יהודה הלוי'ס פּאָעזיע.

זיינע ערשטע ליעדער פון פריינדשאַפט ליעבע — זיין ערשטע בעקאַנטשאַפט מיט משה אבן עזרה — זיינע שאַרפזיניגע עפּיגראַמען — יהודה הלוי אַלס דאָקטאָר און זיין עהרליכע מיינונג איבער דאָקטאָריע — יהודה איז אַ געגנער פון אַ פּאָעטישען שלחן־ערוך — דיא העכערקייט פון יהודה הלוי'ס שירים איבער דיא פּאָעזיע פון בן־גבירול און אבן עזרה.

יהודה הלוי'ס ביאָגראַפיע איז ניט צו רייך אין זאָנדערבאַרע פּאַסירונגען. ער איז געבאָרען געוואָרען אין אַלט קאַסטיליען, קריסטליכע שפּאַניען, אין יאָהר 1086 און האָט געלערענט אין אַלפסי'ס ישיבה אין לוצענא, ווייל אין קאַסטילען און מערב־שפּאַניען זיינען נאָך דאַן ניט געוועזען קיין גרויסע תלמודיסטען. וויא זיין בעריהמטען פאָרגענגער אבן־גבירול, אַזוי האָט אויך איהם, דיא מוזע אויפגעוועקט אין זיין פריהסטע יוגענד און האָט איהם דער־לאַנגט איהר גאָלדענע האַרפע. און פערשטאַנען האָט ער דיא מתנה צו היטען, דען ער האָט פון איהר אַרויסגעצויבערט נאָר ריינע, הייליגע טענער. זיינע ערשטע געזאַנגען זיינען געוועזען גליק און פריינדשאַפט. ער האָט געפייערט אין פרייליכע קלאַנגען דיא גליקליכע מאָמענטען פון זיינע פריינד און חברים. ער האָט בעזונגען דיא חתונה פון אבן־מיגש, און דאָס ערשטע געבאָרענע קינד אין הויז פון ברוך אבן־אלבאַליא (אומגעפעהר אין יאָהר 1100). פון זיינע ערשטע ליעדער איז צו זעהען, אַז ער האָט געהאַט אַ גוטע יוגענד, דען פון זיין געטליכע האַרפע האָט זיך קיין אונצופריעדענער טאָן ניט געהערט. זיין האַרץ איז געוועזען וויא אַ זילבערנער גלעקעל, וואָס גיט אַרויס העלע קלאַנגען פול ליכט און שמייכעל.

אין דרום־שפּאַניען האָט ער זיך בעקענט מיט דער נאָבעלער, געבילדעטער משפחה אבן־עזרה. ווען ער האָט זיך דערוואוסט אַז משה אבן עזרה איז געשטראָפט געוואָרען מיט אונגעלונגענע

ליעבע און איז אוועק וואגלען אין דער פרעמד, האט דער יונגער דיכטער אויסגעזוכט דעם אונגליקליכען, וואגלענדען פאעט און האט איהם געטרייסט מיט זיסע, הארציגע געזאנגען. משה אבן עזרה איז איבערראשט געווארען פון זיינע שעהנע, פרעכטיגע פערזען און דעם טיפען געפיהל, וועלכער איז אין זיי געלעגען, און האט זיין אינגערעז דיכטער־קאלעגע געענטפערט אין פאעזיע.

יהודה הלוי, איז וויא עס שיינט, געוועזען אין לוצענא ווען אלפסי איז געשטארבען און יוסף אבן־מיגש האט פערנומען זיין ארט פון ראש ישיבה. (1103). יהודה האט דאן פערפאסט א קינה אויף אלפסי׳ס טויט און האט געפייערט דעם נייעם שטעל־פערטרעטער אין א פרעכטיגען געזאנג אין וועלכען ער דריקט אויס צום נייעם ראש ישיבה דיא גרעסטע אנערקענונג און טיעפסטען רעספעקט. יהודה הלוי האט אויך גענאסען דיא פריידען און ליידען פון ליעבע. ער האט בעזונגען זיין געליעבטע אין ווערטער, וואס האבען געפאסט פאר היינע. און שעהן איז יהודה׳ס געליעבטע געוועזען. זיא האט געהאט „אויגען וויא א יונג הירשעלע, קארמען־ראזע ליפעלעך און לאקען שווארצע וויא א קראה“. אנ׳אנדער מאל איז דיא געליעבטע וויא א טויב ביי א זילבערנעם טייכעלע. איהרע בריכט האבען מעהר בע׳כשופ׳ט וויא דיא חרטומים פון מצרים. איהרע באקען זיינען בליהענדע רויזען און זיינע אייגענע בליקען געדען ארום צווישען דיא רויזען און רייסען זיי. איהרע שווארצע האאר פון קאפ שטעלט פאר א פינסטערען געדיכטען וואלד אין אבענד, פון וועלכען עס כאפען זיך ארויס פערצוקענדע וועלף און לאזען קיינעם ניט פארבייגעהען. קיין מענש איז זיכער פאר דיא סכנה פון דיעזען וואלד... ווען דיא געליעבטע ווערט רויט און בלייך איז זיא גלייך צו א טהייערען געשליפענעם עדעל־שטיין וואס ווארפט פון זיך פערשיעדענע קאלירען אט איז עס א רויט פייער, און אט — א ווייסער פלאם, און אין גאנצען איז זיא שעהן וויא ירושלים.... ער האט זיך בעקלאגט אויף איהר אונטרייהייט און אויף דיא טיעפע שווערע וואונדען, וואס צורייכען זיין יונג הארץ. זיינע ליעבע ליעדער אטהעמען מיט דעם אינפערלעשבארען, שטארקען פייער פון

יוגענד און דריקען אויס פלאַמיגע אויפרעגונג. דיא מערבֿ הימלען זיינען געשילדערט אין זיינע פּאָעזיען, דיא גרינע פעלדער, דיא בלומען און דיא רוישענדע בלויע שטראָמען. אפילו דיא פּאָעזיע פון זיין פריהסטע יוגענד טראָגט שוין אויף זיך דעם שטעמפּעל פון אַ פאָלשטענדיגען קינסטלער, פון אַ רייכער פאַנטאַזיע, אַ זעלטענעם געשמאַק פון ליעבליכקייט און וואַרעמקייט. אפילו גאָר דיא ערשטע פערזען זיינע זיינען אויך ניט סתם גראַמען, אָדער אַ צוזאַמענמי־שונג פון שעהנע ווערטער אָהן אַ געדאַנק — זאָנדערן זיי זיינען דיא אַרבייט פון אַ מייסטער־האַנד, פולל מיט זינן און געפיהל. יהודה הלוי האָט אָבער, וויא עס שיינט, מנצח געווען דיא ליעבע מיט אַלע איהרע גליקען און אונגליקען. דען אין זיינע שפּעטערע ליעדער געפינט מען מעהר קיין שפּור דערפון.

יהודה הלוי האָט ניט נאָר פאָלשטענדיג געמייסטערט דיא העברעאישע שפּראַכע און דיא אַרטיסטישע פאָרמען פון דיא נייערע לשון קודש פון יענער צייט, זאָנדערן ער איז אויך געווען אַ פאָלשטענדיגער תלמודיסט, האָט שטודירט נאַטור־וויסענשאַפט, און איז געווען בעקאַנט מיט אַלע צווייגען פון לעהרנונג. ער האָט געשריעבען אַראַביש וויא אַ קינסטלער און איז געווען גוט בעקאַנט מיט דער ניי־געבאָרענער פּאָעזיע פון קאַסטילען.

יהודה הלוי איז ניט געווען אָנגעוויזען אויף דער פּאָעזיע זיא זאָל איהם געבען פּרנסה. ער האָט פון זיין הייליגער גאַבע ניט געצויגען קיין הנאה. זיין מוזע איז דערפאַר געבליעבען ריין, אונ־בעפלעקט און געטליך. דער דיכטער האָט געמאַכט זיין לעבען פון דאָקטאָריע. ער האָט זיך אומגעקעהרט צו זיין געבורטס־אָרט און האָט דאָרט געפּראַקטיצירט מעדיצין. אָבער ער איז ניט נאָר געווען אַ גרויסער דיכטער, נאָר אויך אַ בעריהמטער אַרצט, דען ער האָט איינמאָל געשריעבען צו זיינעם אַ פריינד, אז וואָהנענדיג אין אַ גרויסע שטאָדט, איז ער שטענדיג בעשעפטיגט מיט פּראַקטיצירען זיין מעדיצינישע קונסט. אָבער וויא ער איז געווען שטאַרק פערנומען צו היילען פערמעדע ליידען, און אויפצוהאַלטען דיא נשמות פון אַנ־דערע, האָט ער פון דעסטוועגען זיין אייגענע נשמה אויך ניט פער־

לאָזען און האָט זיך אָבגעגעבען מיט זיין מוזע, זיין אייביגע לעבענס־בעגלייטערין.

אינטערעסאַנט איז אַ בריעף, וואָס ער האָט געשריעבען אין דיא מיטעלע יאָהרען (אומגעפעהר 1130) צו זיינעם אַ פריינד:

„איך בעשעפטיג זיך אין דיא שטונדען, וואָס זיינען נישט טאָג און נישט נאַכט, מיט דיא נישטיגקייט פון מעדיצינישער וויסענשאַפט, אָבוואָהל איך בין ניט אימשטאַנד צו היילען. דיא שטאָדט אין וועלכע איך וואָהן איז גרויס. דיא בעפעלקערונג בעשטעהט פון ריעזען, אָבער זיי זיינען שלעכטע הערשער. מיט וואָס קען איך זיי בעסער איבערבעטען און זוכען צו געווינען וויא מיט פערברייינגען מיינע שטונדען צו היילען זייערע קראַנקהייטען. איך הייל בבל, אָבער עס העלפט ניט.... איך בעט ביי גאָט ער זאָל מיר אין גיכען שיקען אַן ערלייזונג איך זאָל זיך קענען אויסרוהען און האָבען מנוחה, איך זאָל קענען ערגעץ קומען אין אַן אָרט פון אמת'ע חכמה, צו דעם פרישען ברונים פון לעבעדיגע וויסענשאַפט.“

דיא שטאָדט, וועגען וועלכע יהודה הלוי רעדט דאָ איז טאַלידה, וואו ער האָט פערבראַכט זיינע מיטעלע יאָהרען. ער האָט אָבער געוואָלט אַוועקגעהן פון דאָרט, ווייל טאַלידה איז נאָך דאַן ניט געווען קיין מיטעלפונקט פון אידיישע לעהרנונג.

תורה און חכמה זיינען געווען זיין הערצליכסטער פערלאַנג, זיין בעגעהר, און הויפט־ציעל פון זיין לעבען איז געווען דיא פאָעזיע — דער העכסטער גליק פון אַלע גליקען פאַר דעם געבאָרענעם דיכטער. פאָעזיע און אידיישע וויסענשאַפט האָבען פערנומען דעם אויבען־אָן פון זיין הארץ און זיין מח. זיין נשמה איז געווען אָנגעגאָסען מיט געזאַנג און שכל וויא אַ וויינטרויב מיט זונענשיין און עס האָט זיך געוואָלט אויסגיסען אין שטאַרקען קרעפטיגען וויין פון פילאָזאָפיע און ליעדער. ער האָט געהאַט אַ העכערען בעגריעף פון פאָעזיע וויא אַלע אידיישע און אַראַבישע דיכטער פון זיין צייט. ער האָט אויסדריקליך ערקלעהרט, אַז פאָעזיע מוז זיין געבאָרען און ניט געבאָרגט, ניט אויסגעלעהרענט, ניט נאָכגעמאַכט, נאָר טיעף און קלאָר עמפּפונדען אין אייגענעם האַרצען, פון דיא אייגענע

כחות הנפש, אָהן אַ שאָטען פון פרעמדען איינפלוס. ער האָט גע־לאַכט און געשפּעט פון דיא, וואָס האָבען געמאַכט אַ „שולחן ערוך" פאַר פּאָעטען ווענען מעטריק און קלאַנג, ווענען תנועות און יסודות, ווענען פערשיעדענע אַרטען און גאַטונגען פון פּאָעזיע, נאָך וועלכע דיכטער זאָלען זיך ריכטען. דער אמת'ער בעגאַבטער פּאָעט, האָט ער געזאָגט, טראָגט דיא געזעצען אין זיך, ער וועט קיינמאָל ניט זינ־דיגען געגען דיא פּאָעטישע קונסט, און ניט ארויסגעבען אַ זאַך, וואָס איז ניט ריכטיג און ניט פאָלשטענדיג אין אַלע פרטים. כל־זמן ער איז יונג געוועזען האָט ער אויסגעניטצט דיא גאָלד פון זיין רייכע פּאָעזיע אויף לייכטע טהעמאַט. נאָכפאָלגענדיג דעם ביי־שפּיעל פון אַנדערע, האָט ער געזונגען בלישצענדע ליריקס אין וועלכע ער האָט געלויבט און בעזונגען זיינע פריינד. ער האָט געזונגען פון ווייִן און פערגניגען און האָט פערפאַסט חידות. ווען זיינע פריינד האָבען איהם פאָרגעוואָרפען אין אויפפיהרונג (אוּיגע־פעהר 1110) האָט ער זיי געענטפערט מיט יוגענדליכען ווייִן:

זאָל איינער אין מיטען פון יוגענד'ס זיסען שיין,

ווערען לעבענס שונא און ניט טרינקען מעהר קיין וויין ?

מיט אַזעלכע פּאָעטישע קלייניגקייטען, האָט ער געהאַט דנאה זיך אַרויסצוצורעהען פון מאַנכע פעראַנטווארטע שווערינקייטען, און פטור'ן אַ סך אונאַנגענעהמע עסקים. זעהר אָפט פלעגט ער ענדיגען אַ העברעאישע פּאָעזיע מיט אַן אַראַבישען, אָדער אַ קאַסטילישען פער"ז. אין דיעזע פּאָעטישע קונצען האָט מען גע־קענט זעהן דיא געאיבטע האַנד פון אַ זעלטענעם קינסטלער וואָס האָט געהאַט בכח פאַרצושטעלען אַ פאָלשטענדיגעם בילד מיט עטליכע געוואַגטע שטריכען פון זיין פעדער. זיינע נאַטור־שילדערונ־גען קענען שטעהן זייט ביי זייט מיט דיא בעסטע פּאָעטישע שאַ־פונגען פון אַלע שפּראַכען. מיר זעהען וויא דיא בלומען ברעכען זיך דורך און בליהען, מיר אָטהעמען אריין דיא זיסע ריחות, דיא בעלעבענדע געשמאַקען פון זיינע געווירציגע פערזען, וואָס שטעלען פאַר מיט ייה אַ'ן איבינען מאַי. דיא צווייגען בויגען זיך אונטער זייער גאָלדענע פרוכט, מיר הערען דיא געפליגעלטע משוררים פון

דער לופט, וויא זיי גיסען אראב פון אויבען זייערע פארפומירטע טענער פון העבערער ליעבע און איבער דר'ערדדיגען נחת. ער פארבט זונגענשיין און לופט מיט א מייסטערהאפטע האנד. ווען ער בעשרייבט דיא אונרוהיגקייט און אויפרעגונג פון א אויפברויזענדען ים פון שטורעם געשמיסען, גיט ער איבער דעם לעזער אלע אינערליכע בעוועגונגען פון ערהאבענהייט און אונגעדולד, וואס ער האט אליין געפיהלט.

אבער אין דיעזע אלע ארבייטען ענטפלעקען זיך נאך ניט פאר אונז דיא אמת גרויסע כחות פון זיין הויכער זעעלע. דאס אליין איז נאר, ביז אין א געוויסען גראד, דער חוב, וואס ער האט געצאהלט צו זיין מענשליכער העלפט, און צו דער מאדע פון זיין צייט. אפילו ניט אין זיינע רעליגיעזע ליעדער, וועלכע זיינען ניט וועניגער פון זיין דיכטער קאלעגע משה אבן־עזרה'ס, וואס צעהלען זיך ביז דריי הונדערט און וועלכע איבערשטייגען זיי אין גלאנץ, טיעפקייט און קראפט — יא, אפילו ניט אין דיעזע ליעדער זיינע ווייזט זיך ארויס דיא אמת'ע גרויסקייט פון יהודה הלוי'ס זשעני.

דיא וויכטיגקייט פון יהודה הלוי אלס דיכטער ליעגט אין דיא פאעזיען, וואס אטהעמען א נאציאנאל־רעליגיעזען גייסט. אין דיעזע ליעדער ברעכען זיך דורך זיינע געזאנגען פון דער טיעפקייט פון זיין הארץ, זיין גאנצער וועזען רייסט זיך ארויף אין דער הויך מיט א געוואלד, און ווען ער זינגט פון ציון און איהר פערגאנגענעם און צוקינפטיגען פראכט; ווען ער בויגט זיין קאפ אין טרויער וויא אן אבל איבער דיא יעצטיגע שקלאווערייט, דאן ערשט דערזעהן מיר דעם ריכטיגען גייסט פון זיין פאעזיע. קיין געקינסטעלטקייט, קיין עהנליכקייט צו ערגעץ אן אנדער געזאנג אין דער וועלט, אלץ איז זיינע, אלץ איז שטארק, קרעפטיג, אייביג, אלץ איז יהודה הלוי'ס. ווען מיר בעטראכטען אלע ציון ליעדער וואס זיינען געשאפען געווארען ביז היינטיגען טאג, קען מען נאר יהודה הלוי'ס ציון'ס ליעדער פערגלייכען מיט דיא פסאלמען. ווען ער יאמערט זיך פאנאנדער אויף ציון'ס אלמנה'שאפט, אדער ער חלום'ט פון איהר קומענדען גלאנץ און שטעלט פאר וויא זיא וועט ווידער זיין

פעראייניגט מיט איהר גאָט און איהרע קינדער, דאכט זיך אונז, אז מיר הערען דאָס זינגענדיג איינעם פון דיא בני קרח. דיא מוזע פון יהודה הלוי, אין איהר צייטיגקייט, האָט געהאט א ערהאבענע אויפגאבע: צו זינגען פון ישראל, פון זיין גאָט און זיין הייליג־קייט, פון זיין פערגאנגענהייט און זיין צוקונפט און צו בעקלאָגען דעם גלות, דיא ערניעדעריגונג און פערפאָלגונג צווישען דיא אומות. ער איז געווען א נאציאָנאל פאָעט, דערפאר נעהמען זיינע ליעדער אזוי שטארק אָן דאָס אידישע הארץ. אבן־גבירול׳ס בעקלאָגען זיך בלויז אויף זיין אייגענער טרויעריגער לאגע, און משה אבן־עזרה׳ס קינות אויף זיין פערלאָרענע ליעבע, לאָזען אונז אונגעריהרט; אָבער יהודה הלוי׳ס איבערגעבענע ליעבע צו ציון קען ניט פערפעה־לען צו ריהרען יעדער פיהלענדע זעעלע.

דיא נאָבעלע פאָעזיע פון יהודה הלוי איז פון א העבערען ווערטה, ווייל זיא האָט איהר מקור ניט נאָר אין פאָעטישער עמ־פפינדונג, נאָר אין ערנסטע ליידענשאפטליכע איבערצייגונגען. ער איז געווען ניט נאָר דער בריליאנטענער דיכטער נאָר אויך דער בריליאנטענער דענקער; פאָעזיע און פילאָזאָפיע זיינען אין איהם גע־ווען פאָלשטענדיג צונויפגעוועבט. פאָעזיע און פילאָזאָפיע זיינען גע־ווען אין איהם פעראייניגט און האָבען געלעבט בשלום דינענדיג איי־נע דיא אנדערע מיט דיא גרעסטע פריינדשאפט. דיא, וואָס ווילען פערלייקענען אין דעם אמת׳ן פאָעט דעם פילאָזאָף געפינען זייער שטארקסטען פראָטעסט אין יהודה הלוי. אוןביידע: אי דאָס גע־זאנג אי דיא חקירה זיינען געווען זיין אייגענע, געבאָרען אין איהם און ניט געבאָרגט פון אנדערע. אזוי וויא ער האָט געגעבען דעם אויסדרוק דיא אידישע נאציאָנאלע געפיהלען, אזוי האָט ער ער־קלעהרט, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען, דיא נאציאָנאלע גע־דאנקען פון אידישקייט אויף א גאון׳ישען אופן. ער האָט נאָר בענוצט דיא פאָעזיע און פילאָזאָפיע צו פערהערליכען און פער־הייליגען ישראל׳ס ירושה. ער האָט פאָרגעשטעלט אָריגינעלע אי־דעען וועגען דאָס שייכות צווישען גאָט אין דיא וועלט, דעם מענש אין זיין בעשעפער און וועגען דעם ווערטה פון געטליך־פילאָזאָפישע

שפעקולאציעס בנוגע צו אידישקייט, און וועגען דיא וויכטיגקייט פון דער אידישער רעליגיאָן געגען דיא רעליגיאָנען פון קריסטענטהום און איסלאם. (מחמדאנערטהום).

דיעזע אַלע אויפגאַבען האָט ער פערענטפערט אויף אַזוי ווייט נאַטירליך, וויא עס איז מעגליך אַזעלכע זאַכען צו פערענטפערען, ניט אין אַ וועג פון טרוקענע חקירה, נאָר אין אַ לעבעדיגער, אינ־טערעסאַנטער, איבערצייגענדער אַרט. אויב מיר זאָלען איהם, אין זיינע לירישע ליעדער, פערגלייכען מיט איינעם פון דיא בני קרח, איז ער, אין דיא ענטוויקלונג פון זיינע געדאַנקען, עהנליך צו דעם פערפאַסער פון איוב, מיט דעם אונטערשיעד, וואָס ער איז רייכער אין מאַטעריאַל, פיעל טיעפער און מעהר פערשטענדליך. פון איוב און פון דעם גריכישען פילאָזאָף פּלאַטאָן, האָט יהודה הלוי גע־באָרגט דיא פאָרמע אין וועלכע זיין רעליגיעזע, פילאָזאָפישע סי־סטעם איז פאָרגעשטעלט. ער דריקט אויס זיינע געדאַנקען אין אַ פאָרם פון אַ דיאַלאָג, אַ צוויי־געשפרעך און וויא דער מחבר פון איוב, פעראייניגט ער זיי מיט אַ היסטאָרישען פאַקט, דורך וועל־כען דאָס טהעמאַ ווערט מעהר אינטערעסאַנט און לאָזט איבער אַ'ן אייביגען איינדרוק.

ווען איינער פון זיינע תלמידים האָט איהם געפרעגט וויא אַזוי ער וואָלט געקענט פערטהיידיגען דאָס רב'נישע יודענטהום און ענטפערן געגען דיא טענות פון קריסטענטהום, מהמדאַנערטהום (איסלאם) און דיא קאַראאימער (קראים) האָט ער פערפאַסט איין ענטפער אין אַ בעגרייפליך אָבער זעהר כאַראַקטעריש טיעף בע־לעהרענד ווערק אין דער פאָרמע פון אַ צוויי געשפרעך, געשריעבען אין אַראַביש. דיא אויפגאַבע פון דאָזיגען ווערק איז געווען צו בעווייזען דעם אמת פון יודענטהום און גערעכטפערטיגען דיא פערהאַסטע רעליגיאָן.

---

## 6 — יהודה הלוי דער פילאָזאָף.

דיא אָרגינאַליטעט פון יהודה׳ס פילאָזאָפישע סיסטעם מיט וואָס זיין ספר „כוזרי“ איז העכער וויא אינב — דער דיכטער־פילאָזאָף ערקלערט יידענטהום אלס א טייל פון גאָט און דיא אידעשע רעליגיאָן אלס דיא איינציגע גערעכטע פון אלע — דער איד איז דאָס הארץ פון דער וועלט.

---

דער אינהאַלט פון יהודה הלוי׳ס פילאָזאָפיש ווערק איז פאָלגענדער: אַ געצענדיענער, פרעמד פון יעדער אַרט בילדונג, אָדער וויסענשאַפט, וועלכער האָט קיין בעגריף ניט געהאַט פון דיא דריי עקזיסטירענדע רעליגיאָנען, אָבער וועלכער האָט געפיהלט דיא נויטהיגקייט צו פעראייניגען זיך אין אַ גייסטיגען איבערגעבענעם בונד מיט׳ן בעשעפער, ווערט איבערציינט אין דיא וואַהרהייט פון אידישקייט. דיעזער היידע איז בולאַן דער קעניג פון דיא חאַזאַרען, (כוזרים), וועלכער האָט אַליין אָנגענומען דיא אידישע אמונה. פון איהם מאַכט דאָס דער קאַסטיליאַנישער פילאָזאָף דעם געברויך צו געבען אַ היסטאָרישען כאַראַקטער צו זיין ווערק און דערפאַר טראָגט דאָס ווערק דעם נאָמען „כוזרי“. דיא אויסגעצייכענטע הקדמה, געשריעבען אין אַ אייגענטימליכען סטיל, צוהייצט באַלד דיא אינטערעסע פון לעזער.

אַ מלאך איז נאָכאַנאַנד געקומען אין אַ חלום צו דעם קעניג פון דיא חאַזאַרען, וועלכער איז געווען אַ געטרייער אנהענגער פון זיין געצענדיענסט, אָבער צוגלייכער צייט אַ מאַן מיט אַ פרומען געדאַנקען, — און האָט צו איהם גערעדט דיעזע וויכטיגע ווערטער: „דיין כונה איז א גוטע אָבער ניט דער שטייגער אין וועלכען דוא דיענסט גאָט“. אום צו בעשטימען מיט אַ זיכערהייט, אין וועלכער אַרט צו דיענען גאָט, האָט זיך דער קעניג געווענדעט צו אַ פילאָזאָף. דער געלעהרטער, וועלכער איז געווען אַ האלבער

אנהענגער פון אריסטטאָטעל און אַ האַלבער נאָכפאָלגער פון פּלאַ־טאָ'ס סיסטהעם, האָט מיט זיינע חקירות געבראַכט דעם קעניג מעהר צום ניט־גלויבען וויא צום גלויבען. ער האָט איהם געזאָגט, אז גאָט איז צו ערהאַבען צו האָבען אַ מגע ומשא מיט מענשען אָדער צו פערלאַנגען, אַז מען זאָל איהם פערהייליגען מיט שירים ותשבחות.

דער קעניג פון דיא חאַזאַרען האָט ניט געפונען קיין שום טרייסט אין דיעזער ערקלעהרונג. ער האָט געפיהלט דאָס אַזעלכע מעשים, וואָס זאָלען געברויכט ווערען מיט דער כונה צו דיענען גאָט, מוזען טראָגען זייער אַבזאָלוטען ווערטה אין זיך אַליין, און דאָס אָהן אַזעלכע מעשים, קענען פרומע און מאָראַלישע געדאַנקען קיין שום ווערטה ניט האָבען. אויב דיא פאָרם, אין וועלכער מען זאָל דיענען גאָט האָט קיין בעזאָנדערע בעדייטונג, איז דאָס אונ־מעגליך צו פערשטעהן פאַרוואָס קריסטענטהום און איסלאַם, וועלכע האָבען צוטהיילט דיא וועלט צווישען זיך, זאָלען פיהרען אייביגע מלחמות און האַלטען פאַר אַ מצוה אייגער דעם צווייטען צו שלאַכ־טען כדי דורך דעם צו קומען אין גן עדן. נאָך מעהר,ביידע רע־ליגיאָנען בעריהמען זיך נאָך מיט זייערע נסים און פּראָפעטען און מיט דיא וואונדער, וואָס גאָט האָט מיט זיי געטהאָן. דער קעניג האָט דערפאַר בעשלאָסען זיך צו ווענדען צו אַ פאָרשטעהער פון דער קריסטליכער קירכע און צו אַ גייסטליכען פון דיא מהמדאַנער צו הערען און לעהרנען פון זיי דעם אמת, וועלכע רעליגיאָן עס איז דיא ריכטיגע. עס איז איהם גאָר ניט איינגעפאַלען אין געדאַנקען זיך צו ווענדען צו אַ פאָרשטעהער פון אידען, ווייל זיי זיינען אַזוי פערהאַכט און ערנידעריגט אומעטום, און דיא גאַנצע וועלט האָט געגען זיי טענות און וויל זיי פערניכטען. דיא ערנידערונג פון זייער רעליגיאָן איז געווען גענוג גרונד צו פערשעהמען איהרע פאָר־שטעהער.

אַ גלח איז געקומען צום קעניג און ערקלעהרט דיא יסודות פון דער קריסטליכער אמונה. קריסטענטהום, האָט ער געזאָגט, גלויבט אין דיא אייביגקייט פון גאָט און אַז דיא וועלט איז בעשאַ־

פען געוואָרען פון אַ תוהו ובוהו און אַז אַלע מענשען שטאַמען פון אדם הראשון. קריסטענטהום, האָט ער ערקלערט, אנערקענט פאַר אמת אַלץ וואָס דיא תורה און דיא אידישע הייליגע שריפטען לעהר־נען, אָבער עס האַלט אַלס גרונד פּרינציפּ דיא פערקערפּערונג פון גאָט דורך אַ יונג פרוי פון דער אידיש קייזערליכער פאַמיליע. עס האַלט דעם טאַטען, דעם זוהן און דעם הייליגען גייסט — אַלע דריי פעראייניגט אין איינעם. דיעזע דריי איינינקייט איז פער־הייליגט ביי דיא קריסטען אַלס איין זאַך, אָבוואָהל דאָס איז אַ דרייפאַכע פּערזענליכקייט. קריסטען דאַרפען בעטראַכט ווערען אַלס דיא אמת'ע אידען און דיא צוועלף אַפּאָסטאָלען פערנעהמען ־עם אָרט פון דיא צוועלף שבטים.

דער קעניג איז פון דיעזער ערקלעהרונג געבליעבען אונצור־פריעדען. דיא אידעע פון קריסטענטהום האָט פונקט אַזוי וועניג בעפריעדיגט זיינע געדאַנקען וויא דיא אידעע פון פילאָזאָף. ער האָט בעטראַכט דיא ערקלערונג אַלס זאַכען, וואָס שטימען ניט מיט'ן שכל הישר. דער קריסט, האָט ער געדענקט, האָט געדאַרפט געבען פּאָזיטיווע, אונבעשטרייטבאַרע בעווייזונגען, וואָס זאָלען צו־פריעדען שטעלען דעם מענשען'ס גלייכען פערשטאַנד. ער האָט דערפאַר געפיהלט אַז ער מוז ווייטער זוכען דעם אמת וועגען דער ריכטיגער רעליגיאָן.

ער האָט זיך דאַרום באַלד געווענדעט צו אַ מחמדאַנער טהעאָלאָג וועגען דיא עיקרים פון דער אמונה פון איסלאַם. דיא מחמדאַנער גלויבען, — האָט דער מוסלעמאַנער געזאָגט — אין אחדות הבורא און אין דיא אייביגקייט פון גאָט, אָבער זיי גלויבען ניט אין אַ מענשליכען גאָט, אין אַ גאָט, וואָס האָט אין זיך מענש־ליכע אייגענשאַפטען, אָדער וויא ער איז דורך מענשען אָדער אַ מענשליכע סיבה געקומען אויף דער וועלט. מחמד איז געוועזן דער לעצטער און וויכטיגסטער פון אַלע נביאים, וועלכער האָט געגעבען דיא מענעשן אַ גוטע אמונה, וואָס זאָגט צו דיא פרומע נאָכ'ן טויט אַ גן עדן מיט אַלע תענוגים: מיט עסען און טרינקען, און געגוג שעהנע פרויען, אָבער דיא רשעים וועלען זיך ברענען אין דיא פלאַ־

מען פייער פון גיהנם און אייביגע פערדאַמונג. דער הו׳פּם פֿר גנצ׳ פון איסלאַם בעשטעהט אין דעם פאַקט, דאָס קיין מענש איז אימ־שטאַנד צו מאַכען אַזאַ וואונדערבאַרען בוך וויא דער קאָראַן, און אפילו ניט איין איינציגע פון זיינע שורות.

איהם האָט אויך דער קעניג געענטפערט, דאָס דער בעוויז פון שייכות צווישען גאָט און דיא שטערבליכע מוז זיין געגרינדעט אויף שטאַרקע יסודות, וואָס זאָלען ניט קענען אָבגעלייקענט ווערען. דיא פּרעטענזיע, אַז דער קאָראַן איז דער הייליגסטער בוך אין דער וועלט, איז נאָך ניט גענוג גרונד, דאָס דיא מחמדאַנער רעליגיאָן איז ריכטיג און אַז דאָס, וואָס אַן אַראַבער גלויבט אין דעם איז נישט געדרונגען, אַז אַן אַנדערער דאַרף אין דעם גלויבען, דען אָב־וואָהל דער קאָראַן מאַכט אַ שטאַרקען רושם אויף אַראַבער, האָט ער ניט קיין שום קראַפט איבער דיא, וואָס פערשטעהן ניט קיין אַראַביש.

אַזוי וויא ביידע: דער קריסט און דער מהמדאַנער האָבען זיך אָבער בעצויגען מיט זייערע אמונות אויפ׳ן יודענטהום כדי צו בעווייזען דעם היסטאָרישען פונדאַמענט פון זייערע גלויבענס, האָט דער קעניג, וועלכער האָט געזוכט דעם אמת און נאָר דעם אמת, זיך סוף כל סוף בעשלאָסען צו בעשטייטען זיין פאָראורטהייל געגען יודענטהום און זיך אָנצופרעגען ביי א׳ן אידישען געלעהרטען. אויף דעם קעניג׳ס פראַגע וועגען דער אידיישער אמונה האָט איהם דער איד געגעבען דיעזען ענטפער: „דיא אידען גלויבען אין דעם גאָט פון זייערע עלטערען, וועלכער האָט זיי אַרויסגענומען פון מצרים, בעוויזען וואונדער פון זייערטוועגען, געפיהרט זיי אין הייליגען לאַנד און זיי געגעבען נביאים, אין קורצען — דיא אידען גלויבען אין אַלֶיז, וואָס שטעהט געשריעבען אין זייערע הייליגע שריפטען“.

„אויב אַזוי“ — האָט דער קעניג אויסגעשריען — „בין איך גערעכט געווען, וואָס איך האָב זיך ניט געווענדט צו דיא אידען. זייער ניעדריגער, טרויעריגער שטאַנד האָט דער׳הרג׳עט אין זיי יעדע פערשטענדליכע אידעע. דו, אָ, איד, האָסט מיר געדאַרפט פריהער ערקלערען, אַז דוא גלויבסט אין דעם בעשעפער און הער־

טער פון דער וועלט, אנשטאָט צו געבען מיר אזא מאַסע פאַקטען, וואָס האָבען נאָר אַ בעדייטונג פיר דיר אַליין". אויף דעם האָט דער אידישער געלעהרטער געענטפערט: „דער בעגריף, דאָס גאָט איז דער בעשעפער און הערשער פון דער וועלט פאָדערט זעהר אַ לאַנ־גען בעוועיז און דיא פילאָזאָפען האָבען פערשיעדענע מיינונגען ווע־גען דעם. דאַגעגען אָבער, דאָס גאָט האָט מיט אונז אידען גע־טהאָן נסים און געמאַכט פאַר אונז וואונדער, פאָדערט גאָר קיין בעוועיז, דען דאָס ווענדט זיך אָן דיא אונבעשטרייטבאַרע עדות, וואָס האָבען דאָס געזעהן מיט זייערע אויגען".

אָנפאַנגענדיג פון דיעזען פונקט, האָט דער אידישער פילאָ־זאָף יהודה הלוי — געהאַט אַ לייכטע אויפגאַבע פאַנאַנדער־צו־וויק־לען ראיות פון דעם אמת'ן און הייליגען כאַראַקטער פון יודענטהום. פילאָזאָפיע לייגט אַוועק גאָט און רעליגיאָן אין גאַנצען אָן אַ זייט, ניט וויסענדיג וואָס פאַר אַן אָרט אין דער וועלט זיי צו בעשטימען. קריסטענטהום און איסלאַם האָבען אומגעקעהרט זייער רוקען צום שכל הישר, דען זיי געפינען פערנונפט אין דעם היפוך צו דיא הויפט יסודות פון זייערע רעליגיאָנען. יודענטהום, פערקעהרט, פאַנגט אָן מיט דעם שטאַנד פון געזעהענע פאַקטען, וואָס פערנונפט קען ניט אָבשטרייטען. עס פערטראָגט זיך גאַנץ גוט מיט פערנונפט, נאָר עס בעשטימט דעם פערנונפט אַ גרענעץ, און נעהמט ניט אָן זיין פועל יוצא, וועלכער פערקריכט אָפט אין סאָפיסטיקע ווען געוויס־הייט קען דערגרייכט ווערען אויף אַן אַנדער וועג.

אין זיין ריכטיגען קוק אויף דעם ווערט פון שפּעקולאַציעס אין געדאַנקען, איז יהודה הלוי געשטאַנען גאַנץ אַליין אין זיין צייט, ער איז געקומען צום ריכטיגען בעשלוס מיט אַ סך דורות פריהער. דיא דענקער פון זיין צייט, אידישע, מחמדאַנער און קריסטליכע; דער רב, דער אולעמאַ און דער קירכענטאַטע האָבען געבויגען זייערע קניע פאַר אַריסטאָטעל, וועמעס פילאָזאָפישער אורטהייל איבער גאָט און זיין שייכות צו דער וועלט זיי האָבען געשטעלט העכער זאָגאַר פון דיא הייליגע שריפט, אָבער בעסער געזאָגט: זיי האָבען אַזוי אַנגעשטרענגט און אויסגעדרעהט דיא פסוקים פון דער ביבעל

ביז זיי זיינען געוואָרען אין הסכם מיט א פילאָזאָפּישע אידעע און אזוי זיינען זיי געוואָרען אין דערזעלביגער צייט גלויביגע און אפּיקורסים.

יהודה הלוי נאָר אליין האָט געהאַט דעם מוטה אָנצו־ווייזען דעם גרענעץ, דיא בעשרענקטקייט, וואָס דיא נאַטור האָט געמאַכט צום מענשענ׳ס געדאַנקען און אויסצושרייען: „ביז אהער זאָלסטו געהן און ניט ווייטער“. פילאָזאָפיע האָט קיין רעכט צו אטאַקירען אָנגענומענע און פעסט בעשטימטע פאַקטען, זיא מוז זיי אָנגעהמען פאַר וואַהרהייטען, וואָס מען קען ניט איבערשפּאַרען, זיא מוז אָנ־פאַנגען מיט זיי אלס יסודות, און מיט איהר (פילאָזאָפּישע) קראַפט צו ברייגגען דיעזע פאַקטען אין אָרדנונג און זיי בעלייכטען מיט דיא הילף פון פערנונפט. אזוי וויא אין דער קעניגרייך פון דער נאַטור־טאָר דער פערשטאַנד ניט וואגען אָבצולייקענען ווירקליכע ערשיי־נונגען ווען זיי שטעלען זיך פאַר אונז פאָר, אָט וויא מערקווירדיג און געגען שכל זיי מעגען אויסזעהן, נאָר ער מוז שטרעבען זיי צו בעגרייפען, פונקט אזוי מוז ער (דער פערשטאַנד) האַנדלען בנוגע צו דיא פראַגע וועגען גאָט.

דיעזע אויסגעצייכענטע און אונבעשטרייטבאַרע אידעע, וועלכע אין דיא שפּעטערע יאָהרען, נאָך פיעלע וואַנדערונגען און דיא טיעפקייטען פון פילאָזאָפיע, האָט ענדליך אויסגעפונען פאַר־זיך א וועג, איז צום ערשטען מאָל פערקינדיגט געוואָרען פון יהודה הלוי. אין א פּאָעזיע, וועלכע איז פונקט אזוי שעהן וויא אידר מאַטעריאַל איז אמת, דריקט ער אויס זיין מיינונג איבער דעם גריכישען גייסט, וועלכער האָט אזוי שטאַרק געווירקט אויף דיא תלמידים פון פילאָזאָפיע.

„לאָז זיך ניט פערפיהרען דורך דיא חכמה
פון דיא גריכען, וועלכע טראָגט נאָר בליהונג
אָבער ניט קיין פירות, וואָס איז איהר עסענץ?
אז בעשאַפען האָט ניט גאָט דיא וועלט,
וועלכע איז א „קדמון“ שוין פון אָנפאַנג,
אויב דו לייה׳סט אַן אויער צו אזעלכע ווערטער,
אומקעהרען צוריק ווערסטו זיך נאָר א פּלאַפּלער,
מיט א ליידיג האַרץ און אונצופריעדען.

יודענטהום קען, לויט דיעזער חקירה אויף קיין פאל
ניט אנגעגריפען ווערען פון פילאזאפיע, ווייל דאס שטעהט אויף
א פעסטען גרונד, וועלכען דער דענקער מוז רעספעקטירען, דער
גרונד פון היסטארישע פאקטען. דיא אידישע רעליגיאן איז ניט
געקומען אויף דער וועלט שטופענווייז, שטאפעל נאך שטאפעל, נאר
מיט אמאל, וויא א זאך ערשט ניי בעשאפען. עס האט זיך ענט־
פלעקט צו א געוואלדיגע מחנה — צו מיליאנען מענשען — וועלכע
האבען געהאט גענוג מעגליכקייט צו אונטערזוכען, נאכפרעגען און
נאכפארשען אויב זיי זיינען אבגענארט געווארען דורך כיטרע
שווינדלעריי. נאכהער, אלע נסים און נפלאות וואס זיינען געשעהן
ביז מתן תורה און האבען ניט אויפגעהערט דורך דער גאנצער
צייט וואס אידען זיינען געגאנגען אין דער מדבר — זיינען פארגע־
קומען אין דער געגענווארט פון א סך מענשען. ניט נאר ביי איין
געלעגענהייט. ביים אנפאנג פון ישראל׳ס נאציאנאליטעט האט
זיך גאט אריינגעמישט מיט בעזאנדערער אויפמערקזאמקייט צווי־
שען דיא אידען נאר ער האט זיך בעוויעזען צו זיי זעהר אפט אין
פערלויף פון פינף הונדערט יאהר, אין דעם אויסגוס פון נביאות
דורך פערשיעדענע מענשען און פערשיעדענע קלאסען. נעהמענדיג
דאס אלין אין אנבעט־אכט איז יודענטהום פערזארגט מיט מעהר
זיכערהייט וויא פילאזאפיע. דיא עקסיסטענץ פון גאט איז בע־
וויעזען מיט מעהר פעסטקייט דורך מתן תורה, וויא דורך אלע
כך הכל׳ס פון פערשטאנד. יהודה הלוי האט געפיהלט, אז ניט
נאר האט ער אונטערגעגראבען דיא ערד אונטער דיא פיס פון אלע
פילאזאפישע אנשויאונגען פון זיין צייט, נאר, אז ער האט אויך
אונטערגעמינעוועט דיא פונדאמענטען פון קריסטענטהום און איס־
לאם, און האט פעסט געשטעלט דעם מערק־מאל, דעם אנערקענטען
צייכען לויט וועלכען מען קען אונטערשיידען צווישען דיא אמת׳ע
אמונה און דיא פאלשע. יודענטהום קארמעט ניט זייגע אנהייגגער
מיט גוטע הבטחות אויף א „יענע וועלט“, נאר עס ערלויבט זיי דא
אויף דר׳ערד צו כאפען א בליק אויף דעם הימעלישען קעניגרייך און
הייבט אויף דורך א דויערהאפטע קייט פון אונבעשטרייטבארע פאקט־

מען דיא האָפנונג אויף דיא אונשטערבליכקייט פון יער נשמה צו דער הויך פון אבזאָלוטען אמת.

געבענדיג דיא אלגעמיינע פרינציפען פון יורענטהום, האָט ער עס נאָך פון דעסטוועגען אלײן ניט רעכט געמאַכט אין אלע איינ־צעלהייטען. איס דאָס צו טהאָן האָט יהודה הלוי פאָרגעבראַכט א געדאַנק, וואָס איז געווים אָריגינעל און גאון׳ייש. אַזוי וויא דיא תורה דערצעהלט אין דיא מעשה בראשית, אז דיא גאַנצע בעשאַפונג האָט גאָט פריהער דורכגעדענקט, פאַנגט ער אָן פון דעם פאקט דאָס אדם הראשון איז געוועזן פאָלשטענדיג און פערפעקט אין גוף און נשמה ווען ער איז אַרויס פון דעם בעשעפערס האַנד, אָהן דעם איינפלוס פון עלטערען, און דער אידעאַל, נאָך וועלכען מענשען זאָלען שטרע־בען, איז שוין פאָרטגעזעטצט געוואָרען אין זיין גאַנצע ריינקייט. אלע וואַהרהייטען, וואָס זיינען נאָר צוגענגליך צו דער מענשליכער זעעלע, זיינען מעגליך שוין אדם׳ן בעוואוסט געוועזן נאָר אָהן דיא שווערע מיה פון שטודירען, און געוואוסט האָט ער זיי אלע נאָר דורך זיין איינגעבאָרענעם געוויסען, ער האָט „בעזעסען" א פראָ־פעטישע נאַטור און איז דערפאַר גערופען געוואָרען גאָט׳ס קינד. דיעזע פאָלשטענדיגקייט, דיעזע גייסטיגע און מאָראַלישע בעגאַ־בונג האָט ער איבערגעלאָזט צו דיא, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון איהם, וועלכע דורך זייער העכערע מעגליכקייט האָבען דאָס גע־קענט מקבל זיין.

דורך א לאַנגע קייט פון אורעלטערען, מיט מאַנכע לייכטע אונטערברעכונגען, איז דיעזע איינגעבאָרענע טוגענד איבערגעגאַנגען צו אברהם׳ן, דער גרינדער פון ישראל׳ס פאמיליע און דאַן צו דיא איבעריגע פון זיין שטאַם: — דיא צוועלף שבטים. אויף אזא אופן בילדען דיא אידען מיט זיך דאָס האַרץ און דעם קערן פון דער מענשליכער ראַסע און דורך געטליכען גנאָד, איבער־הויפט דורך נביאות, פאַכען זיי אויף א מערקווירדיגער אַרט צו דיעזען אָרט, וואָס זיי פערנעהמען. דיעזער אידעאלער כאַראַק־טער ערהויבט דעם בעזיטצער, מען קען זאָגען, צו דעם מיטעלפונקט צווישען מענש און מלאך. אום אָבער דיעזע געטליכע מתנה צו

דערגרייכען און אויפהאַלטען איז דאָס נויטיג צו האָבען אַן אָרט
וועלכער, דורך דיא אומשטענדען פון זיין קלימאַט, קען העלפען ער־
הויבען דאָס גייסטיגע לעבען. צו דיעזען צוועק האָט גאָט אויס־
ערוועהלט דאָס לאַנד כנען. פונקט וויא ישראל, איז אויך זיין
לאַנד ספּעציעל אויסגעקליעבען געוואָרען; עס איז אויסגעוועהלט,
ווייל דאָס ליעגט אויף דעם מיטעלפונקט פון דער ערד. דאָרטען
האָט זיך פּראָקלאַמירט גאָט'ס הערשאַפט דורך דיא ענטשטעהונג
פון פּראָפעטען און דורך אויסעראָרדענטליכע ברכות און קללות,
וועלכע זיינען געווען איבערנאַטירליך. דיא מצוות און לאו'ן פון
דער אידישער אמונה זיינען מיטלען דורך וועלכע דיא הימעלישע
פּראָפעטישע נאַטור אין דער אידישער נאַציאָן זאָל זיך שפּייזען
און אויפהאַלטען. דערצו זיינען בעשטימט געוואָרען דיא כהנים
פון אהרן'ס הויז, געבויט געוואָרען דער בית המקדש, איינגעפיהרט
געוואָרען קרבנות און פערפאַסט געוואָרען אַלע דינים. נאָר גאָט
אַליין, פון וועמען דיעזע דינים קומען אַרויס, ווייס אויך וויא וויט
זיי העלפען פערברייטען דיעזען גרויסען ציעל. מענשליכער שכל
טאָר ניט געפינען קיין הסרונות, אָדער ענדערען זיי. דיא קלענסטע
ענדערונג קען פערורזאַכען מען זאָל פערזעהן דעם ערהאַבענעם
צוועק. פונקט וויא דיא נאַטור גיט אַרויס פערשיעדענע פּראָדוק־
טען ביי דיא ענדערונג פון באָדען אָדער קלימאַט. דיא פּפליכטען
פון מאָראַל, אָדער דיא דינים פון פערנונפט שטעלען ניט פאָר דיא
מערקווירדיגקייט פון יודענטהום וויא אַנדערע מיינען. זיי זיינען
בלויז דיא יסודות פון דעם געמיינשאַפטליכען לעבען. דיא רע־
ליגיעזע פפליכטען זיינען די אמת'ע הויפט פונקטען פון יודענטהום,
און זיי בעצוועקען אויפצוהאַלטען אין דעם אידישען פאָלק געטליכע
ליכטיגקייט און חן, און איביגע פּראָפעטישע בעגייסטערונג.

אָבוואָהל דיא אמת'ע וויכטיגקייט פון רעליגיעזע געזעטצען
זיינען אין גרונד גענומען בעהאַלטען פון מענשליכען שכל, דאָך
שפּיגעלט זיך אָב אין זיי דיא חכמה פון זייערע גרינדער. יודענטהום
פערדיגט ניט קיין נזירות, אַז מענשען זאָלען קומען צו א'ן עולם
הבא דורך פייניגען דעם גוף און דורך זיין אָבגעשלאָסען פאַר
זיך אַליין, אויסגעטהאָן פון דער וועלט. יודענטהום איז דער גייגע־

זאטץ פון מעלאנכאָליע און מישונה'דיגע איינזאמקייט. עס וויל, אַז זיינע נאכפאָלגער זאָלען לעבען גליקליך און צופריעדען דען דער צוועק פון לעבען — איז לעבען.

נאָכדעם וויא יהודה הלוי האָט אויסגעפונען דעם גרויסען ווערטה פון רעליגיעזע מעשים, איז דאָס איהם געוועזן זעהר גרינג צו איבערצייגען דיא העכערקייט פון תלמודישען יידענטהום איבער דיא אמונה פון דיא קאראאימען און צו בעווייזען דיא ערהאבענע טוגענדען וואָס שיידעט אָב דעם אידישען גלויבען פון קריסטענטהום און איסלאם. דיא לאגע פון שקלאווערייא אין וועלכע דיא אידען זיינען אַריינגעפאלען, זייענדיג צושפרייט צווישען דיא פעלקער, איז — לויט דיא מיינונג פון דעם פאָעט־פילאָזאָף — קיין בעווייז פון זייער אונטערגאנג, אָדער פון פערלאָרענע האָפנונג. עס איז אויך — זאָגט יהודה הלוי — קיין בעווייז, אַז דיא פאָרלויפיגע מאכט פון דיא קריסטען און מחמדאנער, וועלכע שטאָלצירען יעצט אַזוי שטארק דערמיט — איז דער פועל יוצא פון זייערע געטליכע לעהרען. אָרעמקייט און עלענדקייט, וועלכע זיינען אַזוי פעראונ־ווירדיגט אין דיא אויגען פון מענשען, שטעהען ביי גאָט פיעל הע־כער וויא אויפגעבלאָזענע שטאָלץ און גרויסקייט. דיא קריסטען זיינען ניט אַזוי שטאָלץ אויף זייערע מעכטיגע פרינצען וויא אויף זייערע נידעריגע מענשען. אַזעלכע וויא קריסטוס, וואָס האָט בע־פוילען דאָס „ווער עס וועט דיר שלאָגען אויף דער רעכטער באַק זאָלסטו איהם אויך געבען דיא צווייטע", און אויף זייערע אפאָס־טאָלס, וואָס האָבען געליטען דיא שרעקליכסטע מאַטערנים און ערני־דעריגונג, און האָבען זיך וועגען דעם ניט געקימערט. דיא מחמדא־נער זיינען זעהר שטאָלץ אויף דיא נאָכפאָלגער פון זייער פראָפ־ וואָס האָבען צוליעב איהם געליטען דיא גרוואלדיגסטע יסורים.

דאָך דער גרעסטער ליידענדער איז ישראל, ווייל ער איז צווישען מענשען וואָס דאָס הארץ איז אין מענשליכען אָרגאניזמוס. פונקט וויא דאָס הארץ ליידעט און סימפאטהיזירט מיט יעדען טהייל פון קערפער, אַזוי ליידעט דיא אידישע נאַציאָן גרויס צער און יסורים פון יעדער עולה צווישען דיא נאַציאָנען, אָהן אונטער־שיעד אויב דיא עולה איז געטהאָן געוואָרען בעוואוסט אָדער אונ־

בעוואוסט. דיאווערטער וועלכע דער גרויסער פּראָפעט מאכט דיא פעלקער זאָגען: „און ער האָט געליטען אונזערע ליידען און געטראָגען אונזערע זאָרגען“ זיינען אָנגעווענדעט אויפ׳ן איד. דאָך דיא אַלע שמערצען, וואָס ישראל האָט געליטען, האָבען איהם אַלץ ניט אומגעבראַכט, מען קען איהם פערגלייכען צו אַ חולה מסוכן, וואָס אַלע דאָקטוירים פון דער וועלט האָבען ערקלעהרט אַלס פערפאַלען און וואָס ער האָפט נאָך אַלץ, דורך אַ גרויס וואונדער, געזונד צו ווערען.

דאָס בילד פון דיא טויטע, צו־וואָרפענע ביינער וועלכע, דורך דעם וואָרט פון נביא, פערא־ייניגען זיך, קליידען זיך אָן אין אָדערען, פלייש און הויט, קריעגען אריין אין זיך אַ נשמה און פאַנגען וויעדער אָן צו לעבען — דאָס בילד שטעלט אויך פאָר דעם איד, דאָס איז אַ פאָלשטענדיגע בעשרייבונג פון ישראל אין זיין נידעריגע, שרעקליכע לאַגע. ישראל׳ס צושפּרייטונג איז אַ וואונדערבאַרער, געטליכער פּלאַן, צו ווייזען דיא פעלקער דעם גרויסען גייסט מיט וועלכען ער איז בעגאַבט. דיא אידישע ראַסע איז גלייך צו אַ קערענדיל זריעה, וואָס ווערט אריינגעלייגט אין דער ערד און ווערט דאַכט זיך צופוילט און פערשלונגען פון דיא עלעמענטען וואָס רינגלען איהם אַרום. אָבער ווען דאָס בליהט און קוועלט נעהמט דאָס וויעדער אָן דאָס אָריגינעלע נאַטור און וואַרפט אַראָב פון זיך דאָס פרעמדע שטאָף, וואָס פערשטעלט זיין אמת׳ע צורה, און ענדליך ווייזט דאָס ארויס דיא אייגענע קראַפט און אַזוי טריט ביי טריט ענטוויקעלט זיך דאָס צו דיא העכסטע פאָלקאָמענהייט. אַזוי שנעל וויא דיא מענשהייט — צוגעגרייט ביי קריסטענטהום און איסלאַם — וועט אַנערקענען דיא ריכטיגע וויכטיגקייט פון דיא אידישע נאַציאָן אַלס דעם טרעגער פון געטליכען ליכט, וועט עס אויך אָבגעבען דיא פערדיענטע עהרע צו דעם וואורצעל אויף וועלכען מען האָט אַזוי לאַנג געקוקט מיט פעראַכטונג. דיא גאַנצע מענשהייט וועט דאַן צושטעהן צו דיא אידען און זיך האָבענדיג ענטוויקעלט אין גאָלדענע פרוכט, וועלען זיי ענדליך אריינטרעטען אין דער קעניגרייך פון משיח, וועלכער איז דיא אמת׳ע פרוכט פון דעם בוים.

## 7 — יהודה הלוי אלס ציוניסט

דער געדאנק וואָס ברויננגט דעם דיכטער צו פערהויליגען פּאלעס־טינא און דיא העברעאישע שפּראכע — זיין טיעפע אונפערגלייכליכע ליעבע צו ארץ ישראל און זיין פעסטער בעשלוס צו געפינען א קבר אין רושלים.

זייט יורענטהום עקזיסטירט איז דאָס נאָך ניט אַזוי ערהאבען און גאון׳יש געפּרעדיגט געוואָרען וויא אין דיא פילאָזאָפיע פון דעם פּאָעט־פילאָזאָף פון אַלט קאסטיליען. געדאנקען און געפיהלען, פי־לאָזאָפיע און פּאָעזיע אַלץ אין איינעם צוזאַמענגעבונדען אין אַ אָרי־גינעלער סיסטעם איז דיא אַרבייט פון יהודה הלוי און אַלץ אום צו בעשאַפען א׳ן ערהאבענעם אידעאַל, אַ פערבינדונג צווישען הימעל א ן ערד.

אבער האַסאַן יהודה הלוי האָט ניט בעלאַנגט צו דיא מענשען וואָס פּרעדיגען הויכע אידעען און אַליין פיהרען זיי אַן אנדער זאָרט לעבען. אין איהם זיינען געדאַנקען און מעשים געווען ענג צוזאַמען געוועבט. קוים איז ער געקומען צום בעשלוס, דאָס דיא העברעאישע שפּראַכע און דאָס לאַנד כנען בעזיצען אַ מערקווירדיגען געטליכען כאַראַקטער, אַז זיי זיינען בעשטימט געוואָרען צו אַ הייליגען צוועק, האָט דיעזע איבערצייגונג בעהערשט זיין אויפפיהרונג. ער האָט אַ לאַנגע צייט ניט ענטוויקעלט דיא אוצרות פון זיין פּאָע־זיע, ווייל ער האָט געהאַלטען פאר חילול השם צו שרייבען שירים אין לשון קודש לויט דיא אַראַבישע זילבען מאָאָס. נאָך מעהר, דער פילאָזאָף־פּאָעט איז געווען איבערצייגט, אַז דאָס הייליגע לאַנד האָט געהאַט שפּורען פון גאָטס גנאָד. זיין פּאָעטישע נשמה איז געווען אָנגעפילט מיט דעם גייסטיגען שטאָלץ פון פּאַלעסטינאַ.

פון דעם צופוילטען, אָבגעלעבטען גלאַנץ פון איהרע חורבות און איהר פערוויסטען שטאַנד האָט נאָך געאטהעמט א פיעל העכערע

בעגייסטערונג. דיא ביטערסטע יסורים פון פערדרוס האָבען צובראָ־
כעןֹ זיין האַרץ דענקענדיג פון ציון׳ס הייליגע דואינגען. פאַר איהם
ויינען נאָך יעצט, פונקט וויא אמאָהל, דעם הימעל׳ס טויערן געווען
אָפען איבער ירושלים און האָבען פון דאָרט אַראָבגעגאָסען דיא געט־
ליכע השפעה, וואָס האָט אויפגעמינטערט דעם פערשטאַנד צו דער־
גרייכען דיא גליהליכקייט פון א העכערע רוח. דאָרטען וואָלט ער
געפלויגען מיט אדלער־פליגעל, דאָרט וואָלט ער איינגעאטהעמט אין
זיך דעם געטליכען געדאַנק, וואָס שוועבט נאָך איבער דעם דרימלענ־
דען כותל מערבי. אין יענע וואונדערבאַרע געגענדען, וואו יעדער
שטיין איז א פערגליווערטע נבואה, וואָס וועט נאָך אמאָהל מקויים
ווערען, וואָלט ער אַרומגעלאָפען באָרוועס און נאַקעט און געוויינט
און זיך געפרעהט צוגלייך.

ווען ער האָט אָנגעפאַנגען זיין אַרבייט אין דער פילאָזאָפיע
פון רעליגיאָן האָט ער זיך בעקלאָגט אין ריהרענדע ווערטער וואָס
ער, אַזוי וויא פיעלע אַנדערע, איז געווען אַזוי נאַריש ניט צו זעהן
דעם גרויסען ווערטה פון ארץ ישראל, נאָך וועלכע ער האָט אויסגע־
דריקט אַזאַ ביינקשאַפט מיט די ליפען און האָט קיינמאָל ניט געזוכט
זיין וואונש צו פערווירקליכען. וואָס מעהר ער איז געקומען צום
בעשלוס, אַז אין הייליגען לאַנד קען דער מענש קומען צו העכערע
רעיונות און רייגערע מחשבות, זיך פעראייניגען מעהר מיט גאָט
— אַלץ מעהר איז געשטיגען זיין גליהענדער וואונש צו פאָהרען
אַהין און דאָרט פערברייננען זיינע לעצטע טעג.

דיעזער אונווידערשטעהענדער בעגעהר נאָך ציון, דיא געליעב־
טע שטאָדט, האָט אַרויסגערופען אין דעם דיכטער דיא שאַפונגס־
קראַפט פאַר אַ סך ליידענשאַפטליכע ליעדער, וועלכע זיינען אַזוי
פול מיט אמת׳ע געפיהלען וויא זיי זיינען שעהן אין זייער פאָרם.
דיא ציון ליעדער, וואָס יהודה הלוי האָט פערפאַסט, שטעלען פאַר
דיא פרעכטיגסטע פרוכט פון דיא ניי־העברעאישע פאָעזיע און מען
מעג זיי מיט זיכערהייט פערגלייכען מיט׳ן תהלים.

יפה נוף משוש תבל,
קריה למלך רב,
לך נכספה נפשי
מפאתי מערב.
המון רחמי נכמר
כי אזכרה קדם
כבודך אשר גלה
ונוך אשר חרב.
ומי יתנני על
כנפי נשרים עד
ארוה בדמעותי
עפרך ויתערב.

. . . . . . . . . . . . . .

לבי במזרח ואנכי בסוף מערב,
איך אטעמה את אשר אכל ואיך יערב?
איכה אשלם נדרי ואסרי בעוד
ציון בכבל אדום ואני בכבל ערב?
יקל בעיני כל־טוב ארץ ספרד, כמו
יקר בעיני ראות עפרות דביר נחרב.

* * *

אָ, שעהנע שטאָדט, וואו ליכט אין קדושה פלעגען פינקלען!
עס ציהט מיין גייסט צו דיר פון ווייטע מערב ווינקלען,
מיין זעעלע וויינט, אָ, ליעבער נחת פון פערצייטען!
ווען כ׳זעה יעצט דיינע חורבות פול אין אַלע זייטען.
מיט אַדלער פליעגעל וואָלט איך שנעל צו דיר געפלויגען
און פייכט געמאכט דיין ערד מיט׳ן טוי פון מיינע אויגען.

. . . . . . . . . . . .

אין מזרח איז מיין הארץ, נאָר איך קען דאָרט ניט קומען.
וויא וואָלט איך אין דיא לידען דיינע טהיילגענומען!
וואָס זאָל איך טאָן? ווי הויב איך דאָרט מיין אומה׳ס באַנער.
ווען ציון שמאַכט ביים קריסט און איך ביים מחמדאַנער?

וואָס איז מיר שפּאַניען'ס פראכט? נאָר שטויב, אָהן<br>גלאַנץ אָהן זינען<br>געגען דעם שטויב פון גאָט'ס פערלאָזענע רואינען".

---

דאָס איז דער שליסעל, דער הויפּט מאָטיוו פון אַלע ציון לידער. עס איז אָבער צו שטוינען איבער דיא פערשיעדענע מייסטערהאַפטע אַרטען און פאָרמען אין וועלכע דער פּאָעט בעהאַנדעלט זיין געגענשטאנד. וואָס פאר אַ רייכקייט פון עמפּפינדונגען, בילדער און פאָרשטעלונגען ער ענטוויקעלט! ישראל'ס פערגאַנגענע טעג זיינען אידעאַליזירט אין זיינע פערזען. אָט שטעהט דער איד מיט אַ דערנער־קרוין פון טויזענד ליידען אויף זיין קאָפּ און אָט ערשיינט ער אין דעם בליאַסקעדיגען דיאַדעם פון פריידיגער האָפנונג. דער אינהאַלט פון זיינע לירישע געזאַנגען פול מיט השתפכות הנפש, מיט נשמה אויסגוס דרינגען אַריין אין האַרץ פון לעזער און וויעגען איהם מיט אַ שטורם צווישען שמערץ און נחת, וועה און האָפנונג, און דער איינדרוק בלייבט איבער אויף אייביג צונויפגעמישט מיט געפיהלען פון ענטהוזיאַזמוס און איבערצייגונג.

דער זינגער, וואָס איז געווען אַזוי בעגייסטערט מיט דער זאַך פון זיין נאַציאָן, האָט זיך בעמיהט איבערצוגעבען זיינע ברידער זיין טיעפע ביינקונג נאָך ירושלים און אין אויפוועקען זיי צו מאַכען אַ מין פלאַן זיך ווידער אומצוקעהרען אַהין. איין פּאָעזיע אין ערהויבענע און ליעבליכע טענער ערמוטהיגט דיא אידען צו פערלאָזען די פעלדער פון אדום און ישמעאל (קריסטליכע און מחמדאַנישע לענדער) און צו זוכען זייער איינגעבאָרענעם נעכט אין ציון. דאָך קיין ווידער קול פון אַן ענטפער האָט זיך געהערט. דאָס איז געווען א'ן ערהאבענער, מאיעסטעטישער בעגריף פון דעם פרומען פּאָעט־פילאָזאָף, וועלכער האָט געוואגט צו טרוימען פון אַזאַ גוואַלדיגע אונטערנעהמונג.

דיא נשמה פון יהודה הלוי איז געווען צוגעבונדען מיט אונזיכטבאַרע שניר צו ישראל'ס אַמאָליגע היים און ער האָט זיך ניט געקענט לויז מאַכען פון זיי. ווען ער האָט געענדיגט זיין אונשטערב־

ליכעס ווערק דעם דיאַלאָג פון כוזרי (אומגעפעהר 1141) האָט ער גענומען מאַכען פערשיעדענע ערנסטע פּלענער וויא אַזוי אונטערצונעהמען אַ רייזע נאָך דעם הייליגען לאַנד. ער האָט געבראַכט ניט קיין קליינע קרבנות צו זיין מערקווירדיגען, אויב אויך אַביסעל אוואַנטורישען, בעשלוס. ער האָט אויסגעביטען אַ רוהיג און צופריעדען לעבען אויף אַ לעבען פון אויפרעגונג און אונגעוויסהייט און האָט איבערגעלאָזען זיין איינציגע טאָכטער און זיין אייניקעל וואָס ער האָט שטאַרק און הייס געליעבט. ער האָט אָבגעגעבען זיין ישיבה, וואָס ער האָט געגרינדעט אין טולעדאָ און האָט זיך געשיידעט מיט דעם קרייז פון תלמידים, וואָס ער האָט געליעבט וויא זיהן, און וועלכע האָבען איהם פערעהרט וויא א פאטער, ער האָט געזאָגט „זייט געזונד“ צו זיינע פיעל פריינד, וואָס האָבען איהם, אָהן קנאה, געליבט פאַר אַ בעריהמטען געלעהרטען. דאָס אַלין האָט ביי איהם געהאט אַ גאַנץ קליינעם ווערטה אין פערגלייך מיט זיין ליעבע צו גאָט און דאָס הייליגע יאַנד. ער האָט געגלוסט צו ברייגגען זיין הארץ א קרבן צו דעם הייליגען אָרט און צו געפינען זיין קבר אין דיא געבענשטע ערד.

## 8 — זיין נסיעה קיין ארץ ישראל.

דער אונשטערבליכער מיסטער פון דיא ציון געזאנגען פאהרט זינגען זיין לעצטען „ציון“ אין ירושלים — דיא שרעקליכע רייזע איפ׳ן ים — זיין קבר א׳ן אייביגע געהיימניס.

פערזאָרגט מיט גענוג מיטעל האָט יהודה הלוי אָנגעפאנגען זיין רייזע, און זיין דורכפאָהר דורך שפּאַניען איז געווען וויא אַ טריאומפף־צוג. זיינע מאַסען פריינד אין דיא שטעדט, דורך וועלכע ער איז דורכגעפאָהרען האָבען איבערגעשטייגט איינע דיא אַנדערע אין אָבגעבען איהם כבוד. מיט עטליכע איבערגעבענע בעגלייטער האָט ער בעשטיגען אַ שיף, וואָס איז אָבגעפאָהרען נאָך עגיפּטען.

איינגעשפּאַרט אין אַ קליין הילצערן קעמערל, וואו עס איז ניט געווען גענוג פּלאַץ צו זיצען אָדער ליעגען, אַ ציעל פאר דיא גראָבע, אונגעהובעלטע וויצען און גלייכווערטלעך פון דיא מאַטראָזען, זעע־קראַנקהייט און שוואַכען געזונד, האָט זיין זעעלע דאָך ניט פערלאָרען קיין פונק פון איהר קראַפט זיך צו ערהויבען צו אַ גלענצענדע ספערע. זיינע אידעאַלען זיינען זיינע טהייערסטע און בעסטע שיף׳ס־חברים. דאַן, ווען דער שטורם האָט געשטויסען דיא שיף אויף דיא רוישענדע כוואַליעס און זיך געשפּיעלט מיט איהר וויא מיט אַ צאַצקע אין האָט געמאַכט, אַז „צווישען איהם און דעם טויט איז ניט געווען קיין אַנדער מחיצה וויא אַ ברעט“ — דאַן האָט זיך אויפגעשלאָסען דער אוצר פון געזאַנג אין זיין ברוסט. ער האָט בעזונגען דעם ים אין אַזעלכע פּרעכטיגע ליעדער, וועלכע, פאר דיא ריכטיגקייט פון זייער שילדערונג און טיעפקייט פון געפיהלען, האָבען בלויז עטליכע פערגלייכונגען.

„דיא וועלען רוישען — זיי גרויס, אָ, זעעלע מיין,
באלד וועסטו אין דער הייליגער שטאָדט אריין!“

דיא נסיעה איז אָבער געווען א שווערע, דורך שלעכטע ווינדען האָט זיך דיא שיף שטארק פערשפּעטיגט און איז אָנגעקומען אין אלעקסאנדריען אויף סכות (סעפּטעמבער) און יהודה איז אוועק צו זיינע אידישע ברידער צו בלייבען ביי זיי ביז איבער יום־טוב, אָבער ניט פערגעסענדיג קיין אויגענבליק דעם ציעל פון זיין רייזע, דאָך וויא גיך מען האָט זיך דערוואוסט זיין נאָמען האָבען זיך אלע הער־צער צוגעצויגען צו איהם. דיא בעריהמטעסטע מענער פון דער אלכסנדריניישע קהלה, אלע ערצטע און רבי אהרן בן־ציון אבן־אלאמאני, וועלכער איז געווען געבענשט מיט עשירות און מיט קינ־דער און איז אליין געווען א דיכטער פון אידישע תפלות, האָט זיך געאיילט איהם צו עמפּפאנגען וויא א נאָבעלען גאסט, האָט איהם אָבגעגעבען דיא גרעסטע עהרע און האָט איבערגעגעבען זיין גרויס־ארטיגען פּאלאסט מיט אלע פערגניגונגען פאר יהודה'ן מיט זיינע קאמעראדען. דורך דיא פּאָרזיכטיגע בעהאנדלונג פון זיינע הארציגע פריינד האָט ער זיך ערהאָלט פון דעם רושם, וואָס דיא אונגעלונ־גענע ים־רייזע האָט אויף איהם געמאכט און האָט אויסגעדריקט זיין דאנקבארקייט אין פּרעכטיגע העברעאישע פערזען. דיא פאמי־ליע פון אבן־אלאמאני זיינען אזוי צוגעשטאנען צו איהם, ער זאָל נאָך אזוי גיך ניט אוועקפאָהרען, אז אָבוואָהל זיין הארץ האָט איהם געצויגען וואָס גיכער צו קומען אין דעם הייליגען לאנד, איז ער דאָך געבליבען אין אלכסנדריען פולע דריי חדשים: ביז חנוכה.

ער האָט זיך אוועקגעריסען מיט גוואלד פון אזעלכע טהייערע פריינד, און האָט געמיינט צו געהן צום פּאָרט פון דאמיאט, וואו עס האָט געוואָהנט איינער פון זיינע בעסטע פריינד אבו סעיד בן חלפן הלוי, מיט וועלכען ער האָט זיך נאָך בעקענט אין שפּאניען. ער איז אָבער געצוואונגען געווען צו ענדערן דעם פּלאן פון דיזער רייזע, ווייל דער אידישער פירסט אבו־מאסנור (מאנסור) שמואל בן חנינה, האָט איהם אריינגעשיקט א דרינגענדען איינלאדונגס־בריעף.

אבו־מאסנור, וועלכער האָט געוואָהנט אין כליף'ס הויז, איז דאן געווען דער הויפּט פיהרער פון דער אידישער קהלה אין

אַלכסנדריען און האָט געטראָגען דעם טיטעל פירסט (נגיד). יהודה הלוי האָט דיעזע איינלאַדונג ניט געקענט צוריקווייזען, ווייל ער האָט געדאַרפט דעם אידישען פירסט׳ס רעקאָמענדאַציעס כדי צו קענען גרינגער פּאָרטזעצען זיין רייזע קיין פּאַלעסטינאַ. דער פירסט איז געווען זעהר ווייט בעריהמט און געאַכטעט און זיינע עמפּפעהלונגען האָבען געהאַט אַ גרויסע ממשות.

אבו־מאַסנור האָט געגעבען אָנצוהערען, אַז ער קען איהם שטיצען מיט גרויסע סומען געלד, אָבער ער האָט דאָס זעהר עדעל מוחל געווען אין אַ בריעף ערקלעהרענדיג, אַז „גאָט האָט איהם פערזאָרגט מיט כל טוב, אַז ער האָט גענוג געלד פאַר דער נסיעה און האָט נאָך איבערגעלאָזט אַ גרויס פערמעגען אין דער היים“. באַלד נאַכדעם האָט ער אין איינע פון דיא שיפען, וואָס פאָהרען אויפן נילוס אָבגערייזט קיין קאַהירה.

דער אַלטער, היסטאָרישער שטראָם האָט אויפגעוועקט אין איהם זכו־ונות פון זיין אידישע פערגאַנגענהייט אין ער האָט זיך דער־מאָנט אָן זיין נדר. ער האָט פעראייביגט דיעזע רייזע אין צוויי־שעהנע ליעדער. דער פירסט אבו־מאַסנור האָט איהם זעהר וואַרעם עמפּפאַנגען אין קאַהירה. דער דיכטער האָט זיך געבאָדען אין דעם גאָלדענעם שיין פון זיין פריינד׳ס ערהאַבענהייט און האָט געזונגען פון זיין בעוואוסטע גוטהערציגקייט און זיינע דריי נאָבעלע זיהן.

ער איז ניט לאַנג געשטאַנען אין קאַהירה און האָט שנעל אָבגערייזט צום פּאָרט פון דאַמיאַט, וואו ער איז אָנגעקומען פונקט צום תענית פון עשרה בטבת (דעצעמבער אומגעפעהר 1142—1141) דאָ האָבען איהם פריינד זעהר גוט אויפגענומען, איבערהויפּט האָט איהם גוט עמפּפאַנגען זיין פריינד אבו סעיד הלפן הלוי, אַ מאַן פון גרויס בענאַבטקייט און חשיבות. יהודה האָט געווידמעט מאַנכע שעהנע ליעדער צו איהם און צו אַנדערע פריינד. דיעזע פריינד זיינע האָבען איהם אויך געזוכט אָבצורייִדען פון זיין רייזע קיין פּאַ־לעסטינאַ. זיי האָבען איהם אָנגעצייגט אויף דיא געפאַהר מיט וועל־כע אַזאַ אונטערנעהמונג איז פערבונדען און האָבען איהם אויך פער־איינס דערמאָנט אַז אַ סך זכרונות פון דער אידישער יוגענד זיינען

אויף פערבונדען מיט מצרים. אויף דעם האָט ער זיי געענטפערט, אז „אין מצרים האָט זיך דיא השגחה בעוויזען וויא אין איילענים ווערענד אין דעם הייליגען לאַנד האָט זיא געמאכט איהר שטענדיגע וואָהנונג“. ענדליך האָט ער זיך געזעגענט מיט זיינע פריינד און פערעהרער און האָט זיך גענומען דורכפיהרען זיין פּראָיעקט אין דער ווירקליכקייט. אין וועלכען ארט ער האָט זיך שפּעטער אָבגעשטעלט איז אונבעקאַנט.

אין פּאַלעסטינא האָבען אין דיעזער צייט געהערשט קעניגע און פּרינצען, דיא פריינד פון דעם העלד גאָדפריי פון בולאָן. דיעזע הערשער האָבען וויעדער ערלויבט דיא אידען צו וואָהנען אין הייליגען לאַנד און אין דער הויפּשטאָדט, וועלכע איז יעצט געוואָרען קריסטליך. דאָס לאַנד איז, אין דער צייט פון יהודה׳ס רייזע, ניט געווען געשטערט פון קריעג, ווייל דיא קריסטען וואָס האָבען זיך בעזעצט אין פּאַלעסטינא מיט הונדערט יאָהר צוריק, זיינען דוקא געווען מענשען, וואָס האָבען געליעבט שלום און האָבען דאָס געקויפט פון זייערע שונאים אום יעדען פּרייז. דיא אידען האָבען אויך געהאט חן אין דיא קליינע הויפען פון דיא קריסטליכע פּרינצען אין פּאַלעסטינא. יזון אַ קריסטליכער בישאָף האָט זיך נעביך בעקלאָגט דאָס צוליעב דעם איינפלוס פון זייערע ווייבער האָבען דיא פּרינצען מעהר צוטרויען צו דיא אידישע און אַנדערע דאָקטוירים פון דיא אַרומיגע פעלקער וויא צו דיא ליטאַינישע. (דאָס הייסט קריסטליכע). מעגליך, אַז דיא קריסטליכע דאָקטוירים האָבען טאַקע ניט געטויגט.

יהודה הלוי האָט וויא עס שיינט, דערגרייכט דעם ציעל פון זיין פערלאַנג, און האָט בעזוכט ירושלים אָבער נור פאַר אַ גאַנץ קורצע צייט. דיא קריסטליכע איינוואָהנער פון דער הייליגער שטאָדט זיינען, זעהט זיך, געווען געגען איהם זעהר פיינדליך און קריגעריש, און האָבען איהם דאָס לעבען אין דער רעזידענץ אָנגעפיללט מיט עקעל. מעגליך, אַז וועגען דעם טאַקע רעדט ער דאָס אין זיין ערנסטע, רעליגעזע פּאָעזיע וואו ער יאָמערט אויס אין דיא מיטעלסטע פערזען דיא פּאָלגענדע ריהרענדע ווערטער:

צו זעהן דיך האָב איך אויסגעקוקט דיא אויגען,
דאָך ווען איך האָב געגרייכט דיין הייליג אָרט,
האָט מיך דער שונא ווילד פּעריאָגט פון דאָרט,
פערצווייפעלט בין איך פון דיין שוועל געפלויגען.

מיין אומה׳ס שיקזאַל מוז איך אויך פערטראָגען,
און שטיל זיך בויגען אונטערן דריקערס שפּאָט,
ווייל איך פערהייליג ניט אַ פאַלשען גאָט,
און גיס צו דיר נאָר אויס מיין האַרץ אין קלאָגען.

דער סוף פון זיינע רייזען זיינען געבליבען אונבעקאַנט. מען ווייס, אַז ער איז געוועזן אין דמשק און טאַיער, אָבער ניט מעהר. דיא אידען פון טאַיער האָבען איהם צוגעטהיילט גרויס כבוד און ער האָט דאָס קיינמאָהל ניט פערגעסען. אין א געדיכט צו זיינע טאַיער׳שע פריינד ערגערט ער זיך איבער זיינע פערוועלקטע האָפנונגען, איבער זיין שלעכט פערוועגדטע יוגענד און איבער זיין געגענווארטיגע עלענדקייט. דיא פערזען אין וועלכע ער דריקט אויס דיעזע געפיהלען זיינען פול מיט געמיטה. זיי קענען ניט געלעזען ווערען מען זאָל דערביי ניט פיהלען דיא גרעסטע וועהמוטה און דיא טיעפסטע סימפּאַטהיע צו דיעזען טאַפּפערען העלד און מאַרטירער.

וואו ער האָט ווייטער געררייזט בלייבט א׳ן אייביגער סוד. מען ווייס, אַז ער איז געוועזן אין צור, די הויפטשטאָדט פון די פעניקער. און דמשק, און אַז דיא אידען פון צור האָבען איהם אָבגעגעבען גרויס עהרע, אָבער וואו ער איז שפּעטער נעלם געוואָרען איז אונבעקאַנט אויף היינטיגען טאָג. זיין קבר, אַזוי וויא משה׳ס, איז ארומגערינגעלט מיט א׳ן אייביגע געהיימנים.

אַ לעגענדע איז פאַראַן, אַז אַ מחמדאַנישער רייטער איז אַריבערגעריטען איבער איהם ווען ער האָט געזונגען זיין ערהאַבענעם ליעד „ציון הלא תשאלי“. אָט אַזוי איז דער גרעסטער אידישער פּאָעט און רעליגיאָנס־פילאָזאָף דורכגערייזט דאָס לעבען בעגלייט און אָנגעפיהרט פון זיינע אידעאַלען און איז געפאַלען אַ הייליגער קרבן אויף דעם מזבח פון זיין הייסע ליעבע צו ציון און זיין גאָט.

פיעלייכט איבער קיין אידישען דיכטער איז אָנגעשריעבען אַזאַ גרויסע ליטעראַטור וויא איבער דיעזען געטליכען מאַן. זיינע שירים זיינען איבערזעצט אין אַלע שפּראַכען פון דער וועלט. אידען און ניט אידען האָבען אויף איהם געגעבען זייער הסכמה. ווען

שפּאַניען ווער אַמאָל אויפהערען צו בעטראַכטען איהרע קירכען־טאַטעס פאַר דיא גרעסטע לייט און וועט קוקען אויף איהר פערגאַנגענהייט מיט אָפענע אויגען און אויף אידען — אָהן פאָראורטהייל, וועט אבול־האַסאַן יהודה הלוי פערנעהמען דעם אויבען־אַן פון איהר ליטעראַטור. אַ מאָנומענט וועט זיא איהם שטעלען אין רעכטען מיטען פון איהר רעזידענץ שטאָדט און וועט זיך שלאָגען אין הארצען פאַרוואָס זיא האָט דאָס שוין לאַנג ניט געטהאָן.

איינע פון דיא פרעכטיגסטע זאַמלונגען פון יהודה הלוי'ס ליעבע ליעדער מיט ערקלעהרונגען, איז דאָס ביכעל „בתולה בת יהודה„ פון שמואל דוד לוצטו שד"ל. אַ ביכעל מיט געקליבענע ליעדער אין דייטשער איבערזעצונג איז ערשיענען אין בערלין (1893). דיא איבערזעצער זיינען אברהם גייגער, ס. העללער, ס. י. קאַמפף, ס. קריסטעלער, לאַנזעסבערגער, מ. לעווין, מ. ראַפּאַפּאָרט, מ. זאַכס, א. זולצבאַך און מ. שטיינשניידער. שעהנע בעשרייבונגען וועגען יהודה הלוי אין ענגליש געפינען זיך אין דיא Jewish Portraits פון דיא בעריהמטע ענגלישע שרייבערין Lady Magnus (ליידי מאַגנוס), און פון דזשאָזעף דזשייקאָבס אין זיין בוך „דזשואיש איידיאלס".

פיעל פון יהודה הלוי'ס געזאַנגטע זיינען איבערזעצט אין אונגאַריש פון דעם בעריהמטען אידיש־אונגאַרישען פּאָעט יאָזעף קיסס. איינער פון דיעזע ליעדער, אַ טרינק־ליעד איז נאַכהער איבערזעצט געוואָרען אין דייטש און אַקאָמפּאַנירט מיט מוזיק פון דעם בעריהמטען אידישען מוזיקער איגנאַץ ברילל און איז אָבגעדרוקט אין דיא וויענער „וועלט", 6טען דעצעמבער 1901. געלונגען זיינען אויך דיא ענגלישע איבערזעצונגען פון עמא לאַזאַרוס.

דיא, וואָס פערשטעהען העברעאיש און האָבען ניט געהאט קיין געלעגענהייט צו לעזען יהודה הלוי'ס פּאָעזיע, וועלען זעהן דיא גאונות פון דיעזען ערהאַבענעם מייסטער פון פאָלגענדען שיר וואָס ער האָט געשריבען צו 13 יאָהר :

לרב יצחק נשיא כל הנסיכים,
חסדים אל־בני בניו משוכים

שמו על בן בנו נקרא כהיום
ושם עליו ידי חסדו סמוכים.
יליד נקרא במרום בן אלהים,
ונקרא באדמה בן־מלכים.
ילדוהו כרוב שוכן אדמה,
ולו בין מלאכי אלהים.
מקור מים לכל־נפש עיפה,
ונגה לאשר הלך חשכים.
שמו ברוך והוא כשמו מברך,
והמתברכים בשמו ברוכים.

אָט אזוי איז שוין דער קאסטיליאנישער זשעני געווען א פאָל־שטענדיגער דיכטער צו דרייצעהן יאָהר און מיטן לויף פון זיינע יאָה־רען איז געוואקסען זיין פּאָעזיע ביז זיא האָט דערגרייכט דיא העכ־סטע הימלען און האָט זיך איינגעשלאָסען אין דעם „צרור החיים“, אין דעם אייביגען בונד פון אונשטערבליכקייט.

## ציון הלא תשאלי.

פון יהודה הלוי, איבערזעצט פון

מאָררים ראָזענפעלד.

דען ווילסטו, ציון, גאָר ביי מיר ניט פרעגען
אויף דיינע עלענדע, וואָס זיפצען שווער?
איך טראָג דאָך זיי׳רע גרוסען דיר ענטגעגען —
דיין רעשטיל, ווער, דו האָסט דאָך שוין ניט מעהר.

פון מזרח, מערב, דרום און פון צפון,
איך ברענג דיר ברכות, ברכות אָהן א שיעור, —
דיא קינדער דיינע בייגקען שטארק און האָפען,
א יעדעס הארץ נאָר ציהט אהין צו דיר.

אויך איך, געבונדענער אין גלות - קייטען,
בעקלאָגענדיג דיין שרעקליכען בעשטאַנד,
וויל דיינע לאנג פערלאָז׳נע בערג פערשפּרייטען
מיט טרעהרען, וועלכע פליסען נאָכאַנאַנד.

אַ קלאָג־מוטער בין איך צו גיסען טרעהרען
אויף דיר, אָ, ציון, אויף דיין אונטערגאַנג,
און טרוים איך פון דיין זיסען ווידערקעהרען,
ווער איך אַ הארפע צו דיין שעהן געזאַנג.

מיין הארץ, עס ציהט צו בית־אל און מחנים,
צו פניאל, אך, וויא ציהט אַהין מיך דאָרט!
וויא גלוסט מיין גייסט צו דיר ירושלים! —
איך קוש פון וויט דיין יעדער געטליך אָרט.

דאָרט איז דיא שכינה נאָר געווען דיין שכנה,
און דער בעשעפער, ער האָט אויפגעמאכט
ענטגעגען זיינע בלאַנקע הימלען ריינע
דיא טויהר׳ען דיינע פול מיט גלאַנץ און פּראכט.

וויא קען איך דאָס אָהן ווערה, אָהן שרעק דערמאָנען?
אויף דיין געזאלבטענס אָרט זעה איך אַצינד
אַ נידעריגען שקלאַווע שטאָלציג טהראָנען, —
גע׳ירש׳עט האָט דער קנעכט דעם קעניג׳ס קינד.

אָ, יענע הויכע ערטער צו בעשטייגען,
וואו דיינע גרויסע האָבען זייער רוה;
וואו זיי׳רע אייביג גרינע קברים צייגען
אַ האָפנונג, וועלכע זאָגט אַ סך מיר צו!

אהין, ווען איך זאָל אדלער פליעגעל קריגען,
געפלויגען וואָלט איך און פאר וועה און שמערץ,
אוואו דיא שטיקער דיינע הפקר ליעגען,
ארייגעשליידערט אויך מיין וואונדיג הערץ.

אויף יענע ערד וואָלט איך מיך אויסגעצויגען
און וואָלט איהר אויפגעוועקט מיט מיין געוויין,
איעדער שטויב מיט לוסט אַריינגעזויגען —
און מיט מיין ברוסט דערוואַרעמט יעדען שטיין.

הר העברים, הר ההר, צוויי שטערען —
זיי לייכטען דאָרט אַדורך דיין נאכט ;
זיי האָבען דיר בעשעהנט מיט זיי'רע לעהרען —
נאָך יענע ערטער גאַר איך און איך שמאַכט.

דיין לופט איז זעעלען־שפייז, מיט האָניג פליסען
דיא טייכען דיינע; בשמים איז דיין שטויב ;
דיין גענענוואַרט איז לעבען, פרייד און וויסען —
דו ביזט אַ הייליג ליעד, אַ גאָטעס לויב.

וויא וואָלט איך נאַקעט דאָרט און באָרוועס לויפען,
וואו גאָט האָט זיינע גרויסקייטען פערפלאַנצט;
וואו דיינע טעמפלען, דיינע שעהנע הויפען
עס האָבען אין דער ריינסטער ליכט געגלאַנצט!

וויא זאָל איך זיך צו לוסט און פרייד דערהייבען
ווען איך מוז צוקוקען מיט וועה און גרויל
וויא הינד צורייסען דיינע שטאָלצע לייבען
און דיינע אָדלערס ליגען ביי דער קראָה אין מויל?

דעם טרויער כוס נעהם צו! כ'קען מעהר ניט טרינקען.
כ'בין לאַנג פון דיינע ביטערניסען פול,
צוויי מאָל האָב איך געזעהן דיין גרויסקייט זינקען,
דיין קדשי קדשים און דיין קעניג'ס שטוהל.

* * *

נאָך שטראַהלסטו וויא דיא זונן, אָ, הייליג ציון!
נאָך זיינען דיינע פריינד אין דיר פערליעבט,
נאָך איז דיין חן אין מיטען פון זיין בליהען —
און יעדער זעעלע איז אָן דיר פערקניפט.

אין זיי'רע שקלאַווען־גריבער, וואו זיי קרעכצען,
געלוסטען זיי נאָך דיר פון פריה ביז שפּעט,
זיי בוקען זיך ענטגעגען דיר און לעכצען
נאָך דיין ערלייזונג אין אַ הייס געבעט.

וויא קען דיא דומהייט פון דיא קעניגרייכען
זיך מעסטען, פּרובען מיט דיין „ליכט און רעכט?"
ווער קען צו דיינע דיכטער זיך פערגלייכען,
צו דיינע פירסטען, פּריסטער — דיינע קנעכט?

פערשוואונדען וועלען ווערען אלע געטער,
דאָך דיין בעשיצער בלייבט, ער ווערט ניט אַלט!
עס ווינקט אַ צוקונפט דיר, אַ זיסער שפּעטער,
דיין יוגענד גרינט, דיין נייער מאָרגען שטראַהלט.

אָ, וואויל דעם, וועלכער ווערט ניט מיעד צו האָפען
אויף יענעם גליק, אויף יענער גאָלד'נער צייט,
ווען דיינע טהירען ווערען ווידער אָפען
פאַר דיינע וואנגלער אין דער פרעמדע ווייט!

# דער ווילנער גאון

(ר׳ אליהו בן שלמה זלמן)

דער גייסטיגער פיהרער פון מתנגדים



פון פריץ וויערניק

# דער ווילנער גאון.

---

## 1.

### ליטאַ און איהרע אידען אין 18־טען יאָהרהונדערט.

ליטאַ איז געווען אין גאַנצען אונאַבהענגיג אַלס אַ גרויס־פירסטענטהום (וועליקאַ קניאַזשעסטוואָ) פאַר זיך ביז זיא איז געוואָרען נעהענטער פערבונדען מיט פוילען דורך דיא חתונה פון איהר קניאַז יאַגועללאַ מיט דיא יונגע פוילישע קעניגין הערדוויגא אין יאָהר 1300. זייט דאַן האָט זיא צייטענוויז געהאַט אַ בע־זונדערען הערשער און צייטענוויז געהערט צום פוילישען קעניג ביז דיא „לובלינסקע יוניאָן“ אין יאָהר 1569, ווען ליטאַ איז אויף אימער פעראייניגט געוואָרען מיט פוילען און איז געוואָרען אַ טהייל פון דיא פוילישע מלוכה. זייט דאַן זיינעןביידע לענדער צוזאַמען געזונקען טיעפער און טיעפער, ביז דער צייט וואָס פוי־לען איז אונטערגעגאַנגען.

אין אָנפאַנג פון 18טען יאָהרהונדערט, איז דאָס לאַנד שוין געשטאַנען אויף אַ זעהר ניעדעריגע שטופע, אָבגלייך מען האָט נאָך אפשר דאַן ניט געקענט פאָראויסזעהן דיא קאטאַ־סטראָפע פון „ראַזביאָר“ אָדער צוטהיילונג פון פוילען. ליטא האָט אין יענע צייטען געליטען פון רוסיש־שוועדישען קריעג, פון מגפות און פון הונגער־יאָהרען, אָבער נאָך מעהר וויא אַלעס האָט זיא מיט גאַנץ פוילען געליטען פון אַ רעגיערונג־פאָרם און אַ גע־זעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע איז וואהרשיינליך געווען דיא ערגסטע אין אייראָפּאַ אין דיא מאָדערנע צייטען.

פוילען איז געווען האַלב מאָנאַרכיע, האַלב רעפובליק. דער קעניג איז ערוועהלט געוואָרען אויפ׳ן גאַנצען לעבען, אָבער ער האָט געהאַט זעהר אַ קליינע דעה. דיא גרויסע מאַסען פון

פאָלק, דאָס הייסט דיא בויערן, האָבען געלעבט אין דעם צו־
שטאַנד פון האַלב־שקלאַפעריי אָדער „פּאַנסציזנע" און האָבען
ניט געהאַט דיא מינדעסטע דעה איבער זיך אַליין אָדער איבער
דאָס לאַנד וואָס זיי האָבען בעארבייט. דיא אמת'ע הערשער
זיינען געווען דיא גרויסע פריצים, וועלכע זיינען צום גרעסטען
טהייל געווען פער'שיכור'ט און צולאָזען, פאַלש צו זייער קעניג,
פאַלש צו זייער פאַטערלאַנד און האָבען אפילו ניט געהאַט גענוג
שכל צו פערשטעהן זייערע אייגענע אינטערעסען. פון מענשליכע
רעכטע האָט מען ניט געהאַט דעם קלענסטען בעגריף.

דער „שליאַכציין" אָדער גאַנץ קליינער פריין פלעגט שמיי־
סען דיא בויערן, דער קליינער פריין פלעגט שמייסען דיא שליאַכ־
ציצעס און דיא גרויסע פריצים האָבען געטהאָן וואָס זיי האָבען
געוואָלט מיט דיא קליינע פריצים. דאָך איז עס ניט געוועזען
קיין געזעצליכער שטאַרק אָרגאַניזירטער דעספּאָטיזם, ווייל
אַנשטאָט דיא געוועהנליכע מענשען־רעכטע וואָס יעדער האָט
אין אַ לאַנד, וואו עס הערשט פרייהייט, אָדער אַנשטאָט דעם
כלל, אַז קיינער האָט קיין בעשטימטע רעכט אין אַ טיראַנישע
לאַנד, האָט אין פוילען יעדע קלאַס און יעדע שטאָדט געהאַט
פערשיעדענע פריווילעגיען אָדער ספּעציעלע זכיות. דאָס לעבען
איז דאָרט געווען איין שטענדיגע מלחמה צווישען דיא „יורזדי־
קיס" (יוריזדיקציאָנען), ווייל אויף יעדען שריט האָט זיך דעם'ס
זכות צוזאַמענגעשטויסען מיט יענעם'ס. דער „מאַגיסטראַט"
אָדער שטאָדט־הערשאַפט האָט געהאַט בעזונדערע רעכטע, וועל־
כע האָבען זיך געוועהנליך ניט איינגעשטימט מיט דיא רעכטע
פון „וואָיעוואָד" אָדער פערטרעטער פון דיא לאַנדעס־רעגיערונג.
זיי פלעגען זיך שטענדיג אַרומרייסען צווישען זיך און מיט דיא
גרויסע לאַנד־אייגענטהימער און דיא בישאָפס וועלכע האָבען
בעהערשט דיא ריעזיגע קירכען־גיטער. אין מאַנכע גרעסערע
שטעדט, וויא צום ביישפּיעל, אין ווילנאַ, איז דיא שטאָדט גע־
ווען צוטהיילט אונטער דיעזע דריי מינים הערשאַפטען, און וואָס
מען האָט געמעגט טהאָן אין איין גאַס האָט מען ניט געטאָרט
אין דיא צווייטע. איינער, וועלכער איז אין שטאָדט פער'משפּט
געוואָרען צו אַ שווערע שטראָף, האָט אונטער געוויסע אומשטענ־

דע געקענט בענוצען דיא פּריווילעגיע זיך אַריבער־צו־כאַפּען אין איין אַנדער „יורזדיקי“ אין אַ פאָרשטאָדט און דאָרטען לעבען אונגעשטערט יאָהרען און יאָהרען.

דיא אידען אין ליטא האָבען אַ מאָל געהאַט כמעט גלייכע רעכטע מיט קריסטען, אָבער אונטער פּוילישע הערשאַפט האָבען זיי געלעבט אַזוי וויא דיא איבריגע אידען פון פּוילען, דאָס הייסט אויך אַלס אַ בעזונדערע קלאַס מיט בעזונדערע פּריווילעגיען אָדער רעכטע. עס פערשטעהט זיך, אז אין דיא צייטען פון אָרעמקייט, עלענד און אונטערגאַנג, ווען אונעהרליכקייט אין פערראַטה האָבען פערדאָרבען אַלעס פון אינוועניג און ווען פיינדע פון דרויסען האָבען געדראָהט בריינגען נעהענטער דיא פערניכטונג, האָט מען זיך ניט פיעל אומגעקוקט אויף דיא אידישע רעכטע. דאָך איז נאָך ביי אידען דאַן געבליעבען אַ טהייל פון זייערע אַמאָליגע זעלבסטשטענדיגקייט, אזוי וויא עס איז נאָך ביי פּוילען אין גאַנצען געבליעבען אַ טהייל פון איהרע אַמאָליגע פרייהייט. דיא אידישע געמיינדען האָבען זיך כמעט אַליין רעגיערט אַזוי וויט וויא עס האָט אנבעלאַנגט צו ציוויל־זאַכען אָדער דיני ממונות צווישען אידען אונטער זיך. דער רב און דיא דיינים זיינען געוועזען דיא ריכטער. זיי האָבען געהאַט דיא געזעצליכע מאַכט דורכצופיהרען זייערע ענטשיידונגען. דער איינציגער איד האָט געמוזט, אין אַלעס וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט אידישע עסקים אָדער מיט צאָהלען פּאָדאַטקעס א. ז. וו. טהאָן, וואָס „קהל“ אָדער דיא פאָרשטעהער פון געמיינדע האָבען געהייסען, ווייל דיא רעגיערונג פלעגט אַרויפלייגען איהרע אָבגאַבען אויף דיא געמיינדע בכלל און האָט זיך ניט געקימערט וויא דיא פאָרשטעהער וועלען דאָס געלד אויפמאָנען פון יעדען אידען בעזונדער. דיא אָרגאַניזאַציאָן פון קהל איז זאָגאַר פערשטאַרקט געוואָרען דורך דעם וואָס דיא אידען בכלל זיינען אין דיא ערגערע צייטען געוואָרען נאָך מעהר אָפּגעזונדערט פון קריסטען, וויא זיי זיינען געוועזען אין דיא פריהערע בעסערע צייטען.

ווען דיא געשעפטען זיינען געגאַנגען שלעכט, אינדוסטריע זיינען אָבגעשוואַכט געוואָרען און דיא בעפעלקערונגען פון שטעדט זיינען געוואָרען קלענער, איז דיא אידישע לאַגע נאַטיר־

ליך געוואָרען וואָס ווייטער ערגער. עס איז אלין געוואָרען שוויע־רער פאר אידען צו ווערען גרויס אָדער צו מאכען א קאריערע צווישען קריסטען, בעזאָנדערס ווייל דיא גייסטליכע, הויפּטזעכ־ליך דיא יעזואיטען, האָבען בעהערשט דעם גייסטיגען לעבען פון דיא קלאסען, אונטער וועלכע א איד האָט זיך געקענט ארויפ־ארבייטען. עס איז פאר דעם אידען דאן נור געבליעבען צו זוכען כבוד אָדער אויסצייכנונג אין זיין אייגענעם געמיינדע־לעבען, צו ווערען א פיהרער אָדער א פאָרשטעהער פון זיין קהלה.

דער מעכטיגסטער און זעהר אָפט אויך דער רייכסטער מאן אין דער קהלה איז דאן געווען דער רב. דיא גרעסטע רבנים און דיא גרעסטע ראשי הקהל זיינען געווען דיא פערטרעטער אין דעם „ועד ארבע ארצות“, א כאָרט אידישער קאָנגרעס, וועלכער האָט געפיהרט דיא אנגעלעגענהייטען פון אלע אידישע געמיינדען אין פוילען. דער איינציגער וועג צו קומען צו דיא רבנות אָדער אפילו צו אנדערע הויכע עמטער אין קהל אָדער אין דיא „ועדים“ איז געווען צו זיין א גרויסער למדן, ווייל ניט נור שאלות פון טרפה און כשר, זאָנדערן אויך פראקטישע פראגען און משפטים זיינען ענטשיעדען געוואָרען נאָך דיא דינים פון שלחן ערוך און זיינע מפרשים. דאמאָלס איז פאר א אידישען אינגעל טאקי ניט געווען קיין בעסערער תכלית, וויא צו ווערען א גרויסער למדן און פון יענע צייטען שטאמט עס, וואָס יעדער פאָטער און יעדע מוטער האָט געוואָלט דעם זוהן מאכען פאר א רב אָדער פאר א גדול בתורה. דאָס איז געווען דיא העכסטע שטופע פון מאכט און עהרע, וואָס א איד האָט דאן געקענט עררייכען.

אָבער דיא אידישע הערשאפט איז געבראָכען געוואָרען נאָך שנעלער וויא דיא פוילישע. ווען עס איז געקומען דיא „זאס־סען־צייט“, דאָס הייסט דיא צייט פון דיא לעצטע קעניגע פון פוילען, האָט מען אָנגעפאנגען צו פיהלען, אז דאָס לאנד געהט אונטער און מען האָט זיך גענומען איינצופיהרען פערשיעדענע רעפאָרמען, אָדער ענדערונגען און פערבעסערונגען. מען האָט ביי דיא פריצים צוגענומען א גאנץ קליינינקען טהייל פון זייער הערשאפט און ביי דיא אידען כמעט גאָר אין גאנצען. דער „ועד ארבע ארצות“ איז אונטערדריקט געוואָרען פון לעצטען קעניג

פון פוילען, סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי אין אָנפאַנג פון זיין רעגיערונג (אין 1764). דיא אידען פון ליטאַ און פוילען האָבען דאַדורך פערלאָרען דיא סאָרט סענטראַל־רעגיערונג, וואָס האָט איבער זיי געהערשט, מאַנכעסמאָל ציעמליך שטרענג, אונגעפעהר צוויי הונדערט יאָהר. יעדע געמיינדע איז געוואָרען מעהר פריי צו טהאָן, וואָס איהר געפעלט און אזוי וויא דיא גרויסע מאַכט פון „ועד“ איז אָפּגעשטאָרבען, האָבען זיך איינצעלנע פערזאָנען אָנגעפאַנגען מעהר אַרויסצוזעהן און צו האָבען אַ גרעסערע בעדייטונג.



## 2.

# דאָס חסידות און דער גאון.

מען מוז דיעזע פעריאָדע און דיא ענדערונגען אין אידישען געמיינדע לעבען, וואָס זיינען דאַן פאָרגעקומען, גוט פערשטעהן, צו קענען בעגרייפען דעם גרויסען איינפלוס, וואָס דער ווילנער גאון האָט געהאַט אויף דיא אידען פון דער ליטא אין זיין צייט און פאַר וואָס זיין אנדענקען איז פערהייליגט געוואָרען אונטער דיא פרומע קלאַסען ביז היינטיגען טאָג.

ווען מען שרייבט דיא ביאָגראַפיע פון אַ גרויסען מאַן, פאַלט מען זעהר אָפט אַריין אין דעם טעות צו מיינען, אַז ער איז פון אָנפאַנג אָן געווען אַזוי גרויס, וויא ער איז געוואָרען צום סוף פון זיין קאַריערע, און דער טעות פיהרט אָפט צו נאַרישע געשיכטען וועגען יענעם'ס גרויסקייט אַלס קינד אָדער וועגען נסים וואָס האָבען געטראָפען מיט זיינע עלטערן נאָך איידער ער איז געבאָרען געוואָרען. אין אמת אָבער עררייכט דער גרויסער מאַן זעלטען דיא העכסטע שטופע פון זיין גרויסקייט ביז ער קומט אין מיטעלע יאָהרען אָדער אויף דער עלטער. עס נעהמט צעהנדליגע יאָהרען זיך אַרויפצואַרבייטען און צו ווערען אַנערקענט. דיא געלעגענהייטען מוזען קומען, און דיא גרויסע פון עלטערן דור מוזען אויסשטאַרבען איידער איינער ווערט אָנגענומען אַלס דער גרעסטער אין זיין ספּעציאַליטעט. דאָס פּאַסירט אַם מייסטען ערשט, ווען ער האָט שוין גרויע האָר. עס איז ניט איבערטריעבען צו זאָגען, דאָס פון נײנציג פּראָצענט פון דיא גרויסע מענשען פון דער וועלט וואָלט גאָר נישט געבליעבען, ווען מען זאָל אַראָפּשניידען דיא לעצטע צוואַנציג יאָהר פון זייער לעבען. דיא געשיכטע פון זייערע אינגערע יאָהרען איז נור דערפאַר אינטערעסאַנט, ווייל עס ווייזט דיא ענטוויקלונג פון אַ גרויסען גייסט איידער ער ווערט צייטיג, און דיא פעהיגקייטען וואָס עס איז נייטיג צו האָבען מען זאָל זיך פּאַסען צו פערנעהמען אַ וויכטיגען פּלאַץ, ווען עס מאַכט זיך דיא געלעגענהייט צו ערפילען אַ גרויסע פליכט אָדער אויסצופיהרען אַ וויכטיגע אויפגאַבע.

„דיא זאַקסען־צייט האָט געמאַכט דאָס חסידות“ האָט ערקלעהרט אַ פעהיגער שרייבער *), און מען קען זאָגען, אַז ביז אַ געוויסען גראַד האָט דאָס הסידות געמאַכט דעם גאון. ווען ר' ישראל בעל שם טוב איז געשטאָרבען אין 1760**) האָט ער נ׳ט געהאַט דעם קלענסטען בעגריף, אַז עס וועט באַלד אין זיין נאָמען געגרינדעט ווערען אַ נייע סעקטע. ווען דער „ועד“ וואָלט ניט בטל געוואָרען מיט פיער יאָהר שפּעטער, וואָלט ר' בער מעזרי־טשער, דער נאָכפאָלגער פון בעל שם, אויף קיין פאַל ניט געקענט אָנפאַנגען צו פיהרען זיין ראָלע אַלס „גוטער איד“ און געווינען איינפלוס און הערשאַפט אויף צעהנדליגע טויזענד פרומע אידען אין פוילען.

אַ קערפערשאַפט מיט דיא אויטאָריטעט און דיא מאַכט פון „ועד ארבע ארצות“ וואָלט דיא גאַנצע זאַך אונטערדריקט, און געגען איהר האָבען איינצעלנע פערזאָנען גאָר נישט געקענט אויספיהרען. אָבער איצטער איז ניט געווען קיין הינדערנים אין וועג פון דיא ענטהוזיאַסטען צו פערשפּרייטען זייער לעהרע. דיא פּיאָנירען פון חסידות, דיא צעהנדליגע תלמידים פון ר' בער, אונטער וועלכע עס האָבען זיך געפונען גרויסע גאונים אין לערנען וויא ר' פנחס הורוויץ (דער פערפאַסער פון „הפלאה“, געשטאָרבען אַלס רב אין פראַנקפורט אַם מאַין אין 1812), אַזעל־כע בעריהמטע צדיקים וויא דער „ספּאָלער זיידע“ און ר' פנחס קאָריצער און אַזעלכע פייערדיגע רעדנער וויא דער „מוכיה“ (ר' אהרן פון קארלין, געשטאָרבען 1771) און דער קאָזניצער מגיד, האָבען געוואונען נייע אנהענגער דורך זייער ענטהוזיאַזם און אויפריכטיגקייט. יעדע געמיינדע האָט איצטער געקענט זאָרגען נור פיר זיך, און עס איז געווען זעהר שווער פאַר אידען פון פערשיעדענע שטעדט זיך צוזאַמען־צו־ריידען, בעזאָנדערס

---

*) ווייסבערג, „דיא נייע־העברעאישע אויפקלערונגס־ליטעראַטור אין גאַליציען“, לייפּציג און וויען, 1898.

**) זעה דיא לעבענס־בעשרייבונג פון „בעל שם טוב“, ארויסגע־געבען פון דיא אינטערנאַציאָנאַלע לייברערי פּובל. קאָמפּ.

נאָכדעם וויא דיא אונוויסענדע מאַסען אידען אין פּאָדאָליען, וואָהלין, הויך־פּוילען און גאַליציען האָבען זיך כמעט אין גאַנצען אָנגעשלאָסען אָן דיא חסידים, און עס האָבען אויך ניט געפעהלט לומדים און רייכע בעלי בתים, וועלכע זאָלען מיט זיי סימפּאַטיזירען.

דער ערשטער חרם געגען חסידות וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרען אין 1772, האָט זיי געהאָלפען נאָך שטאַרקער צו ווערן, ניט קוקענדיג דאַרויף וואָס פיעלע אבערגלויבישע מענשען האָבען געמיינט, אַז דער חרם איז געוועזען דיא אורזאַכע פון דעם טויט פון ר׳ בער מעזריטשער, וועלכער איז געשטאָרבען יענעם יאָהר. עס איז איין אַלטער און אייביגער כלל, אַז אַ פּאַרטיי אָדער אַ סעקטע וועלכע האָט ערנסטע אנהענגער קען ניט אונטערדריקט ווערען דורך פערפאָלגונגען.

דיא אידען פון דער ליטא וועלכע זיינען דאַמאָלס אויך שוין געוועזען מעהר געלערנט אין אידישע זאַכען וויא דיא אידען פון אַנדערע טהיילען פּוילען און רוסלאַנד, און זיינען געוועהנליך פון דער נאַטור מעהר שאַרפזיניג, מעהר קאַלטבלוטיג און ווע־ניגער ענטהוזיאַסטיש, האָבען זיך פון אָנפאַנג אָן ניט אָנגעבאַפּט שטאַרק אָן חסידות. דער גאַנצער שטראָם פון חסידות איז געוועזען אַ סאָרט פּראָטעסט געגען דעם אידישען גייסט וואָס האָט ערריייכט זיין העכסטען פּונקט פון ענטוויקלונג אין דער ליטא, געגען דיא טרוקענקייט פון דיא פּלפּולים, געגען פּינקטליכקייט אין דינים און מנהגים און געגען דיא סאָרט פרומקייט אָהן בעגייסטערונג און אָהן געפיהל וואָס איז ענטוויקעלט געוואָרען דורך דיא פאָלשטענדיגע אָבגעשלאָסענקייט פון דיא אידען אין זיעבצעהנטען און אַכצעהנטען יאָהרהונדערט. דיא ליטווישע אידען זיינען דערפאַר אי פון דער נאַטור און אי דורך דיא אומשטענדע פון זייער ערציהונג געוועזען דיא פּאַסענדסטע לייטע אָנצופאַנגען דעם קאַמפף געגען דיא חסידים, און ווילנאַ, דיא ירושלים פון ליטא, וועלכע איז שוין דאַן אויך געוועזען אַ מיטעלפּונקט פון לומדות און פון עטוואָס ליבעראַלע אידען, איז געוועזען דער ריכטיגער פּלאַץ פאַר דעם הויפּטקוואַרטיער, פון וואַנען אַזאַ מלחמה זאָל געפיהרט ווערען.

עס איז אָבער געווען נאָך אַ ספּעציעלע אורזאַכע, פאַר וואָס דיא הויפּט־פיגור פון דיא מתנגדישע זייט אין יענעם קאַמפּף זאָל זיך גראַדע דאָרטען ענטוויקלען. דיעזע אורזאַכע איז געווען דיא מחלוקה, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען אין ווילנא אין יאָהר 1778 און איז בעקאַנט אַלס „דעם רב'ס קריעג“.

דיא פּוילישע רעגיערונג האָט מבטל געווען נור דעם „ועד“ אָדער דיא אויבערהערשאַפט פון קאָנגרעס פון רבנים און מנהיגים אָדער פיהרערס איבער אַלע אידישע געמיינדען צוזאַמען. דיא מאַכט פון דער קהלה פון יעדער שטאָדט בעזונדער איז געבליעבען וויא פריהער. אָבער אַלעס האָט זיך געהאַלטען אין אויפלעזען און צושמעלצען אין יענע צייטען, און עס איז געווען נאַטירליך, אַז דיא אָרגאַניזאַציאָן פון קהל אַליין זאָל אויך ניט זיין אַזוי שטאַרק וויא פריהער. דיא איינצעלהייטען פון דעם רב'ס קריעג און וויא אַזוי ער איז ענטשטאַנדען, האָבען וועניג שייכות מיט דער לעבענסבעשרייבונג פון גאון, אָבער דער פּרינציפּ וועגען וואָס עס האָט זיך געהאַנדעלט, האָט געהאַט אַ וויכטיגע בעדייטונג פאַר דיא גאַנצע עפּאָכע.

עס איז געווען אַ קאַמפּף צווישען דעם רב און דיא רייכע בעלי בתים פון שטאָדט איבער דער פראַגע, אויב דיא „גייסטליכע“ אָדער דיא „וועלטליכע“ מאַכט זאָל האָבען דיא דעה אין אַנגעלעגענהייטען פון קהל. דער קאַמפּף איז געפיהרט געוואָרען מיט גרויס ביטערניס, און עס האָבען ניט געפעהלט קיין מסירות און בלבולים, דורך וועלכע פיעלע פאַמיליען זיינען פעראונגליקט געוואָרען. פיעלע קריסטען האָבען זעהר גוט פערשטאַנען דיא נאַטור פון דיא שטרייטיגקייטען און האָבען זיך ביז אַ געוויסען גראַד אויך אין איהר בעטהייליגט. עס איז העכסט אינטערעסאַנט צו וויסען, אַז פירשט ראַדזיוויל, דער „וואָיעוואָד“ אָדער פערטרעטער פון דער קעניגליכע רעגיערונג אין ווילנאַ, האָט געהאַלטען מיט קהל, אין דער צייט וואָס דער בישאָף מאַסאַלסקי האָט געהאַלטען מיט דעם רב. דער סוף פון קריעג איז געווען, אַז קהל האָט מנצח געווען דיא רבנות, און ווילנא האָט קיין רב ביז היינטיגען טאָג. אָבער דיא מאַכט פון קהל איז אויך אָפּגעשוואַכט געוואָרען דורך דיא גרויסע מינאָריטעט וועלכע האָט געהאַלטען

מיט'ן רב, און דיא סאָרט אַנאַרכיע וואָס האָט געהערשט אין דיא געמיינדע אַנגעלעגענהייטען פון ווילנא זייט 1778, האָט געמאַכט אַז מען האָט דאָרטען אויפגעהערט צו רעספּעקטירען דיא אויטאָריטעטען, וועלכע פלעגען זאָנסט הערשען דורך דיא קראַפט פון זייער אמת. דאָס איז געווען דיא ריכטיגע צייט ווען א פּריוואַט מאַן האָט געקענט געווינען איינפלוס און אַנערקענונג.

דיא אידען אין ווילנא האָבען ניט געהאַט קיין אַנערקענטען רב און קיין אַנערקענטען קהל אָדער „פרנסים“. עס האָט זיי געפעהלט אַ גייסטיגער פיהרער, צו וועמען זיך צו ווענדען אין צייט פון ספק און פון שוועריגקייט. זיי האָבען דאַרום אויף אַ נאַטירליכען וועג, זיך גאָר ניט צוזאַמענריידענדיג, אָנגעהויבען צו פערלאָזען זיך אויף דעם גרעסטען למדן און דעם גרעסטען צדיק פון שטאָדט, אויף אַ הויך־געאַכטעטען מאַן, וועלכער איז ניט געווען קיין רב און ניט קיין קהל'ס־מאַן אָדער פרנס — אויף ר' אליהו בן שלמה זלמן פון ווילנא. און אזוי וויא גאַנץ ליטא האָט געקוקט אויף ווילנא, איז דיעזער ר' אליהו אין אַ קורצע צייט אַנערקענט געוואָרען פאַר דעם פאָרשטעהער פון דיא אידען פון ליטא.



## דעם גאון׳ס יונגע יאָהרען.

דער ווילנער גאון איז געבאָרען געוואָרן אין ווילנא דעם ער־שטען טאָג פסח אין יאָהר 1720 (ת"פ). זיין פאָטער איז געוועזען ר׳ שלמה זלמן, אַ איד אַ גרויכער למדן און אַ יחסן, איין אור־אייניקעל פון ר׳ משה קרעמער, וועלכער איז געוועזען רב פון ווילנאַ אין דיא צווייטע העלפטע פון 17טען יאָהרהונדערט און איז געשטאָרבען אין יאָהר 1688. דורך זיין הייראַטה איז ר׳ שלמה זלמן געוועזען פערבונדען מיט דיא פאַמיליע פון ר׳ משה רבקש פון ווילנא, דער מחבר פון „באר הגולה" אויף שלחן ערוך, וועלכער איז אַנטלאָפען פון ווילנא נאָך אַמסטערדאַם אין דער צייט פון דעם איבערפאַל פון דיא קאזאַקען אין 1655. דיעזער ר׳ משה רבקש האָט איבערגעלאָזען אַ „קרן קיימת" אַ געוויסע סומע געלד, מיט וועלכע מען זאָל אונטערשטיצען אָרעמע אידען, וועל־כע לערנען תורה און האָבען קיין אַנדער בעשעפטיגונג. אַזוי וויא דיעזע בעדינגונגען האָבען זיך גוט געפּאַסט אויף ר׳ שלמה זלמן, און ער איז נאָך דערצו געוועזען אַ מיטגליעד פון דער פאַמיליע פון ר׳ משה רבקש, האָט ער דיעזע אונטערשטיצונג געקראָגען און האָט געלעבט אין אָרעמקייט. אַלעס וואָס מען ווייס פון דעם גאון׳ס מוטער איז, דאָס זיא האָט געהייסען טריינע און האָט געשטאַמט פון סעליז, נעבען בריסק, און דאָס זיא האָט געלעבט וואַהרשיינליך איבער נײַנציג יאָהר (זיין פאָטער איז געשטאָר־בען אין 1758).

אליהו איז געוועזען דער בכור פון זיינע עלטערן און האָט געוויעזען זעלטענע גייסטיגע פעהיגקייטען פון קינדהייט אָן. עס ווערט אויך דערמאָנט דאָס ער איז געוועזען איין זעהר שיינעס גע־זונדעס קינד, וועלכעס איז אין יענע צייטען אונטער אידען אין דער ליטא געוועזען כמעט אַזאַ זעלטענהייט וויא אַ גאונישער קאָפּ. ווען מען בערעכענט, דאָס דער גאון האָט דעם ערשטען טהייל פון זיין לעבען געלעבט אין גרויס אָרעמקייט, דאָס ער האָט שטענדיג געלערנט פון צוואַנציג ביז צוויי און צוואַנציג שטונדען

**אין מעת לעת און האט דאך געלעבט לייגנער ווי 77 יאהר,** קען מען אליין קומען צו דער איבערצייגונג, דאס זיין גרויסער גייסט האט געמוזט וואוינען אין זעהר א שטארקען קערפער.

צו זיעבען יאהר האט ער געזאגט פאר א גרויסען עולם אין ווילנער שול א „פלפול" אדער לומדות'ע דרשה וואס זיין פאטער האט איהם אויסגעלערנט. אזא פעהיגקייט האט נאטירליך צוגעצויגען דיא אויפמערקזאמקייט פון דיא פארשטעהער פון שטאדט, און דער דאמאלדיגער רב פון ווילנא, ר' יהושע העשל (איין אייניקעל פון דעם בעריהמטען ר' העשל פון קראקוי) האט געלאזט צו זיך ברייגען דעם וואונדערבארען אינגעל און האט איהם פערהערט צו זעהן, אויב ער האט ווירקליך פערשטאנען, וואס ער האט געזאגט. דער רב איז איבערראשט געווארען פון דיא קלארקייט פון דעם יונגען אליהו'ס פערשטאנד און פון דיא שארפע און ריכטיגע אנטווארטען, וואס ער האט פון איהם געקריעגען. מיט א יאהר שפעטער האט ר' אברהם קאצענעלענבויגען, דער רב פון בריסק, אויף א בעזוך אין ווילנא, געהערט פון דעם זעלטען געראטענעם אינגעל און האט ביי דעם פאטער גע'פועל'ט איהם מיטצונעהמען אין קיידאן, וואו ר' אברהם'ס ברודער, ר' דוד, איז דאן געוועזען דער רב. דארטען האט אליהו א קורצע צייט געלערנט ביי דעם מחבר פון „פני משה" און ווי ווייט מען ווייס, האט ער זייט דאן ניט געהאט קיין אנדער רבי'ן. זיין שארפזין און זיין זעלטענער זכרון האבען איהם ערמעגליכט גאנץ יונג אנצופאנגען צו לערנען אליין. עס איז נור בעוואוסט, דאס א געוויסער ר' ליב, וועלכער איז שפעטער געווארען רב אין טשעכענאוויץ און א ר' חיים, וועלכער איז שפעטער געוועזען א מגיד אין ווילנא, זיינען געוועזען זיינע חברים.

אין יענע צייטען פלעגט מען ביי אידען הייראטהען זעהר יונג, און עס איז געוועזען נאטירליך, דאס עס זאל זיך באלד געפינען א שידוך פאר אזא בעריהמטען „עלוי". עס איז ניט בעקאנט, ווי אלט דער גאון איז געוועזען צו דער חתונה, אבער עס איז זעהר מעגליך אז ער איז געווארען א חתן טאקי אין דעם יאהר וואס ער איז אלס אכט יעהריגער אינגעל אנגעקומען אין קיידאן. זיין שווער איז געוועזען א קיידאנער נגיד מיט דעם נאמען

ר׳ יהודא ליב, פון וועמען מען ווייס ווייטער גאר נישט. אזוי וויא עס איז אבער בעוואוסט, דאס דער גאון האט אלס יונגער פערהייראטהער מאן געלעבט אין ווילנא אין גרויס דחקות, מוז מען אננעהמען דאס זיין שוויעגער־פאטער איז פריה געשטאר־בען אדער ער איז „ארונטער פון מעמד“ און איז געווארען ארעם, וויא עס פלעגט אימער טרעפען מיט פארצייטיגע נגידים, וועלכע האבען געפיהרט זייערע געשעפטען אין גרויס אונארדנונג און קיינמאל ניט געוואוסט פון רעכנונג אדער מעטהאדע אין גע־שעפט.

אלעס וואס מען ווייס פון דעם גאון׳ס לעבען אין דיא נעקסטע 25 יאהר, איז, דאס ער איז אין דער צייט, ווען ער איז אלט געווען א יאהר צוואנציג, אוועק „אפריכטען גלות“, דאס הייסט פאהרען אויף רייזען. מען דערצעהלט פיעלע וואונדער־בארע מעשיות פון דיזע רייזע און מען זאגט אויך אויף איהם, אזוי וויא מען האט געזאגט כמעט אויף יעדען בעריהמטען צדיק פון אלע צייטען, אז ער האט זיך געקליעבען צו פאהרען נאך ארץ ישראל. אבער דיא איינצעלנע פאקטען פון זיין רייזע, וועל־כע זיינען בעוואוסט אלס זיכער איז, דאס ער איז געווען „אין פוילען, ליסא און בערלין“ און דאס ער איז צוריקגעקומען, ווען ער איז געווען אונגעפעהר 25 יאהר אלט.

ער איז שוין דאן ניט מעהר געווען קיין וואונדער־קינד, זאנדערן א איד א גרויסער למדן און א פרומער אין א שטאדט וואו עס זיינען געווען פיעלע גרויסע לומדים און פיעלע צדיקים. עס איז דארום קיין וואונדער, דאס מען האט איהם דאמאלס נאך ניט בעטראכטעט אלס איין אויסנאהמס־מענש, וועלכער דארף בעהאנדעלט ווערען אנדערס וויא אנדערע. דיא פאר־שטעהער פון שטאדט האבען געשיקט עטליכע בעלי בתים איהם נאך אמאל פערהערען אין לומדות און ערשט ווען זיי זיינען איבערצייגט געווארען, אז ער איז איין אמת׳ער גדול, האט מען בעשטימט איהם צו געבען א געוויסע „קצבה“, דאס הייסט א קליינע סומע יעדע וואך, ער זאל האבען פון וואנען צו לעבען און זאל קענען זיצען און לערנען.

עס ווערט דערצעהלט, אז דער שמש, וועלכער האט איהם

גערארפט בריינגען דיא „קצבה“, האט דאס געלד אנגעפאנגען אראפצולאזען צו זיך און דאס דער גאון און זיין פאמיליע האבען דורך דיעזע רויבעריי געליטען הונגער. אבער ער האט ניט דער־צעהלט. ער האט געוואוסט אז ווען דיא זאך זאל ענטדעקט ווערן, וועט דער שמש — אויך אן ארעמער איד — פערליערען זיין שטעלע און בלייבען אהן ברויט, און ער האט דארום ליעבער געליטען און געשוויעגען, ביז דער שמש איז קראנק געווארען און האט אויפ׳ן טוידטען־בעט זיך מודה געוועזן אין דיא גנבה. דיעזע עדעלמוטהיגקייט פון ר׳ אליהו, וועלכער האט ליעבער געליטען הונגער איידער צו פער׳מסר׳ן איין אונעהרליכען בעאמטען פון קהל, גיט א גוטען בעגריעף פון זיין כאראקטער און האט אויך געוויס דאן געהאלפען אויף איהם ארויפצוציהען דיא אויפמערק־זאמקייט פון דער ווילנער געמיינדע.

א צווייטער אינטערעסאנטער פאקט פון דיזען סארט איז, דאס דער גאון וועלכער איז געוועזן א בכור, איז ניט צופריעדען געוועזן מיט דעם „פדיון הבן“ וואס זיין פאטער האט געמאכט א חודש נאך זיין געבורט, און האט זיך אלס ערוואקסענער מעניש אליין נאך אמאל אויסגעלייזט ביי איין אנדער כהן. עס ווערען אויף דעם אנגעגעבען פערשיעדענע אורזאכען, וועלכע האבען צו טהאן מיט דינים; אבער דיא ריכטיגע אורזאכע איז וואהרשיינ־ליך די, וועלכע ווערט אנגעגעבען פון זיין לעצטען ביאגראפער *). דער גאון, אלס עהרליכער אויפריכטיגער מענש, איז איינפאך ניט צופריעדען געוועזן, וואס זיין פאטער האט איהם אויסגע־לייזט „כמנהג העולם“ (וויא עס איז דיא פיהרונג פון דער וועלט), דאס הייסט, אז מען גיט דעם כהן דאס געלד אויף א ווייל, און דערנאך שיינקט ער עס אוועק צוריק, און בליידע ווייסען פאר־אויס, אז ער וועט דאס געלד צוריק אוועקגעבען. דער גאון האט פערלאנגט, אז דיא אויסלייזונג זאל זיין א ריכטיגע, וויא דיא תורה פאדערט, און ער האט דארום אליין זיך אויסגעלייזט נאך אמאל דורך דעם, וואס ער האט דעם כהן טאקי אוועקגעגעבען דאס געלד אויף איין אמת און עס ניט מעהר צוריק אפגענומען.

---

*) יצקן, „רבנו אליהו מווילנא“, ווארשוי, 1900.

## 4.

# זיינע מיטעלע יאָהרען און דער בריעף פון ר'
# יונתן אייבשיץ.

אין יענע צייטען האָבען דיא מייסטע אידישע גדולים זיך בעשעפטיגט מיט שטודירען דיא געהיימע פאַנטאַסטישע „וועל־טענשאַפט" אָדער פילאָזאָפיע, וועלכע איז בעקאַנט אַלס ק ב ל ה. דיא בעלי קבלה ווערען איינגעטהיילט אין צוויי טהיילען, דיא וועלכע לערנען „קבלה עיונית" אָדער טהעאָרעטישע קבלה, און דיא וועלכע מאַכען פון איהר געברויך אַלס „קבלה מעשית" אָדער פראַקטישע קבלה. דיא קבלה אַלס טהעאָריע זוכט צו ערקלעהרען דיא שייכות פון דער וועלט צו גאָט און וויא אַזוי דיא כחות און אייגענשאַפטען פון גאָט ווייזען זיך אַרויס אין דער נאַטור. דיא פראַקטישע קבלה איז אַ סיסטעם, וויא אַזוי דיעזע סודות זאָלען אַנגעווענדעט ווערען צו בעווייזען פערשיעדענע וואונדער, בע־זאָנדערס צו פערטרייבען שדים און רוחות און צו היילען פער־שיעדענע מינים קראַנקהייטען דורך סגולות און קמיעות. דער ווילנער גאון האָט זיך, וויא ווייט מען ווייס, קיינמאָל ניט בע־שעפטיגט מיט פראַקטישע קבלה, און דיא מעשה, אז ער האָט בעשאַפען אַ „גולם", איז וואַהרשיינליך אויסגעקלעהרט געוואָרען ערשט נאָך זיין טויט, ווען דיא איינבילדונג פון פאָלק האָט איהם אַנגעפאַנגען אָנצוהייננגען אַלערליי וואונדערגעשיכטען, וואָס מען פלעגט פריהער דערציילען וועגען אַנדערע גרויסע מענער. אָבער ער האָט זיך שטאַרק בעשעפטיגט מיט שטודירען דעם „זוהר" און אַנדערע ספרי קבלה, און זיין קלאָהרער, קריטישער גייסט האָט בענומען דיא טהעאָריע פון דיעזען סאָרט רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע בעסער און גרינדליכער, וויא פיעלע אַנדערע, וועלכע האָבען זיך מיט איהר בעשעפטיגט.

קבלה איז אַ געהיימע לעהרע, דאס הייסט מען האט איהר קיינמאָל ניט געלערנט אין ישיבות אדער אין דער עפענטליכקייט, זאָנדערן יעדער פאר זיך אדער איינער פון אַנדערן אונטער פיער

אויגען. פראַגען פון קבלה האבען ניט אינטערעסירט דיא אידישע מאַסען אויסער און וויא וויט זיי האבען געהאַט א בעציהונג אויף דיא אמונה און דיא קראַפט פון קמיעות. נור אין מיטען פון אַכצעהנטען יאהרהונדערט איז דיא אידישע וועלט אויפגעקאָכט געוואָרען דורך א מחלוקה וועגען קבלה און קמיעות, אין וועלכע דיא מייסטע רבנים און געמיינדען פון דייטשלאַנד, פוילען און דיא ארומיגע לענדער האבען זיך בעטהייליגט. דאס איז געווען דער קאַמפף צווישען ר׳ יונתן אייבשיץ אדער ר׳ יונתן פּרעגער, וועלכער איז געווען אַנערקענט אַלס דער גרעסטער למדן אָדער תלמודיסט פון יענער צייט, און זיין געגנער ר׳ יעקב עמדן, וועלכער האט איהם בעשולדיגט, אַז ער גלויבט אין דעם פאַלשען משיח, שבתי צבי, וואָס האָט מיט הונדערט יאָהר פריהער געשפּיעלט זיין ראָליע אַלס ערלייזער פון אידען און איז צום סוף געוואָרען א מחמדנער*).

ר׳ יעקב עמדען האט געפונען אין קמיעות, וועלכע ר׳ יונתן האט ארויסגעגעבען, בוכשטאַבען וואס האבען זיך געלאָזט ערקלערען אַלס רמזים אדער אנדייטונגען אויף שבתי צבי, און דיא שטרייטיגקייטען האבען געמאכט אַזוי פיעל אויפזעהן, אַז דער קעניג פון דענעמאַרק האט זיך אין איהר אריינגעמישט צו מאַכען שלום אין דער געמיינדע פון אַלטאָנאַ, וועלכע איז געווען אונטער זיין הערשאַפט. ר׳ יונתן האט געזוכט צו בעווייזען, אַז עס איז אין זיינע קמיעות ניטאָ קיין אפּיקורסות און ער האט געזוכט דיא צושטימונג פון יעדען „מקובל“ אָדער ספּעציאַליסט אין קבלה, וועמענס נאמען ער האט נור געקענט ערפאַהרען. דער גאון איז אויף זיינע רייזען אין דייטשלאַנד בעקאַנט געוואָרען מיט אַנדערע וועלכע האבען זיך בעשעפטיגט מיט קבלה און אַזוי האט זיך ר׳ יונתן פון איהם דערוואוסט און האט איהם געשריעבען א בריעף, בעטענדיג א בעשטעטיגונג און א רעכטפערטיגונג. אין 1755 איז ערשיענען ר׳ יונתן׳ס פערטהיידיגונגס־שריפט „לוחות העדות“ א זאַמלונג פון צושריפטען פון אַלערליי רבנים

*) זעה דיא לעבענסבעשרייבונג פון שבתי צבי, ארויסגעגעבען פון דער אינט. לייברערי פּובלישינג קאָמפּאַניע.

און גדולים און מקובלים, וועלכע האבען ערקלערט ר׳ יונתן אַלס גערעכט. אונטער דיעזע בריעף געפינט זיך אויך דער איינער פון ר׳ אליהו מווילנא, וועלכער איז דאַן געווען 35 יאהר אַלט, און דיזעס איז דאָס ערשטע מאָהל וואָס ער איז דערמאָנט אין אַ פרעמדען ספר. דיא גרויסע שבחים וואס ר׳ יונתן שרייבט אויף זיין יונגען פערטהיידיגער און דער פאַקט, דאס דער גרויסער רב פון אלטאָנא־האַמבורג־וואנזבעק האט געפאָדערט א פערטהיידי־גונג פון אַזאַ ווייטען פלאַץ, וויא ווילנא, האט פיעל פערגרעסערט דעם נאמען פון ר׳ אליהו און ער איז זייט דאַן אַנערקענט געוואָ־רען אַלס א בעריהמטער מענש.

אויסער דיעזען צופאַל, וועלכער שטעלט איהם פלוצלונג פאָר אַלס א בעריהמטער גדול אין ווייטע לענדער, אבגלייך ווען ער איז צוריק געקומען פון דיא רייזע, וועלכע האט איהם פער־שאַפט דיא בעריהמטקייט, האט מען איהם אין ווילנא פערהערט צו ענטשיידען, אויב ער פערדיענט אונטערשטיצונג, — ווייס מען וועניג פון זיינע מיטעלע יאהרען וויא פון זיין יוגענד. מען קען זיך פאָרשטעלען אַז נאכדעם וויא ר׳ יונתן אייבשיץ האט בעשטע־טיגט זיין גרויסקייט, איז זיין לאַגע וואהרשיינליך פערבעסערט געוואָרען און דאָס ער האָט פערבראַכט זיין צייט אין לערנען און פרומקייט. זיין פלייסיגקייט אין לערנען איז געווען כמעט איבער־נאַטירליך. ער האָט זעלטען געשלאָפען מעהר ווי צוויי שטונדען א נאַכט. זיין שאַרפער גייסט און זיין זעלטענער זכרון האבען איהם געדיענט אלעס צו בעגרייפען און אַלעס צו געדיינקען, ער האט אַזוי דורך דיא פיעלע יאהרען וואס ער האט געלערנט אָהן אויפ־הער עררייכט דיא שטופע פון דיא גרעסטע רבנישע קענטנים אונטער דיא אידען פון זיין צייט. אויסער לומדות און קבלה האט ער אויך געלערנט מאַטהעמאַטיק און געהאַט אן אַלגעמיינעם בעגריעף פון דיא וועלטליכע וויסענשאַפטען, וויא מען האט זיי געקענט קריגען פון אידישע ספרים אין זיין צייט. ער האט ערמוטהיגט ר׳ ברוך שקלאָווער (דעם איבערזעצער פון אייקלידעס מאַטהעמאַטישע ווערק אויף לשון קודש) צו איבערזעצען אויך אַנדערע ווערקע איבער וויסענשאַפטליכע געגענשטענדע. דער חשק צו לערנען און צו וויסען, וועלכער הערשט אונטער ליטווי־

שע אידען פיליכט מעהר וויא ביי אַלע אַנדערע, האט זיך אין איהם אויסגעדריקט אַם שטאַרקסטען, און אָבגלייך מיר געפינען איהם שפּעטער אַלס א ביטערען געגנער פון השכלה אדער אייראָ־פּעאישע בילדונג אונטער אידען, ווייל ער האט מורא געהאַט-- און פון זיין שטאַנדפּונקט איז ער געווען גערעכט — אז דאס וועט שאַדען זייער אידישקייט, איז ער געווען דער פריינד פון וויסען און קענטניס אַזוי ווייט, וויא זיי האבען קיין שלעכטען איינפלוס אויף דער אמונה און האט געוואָלט אַז אידען זאָלען אַלעס וויסען וויא עס פּאַסט פאר איין „עם חכם ונבון“.

דער גרעסטער למדן אונטער אידען אין דער ליטא אין יענער צייט איז געווען ר׳ אריה ליב בר׳ אשר. וועלכער איז בע־קאַנט דורך דעם נאמען פון זיין בעריהמטען ספר „שאגת אריה“, און מען דערצעהלט, אַז ער איז דער מאַן, וועלכער האט דער ערשטער בעצייכענט ר׳ אליהו פון ווילנא מיט דעם טיטעל „גאון“ דער „שאגת אריה“ האט געהאַט זעהר א שטירמישע קאַריערע און איז געצוואונגען געווען צו פערלאָזען מינסק (וואו ער איז געווען א רב) און גאַנץ פּוילען אין 1765, ווען ער איז שוין געווען א מאַן פון 70 יאהר. ער איז דאַן געווען א קורצע צייט אין ווילנא און הערענדיג פון ר׳ אליהו׳ס גרויסקייט, איז ער אריין צו איהם און האט איהם געפרעגט א זעהר שווערע קשיא. ר׳ אליהו האט איהם גלייך אויפן אָרט דיא קשיא אַזוי ריכטיג פערענטפערט, אַז ר׳ ליב האט ארויסגעהענדיג געזאָגט: „ער איז איין אמת׳ער גאון“ און דער נאמען גאון איז איהם פערבליעבען זייט דאמאלס ביז אויף היינטיגען טאָג.



5.

## אָנפאַנג פון קאַמפף געגען חסידות און דעם רב׳ס קריעג.

עס איז שוין אויבען דערמאָנט געוואָרען, אַז דאס חסידות האט זיך אנגעפאַנגען צו פערשפרייטען אונטער דיא אידען פון פוילען נאכדעם וויא דער „ועד ארבע ארצות“ אדער דיא הערשאַפט פון דיא פעראייניגטע אידישע געמיינדען איז בטל געוואָרען אין 1764. אין פערלויף פון אַכט יאהר איז דיא בעוועגונג געוואָרען אַזוי גרויס, דאס דיא פיהרערס פון אידישקייט פון יענער צייט האָבען איהר אָנגעפאַנגען צו בעקעמפפען. דער אַנגריף איז געמאַכט געוואָרען אין דעם פונקט, וואו דיא חסידים זיינען געווען שוואַכער וויא אומעדום, דאס הייסט אין ליטא און אין איהר הויפט שטאָדט ווילנא. אין יאהר 1772 האט מען אין ווילנא מחרים געווען דיא חסידים צום ערשטען מאָל, און פון דעם גאַנץ קורצען בעריכט וואס איז אונז פון יענעם חרם געבליעבען, ווייסען מיר דאָס דער גאון האָט שוין דאַן געשפיעלט אַ וויכטיגע ראָלע און דאס ער איז בעטראַכטעט געוואָרען אַלס דיא וויכטיגסטע פערזאָן אין דיזע אַלטע געמיינדע, וועלכע איז פול געווען מיט גדולים און מיוחסים. דער חרם האט געוויס געמאַכט אַ גרויסע ווירקונג אויף דיא פרומע אידען פון דער ליטא, און דיא חסידים אליין האבען זיך געוויס אויך דערשראָקען ווען זייער פיהרער ר׳ בער פון מעזעריטש איז געשטאָרבען וועניגער וויא א יאהר נאָך דעם חרם. דאס איינציגע „שטיבעל“ אדער חסידישע קלויז וואָס עס איז געווען אין ווילנאַ, איז געשלאָסען געוואָרע, און עס האט דיא נעקסטע צעהן אדער פופצעהן יאהר אויסגעזעהען, אַז דיא לומדים און פרומע אידען פון ליטא, אונטער דיא פיהרערשאַפט פון זייער אַנערקענטען גרעסטען מאַן, דעם ווילנער גאון, האבען פערטריעבען דיא נייע סעקטע פון יענע פראָווינץ.

אין ענדע פון יאהר 1777 האט זיך אנגעפאַנגען „דעם רמב״ם׳ס קריעג“, און דיא איינצעלנע פערזאָן, וועלכע איז אָפיציעל געווען אַנערקענט אַלס פאָרשטעהער פון שטאָדט, און דער־

מיט העכער אַלס דער גאון, איז אַזוי גוט וויא פערשוואונדען פון דער סצענע. עס איז דאָ אורזאַכען צו גלויבען, אַז דער לעצטער רב פון ווילנא, ר׳ שמואל בן אביגדור, איז ניט געווען אַזאַ גרויסער גדול, וויא א ווילנער רב האט געדאַרפט זיין אין יענע צייטען, און דאס ער האט דיא הויכע שטעלע געקראָגען דורך דעם איינפלוס פון זיין רייכען שוויעגער־פאטער. ווען דיא מחלוקה איז געוואָרען זעהר ערביטערט, האט דער רב זיך צוריקגעצויגען אין דיא פאָרשטאָדט אַנטעקאָליע, וועלכע איז געלעגען אונטער דיא „יורזדיקי“ פון בישאָף וואס האט זיך פאר איהם אנגענומען. אבגלייך ר׳ שמואל האט זיך גערופען ווילנער רב ביז זיין טוידט (1791), איז אבער זיין צוריקציהונג געווים געווען אַ זיעג פאַר׳ן „קהל“ וועלכער האָט זיך פון אַנפאַנג אָן אַרויסגעוויזען אַלס שטאַרקער.

וויא עס שיינט, האט דער גאון זיך ניט געמישט אין דיזער מחלוקה און איז געבליעבען וויא פריהער אין זיין צוריקגעצויגענהייט, וואו ער האט זיך נור בעשעפטיגט מיט לערנען אַזוי וויא אימער. דאָך איז עס זיכער, אַז דיא אנהענגער פון רב האבען איהם בעטראַכטעט אַלס זייער געגנער, אדער מינדעסטענס ניט אַלס זייער פריינד. דער רוסישער פאָרשער פראָפעסאָר בערשאַדסקי*) דערמאָנט, דאס אין יענעם קאַמפף האט דעם רב׳ס זייט געשיקט א „דאָנאָס“ אדער מסירה, אַז ווילנער קהל צאָהלט 1400 גילדען א יאהר און גיט דערצו פיעלע מתנות און א פרייע דירה צו א געוויסען „אליה הסיד“, אבגלייך ער האט קיין אַמט אין דער געמיינדע און טהוט גאר נישט פאר דעם געלד וואס ער קריעגט. דיזער פאַקט איז זעהר אינטערעסאַנט, ווייל ער ווייזט אויך, דאס צוזאַמען מיט דיא אַנערקענונג פון זיין גרויסקייט און מיט דעם טיטעל גאון איז אויך געקומען א גרויסע פערבעסערונג אין זיין מאַטעריעלער לאַגע. אנשטאט דיא דחקות פון דיא אינגערע יאהרען האט ער איצטער געלעבט אין גרויס הרחבה. מען דערצעהלט זיך נאָך איצטער אין ווילנא, דאס אויף זיינע עלטערע יאהרען פלעגען זיינע קינדער „געהען אין דימענטען“. געלד איז אין יענע

*) „ליטאָווסקי יעווריעי“, זייטע 50, סט. פעטערסבורג, 1883.

צייטען געווען שרעקליך טהייער, און דיא ארעמקייט פון דיא בעפעלקערונג בכלל און פון אידען בפרט איז געווען זעהר גרויס. איין איינגאהמע פון 1400 גילדען א יאהר איז דארום דאן געווען אזוי גרויס אין פערגלייך מיט דעם געוועהנליכען פערדיענסט אדער איינקונפט פון בעלי בתים אדער לומדים, וויא איין איינ־נאהמע פון צעהנדליגע טויזענד דאלאר א יאהר איז אין ניו יארק. זיי איז געווען גענוג צו לעבען גרויסארטיג, צו טהיילען צדקה און וואהרשיינליך אויך אמאל צו אונטערשטיצען דיא ארעמערע פון דיא תלמידים, וועלכע האבען זיך שטענדיג ביי איהם געפונען.

איינער פון דיעזע תלמידים, וועלכער האט שפעטער מעהר פון אלעמען אויפגעטהאן צו פערשפרייטען אונטער אידען דעם גאון'ס נאמען און זיינע מעטהאדען אין לערנען, איז שוין דאן געווען ביי איהם איין אפטער בעזוכער. דיזער תלמיד איז געווען ר' חיים בן יצחק פון וואלאזין. א רייכער געוואנט־הענדלער אדער טוך־הענדלער פון יענע קליינע שטעדטעל. ר' חיים איז געבארען געווארען אין 1749. ווען ער איז אלט געווען 15 יאהר, האט ער געלערנט ביי דעם „שאגת אריה“, וועלכער איז אויבען שוין דער־מאנט געווארען. ווען ער איז אלט געווארען 25 יאהר, האט ר' חיים דערהערט פון דעם גאון'ס גרויסקייט, און אבגלייך ער איז שוין דאן אליין געווען א בעריהמטער למדן, איז ער געקומען צום גאון זעהען, אויב ער קען פון איהם ניט לערנען עטוואס מעהר. ר' חיים אליין דערצעהלט וויא אזוי דער גאון האט איהם שנעל איבערצייגט, אז אלעס וואס ער האט ביז איצטער געלערנט, האט כמעט קיין ווערטה און ער האט מיט איהם אנגעפאנגען צו לער־נען פון דאס ניי חומש, תנ"ך, דקדוק, משניות און גמרא מיט דיא קלארקייט און גרינדליכקייט, וועלכע האט כאראקטעריזירט דעם גאון'ס סיסטעם אין לערנען.

שפעטער איז דיעזער ר' חיים, וועלכער איז בעקאנט אונ־טער אידען אלס ר' חיים וואלאזינער, פון אלעמען אנערקענט גע־ווארען אלס דער גרעסטער פון דעם גאון'ס תלמידים, און ביז א געוויסען גראד אלס זיין נאכפאלגער. זעקס יאהר נאך דעם גאון'ס טוידט האט ר חיים געגרינדעט אין וואלאזין דיא בעריהמטע ישיבה, וועלכע האט עקסיסטירט אונגעפעהר נייגציג יאהר. אין

דיזער ישיבה, פון וועלכע ר׳ חיים אליין איז געווען דער פאָר־
שטעהער פון 1803 ביז זיין טוידט אין 1821, האט מען געלערנט
וויא דער גאון פלעגט לערנען, דאס הייסט זיך קימערנדיג נור
פאר דיא אמת׳ע מיינונג פון תלמוד, אָהן פלפולים, אָהן איבעריגע
פשט׳לאך און אָהן טומלענים פון געגאַרטע חריפות. דיא פאָר־
שטעהער פון דער ישיבה וועלכע זיינען אויך געווען רבנים פון
וואָלאָזין, זיינען ביז אונזער צייט געווען אָהן אויסנאַהמע מיט־
גליעדער פון ר׳ חיים׳ס פאַמיליע, און דער איצטיגער רב פון וואָ־
לאָזין, וועלכער האט וויעדער אין א קליינעם פאָרמאַט געעפענט
דיא ישיבה, וואס דיא רוסישע רעגיערונג האט געשלאָסען מיט
צוועלף יאָהר צוריק, איז איין איידעם פון ר׳ אליעזר יצחק שפירא
וועלכער איז געווען אן איידעם פון ר׳ חיים׳ס זאָהן און נאכ־
פאָלגער, דעם בעריהמטען ר׳ **איצילע וואָלאָזינער**.



6.

## אויטאָ־דע־פע פון צוויי פערשיעדענע ספרים.

עס זיינען דאמאלס געווען אין ליטא און פוילען פינסטערע פאַנאַטישע צייטען, און דיא מטהאָדע פון קעמפּפען מיט ביטערקייט און זוכען צו פערניכטען א געגנער מיט אַלערליי מיטלען, וועלכע הערשט נאָך איצטער אויך אונטער אידען און קריסטען פון דיא סלאַווישע לענדער מעהר, וויא אונטער דיא, וועלכע זיינען מעהר ענטוויקעלט, איז דאמאלס געווען דיא איינציגע מעטהאָדע, פון וועלכע מען האָט געוואוסט אין אַ שטרייטיגקייט. מען דאַרף זיך דערפאַר ניט וואונדערן, ווען עס זיינען דאַן פאָרגעקומען זאַכען, וואס נאָך אונזער איצטיגען בעגריעף איז עס צו ווילד און צו פאַנאַטיש, ווייל אונטער דיא דאמאלדיגע אומשטענדע האט עס אויסגעזעהען ריכטיג און נאַטירליך. און דאס וואס קען מאַכען אויפקאָכען דיא בלוט פון א ליבעראַלען מענשען אין אַמעריקא אין אנפאַנג פון צוואַנציגסטען יאהרהונדערט, איז צום ענדע פון אַכצעהנטען יאהרהונדערט אין ליטא בעטראַכטעט געוואָרען גאַניץ גלייכגילטיג אדער גאר אַלס א זעהר גלייכע זאַך.

עס איז נויטיג דיזעס צו האָבען אין זינען איידער מען ערלויבט זיך צו געבען אן אורטהייל איבער דיא זעהר שטרענגע האַנדלונגען פון דער ווילנער געמיינדע, מיט דעם גאון אן דער שפּיצע, אין דיא לעצטע אַכצעהן — צוואַנציג יאָהר פון זיין לעבען, דאס הייסט אין דער צייט, ווען ער איז געשטאַנען אויף דער העכסטער שטופּע און איז אנערקענט געווען אַלס דער גרעסטער איד אין ליטא. דיא פרומע אידען האבען דאמאלס דאָרטען געהאַט א דאָבעלטען קאַמפּף: פון איין זייט געגען דאס חסידות, וועלכע האט פערפיהרט איהרע אנהענגער אין נייע וועגען, פון וועלכע מען האט ניט געקענט וויסען וואו עס איז דיא ענדע, און פון אַנדערען זייט געגען דיא „בערלינער השכלה“, וועלכע האט אנגעפאַנגען צו מאַכען אַן איינדרוק אויף יענע צייטען.

מיר זעהען איצטער איין, אַז דיא מורא פאַר חסידות איז

געוועזען אן אומזיסטע, אבער דאמאלס האט מען עס ניט געקענט איינזעהען. מיט הונדערט יאהר פריהער האט דער פאלשער משיח שבתי צבי דורך פערשפרייטען קבלה אונטער דיא אידישע מאסען פערפיהרט א גרויסע טהייל פון זיי צום מחמדנישען גלויבען. אין זייער צייט גופא האט יוסף פראנק, דורך דיא זעלבע מיטלען, פערפיהרט פיעלע פויליישע און פאדאליער אידען צום קריסטענטהום, און עס איז נאטירליך געוועזען שווער פאראויסצוזעהען אז דיא חסידים וועלען אויך ניט אוועק צו ווייט און דאס זיי וועלען בלייבען פרומע און געטרייע אידען. פון אנדערן זייט איז דיא מורא פון פרומע אידען פאר השכלה געוועזען זעהר גוט בעגרינדעט. א גרויסע טהייל פון דיא אידען אין דייטשלאנד האבען זיךווירקליך אויסגע'שמד'ט אין דיא ערשטע 50 יאהר נאך דעם אנפאנג פון דער השכלה בעוועגונג, און דיא פרומע אידען וועלכע האבען זיך געשטעלט געגען איהר גלייך פון אנפאנג, האבען דערמיט געוויעזען, אז זייער בליק אין דיא צוקונפט איז ריכטיגער וויא דער בליק פון אזעלכע לייטע וויא מענדעלזאהן און נפתלי הירץ וויזל, וועלכע האבען געהאפט אז מען קען פעראייניגען שטרענגע פרומקייט מיט אייראפעאישע קולטור.

דער גאון און זיינע אנהענגער, אלס פערטרעטער פון פארצייטיגען יודענטהום, האבען געקעמפפט געגען ביידע ריכטונגען, און ווען מען איז געקומען קורץ אין אנדערע מיטלען, האט מען געקעמפפט מיט — פייער. דער ספר „תולדות יעקב יוסף“ פון ר׳ יעקב יוסף פון פולנאה, א תלמיד פון בעל שם טוב, איז פערברענט געווארען אין ווילנא אויפן שול־הויף מיט גרויס פאראד. דאס איז געוועזן א סארט אידיישער „אויטא־דע־פע“, דורך וועלכען מען האט פער׳משפט דיא אידעען און פרינציפען פון חסידות. אין אפאר יאהר שפעטער, אונגעפעהר אין 1784, איז אויף דעמזעלבען פלאץ און מיט דיזעלבע צערעמאניע פערברענט געווארען דער ערשטער השכלה־ספר אין דיא העברעאישע שפראך. דע־ „דברי שלום ואמת“ פון נפתלי הירץ וויזל.

עס איז קיין צווייפעל, אז דער גאון האט צו דיעזע ביידע ליטעראַרישע היגריכטונגען מסכים געוועזן, ווייל זיין איינפלוס איז שוין דאמאלס געוועזן אזוי גרויס, אז אהן זיין צושטימונג

וואָלט עס ניט געקענט געטראָן ווערען. דיא חסידים פון דער־
ליטא אין דיא געגענדען ארום ליטא האבען דאָן שוין גוט גע־
וואַקסט, אַז דער גאון איז זייער־הויפט־געגנער. עס זיינען דאָ בע־
ווייזע, אַז אין בערלין האט מען אויך געוואוסט פון זיין קאמפף־
געגען דעם פּלאַן צו בילדען אידען אויף'ן קריסטליכען אופן אין
דאס ער איז איינער פון דיא דריי רבנים, וועלכע נפתלי הירץ
וויזל האט דערמאָנט אַלס דיא הויפט־געגנער פון דיא פּלענער,
וואס ער האט ענטוויקעלט אין „דברי שלום ואמת*).

דיעזער פאַקט איז אזוי וועניג בעקאַנט דאָס פיעלע
משכילים האבען פערדעכענט דעם גאון אַלס א משכיל אדער אַלס
א פריינד פון מאָדערנע השכלה. זייער מעות קומט ערשטענס
דערפון, ווייל יעדען ווילט זיך אנהענגען זיינע אייגענע אידעען
אָן א גרויסען מאַן, וועמען'ס נאמען עס ווערט שטאַרק פערערט
פון דיא מאַסען. צווייטענס איז דיא השכלה, בעזאָנדערס אין
פוילען און ווייסרוסלאַנד, אין אנפאַנג אויך געווען הויפּטזעכליך
א קאמפף געגען חסידות, און עס איז נאַטירליך, אַז דיא משכילים
זאָלען דיינקען, אַז דער גאון האט אין זיין קאמפף געגען דיא
נייע כיתה זיך געוויזען אלס איינער פון זיי. דער אמת איז
אבער, דאס דער גאון האט געזוכט צו אונטערדריקען חסידות פון
זיין אייגענעם שטאַנדפּונקט אלס א פרומער צדיק, און דאס
דיא בעוועגונג פון דער בערלינער השכלה איז איהם געווען וואַהר־
שיינליך נאָך מעהר פערהאַסט, וויא דיא פיהרונגען פון דיא נאָכ־
פאָלגער פון ר' ישראל בעל שם טוב.

*) מאָנאַטשריפט פיר געשיכטע און וויסענשאַפט דעס יודענ־
טהומס, באנד 19, זייטע 478—80, און באנד 20, זייטע 465—68.

## 7.

## דער גאון און דער „רב“.

דיא ערשטע חסידישע רבנים פון דער ליטא, וויא דער אויבען־דערמאָנטער ר׳ אהרן קארלינער און זיין זוהן ר׳ אשר (דער פאטער פון ר׳ אהר׳לע קארלינער, וועלכער איז געשטאָרבען אין 1872), ר׳ חייקעל פון אמדור און ר׳ מרדכי פון לעכוויץ, זיינען ניט געוועזען אַנדערש וויא דיא רבנים פון אַנדערסוואו און האבען אונטער דיא ליטווישע אידען ניט געקענט האבען קיין גרויסע מאַסע אנהענגער. דער ערשטער אנגריף אויף דיא חסידישע בעוועגונג האט דערפאַר אויך געהאַט א געוויסען ערפאָלג. דיא „שטיבעל“ אין ווילנא איז געשלאָסען געוואָרען, און דער גאון האט זיך צוריקגעצויגען צו זיין לערנען און האט וואהרשיינליך גערעכענט, אַז דיא חסידים וועלען מעהר ניט אויפהויבען א קאָפּ אין דעם געגענד וואו ער האט אַן איינפלוס. אבער עס איז אויפגעשטאַנען א פיהרער אונטער דיא חסידים, וועלכער האט זיך בעסער וויא אַלע אַנדערע פון פריהער געטויגט צו פערברייטען דיא נייע לעהרע אין ליטא, און זיין ערפאָלג איז אויך געוועזען גרעסער און געהאַט א גרעסערע ווירקונג אויף דיא גאַנצע בעוועגונג.

דיעזער מאַן איז געוועזען ר׳ שניאור זלמן פון לאדי, מאָהליווער גובערניע, וועלכער איז בעקאַנט אַלס דער „רב“ אדער פערפאַסער פון חסידישען שלחן ערוך. ער איז געוועזען דער גרעסטער קאָפּ־מענש, וועלכען דיא גאַנצע חסידישע בעוועגונג האט ארויסגעבראַכט, און אויסער זיין גאונות אין לערנען, מיט וועלכע ער איז געוועזען גלייך צו דיא גרעסטע אין זיין צייט, איז ער אויך געוועזען אַן אָריגינעלער דיינקער און א טהעטיגער מענש. ער האט געמאַכט ענדערונגען אין חסידות און האט צוריק אריינגעבראַכט לערנען אין דער מאָדע. זיינע נאַכפאָלגער, וועלכע טראָגען דעם נאמען „חב״ד“ אדער חב״ד׳ניקעס (חב״ד איז דיא ראשי תיבות אדער אנפאַנג־בוכשטאַבען פון חכמה, בינה, דעה) זיינען נאָך ביז

היינט מעהר לומדים און געלעהרטע וויא אַלע אַנדערע סאָרטען חסידים.

אין זיינע קבלה שריפטען, בעזאָנדערס אין זיין ספר „תניא“ געפינט זיך כמעט דיא זעלבע אַנזיכט איבער גאָט און דער וועלט, וויא אין דיא ווערקע פון ברוך ספינאָזא, און ער איז אויסגעצייכענט פון אַלע אַנדערע שרייבער איבער קבלה און חסידות דורך דיא קלאָרקייט פון זיינע געדאַנקען און דיא לייכטקייט, מיט וועלכע מען קען פערשטעהן וואס ער וויל זאָגען. אין פּראַקטישען לעבען האט ער זיך אינטערעסירט מיט דער אידישער לאַגע, מעהר וויא אַלע רבנים פון זיין צייט. עס איז בעקאַנט דאס ער איז צוויי מאָל געזעסען אין פעטראָ־פּאַוולאָווסקע קריעפּאָסט אין סט. פּעטערסבורג. איינמאָל דורך א מסירה פון דיא מתנגדים און איינמאָל פאר דיא „חוצפה“ פון פאָהרען נאָך סט. פּעטערסבורג עטוואס אויסווירקען לטובת הכלל. דעם טאָג, ווען ער איז בעפרייט געוואָרען צום ערשטען מאָל (י"ט כסלו תקנ"ט—1798) איז געבליעבען ביז היינט א יום טוב ביי חסידים. דעם צווייטען מאָל איז ער ארויס פריי דורך דעם אַלגעמיינעם מאַניפעסט, ווען אַלעקסאַנדער דער 1טער איז ארויף אויפ'ן רוסישען טראָהן.

ווען דער קאַמפּף געגען חסידות האָט זיך צום צווייטען מאָהל פאַנאַנדער געברענט אין יאָהר 1781, איז שוין ר' שניאור זלמן געוועזן דער אַנערקענטער פיהרער פון דער אַנדערער זייט, און ער האָט אויך געזוכט צו טהאָן וואָס קיין אַנדער חסידושער פיהרער האָט ניט געטהאָן פאר איהם אָדער נאָך איהם, דאָס הייסט: זיך אויסצוטענה'ן מיט זיינע געגנער און זעהן אויב עס איז ניט מעגליך צו מאַכען שלום. עס איז בעוואוסט, דאָס ר' שניאור זלמן איז אַליין געקומען אין ווילנאַ צו האָבען א וכוח מיט דעם גאון, אָבער ער איז צו איהם ניט צוגעלאָזען געוואָרען. שפּעטער האָט דער זעלבער ר' שניאור זלמן געשריעבען א בריעף, אין וועלכען ער בעקלאָגט זיך פאר וואס דער גאון האָט איהם ניט געגעבען קיין געלעגענהייט צו ערקלעהרען דיא טהעאָריע פון חסידות און צו פערענטפערן אַלע טענות, וואָס מען האָט צו זיי. ער האָט אויך אויפגעפאָדערט דעם גאון, דאָס אויב ע־

וויל איהם ניט אויסהערען פערזענליך, זאָל ער אויסשרייבען זיינע טענות געגען חסידות און ער, ר' שניאור זלמן, וועט אויף דעם שרייבען אַן ענטפער, און מען זאָלביידען'ס שריפטען פאַר־נאַנדערשיקען צו אַלע אידישע גדולים און רבנים אין אַלע לענ־דער און זיך פערלאָזען אויף זייער ענטשיידונג.

דיעזער בריעף, וועלכער איז איבערגעדרוקט געוואָרען אין ספר „מצרף העבודה" (און אין יצקן'ס ביאָגראַפיע פון גאון, זייטע 77—74) איז אַ זעהר אינטערעסאַנטער היסטאָרישער דאָקומענט פון אַ פעריאָדע, איבער וועלכער עס איז ניט פיעל געשריעבען געוואָרען. עס שטעלט אונז פאָר דעם „רב" אַלס אַ מענש מיט גערעכטע פאָדערונגען, וועלכער איז בערייט צו דיס־קוטירען מיט'ן מויל אָדער מיט'ן פעדער, ווען מען זאָל נור אירם וועלען אויסהערען און אויפהערען צו פערפאָלגען איהם און זיינע אַנהענגער. דער גאון, אַלס געלעהרטער, וועלכער איז אָבגע־זונדערט פון דער וועלט, ערשיינט אַלס שטרייגגער קאָנסערוואַ־טיווער פערטרעטער פון אַלטען יודענטהום, וועלכער האַלט עס פאַר אַ פערברעכען צו האָבען נייע געדאַנקען אַפילו וועגען פרומ־קייט און שטעלט זיך גאָר ניט פאָר, אַז איינער וועלכער שטימט ניט מיט איהם זאָל קענען זיין גערעכט. אין דעם בריעף גיט ר' שניאור זלמן אויך דיפּלאָמאַטיש אָנצוהערענים, אַז דעם גאון'ס גרויסקייט איז בעשרענקט נור אויף ליטא, וואו קיינער וועט זיך איהם ניט שטעלען ענטגעגען, אָבער „אין טערקיי, איטאַליען, דאָס גרעסטע טהייל פון דייטשלאַנד און גרויס־פוילען און קליין־פוילען" איז זיין אויטאָריטעט ניט אַנערקענט.

אָבער דיזער בריעף און אַלע אַנדערע אַנשטרענגונגען פון „רב" צו קומען צו אַ פערשטענדיגונג האָבען ניט געהאָלפען, און דער קאַמפף געגען חסידות איז געפיהרט געוואָרען מיט גרויס ביטערקייט אַזוי לאַנג וויא דער גאון האָט געלעבט. אין 1796 האָבען דיא חסידים פערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער גאון האָט חרטה געהאַט אויף אַלעס; וואָס ער האָט געגען זיי געזאָגט, און האָט געשיקט אַ „פדיון" צו ר' חייקעל אמדורער. אַ בלינדער מאַן וועלכער האָט זיך אויסגעגעבען אַלס דעם גאון'ס זוהן, איז

ארומגעפאָהרען און געזאָגט אַז זיין פאטער האָט „תשובה געטאָן“, און דיעזעס האָט אַרויסגעבראכט נאָך אַ בריעף פון גאון, וועלכער איז שוין דאן געוועזן 76 יאָהר אַלט. דיעזער בריעף (דאַטירט ווילנא ר"ח סיון תקנ"ו) פאָדערט אויף אָפען, מען זאָל דיא חסידים „פערפאָלגען מיט אַלע מיני רדיפות וויא וויים אידישע מאַכט גרייכט“ און דערציילט, אַז צוויי לייטע זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען איבער גאַנץ ליטא דיעזעס בעקאַנט צו מאַכען. ווען מען האָט שפּעטער בעהויפּטעט, אַז דער בריעף פון גאון איז אַ פאַלשער, און דיא פאָרשטעהער פון מינסק האָבען זיך ערקלעהרט בערייט צו פערפאָלגען דיא חסידים, אויב מען זאָל זיי נור פערזיכערן, אַז דער גאון הייסט עס, האָט ער מוצאי יום כפור תקנ"ז געשריעבען געגען זיי נאָך אַ שטרענגערן בריעף, אין וועלכען ער רעכענט אויס זייערע עבירות און הייסט, אַז מען זאָל זיי רודף'ן וויא וויים עס איז נור מעגליך. דיעזע בריעף מאַכען אויף דעם לעזער קיין זעהר גוטען איינדרוק, און ווען מען פערגלייכט זיי מיט דעם אויבען־דערמאָנטען בריעף פון ר' שניאור זלמן לאַדיער, זעהט מען קלאָהר, אַז דער פיהרער פון דיא חסידים איז געוועזן מעהר וועלטמענש, מעהר טאָלעראַנט און אויך אַ פיעל פעהיגערער שרייבער.



.8

## דעם גאון'ס פאמיליע. זיין איינפלוס און זיינע ספרים.

דער ווילנער גאון איז געשטארבען דעם דריטען טאג חול המועד סכות תקנ"ח (1797), ווען ער איז אלט געוועזן 77 יאהר מיט זעקס מאנאט. ער האט איבערגעלאזען צוויי זיהן: ר' יהודה ליב פון סערהיי, וועלכער איז געשטארבען אין 1816, און ר' אברהם פון ווילנא, וועלכער איז געשטארבען אין 1809. פון דעם ערשטען ווייס מען זעהר ווייניג, אבער דער צווייטער איז בעריהמט אלס דער ערשטער וועלכער האט געשריעבען א קריטיש-היסטארישע אבהאנדלונג איבער דיא מדרשים (אין זיין אויסגאבע פון ספר „אגדת בראשית", ווילנא 1802) נאך לאנג איידער דיא מאדערנע געלעהרטע האבען אנגעפאנגען אזעלכע געגענשטענדע צו בעהאנדלען פון א וויסענשאפטליכען שטאנדפונקט. עס איז אויך בעוואוכט דאס דער גאון האט געהאט צוויי איידעמס, איינער ר' פייוועל, דער רב פון דובראוונע און דער צווייטער ר' משה פון פינסק, וועלכער האט געבראכט אין ארדנונג איינינע ווערקע פון גאון און זיי פערפערטיגט צום דרוק. אבער דיא נעמען פון זיינע טעכטער זיינען ניט בעקאנט, וויל אין יענע צייטען ווען קיינער האט זיך ניט אינטערעסירט אין געשיכטע איז ביי יענע קלאסע אידען, אונטער וועלכע ער האט געלעבט און געווירקט, ניט געוועזן דיא מאדע זיך צו אינטערעסירען אין אזעלכע ביאגראפישע איינצעלהייטען. דערצו איז זיין פאמיליע נישט געבליבען בעריהמט, דאס הייסט עס זיינען פון איהר ניט ארויס קיין גרויסע מענשען, וועלכע זאלען פארגרעסערן דעם גלאנץ פון זייער יחוס און דורך דעם פעראינטערעסירען דיא אידישע וועלט אין דער פאמיליע בכלל. איין איינזיגער מיט דעם נאמען אליהו פינקעל איז געוועזן א לעהרער אין זשיטאמירער ראבינער ישול, אבער ער האט זיך דארטען אויך זעהר ווייניג בעריהמט געמאכט.

---

אָבגלייך דער קאַמפּף געגען חסידות אין דער ליטא איז ניט געווען קיין פאָלשטענדיגער ערפאָלג און עס זיינען נאָך היינט אויף דאָרטען דאָ צעהנדליגע טויזענד חסידים, ווערט עס אַנערקענט, אַז דער גרויסער איינפלוס פון דעם גאון'ס פערזענליכקייט האָט געהאָלפען, דאָס ליטאַ זאָל בכלל בלייבען אַ מתנגדישער געגענד. ער אַליין האָט געהאט זעהר ווייניג תלמידים ניט מעהר וויא צוועלף אָדער פופצעהן, אָבער דיזע תלמידים וועלכע זיינען געווען פול מיט בעגייסטערונג פאר זייער גרויסען לעהרער, האָבען געארבייטעט מיט אַלע כחות צו פערשפּרייטען זיין נאָמען און זיינע מעטהאָדען אין לערנען און האָבען איהם פערשאפט מאַסען אַנהענגער און בעוואונדערער, וועלכע האָבען איהם אַליין קיין מאָהל ניט געקענט.

זיין מעטהאָדע איז געווען ניט איין אָריגינעלע ערפינדונג, זאָנדערן אַ צוריקקעהר צו דיא אַלטע צייטען ווען מען האָט געלערנט צו פערשטעהען, ניט זיך מפלפל צו זיין; ווען מען האָט געלערנט גוט חומש און תנ"ך, איידער מען האָט אָנגעפאַנגען גמרא, און ווען מען האָט זיך אינטערעסירט פאר וועלטליכע וויסענשאפט מיט דעם צוועק בעסער צו פערשטעהען דיא וויסענשאפטליכע פראַגען, וועלכע ווערן בעהאַנדעלט אין אידישע דינים. דער גאון איז געווען דער איינציגער אונטער דיא רבנישע געלעהרטע אין זיין צייט, וועלכער האָט געהאט אַ ציעמליך גוטען בעגריף פון מאַטהעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און ביבלישע געאָגראַפיע, אָבגלייך ער איז אין קיינע פון דיזע וויסענשאפטען ניט געווען קיין ספּעציאַליסט. דיא בעהויפּטונג אַז ער האָט געקענט „אַלע שבע חכמות", מוז צוגעשריבען ווערן צו זיינע ענטהוזיאַסטישע בעוואונדערער פון אַ געוויסען סאָרט, אַזוי וויא מען מוז צושטעלען אויף דעם חשבון פון איין אנדער סאָרט פון זיינע בעוואונדערער דיא געשיכטע, אַז ער האָט בעשאַפען אַ „גולם" אָדער דאָס ער האָט אין זיין ווערק איבער אַסטראָנאָמיע (וועלכעס איז פערלאָרען געוואָרען) קלאָהר בעוויזען אַז דיא וועלט איז פיער עקיג.

זיין בעקאַנטשאַפט מיט וויסענשאפט, זיין קריטישער

בליק וועלכער האט אפט בעוויעזען, אז שווערע קשיות ווערען בטל דורך דיא ענדערונג פון א ווארט אדער א בוכשטאב אין אלטע תלמודישע ספרים, זיין פארליעבע פאר תנ״ך און דקדוק האבען פעראורזאכט אז אויפגעקלעהרטע און פארשריטליכע אידען פון רוסלאנד זאלען אויך פון איהם האלטען מעהר וויא פון יעדען אנדערן גאון און צדיק פון דיא לעצטע עטליכע הונדערט יאהר. זיין אויסערארדענטליכע פרומקייט און דיא אויפריכטיגקייט, מיט וועלכע ער האט בעקעמפפט דיא חסידים פון איין זייט און דיא אפיקורסים פון אנדערן זייט, האבען בייגעטראגען ער זאל פערגעטערט ווערען פון דיא מאסען. אלס דער אנערקענטער גרעסטער למדן פון זיין צייט אין דער ליטא — און צום סוף פון זיינע יאהרען כמעט איבעראל — האבען דיא רבנים און לומדים געהאלפען פערברייטען זיין נאמען און איהם מאכען בעריהמט. אלע קלאסען אידען זיינען אויף דיעזען אופן פעראייניגט געווארען איהם צו האלטען גרויס און דיא צאהל מענשען אונטער רבנים אדער משכילים, וועלכע האבען ביז היינט געוואגט אבצולייקענען זיין גרויסקייט איז אזוי קליין, דאס עס איז ניטא קיין אורזאכע זיי צו דערמאנען. ווען דער קאמפף פון פרומע אידען געגען חסידות האט אויפגעהערט, דאס הייסט ווען מען האט איינגעזעהען, אז דיא חסידים בלייבען פרומע אידען, האבעןביידע זייטען אנגעפאנגען אנצוערקענען דיא גרויסקייט פון ביידע פיהרער פון יענע שטורמישע פעריאדע. מתנגדים האבען אנגעפאנגען איינצוזעהען אז ר׳ שניאור זלמן לאדיער איז געוועזען א גרויסער גייסט, און חסידים זיינען געווארען מעהר בערייט צוצוגעבען, אז דער ווילנער גאון איז געוועזען איינער פון דיא גדולים פון אידען.

דעם גאון׳ס גרויסער איינפלוס איז דורכאויס א פערזענליכער, ניט א ליטעראַרישער. זיין אנדענקען לעבט אין דיא אנעקדאטען, וואס מען דערצעהלט וועגען איהם, און דיא שבחים וואס מען געפינט אויף איהם אין אנדערנס ווערקע, און אין דיא איבערציייגונג, אז ער האט פיעלעס אויפגעטאהן דורך זיין קעמפפען און שטרעבען פאר דעם נוצען פון יודענטהום, וויא ער

האָט עס בעגריפען. מיטבילים בעוואונדערן דעם געלעהרטען, לומדים דעם גאון, קלאָהרע קעפּ דעם בעל פשט און דעם קריטיקער, און פרומע אידען דעם גרויסען צדיק. אַלע לויבען איהם, אבער כמעט קיינער לערנט אָדער לייענט ניט זיינע ספרים.

עס איז גאָר א פראַגע, אויב מען קען זאָגען, אַז דער גאון האָט געמאכט ספרים אַזוי וויא מיר פערשטעהען עס אין געוויינליכען זינן. ער האָט אַליין זעהר ווייניג געשריבען, און מען גלויבט אַז אין דעם וויכטיגסטען טהייל פון זיין לעבען, דאָס הייסט זייט ער איז אַלט געוואָרען פיערציג יאָהר, האָט ער איבערהויפּט גאָר נישט געשריבען. דאָס גרעסטע טהייל פון די ספרים וואָס טראָגען זיין נאמען, זיינען פערפאַסט געוואָרען פון זיינע תלמידים, וועלכע האָבען ביי זיך פערצייכענט יעדעס וואָרט, וואָס זיי פלעגען פון איהם הערען. ער איז געווען אַ לערנער, ניט אַ שרייבער, און דער איינציגער טהייל פון זיינע שריפטען, וועלכע האָבען אַ גרויסען ליטעראַרישען ווערטה, זיינען די „הגהות“ אָדער קורצע בעמערקונגען, וואָס ער האָט אָנגעשריבען אויף די ברעגעס פון די בלעטער און די ספרים; וועלכע ער פלעגט לערנען.

גרויסע ווערקע זיינען אָנגעשריבען געוואָרען דיעזע הגהות צו ערקלעהרען און אַרויסצובריינגען די מיינונג וועלכע ער האָט מייסטענס אויסגעדריקט צו קורץ און אָפט אונפערשטענדליך. ווען מען לעזט די אונקלאָהרע, „געמאַטערטע“ שפּראַך, אין וועלכער זיינע בריעף זיינען געשריבען, קען מען בעגרייפען, וויא אַזוי אַזאַ טיעפזיניגער קריטיקער און קלאָהרער קאָפּ וויא ער, האָט געמוזט איינזעהן אַז איהם פעהלען די פעהיגקייטען צו שרייבען גרויסע ווערקע, וועלכע זאָלען אָנגענומען ווערען ביי די אידישע מאַסען אָדער אַפילו אונטער ספּעציאַליסטען. די גאונישע איינפעלע, די גרינדליכע ערקלעהרונגען און די אומפּאַסענדע כללים, וואָס די תלמידים האָבען פון איהם געהערט מינדליך, זיינען אויך אָפט פון זיי אונגעענדערט אָדער פערגרייזט געוואָרען. מען מוז דאַרום צוגעבען אַז די ספרים וועלכע טראָגען אויף זיך דעם גאון'ס נאַמען

קענען נור געבען אַ גאַנץ קליינעם בעגריף פון זיין אמת'ע גרויסקייט.

דעם גאון'ס גרויסקייט בעשטעהט אין דעם וואָס ער איז געווען, ניט אין דעם וואָס ער האָט געטהאָן. אַ ליסט פון זיינע תלמידים אָדער פון דיא ספרים וואָס טראָגען זיין נאָמען אָדער פון דיא פאַקטען אין קאמפף געגען חסידות וועט ניט העלפען צו פערדונקלען וויא צו בעלייכטען זיין ריעזיגע פערזענליכקייט. ער איז געווען אַ זשעניע אָדער גאונישער קאָפּ מיט דיא פליי־סיגקייט און דיא אויפריכטיגקייט פון איין אמת'ן געלעהרטען. ער האָט עררייכט דיא העכסטע שטופע, וואָס אַ איד אין דער ליטא האָט אין אכצעהנטען יאָהר־הונדערט געקענט עררייכען, און האָט געהאט אַזאַ גוואַלטיגען איינפלוס אויף זיין צייט, אַז ער פערנעהמט איצטער איין אָרט אין דיא געדאנקען פון מיליאָ־נען אידען. אַזוי לאַנג וויא דער סאָרט רעליגיעזער און גייסטי־גער לעבען, פון וועלכען ער איז געווען דיא פערקערפּערונג, ווערט געשעצט אונטער אידען, אַזוי לאַנג וועט געהאַלטען ווערן אין עהרע דער נאָמען פון דעם ווילנער גאון — דעם גרעסטען למדן פון ליטא, און וואהרשיינליך פון אַלע סלאַווישע לענדער אין דער צייט איידער אידען האָבען זיך דאָרטען געקענט אויס־צייכנען אַנדערסוואו, וויא אונטער זייערע אייגענע גלויבענס־ברידער.

ע נ ד ע.



# לעססינג און מענדעלסאהן

## זייער לעבען און זייער טהעטיגקייט



פון פיליפ קראנץ.

# לעססינג און מענדעלססאָהן

## איינלייטונג.

דיא נעמען פון לעססינג און מענדעלססאָהן זיינען אַזוי ענג פערבונדען, אַז מען קען ניט ריידען פון איינעם אָהנע צו דערמאָנען דעם אַנדערן. דאָס איז אָבער ניט אַזוי צוליעב דעם, וואָס זיי זיינען געוועזען פריינדע אין דעם בעסטען און שעהנסטען זינען פון דיזען וואָרט, זאָנדערן ווייל זיי האָבען זיך אויך צוזאַמענגעטראָפען אויף דעם זעלבען וועג אין זייער ליטעראַרישער טהעטיגקייט און האָבען צוזאַמען געקעמפפט פיר אויפקלערונג, פיר השכלה, פיר פרייע קריטיק, פיר פראָגרעס.

עס איז געוועזען אַ צופאַל, וואָס זיי זיינען גראַדע געבאָרן געוואָרן אין איין יאָהר און וואָס זיי האָבען זיך בעקענט אונטער אונגעפעהר דיא זעלבע אומשטענדען נאָך אַלס יונגע לייט אין בערלין, אַ צענטער פון דייטשע רענעסאַנס (אויפלעבונג) אַרום יענער צייט; אָבער עס איז גאָר קיין צופאַל ניט געוועזען, וואָס דיזע צוויי פרייע גייסטער און מערקווירדיגע כאַראַקטערען זיינען שנעל געוואָרן אינטימע פריינד, ניט אַכטענדיג דערויף וואָס איינער איז געבאָרן געוואָרן אַ קריסט, איז ערצויגען געוואָרן צו ווערן אַ פראָטעסטאַנטישער פריעסט און איז געוועזען אַ פייערדיגער, לוסטיגער און שעהנער יונגער מאַן, און דער אַנדערער איז געבאָרן געוואָרן אַ איד, איז ערצויגען געוואָרן צו ווערן אַ רב און איז געוועזען אַ נידערשלאָגענער, איינגעהויקערטער און קרענקליכער יונגער מאַן.

אין יענער צייט, אין דער ערשטער העלפט פון 18־טען יאהר הונדערט, זיינען נאך אידען אבגעטהיילט געוועזן פון קריסטען דורך דעם מיטעלאלטערליכען אבגרונד פון אבערגלויבען און פאראורטהיילע. מען האט געקוקט אויף אידען, וויא אויף פערשאלטענע, און מען האט זיי געהאלטען איינגעשפארט אין דיא שרעקליכע גהעטאס. אמת, דיא פינסטער־סטע צייטען פון מיטעלאלטער זיינען שוין פאריבער; אבער דיא פעסטונגען פון דיא פאראורטהיילע ארום דיא גהעטאס זיינען נאך גאנץ וויניג געריהרט געווארן, טראץ דעם גרויסען פראגרעס זייט דיא רענעסאנס־צייט אין איטאליען און פראנקרייך און טראץ דיא רעפארמאציאן אין דייטשלאנד. דיזע גייסטיגע פעסטונגען האבען מעהר אבגעטהיילט אידען פון קריסטען, וויא אלע אלטע אנטי־אידישע געזעצע, וועלכע זיינען נאך מעהר אדער וויניגער פערבליבען אין קראפט אין אלע אייראפעאישע לענדער. פריינדשאפט צווישען א איד און א קריסט איז יעדענפאלס געוועזן א זעלטענע, מען מעג זאגאר זאגען, אן אונערהערטע זאך אין דייטשלאנד אין אנפאנג פון 18־טען יאהרהונדערט. מען האט טאקע בעדארפט זיין אזא פרייער גייסט, פול מיט פייערדיגען מוטה און קאמפף־לוסט, וויא לעססינג איז געוועזן זיין גאנצען לעבען, אום ניט נאר זיך צו בעפריינדען מיט אידען, זאנדערן ארויסצוטרעטען אויף דער ביהנע מיט אזא קאמעדיע וויא „דיא אידען“ און ענדיגען מיט אזא דראמע וויא „נאטהאן דער וויזע“.

לעססינג איז אלט געוועזן צוואנציג יאהר, ווען ער האט אנגעשריעבען „דיא אידען“, א קאמעדיע, וועלכע האט באלד ארויפגעצויגען אויף איהם דעם צארן פון יודענפיינדע און פינסטערלינגע אין דייטשלאנד. מען דענקט געוועהנליך, אז דיזער פריעסטער־דייטשער זשעני איז געווארן א פריינד פון אידען נאכדעם וויא ער האט זיך בעקאנט מיט דעם ארימען און אויסגעבויגענען מענדעלסאהן, אבער דער אמת איז, אז „דיא יודען“ האט ער אנגעשריעבען ווען ער איז געוועזן אין לייפציג און האט נאך זיין אידישען פריינד אין דיא אויגען ניט געזעהען.

ארומדרעהענדיג זיך אין לייפציג צווישען שוישפילער, וועלכע זיינען דאן בעטראכט געוועזן אלס א פערשאלטענער קלאס מענשען

און אויף וועלכע מען האָט יעדענפאַלס געקוקט מיט פעראַכטונג אין דייטשלאַנד, האָט ער אויך קענען געלערנט פיעלע אידען, מייס־טענס דיא אָרימסטע און אונגליקליכסטע — דיא הויזירער. ער האָט שוין דאַן געהאַט דעם מוטה צו ערקלערן:

„ווען אַ איד בעטריגט, האָט איהם דער קריסט פיליכט זיעבען מאָל פון ניין פעלע געציואונגען דערצו. איך צווייפעל אויב עס געפינען זיך אַ כך קריסטען, וואָס קענען זיך בעריהמען, אַז זיי האָבען אויפריכ־טיג געהאַנדעלט מיט אַ אידען. און נאָכדעם וואונדערט איהר זיך נאָך, ווען ער צאָהלט אייך צוריק מיט דער זעלבער מטבעה? אום טריי־הייט און עהרליכקייט זאָלען הערשען צווישען צוויי פעלקערשאַפטען, מוזען ביידע דערצו גלייך בייטראגען. וויא זאָל עס אָבער זיין, ווען ביי איינעם איז עס אַ רעליגיאָנס־פונקט און כמעט אַ מצוה דעם אַנ־דערן צו פערפאָלגען?“

פיעלע קריטיקער און בעוואוסטע טהעאָלאָגען האָבען אַזוי פעראַכטעט און נידריג געהאַלטען דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, אַז זיי האָבען זיך אויסגעלאַכט פון לעססינג׳ס קאָמעדיע און ערקלערט דאָס צווישען אידען קען זיך גאָר ניט געפינען אַזאַ פערזאָן, וויא ער האָט עס פאָרגעשטעלט. נאָר אין דער צייט, ווען מען האָט איהם אַזוי קריטיקירט, האָט ער שוין געהאַט פאַר זיך אַ פיעל העכערן און בעסערן כאַראַקטער אין דער פערזאָן פון זיין אָרימען פריינד מענדעלססאָהן, וועמען ער האָט שפּעטער טהיילוויז אידעאַליזירט אין „נאַטהאַן דער ווייזע“.

ווען „דיא יודען“ האָבען דערלעבט צו זעהען דיא ביהנע, און דיא קריטיקער זיינען אַרויסגעטראָטען געגען דעם ערעלמוטהיגען פּערפאַסער, האָט מענדעלססאָהן, וועלכער האָט נאָך דאַן געלעבט וויא אַן אָרים־בחור, אַזוי אויסגעגאָסען זיין ביטער האַרץ אין אַ בריף צו דר. גומפּערץ, איינעם פון דיא בעסטע און אויפגעקלערטעסטע אידען אין יענער צייט אין דייטשלאַנד:

„דער געדאַנקען (אַז עס קען גאָר ניט געבען אַן עהרליכער איד) מאַכט מיך רויט. איך בין ניט אין שטאַנד אויסצודריקען אַלעס וואָס איך פיהל. וואָס פאַר אַן ערניעדערונג פאַר אונזער אונטערדריקטע נאַציאָן! וואָס פאַר איבערטריבענע פעראַכטונג! דער קריסטליכער המון האָט אונז שוין פון לאַנג געהאַלטען פאַר אויסוואורפען פון דער נאַטור, פאַר געשווירען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. נאָר פון גע־

לעהרטע מענשען האָב איך ערוואַרטעט אַ בעסערן אורטהייל. אָבער וואָס פאַר טעות האָב איך געהאַט, ווען איך האָב געגלויבט, אַז יעדער קריסט־ליבער שריפטשטעלער בעזיצט אַזוי פיעל אויפריכטיגקייט, וויא פיעל ער פאָדערט פון אַנדערע. וויא קען גאָר אַ מענש, וועלכער האָט אין זיך אַ געפיהל פון וואַהרהייט און עהרליכקייט, אָפּלייקענען אפילו דיא וואַהרשיינליכקייט, דאָס אַ גאַנצע נאַציאָן זאָל קענען אָנצייגען אויף איין איינציגען עהרליכען מיטגליעד? און דערצו נאָך אַ נאַציאָן, פון וועלכער עס זיינען אַרויסגעקומען, וויא דער פערפאַסער פון „די יודען" דריקט זיך אויס, אַלע פּראָפעטען און דיא גרעסטע קעניגע!... וואָס פאַר אַ בעליידיגונג! מיר האָבען שוין גאָר קיין זיטליכקייט ניט! יעדע שטרעבונג צו טוגענד איז פערשוואונדען אין אונזער פאָלק!... אין דער ווירקליכקייט זיינען געוויסע טוגענדען אַלגעמיינער ביי אידען וויא ביי קריסטען. זאָל מען נאָר נעהמען אין אַכטונג דעם געוואַלטיגען אַבשיי, וואָס אידען האָבען געגען אַ מאָרדטהאַט. מען וועט ניט קענען ברענגען איין איינציגען ביי־שפּיעל, דאָס אַ איד האָט ערמאָרדעט אַ מענשען. וויא לייכט איז עס אָבער מאַנכע זאַכט עהרליכע קריסטען אָנצוקלאָגען דעם לעבען ביי אַ נעבענמענשען בלויז פאַר אַ שימפּפוואָרט? מען זאָגט, אַז דאָס קומט אויס פיגהייט ביי אידען. גוט! ווען פייגהייט פערהיט מענשענבלוט, זאָ איז פייגהייט אַ טוגענד."

לעסינג איז אַרויס אַלס פערטהיידיגער פון אידען ניט בלויז אויס מיטלייד צו אַן אונגליקליכען און אונטערדריקטען פאָלק, זאָנ־דערן אויך, ווייל ער האָט איבערהויפּט געקעמפּפט פיר וואַהרהייט, אויפקלערונג, מענשליכקייט און פּאַרטיישקייט. ער האָט גאַנץ גוט געפיהלט און פערשטאַנען, דאָס אין דער זעלבער צייט, ווען ער האָט פּאָרגעשטעלט דיא אידען העכער, וויא אפילו דיא בעסערע קריס־טען האָבען עס געקענט צוגעבען, האָט ער דערמיט אויך אַריינגע־וואָרפען אַ באָמבע אין דער אַלטער פעסטונג פון פּאַראורטהיילע און אָבערגלויבען און געעפענט אַ וועג פאַר דיא פרייע קריטיק, פאַר דעם פרייען גייסט. דיא יודענפראַגע איז ביי איהם געווען נאָר אַ טהייל פון זיין אַלגעמיינעם קאַמפּף פיר אויפקלערונג — אַ קאַמפּף וועלכען ער האָט געפיהרט מיט העלדענמוטה און זעלבסטאויפּ־אָפּפערונג ניט נאָר אין רעליגיאָן און פילאָזאָפיע, זאָנדערן אויך אין ליטעראַטור און קונסט.

אין דיזער בעציהונג האָט ער זיך בעזאָנדערס שטאַרק אונטער־שיידעט פון זיין אידישען פריינד. עס איז ריכטיג, אַז מענדעלסאָהן האָט אַרויסגערופען אַ גרויסע גייסטיגע בעוועגונג צווישען אידען; מען קען איהם רעכנען פאַר דעם פאָטער פון השכלה ביי אידען, אָבער דאָס איז געקומען ניט דורך דעם, ווייל ער איז געווען פון דער נאַטור אַ מוטהיגער קעמפפער, זאָנדערן אונטער דעם דרוק פון אומשטענדען, וועגען וועלכע עס וועט דיא רעדע זיין אין זיין לעבענסבעשרייבונג. ניט אַלע מאָל האָט ער אפילו געראַט דעם מוטה צו זאָגען אָפען זיינע מיינונגען, ווען ער איז צוגעשפּאַרט געוואָרען צו דער וואַנד פון דיא געגנער, ווען ער האָט געמוזט אַרויס־טרעטען אַלס פערטהיידיגער פון יודענטהום געגען קריסטענטהום, וויא אויך אַלס פילאָזאָף געגען דיא אידישע געגנער פון השכלה. לעססינג אָבער איז אַליין געקראָכען אין פייער, ער האָט זיך ניט געשראָקען פאַר זיין אייגענע הויט און האָט געשליידערט זיינע שאַרפע פיילען רעכטס און לינקס אין דיא רייהען פון רעאַקציאָ־נערען און פינסטערלינגע. איהם האָט קיינער ניט בעדאַרפט אונ־טעריאָגען, אויפמונטערן צום קאַמפף — זיין פייער און מוטהיגער גייסט האָט איהם געטריבען נעגען דעם שונא אויף דער גאַנצער ליניע פון אַטאַקע: אין פילאָזאָפיע אַזוי וויא אין פּאָעזיע, אין רעליגיאָן וויא אין קונסט־קריטיק, אין ליטעראַטור וויא אין טהעאַטער.

לעססינג איז געווען אַ טיעפער דענקער, אַ גרויסער דיכטער, אַ גרויסער געלעהרטער, אַ מוטהיגער און ערהאַבענער קריטיקער און אַזאַ גייסטרייכער שרייבער, וואָס אַ גלייכען צו איהם איז שווער צו געפינען אין דייטשלאַנד. זיין אונערזעטליכע דורשט צו קענטניס האָט איהם נאָך אַלס אינגעל געיאָגט צו לערנען וואָר מעהר און זיך צו וואַרפען אויף אַלע זייטען. ער האָט שטודירט פילאָזאָפיע מיט אַזאַ חשק וויא דיא גריכישע און לאַטיינישע קלאַ־סיקער, טהעאָלאָגיע וויא דייטשע ליטעראַטור, פּאָעזיע וויא פרעמדע שפּראַכען. ער איז דאַרום אויך געווען איינער פון דיא בעלעזענ־סטע און געבילדעסטע מענשען פון זיין צייט.

דאָס איז געווען אַ גייסטיגער ריעז, איינער פון דיא אַלוועלט־

ליבע זשעניען, וועלכע ווערען אזוי זעלטען געבאָרן און וועלכע האָבען א גרויסען איינפלוס אויף דיא ענטוויקלונג פון דער גאַנצער מענשהייט. ער איז זיכער געשטאַנען מיט עטליכע קעפּ העכער פאַר זיין אידישען פריינד. מענדעלסאָהן, וועלכער האָט איינפאַך פערגעטערט זיין קריסטליכען פריינד, האָט ·עס אליין גרויסמוטהיג אנערקענט. נאַטירליך, מענדעלסאָהן האָט געהאַט א טהייערע קאָפּ אויף זיינע שוואַכע און אויסגעבויגענע פּלייצעס און איז געווען א טיעפער דענקער מיט אַן עדעלער נשמה; אָבער מען מעג צווייפלען ,אויב ער וואָלט דערגרייכט צו אַזאַ הויכע שטופּע און אזוי בעריהמט געוואָרן אין דער וועלט אָהן לעססינג'ס אויפמונטערונג און איינפלוס. לעססינג האָט געעפענט אַ וועג פאַר דעם פערפאַסער פון „פעדאָן" ניט נור דערמיט, וואָס ער האָט איהם אויפגעמונטערט צו שרייבען, פעררעכט זיינע גרייזען אין דער דייטשער שפּראַך און גלייך געלאָזט פערעפענטליכען זיין ערשטע שריפט, זאָנדערן אויך ווייל מיט זיין גאַנצע ליטעראַרישע טהעטיגקייט האָט ער אויסגעלעגט א וועג פאַר אידישע טאַלענטען אין דער דייטשער ליטעראַטור.

צוליעב דעם פערנעהמט אויך לעססינג א זעהר וויכטיגען פּלאַץ אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק. זיכער איז עס, אַז קיין קריסט האָט ניט געשפּיעלט אַזאַ גרויסע ראָלע וויא ער אין דער אידישער השכלה, דירעקט דורך זיינע אייגענע פּאָעטישע און קריטישע ווערק און אינדירעקט דורך זיין ווירקונג אויף דעם אַלגעמיינען גייסטיגען פּראָגרעס, אויף דיא דייטשע ליטעראַטור און אויף מענדעלסאָהן'ס טהעטיגקייט.

„עס איז געוועזן אַ וויכטיגער מאָמענט, ווען דיא צוויי יונגע לייט, מענדעלסאָהן און לעססינג, האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען, שרייבט פּראָפעסאָר גרעטץ אין „דער געשיכטע פון אידען". וויא נאָר זיי האָבען געשלאָסען בעקאַנטשאַפט, האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו רעספּעקטירען און צו ליעבען איינער דעם אַנדערן. מענדעלסאָהן האָט בעוואונדערט אין זיין קריסטליכען פריינד דיא לעבהאַפטיגקייט, דעם מוטה און זעלטענע בילדונג, דעם שטאַרקען און רייכען גייסט און אויך דיא קראַפט, וועלכע האָט איהם געמאַכט פעהיג צו טראָגען אַ נייע וועלט אויף זיינע ברייטע פּלייצעס; און לעססינג האָט בעוואונדערט אין זיין אידישען

פריינד דיא ערהאַבענהייט פון געדאַנקען, דיא שטרעבונג צו וואַהרהייט און דיא פעסטקייט פון כאַראַקטער, וועלכע איז בעגרינדעט אויף אַ מאָראַלע נאַטור. לעססינג האָט געדיינקט, אַז מענדעלססאָהן וועט „זיין אַ צווייטער ספינאָזאַ, וואָס וועט בריינגען עהרע זיין פאָלק“. מענדעלססאָהן איז איינפאַך בעצויבערט געוועזן פון לעססינג'ס פריינדשאַפט. ער האָט צוגעגעבען, אַז לעססינג'ס אַ פריינדליכער בליק האָט געהאַט אַזאַ מאַכט אויף זיין גייסט, אַז אַלע זיינע זאָרגען פלעגען פערשווינדען. זיי האָבען געווירקט איינער אויף דעם אַנדערן. לעססינג האָט ערוועקט אין זיין אידישען פריינד אַן אינטערעס צו שעהנע פאָרמען, צו פּאָעזי, פיינע ליטעראַטור, עסטהעטיק און קונסט ; דער לעצטער האָט דערפאַר געפיהרט זיין קריסטליכען פריינד צו ערנסטע פילאָזאָפישע בעטראַכטונגען . . . . דיא טרייבקראַפט, וואָס מענדעלססאָהן האָט גע־קראָגען פון לעססינג'ן, איז געוועזן אויסעראָרדענטליך פאַר איהם און פאַר דיא אידען. אָהן איבערטרייבונג קען מען זאָגען, אַז לעססינג'ס איינפלוס איז געוועזן גרעסער אין דער פעראַדעלונג פון אידישען פאָלק. וויא אין דער ערהויבונג פון דייטשען פאָלק, ווייל דיא אידען זיינען געוועזן זשעדנער צו שטודירען און מעהר עמפפינדליך צו קולטור. אַלעס וואָס מענדעלססאָהן האָט געוואונען דורך זיין פערקעהר מיט לעססינג'ן האָט געבראַכט נוצען דעם יודאַאיזמוס.“

מיר וועלען יעצט איבערגיין צו דער בעשרייבונג פון דעם לעבען און טהעטיגקייט פון דיעזע צוויי גרויסע מענער און פריינד. צוערשט וועלען מיר געבען דיא לעבענסבעשרייבונג פון דעם געניאַלען דייטשען דיכטער און קריטיקער, ווייל ער פערנעהמט אַ העכערען און וויכטיגערען פּלאַטץ אין דער וועלט־געשיכטע, וויא זיין אידישער פריינד.



# לעססינג

## ערשטער קאפיטעל.

### זיין פאמיליע, קינדערשע יאהרען און ערציהונג.

גאטטהאלד אפרים לעססינג איז געבארן געווארן דעם 22טען יאנואר 1729 יאהר אין דער שטאדט קאמעניז, וועלכע געפינט זיך אין דעם טהייל פון זאקסען, וואו עס זיינען ביז יעצט פערבליבען א טהייל פון דער אמאליגער סלאווישער בעפעלקערונג. וויא בעקאנט, האבען אין דיא מזרח־טהיילען פון דייטשלאנד געוואהנט א כך סלאווישע שטאמען, וועלכע זיינען ביסלעכוויין גערמאניזירט געווארן. אין דער צייט, ווען לעססינג איז געבארן געווארן, זיינען נאך גאנצע געגענדען בעזעצט געווען פון סלאווען, וועלכע זיינען בעקאנט אונטער דעם נאמען ווענדען. מען רעכענט אז זיינע עלטערן האבען געשטאמט פון דיא ווענדען. דערויף צייגט אויך אן זייער נאמען לעססיק, וועלכער איז שפעטער געענדערט געווארן אין לעססינג און וועלכער שטאמט פון דעם סלאווישען ווארט „לעסניק“ (וואלדמעסטער). איינינע דייטשע ביאגראפען פון דעם פערפאסער פון „נאטהאן דער וויזע“ האבען זיך געסטארעט צו בעווייזען, אז אפילו זיינע אורעלטערן זיינען געווען ריינע דייטשען, אהן אירגענד וועלכע בלוטמישונג מיט סלאווען, אבער דאס זיינען בויך־סברות, וועלכע זיינען נאר ארויסגערופען געווארן דורך אן ענגהערציגען נאציאנאליזמוס, דורך דיא פיינדשאפט פון דייטשען צו סלאווען. אבוואהל לעססינג'ס אורעלטערן זיינען גערמאניזירט געווארן נאך ווייניגסטענס מיט 150 יאהר פאר זיין געבורט, דאך פערדריסט עס פיעלע דייטשען, ווען זיי לעזען, אז זיין משפחה, קען זיין, איז אמאל געווען א סלאווישע.

פון דער אַנדער זייט האָבען זיך געפונען אַזעלכע פערביסענע
אַנטיסעמיטען, וועלכע האָבען זיך אָנגעשטרענגט צו בעווייזען, אַז
וויניגסטענס איינער פון זיינע אור־עלטערן איז געווען אַ איד.
דאס האָבען זיי געטאָהן מיט דעם צוועק צו בעווייזען, אַז זיין
הייסע סימפּאַטהיע צו אידען איז ניט געקומען דורך זיין ליעבע צו
דער מענשהייט איבערהויפּט, זאָנדערן ווייל אין זיינע אָדערן האָט
אויך געפלאָסען אידישע בלוט.

יעדענפאַלס, ווען מען זאָל אָנעהמען, אַז זיינע אורעלטערן זיי־
נען מיט יאָהרהונדערטע צוריק געווען ווענדען, וואס עס איז
וואַהרשיינליך, איז עס אָבער זיכער, אַז נאָך מיט דריי דורות פאַר
איהם זיינען שוין איניגע מיטגליעדער פון זיין משפחה געווען לו־
טעראַנישע גייסטליכע. זיין זיידע איז געווען אַ בעוואוסטער דייט־
שער פעדאַגאָג און פּראָטעסטאַנטישער פּאַסטאָר, וועלכער האָט זיך
בעזאָנדערס אויסגעצייכענט דערמיט, וואָס ער האָט אָנגעשריעבען
אַ דיסערטאַציע צו גונסטען פון רעליגיעזע פרייהייט — אַ זעלטענע
ערשיינונג אין יענער צייט. זיין פאָטער האָט זיך פערשאַפט אַ נאָ־
מען אַלס אַ געלערנטער פּאַסטאָר, וואס האָט ניט נאָר פיעל שטו־
דירט פילאָזאָפיע און טהעאָלאָגיע, זאָנדערן אויך אָריענטאַלישע
שפּראַכען, פראַנצויזיש און ענגליש. ער האָט זיך געקליבען צו זיין
אַ פּראָפעסאָר פון טהעאָלאָגיע אין וויטענבערגער אוניווערזיטעט,
נאָר ער האָט זיך אָבגעזאָגט דערפון, ווען מען האָט איהם איינגע־
לאַדען אַלס פּרעדיגער אין זיין געבורטסשטאָדט קאַמענץ.

זיינע קינדער האָט ער געגעבען דיא בעסטע ערציהונג נאָך זיינע
מיטעל. ער איז אָבער געבענשט געוואָרען מיט צעהן זיהן און אייז
טאָכטער, און אַזוי וויא זיינע פעדדיענסטען אַלס גייסטליכער אין אַ
קליינער שטעדטעל זיינען געווען גאַנץ קליינע, האָט דיא פאַמיליע
געלעבט אין דחקות. גאָטטהאָלד אפרים איז געווען זיין צווייטעל
זוהן. נאָך אַלס קינד האָט ער ארויסגעצייגט זעלטענע פעהיגקייטען.
זיין מוטער, אַ גאַנץ איינפאַכע פרוי אין פרומע לוטעראַנקע, האָט
שטרענג אויפגעפאַסט איהרע קינדער זאָלען זיין גוט און פרום. מען
האָט לעבסינגען געצוואונגען צו זאָגען תפילות, ווען ער האָט נאָך
קוים געקענט אויסריידען דיא ווערטער. אויך האָט מען איהם פריה־

צייטיג אָנגעפאנגען צו לערנען לעזען דעם פּראַקטעסטאַנטישען קאַ־
טעכיזים. ווען ער איז אַלט געוועזען 5 יאָהר, האָט ער שוין געקענט לע־
זען דיא ביבעל.

דיא עלטערן האָבען געשטרעבט, אַז ער זאָל ווערן א גוטער און געלערנטער פּאַסטאָר. צו דיעזען צוועק האָט דער פאָטער איהם גלייך אָנגעפאַנגען צו שטאָפּען מיט רעליגיעזע ביכער גראַדע וויא מען טהוט עס מיט אידישע אינגלעך אין חדר. דער פּערפאַסער פון „גאָטהאַן דער ווייזע" האָט אויף דיעזער ווייזע געקראָגען אַזא שטרענגע רעליגיעזע ערציהונג וויא זיין אידישער פריינד. נאָר אין דער זעלבער צייט האָט מען איהם אויך געגעבען וועלטליכע ביל־
דונג. דער פאָטער האָט איהם צוגעגרייט צו א סעמינאַריע. מען האָט אויך געדונגען פאַר איהם א לעהרער פון מאַלעריי, וויל ער האָט אַרויסגעצייגט פעהיגקייטען צום צייכנען.

אין 1741 איז לעססינג ענדליך אָנגענומען געוואָרען אין דער בעוואוסטער סעמינאַריע אַרפאַנעאום אַלס סטיפּענדיאַט. זיין פאָ־
טער האָט עטליכע יאהר געוואַרט אויף דיעזע געלעגענהייט צו גע־
בען איהם דיא מעגליכקייט צו ווערן מיט דער צייט א געלערנטער גייסטליכער. ער איז ניט געוועזען אין שטאַנד אויפצוהאַלטען זיין זוהן אין א סעמינאַריע און ער האָט דאַרום אָנגעפאַנגען צו בעטען דעם קורפירסט פון זאַקסען און דעם דירעקטאָר פון „אַרפאַנעאום" וועגען א סטיפּענדיע. אין דער זעלבער צייט האָט ער אַזוי גוט צוגע־
גרייט זיין זוהן אַז צו 8 יאָהר האָט ער אויסגעהאַלטען דעם קאָנקורס־
עקזאַמען בעסער וויא פיעלע אַנדערע עלטערע שילער.

דער „אַרפאַנעאום" איז דאַן געוועזען איינע פון דיא עלטעסטע און בעסטע שולען אין זאַקסען. דיא שילער האָט מען געגעבען אַזא ביל־
דונג, וועלכע מען האָט געהאַלטען נייטיג פאַר גייסטליכע. דיא איינ־
פיהרונגען זיינען געוועזען זעהר שטרענגע. דיא שילער האָבען געמוזט אויפשטיין האַלב נאָך פינף אין דער פריה און זיך אַרומוואַשען לע־
בען א ברונען. יעדען זאָנטאַג האָבען זיי געמוזט אָבזיצען 8 שטונדען אין קירכע. זעהר זעלטען האָט מען זיי ערלויבט אַרויסצוגיין אויף דער ווייטער וועלט. געשפּייזט האָט מען זיי זעהר שלעכט. דיא לעהרע איז מייסטענס בעשטאַנען אין לאַטיין און גריכיש. אפילו

דיא ביבעל און לוטער'ס קאַטעכיזיס האָט מען שטודירט אין לאַטיין. פילאָזאָפיע און בעזאָנדערס דיא פראנצויזישע שפּראַך האָט מען בעטראַכטעט פאַר אַן אַפּיקורסות.

אין אַזאַ שולע און אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָט זיך לעססינג געפיהלט זעהר ענג אין שלעכט. ער האָט נאָכהער געשריעבען, דאָס זיצענדיג אויף דער שול־באַנק האָט ער שוין פערשטאַנען, וויא פיעל נוצלאָזע זאכען מען לערנט אין שולען. ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין פלייס, שאַרפען פערשטאַנד און אַ זעלטענעם זכרון, אָבער, נאָך דיא בעריכטען פון דיא לעהרערס, האָט ער אויך אַרויסגעוויעזען „הוצפה און עקשנות". זעהר שנעל האָט ער אָנגעפאַנגען צו לעזען דיא בעסטע גריכישע ווערק, וועלכע זיינען איהם בעזאָנדערס געפעלען געוואָרען, און אונטער זייער איינפלוס האָט ער אויך אָנגעפאַנגען צו שרייבען געדיכטען און דראַמאַטישע סצענען. איינינגע פון דיא לעהרערס זיינען געוועזען פרייערע מענשען, בעזאָנדערס דער לעהרער פון מאַטהעמאַטיק, וועלכער האָט זעהר גוט געווירקט אויף דעם פלייסיגען און פעהיגען שילער. דיעזער לעהרער פלעגט זאָגען, אַז „אַ געלעהרטער וואָס קען ניט מאַטעמאַטיק און פילאָזאָפיע, ווייס ניט מעהר פון אַן עם־הארץ". לעססינג האָט דאַרום אויך אָנגעפאַנגען צו שטודירען מאַטהעמאַטיק.

ווען ער איז אָפּגעוועזען אַ יאָהר צוויי אין דיזער סעמינאַריע, האָט ער געשיקט צום געבורטסטאָג פון זיין פאָטער אַ בעגריסונגס־שריפט אונטער דעם נאָמען „איבער דיא גלייכהייט פון איין יאָהר צום אַנדערן". דער 14־יעהריגער פערפאַסער האָט שוין דאַן אַרויסגעוויזען אַ זעלטענעם שריפטשטעלערישען טאַלאַנט. דיעזע שריפט איז געוועזען אַ לעבהאַפטע אַנטוואָרט אויף זיין פאָטער'ס שטענדיגע קלאַגען, דאָס דיא וועלט ווערט מיט יעדען יאָהר ערגער. דער יונגער פילאָזאָף האָט זיך אויסגעלאַכט דערפון און ערקלערט אַזאַ מיינונג פאַר אַ „קינדערשען פאָראורטהייל". „דיא גאָלדענע אַלטע צייטען, האָט ער מיט היין געשריעבען, איז נאָר אַן איינבילדונג. וויא קען מען גאָר גלויבען, אַז טיעפע אונוויסענהייט, גראָבע לעבענספיהרונגען,ווילדע זיטען, אונבעאַרבייטע פעלדער און נערטנער, נאַקעטע קערפּערס, קלעגליכע הייזלעך און היילען, רויהע

און שלעכטע שפייז זאלען זיין דיא אמת'ע צייכענס פון דער גליקליכסטער צייט?!“

צוויי יאהר נאכדעם האט ער אנגעפאנגען צו באמבארדירען זיין פאטער מיט ביטעס איהם ארויסצונעהמען פון דער סעמינאריע, וואו ער האט זיך איינפאך קיין ארט ניט געקענט געפינען. זיין פרייער גייסט, וועלכער האט זיך אלץ מעהר ענטוויקעלט אין איהם, האט איהם געיאגט הרויסען, אין דיא גרויסע און ברייטע וועלט. ער האט שוין געקענט דיא גאנצע טרוקענע לאטיינישע תורה פון דער סעמינאריע און ער האט ניט געקענט קוקען אהן עקעל אויף דיא שול־ביכער. זיין פראטעסטע געגען דיא לעהרנונג פון דער סעמינאריע האט ער אויך אויסגעדריקט אין זיין ערשטע דראמאטישע ווערק, אין זיין בעריהמטע קאמעדיע „דער יונגער געלעהרטער.“ וועגען דיזע קאמעדיע האט ער שפעטער געשריעבען: „דאס איז געוועזען דער איינציגער סארט נאראנים וואס זיינען מיר דאן בעקאנט געוועזען. איך בין אויסגעוואקסען צווישען דיזען שימעל. איז עס דען ניט נאטירליך, דאס מיין ערשטע סאטירע איז ארויס געגען דיעזע דומקעפף?“

אין דעם זעלבען 1645 יאהר, ווען ער האט אנגעפאנגען אפצולאכען פון דיא דאמאלסדיגע יונגע געלעהרטע, וואס זייערע קעפף זיינען אנגעשטאפט געוועזען מיט אלטע לאטיינישע און גריכישע ווערק, אהן שום שייכות צום פראקטישען לעבען, האט עס אויך געטראפען, אז דיא גאנצע סעמינאריע איז פערכאפט געווארן פון דיא פרייסישע סאלדאטען, וועלכע האבען זיך דאן אריינגעריסען אין זאקסען אויף דעם בעפעהל פון פריעדריך דעם גרויסען. דיא מלחמה צווישען עסטרייך און פרייסען האט זיך אבגערופען אויף דער שלעפעריגער שטעטעל, וואו דיא סעמינאריע האט זיך געפונען, נאר דיא פרייסען, וועלכע האבען בעראבעוועט דיא לעהרער און ארויסגעיאגט א שרעק אויף אלע איינוואהנער, האבען ניט געריהרט דיא שולע זעלבסט. דיא שילער האבען נאר געהאט א געלעגענהייט צו זעהען א ביסעל וואס מלחמה איז. נאך דיזער איינגעוועהנליכער קאבעדיי איז לעססינג פעסטער צוגעשטאנען צו זיין פאטער איהם צו בעפרייען פון דער סעמינאריע. דער פאטער האט אבער נאכ־

געגעבען דיא ביטעס פון זיין זוהן, ווען ער האט געקראגען פון דירעקטאר אן אנטוואָרט, אז לעססינג קען שוין דיא גאנצע תורה פון דער סעמינאריע. דער דירעקטאר האט זיך אזוי אויסגעדריקט וועגען איהם: „דאס איז א פערדעל וואס פאָדערט א דאָפּעלטע פּאָרציע. דיא לעקציאָנען, וואס זיינען שווער פאר אנדערע, זיינען פאר איהם לייכט וויא א פעדערל.“

אין 1646 איז לעססינג ענדליך ארויס פון דער סעמינאריע. זיין פאטער איז געוועזען איבערצייגט אז ער וועט ווערן א בעריהמטער גייסטליכער; אָבער דער 17-יעהריגער פּראָפעסער פון „יונגען געלעהרטען“ האט נאר געטרוימט פון דער ביהנע.



## צווייטער קאַפּיטעל.

### זיין סטודענטישער לעבען און אָנפאַנג אַלס זשורנאַליסט און דראַמאַטורג. „דער יונגע געלעהרטע“.

אין לייפּציג וואו לעססינג האָט אָנגעפאַנגען צו שטודירען אין אוניווערזיטעט, האָט זיך פאַר איהם געעפענט אַ נייע וועלט. זיין פאָטער האָט אויסגעפיהרט, אַז זיין געבורטסשטאָדט זאָל איהם געבען אַ סטיפּענדיע. דאַרום האָט לעססינג געקענט רוהיג שטודירען. נאָר באַלד האָט ער זיך איבערצייגט, אַז ער איז ניט געשאַפען געוואָרן צו זיין אַ גייסטליכער אָדער אַפילו אַ פּראָפעסאָר. וואָס מעהר ער האָט נאָכגעטראַכט וועגען זיין צוקונפט, איז איהם אַלץ קלאָרער געוואָרען, דאָס ער מוז זיך אויסקלייבען עפּעס אַ וועג אין דער וועלט פון ליטעראַטור און קונסט.

ער האָט דיא ערשטע צייט פון דעסטוועגען געלערנט גאַנץ פלייסיג. בעזאָנדערס האָבען איהם צוגעצויגען דיא לעקציעס פון צוויי פּראָפעסאָרען. איינער האָט זיך אויסגעצייכענט אַלס קענער פון דער נייער ליטעראַטור און דער צווייטער איז בעריהמט געווען מיט זיינע קענטניסע אין דער רוימישער געשיכטע און גריכישער פּאָעזיע. ווען לעססינג איז נאָך געווען אין דער סעמינאַריע האָבען דיא לעהרער בעמערקט זיין נייגונג צו לערנען זייטיגע געגענשטאַנדען, צו שטודירען ניט פיר אַ קאַריערע, נאָר אום וואָס מעהר צו וויסען. זיי האָבען איהם דערפאַר געשטראָפט און גע׳טענה׳ט, אַז ער צרוואַרפט זיך אויף אַלע זייטען און שטעלט זיך ניט אָפּ אויף דיא געגענשטאַנדען, וועלכע זיינען בעזאָנדערס נייטיג פאַר אַ גייסטליכען. יעצט, ווען ער האָט געהאַט מעהר פרייהייט, האָט ער זיך בעזאָנדערס אַ נעהם געטאָן צו לעבעדיגע שפּראַכען און צום טהעאַטער. ער האָט אויך בעשלאָסען צו לערנען דיא מענשען און זייערע פיהרונגען ניט נאָך ביכער, זאָנדערן דורך בעקאַנטשאַפט מיט פערטרעטער פון פערשיעדענע קלאַסען און מיט זייער טאָגטעגליכען לעבען.

אום זיך אַביסעל אויסצומענשלען, וויא ער האָט געזאָגט, האָט ער אָנגעפאַנגען אויך צו לערנען רייטען, פעכטען און טאַנצען. אין אַ קורצע צייט האָט ער אין דיעזע קונסטען געמאַכט אַזעלכע פאָרטשריטע, דאָס ער האָט ערשטוינט זיינע וועלטליכע חברים. ער איז אַזוי געוואָרן אַ גאַנצער קאַוואַליער און האָט זיך שוין ניט געשעהמט צו צייגען זיך אין געזעלשאַפטען וויא פריהער. בעזאָנדערס האָט ער בעזוכט טהעאַטערס; זיי האָבען איהם געצויגען וויא אַ מאַגנעט.

גראַדע האָט זיך דאַן געפונען אין לייפציג דיא טרופע פון דער טאַלענטפאָלער שוישפיעלערין נויבער. דיא דייטשע ביהנע איז דאַן געשטאַנען אויף א זעהר ניעדריגע שטופע. אין דיא גרעסטע טהעאַטערס האָט מען געשפיעלט פראַנצויזישע שטיקער אָדער אַזעלכע דייטשע שטיקער, וועלכע האָבען שקלאַוויש נאָכגעאַהמט דיא פראַנצויזען. עכטע דייטשע דראַמען און קאָמעדיעס האָבען דאַן כמעט ניט עקזיסטירט. נאָר לעססינג וועלכער איז אויך געווען אַ רעפאָרמאַטאָר פון דער דייטשער שפּראַך, האָט באַלד געשאַפען אַ ריינע דייטשע קאָמעדיע. דאָס איז געווען זיין „יונגער געלעהרטער“.

צוערשט איז ער אַרויסגעטראָטען אַלס זשורנאַליסט און פעליעטאָניסט אין אַ קליינער צייטונג, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן פון איינעם פון זיינע יונגע פריינד. דאָרטען האָט ער אָפגעדרוקט זיינע ערשטע געדיכטען, קאָמישע קופּלעטען, ערצעהלונגען און אויך אַ קליינע קאָמעדיע, וועלכע איז געווען אַזוי שוואַך, דאָס קיינער וואָלט ניט געקענט פאָראויס זאָגען אין איהם דעם פערפאַסער פון „מינאַ פאַן באַרנהעלם“, „עמיליאַ גאַלאָטי“, „נאַטהאַן דער ווייזע“ א. ז. וו. ער איז אויך דאַן געוואָרן אַ קריטיקער. זיינע ערשטע פיילען האָט ער אַ לאָז געטאָן אויף קלאָפּשטאָק׳ס „מעסיאַדאַ“. דיעזען קלאָפּשטאָק האָט מען דאַן בעשאָטען מיט שבחים און ערקלערט פאַר אַ זשעני. לעססינג האָט זיך אויסגעלאַכט פון איהם מיט זיין ווערק וועלכע איז געשריעבען געוואָרן נאָך דעם אלטען מוסטער מיט הויך־קלינגענדע פראַזען. „ווער לויבט ניט קלאָפּשטאָק׳ן? נאָר וויא פיעל לעזען איהם? האָט לעססינג געפרעגט. ניין, מיר ווילען, אַז מען זאָל אונז ווייניגער לויבען און מעהר לעזען“. ער האָט זיך גאָר ניט געשראָקען צו אַטאַקירען אַזאַ פערשריענע גרויסקייט און ערקלערען, אַז

יענעם׳ס ליעדייר זיינען גלייך צום געזאנג פון זשאבעס אין בלאטע.

אלעס וואס ער פלעגט פערדיענען פון זיין שרייבען אין צייטונגען, פלעגט ער אויסגעבען אויף גיין אין טהעאטערס. מען רעכענט, אז צו דער צייט איז ער אזוי פערקאכט געוועזען אין דער דראמאטישער קונסט, דאס ער האט געוועלט ווערן א שוישפיעלער. אין דער זעלבער צייט האט ער אבער פלייסיג שטודירט אין אוניווערזיטעט, בעזאנדערס נאטור וויסענשאפטען און פילאזאפיע. ער האט אליין ניט געוואוסט, וואס פאר א פראפעסיאן זיך אויסצוקלייבען. פון איין זייט האבען איהם געצויגען וויסענשאפטען, אז ער האט זאגאר גערעכענט צו שטודירען מעדיצין; פון דער אנדער זייט האט ער זיך געריסען צו ליטעראטור, קונסט און טהעאטער. צוזאמען מיט א געוויסען ו ו י י ס ע, איינעם פון זיינע נעהענטסטע פריינד, האט ער אויך גענומען איבערזעצען פראנצויזישע און ענגלישע דראמעס, בלויז מיט דעם צוועק צו קריגען אומזיסט א גוטען זיץ אין טהעאטער.

זיין ארויסטרעטען אלס פערפאסער פון אן עכט דייטשע שטיק איז פארגעקומען אויף פאלגענדען אופן: איין אבענד אין 1747 האט ער זיך אין א געזעלשאפט אויסגעלאכט פון א קאמעדיע, וועלכע אלע האבען געלויבט. ווען מען האט איהם געזאגט, אז עס איז לייכטער צו קריטיקירען אנדערע וויא עפעס אליין צו פערפאסען, האט ער אויסגערופען: „איך וועל אייך צייגען, אז איך קען בעסער אנשרייבען!“

גלייך נאכדעם האט ער אנגעפאנגען נאכצוזוכען זיינע פריהערע שריפטען און צו טראכטען וועגען א פאסענדען סיוזשעט. ווען ער האט איבערגעלעזען זיין שריפט וועגען דעם „יונגען געלעהרטען,“ וואס ער האט אנגעשריבען זייענדיג אין דער סעמינאריע, האט ער זיך אנגעכאפט אן דעם פאר זיין פערשפראכענע קאמעדיע. גראדע האט עס געטראפען, אז דיא בערלינער אקאדעמיע פון וויסענשאפטען האט געהאט צו בעשטימען דעם זעלבען יאהר א פרייז פאר דיא בעסטע אבהאנדלונג איבער א געוויסען פונקט (דיא זא־גענאנטע „מאנאדען“) פון לייבניץ׳ס פילאזאפיע. איינער פון דיא יונגע געלעהרטע אין לייפציג, וועלכער האט אויך געשיקט אן אבהאנדלונג נאך בערלין, האט זיך איבעראל פארויס

בעריהמט, אז ער וועט זיכער קריעגען דעם בעשטימטען פרייז, אבער ער איז זעהר מיאוס דורכגעפאלען.

לעססינג האט זיך בענוצט מיט דיעזען פאל זעהר געשיקט און גייסטרייך אין זיין קאמעדיע דער „יונגער געלעהרטער", אום צו מאכען חוזק פון דער דאמאליגער סיסטעם פון בילדונג אין דייטשלאנד. טהיילווייז האט ער אבגעמאלען זיך זעלבסט און זיין פאטער, ארויסשטעלענדיג נאר דיא קאמישע זייטען פון זייער לא־טיינישער לערנונג.

דאמיס, דער העלד פון דער קאמעדיע איז א יונגער מאן, וואס זיין קאפ איז נאר אנגעשטאפט מיט לאטיינישע און גריכישע ביכער, וועלכע ער האט זיין גאנצען לעבען שטודירט אין פערשיע־דענע שולען. מעהר וויא דיעזע אלטע תורה, וועלכע האט קיין שייכות מיט דעם פראקטישען לעבען, קען ער ניט, און ער איז אין דער גרויסער וועלט וויא א קליין קינד. אפילו זיין נארישער דיע־נער פיהרט איהם פאר'ן נאז. ווען ער שרייבט א מגילה צו קריע־גען דעם פרייז פון דער בערלינער אקאדעמיע, רעכענט ער אויס וואס יעדערער פון דיא גריכישע און רוימישע פילאזאפען האט געזאגט וועגען דעם ווארט „מאנאדען" און מיינט אז דערמיט האט ער געשאפען א געניאלעס ווערק, מיט וועלכע ער וועט איבער־ראשען דיא גאנצע וועלט. דיא נאטור האט איהם בעשאנקען מיט גוטע פעהיגקייטען און אויך מיט א קלארען פערשטאנד ; אבער אין דער שולע איז זיין קאפ אזוי צודולט געווארען פון דיא גריכיש־לאטיינישע ביכער, אז ער ווערט איינפאך אן אידיאט אין לעבען און פערשטעהט זאגאר ניט, וואס דיא בערלינער אקאדעמיע האט פערלאנגט, ווען זיא האט בעשטימט איהר פרייז.

ווען ער קריעגט פון זיין פריינד אין בערלין אן ענטווארט, דאס זיין דיסערטאציע טויג אזוי ווייט ניט, דאס ער (דער פריינד) האט איהר אפילו ניט געוועלט דערלאנגען דער אקאדעמיע, שרייט ער אויס אין פערצווייפלונג : „אה, איהר נארישע דייטשען ! איהר זייט גאר ניט אין שטאנד צו שעצען אזעלכע געניאלע ווערק. דערצו מוז מען אויך האבען געניאלע פעהיגקייטען. איהר וועט אימער פערבלייבען אין דער פינסטערנים פון בארבאריי, און

אייערע וויציגע שכנים (דיא פראנצויזען) וועלען זיך אויסלאכען פון אייך. אָבער איך וועל זיך אָפּרעכענען מיט אייך! פון יעצט אָן הער איך אויף צו זיין א דייטש. איך וועל באלד פערלאָזען מיין אונדאנקבארעס פאטערלאנד".

ער קען זיך גאָר ניט פארשטעלען אין זיין פערבלענדענעס, אז דיא וועלט פאָדערט עפּעס מעהר, וויא א קענטשאפט פון דער גריכיש־רוימיישער ליטעראטור, און ער האלט זיך פאר א ניט אנער־קענטען זשעניע. זיין פאָטער כריזאנדער זוכט אויך ארויסצוציי־גען, אז ער איז ניט אבי ווער, אז ער פערשטעהט אויך לאטיין — דערביי קומען פאָר זעהר קאָמישע כצענען — אָבער ער האָט ניט פערלאָרען זיין פראקטישען פערשטאנד און ער זעהט, אז זיין זוהן איז א געלערנטער נאר. „דו און דיין האָמער זיינען א פאָר דומ־קעפּ!", שרייט אויס אין איין ארט דער פאטער מיט כעס, ווען דער זוהן צולאָזט זיך אויף זיין שטייגער צו צייגען, אז ער גע־דענקט וואָס ער האָט געלערנט אין שול. אָבער דאמיס געפינט זיך גאָר ניט בעליידיגט. פערקעהרט, ער איז מלא שמחה מיט דעם פערגלייך. „איך און האָמער! שרייט ער אויס מיט פריידע. האָמער און איך? מיר ביידע? כע־כע־כע... אזוי גאָר, פאָטער! אָה, איך דאנקע, איך דאנקע... איך און האָמער! האָמער און איך!"

דיא קליגסטע פערזאָנען אין דער קאָמעדיע זיינען א דיענער און א דיענסטמיידעל. זיי מאכען אויף יעדען שריט חוזק פון דעם יונגען געלעהרטען. ליזעטע, דיא דיענסטמיידעל, איז א לעבעדיגע און וויציגע שטיפערקע; אָבער זיא איז ניט א דייטשער טיפּ. לעססינג האָט איהר פאָרגעשטעלט נאָך דעם מוסטער פון דעם געניאלען פראנצויזישען דראמאטורג מאָליער. אין פיעלע אנדערע שטעלען זעהט מען, אז ער האָט נאָכגעמאכט מאָליער'ן און אויך דעם פאָטער פון קאָמעדיע, דעם אלטען גריכישען דראמאטורג אריסטאָפאן. אין אלגעמיינען אָבער האָט דער יונגער דיכטער און קריטיקער פאָרטרעפליך געשילדערט איינע פון דיא קאָמישע זייטען פון דייטשען לעבען. דאמיס איז א טיפּ פון דיא יונגע גע־לעהרטע אין יענער צייט. וויא געזאָגט, האָט לעססינג טהיילוויז זיך אליין פארגעשטעלט און אָפּגעלאכט פון דער בילדונג, מיט

וועלכער מען האָט איהם געמאכט׳ט אין דער סעמינאַריע. דערביי האָט ער ארויסגעצייגט זיין שאַרפע און בייסענדע קריטיק וויא אויך טיעפען וויץ.

מיט אַ געדריקטע האַרץ האָט ער דערלאַנגט זיין ערשטע דראַמאַטישע ווערק דיא שווישפיעלערין נייבער, און ניט קליין איז געווען זיין פריידע, ווען זיא האָט אויסגעדריקט איהר ענטציקונג מיט דיעזער קאָמעדיע און האָט נאָך ערקלערט, אַז ער האָט דער־מיט געמאַכט דעם אָנפאַנג פון אַן עכט דייטשע דראַמאַטישע קונסט. דער „יונגער געלעהרטער“ איז גליקליך אויפגעפיהרט געוואָרען און איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס בייפאַל. אין לייפציג זיינען געווען גענוג יונגע געבילדעטע לייט, וועלכע זיינען עהנליך געוועזן צו דאמיס׳ן. מען האָט דיעזע קאָמעדיע נאַכהער געשפיעלט מיט גרויס ערפאָלג אין גאַנץ דייטשלאַנד.



## דריטער קאפיטעל.

## זיין ערשטע רייזע נאך בערלין.

נאך דיעזען ערפאלג האט זיך לעססינג אין גאנצען אפגעגעבען צום טהעאטער. זיינע עלטערן זיינען אבער גאר ניט צופריעדען געוועזען דערמיט. זיי האבען נאך אליין געהאפט, אז פון איהם וועט ארויסקומען א בעריהמטער גייסטליכער, און זיין פאטער האט איהם אנגעשריעבען א זעהר שארפען בריעף, אין וועלכען ער האט איהם געשטראפט און אויך געסטראשעט, אז דיא שטאדט קאמעניץ וועט אויפהערען צו געבען איהם דיא סטידפענדיע, אויב ער וועט ניט אויפהערען זיך ארומצודרעהען מיט שוישפיעלערס און שוישפילערקעס און מיט אנדערע אזעלכע „אויסגעלאסענע" מענשען. לעססינג איז אזוי אויפגעבראכט געווען פון דיעזען מוסר, דאס ער האט געוואלט אליין זיך אפזאגען פון דער סטיפענדיע און נאך שיקען צו אלע מיטגליעדער פון קאמענצער שטאטראטה אפישען פון זיין קאמעדיע; אבער זיינע פריינד האבען איהם אפגעהאלטען דערפון. ער האט געענדיגט דערמיט וואס ער האט געשיקט זיין פאטער א לאנגען בריעף, אין וועלכען ער האט געזוכט צו בעווייזען, אז אלע בעשולדיגונגען געגען איהם זיינען אונבעגרינדעט.

וויא קליינשטעטעלדיג זיינע עלטערן זיינען געוועזען, צייגט פאלגענדער קאמישער פאל. זיין מוטער האט איהם געשיקט אלס געשאנק א גרויבען שטרודעל לכבוד וויהנאכטען. דער הענדלער וואס האט געבראכט דיעזע מתנה, האט אויך פערשפראכען אויסצוגעפינען, וויא לעססינג פיהרט זיך אויף אין לייפציג. ער האט געהאלטען ווארט מיט עכט דייטשער פינקטליכקייט און האט איבערגעגעבען, ווען ער האט זיך צוריקגעקעהרט, דאס ניט נאר שלעפט זיך לעססינג ארום מיט שוישפיעלערס און „שלעכטע חברה", זאנדערן האט אויך אויפגעגעסען דער מוטער'ס שטרודעל אין דער קאמפאניע פון שוישפיעלערס נאכדעם, וויא אלע האבען אויסגע־

טרונקען א רעכט ביסעל פלאשען וויין. דאס לעצטע האט גאר דערשלאגען זיין מוטער. זיא האט געקלאגט און געבראכען דיא הענד און ערקלעהרט, אז איהר זוהן איז א פערלארענער אויף דער וועלט און האט אויך פערזינדיגט יענע וועלט. זיא האט זיך אזוי אבגעגעסען דיא הארץ דערפון, אז לעססינג'ס פאטער האט בעשלאסען אנצושרייבען א בריף צו זיין זוהן מיט דער פאלשער בשורה, דאס זיין מוטער איז געפעהרליך קראנק און וויל איהם זעהען פאר איהר טויט. דער פאטער האט איהם דארום געבעטען צו לאזען אלעס און א זייט און גלייך קומען.

לעססינג האט זיך אנגעשטויסען, אז מען נארט איהם אפ, נאר אזוי וויא ער האט ניט געוואוסט אויף זיכער, האט ער זיך גלייך א לאז געטהאן אין וועג אבוואהל עס זיינען דאן געוועזען אויסערגעוועהנליך שטארקע פרעסט. ווען ער איז אנגעקומען א צובראכענער, האט איהם זיין מוטער בעגעגענט מיט דיעזע ווערטער: „ווארום ביסטו געפאהרען אין אזא פראסט?" — „אבער, מיין טהייערע מוטער, איהר האט עס דאך געוועלט, האט ער געענטפערט. עס פרעהט מיך יעדענפאלס צו זעהען אייך געזונד."
אויף א קורצע צייט האבען זיי דאן געמאכט שלום. דיא עלטערן האבען געמוזט צוגעבען, אז פון איהם וועט שוין ניט ווערען א פאסטאר, און ער האט פערשפראכען צו שטודירען מעדיצין. א סך מוסר איז איהם אויסגעקומען צו הערען פון אלע זיינע קרובים, אז ער זאל מעהר קיין קאמפאניע ניט פיהרען מיט שוישפיעלער. דיא קליינשטעטעלדיגע האבען זיך פארגעשטעלט שוישפיעלער עפעס אזוי וויא א פערקערפערונג פון טייוועל.

אין 1748 איז לעססינג אנגעקומען אין מעדיצינישען פאקולטעט. ער האט געהאלטען ווארט און זאגאר פלייסיג געלערענט, אבער זיין הארץ איז גאר ניט געלעגען אין מעדיצין. ער האט מעהר בעזוכט דעם טהעאטער, וויא דעם אוניווערזיטעט. ער האט אויך אנגעפאנגען צו שרייבען א טראגעדיע, אבער ער האט איהר ניט געענדיגט. ארום דער צייט האט ער אויך געקראגען דיא ערפאהרונג, אז ניט אלע שוישפיעלער מעג מען טרויען. פאר איינעם פון זיי האט ער גוט געזאגט. דיעזער שוישפיעלער איז אוועק נאך

וויען, פערגעסענדיג צו בעצאָהלען זיינע חובות. לעססינג איז דורך דעם געוואָרען אזוי פערצווייפעלט, אז ער האָט אליין געוואָלט אָנפאַנגען שפּיעלען אויף דער ביהנע, אום צו קענען בעצאָהלען דעם שוישפּיעלער'ס חובות. ער האָט אליין קוים געקענט דער־קען זיינע אויסגאַבען מיט זיין אָרימער סטיפּענדיע, און דאָ האָט ער נאָך געמוזט צאָהלען אַ פּעקעל מיט פרעמדע חובות. נאָר זיינע פריינד האָבען איהם ארויסגעהאָלפען. דיעזער פאַל האָט אָבער אויך געפיהרט דערצו, אז ער האָט בעשלאָסען אוועק צו פאהרען פון לייפּציג. ער האָט זיך געקליעבען נאָך בערלין, וואו זיין יוגענד־פריינד, אַ געוויסער מיליוס, אַ פריידיינקער און רעדאַקטאָר פון ציימונגען, האָט זיך בעזעצט; נאָר ער איז פערבליעבען אין וויט־טענבערג. דאָרט האָט ער זיך פערשריעבען אלס סטודענט פון מע־דיצינישען פאַקולטעט, נאָר שטודירט האָט ער מעהר פילאָזאָפיע און זיך אָפּגעגעבען צו שרייבען דראַמען גראַדע וויא אין לייפּ־ציג.

ווען ער וואָלט ניט געזוכט צופריעדען צו שטעלען זיין פאָ־טער, וואָלט ער וואהרשיינליך גאָר ניט אָנגעפאַנגען צו שטודירען מעדיצין. וויינינגער פון אלעס האָט ער געקענט צו ווערן אַ פּראַק־טיצירענדער דאָקטאָר. ער האָט נאָר שטודירט פיזיק, כעמיע און אַנ־דערע נאַטור־וויססענשאַפטען, ווייל דאָס האָט איהם אינטערעסירט, ווייל ער האָט געשטרעבט צו קענען וואָס מעהר. אָבער זיין הארץ איז געלעגען אין ליטעראַטור, פּאָעזיע און קונסט. ער האָט דאן אָנ־געפאַנגען צו שרייבען עטליכע קאָמעדיעס פאַר דעם דירעקטאָר פון וויענער טהעאַטער, וועלכע זיינען מייסטענס געבליעבען אונ־גענדיגט, און האָט אויך אָנגעשריעבען א סך געדיכטען, עפּיגראַ־מען און קריטישע בעמערקונגען, וועלכע זיינען שפּעטער פער־עפענטליכט געוואָרען.

זיין פינאַנציעלע לאַגע איז געווען אַ גאַנץ טרויעריגע, דארום האָט ער זיך אַ לאָז געטאָהן נאָך בערלין, וויא נאָר ער האָט זיך דערוואוסט, אַז זיין פריינד מיליוס איז געוואָרען דער רעדאַקטאָר פון „רודיגער'ס צייטונג", וועלכע עקזיסטירט נאָך ביז יעצט אונטער דעם נאָמען „פאָססישע צייטונג". אין אַ בריעף

צו זיין מוטער האָט ער ערקלערט, אַז קיין מאָל האָט ער זיך ניט געפיהלט אַזוי אונגליקליך וויא אין וויטטענבערג, דען צו אַלע צוות איז ער נאָך קראַנק געוואָרען און האָט זיך אויך געהאַט צו רעכענען מיט אייניגע פון זיינע לייפּציגער קרעדיטאָרען.

מיליוס האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס פריינדשאַפט און געהאָלפען, וויא ווייט ער האָט געקענט. אַזוי וויא אויף צו להכעיס לעססינג׳ס עלטערן, וועלכע האָבען איהם בעשימפּפט און פערשאָלטען אַלס א פריידיינקער, האָט מיליוס געשטעלט אויף דיא פיס זייער געניאַלען זוהן, ווען זיי האָבען ניט געוועלט העלפען דערפאַר וואָס ער האָט זיי ניט געפאָלגט און איז ניט געגאַנגען אויף דעם אָנגענומענעם און ברייט אויסגעלייגטען וועג צו מאַכען א קאַריערע. מיליוס האָט דיא ערשטע זאַך געקויפט נייע קליידער פאַר זיין 20־יעהריגען פריינד, וועלכער איז נעבעך געווען אַזוי אָפּגעריסען און אָפּגעשליסען אַז ער האָט זיך געשעהמט דיא אויגען צו ווייזען. נאַכהער האָט מיליוס איהם פערשאַפט א פלאַץ ביי דעם ארויסגעבער רודיגער אַלס ביבליאָטהעקער.

פאר דיעזע אַרבייט האָט לעססינג געקראָגען מאָהלצייטען און עטוואָס געלט. דערצו האָט מען איהם איבער־געגעבען צו שרייבען אין דער צייטונג רעצענזיעס איבער נייע ביכער. ער האָט אַזוי געמאַכט וויא עס איז אַ לעבען און איז אויך געווען צופריעדען מיט דער אַרבייט, דען ער האָט געהאַט דיא געלעגענהייט צו לעזען אַ סך נייע ביכער און צו וויסען וואס עס טהוט זיך אין דער ליטעראַרישער וועלט. אין דערזעלבער צייט האָט ער זיך צוזאַמענגעשריבען מיט דירעקטאָרס פון טהעאַטערס און מיט בעוואוסטע שוישפּיעלערס וועגען זיינע קאָמעדיעס און דראַמען, וועלכע ער האָט אָנגעפאַנגען, אָבער זעלטען געהאַט דיא מעגליכקייט צו ענדיגען. גראַדע וויא אין דער סעמינאַריע האָט ער זיך געוואָרפען אויף אַלע זייטען, האָט פיעל געלעזען, געלערנט און דאָ פערפאַסט געדיכטען, דאָרט ערצעהלונגען, דאָ ווייטערע קריטיקען, קאָמעדיעס, הומאָרעסקען, עפּיגראַמען א. ז. וו. דאָס האַט איהם אין אָנפאַנג זעהר פיעל געשטערט, דען ער האָט ניט געוואוסט, צו וואָס פריהער זיך צו נעהמען און וואָס שנעלער צו ענדיגען. זיין געניאַלע קאָפּ

איז געווען פול מיט פלענער און גרויסע האפנונגען, אבער עס איז איהם אלץ ניט געלונגען צו פערפאסען עפעס אזעלכעס, וואס זאל איהם פערשאפען א גרויסען נאמען אין דער וועלט.

ווען זיינע עלטערן האבען זיך דערוואוסט, אז ער איז אוועק נאך בערלין אהן זייער צושטימונג, זיינען זיי געווען אויסער זיך פון ערגערניס. זיי האט ניט נאר געקריינקט, וואס ער איז בעפריינדעט מיט אזא גאטלאזען מענשען וויא מיליוס, זאנדערן אויך וואס ער פערבלייבט אין אזא גאטלאזער שטאדט, וויא בערלין האט דאן א שם געהאט. בערלין איז דאן געווען אין אלע הינזיכטען, אויסער אין מיליטערישער, א גאנץ אנדערע שטאדט וויא יעצט. פרידריך דער גרויסער, דער אומבעשרענקטער הערשער פון פרייסען, האט געשטרעבט נאכצואמען דיא פראנצויזען. ער האט אזוי פעראכ־טעט דיא דייטשע ליטעראטור, אז אין זיין ביבליאטהעק האט ער ניט געוואלט האבען קיין איינציגען דייטשען בוך. ער האט גע־בראוכט דיא פראנצויזישע שפראך אין זיין הויף און אין זיינע שריפטען. דיא פראנצויזישע פילאזאפיע, דיא פראנצויזישע ליטע־ראטור, דיא פראנצויזישע דראמע, דיא פראנצויזישע קונסט הא־בען געהערשט אין בערלין אזוי וויא אין פאריז. אפילו דיא אקאדע־מיע פון וויסענשאפטען אין בערלין איז מייסטענס בעשטאנען פון פראנצויזען.

אין יענער צייט איז פראנקרייך איבערהויפט געווען דיא גייסטיגע פיהרערין פון איראפא, נאר בעזאנדערס האט מען עס געפיהלט אין בערלין. אזוי וויא דיא פראנצויזישע פילאזאפען און שריפטשטעלער, בעזאנדערס וואלטער, דידערא און דיא זאגענאנ־טע ענציקלאפעדיסטען (דיא מיטארבייטער פון דער בעריהמטער ערשטער פראנצויזישער ענציקלאפעדיע) זיינען ניט נאר געווען מוטהיגע פריידיינקער, זאנדערן האבען בעקעמפפט און אויסגע־לאכט דיא קריסטליכע רעליגיאן, האט מען דאס זעלבע געטהאן אין בערלין. עס איז דאן געווען אין דער מאדע צו מאכען הוזק פון גייסטליכע און צו ערקלערן, אז קריסטענטהום איז איינפאך אבערגלייבען. דער קעניג איז געווען א פערעהרער פון וואלטער און האט זיך אפען אויסגעגעבען פאר א פריידיינקער.

דארום האָבען לעססינג'ס פרומע עלטערן אזוי געציטערט, וואָס ער האָט זיך בעזעצט אין בערלין. זיי האָבען איהם שטארק געשטראָפט אין זייערע בריף, און דער פאָטער האָט איהם שטרענג בעפוילען גלייך צו קומען צוריק אהיים. אָבער דער יונגער פריי־גייסט האָט יעצט אין גאנצען רעוואָלטירט. לעססינג האָט זיך פערטהיידיגט אין זיינע בריף געגען דיא בעשולדיגונגען פון דיא עלטערן און האָט זיך ענטשיעדען ענטזאגט צו פערלאָזען בערלין, אָבוואָהל זיין מאטעריעלע לאגע איז נאָך א לאנגע צייט גאָר ניט געוועזען א פרעהליכע.



## פיערטער קאפיטעל.

### זיין בעקאנטשאפט און צאנקעריי מיט וואָלטער'ן. — „דיא אידען" און „דער פריי־גייסט".

אין א קורצען צייט האָט לעססינג געשלאָסען בעקאנטשאפט מיט פיעלע בעריהמטהייטען. אלס פּאָעט, זשורנאליסט און קריטיקער האָט ער געפונען א וועג איבעראל; דערצו נאָך האָט ער בעזעסען פיעלע אנגענעהמע מעלות און איז איבערהויפּט געוועזען א לעבהאפטער, לוסטיגער און אנציהענדער יונגער מאן. דיא וואָס האָבען איהם נעהנטער געקענט, האָבען ניט ווילענדיג געמוזט צוגעבען, אז ער איז א יונגער מאן מיט אויסעראָרדענטליכע פעהיגקייטען און מיט א גרויסען טאלאנט.

ער האָט אויך געהאט דיא זכיה בעקאנט צו ווערן מיט דעם קעניג פון דער ליטעראַרישער וועלט אין 18טען יאָהרהונדערט, מיט וואָלטער'ן זעלבסט. דער געניאלער פראנצויזישער שרייבער, וועלכער האָט געהאט דעם גרעסטען איינפלוס אין זיין צייט און איז פערעהרט געוואָרן פון גרויס און קליין, פון קעניגע און אָרימע סטודענטען, האָט זיך דאן געפונען אין בערלין, וואו פריעדריך דער גרויסער האָט איהם אויפגענומען וויא א גאָט. ער האָט דערגרייכט דעם העכסטען פונקט פון זיין בליץ־שטראהלענדער און דונערשלאגענדער קאריערע. לעססינג האָט איהם אויך פערעהרט, אזוי וויא אלע דיינקענדע מענשען, און ער איז געוועזען איבערגליקליך, ווען ער האָט געהאט דיא געלעגענהייט צוזאמענצוטרעפען זיך מיט איהם אין קעניגליכען פאלאַז; אָבער שליסליך האָט ער מעהר וויא צרות ניט געהאט פון דיזער בעקאנטשאפט.

וויא גרויס און ערהאבען וואָלטער איז געוועזען אלס שריפטשטעלער, אזוי קליינליך און ניעדריג איז ער געוועזען אלס מענש. לייַדער איז עס ניט זעלטען דער פאל, אז גרויסע פּאָעטען און שרייבערס זיינען געמיינע מענשען. בעזאָנדערס איז עס אזוי געוועזען

מיט וואָלטער'ן, וועלכער האָט, מעג מען זאָגען, קיין גלייכען צו זיך אַלס בייסענדער און גייסטרייכער שרייבער. ער האָט זעהר פיינטע געהאַט אידען, אָבער ער איז זיכער געוועזען ערגער פאַר דעם ניעדריגסטען פון אידישע וואוכערניקעס. זיין פיינדשאַפט צו אידען האָט געהאַט פערזענליכע גרינדע. *) דער צופאַל האָט געוואָלט אַז גראַדע צוליעב וואָלטער'ס אַ צוזאַמענשטויס מיט אַ אידישען מאַקלער זאָל לעססינג שליסען בעקאַנטשאַפט מיט דעם גרעסטען און גלענצענדסטען שטערן פון 18טען יאָהרהונדערט.

דאס איז געשעהן אַזוי. לעססינג האָט זיך בעפריינדעט מיט דעם יונגען פראַנצויזישען לעהרער רישיע דע־לואוועז, וועלכער איז געוואָרן וואָלטער'ס סעקרעטער. ווען וואָלטער איז אַזוי מיאוס אריינגעפאַלען אין דער געשיכטע מיט אַ געוויסען הירש (מען וויים ניט ביז'ן היינטיגען טאָג אויף זיכער, וועד עס האָט וועמען בעשווינדעלט: דער איד וואָלטער'ן אָדער וואָלטער דעם אידען, נאָר וואָלטער האָט יעדענפאַלס ניט נאָר פערכאַפט בריליאַנטען ביי הירש'ן און געפעלשט הירש'ס אונטערשריפט, זאָנדערן האָט נאָך צוליעב דיזען סקאַנדאַל געמוזט פערלאָזען פריעדריך דעם גרויסען'ס הויף), האָט ער בעדאַרפט האָבען איינעם, וואס זאָל איבערזעצען געוויסע דאָקומענטען אין דייטש פיר דעם פראָצעס, וואס הירש האָט אָנגעפאַנגען געגען איהם אין אַ בערלינער געריכט. זיין סעקרעטער האָט איהם רעקאָמענדירט לעססינג'ן אַלס פעהיגען איבערזעצער, און וואָלטער איז צופריעדען געוועזען.

נאָר באַלד נאַכדעם וויא לעססינג האָט געענדיגט דיא איבערזעצונג פון דיא דאָקומנטען, וועלכע וואָלטער האָט געברויכט פיר זיין פערטהיידיגונג, האָט ער זיך מיט איהם זעהר ערנסט צושריעגט. לעססינג האָט געקענט פיהלען אויף זיין אייגענע הויט וואס פאַר אַ בייזע און ניעדריגע בעשעפענים דער גייסטיגער ריעז איז געוועזען. וואָלטער'ס גרויסע היסטאָרישע ווערק „לודוויג דעם פיערצעהנטען'ס צייט" איז דאַן ערשיענען, אָבער נאָך ניט פאַר דעם אַלגעמיינען פובליקום (דיא ערשטע קאָפּיעס זיינען אָבגעדרוקט גע־

*) זעהט „וואָלטער אַלס מענש און דענקער" פון יעקב גאָרדין, ארויסגעגעבען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לייברערי פובלישינג קאָמפּ

וואָרען בלויז פאַר'ן קעניג) וואָס האָט געוואַרט מיט אונגעדולד אויף דיעזען בוך וויא איבערהויפט אויף אַלע שריפטען פון דעם געניאַלען פראַנצויז. רישיע דע־לוואַווען האָט געליהען לעססינג'ן אַ קאָפּיע פון דיעזען בוך מיט דער בעדינגונג, אַז ער זאָל עס קיינעם ניט ווייזען. נאָר לעססינג האָט איינפאַך אויס לייכטזיניג־קייט ניט ערפילט דיעזע בעדינגונג. איינער פון זיינע פריינד איז צוגעשטאַנען איהם צו געבען איבערלעזען דעם בוך, און ער האָט איהם ניט געקענט ענטזאַגען. דיעזער פריינד האָט אויס אייטעלקייט געצייגט דעם בוך אין אַן אַריסטאָקראַטישען סאַלאָן, און דער סוף איז געווען, אַז איינע פון וואָלטער'ס פריינדינען האָט זיך געפונען בעליידיגט, וואָס זיא האָט ניט געקראָגען אַ קאָפּיע, וויא דער פער־פאַסער האָט עס איהר פערשפּראָכען. ווען זיא האָט עס אויסגערעדט וואָלטער'ן, איז ער זעהר אין כעס געוואָרן און האָט געהייסען זיין סעקרעטער גלייך צונעהמען ביי לעססינג'ן דעם בוך. אָבער לעססינג איז גראַדע אָפּגעפאָהרען נאָך וויטטענבערג און האָט מיטגענומען דעם בוך, ווייל ער האָט איהם אין בערלין ניט איבערגעלעזען ביז'ן סוף.

וואָלטער, וועלכער האָט נאַטירליך געאורטהיילט מענשען נאָך זיך, האָט אַנדערס ניט געמיינט, אַז לעססינג האָט פערכאַפּט דעם בוך, אום עס צו איבערזעצען אָדער איבערצודרוקען. דאַרום האָט ער אָנגעשריעבען אַ זעהר בעליידיגענדען בריעף צו לעססינג'ן, בע־שולדיגענדיג איהם איינפאַך אין גנבה. דער אָרימער יונגער שרייבער האָט בעזעסען אַ צו עדעלען און עהרליכען כאַראַקטער, אום איבער־הויפּט צו בעגעהן אַ געמיינעם אַקט. ביי איהם האָט זיך וואָרט ניט אָפּגעטהיילט פון טהאַט, ער איז אויך געווען עדעלמוטהיג גענוג צו ליידען פאַר זיינע אידעען. ער האָט גלייך צוריק געקעהרט דעם בוך, וויא נאָר ער האָט זיך דערוואוסט וואָס פאַר אַ גערודער דאָס האָט געמאַכט, און האָט אויך אָנגעשריעבען אַ זעהר בייסענדען ענטפער וואָלטער'ן. אָבער וואָלטער האָט נאַכהער ביי יעדער געלעגענהייט געזוכט צו ערניעדריגען לעססינג'ן און האָט איהם פאָרגעשטעלט אַלס אַ ניעדריגען כאַראַקטער. מען בעהויפּטעט, אַז וואָלטער האָט איהם ניט אַנדערס גערופען וויא „לע כענזש“, (אין פראַנצוי־

זיש בעדרייטעט עס : אפפע), אום דערמיט צו געבען אנצוהערע־
ניס, אז לעססינג האט געוועלט זיך בענוצען מיט זיין ווערק און
איהם נאכאהמען.

נאך מיט יאהרען שפעטער האבען איינעגע פון לעססינג׳ס
פיינד זיך בענוצט מיט וואלטער׳ס רכילות, אום איהם צו שענדען.
לעססינג האט זיך אפגערעכענט דערפאר מיט בייסענדע עפיגרא־
מען אויף וואלטער׳ס רעכנונג. וואס פאר א מיאוס׳ער מענש וואל־
טער איז געווען, דאס האט לעססינג נאך געזעהען ווען ער האט
איבערזעצט וואלטער׳ס דאקומענטען פיר דעם פראצעס מיט
הירש׳ן.

א געוויסע צייט האט זיך לעססינג בעשעפטיגט ספעציעל מיט
איבערזעצונגען. ער האט אויסגעלערענט גענוג איטאליעניש און
שפאניש, אום אויך צו קענען איבערזעצען פון דיעזע שפראכען.
מיט זיינע אייגענע שריפטען האט ער נאך אזוי ווייניג אויסגענומען,
דאס פון איבערזעצונגען פלעגט ער מעהר פערדיענען. אבער זאגאר
אין דיעזע ארבייט האט ער זיך צו־ווארפען, האט פיעלעס אנגעפאנ־
גען און ווייניג געענדיגט.

ער האט אויך ניט אויפגעהערט צו שרייבען פיר׳ן טהעאטער.
נאר אין בערלין איז אפילו ניט געווען א דייטשער טהעאטער.
מען האט דארטען בלויז געשפיעלט פראנצויזישע שטיקער אדער
איבערזעצונגען אין פראנצויזיש. דער קעניג האט פיינט געהאט
דיא דייטשע שפראך און האט גאר ניט געוואלט הערען פון א
דייטשען טהעאטער. אבער לעססינג האט געהאפט צו זעהען זיינע
שטיקער אויפגעפיהרט אין אנדערע שטעדט און ווייטער האט ער
זיי געשריעבען, וויל דאס איז איהם געפעלען געוועזן און וויל ער
האט געהאט אן איינגעבארענע נייגונג צו דער דראמאטישער
קונסט.

פון דיא פיעלע קאמעדיעס וועלכע ער האט אנגעפאנגען אין
לייפציג און וויטטענבערג, האט ער ארום 1749 געענדיגט „דיא
אידען“ און „דער פרייגייסט“.ביידע דיעזע קאמעדיעס פערדיענען
אז מען זאל וועגען זיי מעהר ריידען אפילו אין א קורצער ביאג־
ראפיע פון דעם גרויסען פערפאסער. פאר אידען איז נאטירליך

בעזאָנדערס אינטערעסאַנט זיין קאָמעדיע „דיא אידען“. דאַרום ווע־לען מיר זיך דאָ לענגער אָפּשטעלען אויף איהר.

וויא אידען האָבען דאַן געלעבט אין דייטשלאַנד ווענען מיר זעהען אין מענדעלסאָהן׳ס ביאָגראַפיע. דאָ וועט גענוג זיין צו בע־מערקען, דאָס אַפילו דער פריידיינקענדער פּרייסישער קעניג האָט זיי ניט בעסער בעהאַנדעלט וויא אַנדערע מלכים, וועלכע האָבען אויף קיין פילאָזאָפיע ניט פּרעטענדירט און האָבען זיך ניט גע־חבר׳ט מיט פראַנצויזישע פריידיינקער. אידען האָבען נור געקענט אַריינקומען אין בערלין דורך דעם בראַנדענבורגער טהויער און דאָס אויך נור דאַן ווען זיי האָבען בעצאָהלט דעם בעשטימטען קאָפּ־שטייער. לעבען דיעזען טהויער איז געשטאַנען אַ וועכטער, וועלכער האָט גוט אויפגעפּאַסט, אַז דער קעניג זאָל אַריינקריגען דיא בע־שטימטע טאַקסע פון דיא אונגליקליכע אידען. יעדער קריסטליכער בויאַן האָט זיי געמעגט בעליידיגען אויף דער גרעבסטער אַרט. מען האָט דאַרום בעדאַרפט האָבען ניט נאָר אַן ערעלע האַרץ, זאָנדערן אויך פיעל מוטה, אום צו וואַגען פאַרשטעלען אידען אַלס מענשען אויף דער ביהנע, וויא דער 20־יעהריגער לעססינג האָט עס געטאָן. נאָך אַלס סטודענט אין לייפּציג האָט ער געפּאַכט דעם ערעלען בעשלוס צו פערטהיידיגען דיא פערפאָלגטע אידען. ער האָט דאַן אויסגעארבייט דעם פּלאַן פון דער קאָמעדיע „דיא אידען“, וועלכע האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסען גערודער, ווען איהם איז שליעסליך געלונגען איהר אַרויסצולאָזען אויף דער ווייסער וועלט.

מען מוז אָבער זאָגען, אַז ער האָט איהר פערפּאַסט ניט וויא אַ דראַמאַטורג, זאָנדערן וויא אַ פּובליציסט, אַ פערטהיידיגער פון זיינע אידעען און אַ קעמפּפער געגען פאָראורטהיילע. פּסיכאָלאָגיע און אפילו כאַראַקטער־שילדערונג איז דאָרטען ניט צו געפינען. מען זעהט גלייך אַז לעססינג האָט געוועלט אויסדריקען, וואָס ער האָט געהאַט אויפ׳ן האַרצען, דורך געשפּרעכען און אַ דראַמאַ־טישער פאָרמע.

דער העלד פון דיעזער קאָמעדיע איז אַ רייכער אידישער קויפמאַן, וועלכער ווערט פאַרגעשטעלט מיט אַלע מעגליכע

גיטע מעלות. גראַדע טרעפט עס אַז ער רעטעט פון טויט אַ דייט־
שען באַראָן מיט זיין יונגע טאָכטער. דיעזער באַראָן איז אייגענט־
ליך אַ גאַנץ גוטער מענש; אָבער אידען האָט ער כתם פיינט וויא
געוועהנליך אַלע קריסטען, וועלכע זיינען איינגעוויעגט אין אַלטע
פאָראורטהיילע. ניט וויסענדיג אַז זיין רעטער איז אַ איד, שלאָגט
דער באַראָן איהם פאָר אויס דאַנקבארקייט דיא האַנד פון זיין
טאָכטער. דער רעטער ערקלעהרט אָבער דאַן ווער ער איז, און
עס ענטוויקעלט זיך אַ פילאָזאָפּישער געשפרעך וועגען רעליגיאָן,
אידען און טאָלעראַנץ. אַלעס וואָס לעססינג האָט נאָכגעדענקט ווע־
גען דיא לאגע פון אידען, וועלכע איהם איז אויסגעקומען צו בע־
טראַכטען אויף „דיא לייפּציגער מעססען“ (דער בעריהמטער
יריד), האָט ער אריינגעלייגט אין זיין העלד'ס מויל. דער באַראָן
וויעדערהאָלט נאָר דיא אַלטע טענות געגען אידען. נאַטירליך, עס
רעדן שוין קיין רייד ניט זיין וועגען אַ שידוך צווישען דעם באַ־
ראָן'ס טאָכטער און אַ איד, אָבער דער באַראָן ווערט אַזוי גע־
ריהרט פון דעם אידען'ס טענות אַז ער הויבט איהם אָן צו אַכ־
טען.

דאָס איז אין קורצען דער גאַנצער אינהאַלט פון דיעזער קאָ־
מעדיע, וועלכע האָט יעצט נאָר אַ היסטאָרישען אינטערעס, ווייל
זיא צייגט דעם כאַראַקטער פון דעם פערפאַסער און פון דער צייט,
ווען ער האָט איהר געשריעבען. אמת'ער לעבען פעהלט אין דיעזער
קאָמעדיע, וויא אין אַלע אַנדערע, וועלכע לעססינג האָט געשריע־
בען אין זיינע יונגע יאהרען אונטער דעם איינפלוס פון דער דאַ־
מאָלסדיגער פראַנצויזישער שולע, וועגען וועלכער מיר וועלען ריידען
שפּעטער. דיא העלדען פיהרען זעהר שעהנע און גייסטרייכע גע־
שפּרעכען, אָבער אַלין מיט דעם פערפאַסער'ס מויל. אַלעס איז דאָר־
טען קינסטליך — דער אינהאַלט, דיא פערזאָנען, דיא סצענען
און אפילו דיא מאָנאָלאָגען.

נאָר פון דעסטוועגען האָבען אַזעלכע געלערנטע יודענפיינדע
וויא פּראָפעסאָר מיכאַעליס גאָר ניט רעכט געהאַט, ווען זיי האָבען
ערקלעהרט, אַז אַזאַ איד, וויא לעססינג האָט פאָרגעשטעלט, קען
גאָר ניט עקזיסטירען אין דער ווירקליכקייט. אין דער צייט ווען

מען האָט איהם אַזוי קריטיקירט, האָט לעססינג שוין געקענט אָנ־צייגען אויף ייזעלכע אידען, וויא ד״ר. גומפּערץ און משה מענדעל־סאָהן, מיט וועלכע ער האָט זיך בעפריינדעט.

זיין פּאָלעמיק מיט פּראָפעסאר מיכאַעליס, וועלכער האָט איהם אַנערקענט פאַר אַ גרויסען טאַלענט, איז אויך זעהר אינ־טערעסאַנט פאַר יענער צייט. לעססינג האָט דערביי ניט געזוכט צו פערטהיידיגען זיך אָדער זיין פּיעסע, נאָר זייער ליבעראַלע גע־דאַנקען און אַ בריינדליכע שטעלונג צו אידען אין אַלגעמיינען. אין דער צייט, ווען ער האָט גרויסמוטהיג פערטהיידיגט דיא אידען, האָט וואָלטעיר זיי בעגאָססען מיט גיפטיגע שמוץ איינפאַך אויס פער־זענליכע ראַכע.

„דער פריייגייסט“ איז אויך אַ זעהר שוואַכע ווערק אין דראַ־מאַטישער הינזיכט. נאָר פאַר דעם הויפּט העלד, דיעם סקעפּטיקער אַדראַסט, האָט לעססינג געהאַט אַ מוסטער אין דער פּערזאָן פון זיין פריינד מיליוס. לעססינג איז גראָדע אַרויסגעטרעטען געגען זיין פריינד׳ס מיינונג וועגען רעליגיאָן און גייסטליכע. ער אַליין איז אייגענטליך ניט געוועזען אַן אַטהעאיסט. יעדענפאַלס האָט ער ניט געקענט איינשטימען מיט מיליוס׳ן און אַנדערע אַזעלכע פריי־דיינקער, אַז אַלע גייסטליכע זיינען היפּאָקריטען און איינפאַך שווינדלער, דען זיין אייגענער פאָטער איז געוועזען אַ גאַנץ עהרלי־כער פּאַסטאָר און אויפריכטיגער פרומער קריסט. איידער ער האָט געענדיגט זיין „פריייגייסט“, האָט ער געלאָזט וויסען זיין פאָטער, אַז ער שרייבט אַזאַ קאָמעדיע, מיט וועלכער דער פאָטער וועט זיין צופריעדען.

דער אינהאַלט פון „פריייגייסט“ איז אין קורצען פאָלגענדער:

דער סקעפּטיקער אַדראַסט טרעפט זיך צוזאַמען מיט דעם יונגען און עהרליכען גייסטליכען טהעאָפאַן, וועלכער סטאַרעט זיך צו געווינען זיין אַכטונג און איהם צו צייגען, אַז ער האָט אַ טעות אין זיינע שלעכטע מיינונגען וועגען גלחים. זיי זיינען פערליעבט אין צוויי שוועסטער, פון וועלכע איינע איז אַ לוסטיגע און לעב־האַפטע, דיא אַנדערע אַן ערנסטע. אין אָנפאַנג איז פאָרגעשטעלט, אַז דער סקעפּטיקער איז דער חתן פון דער לוסטיגער מיידעל, און

דער גייסטליכער פון דער ערנסטער מיידעל; נאָר מיט דער צייט זעהען זיך אַלע פיער אַרום אַז זיי האָבען זיך שלעכט צוזאמען געפּאַרט, און דיא חתנים בייטען זיך מיט דיא כלות און ווערען אויך פריינד. דיא דיענער און בעזאָנדערס דיא קאַמער־מיידעל ליזעטע פון דיא כלות שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע אין דיא ליעבע אינטריגען און בעלעבען מיט זייערע קאָמיישע רייד און האַנדלונגען דיא סצענען, וועלכע וואָלטען זאָנסט געווען צו לאַנגווייליג אַפילו אין לעזען.

דעם סיוזשעט האָט ער טהיילווייז גענומען פון אַ פראַנצויזישע קאָמעדיע, נאָר ער האָט איהם בעאַרבייט אויף זיין פאַסאָן און צוגעגעבען דעם פילאָזאָפישען טהייל, וועלכען ער האָט אייגענטליך געהאַט אין זינען ביי'ן שרייבען. צו דער צייט און יאָהרענלאַנג שפּעטער, מען קען זאָגען, ביז ער האָט אָנגעפאַנגען צו שטודירען שעקספּיער'ס דראַמען, האָט לעסינג אייגענטליך ניט געזוכט פאָרצושטעלען דעםווירקליכען לעבען אין זיינע קאָמעדיעס, זאָנדערן אויסצודריקען זיינע געדאַנקען און קריטישע בעטראַכטונגען אין אַ דראַמאַטישע פאָרמע. פּסיכאָלאָגישע אַנאַליזען זיינען איהם דאַן נאָך גאַנץ פרעמד געווען.



## פינפטער קאפיטעל.

### זיין שטודירען אין וויטענבערג און קריטישע שריפטען אין בערלין. — דיא טראַגעדיע „סאראה סאַמפסאָן“.

אונגעפעהר דריי יאָהר האָט לעססינג פערבראַכט אין בערלין. אין דער צייט האָט ער ביסלעכווייז געקראָגען א נאָמען אַלס א טאַלענטפאָלער יונגער שרייבער און אַלס אַ שאַרפער קריטיקער. אייניגע פון דיא נייע ווערק, וועלכע ער האָט געלעזען, אום צו געבען רעצענזיעס אין צייטונגען, האָבען אויף איהם געהאַט א גרויסען איינפלוס, ספעציעל זשאַן זשאַק רוססאָ'ס ווערק און אַן איבערזעצונג פון שעקספּיער'ס דראַמע „יוליוס צעזאַר“ אין דייטש (אונטער דעם איינפלוס פון „יוליוס צעזאַר“ האָט ער אָנגעפאַנגען צו שרייבען אַ טראַגעדיע אונטער דעם נאָמען „הענצי“). זיינע רעצענזיעס האָבען נאַטירליך געמוזט זיין קורץ, נאָר אין יעדער שורה איז געוועזען צו זעהען גרויס טאַלענט, שאַרפזין און טיעפע קענטניס. מיט זיין קריטיק איבער קלאָפּשטאָק'ס „מעסיאַדאַ“ האָט ער איבערראַשט דיא בעסטע פאָרשטעהער פון דייטשע ליטעראַטור און פּאָעזיע.

דאָך האָט ער צו ענדע פון 1751 יאָהר בעשלאָסען צו פערלאָזען אויף אַ צייט בערלין. ער האָט זיך נעמליך אַרומגעזעהען, אַז ער מוז נאָך פריהער ענדיגען זיינע שטודיען אין אַן אוניווערזיטעט, אום צו קענען בעסער פאָרטזעצען זיין קאַריערע אַלס שריפטשטעלער. אין בערלין איז ער געוועזען צו פיעל פערנומען און האָט געהאַט צו פיעל בעקאַנטע, אום צו קענען רוהיג שטודירען, וויא ער האָט עס געוואונשען. דאַרום איז ער ווידער אַוועקגעפאָהרען נאָך וויטענבערג, וואו איינער פון זיינע ברידער האָט שטודירט טהעאָלאָגיע און וואו ער האָט אין אַ יאָהר אַרום געקראָגען אַ דיפּלאָם אויף "מאַגיסטער פון פרייע קונסטען". דיזען יאָהר האָט ער גאַנץ וועניג געשריעבען, אָבער ער האָט אַזוי פיעל געלעזען, צוגרייטענדיג זיך צו זיין דיסערטאַציע, אַז ער האָט גע־

קענט זאָגען מיט רעכט, דאָס אין דער אוניווערזיטעט־ביבליאָ־טהעק פון וויטענבערג איז ניט געווען איין בוך, וואָס ער האָט ניט געהאַלטען אין האַנד.

זיין פאָטער האָט געוואָלט, אַז ער זאָל זוכען אַ שטעלע אַלס פּראָפעסאָר, אָבער דיא ביהנע פון אַן אוניווערזיטעט איז צו ענג געווען פאר איהם, ער האָט געשטרעבט צו שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע אויף דער וועלט־ביהנע. ער איז דאַרום צוריק אַוועק נאָך בערלין, וואו ער האָט זיך אין גאַנצען אָפּגעגעבען צו ליטעראַ־טור און האָט אָנגעפאַנגען אַרויסצוגעבען זיינע שריפטען אין בוך־פאָרם. יעצט איז ער שוין געווען אַ בעקאַנטער און אַנערקענטער שרייבער אין בערלין, ניט בלויז אַן אָרימער מעדיצינישער סטו־דענט אין צוריסענע קליידער, וויא ער איז דעם ערשטען מאָל אָנ־געקומען אין דער הויפּטשטאָדט פון פּרייסען. רעדאַקטאָרס און אַרויסגעבער זיינען געווען זיינע פריינד, און פאָסס, איינער פון דיא בעוואוסטע בוכהענדלערס, האָט איהם פיעל געהאָלפען אַרויסצוגעבען זיינע ערשטע ווערק אין 6 בענדער.

פיעלע האָבען יעצט געזוכט זיין בעקאַנטשאַפט, און פיעלע כאָלאָנען זיינען געווען אָפען פאַר איהם. ער איז אויך געווען אַ מהעטיגער מיטגליעד אין ליטעראַרישע קלובען. אָט אין דיזער צייט האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט מאָזעס מענדעלסזאָהן, וועל־כער איז באַלד געוואָרן זיין בעסטער און נעהענטסטער פריינד. ביידע האָבען ליעב געהאַט צו שפּיעלען שאַך און דורך דיזען שפּיעל זיינען זיי צוערשט בעקאַנט געוואָרן. לעססינג, וועלכער איז ניט נאָר געווען אַ פרייער גייסט, זאָנדערן האָט אויך פיינט געהאַט דיא אָביציעלע געלעהרטע, דיא ענגהערציגע פּראָפעסאָרען פון אוניווער־זיטעטען, און האָט געהאַסט פאָראורטהיילע, האָט זיך זעהר פאַר־אינטערעסירט אין דעם בלייכען, קרענקליכען און אויסגעבויגענעם איד. וועלכער האָט געהאַט אַ זעהר אינטעליגענטעם געזיכט און האָט שוין צו דער צייט בעזעסען טיעפע קענטניסע אין פילאָזאָפיע.

וויא מיר ווייסען עס שוין, האָט לעססינג געזוכט צו שליסען בעקאַנטשאַפט מיט שוישפּיעלער, הענדלערס, כאָלדאַטען און אידען, אום בעסער צו לערנען דאָס פאָלק. ער איז נאָך פריהער

בעקאַנט געוועזן מיט דר. גומפּערץ און מיט אַ געוויסען ניימאַן, נאָר קיינער פון זיי האָט איהם ניט אַזוי צוגעצויגען, וויא מענדעלסאָהן, וועלכער האָט קאַן געלעבט וויא אַן אָרים־בחור און האָט זיך אפילו געשעמט צו צייגען זיך אין אַ געזעלשאַפט.

לעססינג׳ס ליטעראַרישע טהעטיגקייט איז צו דער צייט בעשטאַנען מייסטענס אין קריטישע אַרטיקלען אין דער „פאָססישער צייטונג“, וועלכע איז פערבונדען געוואָרן מיט זיין נאָמען, און אין איבערזעצונגען, פון וועלכע ער האָט נאָך אַלין מעהר געלט געמאַכט וויא פון זיינע אייגענע שריפטען. זיינע איבערזעצונגען זיינען בעטראַכטעט געוועזן פאַר דיא בעסטע. ער האָט איבעזעצט פון פיער שפּראַכען: פראַנצויזיש, ענגליש, שפּאַניש און איטאַליעניש. מיר קענען זיך ניט אָפּשטעלען אויף אַלע שריפטען פון דיזען גייסטיגען ריעז, דען דאָס וואָלט אונז אַוועקגעפיהרט צו ווייט אין זייטיגע דרכים און וואָלט אויך געפאָדערט דעם פּלאַץ פון אַ גאַנץ גרויסען בוך. אין אַלגעמיינען קען מען זאָגען, אַז ער האָט דורכגעלעזען און קריטיקירט אַלע בעסטע ווערק פון זיין צייט און איז געוואָרן אַ בעריהמטער שרייבער, ווען ער איז נאָך אַלט געוועזן בלויז 24 יאָהר. אַ גרויסער טאַלענט, אַ פיינער געשמאַק, אַ ליעבע צו קונסט און אַ זעלטענע געלערנטקייט אין אַלטע און נייע ליטעראַטור, וויא אויך אין וויסענשאַפטען — דאָס אַלעס איז געוועזן פערבונדען אין איהם און האָט געבראַכט פּראַכטפאָלע און ערקוויקענדע פריכטע.

מיר וועלען יעצט נאָר בעריהרען דיא וויכטיגסטע פּאַסירונגען אין זיין פיעל געפּרופטען לעבען און אָנצייגען אויף זיינע גרעסטע און וויכטיגסטע ווערק.

אום צו צייגען, וויא עהרליך און אויפריכטיג ער איז געוועזן אין זיינע רעצענזיעס און קריטיקען, וויא ערנסט ער האָט געמיינט ווען ער האָט אפילו פיינט געהאַט דיא פערפאַסער, וויא ווייניג ער האָט געטריבען פּערזענליכקייטען אין זיין ליטעראַרישער טהעטיגקייט, וועלען מיר ברייגען פאָלגענדען פאַל.

צווישען דיא ערשטע ביכער, וועלכע ער האָט בעדאַרפט רעצענזירען, ווען ער איז געקומען דעם צווייטען מאָל נאָך בערלין,

האָט זיך אויך געפֿונען וואָלטער'ס ערצעהלונג „אמאַליע אָדער דער הערצאָג דע־פֿואַ". אין זיין הארצען זיינען נאָך אָפען געוועזען דיא וואונדען, וועלכע וואָלטער האָט איהם געמאַכט מיט פֿאַלשע בעשול־דיגונגען. מיר ווייסען אויך, אז לעססינג האָט געהאַסט וואָלטער'ן אלס מענש זינט דער סקאַנדאַל־געשיכטע מיט הירש'ן און אז ער האָט ניט ווייניג בייסענדע עפיגראַמען געשריעבען אויף וואָלטער'ס רעכנונג. דאָך האָט ער מיט בעגייסטערונג געלויבט וואָלטער'ס נייעס ווערק.

„וואס פֿאַר אַ פּאָעט!" האָט לעססינג געשריעבען וועגען וואָלטער'ן. „אין זיין אַלטער בעזיצט ער דעם פֿייער פֿון יוגענד, אַזוי ווי אין זיין יוגענד האָט ער שוין אַרויסגעצייגט דיא צייטיגע קריטיק פֿון אַלטער. וואס עס בעוועגט איהם, בעוועגט דיא וועלט; וואס עס געפֿעהלט איהם, געפֿעהלט אַלעמען. זיין גליקליכער גע־שמאַק איז דער געשמאַק פֿון דער וועלט".

פֿון לעססינג'ס אייגענע שעפֿפֿונגגען איז דיא בעסטע און וויכ־טיגסטע צו דער צייט געוועזען דיא טראַגעדיע „מיסס סאַראַה סאַמפּסאָן". אום צו ענדיגען דיזע טראַגעדיע, איז ער אוועקגע־פֿאָהרען אויף 7 וואָכען נאָך פּאָטסדאַם, וואו אפילו זיינע נעהענט־סטען פֿריינד האָבען איהם ניט געקענט אויסגעפֿינען. ער האָט איהר פֿערפֿאַסט אונטער דעם איינפֿלוס פֿון ריטשאַרדסאָן און אַנדערע שרייבערס פֿון דער זאָ־גענאַנטער „סענטימענטאַלער שולע". זיינע פֿריהערע דראַמאַטישע ווערק האָט ער געשריעבען נאָך דעם מוסטער פֿון דער פֿראַנצויזישער שולע, וועלכע איז דאַן געוועזען דורכגעדרונ־גען מיט דעם זאָ־גענאַנטען „פּסוידאָ־קלאַסיציזמוס" (דער וואָרט „פּסוידאָ" בעדייטעט : פֿאַלש).

אין פֿראַנקרייך און אויך אין ענגלאַנד ביז דעם אָנפֿאַנג פֿון 18־טען יאָהרהונדערט איז איינגעפֿיהרט געוואָרן נאָכצומאַכען דיא אַלט־גריכישע דראַמאַטורגען. דאָס איז געוועזען איינער פֿון דיא רע־זולטאַטען פֿון דעם גרויסען איינפֿלוס פֿון דער גריכיש־רוימישער ליטעראַטור און פֿילאָזאָפֿיע — וואָס מען רופֿט מיט איין וואָרט : „קלאַסיציזמוס" — אויף דיא אייראָפּעאישע פֿעלקער זייט דיא רענעסאַנס־צייט אין איטאַליען און פֿראַנקרייך. מען האָט זיך

געהאַלטען אן דעם אַלטען מנהג, אַז דיא העלדען אין אַ דראַמאַ דאַר־
פען זיין מענשען פון דעם אַריסטאָקראַטישען קלאַס. נור אייניגע ענג־
לישע דראַמאַטורגען האָבען ביסלעכווייז איינגעפיהרט אַרויסצו־
פיהרען אויף דער ביהנע העלדען פון מיטעלען קלאַס. זיי האָבען
געלאָזען אָן אַ זייט דיא מלכים, פירסטען, קריעגס־פיהרער א. ז. וו.
וועלכע דיא פערפאַסער פון דיא פסוידאָ־קלאַסישע דראַמעס האָבען
שטענדיג פאָרגעשטעלט, געברויכענדיג דערביי הויך־קלינגענדע
פראַזען, און האָבען געלאָזט ריידען געוועהנליכע מענשען אין אַ
געוועהנליכער שפּראַך. דיזע פערפאַסערס האָבען אָבער אויך ניט
געזוכט פאָרצושטעלען דעם לעבען וויא ער איז, זאָנדערן האָבען
געוועהנליך אויסגעקליבען פּאַטהעטישע (ריהרענדע) סצענעס, אום
צו ווירקען אויף דעם סענטימענט (געפיהל) פון דיא צוהערער.
דאַרום האָט עס דיזע שולע געקראָגען דעם נאָמען: סענטימענטאַלע.

אין אַלגעמיינען קען מען זאָגען, אַז דיא סענטימענטאַלע דראַ־
מאַטישע שולע איז געוועזען דער אָנפאַנג פון דער רעאַליסטישער
דראַמאַטישער שולע.

לעססינג האָט מיט גרויס אינטערעס שטודירט דיא עטליכע
ענגלישע און פראַנצויזישע דראַמאַטישע ווערק פון דער דאַמאָלס
נייער שולע און האָט דאַן אָנגעשריעבען אַ קריטישע בעטראַכטונג
„איבער דיא ריהרענדע אָדער טרערענגיסענדע דראַמע". ער האָט
אָנגעצייגט אויף דיא אונטערשיעדע צווישען דיא פסוידאָ־קלאַסישע
און סענטימענטאַלע שולען און האָט ערקלערט, אַז ניט יעדע
„ריהרענדע" דראַמע פערדיענט דעם נאָמען „וויינענדע", און אַז
מען מעג פערבינדען ריהרענדעס און קאָמישעס אין אַ דראַמאַטישע
ווערק, דען אַזוי טרעפט עס אויך אין לעבען. „דער פראַנצויז", האָט
ער געשריעבען, „איז אַ בעשעפעניס, וואָס וויל אימער זיך אַרויס־
ווייזען העכער וויא ער איז; דער ענגלענדער איז אַזאַ בעשעפעניש
וואָס וויל אַרונטערשלעפּען אַלעס גרויסעס צו זיין דורכשניט־מאָס".
דאַרום איז דעם פראַנצויז ניט אָנגענעהם געוועזען צו זעהן זיך
אָבגעלאַכט אין אַ קאָמעדיע, ווערהענד דעם ענגלענדער איז ניט
געפעלען געוועזען צו זעהען שטענדיג נאָר קעניגע און אַריסטאָקראַטען
אין העלדישע סצענען. דיא ענגלענדער האָבען נאָך געוואָלט צייגען,

אז גרויסע ליידענשאפטען און ערהאבענע געדאנקען קען מען אויך טרעפען אין פאלק, וויינינגסטענס אין דעם האנדעלס־קלאס.

זיין אבהאנדלונג איבער דיא סענטימענטאלע דראמאטישע שולע איז געווען דער אנפאנג פון א גרויסע קריטיש־היסטארישע ווערק, וואס ער האט זיך געקליבען צו שרייבען איבער „דיא געשיכטע פון טהעאטער אין אלע צייטען ביי אלע פעלקער". ער האט געוואלט איינפיהרען דיא סענטימענטאלע שולע אין דייטשען טהעאטער און צו דעם צוועק האט ער פערפאסט דיא טראגעדיע „סאראה סאמפסאן", וועלכע מוז ווירקליך ארויסרופען טרערען ביי נערוועזע מענשען. דיזע טראגעדיע איז אויפגעפיהרט געווארן מיט גרויס ערפאלג. נאך דער ערשטער פארשטעלונג האט לעססינג געשריעבען צו זיינעם א פריינד: „דאס פובליקום איז פיער שטונדען נאכאנאנד געזעסען וויא א סטאטוע און האט זיך בעגאסען מיט טרערען". אזוי איז עס טאקע געווען; אבוואהל ביי א קריטישע בעטראכטונג זעהט מען גלייך, אז פיעלעס איז איבערטריעבען און שטימט גאר ניט מיט דער ווירקליכקייט. לעססינג, וועלכער האט שטענדיג געדיכטעט נאך זיינע טהעארעטישע בעטראכטונגען און נאך דיא אנגענומענע רעגעלען פון דיא שולען, וואס האבען איהם בעאיינפלוסט אין געוויסע צייטען, האט אין דיזען פאל געוועלט אנשרייבען אזא דראמאטישע ווערק, וואס זאל ריהרען דיא צוהערער ביז טרערען, און דאס איז איהם גראדע זעהר געלונגען.

אין זיין נאכאהמונג איז ער געגאנגען אזוי ווייט, אז דיא האנדלונג קומט פאר אין ענגלאנד און דיא העלדען זיינען ענגלענדער, פון וועלכע איינינגע זיינען עהנליך צו דיא פערזאנען פון ריטשארדסאן'ס דראמעס. סאראה סאמפסאן איז דיא טאכטער פון אן ענגלישען גייסטליכען, וועלכע אנטלויפט מיט איהר ליעבהאבער מעלעפאנט. זיא בעט איהם התונה צו האבען מיט איהר, אום צו רעטען איהר עהרע און צו בערוהיגען איהר פאטער. ער האט איהר אפילו זעהר ליעב, אבער ער האט פיינט דאס לעבען פון פערהייראטעטען מאן און ער זוכט פערשיעדענע תירוצים אפצולייגען דיא חופה. דערצו נאך האט ער פריהער געהאט א געליעבטע, א שעהנע און ליידענשאפטליכע פרוי מיט דעם נאמען מארוואוד, וועלכע

האָט פון איהם געהאט א טאָכטער. זיא איז שטערבליך פערליעבט אין איהם און פערפאָלגט איהם פאר זיין ליעבע צו אַן אנדערע. זיא זוכט פערשיעדענע מיטעל צו געווינען זיין ליעבע און צולעצט פרובירט זיא צו ווירקען אויף זיין פאָטערליעבע. זיא ברייננט זייער טאָכטער און רייסט ביי איהם אַרויס אַ פערשפרעכען, אז ער וועט קומען צו איהר. אָבער וויא נאָר ער געהט אַרויס, האָט ער חרטה. זיא וויל איהם דאַן דערשטעכען, אָבער ער רייסט אַרויס דעם שפיעז און צווינגט איהר אָפצופאָהרען נאָך לאָנדאָן און איהם איבערגעבען זייער טאָכטער.

פאַר איהר אָפרייזע בעט זי ערלויבניס צו זעהען איהר געגנערין. ער גיט עס נאָך, און דער סוף איז, אַז זיא פערגיפטעט סאַראַה סאַמפּסאָן. מעלעפּאָנט דערשטעכט זיך דאַן אוים פערצווייפלונג מיט דעם זעלבען שפיעז, מיט וועלכען מאַרוואוד האָט איהם געוועלט דערשטעכען.

פיעלע סצענען זיינען זעהר דראַמאַטישע און ריהרענדע אפילו ווען מען לעזט דיזע טראַגעדיע, נאָר דיא הויפּט כאַראַקטערען זיינען זעהר שוואַך און אָבערפלעכליך פאָרגעשטעלט. בעזאָנדערס ניט ריכטיג איז דער הויפּט העלד מעלעפּאָנט, דען עס איז אונמעגליך אָנצונעהמען, אַז אַ מאַן וואָס איז אַזוי פערליעבט, אַז ער בעגעהט זעלבסטמאָרד, זאָל אָנווענדען געמיינע מיטעל און דערצעהלען ליגענס, אום ניט חתונה צו האָבען מיט זיין געליעבטע.

אין „סאַראַה סאַמפּסאָן" זעהט מען ניט נאָר נאָכאַהמונג, נאַטירליך מיט אַ גרויסען אייגענעם טאַלענט, זאָנדערן אויך דיא שוואַכקייט פון די פּסיכאָלאָגישע בעטראַכטונגען, וויא אין אַלע זיינע ערשטע דראַמאַטישע ווערק. זיא איז אין אַלעגעמיינען פערפאַסט געוואָרן ניט פאַרצושטעלען דעם לעבען וויא ער איז אָדער קען זיין אונטער נאַטירליכע אומשטענדען, זאָנדערן אום איבערצוגעבען אַ נייע טהעאָריע וועגען דראַמאַטישע קונסט.



### זעקסטער קאפיטעל.

## זיין קלעגליכע לאגע אין לייפציג און זיין רייזע אלס קאמפאניאן נאך האלאנד.

טראץ דעם ערפאלג פון „סאראה סאמפסאן“ האט לעססינג זעהר קלעגליך געלעבט אין בערלין. אפילו דיא בעסטע שרייבערס האבען דאן קוים געקענט מאכען א לעבען פון זייער פעדער אין דייטשלאנד. לעססינג איז זעהר געשעצט געווען אלס שריפטשטע־לער, און זיינע שריפטען זיינען פיעל געלעזען געווארן; אבער דאך האט ער פערהעלטניסמעסיג גאנץ ווייניג פערדיענט. זיינער א פריינד האט גראדע געעפענט א טהעאטער אין לייפציג, און לעס־סינג, וועלכער האט בעשלאסען זיך אין גאנצען אפצוגעבען צו שרייבען דראמעס נאך דעם ערפאלג פון „סאראה סאמפסאן“, האט זיך בערעכענט, אז ער האט גאר ניט צו פערלירען אין בערלין און אז ער וועט בעסער קענען אויספיהרען זיינע שטרעבונגען אין לייפציג.

ענדע 1755 איז ער פלוצלונג אוועק פון בערלין נאך לייפציג וואו ער האט געהאט דעם פערגניגען זיך צוזאמענצוטרעפען מיט אלטע פריינד. זיינע בריף צו מאזעס מענדעלססאהן און ניקאלאאי, זיינע אינטימסטע פריינד אין בערלין, צייגען, אז ער האט זיך דאן געפיהלט זעהר גוט, פול מיט האפנונגען; אבער פון זיין שרייבען האט ער דאך אזוי ווייניג פערדיענט, דאס ער האט אפילו אנגענומען דעם פארשלאג צו פאהרען אלס לעהרער פון א רייכען בחור, וואס מען האט געשיקט זעהען א ביסעל דיא וועלט. ער האט דאן זעהר אפט בעזוכט טהעאטערס און זיך ארומגעטראגען מיט פיעלע פלע־נער; אבער ער האט אפילו איין גאנצע שטיק ניט אנגעשריעבען. ווען ער וואלט געהאט דיא געדולד אויסצופיהרען א הונדערטעל פון זיינע פלענער, וואלט ער אנגעשריעבען בערג. ער פלעגט זיך נעהמען צו דער ארבייט זעהר ענערגיש און שרייבען זעהר שנעל, נאר באלד פלעגט ער מיעד ווערן און פעליערען דיא געדולד צו

ענדיגען. ער פלעגט דארום שיקען גלייך צום דרוקער, וואס ער פלעגט אנשרייבען, אום צו זיין געצוואונגען צו ענדיגען; אבער דאס האט אויך ניט אלע מאל געהאלפען. ניט זעלטען פלעגט ער האבען אונאנגענעהמקייטען צוליעב דעם מיט דיא ארויסגעבערס. יעדענפאלס, וואס אנבעלאנגט צו פינקטליכקייט, איז ער גאר קיין דייטש ניט געווען.

אונטער דעם איינפלוס פון דעם איטאליענישען דראמאטורג גאלדאני, וועמעס צאהלרייכע ווערק ער האט זעהר פלייסיג געלעזען, ווען ער איז אנגעקומען אין לייפציג, האט ער אנגעפאנגען צו שרייבען דיא קאמעדיע „דיא גליקליכע יורש׳טע"; אבער ווען צוויי בויגען זיינען שוין אפגעדרוקט געווארן, האט ער זיך ענטזאגט צו שרייבען ווייטער, ניט אכטענדיג אויף אלע ביטעס פון דיא ארויס־געבער. דיזע קאמעדיע איז אזוי געבליבען אונגעענדיגט.

ארום דער צייט האט זיך איהם געמאכט אווירקליך גוטע געלעגענהייט צו בעפריעדיגען זיין יוגענדליכען וואונש צו רייזען איבער דער וועלט און צו זיין פערזארגט מיט חיונה. א רייכער יונגער מאן מיט דעם נאמען ווינקלער האט געזוכט א פאסענדען קאמפאנ־יאן צו רייזען מיט איהם איבער האלאנד, פראנקרייך, ענגלאנד און איטאליען. מען האט איהם רעקאמענדירט לעססינג׳ן, וועלכער האט געקענט פיעלע שפראכען, און ער האט זיך נאך דער ערשטער בעקאנטשאפט איבערצייגט, אז קיין בעסערן קאמפאניאן קען ער גאר ניט ווינשען צו האבען. לעססינג האט מיט פריידע אנגענומען דעם פארשלאג. זיינע אייגענע פערדיענסטען אלס שרייבער האבען איהם אויף קיין פאל ניט ערלויבט צו מאכען רייזען. אין א בריף צו מענדעלסאהן׳ען אין דעצעמבער 1755, דריקט ער אויס זיין פריידע מיט דיזער וויכטיגער פאסירונג אין זיין לעבען. „ניט אין אן אונ־גליקליכע שטונדע האב איך פערלאזען בערלין," האט ער געשריבען. „איהר ווייסט פון פראפעסאר זולצער׳ס פארשלאג וועגען א רייזע נאך אויסלאנד. דערפון וועט גאר ניט ארויסקומען, ווייל איך האב אנגענומען אן אנדער פארשלאג, ניט דער ערך א בעסערן און פאר־טהיילהאפטערן. איך וועל יעצט פאהרען ניט אלס א לעהרער, ניט מיט אן אינגעל, וואס וועט מיך בעלעסטיגען, און ניט נאך דיא

פאַרשריפטען און פלענער פון זיינע עלטערן, זאָנדערן אַלס קאָמ־
פאַניאָן פון אַ מאַן, וואָס האָט דעם וואונש און דיא מעגליכקייט צו
מאַכען דיא רייזע אַזוי ניצליך און אַנגענעהם פיר מיר, וויא ווען איך
וואָלט געפאָהרען אויף מיין אייגענער רעכנונג.“

אין דער אויפרעגונג וועגען זיין פאָרשטעהענדע רייזע האָט ער
דערווייל גאָר ניט געשריבען. ער איז צוערשט אַוועק נאָך דרעזדען,
אום צו בעזוכען דעם דאָרטיגען גרויסען מוזעאום און צוגרייטען
זיך צו קענען שעצען דיא קונסט־ווערק, וואָס ער האָט גערעכענט
צו זעהען אין פרעמדע לענדער. אַזוי האָט ער פערבראַכט דעם
גאַנצען ווינטער און אין פריהלינג פון 1756 איז ער אַוועק מיט
ווינקלער’ן נאָך האָלאַנד. אויף’ן וועג האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט
אין פיעלע דייטשע שטעדט, דאַרונטער אויך אין וואָלפענביטעל,
וואו לעססינג האָט זיך ספעציעל פאַראינטערעסירט מיט דער דאָר־
טיגער בעריהמטער ביבליאָטהעק און וואו ער האָט שפעטער
געקראָגען דיא שטעלע אַלס ביבליאָטהעקאַר.

נאָר זייער רייזע איז באַלד אונטערבראָכען געוואָרן דורך אַ
פאַסירונג, וועלכע האָט אַרויסגערופען גרויסע ענדערונגען אין איי־
ראָפאַ. דאָס איז געוועזן דער אויסבריך פון דער מלחמה, וועלכע איז
פערצייכענט אין דער וועלטגעשיכטע אונטער דעם נאָמען „דיא
זיעבעניעהריגע“. פריעדריך דער גרויסער האָט איהר אָנגעפאַנגען
מיט אַ פלעצליכע אַטאַקע אויף זאַקסען. לייפציג איז פערנומען
געוואָרן פון פרייסישע סאָלדאַטען אַ פאָאָר טעג נאַכדעם, וויא זיי
זיינען אַריבער דעם גרענעץ פון זאַקסען. דיא נאַכריכט דערפון האָ־
בען אונזערע ביידע רייזענדע ערהאַלטען, ווען זיי האָבען זיך גע־
פונען אין אַמסטערדאַם און זיך געקליבען אַרומרייזען איבער האָ־
לאַנד. ווינקלער’ס הויז איז בעזעצט געוואָרן פון פרייסישע אָפי־
צירען, און דאס האָט איהם אַזוי צורודערט, אַז ער האָט בעשלאָ־
סען גלייך צו פאָהרען צוריק אַהיים. לעססינג האָט איהם נאַטיר־
ליך געמוזט נאַכפאָלגען. דעם ווינטער האָט ער פערבראַכט אין
ווינקלער’ס הויז און האָט זיך געטרייסט, אַז דעם קומענדען פריה־
לינג וועט ער פאָרטזעצען דיא אונטערבראָכענע רייזע.

אָבער דיא מלחמה האָט אויך געפיהרט צו אַ קריעג צווישען

איהם און זיין בעל־הבית. דאס איז געקומען דורך זייערע פערשי־דענע פאָליטישע מיינונגען. אַלע זאַקסען, דארונטער אויך ווינק־לער, זיינען געווען פיינדליך צו דיא פרייסען. וואס לענגער דיא דיא פרייסישע סאָלדאטען זיינען דאָרטען פערבליבען, אַלץ מעהר האָבען דיא איינוואָהנער פון ליפציג זיי געהאַסט. לעססינג אָבער איז געווען בעגייסטערט פאַר דעם פרייסישען קעניג, אין וועמען ער האָט געזעהן אַ פיהרער צו פעראייניגען דייטשלאַנד. ער האָט עס ניט נאָר אָפען אַרויסגעזאָגט, זאָנדערן האָט זיך אויך בעפריינדעט מיט פרייסישע אָפיצירען און פלעגט זיי וויא אויך צו להכעים פאָרשטעלען זיינע זאַקסישע חברים. דאָס האָט שליסליך אַזוי דערעסען ווינקלער׳ן, וועלכער האָט געהאַסט דיא פרייסען, אַז ער האָט איהם געהייסען פערלאָזען זיין הויז און פאַר איין גאַנג זיך אויך ענטזאַגט צו בעצאָהלען איהם אַ געוויסע סומע נאָך זייער קאָנטראַקט.

לעססינג איז דורך דעם אַזוי אויפגערעגט געוואָרן, אַז ער האָט פערלאַנגט דורך׳ן גערינכט דיא אויספיהרונג פון קאָנטראַקט. דיע־זער פראָצעס האָט געדויערט אַ יאָהר אַכט און האָט זיך געענדיגט צו גונסטען פון דעם אַנקלעגער, אָבער דיא קאָסטען פון פראָצעס האָבען כמעט אין גאַנצען פערצעהרט דיא סומע, וואס לעססינג האָט געקראָגען. זיין לאַגע אין ליפציג איז נאָך דעם קריעג מיט ווינקלער׳ן געווען זעהר אַ טרויעריגע. ער האָט זיך ווידער גע־מוזט נעהמען צו איבערזעצונגען, אום צו האָבען מיט וואס איבער־צוקומען אַ טאָג. דיא אַרויסגעבערס האָבען זיך בענוצט מיט זיין אָרימקייט, אום איהם צו עקספּלואַטירען. וועגען דעם בוכהענד־לער ניקאָלאַאי האָבען שילער און געטהע אָנגעשריעבען: „דערמאָן נאָר ניט לעססינג׳ן: דיעזער גוטער מאַן האָט פיעל געליטען, און אין זיין מערטירער־קראַנץ ביזטו געווען אַ שטעכעדיגער דאָרן“.

צו זיין גליק איז אין פריהלינג פון 1757 געקומען אין ליפציג דער פרייסישער מאַיאָר פאָן קלייסט, מיט וועמען ער האָט זיך נאָך בעפריינדעט אין בערלין. דיעזער אָפיציר איז געווען אַ זעהר געבילדעטער און גוטהערציגער מענש און האָט זעהר ליעב געקראָ־גען דעם אָרימען און לוסטיגען דיכטער. ער האָט געפיהרט בע־

קאנטשאפט מיט ליטעראטען און האט אליין אויך געשריבען פאַ־עזיען, אָבער אין דערזעלבער צייט איז ער געווען א גוטער סאָלדאט און איז זאָגאר בעגייסטערט געווען פאר דעם מיליטערישען דיענסט. לעססינג האט איהם שפעטער אונשטערבליך געמאכט אין זיין דראמא „מינא פאָן בארנהעלם“. זיי זיינען געוואָרן הייסע פריינד אין לייפציג. דער מאיאָר האט געזוכט צו העלפען דעם אָרימען שרייבער, וועלכען ער האט הויך געשעצט און אויפריכטיג געליעבט. א פּאָאר מאָל האט ער פּרובירט קריעגען א פּלאַץ אין דעם פּריי־סישען הויף פאר זיין פריינד, אָבער ער האט גאָר ניט געקענט אויספיהרען.

ווען ניט זיין פּראָצעס מיט ווינקלער׳ן און זיין פריינדשאפט מיט מאיאָר פאָן קלייסט, וואָלט לעססינג ניט פערבליבען אין לייפציג, וואו עס איז צו דער צייט אפילו קיין טהעאטער ניט געווען, אז ער זאָל קענען פאר איהם שרייבען שטיקער. אין 1758 איז דער מאיאָר געשיקט געוואָרן דיענען אין אַן אַנדער אָרט. אין א בריף צו זיינעם א פריינד האט דער מאיאָר ערקלערט, דאס ער פיהלט זיך אזוי וויא האלב־טויט נאָך זיין שיידונג מיט לעססינג׳ן, צו וועלכען ער האט זיך אַזוי צוגעוואָהנט און צוגעבונדען. ער האט אויך אָנגעזאָגט, אַז אין פאַל ער וועט געטויטעט ווערן אין א שלאַכט, זאָל מען צוטהיילען 200 טהאלער צווישען זיינע פריינד לעססינג און ראמלער. „אָדער, האט ער צוגעזעצט, גיט זיי דאס געלד יעצט, און ווען איך וועל בלייבען לעבען, זאָלען זיי עס מיר אָבגעבען, ווען זיי וועלען ווערען רייך“.

אָהן דיזען עדעלמוטהיגען מאיאָר האט לעססינג ניט געוואָלט פּערבלייבען א טאָג אין לייפּציג און האט זיך ווידער בעגעבען נאָך בערלין.

❧

## זיעבעטער קאפיטעל.

## זיין לעבען אלס שרייבער אין בערלין און זיין אפרייזע נאך ברעסלוי.

מיט הערצליכע פריידע איז לעססינג אויפגענומען געוואָרן פון זיינע פיעלע פריינד און בעזאָנדערס נאטירליך פון מענדעלססאָהן, זיי פלעגען זיך טעגליך צוזאַמענטרעפען און פיהרען געשפּרעכען און דיסקוסיאָנען איבער פאָליטיק, פילאָזאָפיע און מייסטענס איבער ליטעראַטור און קונסט. אבוואָהל לעססינג האָט קיין מאָל ניט געשטרעבט צו זיין דער גרינדער פון א ליטעראַרישע שוהלע, איז ער דאָך געוועזן דער צענטער פון א געוויסען קרייז פון פריי־דיינקענדע שרייבערס. וואו נאָר ער האָט זיך געפינען האָט מען זיך ניט געקענט לאַנגווייליגען. „זיין געשפרעך, האָט מענדעלססאָהן געשריעבען אין א בריעף, איז געוועזן א רייכער פאָנטאַן, פון וועלכע מען האָט געשעפּט אָהן אויפהער נייע אידעען וועגען דאס שעהנע און גוטע“.

ער האָט זיך אָבער גאָר ניט גוט און פרעהליך געפיהלט אין דיזער צייט. ער האָט געביינקט נאָך דעם מאַיאָר פאָן קלייסט און זיך געערגערט וועגען זיין פראָצעס מיט ווינקלער׳ן. דערצו נאָך האָט ער זיך געפונען אין זעהר געענגטע אומשטענדען, וויא געוועהנליך. דאס איז יעצט געקומען ניט אזוי דורך דעם, וואס ער האָט ניט געקענט קריגען גוט בעצאָהלט פיר זיינע שריפטען, ווי דורך דעם, וואָס ער האָט פיעלעס אָנגעפאַנגען און וויניג געענדיגט און וואָס ער איז געוועזן זעהר ניט רעגעלמעסיג אין זיין לעבען און שרייבען. ער איז ניט געשאַפען געוואָרן פאַר א רעגעלמעסיגען לעבען. ער האָט ליעב געהאַט צו זיין אזוי פריי און זאָרגלאָז וויא א ציגיינער אָדער, וויא מען רופט עס אויף דעם ליטעראַרישען לשון, א „באָהעמער“. טראָץ דעם, וואָס איהם איז שוין געוואָרן 30 יאָהר און וואָס ער האָט געוואונען א גרויסען נאמען אלס דיכטער און קריטיקער, האָט ער זיך נאָך אַלץ געפיהרט וויא א לוסטיגער סטו־

דענט, וועלכער קימערט זיך גאָר ניט וועגען דעם וואס מאָרגען וועט זיין.

אין דיזער בעציהונג איז ער געוועזען אַן אויסנאַהמע צווישען דיא דייטשע שרייבער־ה אונ אפילו צווישען זיינע נעהנטסטע פריינד, וועלכע זיינען אַלע געוועזען פראַקטישע, פינקטליכע און סטאַטעצנע מענשען. זיי האָבען ניט זעלטען געליטען פון זיין אונ־פינקטליכקייט, אָבער האָבען איהם בעוואונדערט פאַר זיין ריזיגען גייסט און געליעבט וויא אַ שטיפענדיגען, אָבער גוטהערציגען אָון מיטהיגען אינגעל. היינריך היינע האָט וועגען איהם געשריעבען: „אין דער גאַנצער געשיכטע פון ליטעראַטור ליעב איך לעססינג'ן מעהר פון אַנדערע שרייבערס". דאס איז נאַטירליך, דען היינע איז אויך געוועזען אַ גייסטרייכער „באָהעמער".

ראַמלער, איינער פון לעססינג'ס נעהנטסטע פריינד, האָט זיך זעהר געערגערט וועגען זיין אונפינקטליכקייט. זיי האָבען צו־זאַמען געוואָלט אַרויסגעבען אַ טהייל פון דיא סאַטירישע שריפ־טען פון דעם שריפטשטעלער לאָגאו, וועלכער האָט געלעבט אין זיעבענצעהנטען יאהרהונדערט. לעססינג האָט געזאָלט אָנשרייבען דיא הקדמה, נאָר, וויא געוועהנליך, האָט ער עס ניט געמאַכט אין צייט. ראַמלער האָט געשוואָרען, אַז ער וועט קיין מאָל ניט אונ־טערנעהמען עפּעס מיט לעססינג'ן, סיידען זיין פריינד וועט פריהער האָבען אַלעס אָנגעשריעבען. דאָך האָט ראַמלער ניט געקענט זיין אין כעס אויף איהם. „איז דאס ניט אַ קריינקונג פאַר מיר, אַ פינקטליכען מאַן?" האָט ער געשריעבען, „דאָך קען איך ניט בייז ווערן אויף אונזער פריינד, דען ער האָט שטענדיג צעהן אייזענס אין פייער אויף איין מאָל".

אין דער צייט, ווען זיינע פריינד פלעגען אויספיהרען זייערע אונטערנעהמונגען און רעגעלמעסיג אַרבייטען, פלעגט ער זיך אַרומדרייהען און פערבלייבען אין ווינקעלערס. נאָר דערפאַר ווען ער פלעגט עפּעס אָנשרייבען, פלעגט ער זיי אַלעמען לאָזען הינטער זיך און גלענצען מיט זיין טאַלאַנט. דיא הקדמה צו לאָ־גאַו'ס שריפטען האָט ער אייך ענדליך אָנגעשריעבען און דורך דעם האָט דיזער בערגעבענער שרייבער אָפּגעלעבט.

מייסטענס פלעגט ער שרייבען אין אזא צושטאנד פון נויט און אויפרעגונג, ווען אנדערע קענען געוועהנליך ניט פערפאסען עפעס רעכטעס. נאך אזא אויפרעגונג פלעגט ער פערלירען דעם חשק צו שרייבען און פלעגט זיך סתם ארומדרייהען און ארומטראגען מיט פלענער. גראדע אין דיא ערגסטע מינוטען פון זיין לעבען פלעגט זיין מוזע אויפפלאקערן. ער האט דאן געזוכט צו פערגעסען זיינע צרות אין פיעבערהאפטער ליטעראַרישער טהעטיגקייט. אזוי איז אויך געווען, ווען ער האט געקראגען דיא נאכריכט, דאס דער מאיאר פאן קלייסט האט טאקע געטראפען דעם טויט אויף א שלאכטפעלד. ער האט זיך א נעהם געטאהן צו שטודירען דיא טראגעדיעס פון סאפאקלעס און האט אנגעפאנגען צו שרייבען א קריטישע בעטראכטונג איבער דיא ווערק פון דיזען געניאלען אלט־גריכישען דראמאטישען דיכטער; אבער ער האט עס ניט געענדיגט. דער טויט פון זיין מיליטערישען פריינד האט נאך מעהר פער־שטארקט זיין שטייגענדע אונצופריעדענהייט מיט דער זיעבען־יעהריגער מלחמה, וועלכע האט אנגעמאכט אזוי פיעל צרות אויף דער וועלט, און מיט דעם פרייסישען קעניג, וועלכער האט זיך גאר ניט פילאזאפיש געפיהרט אין קריעג. ער האט געקוקט אויף דיא מלחמה וויא אויף א בארבאריי און א נוצלאזע בלוטפערגיסונג. אויב ער האט פריהער געהאט ענג־פאטריאטישע געפיהלען, האט ער זיי שנעל פערלארען.

פיליכט האט ער אנפאנגס בעטראכטעט אלס זיין פאטערלאנד גאנץ דייטשלאנד, וועלכע איז נאך דאן צוטהיילט און צוברעקעלט געווען. יעדענפאלס איז עס זיכער, אז ער האט זיך אויסגעניכ־טערט פון זיין פריהערע בעגייסטערונג פאר פרייסען און פריעדריך דעם גרויסען. עס איז איהם מיאוס געווארן צו הערען דיא טענות פון דיא פרייסישע פאטריאטען, וועלכע האבען זיך גאר ניט געקי־מערט וועגען דיא בלוטפערגיסונגען און פערוויסטונגען דורך דעם קריעג, און ער האט דארום געשריעבען וועגען דיא מלחמה־ליעדער פון דעם מארד־פאטריאטישען פאעט גלעים: „דער פאטריאט דער־שטיקט צופיעל דעם פאעט. פיליכט איז אין מיר דער פאטריאט נאך אויך ניט אין גאנצען דערשטיקט, אבער איך קען ניט לויבען

אזא פאטריאָט, וואס זאָל מיר לערנען צו פערגעסען, אז איך דארף זיין א בירגער פון דער וועלט.... עס איז פיליכט א שאנדע פאר מיר, נאָר איך מוז זיך מודה זיין, אז איך האָב קיין אידעע וועגען ליעבע צום פאטערלאנד און אז דיזע ליעבע שיינט מיר אין בעסטען פאל א העלדישע שוואכקייט אָהן וועלכע איך קען זיך גאנץ גוט בעגיין".

זיינע געגנער זיינען צוליעב דעם אָנגעפאלען אויף איהם, און פיעלע דייטשען קענען עס איהם נאָך יעצט ניט פערגעבען; אָבער אין זיין ליטערארישע טהעטיגקייט איז ער דאָך געוועזען און פערבליעבען א דייטש. ער האָט יעדענפאלס אויפגעשטאָהן פאר דיא ענטוויקלונג פון דיא דייטשע שפראך און ליטעראטור וויא אויך פאר'ן דייטשען פאָלק פיעל מעהר וויא אלע פערביסענע דייטשע פאטריאָטען צוזאמענגענומען. ער האָט ניט געקענט זיין אן ענג־הערציגער פאטריאָט, דען זיין הארץ האָט איהם געצויגען צו דער גאנצער מענשהייט, צו קאָסמאָפאָליטיזמוס. ער איז געוועזען א וועלט־מענש, אָהן האס צו אירגענד וועלכען פאָלק, און מיט זיין מארך און פעדער האָט ער געדיענט דער גאנצער מענשהייט

נאָך זיין טהעטיגקייט אין בערלין איז אונטערבראָכען געוואָרן דורך דיא מלחמה. ער האָט איבערהויפט ניט געקענט בלייבען לאנג אויף איין אָרט. דאָס איז געלעגען אין זיין נערוועזען כא־ראקטער, אין זיין שטרעבונג צו ענדערונגען און נייעס. עס איז איהם מיאוס געוואָרן צו בלייבען אין בערלין, וואו מיליטאריזמוס און ענגער פאטריאָטיזמוס האָבען געהערשט. זיין געזונד איז אויך געוועזען ניט אם בעסטען. ער האָט דארום אָנגעפאנגען צו זוכען א געלעגענהייט צו ענדערן זיין לעבען אין אן אנדער אָרט, אז ער זאָל ניט געצוואונגען זיין צו שרייבען, אום צו פערדיענען א שטיקעל ברויט. דיא נויטווענדיגקייט צו מאכען א לעבען פון דער פעדער האָט איהם געטריעבען צו מאכען איבערזעצונגען און צו שרייבען פאר צייטונגען אנשטאָט צו שאפען דאס, וואס עס איז איהם געלעגען אם הערצען און וואס ער האָט בעטראכטעט אלס ריינע קונסט. ער האָט זיך געפיהלט ערניעדריגט, וואס ער האָט

געמוזט זיך נעהמען צו דער פעדער צוליעב דיא קלעגליכע חיונה, ניט אלס א פרייע פויגעל.

גראדע האט ער געהאט מזל דיזען מאל. צווישען דיא פרייסישע אפיצירען, מיט וועלכע ער האט זיך צוזאמענגעטראפען ביי מאיאר פאן קלייסט אין לייפציג, איז אויך געווען א געוויסער טויענציען, וועלכער האט זיך אזוי אויסגעצייכענט ביי דער פערטהיידיגונג פון ברעסלוי, דאס דער פרייסישער קעניג האט איהם געמאכט פאר א גענעראל און פאר א גובערנאטאר פון ברעסלוי. ווען דיא רוסיש־עסטרייכישע ארמעע האט פערנומען בערלין, און לעסינג האט זיך געפונען אין פערלעגענהייט, האט ער ערהאלטען אן איינלאדונג פון גענעראל טויענציען צו קומען צו איהם און ווערן זיין סעקרעטער. אבוואהל ער האט געפיהלט, אז דאס איז ניט א פאסענדער אמט פיר איהם, האט ער דאך ניט לאנג געטראכט און אנגענומען דעם פארשלאג. אין נאוועמבער 1760 האט ער צום דריטען מאל פערלאזען בערלין אפילו ניט געזעגענענדיג זיך מיט זיינע פריינד. א וואך נאך זיין אנקומען אין ברעסלוי, האט ער געשריעבען צו זיין פריינד ראמלער אין בערלין: „איהר זייט וואהרשיינליך ערשטוינט וועגען מיין בעשלוס. איך וויל אייך זאגען דעם אמת, איך בין אליין אויך ערשטוינט, וויינינגסטענס א פיערטעל שטונדע יעדען טאג“. נאכדעם וויא ער האט איהם געטרייסט, אז עס וועט ניט לאנג ניט דויערן און אז ער וועט נאך קומען צוריק, האט ער געשלאסען מיט דיא ווערטער: „איהר קענט דאך מיך, אויב מען קען מיך ניט לויבען, קען מען מיך וויינינגסטענס ענטשולדיגען“.



## אכטער קאפיטעל.

## זיין לעבען אין ברעסלוי.

אין ברעסלוי האט לעססינג אנגעפאנגען צו פיהרען אזא לע־בען, אז זיינע פריינדע זיינען געווען אויסער זיך פון ערגערניס און הארצקלעמעניס. מען קען ניט זאגען, אז ער האט גאר ניט געשריעבען דיא פינף יאהר, וואס ער האט פערבראכט אין ברעס־לוי; אבער דעם גרעסטען טהייל פון זיין פרייע צייט האט ער אבגעגעבען צו א לוסטיגען לעבען און זאגאר צו קארטען־שפיעל. ער האט זיך אליין ניט ארומגעזעהן, וויא ער איז אריינגעשלעפט גע־ווארן אין א לעבען, וועלכער האט גאנץ ווייניג געפאסט פאר איהם און האט אויך געבראכען זיין שוואכע געזונד.

ער האט געהאט א געלעגענהייט צו ווערן א רייכער מאן, אויב ער וואלט ניט געווען אן עהרליכער מאן. פריעדריך דער גרויסער, וועלכער האט זיך שטארק גענויטיגט אין געלט צו פיהרען זיינע מלחמות, האט אויך געהייסען שלאגען מטבעות, וואס זייער אמת׳ער ווערטה איז געווען פיעל ניעדריגער וויא דער אנגעצייכענטער. ער האט געצוואונגען אנצונעהמען דיזע געפעלשטע מאנעטען פאר כשר׳ע. גענעראל טויענצין האט געהאט אויפצופאסען אויף דיזע רעגירונגס־פעלשונג און האט דערביי געמאכט ניט ווייניגער וויא 120 טויזענד טהאלער. אלס סעקרעטער פון דעם מיליטערישען גובערנאטאר האט לעססינג נאטירליך געוואוסט פון אלע איינ־צעלהייטען פון דיזען רויבערישען געשעפט, וואס איז אין מיטעל־אלטער און שפעטער פראקטיצירט געווארן פון פיעלע רעגירונגען. ווען ער וואלט עס נאר וועלען, וואלט ער אויך געקענט „פערדיענען" דערביי א שעהנע פאאר טויזענד טהאלער. דיא מאכערס פון דיא געפעלשטע מאנעטען (טראץ זיין פיינדשאפט צו אידען, האט דער קעניג איבערגעגעבען דיזען געשעפט צו צוויי בערלינער אידען) האבען פארגעשלאגען גוטע בעלוינונג ניט נאר לעססינג׳ן, זאנדערן אויך זיין פריינד מענדעלססאהן; אבער ביידע האבען זיך ענט־

זאגט דערפון. פיעלע שווינדעל און פערברעכען זיינען בעגאנגען געווארן פאר לעססינג'ס אויגען, אבער ער אליין איז ארויס ריין און עהרליך, אזא ארימאן וויא ווען ער איז געקומען.

זיין געהאלט האט ער אויסגעגעבען ניט בלויז פאר זיך, זאנדערן אויך פאר זיינע עלטערן, וועלכע ער פלעגט מיט פריידע העלפען, ווען ער האט נאר געהאט דיא קלענסטע מעגליכקייט. שפארען און קלייבען איז גאר ניט געוועזען אין זיין נאטור. ער פלעגט אפט שליידערן מיט געלט, ווען ער האט געהאט טהאלערס אין קעשענע. ווען א בעקאנטע דאמע האט איהם אויסגערעדט, ווארום ער שפארט ניט, האט ער געענטפערט: „איך וועל אימער האבען געלט, זאלאנג עס וועלען בלייבען אט דיא דריי פינגער אין אט דאס", דערביי האט ער אנגעצייגט אויף דיא פינגער צום שרייבען און אויף זיין שטערן. א סך געלט האט ער דאן אויסגעגעבען אויף איינקויפען ביכער. דערביי איז ער געוועזען אזוי ניט בערעבענט, דאס ניט איין מאל האט ער געמוזט בארגען אדער פערזעצען זאכען, אום צו שיקען געלט זיינע עלטערן.

ער האט דאן געהאט דיענער, נאר אזוי וויא ער האט זיך געהאלטען מיט זיי פראסט און ברידערליך, פלעגען זיי איהם קריעכען אויף'ן קאפ. ער האט דארום פארגעשטעלט אין זיינע קאמעדיעס דיענער, וועלכע פאלגען ניט זייערע ווירטהען און פיהרען זיך נאך זייערע קאפריזען. איינער פון זיינע דיענער האט איהם בע'גנב'עט און איז פערשוואונדען. ווען מען האט נאכהער איבערגעגעבען לעססינג'ן, אז דיזער דיענער האט ערגעץ געעפענט א קראם מיט זיין געלט, האט ער גוטמוטהיג געענטפערט: „נו, ער האט ווייניגסטענס גוט בעברויכט מיין געלט". מען דערצעהלט, אז ווען ער פלעגט האבען געלט, פלעגט ער האלטען אין קעשענע גאלדענע מאנעטען צוזאמען מיט מינץ און א מאל דערלאנגען על פי טעות א גאלדענע שטיק א בעטלער. ווען עס פלעגט טרעפען, אז א בעטלער האט איהם צוריק געגעבען דיא גאלדענע מאנעטע, פלעגט ער זיך וואונדערן, וואס אויף דער וועלט גיבט עס נאך עהרליכע לייט, און בלייגט איהם הייסען נעהמען דאס געלד־שטיק וואס „גאט אליין האט איהם צוגעשיקט".

ער פלעגט מייסטענס פערקעהרען אין דער געזעלשאפט פון אפיציערען און שוישפיעלער. כמעט יעדען אבענד פלעגט ער זיך געפינען אין א טהעאטער און נאכהער פלעגט ער זיך ארומשלע־פען אין קאפעס און וויינקעלערס, וויא אן עבטער „באהעם“ (אויף אמעריקאניש גערעדט : א „טרעמפ“). שלאפען פלעגט ער גיין, ווען א סך בירגער פלעגען זיך שוין קלייבען אויפצושטיין. דער פראסטער בעקער, אין וועמעס הויז ער האט דאן קווארטירט, איז אזוי אויפגעבראכט געווארען אויף איהם צוליעב דיעזען אונרע־געלמעסיגען לעבען, אז ער האט אנגעפאנגען צו באקען לעקעכלעך אין דער פארמע פון א נאכטוועכטער מיט דער אונטערשריפט : „גאטטהאלד אפרים לעססינג“. דאס איז געווען דעם בעקער׳ס איינפאל פטור צו ווערען פון אזא אונבעקוועמען קווארטיראנט, און דאס איז איהם אויך געלונגען, דען לעססינג האט זיך דאן אריבער געצויגען אויף אן אנדער קווארטיר.

נאר דאס ערגסטע איז געווען וואס לעססינג איז געווארען א פערקאכטער קארטענשפיעלער. אום צו האבען גרעסערע אויפרע־גונג פלעגט ער שפיעלען אזוי גרויס, אז איין מאל האט איהם אפילו גענעראל טויענציין געמאכט פארווירפע. אבער ער האט געענטפערט : „איך שפיעל בכיון אזוי ליידענשאפטליך, ווייל א שטארקע אויפ־רעגונג ברענגט אין בעוועגונג מיין אבגעשטעלטע מאשינע. דאס בעפרייט מיך פון דיא פיזישע שמערצען, וועלכע איך לייד אפט“.

ווען זיינע בערלינער פריינדע האבען זיך דערוואוסט דערפון, האבען זיי געמיינט, אז ער איז שוין א פערלארענער מענש און האבען איהם געשטראפט אין זייערע בריעף. מענדעלסאהן האט נאך געברויכט אזא מיטעל אפצוהאלטען זיין פריינד פון דיעזען געפעהרליכען וועג. ער האט איהם צוגעשיקט אן עקזעמפלאר פון זיינע פילאזאפישע ווערק מיט א געדרוקטע ווידמונג צו איהם, אין וועלכער עס איז צווישען אנדערעס געשטאנען, אז דער פיעל גע־ליעבטער שרייבער איז געווארען א „שטומער גאט, וואס הערט ניט, רעדט ניט, פיהלט ניט, זעהט ניט — נאר וואס טהוט ער? ער שפיעלט.“

דאס האט שרעקליך אויפגערודערט לעססינג׳ן ; אבער מענ־

דעלססאָהן האָט איהם באַלד אין אַ בריעף בערוהיגט, אַז דיעזע ווידמונג איז נאָר אָפּגעדרוקט געוואָרען אין עטליכגע עקזעמפּלאַרען, וועלכע זיינען צוטהיילט געוואָרען צווישען זייערע אינטימסטע פריינד. לעססינג אַליין האָט זיך ניט געשוינט אין זיינע בריעף. „מיט טיעבען בעדויער׳ן מוז איך צוגעבען, האָט ער געשריעבען, אַז איך בין אונגליקליך . . . מיין בעסטער ברייבד, אייער לעבסינג איז אַ פערלאָרענער! ביסלעכווייז וועט איהר גאָר ניט וויסען פון איהם, ער אַליין אויך ניט. אָה, מיין צייט, מיין צייט, אַלעס וואָס איך בעזיין — דאָס צו אָפּפערען אויף אַזאַ שטייגער, איך וויים אַליין ניט פאַר וועלכע זאַכען! הונדערט מאָל האָב איך שוין געטראַכט זיך אַרויסצורייסען פון דיעזען קרייז . . .“ נאָר אַזעלכע בריעף האָט ער געשריעבען אין מינוטען, ווען ער האָט זיך בעזאָנדערס שלעכט געפיהלט. אַ פערלאָרענער איז ער זיכער ניט געווען. עס איז אמת, אַז ער האָט ניט געהאַט גענוג ענערגיע זיך אָפּצורייסען פון קאָרטענשטיש און צו לעבען רעגעלמעסיג, אָבער ער האָט קיין מאָל ניט פערלאָרען זיין טיעפען אינטערעס אין דער גייסטיגער וועלט און האָט אויך ניט אויפגעהערט צו שטודירען און צו שרייבען.

אין דער צייט, ווען זיינע פריינד האָבען זיך געשראָקען פאַר זיין צוקונפט און איהם געשטראָפט, האָט ער געלעזען דיא ווערק פון דידעראָ, שטודירט ספינאָזאַ׳ס פילאָזאָפיע און אויך אָנגעפאַנגען צוויי פון זיינע בעסטע ווערק: דיא דראַמע „מינאַ פאָן באַרנהעלם“ און זיין גרויסע קריטישע ווערק „לאַאָקאָאָן“. ער האָט פערהעלטניסמעסיג גאַנץ ווייניג געשריעבען אין ברעסלוי; אָבער דערפאַר האָט ער ניט בעדאַרפט זאָרגען וועגען חיונה און געהאַט דיא מעגליכקייט צו שרייבען וואָס איהם איז געפעלען געוואָרען, צו שאַפען פיר דיא ריינע קונסט. טראָץ אַלע זיינע חטאים און גרויסען צייטפערלוסט איז עס דאָך אַ פאַקט, אַז אין ברעסלוי האָט זיין מוזע אויפגעבליהט און שפּעטער געבראַכט גרויסאַרטיגע פריכטע. דער אַלטער לאַטיינישער שפּריכוואָרט, אַז „דיא מוזען פאָדערן פרייע צייט און איינזאַמקייט פון דעם דיכטער“ האָט זיך אויך אַרויסגעצייגט ריכטיג וועגען לעססינג׳ן.

אין דער צייט, ווען ער האָט געלעבט אין ברעסלוי, האָט מען איהם פאָרגעשלאגען דיא שטעלע פון א פּראָפעסאָר פון עלאָקווענציע אין קעניגסבערג, וואו דער פילאָזאָף קאנט וואָלט געווען זיין קאָלעגע; אָבער אַזוי וויא איינע פון דיא פפליכטען פון דיזען אמט איז געווען צו האַלטען יעדען יאָהר א רעדע לכבוד דעם קעניג, האָט ער דעריבער גאָר ניט געוועלט הערען דערפון.

עטליכע מאָל האָט ער בעגלייטעט דעם גובערנאַטאָר, ווען מען האָט בעדאַרפט מאַכען אָפיציעלע רייזען. אין 1763, ווען דיא זיעבעניעהריגע מלחמה האָט זיך געענדיגט, האָט ער בעדאַרפט, אַלס סעקרעטער, פערפאַסען און אַרויסלאָזען דיא פּראָקלאַמאַציאָן וועגען פריעדען צו דיא איינוואָהנער פון ברעסלוי. איין מאָל האָט ער אויך בעגלייטעט גענעראל טויענציין ביז פּאָטסדאַם און ער האָט זיך דערמיט בענוצט צו בעזוכען זיינע פריינדע אין בערלין.

נאָך דער מלחמה האָט ער געהאַט ווייניגער אָפיציעלע אַרבייט און האָט געקענט אָבגעבען פיעל מעדר צייט צו ליטעראַטור. דאָס איז געווען איינער פון דיא פּרוכטבאַרסטע פעריאָדען אין זיין לעבען; נאָר אין מיטען דערינען איז ער קראַנק געוואָרען. ער האָט געאַרבייט מיט אַזאַ אויפרעגונג צו ענדיגען „מינא פאָן באַרנהעלם“, אַז ער האָט געכאַפּט א פיעבער, וועלכער האָט איהם לאַנג געקוועלט. דאָס איז געווען אין זומער 1764. ווען ער האָט זיך א ביסעל ערהאָלט, האָט ער געשריעבען צו זיין פריינד ראַמלער: „איך בין אַזוי וויא פון דאָס נייע געבאָרען געוואָרען. יעצט האָט זיך אָנגעפאַנגען א נייער פעריאָד אין מיין לעבען. איך ווער א געלאַסענער מאַן און איך האָף, אַז דיא היצקרייננק האָט אַרויסגעיאָגט דיא לעצטע סמנים פון מיינע יוגענדליכע נאַרישקייטען. דיא גליקליכע קראַנקהייט!“ אָבער אין אַן אַנדער בריעף, וואָס ער האָט געשריעבען מיט א וואָך שפּעטער, האָט ער זיך בעקלאָגט, דאָס דיא קראַנקהייט האָט זיך אָפּגערופען שווער אויף זיין געמיטה און דאָס ער קען שוין ניט אַרבייטען וויא פריהער. „פאַר מיין קראַנקהייט, האָט ער געשריעבען צו ראַמלער׳ן, בין איך געווען אַזוי אויפגעלייגט צו אַרבייטען, וויא דאָס האָט זעלטען מיט מיר געטראָפען. איך קען נאָך אַלץ ניט קומען צו זיך. איך ברען מיט אונגעדולד צו ענ־

דיגען מיין „מינא פאָן באַרנהעלם“. איך וואָלט זעהר ניט וועלען שרייבען דיעזע שטיק מיט האַלבע קרעפטען.“

עטליכע מאָנאַט שפּעטער איז דער גובערנאַטאָר טויענציין געוואָרען געפעהרליך קראַנק, און לעססינג, וועמען עס האָט שוין איבערהויפּט דערעסען צו בלייבען אין ברעסלוי און וועלכער האָט געוועלט מאַכען אַ רייזע נאָך איטאַליען און גריכענלאַנד, האָט בעשלאָסען זיך אָפּצוזאָגען פון זיין שטעלע. צו זיין פאָטער, וועלכער איז געוועזען זעהר צופריעדען, וואס ער פערנעהמט אַ רעגערונגס־שטעלע און פערדיענט גענוג צו העלפען דיא פאַמיליע, האָט ער וועגען דעם געשריעבען אַזוי: „איהר ווייסט דאָך, אַז איך האָב קיין מאָל ניט גערעכענט לאַנג אָנצוהאַלטען מיין פלאַץ און אַז איך האָב ניט איפגעגעבען מיין אַלטען פלאַן פון לעבען. איך מוז אייך זאָגען, אַז איך בין יעצט מעהר וויא ווען עס איז ענטשלאָסען ניט אָנצונעהמען אירגענד וועלכע בעשעפטיגונג, וואָס איז ניט צוגעפאַסט צו מיר, וואָס איז ניט פאָלקאָמען נאָך מיינע שטרעבונגען. אַ העלפט פון מיין לעבען איז שוין פאָריבער, און איך זעה קיין גרונד ניט, וואַרום איך זאָל זיך מאַכען פאַר אַ שקלאַוו אין דער קורצער צייט, וואָס מיר איז נאָך געבליעבען צו לעבען. איך מוז דאָס אייך שרייבען, טהייערער פאָטער, אַז איהר זאָלט ניט שטוינען, אויב איהר וועט מיך זעהען אין אַ קורצער צייט אַרום גאַנץ ווייט פון דעם, וואָס מען רופט אַ שטענדיגער פלאַץ.“

ער האָט דאַן געטרוימט, אַז ער וועט האָבען דיא מעגליכקייט צו פערברייגען כאָטש אַ קורצע צייט אין איטאַליען און גריכענלאַנד, אום צו בעטראַכטען דיא איבערגעבליעבענע ווערק פון דער אַלטער קונסט; אָבער אין 1765, ווען ער האָט בעשלאָסען זיך צו געזעגענען מיט ברעסלוי, האָט ער זיך געפונען אין אַזאַ געענגטער לאַגע, דאס איהם איז נאָר געבליעבען ווידער זיך צוריק צו קעהרען נאָך בערלין.

❦

## נ י י נ ט ע ר   ק אַ פּ י ט ע ל.

### „מינאַ פאָן באַרנהעלם“ — „לאַאָקאָאָן“.

ווען לעססינג איז צום פערטען מאָל אָנגעקומען אין דער פּריויסישער הויפּטשטאָדט, האָט ער געהאַט אַ שטיקעל האָפנונג צו פערנעהמען דעם פּלאַץ פון אַ דירעקטאָר פון דער קעניגליכער ביבליאָטהעק. אייניגע פון זיינע פריינד און פערעהרער האָבען איהם וואַרעם רעקאָמענדירט צום קעניג און פאָרגעשטעלט אַלס איינעם פון דיא געלעהרטעסטע און בעלעזענסטע מענער אין דייטשלאַנד; אָבער פריעדריך האָט געקראָגען אַ שלעכטע מיינונג פון איהם דורך דעם שטרייט מיט וואָלטער'ן און האָט זיך ענטזאגט איהם צו געבען דעם פּלאַץ.

לעססינג האָט זיך דערפון ווייניג אָבגעגעסען דיא האַריץ, אָבוואָהל דיא שטעלע פון אַ ביבליאָטהעקאַר איז איהם געפעלען געווען און ער וואָלט געקענט רוהיג פאָרטזעצען זיינע ליטעראַרישע אונטערנעהמונגען. געקריינקט האָט איהם נאָר, וואָס ער האָט וויעדער געמוזט שרייבען, אום צו מאַכען אַ לעבען. אין דער צייט, ווען ער פלעגט מוזען ענדיגען אַ בעשטעלטע אַרבייט, פלעגט ער גאָר וועלען שרייבען עפּעס אַנדערעס אָדער גאָר זיך אָפּרוהען, און דאָס האָט זעהר שלעכט געווירקט אויף איהם און זיין געמיטה. נאָר באַלד האָט ער געהאַט דעם פערגניגען צו זעהען, אַז ער האָט זיך ניט גענאַרט, ווען ער האָט בעטראַכט „מינאַ פאָן באַרנהעלם“ פאַר זיין בעסטע דראַמאַטישע ווערק. דיעזע קאָמעדיע, וועלכע מען קען אויך רופען דראַמע, האָט געהאַט א ריעזען ערפאָלג אין בערלין און נאָכהער אין גאַנץ דייטשלאַנד.

מען קען זאָגען, אז דיעזעס מאָל האָט ער געשאַפען אַן אמת'ע נאַציאָנאַלע דראַמע. יעדענפאַלס איז ער שוין געווען זעלבסטשטענדיג. אויב דער געניאַלער פראַנצויז דידעראָ האָט געהאט אַן איינפלוס אויף איהם אין דער צייט, ווען ער האָט געהאַט אויסגעאַרבייט דעם פּלאַן פון „מינאַ פאָן באַרנהעלם“, איז עס נאָר גע־

װען, אַז ער זאָל זוכען אַרום זיך, אין װירקליכען לעבען, דיא פּערזאָנען. אין דער גאַנצער שטיק, װעלכע האָט געהאַט אַזאַ גרױ־סען און טיעפען אײנפלוס אױף דיא מאָדערנע דראַמאַטישע קונסט, קען מען שױן ניט געפינען נאָכאַהמונגען װיא אין זײנע פריהערע דראַמאַטישע װערק.

דער אינהאַלט איז פערבונדען מיט דער זיעבעניעהריגער מלחמה, װעלכע ער האָט געקענט גוט בעטראַכטען, װען ער איז גע־װען אין לײפּציג און ברעסלױ. דער העלד איז מאַיאָר טעללהײם, װעלכער לײדעט דורך זײן גרױסמוטה אין דער צײט פון קריעג און איז טהײלװײז קאָפּירט נאָך מאַיאָר פאָן קלײסט, דעם פערפאַ־סער'ס עדעלען פרײנד. דיא העלדין, מינאַ פאָן בארנהעלם, איז אַן אַדעליגע פרײלײן, װעלכע האָט זיך פערליעבט אין דעם מאַיאָר צו־ליעב זײנע אַן עדעלע האַנדלונג אַלס קאָמאַנדירענדער אָפיציער. אַ צופאַל, װעלכער האָט געטראָפען אין אַ האָטעל פון ברעסלױ, װאו אַ כלה האָט אױפגעזוכט איהר חתן, אַ פערװאונדעטען אָפיציער, האָט געגעבען לעססינג'ן דעם פּלאַן פון דער אינטריגע. אַלע פער־זאָנען פון דיעזער קאָמעדיע, אפילו דיא דיענערס און דיא קאַמער־מײדלעך, זײנען ריכטיג פאָרגעשטעלט אַלס טיפּען.

דאָס בעסטע, װאס מען קען יעצט זאָגען װעגען דיעזע קאָ־מעדיע, איז װאָס זיא װערט נאָך געשפּיעלט און װעט לאַנג ניט אַראָפּ פון דער ביהנע. זיא איז אַ קלאַסישע װערק פון דײטשער ליטעראַטור. געטהע האָט פערגליכען „מינאַ פאָן באַרנהעלם“ מיט אַ מאָרגען־שטערן.

אין דער זעלבער צײט איז לעססינג אױך אַרױס מיט אַ קרי־טישע װערק װאָס האָט געהאַט אַ גרױסע װירקונג ניט נאָר אין דײטשלאַנד, זאָנדערן אױך אין דער גאַנצער װעלט. דאָס איז „לאַאָקאָאָן“, װעלכער איז לײדער אױך געבליעבען ניט געענדיגט. דאָרט האָט ער אױסגעדריקט זײנע מײנונגען איבער פּאָעזיע און איהרע בעציהונגען צו מאַלערײ און סקולפּטור. ער האָט דערבײ אַרױסגעװיזען ניט נאָר זעלטענע קענטניסע, זאָנדערן אױך אַ הױ־כען קונסט־געפיהל, אַ טיעפען פערשטאַנד אין קונסט־װערק.

דער נאָמען „לאַאָקאָאָן“ קומט פון דעם, װאָס לעססינג האָט

אנגעפאנגען זיינע קריטישע בעטראכטונגען איבער קונסט מיט דער בעריהמטער אלט־גריכישער סקולפטור־גרופע, וועלכע שטעלט פאר דיא מעשה וועגען דעם טראיאנער פריעסט לאאקאאן מיט זיינע צוויי זיהן, וויא זיי ווערען צוקוועטשט פון ריזיגע שלאנגען. (דיזע סטאטוע איז געפונען געווארען אין 1506 און געפינט זיך יעצט אין וואטיקאנער מוזעאום). דיא טראגישע געשיכטע פון לאאקאאן איז איבערגעגעבען אין דער בעריהמטער פאעמע „ענעאיד“ פון דעם אלט־רוימיישען פאעט ווירגיל. לעססינג האט זיך געשטעלט דיא טיעפזיניגע פראגע, ווארום דער גריכישער סקולפטאר האט פאר־געשטעלט לאאקאאן׳ס שרעקליכען טויט ניט אזוי, וויא ער וואלט דערביי געשריען פון ווייטאג און וויא דער רוימיישער דיכטער האט עס געשילדערט. אום צו ענטפערן אויף דיעזער פראגע האט לעססינג בעטראכט דיא בעציהונגען צווישען פאעזיע און דיא פ ל א ס ט י ש ע קונסטען, דאס הייסט: מאלעריי און סקולפטור, און האט דערביי קריטיקירט דיא פריהערע לעהרען וועגען דיא שעה־נע קונסטען. פיעלע קונסט־קריטיקער האבען צוזאמענגעמיישט פאעזיע מיט מאלעריי. איינינע האבען בעהויפטעט, אז א פאעט דארף מען בעזאנדערס שעצען נאך דעם, וויא פיעל בילדער ער קען מיט זיינע שילדערונגען געבען א מאלער. לעססינג איז ארויסגע־טראטען געגען דיעזע מיינונגען אזוי ענטשיעדען, וויא דידערא אין זיינע „געדאנקען איבער מאלעריי, סקולפטור, ארכיטעקטור און פאעזיע“. דיעזע ביידע טיעפע און אריגינעלע דענקער פון אכט־צעהנטען יאהרהונדערט, דיעזע צוויי פרייע גייסטער און עהרליכע קעמפפער פאר אויפקלעהרונג האבען זיך אויך צוזאמענגעטראפען אין זייערע מיינונגען איבער קונסט.

דיא געדאנקען, וועלכע זיי האבען אויסגעדריקט אין זייערע קריטיישע ווערק, זיינען, זא צו זאגען, איינגעקערפערט געווארען אין דיא נעכסטע דורות. זיי האבען געלייגט דעם פונדאמענט פון דער מאדערנער קונסט־קריטיק. איבערגעבען זייערע געדאנקען הייסט איבערגעבען דאס, וואס מען קען געפינען אין לעהר־ביכער איבער עסטהעטיק. דער שלוס, צו וועלכע לעססינג איז געקומען נאך זיינע קריטישע נאכפארשונגען וועגען דיא סקולפטור־גרופע

לאַאָקאָאָן, איז אַז דער סקולפּטאָר האָט זיך געמוזט רעכענען איז זיין אַרבייט מיט דיא גרעזעצען פון שעהנהייט ביי דיא אַלטע גריכען. אַ סקולפּטאָר און אַ מאַלער דאַרפען פריהער פאַר אַלין האָבען אין זינען דיא שעהנהייט. אין פּאָעזיע קען מען בעשרייבען, וויא אַ מענש האָט זיך געדרעהט אין שרעקליכע קאָנוואולסיעס און האָט געשריען פון ווייטאָג; אין סקולפּטור אָבער וועט עס אויסזעהען זעהר העסליך און וועט אַרויסרופען עקעל. דיא אַלטע גריעכען האָבען איבערהויפּט געפאָדערט שעהנע פּאָזען אין קונסט־ווערק. אין איינינגע ערטער פון גריכענלאַנד איז זאָגאַר געזעצליך פערבאָטען געוועזען פאָרצושטעלען אבשטויסענדע סצענען. דאַרום האָט דער סקולפּטאָר פאָרגעשטעלט לאַאָקאָאָן'ס טויט שעהנער וויא דער פּאָעט.

„דער סקולפּטאָר, ערקלערט לעססינג, האָט געשטרעבט צו דער־גרייכען דיא העכסטע שעהנהייט, וועלכע איז נאָר מעגליך ביי פיזישע שמערצען. עס איז אונמעגליך צו פעראייניגען שעהנהייט מיט אַן אויסדרוק פון אַ שרעקליכען פיזישען ווייטאָג. מען האָט דאַרום געמוזט לייכטער מאַכען דיעזען אויסדרוק. דעם וועה־געשריי האָט מען געמוזט אומענדערן אין אַ זיפץ, אָבער ניט דאַריבער, ווייל אַ געשריי איז געהאַלטען געוועזען פאַר אַ צייכען פון קליינמוטה, זאָנדערן ווייל דורך דעם וואָלט דאָס געזיכט מיאוס געוואָרען. פּרובירט נאָר זיך פאָרשטעלען אין אייערע געדאַנ־קען, אַז לאַאָקאָאָן'ס מויל איז אָפען און אַז וועה־געשרייען רייסען זיך אַרויס פון דיעזען מויל — וואָס וועט דאַן זיין? פריהער האָט איהר געזעהען אַ קונסט־ווערק, וואָס האָט אַרויסגערופען ביי אייך מיטלייד, ווייל איהר האָט גלייכצייטיג געזעהען שעהנהייט און ליידען; יעצט אָבער איז עס שוין אַן אָבשטויסענדע זאַך, פון וועלכע איהר קעהרט זיך אָפּ, ווייל דיא בעטראַכטונג פון ווייטאָג רופט אַרויס אַן אונאַנגענעהמעס געפיהל, און דער מאַנגעל אין שעהנ־הייט ביי דעם ליידענדען וואַנדעלט ניט אום דיעזען געפיהל אין אַ וואַרעמען געפיהל פון מיטלייד.“

לעססינג לייקענט דערביי ניט, אַז דער קינסטלער דאַרף ריכ־טיג פאָרשטעלען דיא נאַטור; ער טרעט ניט אַרויס אין גאַנצען געגען

דיא רעאַליסטישע שולע; אָבער ער ערקלערט, אַז אַ קונסט־ווערק דאַרף דאָך ניט זיין אַ פּינקטליכע קאָפּיע פון דער נאַטור. ער ענ־דיגט מיט דיא ווערטער: „וואַהרהייט און אויסדרוק — דאָס איז דער ערשטער געזעץ פון קונסט“.

ווען ער האָט געשריעבען זיין אונשטערבליכען „לאַאָקאָאָן“, האָט ער זיך בעזאָנדערס בעראַטהען מיט מענדעלססאָהן׳ען, וועל־כער איז ניט נאָר געוועזען אַ פילאָזאָף, זאָנדערן אויך אַ שעצער פון קונסט. לעססינג האָט בעזאָנדערס געשעצט מענדעלססאָהן׳ס וויט־געהענדען און טיעפען פילאָזאָפישען בליק. וויא עס וועט אנגע־צייגט ווערען אין מענדעלססאָהן׳ס לעבענס בעשרייבונג, האָט דער אָרים־בחור פון דעסוי געקראָגען אַ זעהר פיינעם געשמאַק אין דער שעהנער ליטעראַטור און אין קונסט־זאַכען דורך זיין פריינדשאַפט מיט לעססינג׳ן און דורך זיינע שטודיען פון שפּראַכען. מענדעלס־סאָהן איז זעלבסטשטענדיג געקומען צו פיעלע געדאַנקען, וועלכע לעססינג האָט אַזוי גלענצענד ענטוויקעלט אין „לאַאָקאָאָן“. דאָס קען מען אויך שליסען פון מענדעלססאָהן׳ס אָבהאַנדלונג איבער „דיא קוועלען פון שעהנע קונסטען“.

ווען לעססינג האָט שוין געהאַט געענדיגט דעם ערשטען טהייל פון „לאַאָקאָאָן“, איז ערשיענען ווינקעלמאַן׳ס „געשיכטע דער אַל־טער קונסט“, און אַזוי וויא ער האָט הויך געשעצט דיעזען געלעהר־טען, האָט ער ערקלערט, אַז ער וועט אָפּלייגען זיינע קריטישע בע־טראַכטונגען ביז ער וועט איבערלעזען דיזען בוך. נאָר אַזוי וויא ער האָט נאַכהער געהאַט צו שרייבען פיעלע אַנדערע זאַכען און אויך צו פיהרען אַ קאַמפּף וועגען רעליגיאָן און פילאָזאָפיע, האָט ער שוין ליידער זיין „לאַאָקאָאָן“ ניט געענדיגט.

נאָר דערמיט, וואָס ער האָט איבערגעגעבען אין דעם ערשטען טהייל פון דיזען קריטישען ווערק, האָט ער כשר פערדיענט דעם נאָמען רעפאָרמאַטאָר אין עסטהעטיק און בעזאָנדערס אין דראַ־מאַטורגיע.

❧

## צעהנטער קאַפּיטעל.

### „דיא האַמבורגער דראַמאַטורגיע“.

אין 1757 האָט לעססינג אָנגעפאַנגען זיין פּרוכטבארע טהע־
טיגקייט אלס דירעקטאָר פון א טהעאַטער, אלס דראַמאַטורג
און קריטיקער אין האַמבורג. אויסער דעם וואָס ער האָט פיינט
געקראָגען דיא פּרייסיישע הויפּטשטאָדט, האָט ער זיך געפונען אין
זעהר געענגטע אומשטענדען און האָט ניט געוואוסט, וואָס ער זאָל
אונטערנעהמען. „איך בין געשטאַנען ליידיג אויף דעם מאַרק, האָט
ער שפּעטער געשריעבען וועגען דער צייט; אָבער קיינער האָט מיך
ניט געוועלט דינגען, ווייל קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס פאַר א
נוצען מען קען האָבען פון מיר“. דאַרום האָט ער זיך מיט ביידע
הענד אָנגעכאַפּט אָן דעם פאָרשלאַג פון א געוויסען לעווען, וועלכער
איז געוועזען א שרייבער און האָט צוזאַמען מיט עטליכע האַמבורגער
בירגער זיך גענומען צו גרינדען דאָרט א שטענדיגען טהעאַטער.
דיזער לעווען האָט אין זיינע שריפטען געצייגט, אז דער דייטשער
טהעאַטער איז דאַן געשטאַנען אַזוי ניעדעריג, ווייל דיא שוישפּיע־
לערס האָבען געהאַט צו וואַנדערן פון איין אָרט אין אַן אַנדערן און
ווייל מען האָט ניט איינגעפיהרט שטענדיגע טהעאַטערס, וואָס
זאָלען זיין אונטערשטיצט פון שטעט אָדער פון רעגירונגען. ער האָט
דאַרום אויסגעאַרבייט א פּלאַן צו גרינדען א „נאַציאָנאַלען טהע־
אַטער“ אין האַמבורג און ער האָט זיך געווענדעט צו לעססינג׳ן אלס
אַן עהרליכען מאַן און בעוואוסטען דראַמאַטורג און קריטיקער.

לעססינג האָט געהאַט צו שרייבען שטיקער פאַר דיזען טהע־
אַטער און אויך צו געבען זיין מיינונג איבער אַנדערע שטיקער און
איבערהויפּט צו זאָרגען, אז אַלעס זאָל צוגיין וויא געהעריג. דער־
פאַר האָט מען איהם אָנגעבאָטען סך הכל 800 טהאַלער, וואָס עס
צייגט אם בעסטען, וויא ווייניג אפילו בעריהמטע שרייבערס האָבען
דאַן פערדיענט אין דייטשלאַנד. צו זיין ברודער קאַרל, וועלכער איז
געוועזען זיין ערשטער ביאָגראַף, האָט ער געשריעבען, אז ער נעהמט

אָן דיזע שטעלע ניט צוליעב דאָס געלט, זאָנדערן אין דיא אינטע־רעסען פון דער דראַמאַטישער קונסט. ער האָט אָנגענומען אַלע בע־דינגונגען מיט אויסנאַהמע פון דער, אַז ער מוז צושטעלען יעדען יאָהר אַ בעשטימטע צאָהל שטיקער. דיא ראָלע פון אַ גערונגענעם פערפאַסער, וואָס זאָל זיין געצוואונגען נאָך אַ קאָנטראַקט צו באַקען שטיקער, איז איהם געווען ווידערווערטיג. ער וואָלט אויך ניט געווען אין שטאַנד דאָס אויסצופיהרען. ער האָט דיא גרינדערס פון דעם „נאַציאָנאַלען טהעאַטער“ נאָר אָפּגעגעבען זיין פערטיגע קאָמעדיע „מינאַ פאָן באַרנהעלם“.

ניט לייכט איז איהם אָנגעקומען אַריבערצופאָהרען פון בערלין נאָך האַמבורג. ער איז געווען איבער'ן קאָפּ אין חובות און האָט געמוזט פערקויפען זיין ביבליאָטהעק, אום צו קענען פערלאָזען בערלין. ער האָט גערעכענט, אַז פאַר דיא ביכער, וועלכע האָבען איהם אָבגעקאָסט אַ פערמעגען אין ברעסלוי, וועט ער וועניגסטענס קריעגען 600 טהאַלער; אָבער מעהר וויא אַ דריטעל פון דיזער סומע האָט ער ניט בעקומען, ווייל ער איז איבערהויפּט געווען אונפּראַק־טיש און איז אויך בע'גנב'עט געוואָרן פון אַ דיענער.

דער „נאַציאָנאַלער טהעאַטער“ אין האַמבורג האָט ניט לאַנג עקזיסטירט, טראָץ אַלע אָנשטרענגונגען פון לעווען און לעססינג צו געבען גוטע שטיקער. דיא אונטערנעהמונג האָט ניט געהאַט אַ פעסטען באָדען, ווייל דיא רייכע דייטשען פלעגען ניט קומען אין טהעאַטער און דאָס פאָלק האָט ניט פערשטאַנען און ניט געשעצט גוטע שטיקער. לעססינג איז דאַרום ווידער געווען אויף צרות אין פינאַנציעלער הינזיכט. נאָר זיין „האַמבורגער דראַמאַטורגיע“, אַ קריטישע צייטשריפט, וועלכע ער האָט אָנגעפאַנגען אַרויסצוגעבען, ווען דער „נאַציאָנאַלער טהעאַטער“ איז ערעפענט געוואָרן, האָט ער נאָך פאָרטגעזעצט ביז 1769. דאָרט האָט ער אין פולסטען גלאַנץ אַרויסגעצייגט זיין טאַלענט אַלס קונסט־קריטיקער. ער האָט נאַטיר־ליך זיך ערוואָרבען ניט וועניג פיינד מיט זיינע רעצענזיעס און קריטישע בעטראַכטונגען; אָבער ער איז זיך מיטהיג געגאַנגען זיין וועג אין נאָמען פון ריינע קונסט, וויא ער האָט עס פערשטאַנען.

מען קען זאָגען, אַז מיט זיין „האַמבורגער דראַמאַטורגיע“

האט ער געלייגט דעם פונדאמענט פון דער דייטשער דראמע, וועלכע איז געקרוינט געווארן מיט דיא ווערק פון שילער און געטהע. ער איז ארויסגעטראטען ניט נאר געגען דיא פסוידא־קלאסישע שולע, זאנדערן געגען דיא פראנצויזישע דראמע וועלכע האט דאן געהערשט אויך אין דייטשלאנד. געגען דיא פראנצויזישע שולע מיט איהרע קינסטליכע אויפבויאונגען און פוסטע קלאנגען האט ער ארויסגעשטעלט שעקספיער'ס דראמאטישע ווערק. איינע פון לעסינג'ס גרויסע פערדיענסטען און אויפטואונגען איז געווען וואס ער האט דער ערשטער אויפמערקזאם געמאכט דיא דייטשען אויף שעקספיער'ן. דיזער גרעסטער דראמאטורג, דיזער זעלטענער זשעניע, וועלכער וועט אייביג גלאנצען אין דער וועלט־ליטעראטור און וועלכער האט קיין גלייכען ניט צו זיך, איז ווייניג בעקאנט געווען און נאך ווייניגער געשעצט געווען אין יענער צייט אפילו אין זיין פאטערלאנד. מיט זיין שארפע קריטישע אויג האט לעסינג געזעהען שעקספיר'ס גרויסקייט אלס דראמאטורג און האט עס געצייגט אין זיינע קריטישע ארטיקלען, אין וועלכע ער האט אויך בעוויזען, וויא ווייט וואלטער, דער גרעסטער דראמאטורג אין יענער צייט, איז געשטאנען ניעדריגער פאר שעקספיר'ן. לעסינג איז געווען עהרליך און אונפארטייאיש צו אנערקענען וואלטער'ס גרויסקייט; אבער דורך א גרינדליכען פערגלייך פון וואלטער'ס „זאַאירא“ מיט שעקספיר'ס „אטהעלא“ און „ראמעא און דזשוליעט“ האט ער בעוויזען, וויא קליין דער ערשטער איז לעבען דעם צווייטען.

ער האט אויך ענטוויקעלט אריסטאטעל'ס געדאנקען וועגען טראגעדיעס. אריסטאטעל האט נעמליך ערקלערט, אז אין א טראגעדיע דארף מען ניט פארשטעלען אין גאנצען פערדארבענע און שלעכטע מענשען און אויך ניט אזעלכע, וואס זאלען נאר האבען גוטע מדות. דער גרויסער גריכישער פילאזאף האט גאנץ ריכטיג ערקלערט, אז דער צוועק פון א טראגעדיע איז צו ערוועקען מיטלייד און פחד ביי דיא צוהערער און אז דיזען צוועק קען מען נאר דאן דערגרייכען, ווען מען שטעלט פאר מענשען מיט מענשליכע שוואכקייטען. אריסטאטעל האט אויך אנגעצייגט, אז אין א טראגעדיע דארף מען ניט פארשטעלען, וויא אן עהרליכער מענש איז אונגליק־

ליך אָהן שום שולד פון זיין זייט. דאָס קען טרעפען אין לעבען, זאָגט ער, אָבער דאָס טויג ניט אַלס סיוזשעט פאַר אַ דראַמע. לעססינג האָט זיך בענוצט מיט דיא אויספיהרונג פון דעם גריכישען פילאָזאָף אין זיין שאַרפער קריטיק איבער דיא בעסטע פראַנצויזישע דראַמאַ-טורגען, וויא קאָרנעיל און ראַסין.

וועגען זיך זעלבסט און זיינע דיכטונגען האָט לעססינג מיט כאַראַקטעריסטישער אָפענהערציגקייט ערקלערט. „איך בין ניט אַ שוישפּיעלער און ניט אַ פּאָעט. עס איז אמת, אַז אָפט גיט מען מיר אָפּ דעם כבוד און מען ערקלערט מיך פאַר אַ דיכטער. אָבער אַזעלכע פערשטעהען מיך ניט. פון דיא עטליכע דראַמאַטישע פּראָבעס, וועלכע איך האָב געמאַכט, קען מען נאָך ניט ציהען אַזעלכע גרויסע שליסע. ניט יעדער וואס האַלט אין האַנד אַ פּינזעל און מישט פאַרבען, פערדיענט דעם נאָמען מאַלער... איך פיהל ניט אין זיך אַזאַ לעבעדיגען קוואַל, וואָס פליסט מיט זיין אייגענער קראַפט און שלאָגט פון זיך אַרויס איי-גענע, ריינע, פרישע און רייכע שטראָמען; איך מוז פון זיך אַרויס-קוועטשען מיט פרעסען און פּאָמפּען. איך וואָלט געווען אַזוי אָרים, אַזוי קאַלט, אַזוי קורצזיכטיג, וויא עס איז זיך גאָר שווער פאָרצו-שטעלען, ווען איך וואָלט ניט געשעפּט פון פרעמדע אוצרות, ווען איך וואָלט זיך ניט אָנגעוואַרמט ביי אַ פרעמדען פייער און ניט פערשטאַרקט מיין ראיה דורך דיא זעה-גלעזער פון קונסט. דאַרום ערגערט עס מיך שטענדיג, ווען איך הער בעהויפּטונגען, אַז קריטיק איז שעדליך, אַז זיא דערשטיקט אַ זשעניע".

לעססינג האָט אַלזאָ גאַנץ גוט פערשטאַנען, אַז ער איז מעהר דענקער און קריטיקער, וויא שעפּפער און פּאָעט; אָבער ער איז שוין געווען צו שטרענג צו זיך: ווען ער וואָלט גאָר קיין אייגענע שעפּפונגס-קראַפט ניט געהאַט, וואָלט ער ניט געקענט פערפאַסען אַזעלכע גרויסע דראַמאַטישע ווערק וויא „נאַטהאַן דער ווייזע" און „מינא פאָן באַרנהעלם". ער האָט געשאַפען לאַנגזאַם, אָפט מיט מאַטערנעם אונטער אַן אויסווערטיגען דרוק, נאכדעם וויא ער האָט זיך גוט אָנגעטרונקען אין אַ פרעמדען קוואַל; אָבער דערפאַר האָט ער געגעבען טהייערע פערלען.

## עלפטער קאפיטעל.

## זיין ליעבע און זיין רייזע נאָך איטאַליען.

אָבוואָהל ער האָט גאנץ וויינינ געמאכט פון זיין שרייבען אין האמבורג דאָך האָט ער זיך געפיהלט בעסער אין דיזער פרייער און לעבעדיגער האַנדעלס־שטאָדט, וויא אין בערלין. איבעראַל האָט מען איהם אויפגענומען פריינדליך און מיט גרויס אַכטונג. כבוד האָט ער געהאַט מעהר, וויא ער האָט עס זיך געוואונשען. ער איז שוין פון אַלע זייטען אַנערקענט געוועזען פאַר דעם גרעסטען און גלענ־צענדסטען שרייבער אין דייטשלאַנד. זיינע שריפטען זיינען אַלין מעהר און אין אַלין ווייטערע קרייזען געלעזען געוואָרן. דאָך וואָלט ער וואַהרשיינליך אַוועקגעפאָהרען נאָך איטאַליען, וואוהין עס האָט איהם שטענדיג געצויגען, ווען דיא ליעבע צו אַ פרוי וואָלט זיך ניט אַריינגעמישט. ער איז שוין געוועזען נאָהענט צום פיערטען צעהנדליג יאָהרען, ווען ער האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז ער האָט זיך גאַנץ ערנסט איינגעליעבט אין אַ פעהייראַטעטע פרוי. צווישען זיינע פיעלע בעקאַנטע אין האַמבורג איז אויך געוועזען אַ געבילדעטער פאַברי־קאַנט מיט דעם נאָמען קעניג, וועמעס הויז איז געוועזען אָפען פאַר ליטעראַטען. זיין פרוי האָט שוין געהאַט פיער קינדער, אָבער זיא האָט נאָך ניט פערלאָרען איהר יוגענדליכע פרישקייט. זיא איז געוועזען אַ זעהר קלוגע, געבילדעטע און לעבהאַפטע דאַמע, און לעס־סינג האָט איהר זעהר געאַכטעט איידער ער האָט דערפיהלט, אַז ער האָט איהר אויך ליעב.

דיזער געפיהל, קען מען זאָגען, איז געוועזען פאַר איהם אַ נייעס. עס שיינט מערקווירדיג, זאָגאַר אונגלויבליך, דאָס אַזא לוסטיגער, נערוועזער, גייסטרייכער מאַן, וואָס האָט זיך נאָך אַלס סטודענט אַרומגעדרעהט מיט שוישפּיעלער, וואָס האָט ליעב געהאַט „וויין און געזאַנג“, האָט ניט אַרויסגעוויזען אויך אַ ליעבע צו „ווייב“. אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז ניט נאָר ווייס מען ניט פון זיינע ראָ־מאַנען אין יוגענד, אויב ער האָט וועלכע איבערהויפּט געהאַט,

זאָנדערן אַז זיין ערשטע ערנסטע ליעבע איז געוועזן צו דער בעיאָהד רענטער דאַמע עוואַ קעניג אין אַן אַלטער, ווען ער האָט שוין געקענט האָבען קינדער וואס זאָלען פירדען ליעבעס.

אין 1769 איז איהר מאַן פלוצלונג געשטאָרבען אין ווענעדיג, וואוהין ער איז אַוועק געפאָהרען צוליעב זיינע געשעפטען. לעססינג האָט פון דעסטוועגען צוויי יאָהר גאָר ניט געזאָגט וועגען זיין ליעבע צו דער אַלמנה, ביז ער האָט זיך איבערצייגט, אַז זיא איז צו איהם ניט גלייכגילטיג. ער האָט איהר דאַן פאָרגעשלאָגען זיין האַנד און האַרץ; אָבער זיא האָט איהם געבעטען צו וואַרטען ביז זיא וועט ברייגגען אין אָרדנונג דיא געשעפטען און רעכנונגען פון איהר מאַן. זיא האָט געוואוסט אַז לעססינג איז ניט א גרויסער פערדיענער און זיא האָט מורא געהאַט, אַז צוליעב איהרע פינאַנציעלע אַנגעלעגענהייטען וועט ער געשטערט ווערן אין זיין ליטעראַרישער טהעטיגקייט.

אום צו קענען פיהרען אַ פאַמיליען-לעבען האָט לעססינג אָנגענומען דיא שטעלע פון אַ ביבליאָטהעקאַר אין דער וואָלפענביטעל ביבליאָטהעק, וועלכע האָט געהערט צו דער פרינצליכער הויז פון ברונגשוויק. איינער פון זיינע פריינד האָט איהם רעקאָמענדירט צו דעם קרוין-פרינץ פון ברוינשוויק, וועלכער האָט זיך אינטערעסירט מיט ליטעראַטור און קונסט. דאָס געהאַלט איז געווען קליין, סך הכל 600 טהאַלער אַ יאָהר; אָבער איבער דעם וואָס פאַר דעם אָרימען שריפטשטעלער איז דאָס געווען אַ סך, האָט ער נאָך געקראָגען זעהר גוטע בעדינגונגען. מען האָט איהם נעמליך געגעבען צוויי העלפערס, זאָ דאָס ער האָט געהאַט גענוג פרייע צייט צו לעזען און צו שרייבען — אַלעס וואָס ער האָט געוואונשען. זיין הויפט-אויפגאַבע איז געווען צו אונטערזוכען, וואס פאַר ווערטהפאָלע היסטאָרישע ביכער און מאַנוסקריפטען עס האָבען זיך געפונען אין דיזער בעריהמטער ביבליאָטהעק, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אין 17טען יאָהרהונדערט און אין וועלכער מען האָט צוזאַמענגעקליעבען מיט דער צייט אַ זעהר טהייערע קאָלעקציאָן פון ביבעלס און מאַנוסקריפטען. דער גרויסער פילאָזאָף לייבניץ איז אויך אַ געוויסע צייט דאָרט געווען ביבליאָטהעקאַר.

לעססינג וואָלט געקענט דאָרטען לעבען רוהיג און זאָגאר צו־פריעדען, ווען ער וואָלט ניט געהאַט צו צאָהלען זיינע אייגענע שולדען אין האַמבורג און דיא שולדען פון זיין פאָטער, וועלכער איז אַרום דער צייט געשטאָרבען. זיין מוטער און אויך דיא איננגערע ברידער האָבען איהם באָמבאַרדירט מיט בריף ער זאָל זיי העלפען. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו אַרבייטען וואָס מעהר, אום צו קענען ערפילען זייערע ביטעס. דאָס האָט זיך שנעל אָבגערופען אויף זיין געזונד, און ער האָט אָנגעהייבען שטאַרק צו ליידען פון נערווען און האָט אויך אָפט געקראָגען שפּאַזמען. פון זיינע בריף צו זיין געליעבטע עוואַ קעניג און צו זיין ברודער קאַרל זעהט מען אַז ער האָט זיך געפיהלט זעהר נידערשלאָגען און אונגליקליך. „פון אַלע אונגליקליכע, האָט ער געשריעבען צו זיין ברודער, שיינט מיר, איז דער אונגליקליכסטער דער יעניגער, וועלכער איז געצוואונגען צו אַרבייטען מיט'ן קאָפּ אפילו דאַן ווען ער פיהלט ניט, אַז ער האָט אַ קאָפּ. אפילו דיזען בריף שרייב איך אזוי וויא אין שלאָף. . איך זעה קיינעם ניט און געה ניט אַרויס פון מיין צימער...."

אויך האָט ער ניט געקענט פערטראָגען דיא איינזאַמקייט אין דער קליינער שטאָט. אייניגע פון זיינע אינטימסטע פריינד, דאַ־רונטער אויך מענדעלסאָהן, האָבען איהם בעזוכט; אָבער דאָס איז ניט גענוג געווען פאַר אַ מאַן, וואָס איז צוגעוואָהנט געווען צו אַ קאָכעדיגען און לוסטיגען לעבען אין גרויסע שטעדט און צענטערס פון ציוויליזאַציאָן. נאָר ער וואָלט דאס אַלעס געדולדיג אַריבער־געטראָגען, ווען ער וואָלט געהאַט זיין הייס־געליעבטע עוואַ קעניג לעבען זיך. זיא האָט איהם געצוואונגען צו וואַרטען 4 יאָהר. אפילו ווען זיא האָט שוין געבראַכט אין אָרדנונג דיא געשעפטען פון איהר מאַן און איז געווען פערזיכערט מיט אַ יעדרליכע איינ־קונפט פון 500 טהאַלער, האָט זיא דאָך אַלץ אָבגעלייגט דיא חתונה. ער האָט עס ענדליך ניט אויסגעהאַלטען און איז אין 1775 אַוועק געפאָהרען צו איהר אין וויען, וואו ער האָט ביי איהר אַרויסגע־קראָגען דעם פערשפּרעך חתונה צו האָבען מיט איהם דעם נעכ־סטען יאָהר, וואס עס איז אויך געשעהן.

זייענדיג אין וויען, האָט ער געהאַט דיא געלעגענהייט צו

שפּרעכען מיט דער קייזערין מאַריע טערעזאַ, וועלכע האט איהם הויך געשעצט אַלס אַ דראַמאַטורג. דאָרט האָט איהם אויך געלינגען ענדליך אויסצופיהרען זיין אַלטען הייסען וואונש צו בעזוכען איטאַליען. איינער פון דיא בראונשווייגער פּרינצען האָט איהם מיטגענומען אַלס אַ קאָמפּאַניאָן אויף זיין רייזע נאָך איטאַליען. נאָר לעססינג האָט וועניג נוצען און פערגניגען געהאַט פון דיזער רייזע, ווייל דער פּרינץ איז געווען זעהר אַ קאַפּריזנער, פלעגט אָהן שום טאָלק וואַנדערן הין און צוריק, זעהר זעלטען זיך אָפּשטעלענדיג אויף איין אָרט. דיא גאַנצע רייזע האָט ניט לאַנג געדויערט. דערפאַר האָט לעססינג ניט נאָר געקראָגען אַ גרעסערע בעלוינונג וויא מען האָט איהם פערשפּראָכען, זאָנדערן אויך דעם טיטול האָפראַטה אין בראונשווייג, אַ טיטול וואָס ער האָט נעביך געגען זיין ווילען געמוזט אָננעהמען.



## צוועלפטער קאפיטעל.

### „עמיליע גאלאָטי“ און דיא „פראגמענטען“.

ניט אומזיסט האָט ער פערבראכט דיא צייט אין דער וואָלפענביטלער ביבליאָטהעק. טראָץ אלע קרענקונגען און שטערונגען, האָט ער ניט נאָר פיעל געלעזען און געשריעבען קריטישע און פאָלעמישע ארטיקלען, זאָנדערן האָט אויך געשאפען דיא טראגעדיע „עמיליע גאלאָטי“, פאר וועלכע זיינע פערעהרער האָבען איהם פערגליכען מיט שעקספיר'ן. דעם פלאן פון דיזער טראגעדיע האָט ער נאָך אויסגעארבייט אין לייפציג און האָט זיך עטליכע מאָל גענומען איהר אָנצושרייבען אין בערלין און אין האמבורג, וואו ער האָט איהר געוואָלט אויפפיהרען אין „נאציאָנאלען טהעאטער“. אָבער ער האָט אלץ ניט געקענט ענדיגען ביז ער האָט זיך אָנגעשטרענגט אין וואָלפענביטעל אין 1772.

דיא האנדלונג פון דיזער טראגעדיע קומט פאָר אין איטאליען. דער סיוזשעט איז אין קורצען דיא ליעבע פון א פרינץ צו א מיידעל, וועלכע דארף חתונה האָבען מיט אן אנדערן. אין דעם טאָג פון דער חתונה ווערט דער חתן בעפאלען פון באנדיטען, וועלכע ווערען געדונגען פון דעם פרינץ'ס נידערטרעכטיגען קאמערהערר מארינעלי און וועלכע ערמאָרדען איהם. דער פרינץ זוכט נאכהער צו פערפיהרען דיא כלה; אָבער דאס געלינגט איהם ניט, דען איהר פאטער דערשטעכט איהר אויס פערצווייפלונג אין דער צייט, ווען זיא וויל זיך אליין דערשטעכען. דער סיוזשעט איז אן און פיר זיך א מעלאָדראמאטישער; אָבער דיא בעארבייטונג פון דיא סצענען און דיא כאראקטעריסטיק פון דיא פערזאָנען איז אזוי מייסטערהאפט, אז דיא טראגעדיע האָט געהאט א גרויסען איינפלוס אויף דיא ווייטערע ענטוויקלונג פון דער דייטשער דראמע און בעזאָנדערס אויף שיללער'ן.

פערפאסט האָט ער דיזע טראגעדיע, אום צו צייגען א ביישפיעל, וויא מען דארף שרייבען טראגעדיעס נאָך דיא לעהרען

וועלכע ער האָט ענטוויקעלט אין זיין „האַמבורגער דראַמאַטורגיע“. וויא עס איז אויך בעמערקט געווען, זיינען ביי איהם קונסט קריטיק און דיכטונג געגאַנגען האַנד אין האַנד, נאָר דאס האָט זיך בעזאָנ־דערס ארויסגעוויזען אין „עמיליע גאַלאָטי“.

זיין טהעטיגקייט אין וואָלפענביטעל איז געווען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט אין אַ גאַנץ אַנדער ריכטונג וויא פּאָעזיע, דראַמע און אפילו קריטיק. ער איז אויך אַרויסגעטראָטען אַלס פריי־דענקער אין רעליגיעזע פראַגען און אַלס געגנער פון דיא אָנגענומענע קריכטליכע טהעאָלאָגיע. אָבוואָהל ער האָט שטודירט אין אַ סעמי־נאַריע און האָט איבערהויפּט געקראָגען אַ רעליגיעזע ערציהונג אין דער הויז פון זיין פאַטער, אַ פרומען גייסטליכען, האָט ער זיך דאָך גאַנץ וויינע בעשעפטיגט מיט טהעאָלאָגיע (הכמת האלהות) און איבערהויפּט מיט רעליגיעזע פראַגען. נאָר צופעליג האָט ער זיך אַ מאָל בעריהרט דיא קריסטליכע לעהרע. אָבער ער האָט דאָך פיעל געלעזען איבער רעליגיאָן אין אַלגעמיין און דיא קריסט־ליכע בעזאָנדערס און ער האָט עס זעהר גוט ארויסגעצייגט, ווען איהם איז אויסגעקומען צו פּאָלעמיזירען מיט גייסטליכע און ספּע־ציעל מיט אַ געוויסען געצע.

דיא אורזאַכע פון דיעזען שטרייט, וועלכער האָט אויפגערו־דערט דיא מוחות ניט בלויז אין דייטשלאַנד, איז געווען א ווערק פון דעם פּראָפעסאָר ר י י מ א ר ו ס, וועלכער איז בעוואוסט געווען אַלס אַ גרויסער געלעהרטער און קענער פון אָריענטאַלישע שפּראַכען. דיעזער פּראָפעסאָר איז געווען אַ שטילער מענש און האָט ניט געהאַט דעם מוטה אַרויסצוטרעטען מיט זיינע אַפּי־קורס׳ישע געדאַנקען, ווען ער האָט געלעבט. נאָך זיין טויט איז געבליעבען אַ ווערק אונטער דעם נאָמען „אַפּאָלאָגיע אָדער שוץ־שריפט פיר דיא פערנינפטיגע פערעהרער פון גאָט“. אין דיעזער „אַפּאָלאָגיע“ האָט ער פערטהיידיגט דיא לעהרע, אַז דיא וועלט ווערט רעגיערט פון אייביגע געזעצע און אַז עס קען פּאָלגליך קיין נסים ניט זיין. דערביי האָט ער שאַרף קריטיקירט דיא ביבעל און בעזאָנדערס דיא קריסטליכע לעהרען.

ווען לעססינג איז געווען אין האַמבורג האָט ער זיך בעפריינ־

דעט מיט דער פאמיליע פון דיעזען פראפעסאר. עליזע, א טאכטער פון פראפעסאר ריימארוס, וועלכער האט פערעהרט לעססינג'ן, האט איהם אין 1770 איבערגעגעבען א קאפיע פון דער „אפאלאגיע" אדער פילייכט דיא אריגינעלע שריפט. ווען ער האט צייט געהאט אויפמערקזאם איבערצולעזען דיעזע טיעף־קריטישע און הויך־געלעהרטע שריפט, האט ער בעשלאסען איהר צו פערעפענטליכען, אבוואהל ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז ער וועט פערזענליך ליידען דורך דעם. ער האט זיך בענוצט דערמיט, וואס אלס דירעקטאר פון דער וואלפענביטלער ביבליאטהעק האט ער דאס רעכט געהאט צו פערעפענטליכען אלטע שריפטען אהן א צענזור. ער האט אנפאנגס געזוכט א פערלעגער, וואס זאל האבען מוטה גענוג ארויסצוגעבען ריימארוס'עס ווערק. ווען ער איז געוועזען אין בערלין האט ער זיך בעראטהען מיט מענדעלסאהן'ען וועגען דיא פערעפענטליכונג פון דיעזע אפיקורס'ישע שריפט. מענדעלסאהן, וועלכער האט זיך שטענדיג געשראקען אנצופאנגען אן אפענעם קאמפף מיט גייסטליכע און איבערהויפט מיט דער קריסטליכער קירכע, האט איהם געבעטען דאס ניט צו טאן. ער האט מורא געהאט, אז זיין עדעלער פריינד וועט דורך דעם ליידען. אבער לעססינג האט זיך גאר ניט געקימערט וועגען זיין פערזאן, ער האט נאר אין אויג געהאט דיא אינטערעסען פון וואהרהייט און אויפקלערונג.

דארום, ווען ער האט אפילו אין בערלין, וואו דער קעניג זעלבסט איז געוועזען א פריידיינקער, ניט געפונען א פערלעגער פאר ריימארוס'עס „אפאלאגיע", האט ער מיטגענומען דעם מאנוסקריפט נאך וואלפענביטעל און אנגעפאנגען ארויסצוגעבען דאס ווערק קאפיטעלעכווייז כלומרש'ט אלס אן אלטע שריפט פון אן אונבעקאנטען שרייבער. ער האט עס א נאמען געגעבען „פראגמענטען (שטיקלעך) פון אן אנאנימען (אונבעקאנטען) שרייבער". דאס האט ער געטאן, אום אפצונארען דיא צענזור, וועלכע וואלט אויף קיין פאל ניט דורכגעלאזען ריימארוס'עס ווערק. אין זיינע בעמערקונגען צום ערשטען „פראגמענט" האט ער ערקלערט, אז ער האט קיין אהנונג ניט, ווער דער פערפאסער איז, און האט אנגע־

ווייזען אויף אַ געוויסען לאָרענץ שמידט, וועלכער איז מיט יאָהרען צוריק געשטאָרבען אין וואָלפענביטעל, אַלס דעם מעגליכען פער־פאַסער.

אין 1777, ווען ער האָט אַרויסגעגעבען פינף „פראַגמענטען“ מיט אַ מאָל, האָט אויסגעבראָכען אַ שטורם צווישען דיא גייסט־ליכע. פון אַלע זייטען האָבען זיי זיך אַ נעהם געטהאָן אָפּצושט־רייטען דיא ערקלערונגען און אויספיהרונגען פון דעם „אונבעקאַנטען שריי־בער“ און זיינען פאַר איין גאַנג ארויסגעטראָטען געגען דעם אַרויס־געבער. איי:יגע האָבען בעהויפּטעט, אַז לעססינג אַליין איז דער פערפאַסער פון דיא „פראַגמענטען“ און האָבען געפאָרדערט, אַז מען זאָל איהם ניט לאָזען זיי ווייטער אַרויסגעבען. דער וויכטיגסטער געגנער איז געווען דער האַמבורגער פאַסטאָר געצע.

דיעזער פאַסטאָר האָט ניט נאָר געזוכט צו פערטהיידיגען דיא אנגענומענע קריסטליכע לעהרען, זאָנדערן האָט אויך פער'מסר'ט דיא „פראַגמענטען“ אַלס אַ גאָטלאָזעס ווערק, וואָס איז געפעהר־ליך פאַר דיא זיכערהייט פון שטאַאַט. דאָס האָט געצוואונגען לעס־סינג'ן אַרויסצוטרעטען געגען דעם פאַסטאָר. דער גייסטרייכער קריטיקער האָט פאָלעמיזירט מיט היץ און האָט אַזוי צוגעשפּאַרט צום וואַנט דעם פאַסטאָר, אַז דער לעצטער האָט מיט דיא הילפע פון דיא גייסטליכע אין וואָלפענביטעל געגומען פאָרדערן ביי דער רעגיערונג, דאָס מען זאָל ניט ערלויבען לעססינג'ן אַרויסצוגעבען דיא „פראַגמענטען“ אָהן דיא ערלויבניס פון אַ צענזאָר.

דער ברונסוויקער פרינ'ץ האָט געמוזט נאָכגעבען דיא פאָרדע־רונג פון דיא גייסטליכע און לעססינג האָט אין 1778 געקראָגען א בעפעהל מעהר ניט צו דרוקען דיא „פראַגמענטען“ אָהן דער בעווי־ליגונג פון דער צענזור. אַלס גרונד פון דיעזען בעפעהל איז אנגע־געבען געוואָרען, דאָס לעססינג האָט ניט געקראָגען אַן ערלויבניס צו פערעפענטליכען אַזעלכע שריפטען פון דער וואָלפענביטלער ביבליאָטהעק, וועלכע זיינען פיינדליך צו דער קריסטליכער רע־ליגיאָן. דערצו נאָך האָט דיא רעגיערונג קאָנפיסצירט דעם בוך, אין וועלכען עס זיינען צוזאַמען אָפּגעדרוקט געווען דיא פריהערע „פראַגמענטען“.

מיט דיעזען פערבאָט איז לעססינג העכסט צופריעדען געוועז, ווייל ער האָט גאַנץ גוט פערשטאַנען, אַז דורך דעם וועט ריימאַרוס'עס ווערק פיעל מעהר געלעזען ווערען. אזוי איז עס אויך געווען. אין זאַקסען האָט מען אונטער שווערע שטראָפען פערבאָטען צו פערקויפען דיא געדרוקטע „פראַגמענטען". לעססינג האָט זיך אָבער ניט געשראָקען פאַר דעם פערבאָט. ער איז געווען ענטשלאָסען פאָרטצוזעצען זיין קאַמפף מיט דיא גייסטליכע, ווען ער זאָל אפילו פערלירען זיין שטעלע און געצוואונגען זיין אויף דיא עלטערע יאָהרען (ער איז שוין געווען איבער פופציג יאָהר אַלט), ווען ער איז נאָך געוועזען זעהר שוואך און קרענקליך, צו לעבען בלויז פון זיין פעדער. ער איז דארום מוטהיג אַרויסגעטראָטען מיט אַ שריפט אונטער דעם נאָמען : „אַ נויטווענדיגע אנטוואָרט אויף אַ זעהר פוסטע פראַגע פון האַמבורגער פּאַסטאָר געצע". ווען דיא אַנטוואָרט איז אָפּגעדרוקט געוואָרען, האָט מען איהם אויפגעפאָדערט צו קומען צו אַ פערהער פון גלחים וועגען דעם, אָבער ער האָט זיך גאָר ניט געקימערט וועגען דעם און האָט באַלד געלאָזט דרוקען אין האַמבורג אַ צווייטע „נויטווענדיגע אַנטוואָרט".

אַזוי וויא געצע האָט זיך אַרומגעזעהען, דאָס ער וועט גאָר ניט אויספיהרען געגען לעססינג'ן מיט דער פעדער און אפילו מיט מסירות, האָט ער שוין מעהר ניט געענטפערט. דארום האָבען אויך אַנדערע גענגער צו רוהע געלאָזען דעם שאַרפען און גייסטרייכען קריטיקער. לעססינג האָט זיך ניט אַרויסגעוויזען אַלס אַן אַטהעאיסט, אַלס כופר בעיקר (אַזעלכער איז ער אייגענטליך קיין מאָל ניט געווען ; אויף דיא עלטערע יאָהרען איז ער געוואָרען אַ ספינאָזיסט, צו מענדעלססאָהן'ס גרעסטע ערגערניס, וויא מיר וועלען עס זעהען) ; ער האָט אויך אָפען ניט געלייקענט נסים און ענטפּלעקונגען און האָט געלאָזען אָן אַ זייט דיא פראַגע וועגען איבערנאַטירליכעס ; אָבער זיינע אַרגומענטען האָבען דאָך געטראָפען אין ציעל, געוועקט דעם פרייען גייסט און אַרויסגערופען צווייפעל אין דיא מוחות פון גלויביגע. גראַדע מיט זיין מעססיגקייט איז ער געווען געפעהרליך פאַר דיא גלחים און דיא אָרטהאָדאָקסיע.

## דרייצעהנטער קאַפּיטעל.

### דער טויט פון זיין פרוי און קינד.

ווען לעססינג וואָלט געוועזן אַן אבערגלויביגער מענש, וואָלט ער געקענט זאָגען, אַז ער איז געבאָרען געוואָרען אין אַ בייזער שעה, ווען דער שלים־מזל האָט זיך שטענדיג נאָך איהם נאָכגעשלעפּט. גראַדע אַרום דער צייט, ווען ער האָט ענדליך געקענט חתונה האָבען מיט זיין געליעבטע, זיינען זיינע פינאַנציעלע אומשטענדען געוועזן בעסער וויא ווען עס איז פריהער. אויסער זיין שטעלע אַלס דירעקטאָר פון דער וואָלפענביטעל ביבליאָטהעק, איז ער אויך ערנאַנט געוואָרען אַלס אַ מיטגליעד פון דער מאַנהיימער אַקאַדעמיע פון וויסענשאַפטען. אויסער כבוד האָט דיעזע אויסוואַהל איהם געבראַכט 500 טהאַלער פענסיע אַ יאָהר.

מען קען זאָגען, אַז איין יאָהר פון זיין פיעל־געפּרופטען לעבען האָט ער זיך געפיהלט גליקליך און אויך פערבראַכט גליקליך. דאָס איז געוועזן דער ערשטער יאָהר נאָך זיין חתונה מיט עווא קעניג, וועלכע איז בעוואונדערט געוואָרען פון אַלע בעקאַנטע פאַר איהר שכל, גוטהערציגקייט און גאַסטפריינדליכקייט. ער האָט איהר אַזוי שטאַרק געליעבט, אַז דיעזע ליעבע איז אויך איבערגעגאַנגען אויף איהרע פיער קינדער פון דעם ערשטען מאַן. זיין געהאַלט צוזאַמען מיט איהר יעהרליכע איינקונפט האָבען זיי ערלויבט צו לעבען אין קאָמפאָרט. זיינע אייגענע בריעף, וויא אויך דיא בריעף פון זיינע פריינדע, וועלכע האָבען איהם צו דער צייט בעזוכט אין וואָלפענביטעל (צווישען זיי אויך מענדעלסאָהן) צייגען, אַז ער האָט געפיהרט אַן אידעאַלען גליקליכען פאַמיליען־לעבען.

אָבער דער שלים־מזל האָט זיך באַלד ווידער אַריינגעמישט, און לעססינג איז מיט איין קלאַפּ אַרונטערגעשליידערט געוואָרען פון דעם העכסטען שפּיץ פון זיין גליקזעליגען לעבען אין אַן אַבּגרונד פון האַרצווייטאָג און פערצווייפלונג. דאָס איז געקומען דורך דעם טויט פון זיין פרוי, נאָכדעם, וויא זיא האָט איהם געשאָנקען

אַ זוהן, וועלכער האָט בלויז געלעבט עטליכע שטונדען. דאָס האָט פּאַסירט אין יאַנואַר 1788, עטליכע וואָכען נאָך מענדעלזאָהן׳ס בעזוך. וואָס לעססינג האָט דאַן געפיהלט, קען מען אורטהיילען פון זיין בריעף צו זיין פריינד עשענבורג.

„איך בענוץ מיך מיט דעם מאָמענט, ווען מיין פרוי ליעגט גאַנץ בעוואוסטלאָז, אים אייך צו דאַנקען פאַר אייער הערצליכע סימפּאַטיע. מיין פרייד איז געוועזען אַזוי קורץ! אַך מיין אָרימער זוהן! וויא שווער עס איז מיר געוועזען איהם צו פערלירען. ער איז געוועזען אַזאַ חכם, אַזאַ חכם! מיינט ניט, אז אין דיא עטליכע שטונדען פון מיין פאטער־ראָלע בין איך געוואָרען אַזאַ נאַרישער פּאַפּאַ. ניין, איך ווייס וואָס איך זאָג — האָט ער דען ניט אַרויסגעוויזען חכמה, וואָס ער האָט ניט געוועלט אַרויסקומען אויף דער וועלט ביז מען האָט איהם אַרויסגעשלעפּט מיט אייזערנע צוואַנגען? איז עס דען ניט אַ צייכען פון שכל, דאָס ער האָט ביי דער ערשטער געלעגענהייט זיך אָפּגעטראָגען פון דער וועלט? אָבער דער קליינער מזיק שלעפּט אויך מיט זיין מוטער . . . איך האָב ווייניג האָפנונג, אַז זיא וועט בלייבען מיט מיר... איך האָב געוועלט לעבען וויא אַנדערע מענשען, אָבער דאָס איז מיר שלעכט געלונגען . . .“

אַ גאַנצע וואָך האָט זיא געשוועבט צווישען לעבען און טויט, און לעססינג׳ס האַרץ האָט געקלאַפּט אַ שטונדע מיט שוואַכע האָפנונג און לאַנגע נעבען מיט פערצווייפלונג. באַלד נאָך איהר טויט האָט ער געשיקט זיין פריינד עשענבורג פאָלגענדען בריעף, וועלכער דריקט אויס קורץ און שאַרף זיין ביטערע האַרץ מיט אַ בייסענדע איראָניע: „מיין פרוי איז געשטאָרבען, איך האָב אייך דורכגעמאַכט דיעזע פּראָבע. עס פרעהט מיך, וואָס איך וועל שוין ווייטער ניט דורכמאַכען אַזעלכע פּראָבעס. דיעזער געדאַנקען מאַכט מיך רוהיג. עס פרעהט מיך אויך, וואָס איך בין זיכער אין אייער סימפּאַטיע און אין דער סימפּאַטיע פון אונזערע פריינד.“

וואָס פאַר אַ טיעפע וואונד אין האַרצען ער האָט געטראָגען דורך דיעזע טראַגישע ענדע פון זיין קורצען גליק — בסך הכל פיערצעהן מאָנאַט פאַמיליען־לעבען — דאָס האָט מען באַלד געקענט

זעהען אויף זיין פנים. אין עטליכע וואָכען איז ער אַלט געוואָרען, דיא אויגען האָבען פערלאָרען זייער פריהערן גלאַנץ, דער שמייכעל איז פערשוואונדען פון זיינע ליפּען, און זיין קערפּער איז איינגע־בויגען געוואָרען. מען האָט איהם שוין ניט געזעהען לוסטיג און פול מיט לעבהאַפטיגקייט און וויין. אַ גאַנצען יאָהר האָט ער זיך בעקלאָגט אין בריעף צו זיינע פריינד אויף האַרצקלעמענעס, מיד־קייט. „איך בין אייגענטליך ניט קראַנק, האָט ער געשריעבען, איך בין בלויז ניט געזונד“. אין איינעם פון זיינע בריעף צו זיין ברודער קאַרל האָט ער געשריעבען: „איך האָב מורא, אַז דוא וועסט מיך שוין קיין מאָל ניט זעהען, וויא אונזער פריינד מאָזעס (מענדעלסזאָהן) האָט מיך געפונען: אַזוי רוהיג, אַזוי צופריעדען אין מיינע פיער ווענט . . .“

דער קאַמפּף וועלכען ער איז געצוואונגען געווען צו פיהרען מיט דיא גייסטליכע וועגען דיא „וואָלפענביטלער פראַגמאַנטען“, האָט איהם אַ ביסעל בערוהיגט. אין איין בריעף, עטליכע טעג נאָך זיין פרוי׳ס טויט, האָט ער ערקלעהרט, אַז אָנשטאָט צו נעהמען אָפּיום, אום איינצושלעפערן, לעזט ער טהעאָלאָגישע ביכער, און דאָס מאַכט איהם ערטרעגליכער דעם לעבען. זיין פּאָלעמיק מיט דעם פּאַסטאָר געצע, וועלכע איז אַלץ שאַרפער געוואָרען, האָט איהם אויפגעמונטערט און אויפגעלעבט; נאָר אין גאַנצען האָט ער זיך שוין ניט ערהאָלט. איהם איז ניט לאַנג געבליעבען צו לעבען. פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך פיהלען אַזוי שלעכט, אַז ער פלעגט בלייבען אין אונמאַכט. דאָך האָט ער זיך אָנגעשטרענגט ניט נאָר צו פערטהיידיגען זיינע מיינונגען וועגען דיא קריסטליכע רעליגיאָן און רייםאַרוס׳עס מערקווירדיגע קריטישע ווערק, זאָנדערן אויך אָנצו־שרייבען אַ דראַמע, אום צו דערלאַנגען אַ קלאַפּ זיינע געגנער פון אַן אַנדער זייט. דיעזע דראַמע איז געווען זיין לעצטע און בעסטע קרוינונגס־ווערק. דאָס איז „נאַטהאַן דער ווייזע“. ווען ער וואָלט מעהר ניט אָנגעשריעבען וויא דיעזע דראַמע, וואָלט ער זיך אויך אונשטערבליך געמאַכט.



## פיערצעהנטער קאַפּיטעל.

### „נאַטהאַן דער ווייזע“.

אין 1788, אין רעכטען פייער פון זיין שטרייט מיט פּאַסטאָר געצע, איז ער געפאַלען אויף דעם פּלאַן צו פערפאַסען אַ דראַמע, וועלכע זאָל אין דער זעלבער צייט אָפּשפּיעגלען זיינע רעליגיעזע און פילאָזאָפישע געדאַנקען און אויך אַריינדרינגען אין דיא מאַסען, וועלכע לעזען ניט טעאָלאָגישע און פילאָזאָפישע ווערק. ער האָט דאַן געשריעבען צו זיין ברודער: „אַ מישוגענער געדאַנקען איז מיר לעצטע נאַכט אריינגעקומען. פיעלע יאָהרען צוריק האָב איך זיך אַרומגעטראָגען מיט אַ פּלאַן פון אַ פּיעסע, וואָס איהר אינהאַלט איז געווען עהנליך צו דיא יעצטיגע ויכוחים (ער האָט דאָ געמיינט זיין שטרייט מיט דיא גלחים וועגען דיא „פראַגמענטען“), פון וועלכע איך האָב דאַן נאַטירליך ניט געטרוימט. אויב דוא און מאָזעס (מענדעלסזאָהן) וועלען צושטימען, וועל איך אָבדרוקען דיא דראַמע אויף סובסקריפּציאָנען... איך דענק, אַז איך האָב אויסגעפונען אַ זעהר אינטערעסאַנטען סיוזשעט פיר מיין דראַמע, און אַלעס צוזאַמען וועט ניט נאָר זיין זעהר לעזבאַר, זאָנדערן איך וועל נאָך זיכער אָפּשפּיעלען דיא גייסטליכע אַ שפּיצעל, וואָס וועט זיי פיעל מעהר ערגערן וויא דיא צעהן „פראַגמענטען“.

דיעזע דראַמע איז „נאַטהען דער ווייזע“. וויא וויים מען קען שליסען פון אַ פּאָאַר בריעף צו זיין ברודער, האָט זיך לעססינג אַרומגעטראַגען מיט דעם געדאַנקען וועגען אַזאַ דראַמאַטיש-פילאָזאָפישע ווערק, וויא „נאַטהאַן דער ווייזע“, ווייניגסטענס דריי יאָהר פריהער איידער ער האָט איהר אָנגעשריעבען. „מיין נאַטהאַן“, האָט ער געשריעבען, איז אַ שטיק, וואָס איך האָב געווינשען צו ענדיגען מיט אַ יאָהר דריי צוריק, ווען איך בין צוריק געקומען

פון מיינע רייזען. איך האָב עס יעצט אָבגעפרישט, ווייל איך האָבּ בערעכענט, אז נאָך עטליכע קליינע ענדערונגען אין דעם פּלאַן וועל איך קענען אָנפּאַלען אויף דעם ישונא פון אַן אַנדער זייט". צו עליזע רייכאַרים האָט ער דאַן געשריעבען: „איך מוז פּרובירען, אויב זיי (דיא גייסטליכע) וועלען מיר לאָזען פּרעדיגען אונגע־שטערט ווייניגסטענס פון מיין אַלטען בעל־אמת, דיא ביהנע".

דיעזע פּראָבע איז איהם גלענצענד געלונגען, נאָך בעסער וויא ער האָט עס געהאָפּט, דען ער האָט געשאַפען אַ מייסטער־ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור, אַ דראַמע, וועלכע וועט וואַהר־שיינליך קיין מאָל ניט אַראָבגיין פון דער ביהנע, און אַ טיעף־זיני־גע און ערהעבענע פילאָזאָפישע ווערק. אַ קורצע צייט נאָך לעססינג'ס טויט האָט מענדעלססאָהן גאַנץ ריכטיג בעמערקט אין אַ בריעף צו לעססינג'ס ברודער קאַרל: „דער ביאָגראַף פון אייער ברודער מעג זאָגען: לעססינג האָט אָנגעשריעבען „נאַטהאַן דער וויזע" און איז געשטאָרבען".

אין דיעזער מערקווירדיגער דראַמע, וועלכע האָט געהאַט אַ טיעפען איינפלוס אויף דער מענשהייט און האָט אויך ניט ווייניג געווירקט אַז מען זאָל בעטראַכטען דיא אידען וויא גלייכבערעכ־טיגטע מענשען, האָט לעססינג זיך אַרויסגעוויזען אין זיין גאַנ־צער גרויסקייט אַלס דראַמאַטורג, קונסט־קריטיקער און פילאָזאָף. וואָס אַנבעלאַנגט צו אידען, קען מען זאָגען וועגען דיעזען ערעלס־מען דייטש, אַז ער האָט אָנגעפאַנגען און געענדיגט זיין דראַמאַ־טיישע קאַריערע אַלס זייער טרייער פריינד. נאָר וואָס פאַר אַן אונ־טערשייד אין אינהאַלט און איבערהויפּט אין דער קונסט צווי־שען זיין יוגענד־ווערק „דיא אידען" און זיין לעצטע ווערק „נאַ־טהאַן דער וויזע"! דרייסיג יאָהר טהיילען זיי אָפּ, אָבער אין דיע־זער צייט האָט דער געניאַלער בערפאַסער אונגעהייער פיעל גע־לערנט אין דורכגעמאַכט אַ שווערען און ביטערן קאַמפּף אין זיין פיעל געפּלאָגטען לעבען.

אַן אויספיהרליכע קריטיישע בעטראַכטונג פון „נאַטהאַן דער וויזע" פאָדערט אַ גאַנצען בוך, דען דיעזע דראַמע איז ענג פער־בונדען מיט לעססינג'ס וועלט־אַנשויאונג און זיין גאַנצע ליטעראַ־

רישע טהעטיגקייט*). דאָ מוזען מיר זיך בעגנוגענען מיט אַ קורצען איבערבליק.

פאַר זיין דראַמע האָט לעססינג אויסגעקליבען דיא ריכטיגע צייט און דעם פּאַסענדסטען אָרט. דיא האַנדלונג קומט פאָר אין ירושלים אין דער צייט פון דעם פיערטען קרייץ־צוג צו ענדע פון צוועלפטען יאָהר־הונדערט ווען דער בעריהמטער סולטאַן סאַלאַדין איז געוועזען דער הערשער פון דער היילינגער שטאָדט און דער ענג־לישער קעניג ריטשאַרד, גענאַנט „לייב־האַרץ“, און דער פראַנ־צויזישער קעניג פיליפּ אָגוסט האָבען געפיהרט מלחמה מיט דיא מאהאָמעדאנער צו פערנעהמען פּאַלעסטינע. דיא צענטראַל־פיגור פון דער דראַמע איז נאַטהאַן, אַ אידישער קויפמאַן, וואָס האָט שרעקליך געליטען פון דעם פאַנאַטיזמוס פון דיא קריסטען, וועל־כע האָבען זיך געריסען צו ערלייזען דעם קבר פון זייער גאָט. מיט 18 יאָהר איידער דיא האנדלונג פון דער דראַמע פאַנגט זיך אָן, האָט ער אין איין שוידערליכער שטונדע פערלאָרען זיין פרוי און זיינע 7 זיהן. דיא קריסטען, וועלכע זיינען בעפאַלען דיא שטאָדט, וואו נאַטהאַן׳ס פאַמיליע האָט געוואָהנט, האָבען אויסגעשלאַכטעט דאָרט אַלע אידען. אָהן ערבאַרמען האָבען זיי אויסגעשאָכטען אפילו אידישע קינדער און פרויען, דארונטער אויך נאַטהאַן׳ס גאַנצע פאַמיליע. ער איז געבליעבען עלענד וויא אַ שטיין. דריי טעג און דריי נעכט האָט ער געטרויערט, געקלאָגט און געשוואָרען ראַ־כע צו אַלע קריסטען. אָבער זיינע בעסערע געפיהלען און זיין פער־שטאַנד האָבען בעזיעגט דיא ניעדעריגע אינסטינקטען. ער איז געבליבען אַ פילאָזאָף מיט אַ עדעלע האַרץ, פול מיט ליעבע צו גאָט און צו מענשען.

זיין עדעלע האַרץ האָט ער אַרויסגעצייגט אויף דעם פערטען טאָג נאָך דער שוידערליכער אויסשלאַכטונג פון זיין פאַמיליע. גראַ־דע האָט עס געטראָפען, דאָס אַ רייטער האָט צו איהם געבראַכט

*) דיא לעזער וואָס קענען גוט דייטש און ווילען גרינדליך פער־שטיין „נאַטהאַן דער וויזע“ רעקאָמענדירען מיר צו לעזען די קריטישע אַנאַליזען פון קונאָ פישער און דאַוויד שטראַוסס.

א קליין קינד, דיא טאָכטער פון זיין פריינד, דעם דייטשען ריטער וואָלף פאָן פילנעק, וועלכער האָט איהם געראָטעט פון טויט און וועלכער איז פערבליבען אין דער שטאָדט עזה, וואָס איז אטאקירט געוואָרען פון דיא סאראצינען, סאלאדין'ס סאָלדאטען. דעם רי־טער'ס פרוי איז געשטאָרבען אין קינדבעט, און דער פערצווייפעל־טער ריטער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין עדעלען אידישען פריינד און האָט צו איהם געשיקט זיין טאָכטער מיט א ביטע איהר אויפ־צוהאָדעווען. נאטהאן האָט דאן אין גאנצען פערגעסען אָן זיינע שבועות צו נעהמען ראכע פון קריסטען. ער האָט עדעלמוטהיג ערפילט דיא בקשה פון זיין קריסטליכען פיינד, וועלכער איז גע־טויטעט געוואָרען ביי דער פערטהיידיגונג פון דער פעסטונג אין עזה. ער האָט אריינגעטראָגען דאָס קינד אין זיין הויז, האָט עס א קוש געטאָן און מיט א הערצרייסענדען יאָמער אויסגעשריען: „גאָט! פאר זיעבען האָסטו מיר האָטשע געגעבען איינע!"

ער האָט איהר א נאָמען געגעבען רעכא און האָט איהר ער־צויגען אזוי, אז זיא זאָל ניט געהערען צו א בעשטימטער רעליגיאָן, נאָר זאָל זיין גוט, ריין און עדעלמוטהיג. זיא וואקסט אויס א רייצענדע מיידעל מיט דיא בעסטע מעלות. זיא ווייס גאָר ניט פון איהר אָבשטאמונג. זיא בעטראכט איהם אלס איהר פאטער און האָט איהם ניט נאָר צערטליך ליעב, נאָר פערגעטערט איהם פאר זיין גוטסקייט און עדעלמוטה. אין יהרע אויגען איז ער דיא פערקערפערונג פון דיא העכסטע אידעאלען פון מענשען.

דיא האנדלונג פון דער דראמע פאנגט זיך אָן, ווען נאטהאן קעהרט זיך אום מיט א רייכען קאראוואן נאָך איינע פון זיינע האנדעלס־רייזען. רעכא'ס קריסטליכע מאמקע דאיא זאָגט איהם אָן דיא טרויעריגע בשורה, אז זיין הויז איז אָבגעברענט געוואָרען. דאָס קימערט איהם ניט אזוי פיעל, וויא ווען ער דערוויסט זיך, אז זיין טהייערע רעכא איז קוים געראָטעט געוואָרען פון דיא פלאמען. א יונגער ריטער האָט איהר ארויסגעשלעפט פון דער ברענענדער הויז; אָבער זיא האָט זיך איינגעבילדעט, אז איהר רעטער איז ניט אנדערס געוועזען וויא א מלאך. דיא מאמקע ווייס, אז דער רע־טער איז א ריטער מיט דעם נאָמען קורד פאָן שטראופען, וועלכער

איז געפאנגען געוואָרען פון דיא סאראצינען, נאָר איז בעגנאדיגט געוואָרען פון דעם סולטאן סאלאדין, ווייל ער איז מערקווירדיג עהנליך געווען צום סולטאן'ס פערשטאָרבענעם ברודער אסאדי, אָבער זיא האָט געלאָזען דיא מיידעל טרוימען וועגען א געטליכען רעטער און וועגען נסים. ווען נאטהאן דערהערט עס, פאנגט ער אָן צו פילאָזאָפירען וועגען נסים און צו ערקלערען דיא גאנצע מעשה אויף א נאטירליכען וועג. ער סטארעט זיך צו ערקלערען דער איינגעבילדעטער און ראָמאנטישער מיידעל, וויא נאריש עס איז צו זוכען וואונדער, ווען דיא נאטירליכע פאסירונגען זיינען אויך גענוג זאָנדערבאר און געהיימניספאָל. אום איין גאנצען צו פעריאָגען איהרע איינבילדונגען, רופט ער אויס: „אָה, איהר גרויזאמע טרוימערינען! פיעלייכט איז גאָר דיעזער מלאך טויט אָדער קראנק". דאָס ווירקט גלייך אויף דער מיידעל און זיא ווערט זעהר אונרוהיג, טאָמער איז איהר רעטער ווירקליך קראנק אָדער אונגליקליך. ווען נאטהאן זעהט, אז ער האָט צושטערט איהר איינבילדונג, בערוהיגט ער איהר מיט דיא ווערטער: „רעכא! איך ברייננ דיר א רפואה און ניט א גיפט.... נעהם זיך דאָס אין קאָפּ אריין, אז עס איז פיעל לייכטער צו טרוימען פרום, וויא עפּעס גוטעס צו טאָן"...

אין דער צייט, ווען דיזער געשפּרעך ווערט געפיהרט, שפּאצירט דער ריטער ארום אונטער פאלם-בוימער לעבען נאטהאן'ס הויז. ער איז א פייערדיגער יונגער מאן, בראוו און פול מיט ריטערליכער עהרע. ער איז ניט נאָר קיין פאנאטיקער, זאָנדערן זאָגאר א פריידיינקענדער, וואָס עס איז א זעלטענהייט אין יענע פאנאטישע צייטען; אָבער דאָך האָט ער איינגעזויגען אין זיך אלע פאָראורטהיילע געגען אידען. ער פעראכטעט אזוי טיעף דיא אידען, דאָס ער וויל גאָר ניט הערען, ווען דאיא קומט צו איהם צו און גיט איהם איבער, אז נאטהאן וויל איהם זעהען און דאנקען דערפאר, וואָס ער האָט געראַטעט זיין טאָכטער. ער ענטפּערט מיט אונגעדולד, אז מען זאָל איהם לאָזען צורוה און אז דיא גאנצע אנגעלעגענהייט האָט ניט ערוועקט אין איהם דעם מינדעסטען אינטערעס.

אין דעם צווייטען אקט, ווען נאטהאן זעלבסט געהט בעדאנקען

דעם ריטער און טרעפט איהם אונטער דיא פאלם־בוימער, קומט פאר צווייטען זיי א מערקווירדיגער געשפרעך, אין וועלכען עס שפיגלען זיך בעזאנדערס אפ לעססינג'ס אנזיכטען איבער רעלי־גיאן און מענשליכקייט. דער ריטער שטויסט איהם אפ אנפאנגס איים פעראכטונג צו אידען איבערהויפט, אבער יעדער ווארט פון דעם עדעלמיטהיגען איד מאכט א טיעפען איינדרוק אויף איהם. דער ריטער רעדט ווערטער, וועלכע ער בעדיינקט ניט, ער צייגט ארויס פיעל ליידענשאפט און וויניג פערשטאנד אין זיינע מיי־נונגען וועגען אידען; אבער ניט ווילענדיג מוז ער זיך בויגען פאר דיא פערנונפט פון דעם אלטען און פיעל־געפרופטען נאטהאן. ענדליך, ווען דער ריטער שרייט אויס, אז ער פעראכטעט דיא אידען, ווייל זיי האלטען זיך פאר אתה־בהרתנו'ניקעס, קריעגט ער אזא אנטוואָרט: „פעראכטעט מיין פאלק וויא פיעל איהר ווילט, אבער בערעכענט, אז מיר האבען ניט אויסגעקליעבען אונזער פאלק. זיינען מיר דען אונזער פאלק? וואס איז א פאלק? זיינען דען קריסטען און אידען פריהער קריסטען און אידען איידער זיי זיינען מענ־שען?“ דער ריטער האט ניט וואס צו ענטפערן דערויף און דער־לאנגט נאטהאנען זיין האנד אלס מענש און פריינד. נאטהאן'ס ווייזהייט און גוטסקייט האבען בעזיעגט דיא ווילדע פארורטהיילע פון דעם ליידענשפטליכען און שטאלצען ריטער.

זייער ווייטערער געשפרעך ווערט אונטערבראכען דורך דיא מאמקע דאיא, וועלכע קומט צולויפען אהן אטהעם און מיט שרעק אנזאגען איהר הערר, אז דער סולטאן סאלאדין רופט איהם צו זיך אין פאלאץ. ווען נאטהאן קלייבט זיך אין וועג, קומט צו איהם זיין פריינד אל־האפי, א פילאזאפישער דערוויש, וועלכער איז גע־ווארען סאלאדין'ס שאצמייסטער. דיזער דערוויש האט אלץ גע־טרויכט צו בעזוכען דיא הייליגע וואסערן פון טייך גאנגעס אין אינדיען, און אין דער צייט, ווען ער ערקלערט זיין אידישען פריינד, אז ער האט אומזאנסט געזוכט צו ווירקען אויף דעם סולטאן צו לאזען נאטהאנען צורות, מעלדעט ער איהם אויך מיט פריידע, דאס ער קען יעצט אויספיהרען זיין וואונש צו פאהרען נאך אינדיען און שלאגט איהם אויך פאר צו מאכען דיא רייזע מיט איהם צוזא־

מען, דען ער איז זיכער, אַז דער סולטאַן וועט שוין געפינען אַן אויסרייד אַוועקצונעהמען נאַטהאַן׳ס פערמעגען. אָבער נאַטהאַן שרעקט זיך ניט און ענטזאַגט זיך צו פערלאָזען זיין פאָטערלאַנד. ווען אַל־האַפי געהט אַוועק, בעמערקט נאַטהאַן וועגען איהם: „ווילד, גוט, עדעל — וויא זאָל איך איהם רופען? דער אמת׳ער בעטלער איז אויך דער אמת׳ער קעניג.“

לעססינג שטעלט פאַר דעם בעריהמטען סולטאַן סולטאַן פון דיא סאַראַצינען פיעל בעסער און עדעלער, וויא דיעזער פייערדיגער קעמפפער געגען דיא קריסטען איז געוועזען אין דער ווירקליכקייט. דיא אורזאַכע, וואָרום סאַלאַדין רופט פלוצלונג צו זיך דעם אַלטען אידישען קויפמאַן, ווערט ערקלערט אין אַ בעזונדערער סצענע, ווען דיזער העררשער ווערט פאָרגעשטעלט שפּיעלענדיג שאַך מיט זיין שוועסטער סיטאַה און פערליערט, ווייל ער איז צוטראָגען. ער הייסט זיין שאַצמייסטער אַל־האַפי בעצאָהלען דער שוועסטער טויזענד דינאַרען, אָבער ער קריעגט דיא אַנטוואָרט, דאָס ניט נאָר ער האָט ניט מיט וואָס צו צאָהלען, זאָנדערן דאָס ער האָט נאָך געמוזט באָרגען ביי איהר געלט פאַר דיא געוועהנליכע הוצאות פון קעניגליכען הויף. סאַלאַדין, וועלכער וואַרט אויף געלט פון מצרים, שלאָגט פאָר זיין שאַצמייסטער צו באָרגען דערווייל ביי אַן אַנדערן און ניט ביי זיין שוועסטער. זיא צייגט אָן אויף נאַטהאַנען, פון וועמעס חכמה און רייכטהום זיא האָט געהערט. אַל־האַפי וויל אַרויסדרייהען זיין אידישען פריינד פון דער געפאַהר, אָבער סיטאַה דערצעהלט אַזוי פיעל פון נאַטהאַנען, דאָס סאַלאַדין ווערט איינפאַך נייגעריג איהם צו זעהען און הייסט איהם ברייננגען.

אין דער מערקווירדיגער סצענע, ווען נאַטהאַן ערשיינט פאַר דעם סולטאַן, האָט זיך לעססינג בענוצט מיט איינער פון באָקאַטשיאָ׳ס בעריהמטע געשיכטען, נעמליך מיט דער מעשׂה וועגען דעם אַלעקסאַנדרינער איד מלכי צדק מיט דיא דריי רינגען. דיא מעשׂה וועגען דיא דריי רינגען אין בעצוג אויף דיא דריי רעליגיאָנען, דיא אידישע, קריסטליכע און מאָהאַמעדאַנישע, איז אַלגעמיין בעקאַנט און דאַרום וועלען מיר איהר דאָ ניט ווידערהאָלען. מיר וועלען נאָר בעמערקען, אַז דיזע אַלטע קלוגע מעשׂה, וועלכע איז

טאקע העכסט וואהרשיינליך צו־ערשט דערצעהלט געוואָרען ערגעץ פון אַ אידישען חכם און איז פערשריעבען געוואָרען פון דעם גרויסען איטאַליענער באָקאַטשיאָ אין זיין וועלט־בעריהמטען „דעקאַמעראָן," האָט עס געגעבען לעססינג'ן דעם גרונד - פּלאַן פון זיין דראַמע.

לעססינג האָט אין איניגע פּונקטען געענדערט דיזע מעשה. דעם אידען האָט ער פאַרגעשטעלט ניט אַלס אַ האַבזיכטיגען און קאַרגען מאַן, וויא אין באָקאַטשיאָ'ס מעשה, נאָר אין דער עדעלער פערזאָן פון נאַטהאַן. ווען סאַלאַדין ווענדעט זיך צו נאַטהאַנען מיט דער פראַגע: „וועלכער גלויבען, וועלכע תורה האָט אייך ערהויבען?" קריעגט ער דיא אַנטוואָרט: „סולטאַן, איך בין אַ איד." — „און איך בין אַ מוסולמאַן," רופט זיך אָפּ סאַלאַדין. „דער קריסט איז צווישען אונז. פון דיזע דריי רעליגיאָנען קען נור איינע זיין דיא ריכטיגע. אַ מאַן וויא איהר בלייבט ניט שטיין, וואו דער צופאַל פון געבורט האָט איהם אַריינגעוואָרפען. אויב ער בלייבט דאָרטען, איז עס, ווייל ער האָט עס אויסגעקליבען, ווייל ער האָט פערנינפטיג געאורטהיילט. גוט, טהיילט מיט מיר אייערע געדאַנקען; לאָזט מיר הערען אייערע מיינונגען, ווייל איך אַליין האָב קיין צייט געהאַט זיך צו גריבלען אין דיזע ענינים."

סאַלאַדין גיט איהם צייט נאָכצודענקען, און נאַטהאַן זוכט צו־ערשט אַן ערקלערונג, וואָרום סאַלאַדין האָט איהם גערופען צו זיך און געשטעלט אַזאַ שווערע און אויך געפעהרליכע פראַגע. „איך האָב געמיינט, זאָגט ער צו זיך, אַז דער סולטאַן וועט פערלאַנגען געלט; אָבער ער פאָדערט גאָר דיא וואַהרהייט, און אַזאַ ריינע און קלינגענדע אַזוי וויא זיא וואָלט געוועזען אַ מטבע." ער וויל ניט גלויבען, אַז דער סולטאַן האָט אויסגעלייגט פאַר איהם אַ נעץ; אָבער דאָס שיינט איהם דאָך וואַהרשיינליך: „וואָס איז דען צו ניעדעריג פאַר אַ פרינץ?" פרעגט ער, און ער זאָגט צו זיך: „איך מוז זיין פאָרזיכטיג. אָבער וויא? זיך אַרויסגעבען פאַר אַ פאַנאַטיקער וועט ניט טויגען. זיך אַרויסגעבען גאָר ניט וויא אַ איד, וועט נאָך זיין ערגער, דען ער וועט קענען פרעגען, אויב איך בין ניט אַ איד, וואָרום זאָל איך ניט ווערען אַ מוסולמאַנער. אָבער איך האָב אַן אויס־

וועג! דאָס קען מיך רעטען! מיט געשיכטעלעך אונטערהאַלט מען ניט בלויז קינדער. ער קומט—זאָל ער קומען."

און ווען סאַלאַדין קומט נאָך אַן אַנטוואָרט, דערצעהלט איהם נאַטהאַן אַ קלוגע דראַמאַטיש דיא מעשה מיט דיא דריי רינגען. ער צייגט מיט אַזאַ דראַמאַטישער קראַפט, אַז דער ריכטיגער רינג איז פערלאָרען געגאַנגען און אַז אַלע דריי ר נגען זיינען נאָכגעמאַכטע, דאָס סאַלאַדין אונטערברעכט איהם מיט אַן אויסגעשריי: „הערליך, הערליך!"

נאַטהאַן ענדיגט מיט דיא ווערטער פון דעם ריכטער צו וועלכען דיא דריי ברידער מיט דיא דריי רינגען האָבען זיך געווענדעט צו ענטשיידען, ווער פון זיי עס האָט דעם ריכטיגען רינג: „אויב יעדערער פון אייך האָט דעם רינג פון זיין פאָטער, זאָל יעדערער גלויבען, אַז זיין רינג איז דער ריכטיגער. עס איז מעגליך, אַז אייער פאָטער האָט ניט געוואָלט מעהר דולדען דיא טיראַנניי פון איין איינציגען רינג אין זיין הויז. עס איז יעדענפאַלס זיכער, אַז ער האָט אייך אַלעמען גלייך געליעבט, דען ער האָט ניט געוואָלט אונטערדריקען צוויי צו גונסטען פון איינעם. זאָל יעצט יעדערער פון אייך נאָכפאָלגען זיין ביישפיעל אין עהרליכע און אונפּאַרטייאישע ליעבע! זאָל יעדערער פון אייך שטרעבען אַרויסצוצייגען דיא מאַכט פון זיין רינג!... און ווען דיא מאַכט פון דיא רינגען וועט זיך אַרויסצייגען אין אייערע קינד'ס קינדער, לאַד איך אייך איין אין טויזענדער יאָהרען אַרום צו ערשיינען פאַר מיין געריכט, דאַן וועט אַ קליגערער פאַר מיר פערנעהמען דעם ריכטער־שטוהל און וועט ריידען. יעצט געהט!"

און ווען נאַטהאַן ווענדעט זיך צום סולטאַן און זאָגט: „סאַלאַדין, אויב איהר פיהלט, אַז איהר זייט דער פערשפּראָכענער קליגערער ריכטער"... שרייט דער סולטאַן אויס: „איך — שטויב! איך — גאָרנישט! נאַטהאַן! נאַטהאַן! דיא טויזענדער יאָהרען פון דיין ריכטער זיינען נאָך ניט פאָריבער... געה, געה, אָבער זיי מיין פריינד!"

און ווער קען אין אמת'ן זיין דער ריכטער? ווער קען ענטשיידען, אויב דיא אָדער יענע רעליגיאָן איז דיא ריכטיגע? ווער

האָט אויסגעפונען דעם ריכטיגען רינג? דיא טיעפזיננינגע ווערטער, וואָס לעססינג האָט אַריינגעלייגט אין נאַטהאַן'ס מויל, זיינען געוועזן און וועלען אימער פערבלייבען אַ מעכטיגער צורוף צו טאָלעראַנץ, צו פערגעבונג, צו פריעדען און ליעבע צווישען מענשען.

אין דער צייט ווען נאַטהאַן האָט זיך מיט זיין מעשה וועגען דיא דריי רינגען אַרויסגעדרעהט פון אַ געפעהרליכער לאַגע און האָט עס אזוי ווייט געבראַכט, אַז סאַלאַדין האָט בעדויערט זיינע פריהערע שלעכטע אַבזיכטען, האָט דער יונגער ריטער בעזוכט זיין הויז און געזעהען דיא שעהנע רעכאַ. זיא האָט איהם בעצויבערט פון ערשטען בליק. ווען נאַטהאַן פרעגט איהם נאָכהער, וואָס פאַר אַן איינדרוק רעכא האָט געמאַכט אויף איהם, קען ער ניט בעהאַל־טען זיין ליעבע צו איהר און אַרומנעהמענדיג דעם אַלטען, שרייט ער אויס: „מיין פאָטער!“ דער ריטער דיינקט ניט אַנדערס, אַז רעכאַ איז נאַטהאַן'ס טאָכטער; אָבער דיא מאַמקע דאַיאַ וויים דעם סוד. ניט איין מאָל האָט זיא בעאונרוהיגט נאַטהאַנען מיט סטראַ־שונקעס, דאָס זיא וועט דערצעהלען, אַז ער ערציהט אַ קריסטליכע מיידעל אַלס אַ אידישע טאָכטער. זיא וויל זעהר, אַז דער ריטער זאָל חתונה האָבען מיט רעכאַ'ן, און זיא דערצעהלט איהם דאַרום, וויא רעכאַ איז אַריינגעפאַלען אין נאַטהאַן'ס הענד. דאָס רעגט איהם אויף, ער ווערט אין כעס אויף נאַטהאַנען, האַלט איהם זאָגאַר פאַר אַ בעטריגער. אַנשטאָט צו בעגלייטען נאַטהאַנען צום סולטאַן'ס פאַלאַץ, וויא ער האָט עס פערשפּראָכען, איז ער אַוועק צום פּאַטרי־ארך פון ירושלים פרעגען אַן עצה. דיזער פרינץ פון דער קריסטליכער קירכע איז פאָרגעשטעלט אַלס אַ טיפּ פון פאַנאַטישע און בלוט־דורשטיגען גלחים. ער פיהלט זיך נאָר גוט, ווען ער קען פערפאָלגען און וויינינגסטענס סטראַשענען צו ברענען און בראָטען אַלע דיא יעניגע, וואָס גלויבען ניט וויא ער. ווען דער ריטער שטעלט איהם אין אַלגעמיינען, אָהנע נעמען, דיא פראַגע וועגען אַ אידען, וואס ערציהט אַ קריסטליכעס קינד ניט דוקא אין אידישען גלויבען, נאָר איבערהויפּט אָהן אַ בעשטימטע פאָרמעלע רעליגיאָן, ווערט דער קירכען־פאָטער אויסער זיך פון צאָרן און האַס. דער געדאַנקען פון אַזאַ פאַל שיינט איהם שרעקליך. אויב עס עקזיסטירט נאָר אַזאַ איד,

שרייט ער, מוז מען איהם אָהן צערעמאָניעס פערברענען. אויף אַלע טענות פון דעם ריטער ענטפערט ער קורץ און שרעקליך: „דער יודע ווירד פערבראַנט!“ מיט גרויס צאָרן שרייט ער אויס, אַז ער וועט זיך ווענדען צום סולטאַן און פערלאַנגען גערעכטיגקייט לויט דעם אָפּמאַך, אַז קריסטען מוזען בעשיצט ווערען. „איך וועל לייכט איבערצייגען דעם סולטאַן, ברומט ער, וויא געפעהרליך עס איז פאר דיא קריסטענץ פון אַ שטאַאט צו גלויבען אין גאָר ניט. אַלע מענשליכע פערבינדונגען ווערען אָבגעהאַקט און צוריסען, אויב מענשען ווערען אונגלויביג.“

דער בלינדער פאַנאַטיזמוס פון דעם פּאַטריאַרך האָט אַרויס־גערופען ביי דעם יונגען ריטער אַ געפיהל פון אונצופרידענהייט און עקעל. וויא הימעלווייט איז דיעזע רעליגיעזע ענגהערציגקייט, דיזע בלוט־דורשטיגקייט פון דעם קירכען־פּאָטער ביז צו נאַטהאַן'ס ערעלמוטה, טאָלעראַנץ און פילאָזאָפיע! דער ריטער היילט זיך צו פערלאָזען דעם פאַנאַטישען פּאַטריאַרך. דער לעצטער שיקט אָבער גלייך אַ גלח צו אונטערזוכען דעם „שרעקליכען“ פאַל. דיזער גלח דערמאָנט זיך, אַז מיט 18 יאָהר צוריק האָט ער געבראַכט צו נאַטהאַן'ען אַ קריסטליכע מיידעלע, פון וועלכער ער האָט זייט דאַן גאָר ניט געהערט. ער געהט דאַרום אַוועק צו נאַטהאַנען נאָכפרעגען, און דאַן קומט פאָר איינע פון דיא ריהרענדסטע סצענען אין דער דראַמע. נאַטהאַן, וועלכער ציטערט, אַז מען וועט ביי איהם אַוועק־נעהמען זיין היים־געליעבטע רעכאַ, זיין לעצטען אוצר, דערצעהלט דעם גלח, וויא זיינע קינדער זיינען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען, וואָס ער האָט געפיהלט און וויא ער האָט אויפגענומען דאָס קינד פון זיין קריסטליכען פריינד. דער גלח, וועלכער איז פון דער נאַטור אַ גוט הערציגער מענש, ווערט אַזוי געריהרט, אַז ער שרייט אויס: „נאַטהאַן, נאַטהאַן! דו ביסט אַ קריסט! ניט אַנדערס וויא אַ קריסט! קיין מאָל איז ניט געוועזן אַ בעסערער קריסט!“

נאַטהאַן ענטפערט איהם מיט דיעזע טיעפזיניגע ווערטער: „דאָס וואָס עס מאַכט מיך פאַר אַ קריסט אין אייערע אויגען, דאָס מאַכט אייך פאַר אַ איד אין מיינע אויגען.“

דיא דראַמאַ ענטוויקעלט זיך ווייטער אויף אַ מעלאָדראַמאַ־

טישען, זאָגאַר אַ פאַנטאַסטישען וועג. עס קומט גאָר אויס, אַז דער ריטער איז רעבאַ'ס ברודער און אַזביידע זיינען זיי דיא קינדער פון סאַלאַדין'ס ברודער, וועלכער האָט זיך פערליעבט אין אַ קריסט־ליכער מיידעל, איז אַוועק נאָך דייטשלאַנד, וואו ער האָט זיך בע־קעהרט צום קריסטענטהום! נאַכהער איז דיזער געטויפטער מוסול־מאַן אַוועק צוזאַמען מיט אַנדערע ריטער ערלייזען יעזוס'עס קבר און האָט געקעמפפט געגען זיין ברודער'ס חיל ביז ער איז געפאַלען טויט. סאַלאַדין איז אַלזאָ דער אָנקעל פון רעבאַ און פון דעם ריטער, וועמעס לעבען ער האָט גערעטעט צוליעב דיא עהנליכקייט צו זיין ברודער. דיזע מערקווירדיגע עהנליכקייט ווערט ערקלערט ווען נאַטהאַן דערצעהלט דיא גאַנצע וואונדערבאַרע געשיכטע אין דער אַנוועזענהייט פון דעם סולטאַן און זיין שוועסטער, וועלכע זיינען העכסט צופריעדען מיט דיא קינדער פון זייער ברודער. רעבאַ בלייבט צוגעבונדען צו נאַטהאַנען און רופט איהם פאָטער. דער ריטער איז נאַטירליך אָנפאַנגס ניט צופריעדען, וואָס דיא געליעבטע מיידעל, וועלכע ער האָט געהאָפט צו האָבען פאַר אַ פרוי, איז גאָר זיין שוועסטער; נאָר ער גיט זיך אונטער צום שיקזאַל. דאָס אַלעס איז זעהר אוננאַטירליך און אויך לאַנגווייליג.

ווען ניט דיא גרויסאַרטיגע מאָנאָלאָגען און דיא ערהאַבענע צוועקען, וואָלט דיא דראַמע ניט געהאַט אַזאַ ערפאָלג און ווירקונג. וויא מיר ווייסען עס שוין, איז לעסינג'ס צוועק ניט געוועזען צו שאַפען אַ קונסט־ווערק, זאָנדערן אַ שטיק פאַר דער ביהנע, אום אויסצודריקען זיינע געדאַנקען וועגען רעליגיאָן און צו פּרעדיגען טאָלעראַנץ. דאָס איז איהם אויך גלענצענד און גרויסאַרטיג געלונגען, בעזאָנדערס אין דער געשיכטע מיט דיא דריי רינגען.

לעססינג האָט גאָר ניט געשטרעבט פּאָרצוישטעלען נאַטור־טרייע טיפּען. ער האָט אַלעמען געמאָלען דורך זיינע פילאָזאָפישע ברילען. מאַנכע פערזאָנען זיינען אויסגעקומען נאַטור־טרײַ, ספּעציעל דער פאַנאַטישער פּאַטריאַרך; אָבער דיא הויפט־העלדען, אפילו נאַטהאַן דער ווייזע זעלבסט, זיינען אייגענטליך נאָר פיגורען, וועל־כע ריידען וואָס דער פערפאַסער וויל. מען קען ניט זאָגען, אַז דיא כאַראַקטערען זיינען איינמענגליכע אינטער אַלע אומשטענדען אין ווירק־

ליכען לעבען; אָבער אפילו אין יענע צייטען, ווען קריסטען און מאָהאמעדאַנער זיינען דורך דיא שטענדיגע מלחמות געקומען אין נעהענטערע פערבינדונגען, ווען דיא מעהר ענטוויקעלטע פוןביידע צדדים האָבען געלערנט צו אַכטען און צו שעצען איינע דיא אַנדערע — מיר ווייסען פון דער געשיכטע, אַז דיא קרייץ־ציגע האָבען געהאַט אַן אונגעהייער וויכטיגען איינפלוס אויף דיא גייסטיגע ענטוויקלונג פון דיא אייראָפּעאישע פעלקער און האָבען פיעל מיטגעווירקט צו ברעכען דיא מאַכט פון דער קאַטוילישער קירכע — אפילו אין אַזאַ צייט האָט עס ניט געקענט טרעפען, דאָס דער ברודער פון אַ סולטאַן זאָל ניט נאָר ווערן אַ קריסט זאָנדערן נאָך קעמפּפען געגען דיא מאהאָמעדאַנער צוזאַמען מיט אַנדערע קריסטליכע ריטער.

אָבער דאָס איז ניט וויכטיג. לעססינג האָט ניט געמיינט צו שרייבען אַ רעאַליסטישע ווערק, און אין זיינע צייטען האָט מען אויך ניט פערשטאַנען דעם רעאַליזמוס אין ראָמאַנען און אין דראַמען וויא אין אונזער צייט. מען דאַרף ניט אורטהיילען „נאַטהאַן דער ווייזע“ וויא אַ ריינע דראַמע. ווען לעססינג וואָלט ניט געהאַט אַזוי פיעל ערפאַהרונג אויף דער ביהנע, וואָלט מען דיזע דראַמאַטישע ווערק גאָר ניט געקענט שפּיעלען. זיא איז אייגענטליך געשריעבען געוואָרען ניט אַזוי צום שפּיעלען, וויא צום לעזען. איהר ווירקונג, איהר אינטערעס, איהר ווערטה ליעגען אין דיא א י ד ע ע ן, וועלכע לעססינג האָט געוואָלט אויפקלערען וועגען רעליגיאָן און וועלכע ער האָט פון אָנפאַנג ביז׳ן סוף אויסגעדריקט מיט דער קראַפט פון אַ זשעניע און מיט דער קונסט פון אַ פּאָעט.

וועגען דעם כאַראַקטער פון נאַטהאַן האָט מען פיעל געשטריטען ניט נאָר, אויב אַזאַ איד איז איבערהויפּט מעגליך, זאָנדערן אויך, אויב אַזאַ איד האָט געקענט אויפקומען אין ארץ ישראל אין דער צייט פון דיא קרייץ־ציגע. עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז דיא אַנטיסעמיטען בעהויפּטען, דאָס „נאַטהאַן דער ווייזע“ איז איינפאַך אַ פאַנטאַזיע, דאָס אַזאַ איד האָט קיין מאָל ניט געקענט עקזיסטירען און וועט קיין מאָל ניט קענען עקזיסטירען. פון דער אַנדער זייט האָבען פריינדע פון אידען און לעססינג׳ס פערעהרער ערקלערט, אַז ניט נאָר איז „נאַטהאַן דער ווייזע“ אַ ריכטיגער אידישער טיפּ,

זאָנדערן לעססינג האָט איהם איינפאַך קאָפּירט פון א לעבעדיגען איד, נעמליך: פון משה מענדעלססאָהן. עס קען אָפילו קיין צווייפעל ניט זיין, אַז לעססינג האָט געהאַט פאר זיינע אויגען אַזאַ עדעלען, געלערנטען און קלוגען איד, וויא זיין פריינד מענדעלססאָהן; אָבער דיא וואַהרהייט איז, אַז ער האָט איהם אפילו ניט אידעאַליזירט, וויא מאַנכע מיינען עס. מאָזעס מענעדעלססאָהן איז אין דער ווירק־ליכקייט געווען גאַנץ ווייט פון אַזאַ ערהאַבענע און אָפּפערווילליגע פיגור וויא נאַטהאַן דער ווייזע. מיר וועלען עס זעהען, ווען מיר וועלען בעשרייבען דעם לעבען און דיא טהעטיגקייט פון דעם דע־סויער פילאָזאָף.

„נאַטהאַן דער ווייזע" איז אַן אידעאַלע פיגור. אַזוי איז אויך סאַלאַדין. דיזער מערקווירדיגער סולטאַן איז, נאָך ריכטיגע גע־שיכטליכע פאַקטען, אַ גאַנץ אַנדערער מענש וויא אין לעססינג'ס דראַמע. לעססינג האָט איינפאַך אידעאַליזירט דיא פערטרעטער פון דיא אידישע און מאהאָמעדאַנער רעליגיאָנען, אום צו מאַכען אַ שטאַרקערן איינדרוק אויף דיא קריסטען און אויך אום שאַרפער אויסצודריקען זיינע אייגענע געפיהלען און מיינונגען.

יעדענפאַלס פערנעהמט „נאַטהאַן דער ווייזע" אַ הויכען פּלאַטץ אין דער וועלט־ליטעראַטור. דער איינדרוק איז געווען אַן אונגע־הייערער אין קריסטליכע לענדער. דיזע דראַמע האָט אויך געפונען אַ סימפּאַטישען אָפּקלאַנג אין טירקיי. אין לעססינג'ס צייט איז מען אפילו אין געבילדעטע קרייזען געווען אַזוי ווייט פון אַזעלכע געדאַנקען וועגען רעליגיאָן, דאָס ער האָט ניט דערלעבט צו זעהען אַ צווייטע אויפלאַגע פון זיין „זוהן פון קומענדען אַלטער" וויא ער האָט גערופען „נאַטהאַן דער ווייזע". דיא גייסטליכע האָבען ערקלערט, אַז דאָס איז אַ שעדליכע ווערק.

לעססינג אַליין האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז „נאַטהאַן דער ווייזע" וועט פיינדליך אויפגענומען ווערען. „איך ווייס ניט פון אַזאַ פּלאַץ אין דייטשלאַנד, האָט ער געשריעבען, וואו דיזע שטיק קען אויפגעפיהרט ווערן. אָבער געזונד און גליקליך זאָל זיין דיא שטאָדט, וואו דיא ערשטע פאָרשטעלונג וועט שטאַטפינדען!"

אַזאַ שטאָדט איז געווען בערלין. צוויי יאָהר נאָך דעם פער־

פּאַסער׳ס טויט איז „נאַטהאַן דער ווייזע“ אויפגעפיהרט געוואָרען, אָבער מיט וויניג ערפאָלג. דאָס פּובליקום האָט אפּילו שטאַרק געלויבט דיא דראַמע, אָבער ביי דער דריטער פאָרשטעלונג איז ־ער טהעאַטער געווען פּוסט. דאָס איז טהיילווייז געשעהען, ווייל דיא שוישפּיעלער האָבען ניט געטויגט צו זייערע ראָלען און האָבען זיי אויך ניט פערשטאַנען. ערשט אין 1801, ווען שיללער מיט דער הילפע פון געטהע האָט צוגעגרייט דיא דראַמע פאר דער ביהנע אין וויימאַר, האָט „נאַטהאַן דער ווייזע“ אויפגעלעבט און געפונען ענטהוזיאַזטישע צוהערער. זייט דאַן געהט דיזע דראַמע ניט אַראָפּ פון דער דייטשער ביהנע און ציהט שטענדיג צו אַ גרויסען פּובליקום. עס איז ניטאָ אין דייטשלאַנד איין בעוואוסטער דראַ־מאַטישער שוישפּיעלער, וואָס האָט ניט שטודירט און ניט געשפּיעלט דיא ראָלע פון „נאַטהאַן דער ווייזע“, אום צו צייגען זיין טאַלענט.



## פופצעהנטער קאפיטעל.

### זיין טויט און פלאַץ אין דער וועלט־געשיכטע.

וועגען לעססינג׳ס לעבען און טהעטיגקייט נאך דיא ערשיי־ נונג פון „נאטהאַן דער ווייזע“ בלייבט ניט פיעל צו ריידען. איהם איז ניט לאַנג געבליבען צו לעבען נאכדעם. זיין געזונד איז אַלץ ערגער געווארען. צו זיינע פיזיישע ליידען זיינען נאך צוגעקומען מאָ־ ראַלישע, ווייל ער איז געבליעבען מיט דיא קינדער פון זיין פרוי און האָט קוים געהאַט מיט וואָס דורכצוקומען. זיין פינאַנציעלע לאַגע איז געווען אַ קלעגליכע ביז זיין לעצטע מינוט. ער איז געשטאָרבען אַזוי אָרעם, אַז דער הערצאָג פאָן ברונסוויק האָט געהאַט צו דעקען דיא קאָסטען פון דער זעהר איינפאַכער לויה.

אָבוואָהל ער האָט זעהר שטאַרק געליטען פון אסטהמא, האָט קוים געקענט שלעפען דיא פיס און פלעגט ניט זעלטען בלייבען אין אונמאַכט, זאָ דאָס ער האָט אַליין געפיהלט, אַז זיינע טעג זיי־ נען געצעהלטע, דאך איז ער פלוצלונג געשטאָרבען. דעם 15טען פעברואַר 1781 האָט ער זיך געפיהלט גראַדע גוט, האָט זיך גאַנץ געמיטהליך אונטערהאַלטען מיט דיא פריינדע, וועלכע זיינען גע־ קומען איהם בעזוכען; אָבער דער שאָטען פון טויט האָט שוין גע־ שוועבט איבער איהם. אַבענדס, ווען אייניגע פריינד זיינען געקומען געוואָהר ווערן, וואָס ער מאַכט, איז ער אַראָפּ פון בעט און איז אַרוים זיי צו בעגריסען. ער האָט געמאַכט זיין לעצטע אָנשטרענגונג. אַ קאַלטער שוויס האָט איהם בעדעקט, און זיינע פיס האָבען זיך געטרייסעלט. ווען ער האָט אַראָפּגענומען זיין נאַכט־מיצע, איז ער אַנידערגעפאַלען, און אין עטליכע מינוט אַרום איז ער שוין פטור געוואָרען פון אַלע ליידען אויף דער וועלט. ער איז נידערשלאָגען געוואָרען פון אַפּאָפּלעקסיע.

מען האָט איהם בעערדיגט אין אַ קירכהויף אַ מייל ווייט פון ברונסוויק. מען האָט זיך אין יענער צייט אַזוי ווייניג געקימערט וועגען דיזען גלענצענדען שטערן פון דער דייטשער ליטעראַטור,

דאָס מען האָט שפּעטער לאַנג געמוזט זוכען, איידער מען האָט געפונען זיין קבר. ערשט אין 1853 האָט מען לעבען דיזען איינפאַכען קבר געשטעלט אַ הערליכען מאָנומענט אין נאמען פון גאַנצען דייטשען פאָלק.

אַ קורצע צייט פאר זיין טויט האָט ער אָנגעשריעבען אַ רעליגיעז־פילאָזאָפישע ווערק אונטער דעם נאָמען „איבער דיא ערציהונג פון מענשליכען געשלעכט“. געוויסערמאַסען דריקט ער דאָרט אויס דיא געדאַנקען, וועלכע ער האָט פערקערפּערט אין „נאַטהאַן דער וויזע“; אָבער ער איז אויך אַוועק אַ שריט ווייטער, דען ער האָט ערקלערט, אַז רעליגיאָן דורך אָפּענבאַרונג אָדער ענטפּלעקונג איז ניט אַן אייביגע וואַהרהייט, זאָנדערן בלויז אַ נויטווענדיגע זאַך אויף אַ געוויסער שטופע פון גייסטיגער און מאָראַלער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט. מען קען ניט זאָגען, אַז לעססינג איז געווען אַן אַטהעאיסט; אָבער יעדענפאַלס האָט ער ניט אַנערקענט אירגענד וועלכע אָנגענומענע אָדער פאָרמעלע רעליגיאָן. מען דערצעהלט, אַז ווען אַ פריינד האָט איהם איבערגעגעבען, בשעת ער איז געלעגען קראַנק, אַ קורצע צייט פאר זיין טויט, וויא אַ גלח האָט ניט צורות געלאָזען וואָלטער'ן אויף זיין שטערבע־בעט וועגען תשובה טהאָן און שליסען פריעדען מיט דער קריסטליכער רעליגיאָן, האָט ער אויסגערופען: „ווען איהר וועט דערזעהען, אַז איך האַלט ביי'ן שטאַרבען, זאָלט איהר רופען אַ נאָטאַריוס: איך וועל איהם אָפען ערקלערען, אַז איך פערלאָז דיא וועלט ניט גלויבענדיג אין אירגענד וועלכע פון דיא אָנגענומענע רעליגיאָנען.“

ער איז העכסט וואַהשיינליך אין זיינע לעצטע יאָהרען געוואָרען אַ ספּינאָזיסט צו דער גרעסטער ערגערנים פון משה מענדעלסאָהן, וויא מיר וועלען עס זעהען ווען מיר וועלען איבערגיין צו דער לעבענסבעשרייבונג פון דעם פּראָפעסער פון „פעדאָן.“ יעדענפאַלס קען קיין שום צווייפעל ניט זיין, אַז לעססינג האָט פערעהרט דעם גרויסען פילאָזאָף פון פאַנטהעאיזמוס (אַלל־גאָטהייט), וועלכער איז נאָך צו יענער צייט פערשאָלטען געוואָרען. ספּינאָזאַ איז דאַן גערעכענט געוואָרען פאר אַן אַטהעאיסט. מען האָט איהם פון אַלע זייטען פערדאַמט, איינער האָט ווידערהאָלט דיא אַטאַקעס און אַר־

גומענטען פון פריהערע געגנער; אָבער כמעט קיינער האָט ניט געלעזען זיינע ווערקע.

גראדע דיעזע אטאקעס אויף ספינאָזא'ס פילאָזאָפיע האָבען בעוואָגען לעססינג'ן צו לעזען און צו שטודירען דיעזע טיעפע פילאָזאָפיע אין אָריגינאל. א נייע וועלט האָט זיך דאָן, קען מען זאָגען, געעפענט פאר איהם. ניט ווילענדיג האָט ער געמוזט בעוואונדערן דיזען גייסטיגען ריעז און זיין פילאָזאָפישע סיסטעם, וועלכע איז יעצט אנערקענט פאר דעם וויכטיגסטען גרונדשטיין פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע *). ער האָט נאכהער ערקלערט, אז ווען ער וואָלט געהאט אויסצוקלייבען א פילאָזאָפישען לעהרער, וואָלט ער אויסגעקליבען ספינאָזא'ן. אין זיינע שריפטען האָט ער זיך ניט ארויסגעגעבען פאר א ספינאָזיסט, נאָר דעם איינפלוס פון ספינאָזא'ס לעהרען קען מען בעמערקען אין פיעלע שטעלען.

צו לעססינג'ס גרויסע פערדיענסטען און אויפטואונגען אלס קריטיקער און דראמאטורג קען מען אויך צירעכענען, אז ער האָט פיעל מיטגעהאָלפען אויפצולעבען דעם פערשאָלטענעם פילאָזאָף און צו ערוועקען אן אינטערעס צו שטודירען ספינאָזא'ס „גאָטלאָזע" ווערק.

צום שלוס וועלען מיר נאָך זאָגען א פּאָאר ווערטער וועגען דיא גרויסע אויפטואונגען פון דיזען גרויסען און מערקווירדיגען מאן אלס אויסבעסערער פון דער דייטשער שפראך. מיט רעכט רעכענט מען איהם פאר א רעפאָרמאטאָר פון דער דייטשער שפראך. אזוי גוט וויא ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו שאפען א דייטשען טהעאטער, אזוי האָט ער שטענדיג געזוכט צו שרייבען עכט דייטש. צו זיין צייט האָט מען געשריבען א מין געמישעכץ פון דייטש מיט פראנצויזישע ווערטער. וועגען דיא שעהנקייט פון דער דייטשער שפראך האָבען דיא שרייבערס ווייניג געזאָרגט. מיר ווייסען שוין פון א פריהעריגען קאפיטעל, אז פריעדריך דער גרויסער האָט גאָר ניט געוואָלט לעזען און שרייבען דייטש, אז אין זיין ביבליאָטהעק

*) זעה „ברוך ספינאָזא — זיין לעבען און פילאָזאָפיע", ארויסגעגעבען פון דער אינטערנאציאָנאלער ליבראַרי פּובלישינג קאָמפּאַני.

האָט ער אפילו איין דייטשען בוך ניט געוואָלט האָבען. פיעלע האָבען געפאָלגט דיזען קעניג׳ס ביישפיעל און האָבען געקוקט אויף דייטש, וויא אויף א פאָלקס־שפראך, א מין בארבארישען זשארגאָן. פאר א ליטעראַרישע שפראך האָבען זיי נאָר געהאַלטען דיא פראַנ־צויזישע.

לעסינג אָבער האָט אַזוי פיין און ריין געשריעבען דייטש, אַז מען האָט געפאָלגט זיין ביישפיעל און דיא דייטשע שפראך איז געוואָרען ניט נאָר אַ פילאָזאָפישע, זאָנדערן אויך ניט ווייני־גער ליטעראַרישע פאר דיא פראַנצויזישע.

אין אַלגעמיינען, וואו נאָר לעססינג איז אַריינגעדרונגען מיט זיין מעכטיגע און שאַרפע גייסטיגע אויג, איז ער געווען א רע־פאָרמאַטאָר, וואָס האָט געהאַט אַ טיעפען איינפלוס ניט נאָר אויף דיא ענטוויקלונג פון דער דייטשער ליטעראַטור, וועלכע האָט באַלד נאָך איהם אַרויסגעשטעלט אַזעלכע צוויי זשעניען, וויא שיללער און געטהע, זאָנדערן אויך אויף דעם גייסטיגען פראָגרעס פון דער גאנצער ציוויליזירטער מענשהייט.



# משה מענדעלססאָהן

## א י י נ ל י י ט ו נ ג.

### דיא לאַגע פון אידען אין מענדעלסאָהן׳ס צייט.

אָרים־בחור — דיזער וואָרט דריקט אויס דאָס לעבען פון משה מענדעלססאָהן ביז דער צייט, ווען ער איז מיט לעססינג׳ס עדעל־מוטהיגע הילפע געוואָרען אַ דייטשער שרייבער.

ווען מען וויל וויסען, וויא דיזער „סאָקראַטעס פון אַכצעהנטען יאהרהונדערט“ — אַ זעלטענער און גרויסער עהרען־נאמען, וועלכען ער האָט זיך ערוואָרבען אין דער וועלט דורך זיינע פילאָזאָפישע שריפטען, וויא מיר וועלען עס שפּעטער זעהן — האָט פערבראַכט זיינע קינדערשע יאָהרען און וואָס פאר אַן ערציהונג ער האָט געקראָגען, איז גענוג צו וואַרפען אַ בליק אויף דיא קלענערע שטעדט אין גאַליציען, פּוילען און ליטע. טויזענדער אידישע אינגלאַך מאַכען דורך נאָך היינט צו טאג דיא זעלבע, זאָ צו זאָגען, שולע און ווערן פערפינסטערט אויף דעם זעלבען שטייגער, וויא מאָזעס מענדעלס־סאָהן אָדער איבערהויפּט אַלע אידישע אינגלאַך פון דיא דייטשע שטעדט אין אָנפאַנג פון 18טען יאהרהונדערט.

אַ צו גוט בעקאַנטער טרויעריגער בילד! וויא קליין איז דיא צאָהל פון אידישע קינדער אין דיא פינסטערע צענטערס פון דעם פערוואָגעלטען ישראליק, אין ליטע, גאַליציע און פּוילען, פון אי־דישע קינדער, וועלכע האָבען געקראָגען אַן ערציהונג אויסערהאַלב דעם פינסטערען חדר! און וויא קליין איז, נאָך אַלעמען, דיא צאָהל פון דיא יעניגע, וועלכע עס איז געלונגען אַרויסצורייסען זיך פון דיא ישיבות און פון דעם צרה׳דיגען לעבען אין קליינע אידישע שטעטלאַך אויף דער גרויסער וועלט! וויא פיעל אידישע טאַלענטען און זאָגאַר זשעניען זיינען אַזוי דערשטיקט און בעגראָבען געוואָרן אין דעם דריקענדען ענגען קרייז, אין דער שרעקליכער געהעטאָ,

וועלכע איז געשאַפען געוואָרען אין דיא שוידערליכע צייטען פון פאַנאַטיזמוס און באַרבאַריי אין מיטעל־אַלטער! און וויא לאַנג וועט עס נאָך נעהמען, ביז דיא לעצטע שפורען פון דעם פינסטערן מיטעל־אַלטער וועלען פערשווינדען אין דיא ערטער, וועלכע זיינען ביז דעם סוף פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט געוועזען אונטער דער הערשאַפט פון פוילען און וועלכע זיינען געוואָרען נעסטען פון תלמוד'ישע האָאר־שפאַלטעריי און פלפולים פון איין זייט און פון הסידיזמוס און וויסטען אַבערגלויבען פון דער אַנדער זייט!?

אין מענדעלסזאָהן'ס צייטען איז עס געוועזען ניט דער ערך שווערער פאַר אַ אידען אַריבערצוטרעטען דיא שוועלען פון דיא מיטעל־אַלטערליכע געהעטאָס און זיך אַ לאָז צו טאָן אויף דיא ברייטע פעלדער פון אייראָפעאישע בילדונג, וויא אפילו אין רוסלאַנד אין דיא צייטען פון יצחק בער לעווינזאָהן; דען איבעראַל זיינען דיא וועגען פערשפאַרט געוועזען פאַר דעם פערוואָגעלטען ישראליק מיט פעסטע מויערן פון פאַנאַטיזמוס און איינגעוואָרצעלטע פאָראורטהיילע. ניט נאָר פון פאָליטישע גלייכהייט פאַר אידען, זאָנדערן אפילו פון מענשליכע בעהאַנדלונג איז נאָך דאַן כמעט קיין רייד ניט געוועזען. ערשט נאָך דער צערשטערונג פון דער פאַריזער באַסטיליע, דריי יאָהר נאָך מענדעלסזאָהן'ס טויט, ווען דיא שטראָמען פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן האָבען זיך צוגאָסען, וויא פייערדיגע לאַוואַ פון אַ וואולקאַן, — ערשט דאַן האָט מען געקענט דורכפיהרען אין פראַנקרייך, אַז אידען זאָלען געזעצליך אַנערקענט ווערען אַלס גלייכבערעכטיגטע מענשען, און דאָס אויך מיט גרויסע צרות, נאָך לאַנגע און ברענענדיגע דעבאַטען אין דעם רעוואָלוציאָנערען פאַרלאַמענט. אָהן דיזע רעוואָלוציאָן וואָלטען נאָך פאָראיבער ווער ווייסט וויא פיעל יאָהרען איידער מען וואָלט געגעבען אידען פולע פאָליטישע רעכטע אפילו אין האָלאַנד, דעם איינציגען ווינקעל אויף דער ערד, וואו אידען זיינען ניט פערפאָלגט געוועזען זייט דעם סוף פון 17טען יאהרהונדערט.

דיא לאַגע פון אידען איז דאַן געוועזען אַ שוידערליכע ניט נאָר אין דיא אַלטע דייטשע נעסטען פון מיטעלאַלטערליכע פינסטערניס,

זאָנדערן אויך אין פרייסען, וואו עס האָט דאמאָלסט געהערשט פריעדריך דער גרויסער, א פריידיינקער און א פריינד פון דיא פראנצויזישע פילאָזאָפען, וועלכע האָבען אלץ מוטהיגער געשטורמט דיא פעסטונגען פון אבערגלויבען און זאָגאר אטאקירט דיא קריסט־ליכע רעליגיאָן. דיזער פילאָזאָפישער קעניג האָט בעהאנדעלט „זיינע" אידען ניט בעסער וויא א בלינד־קאטוילישער הערשער. אין זיינע אויגען זיינען זיי נאָר געוועזען א סאָרט בהמות, פון וועלכע מען קען מעלקען געלט אנשטאָט מילך. איבעראל האָבען זיי גע־מוזט צאָהלען א קאָפּ־שטייער און אנדערע ספּעציעלע טאקסען. אין בערלין זעלבסט, וואָס האָט דאן שטאָלצירט מיט איהר פרייען גייסט און איז גערעכענט געוועזען פאר א קוואל פון אפּיקורסות אין גאנץ דייטשלאנד, האָבען אידען נאָר געקענט אריינקומען דורך איין טויער און האָבען געמוזט קריעגען ספּעציעלע ערלויבנים דאָרט צו פערבלייבען. פריעדריך דער גרויסער האָט אויך געצוואונגען דיא אידען צו קויפען געוויסע זאכען, דארונטער שלעכטע פאָר־צעליי, פאר הויכע פרייזען (מען האָט עס דאן גערופען „אידישע פאָרצעליי"), אום צו שטיצען דיא מאנופאקטורען, וועלכע ער האָט איינגעפיהרט צו פערגרעסערען זיינע איינקינפטע.

דאָך זיינען שוין פאר מענדעלסזאָהן׳ס אָנקומען אין בערלין געוועזען דאָרטען איינינגע אידען, וועלכע האָבען זיך דורכגעבראָכען א וועג צו אייראָפּעאישע בילדונג. מענדעלסזאָהן איז דאן ניט גע־וועזען דער איינציגער און יעדענפאלס ניט דער ערשטער, וועלכער האָט געזוכט גייסטיגע שפּייז אין דער געבילדעטער קריסטליכער וועלט; זאָנדערן נאָר דער פעהיגסטער און אויך דער גליקליכסטער. ער האָט כשר פערדיענט זיין גרויסען שם, ער האָט זיך ניט אומ־זיסט ערוואָרבען וועלט־בעריהמטהייט און א הויכען פלאטץ אין דער דייטשער ליטעראטור, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער מיט זיין גלאנץ פערדעקט דעם שיין פון עטליכע אנדערע אידישע שטערנס, וועלכע האָבען ניט ווייניגער פאר איהם און יעדענפאלס זעהר פיעל אויפגעטאָן פיר דיא פערשפּרייטונג פון בילדונג און אויפקלערונג צווישען זייערע פערפינסטערטע ברידער און וועלכע זיינען געוועזען דיא אמת׳ע פאָטערס פון אידישע השכלה.

## ערשטער קאפיטעל.

## מענדעלססאָהן'ס עלטערן און ערציהונג.

אין אן אָרימער הייזעל אויף דער שפּיטאָל־שטראַסע אין דער שטאָדט דעסוי, דעם 6טען סעפּטעמבער 1729, איז דער צוקונפ־טיגער גייסטיגער פּאָריכמעהער פון דיא דייטשע אידען געבאָרען געוואָרען. זיין פאָטער מענדעל איז געוועזן א סופר און א מלמד, אָבער, טראָץ דיזע צוויי פּראָפעסיאָנען, איז ער געבליבען זיין גאַנ־צען לעבען א בלוטיגער אָרימאַן. זיין זוהן, וועלכער איז געבאָרען געוואָרן א שוואַכינקער און קרענקליכער, האָט ער געוואָלט ערצי־הען פאר א רב, דיא העכסטע שטופע דאן פאר א אידען אין דיא גהעטאָ־קרייזען. צוערשט האָט ער אליין געגעבען אונטערריכט זיין זוהן. דאָס האָט ער אָנגעפאַנגען אזוי פריה, גאָר ניט אכטענדיג אויף דיא פיזישע שוואכקייטען פון זיין זוהן, אז צו 5 יאָהר האָט שוין משה געקענט לעזען לשון קודש און פערטייטשען אייניגע תפלות. נאכהער האָט ער איבער־געגעבען זיין זוהן צו א העברען מלמד, א געוויסען רבי הירש פון דעם דעסויער בית המדרש. אין קאלטע טעג פלעגט ער אליין טראָגען זיין שוואַכען אינגעל אין בית המדרש נאָך איידער עס האָט אָנגעפאַנגען צו טאָגען.

פון משה'ס אָרימער מוטער ווייס מען ניט מעהר, אז זיא איז געוועזן א גאָטספאָרכטיגע און שוואַכע אידענע מיט דעם נאָמען זוכען. זיא האָט הפנים קיין שום איינפלוס ניט געהאַט אויף איהם, דען ער דערמאָנט איהר גאָר ניט אין אירגענד וועלכע פון זיינע שריפטען.

דיא גרויסע גייסטיגע פעהיגקייטען, מיט וועלכע דיא נאַטור האָט בעשאָנקען דעם קליינעם און קרענקליכען קערפער פון מענ־דעל'ס זוהן, האָבען זיך שנעל ענטוויקעלט און גלענצענד אַרויס־געוויזען אין דער ישיבה, וועלכע איז געוועזן אונטער דער אויפזיכט פון אָבער־ראַבינער פון דעסויער געמיינדע, דעם בעוואוסטען דוד הירשעל פרענקעל. דיזער רב איז ניט נאָר געוועזן א גרויסער

תלמודיסט, זאנדערן אויך א גוטער מאן און, וואס עס איז נאך וויכטיגער, א דענקער, וועלכער האט הויך געשעצט דעם רמב״ם. יעדענפאלס האט ער זיך אונשטערבליך געמאכט דערמיט, וואס ער האט ניט נאר געלערנט מיט זיין גייסטיגען שילער „מורה נבוכים“, זאנדערן האט איהם אויך פינאנציעל ארויסגעהאלפען אין אזא צייט, ווען יענער וואלט אהן דעם וואהרשיינליך אין גאנצען פערלארען געגאנגען.

דער צוקינפטיגער פערפאסער פון „פעדאן“ און „ירושלים“ האט זיך צוגעבונדען צו דיזען גוטען רב וויא צו א פאטער. דעם רמב״ם׳ס גרעסטע און בעסטע ווערק האט דער 12־יעהריגער מענדעלסזאהן אזוי פלייסיג שטודירט, דאס ער האט אין שפעטערע יאהרען ערקלערט: „דיזען מיימוני האב איך עס צוצושרייבען, וואס מיין רוקען איז אויסגעקרימט געווארן; ער אליין איז דיא אורזאכע פון מיין הייקער; פון דעסטוועגען ליעב איך איהם דאך, דען ער האט מיר פערזיסט מאנכע טרויעריגע שטונדען פון מיין לעבען און האט מיך אזוי אויף איין זייט צעהנפאך ענטשעדיגט דערפאר, וואס ער האט פערקריפעלט מיין קערפער.“

ווען ער איז געווארען בר מצוה, זיינען זיינע ארימע עלטערן געווען זעהר פערזארגט וועגען זיין צוקונפט. זיי האבען זיך נעבאך לאנג געבראכען דיא קעפ מיט א וועהטאג אין הארצען, וואס זיי זאלען טאן מיט זייער שוואכינקען זוהן, וועלכער האט ארויסגעצייגט אזוי פיעל פעהיגקייט וויא פיעל חושק צום לערנען. זיי האבען דיא גאנצע צייט געטרוימט, אז ער וועט ווערען א רב; אבער זיי האבען ניט געהאט דיא מיטעל דערצו. דיא מוטער האט נאך מורא געהאט צו לאזען איהר קרענקליכען משה׳לע זיך וואלגערן ערגעץ אין דער פרעמד אין א ישיבה, דען צו דער צייט האט רבי פרענקעל פערלאזען דעסוי, אום צו ווערען ראבינער אין בערלין.

מיט געבראכענע הערצער האבען זיי שוין זיך געקליבען צו פערזארגען זייער זוהן מיט א פעקיל צום „הויזירען“, וויא אלע אנדערע קינדער פון זייער שטאנד אין יענע פינסטערע צייטען. עס האט ניט פיעל געפעהלט, אז משה מענדעלססאהן זאל נעבאך ווערען א פעדלער (הויזירער) און כאפען אזוי פיעל צרות און אויך

קלעפ פון יעדען גראָבען דייטש׳ וויא אַלע אַנדערע הויזירער! אָבער ער האָט זיך איינגעשפּאַרט אַז ער וויל ניט אַנדערש ווייטער לערנען, וואָס עס זאָל ניט זיין מיט איהם, וויא פיעל עס זאָל איהם ניט אויסקומען צו הונגערן. צו אַרמוטה און נויטה איז ער געוואָהנט געוועזן זייט ער איז געבאָרען געוואָרען, און דיא צרות אין דער צוקונפט, אויף וועלכע ער האָט זיך געריכט און געמוזט ריכטען, האָבען איהם ניט געשראָקען. אין דעם שוואַכען קערפּער האָט געשטעקט אַ פעסטער ווילען, אַ שטאַרקער גייסט; דער קאָפּ איז געוועזן גלייך און בראַוו ניט אַכטענדיג אויף דעם קרומען רוקען. ער האָט אַזוי לאַנג געבעטען זיינע עלטערן, אַז זיי זאָלען איהם לאָזען וויינינגסטענס נאָך אַ פּאָאַר יאָהר לערנען ביי זיין געליעבטען לעהרער רבי פרענקעל אין בערלין, אַז זיי האָבען איהם ענדליך נאָכגעגעבען מיט טרעהרען אין דיא אויגען.

מען דערצעהלט, דאָס מענדעלסאָהן האָט לאַנג געבעטען רבי פרענקעל איהם מיטצונעהמען נאָך בערלין. דער רבי וואָלט וואַהר־שיינליך גערן ערפילט דיא הייסע ביטע פון זיין גוטען און פעהיגען שילער, ווען ער וואָלט ניט געוועזן אַזאַ שוואַכער און דערצו נאָך אַ הייקעדדיגער. נאָר ווען דער רבי איז אַרויסגעפאָהרען אויפ׳ן וועג נאָך בערלין, איז דער אָרימער אינגעל אַוועק אַ פּאָאַר מיילען פאַר־אויס און האָט איהם אַזוי לאַנג געבעטען ביז ער, דער רבי, האָט גע־מוזט צוזאָגען אָנצונעהמען איהם שפּעטער אין זיין ישיבה אין בער־לין. נאָר וואָס עס איז ניט פאָרגעקומען צווישען דעם רבי און דעם תלמיד, זיכער איז עס, אַז אין דעם זעלבען יאָהר, ווען רבי פרענ־קעל האָט זיך בעזעצט אין בערלין, איז אויך מענדעלסאָהן אַהין אָנגעקומען. דאָס איז געוועזן אין 1743, וויא עס איז צו זעהען פון מענדעלסאָהן׳ס אייגענע שריפטען.

❧

צווייטער קאפיטעל.

## מענדעלססאָהן׳ס לעבען און לעהרער אין בערלין.

א בלייכער, שוואכער און הייקערדיגער אינגעל מיט א קלו־מיקעל אויף דיא פלייצעס איז איין איין טאָג אין 1743 צונעגאנגען צו דעם ראָזענטהאַלער טויער פון בערלין, דעם איינציגען, דורך וועל־כען מען האָט דאַן אַריינגעלאָזען אידען אין דער הויפּטשטאָדט פון פריעדריך דעם גרויסען, און האָט געבעטען ערלויבנים אַריינצוקו־מען. לעבען דיזען טויער איז געשטאַנען אַ אידישער וועכטער, וועלכער איז ספּעציעל אָנגעשטעלט געווען פון דער בערלינער אי־דישער קהילה, אום אויפצופאַסען אויף דיא אידישע איינוואַנדע־רער, וועגען וועלכע מען האָט געמוזט אָפּגעבען דין וחשבון צו דער רעגיערונג. דער פילאָזאָפישער קעניג האָט עס געמוזט געניי וויסען, דען דיא אידען זיינען געווען זיינע שקלאַווען און האָבען איהם געמוזט צאָהלען ספּעציעלע שטייערן.

— ווער ביזטו? האָט דיזער בעאַמטער פון דער בערלינער קהילה געפרעגט דעם אָרימען אינגעל, בעטראַכטענדיג איהם מיט מיטלייד און פערדראַכט פון קאָפּ ביז דיא פים.

— משה, מענדעל׳ס זוהן פון דעסוי.

— מיט וואָס בעשעפטיגט זיך דיין פאָטער?

— מיין פאָטער איז אַ סופר און אַ מלמד, האָט דער אינגעל קורץ און מיט אַ ציטערנדיגע שטימע געענטפערט.

— נאָך וואָס קומסטו אין דער הויפּטשטאָדט? האָט דער וועכטער ווייטער געפרעגט.

— לערנען! האָט דער אינגעל אויסגעשטאַמעלט.

— וויא ווערסטו לערנען? האָסטו פון וואָס צו לעבען, מיין קינד? האָט דער וועכטער ווייך און פערוואונדערט געפרעגט.

אויף דיזע העכסט וויכטיגע פראַגע האָט דער הייקערל, וועמעס גרויסע און שעהנע קאָפּ איז דאַן פול געווען מיט דעם רמב״ם׳ס פילאָזאָפיע, נאָר געקענט ענטפערן: „רבי דוד פרענקעל“.

דיזע אַנטוואָרט האָט הפנים צופרידען געשטעלט דעם וועכטער, דען ער האָט איהם דעם אָרימען הייקערל ענדליך אַריינגעלאָזען אין דער פרייסישער רעזידענץ־שטאָדט. פיעלייכט האָט דער וועכטער איינפאַך רחמנות געקראָגען אויף דיזען אינגעל, וועלכער האָט נאָך אַלס מאַן געראַט „אַזאַ אויסזעהן, דאָס דיא רויעסטע האַרץ האָט ער געקענט בעוועגען צו מיטלייד", וויא זיינער אַ דייטשער פריינד האָט זיך וועגען איהם אויסגעדריקט. דאָס איינציגע, וואָס האָט קרעפטיג און פייערדיג געלעבט אין דיזען שוואַכען קערפער, זיינען געווען זיינע טיעפע דונקעלע אויגען, וועלכע האָבען אַרויסגעקוקט פון אונטער אַ שעהנעם שטערן.

אָט אַזוי האָט משה מענדעלסאָהן אַריינמאַרשירט אין פריעדריך דעם גרויסען'ס הויפטשטאָדט, וואו עס איז איהם בעשערט געווען צו ווערען איינע פון איהרע צירונגען און צו ענדיגען זיינע העכסט נוצליכע יאָהרען.

וויא האָט ער דאַן געלעבט אין דער וועלטשטאָדט, וואו ער האָט קיינעם ניט געקענט אויסער רבי פרענקעל? אַזוי וויא טויזענדער אָרים־בחורים, וועלכע האָבען געוואַנדערט צו פוס מיט קלומיקלעך אויף זייערע דאַרע פלייצעס אין דיא צענטערס פון אייראָפּעאישע בילדונג, פאָלגענדיג זיין אויפמונטערנדען ביישפיעל — ער האָט געהונגערט . . . דאָך האָט ער ניט אויפגעהערט צו לערנען, צו שלינגען חכמות העולם. רבי פרענקעל האָט איהם געהאָלפען נאָך זיינע קרעפטען און האָט איהם פערשאַפט אַן אָרט צום שלאָפען ביי אַ געוויסען באַמבערגער, וועלכער פלעגט איבערהויפט שטיצען ישיבה־בחורים, און אויך איניגע „טעג". שבתים און יום־טובים פלעגט דער גוטער רבי איינלאַדען זיין געליעבטען שילער צו זיך. אויסער דעם פלעגט ער איהם נאָך צאָהלען עטליכע גראָשען אַ וואָך פאַר איבערשרייבען זיינע העברעאישע פירושים אויף משנה און גמרא. ביי זיין פאָטער האָט משה זיך אויסגעלערנט צו שרייבען פיין, און דאָס האָט איהם דיא ערשטע צייט פיעל געהאָלפען.

דאָך האָט ער ניט איין נאַכט זיך געמוזט לייגען מיט אַ ליידיגען מאָגען. איינזאַם, טרויעריג, אין צרות און נויטה האָט ער פערבראַכט זיינע יוגענד־יאָהרען. ער איז געווען צו שטאָלץ און אויך

שעמעוודיג צו בעטען שטיצע. זיין נאַטירליכע בעשיידענהייט און עניות זיינען נאָך פערשטאַרקט געוואָרען דורך זיינע פיזיישע שוואַכ־קייטען, דען אויסער דעם הייקער, האָט ער אויך געשטאַמעלט. ניט זעלטען האָט איהם אויך געפעהלט אַ ריינע העמד, און דאַן האָט ער זיך געשעמט דיא אויגען צו ווייזען.

גאַנצע טעג פלעגט ער פערברייננגען אין דער ישיבה, וואו ער האָט געשלונגען דיא תורה, וואָס רבי פרענקעל האָט געלערנט מיט זיינע שילער, און אַבענדס האָט ער שטילערהייט אַליין פלייסיגער שטודירט דיא דייטשע שפראַך, וועלכע ער האָט אַזוי גוט אויסגעלער־רענט, דאָס ער איז שפּעטער געוואָרען איינער פון דיא פיינסטע דייטשע שרייבערס. זיין שפראַך האָט געדיענט אַלס מוסטער פאַר דייטשען. דאָס איז געווען זיין גליק, דאָס איז געווען דיא הויפט אורזאַכע פון זיין ערפאָלג, דער פונדאַמענט פון זיין גרויסע רעפאָר־מאַציאָן. צו יענער צייט האָבען דיא דייטשע אידען אויך נאָך גע־ברויכט דעם זשאַרגאָן, און אפילו אין בערלין זיינען כמעט ניט גע־ווען אַזעלכע אידען, וואָס האָבען געקענט שרייבען דייטש. דאַרום פלעגט מען זיך שטענדיג ווענדען צו מענדעלססאָהן'ען, ווען דיא בער־לינער קהלה האָט עפּעס בעדאַרפט האָבען אָנצושרייבען אין עכט דייטש. וויא נאָר עס איז בעקאַנט געוואָרען, אַז מענדעלססאָהן שרייבט אַ ליטעראַרישען דייטש, האָט מען זיך בענוצט דערמיט אין וויכ־טיגע קהל'שע אַנגעלעגענהייטען, און זיין אָנזעהען איז דורך דעם זעהר געשטיגען ביי אַלע אידען אין דייטשלאַנד.

דאָס מוז מען צוערשט נעהמען אין אַנבעטראַכט, ווען מען וויל פערשטעהן, וואָרום מענדעלססאָהן האָט געשפּיעלט אַזאַ גרויסע ראָלע ביי זיין לעבען, טראָטץ זיין ארמוטה, טראָטץ דעם וואס ער האָט געמוזט דיענען אַלס איינפאַכער בוכהאַלטער, אום זיך און זיין פאַמיליע צו ערנעהרען.

מיט זיינע דייטשע שריפטען איז ער אַריינגעדרונגען אין דער קריסטליכער וועלט. מען האָט ניט נאָר געשעצט זיין פיינע און לעבהאַפטע שפּראַך מעהר וויא דעם פילאָזאָפישען אינהאַלט פון זיינע שריפטען, זאָנדערן מען האָט זיך איבערהויפּט דאַן געוואונ־דערט, דאָס אַ איד שרייבט דייטש און נאָך איבער פילאָזאָפישע

און ליטעראַרישע פּראַגען. דאָס איז געווען אַ זעלטענהייט, זאָגאַר אַן אונערהערטע זאַך. און וואָס מעהר מענדעלסזאָהן׳ס רעפּוטאַציאָן איז געשטיעגען אין דער דייטשער ליטעראַרישער וועלט, אַלץ גרע־סער איז געווארען זיין איינפלוס אויף זיינע ברידער, וועלכע האָ־בען זיינע ווערק גאָר ניט געלעזען און מייסטענס גאָר ניט געקענט לעזען. דיא דייטשע אידען האָבען איינפאַך שטאָלצירט מיט איהם, ווייל ער האָט זיך ערווארבען אַ עהרען־נאָמען צווישען דייטשע גע־לעהרטע, און דיעזער נאָמען האָט אַלץ ווייטער אָפּגעקלונגען אין דער גאַנצער געבילדעטער וועלט. ניט ווילענדיג איז ער אַזוי געוואָרן אַ פּאָרשטעהער און אַ גייסטיגער פיהרער פון אידען.

נאָך אין דער צייט, ווען דער הייקערדיגער אָרים־בחור האָט גע־פינסטערט אין זיין קעמערל און געלעזען דייטשע ביכער ביי דעם שיין פון אַ לעמפּעלע האָט זיך איהם נאַטירליך ניט גע׳חלום׳ט אַזאַ גלענצענדע צוקונפט. ער האָט שטודירט, אום צו וויסען, ער האָט געלערנט, אום צו קענען, גאָר ניט קימערענדיג זיך וועגען זיין צו־קונפט. אַ הייסע דורשט נאָך בילדונג האָט איהם אויפגעמונטערט, געמאַכט צו פערגעסען אָן אַלע זיינע לײדען, אָן זיין הונגער, און גע־יאָגט צו שטודירען ניט נאָר דיא דייטשע שפּראַכע, זאָנדערן אויף אַנדערע שפּראַכען, און ניט נאָר שפּראַכען און פילאָזאָפיע, זאָנדערן אויך מאַטהעמאַטיק.

אַלס אַ תלמודיכט, אַלס איינער וואָס איז פון זיינע קינדערשע יאָהרען געוואָהנט געווען צו חקירה און פּלפּולים, וואָס האָט גרינדליך דורכגעשטודירט דעם „מורה נבוכים,“ האָט איהם נאַטיר־ליך מעהר פון אַלץ געצויגען צו פילאָזאָפיע, צו מעטאַפיזישע בע־טראַכטינגען. ניט נאָר וויסענשאַפטען, אמת׳ע נאַטור וויסענשאַפ־טען מיט עקספּערימענטען און אָהן מעטאַפיזישע חקירות, האָבען איהם ווייניג אינטערעסירט, זאָנדערן אַפילו געשיכטע. אַ לאַנגע צייט, זאָגאַר נאַכדעם וויא ער איז שוין בעפריינדעט געווען מיט לעססינג׳ן, האָט ער ניט געקענט פערשטיין צו וואָס אַ געוועהנליכער בירגער, ניט אַ פּאָליטיקער און דיפּלאָמאַט דאַרף לערנען געשיכטע, צו וואָס עס נוצט צו וויסען, וויא מענשען האָבען געלעבט און זיך געפיהרט אין פריהערע צייטען. ער האָט זיך זאָגאַר גע־וואונדערט,

ווארום זיין פריינד לעססינג אינטערעסירט זיך אזוי פיעל מיט היס־טאריע און אלטע ביכער.

אן עכט מעטאפיזישער פילאזאף איז מענדעלססאהן פערבלי־בען זיין גאנצען לעבען. ער האט זיך צוגעבונדען צו דער לייבניץ־וואלפישער פילאזאפישער שולע, וועלכע איז דאן געוועזן דיא הער־שענדע און וועלכע ער האט צוערשט פלייסיג שטודירט און ער איז איהר געבליעבען טריי ביז זיין לעצטע שטונדע, אבוואהל ער האט אויך צולעצט געזעהען, אז זיא האט שוין אבגעלעבט איהר צייט.

נאר לאמיר ניט פערלויפען פאראוים. צו דער צייט, ווען ער האט אנגעפאנגען צו לערנען דייטש און אנדערע וועלט־שפראכען, האט ער געהאט דעם גליק צו בעקענען זיך מיט א מערקווירדיגען פוילישען איד, וועלכער איז בעוואוסט אונטער דעם נאמען ישראל זאמאסץ. דאס איז געוועזן א טיעפער און פרייער דענקער, וועלכער האט פיעל געליטען אין זיין געבורטס־שטעטעל סטארי־זאמאסץ אין פוילען פון דיא רבנים און תלמודיסטען און האט געלעבט אין גרויס ארמוטה אין בערלין אלס מלמד. ער איז אויך געוועזן א גו־טער מאטעמאטיקער. „ליידענדע ווערן גיך בעפריינדעט", בעמערקט גאנץ ריכטיג דר. מ. קייזערלינג אין זיין בעוואוסטער לעבענס־בע־שרייבונג פון משה מענדעלססאהן, און דער יונגער און עלענדער ארים־בחור האט זיך צוגעבונדען צו דיעזען פריידיינקענדען פוילי־שען איד, וועלכער איז געווארן זיין לעהרער פון געאמעטריע. אונ־טער דער לייטונג פון ישראל זאמאסץ, וועלכער האט זיך אויסגע־צייכענט מיט זיינע פירושים אויף דעם „כוזרי" און תלמוד, האט משה מענדעלססאהן צוערשט שטודירט, נאך אן העברעאישע איבער־זעצונג, אויקליד'ס געאמעטריע. דער לעהרער האט ניט פערשטא־נען קיין אנדער שפראך אויסער לשון קודש און דער שילער האט זיך דארום געמוזט בענוצען מיט העברעאישע מאטהעמאטישע בי־כער. ביידע פלעגען זיך צוזאמענטרעפען כמעט יעדען טאג און פלעגען פיהרען געשפרעכען און דיסקוטירען איבער פערשיעדענע פראגען, וואס האט פיעל געווירקט אויף דיא וייטערע ענטוויק־לונג פון משה מענדעלססאהן און אויך אויף דעם, אז ער זאל זיך נעהמען צו שטודירען דיא לאטיינישע שפראך, וועלכע איז גאך

דאן אויך געווען דיא שפּראַך פון געלעהרטע, בעזאָנדערס אין דייטש־לאַנד.

מיט גרויסע צרות האָט ער אָפּגעשפּאָרט פון זיין מאָגען עטליכע גראָשען צו קויפען אַן אַלטע לאַטיינישע גראַמאַטיקע און אַן אַלטען לאַטיינאישען ווערטער־בוך און ער האָט זיך מיט זיין געוועהנליכען פלייס גענומען צו גריבלען זיך אין דיעזע ביכער. דאָ האָט איהם ווידער געגליקט, דען ער האָט געקראָגען אַלס לעהרער א יונגען אידישען דאָקטאָר מיט דעם נאָמען קיש, וועלכער האָט געלערנט דיא קלאַסישע שפּראַכען אין א יעזואיטען־שולע אין זיין געבורטס־שטאָט פּראג. א האַלבען יאָהר האָט איהם דיעזער דאָקטאָר געגעבען אונ־ענטגעלטליך אונטערריכט אין לאַטיין און נאַכהער האָט דער שילער געמאַכט אַזעלכע פאָרטשריטע, אַז ער האָט שוין געהאַט דעם פערגניגען צו לעזען מיט דער הילפע פון א ווערטער־בוך א ווערק, וואָס האָט געהאַט א גרויסע ווירקונג אויף זיינע פילאָזאָפישע אַנזיכטען. דאָס איז נעמליך געווען א לאַטיינישע איבערזעצונג פון דעם בעריהמטען בוך „פערזוך איבער דעם מענשליכען פערשטאַנד" פון דעם גרויסען און טיעפען ענגלישען פילאָזאָף לאָק.

וויא שווער עס איז איהם ניט אָנגעקומען צו ערלערנען דיא לאַטיינישע שפּראַך, האָט ער זיך דאָך דערביי ניט אָפּגעשטעלט און האָט זיך אויך גענומען צו שטודירען דיא פראַנצויזישע און ענג־לישע שפּראַכען. דאָ איז איהם געקומען צו הילפע א איד, וואָס פער־דיענט א בעזונדערן פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דייטשע אידען, ווייל ער איז וואַהרשיינליך געווען דער ערשטער פון זיי, וואָס האָט געקענט שרייבען דייטש און געפיהרט בעקאַנטשאַפט מיט דייט־שע און פראַנצויזישע געלעהרטע אין שריפטשטעלער.

דאָס איז נעמליך דאָקטאָר אהרן שלמה גומפּערץ, א געבאָרע־נער בערלינער, וועלכער איז אויך געווען א שילער פון ישראל זאַ־מאָסץ און וועלכער האָט שוין צו 20 יאהר געקענט אויסער דיא געוועהנליכע אידישע תורה, דיא פראַנצויזישע שפּראַך, דאַמאָלס דיא העכסטע מאָדע־שפּראַך, און מאַטהעמאַטיק. ער איז שוין דאן גע־ווען בעקאַנט אַלס א קענער פון דער דייטשער שפּראַך, ווען אין 1945, ווען דיא אידען האָבען אויך געפייערט נאָך דעם דרעזדע־

נער פריעדען דעם טריאומף־צוג פון זייער יונגען קעניג פריעדריך דעם גרויסען האָבען זיי זיך צו איהם געווענדעט, ער זאָל איבערזעצען אין דייטש דעם העברעאישען שיר וואָס רבי פרענקעל האָט פערפאַסט לכבוד דעם קעניג.

דיעזער הויך־געבילדעטער איד, וועלכער האָט זיך בעקענט מיט דיא מיטגליעדער פון דער דאַמאָלסדיגער בערלינער אַקאַדעמיע, מייסטענס פראנצויזען, איז עס געוואָרן דער הויפט־לעהרער פון משה מענדעלסאָהן. „דורך דען אומגאנג מיט דר. אהרן גומפעריז, האָט מענדעלסאָהן אַליין געשריעבען, האָב איך געוואונען א געשמאַק פיר וויסענשאַפטען און אויך האָט ער מיר דעם וועג געוויזען".
ריידענדיג וועגען דעם איינפלוס פון דיעזען דאָקטאָר אויף מענדעלסאָהנען בעמערקט דר. קייזערלינג: „מען קען דרייסט בעהויפטען, דאָס אהן גומפעריז'ן וואָלט מענדעלסאָהן ניעמאַלס מענדעלסאָהן געוואָרן". אויב מען איז איינפערשטאַנען מיט דיעזער מיינונג אָדער ניט, נאָר זיכער איז עס יעדענפאַלס, אַז מענדעלסאָהן האָט געהאַט אויסגעצייכענטע לעהרער אין בערלין און אַז דאמאָלס האָבען זיך שוין ־אָרטען געפונען עטליכע אידען מיט אייראָפּעאישע בילדונג.



## דריטער קאַפּיטעל.

# מענדעלססאָהן׳ס בעקאַנטשאַפט מיט לעססינג׳ן און ערשטע שריפטען.

אונגעפעהר אַכט יאהר האָט אונזער אָרים־בחור אַזוי אבגעלעבט הונגערנדיג און שטודירענדיג. אין 1750 איז פאָרגעקומען אַ וויכטיגע ענדערונג אין זיין קלעגליכען לעבען. דער רייכער זיידענפאַבריקאַנט יצחק בערנהאַרד האָט זיך דערוואוסט פון זיינע קענטניסע, וואַהרשיינליך נאָך דער רעקאָמענדאַציאָן פון אהרן גומפּעריץ, און האָט איהם אָנגעבאָטען צו ווערען דער לעהרער און ערציהער פון זיינע קינדער. מיט פריידע האָט מענדעלססאָהן אָנגענומען דיעזע שטעלע וועלכע האָט איהם ניט נאָר פערזיכערט חיונה, זאָנדערן אויך געגעבען דיא מעגליכקייט רוהיג און פריי פאָרטצוזעצען זיינע שטודיען.

אין דיעזער צייט האָט ער זיך עס, אונטער דיא לייטונג פון דר. גומפּעריץ, אָבגעגעבען מיט לייב און זעעלע צו דער פילאָזאָפיע, וועלכע איז געוועזען, וויא ער האָט זיך אויסגעדריקט, „זיין טרייעסטע געליעבטע און זיין איינציגע טרייסט אין אַלע ווידערווערטיגקייטען פון לעבען“. אויסער לייבניץ און לאָק, וועלכע האָבען געבילדעט דעם פונדאַמענט פון זיינע פילאָזאָפישע אַנשויאונגען, האָט ער שטודירט דיא ווערק פון פיעלע אַנדערע פילאָזאָפען און שרייבערס, בעזאָנדערס דיא ווערק פון שעפטסבורי און איבער־הויפט פון דער ענגלישער פילאָזאָפישער שולע. לאָק האָט איהם שוין דערמיט אַליין געצויגען צו זיך, ווייל ער האָט געפּרעדיגט רעליגיעזע טאָלעראַנץ און האָט זאָגאַר זיך ערקלעהרט צו גונסטען פון בירגער־רעכטע פאַר אידען און מאָהאַמעדאַנער, וואס עס איז געוועזען ווירקליך אַן אונערהערטע זאַך אין זיין צייט.

וועגען מענדעלססאָהן׳ס פילאָזאָפישע אַנשויאונגען, וויא זיי האָבען זיך ענטוויקעלט אונטער דעם איינפלוס פון דיינישע און ענגלישע

פילאָזאָפישע לעהרען, אָדער אין אַלגעמיינען אונטער דעם איינפלוס פון דער „אויפקלערונגס־פילאָזאָפיע“ פון 18־טען יאהרהונדערט, וועלען מיר האָבען צו ריידען שפּעטער. יעצט וועלען מיר נאָר בע־מערקען, דאָס אין דיא פיער יאָהר, וואָס ער איז געוועזן הויזלעהרער, האָט ער זיך אויסגעבילדעט אַלס פילאָזאָף, אַלס שפּראַך־קענער און אויך אַלס קונסט־קריטיקער.

עס האָט איהם נאָך געפעהלט א געלעגענהייט אַרויסצוצייגען זיינע ערוואָרבענע קענטניסע און זיין איינגעבאָרענעם שריפטשטע־לערישען טאַלענט. דיזע געלעגענהייט האָט ער געקראָגען דורך זיין בעקאַנטשאַפט מיט לעססינג'ן. דיזע גליקליכע בעקאַנטשאַפט, וועלכע האָט געבראַכט אַזוי פיעל נוצען דיא אידען אין אַלגעמיינען און איהם בעזאָנדערס האָט ער וויעדער געהאַט צו פערדאַנקען זיין פריינד און לעהרער דר. גומפּעריץ און אויך דעם שאַכשפּיעל.

וואָס ווייטער ער האָט שטודירט, לעבענדיג אין דער הויז פון יצחק בערנהאַרד, האָט ער זיך גענומען אַלין מעהר פיהלען אַלס וועלטליכער מענש און האָט זיך שוין ניט געשעהמט צו קומען אין געזעלשאַפטען פון הויכגעשטעלטע לייט, וואוהין דר. גומפּעריץ האָט איהם איינגעפיהרט. ער איז אַזוי בעקאַנט געוואָרן מיט מאַפּערטואי, ד'אַרזשאַן, פּרעמאָנטוואַל און אַנדערע בעריהמטהייטען פון דער בערלינער אַקאַדעמיע, וועלכע פריעדריך דער גרויסער האָט איינגע־פיהרט נאָך דעם מוסטער פון דער פראַנצויזישער און וועלכע ער האָט אויך אָנגעפילט מייסטענס מיט פראַנצויזישע געלעהרטע. זיי האָבען פריינדליך עמפּפאַנגען דעם אָרימען אידישען יונגען מאַן, ווייל זיי האָבען גלייך געזעהען, אַז זיי האָבען צו טאָן מיט א קענער און אַ שאַרפען דענקער. מיר ווייסען שוין אוים לעססינג'ס ביאָגראַפיע, וויא דער פרייסישער קעניג האָט נאָכגעטאַנצט דיא פראַנצויזען און וויא ער האָט פעראַכטעט דיא דייטשע שרייבערס און שפראַך, און מיר וועלען דאָ דארום זיך ניט אָפּשטעלען אויף דיזען פונקט.

לעססינג האָט צו דער צייט, אין 1754, געלעבט זעהר אָרים, אָבער זעהר פריי און לוסטיג, אין בערלין אַלס צייטונגס־שרייבער. ער האָט געהאַט א כך יונגע פריינד, וועלכע האָבען ליעב געהאַט זיין געזעלשאַפט. ער האָט בעזאָנדערס פערקעהרט מיט שוישפּיעלער,

קינסטלער און לעבהאפטע יונגע לייט און אויך מיט עטליכע אידען. דר. גומפערץ איז געווען איינער פון דיזע אידען און איין מאל האט ער איהם פארגעשטעלט מענדעלסאהן'ען אלס א הויף־געבילדעטען איד און אויך אלס א גוטען שאכשפיעלער. לעססינג, וועלכער האט, אלס א פרייער גייסט און פיינד פון פאראורטהיילע, איבערהויפט ליעב געהאט מענשען, וואס האבען זיך אליין אויסגעבילדעט, און וועלכער האט שוין צו דער צייט געהאט אנגעשריבען זיינע „יודען" האט זיך גלייך שטארק פעראינטערעסירט מיט אזא אידישען יונגען מאן, וואס האט שטודירט פילאזאפיע און שפראכען. שנעל זיינען זיי געווארן בוזים־פריינד, און זייער פריינדשאפט האט אנגעהאלטען, וויא מיר וועלען שוין זעהן, ביז זייער טויט.

ווען מיכאעליס, פראפעסאר פון טהעאלאגיע אין געטטינגער אוניווערזיטעט, האט אין א קריטיק איבער „דיא יודען" ערקלערט, דאס אזא איד, וויא לעססינג האט עס פארגעשטעלט, קען גאר ניט געמאלט זיין, האט מענדעלססאהן אויסגעגאסען זיין ביטערע הארץ וועגען דעם און פערטהיידיגט דיא עהרע פון זיין פאלק אין א בריעף צו דר. גומפערץ. „דיא געדאנקען (דיא מיינונג פון מיכאעליס) האבען מיך געמאכט שאמרויט," האט מענדעלססאהן געשריעבען. „איך בין ניט אין שטאנד אויסצודריקען, וואס איך האב געפיהלט, ווען איך האב עס געלעזען. וואס פאר אן ערניעדריגונג פאר אונזער געדריקטע נאציאן! וואס פאר אן איבערטריבענע פעראכטונג!"

דיזען בריעף האט לעססינג אריינגעשטעלט אין זיין אנטווארט צו פראפעסאר מיכאעליס. דערביי האט ער אזוי פארגעשטעלט זיין נייען פריינד: „ער איזווירקליך א איד, א מענש פון עטליכע און צוואנציג יאהר, וועלכער האט זיך אליין ערווארבען שטארקע קענטניס אין שפראכען, מאטהעמאטיק, פילאזאפיע און פאעזיע. איך זעה איהם אין פאראויס אלס דיא עהרע פון זיין נאציאן, אויב זיינע גלויבענסגענאסען, וועלכע האבען ביז יעצט ארויסגעצייגט אן אונגליקליכען פערפאלגונגס־גייסט געגען לייטע זייגעס גלייכען, וועלען איהם לאזען פריי זיך ענטוויקלען. זיינע עהרליכקייט און פילאזאפישער גייסט לאזען מיך פאראויסזעהען אין איהם א צווייטען ספינאזא..."

אַזאַ איינדרוק האָט מענדעלססאָהן געמאַכט אויף לעססינג'ן, קען מען זאָגען, גלייך נאָך זייער ערשטער בעקאַנטשאַפט.

אין דעם זעלבען יאָהר (1754) איז מענדעלססאָהן אַרויסגע־טראָטען אַלס דייטשער שרייבער אין דער עפענטליכקייט. דאס איז געשעהען אַזוי: לעססינג האָט איהם געגעבען איבערצולעזען שעפטס־בורי'ס אַ בוך, און ווען ער האָט איהם געפרעגט זיין מיינונג איבער דיזען בוך, האָט ער געקראָגען אַזאַ אַנטוואָרט: „זעהר גוט, אָבער זאָ עטוואָס קען איך אויך מאַכען". — „זאָ?" האָט לעססינג אויס־גערופען „נון, זאָ מאַכען זיא דאָך זאָ עטוואָס".

מענדעלססאָהן האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט און האָט אין אַ קורצע צייט אַרום דערלאַנגט זיין פריינד אַ מאַנוסקריפט דורכצולעזען. וואָס לעססינג האָט געטאָן מיט דיזען מאַנוסקריפט, דאָס האָט מענדעלססאָהן זיך דערוואוסט עטליכע מאָנאַט שפּעטער. וויא נאָר לעססינג האָט איבערגעלעזען זיין פריינד'ס פערפאַסונג, האָט ער גלייך אַוועקגעשיקט דעם מאַנוסקריפּט צו זיין אַרויסגעבער פּאָסס, ניט זאָגענדיג אַ וואָרט וועגען דעם צו מענדעלססאָהן'ען, און ווען מענדעלססאָהן האָט איהם ענדליך געפרעגט, אויב ער האָט געלעזען דעם מאַנוסקריפּט, האָט ער, אַנשטאָט אַן אַנטוואָרט, גע־קראָגען, צו זיין ערשטוינונג און פריידע, אַ געדרוקטען עקזעמפּלאַר. דאָס איז געוועזען אַ שטיפעריי פון לעססינג'ס זייט, אום צו איבעררא־שען זיין פריינד.

דיזע ערשטע געדרוקטע דייטשע שריפט פון משה מענדעלס־סאָהן טראָגט דעם נאָמען „פילאָזאָפישע געשפרעכען." ער איז דאַן אַלט געוועזען 25 יאָהר, און פון דיזער צייט ביז זיין לעצטע שטונדע אין אָנפאַנג פון 1786 איז ער פערבליבען אויף דעם שלאַכטפעלד פון דער אויפגעלעבטער דייטשער ליטעראַטור, וועלכע האָט געוואונען אַלין אַ טיעפערע און ווייטגעהענדערע ווירקונג אויף דער גאַנצער ציוויליזירטער מענשהייט.

אין דיזע „פילאָזאָפישע געשפרעכע" שילדערט ער געוויסער־מאַסען דיא ענטוויקלונג פון דיא מעטאַפיזישע פילאָזאָפיע און צייגט זיך אַרויס אַלס אַנהענגער פון לייבניץ'ס סיסטעם. דערביי האָט ער הויך געשטעלט אַ פילאָזאָף, וואָס איז דאַן פערשאָלטען געוועזען פון

קריסטען אזוי וויא פון אידען, וואס איז פארגעשטעלט געווען אלס א שרעקענס־בילד, אלס דער טייוועל זעלבסט. מיר מיינען דא דעם גענִיאלען אידישען דענקער, דעם אינפערגלייכליכען ברוך ספינאזא.*) אבוואהל ער איז געווען א פעסטער געגנער פון ספינאזא'ס פילאזאפיע, דאך האט ער בעוואונדערט זיין גרויסקייט און טיעפקייט, וויא אויך זיין געטליכען כאראקטער. „ספינאזא, האט מענדעלסאהן ערקלערט נאך זיינע אויספיהרונגען וועגען דיא פילאזאפישע סיסטעמען פון דעקארט (קארטעזיוס) און לייבניץ, איז געווען אן אפפער פיר דעם מענשליכען פערשטאנד, אבער אן אפפער וואס פערדיענט בעצירט צו ווערן מיט בלומען. אהן איהם וואלט דיא פילאזאפיע נימאלס געקענט אזוי וויט אויסציהען איהרע גרענעצען".

זעהר אינטערעסאנט און מערקווירדיג איז אויך דער פאקט. דאס מענדעלסאהן איז ארויסגעטראטען אלס פערטהיידיגער פון דער דייטשער שפראך און האט געשטראפט דיא דייטשען, וואס זיי טאנצען נאך דיא פראנצויזען וויא גייסטיגע שקלאווען. אין דיעזער בעציהונג האט ער זיך צוזאמענגעטראפען מיט לעססינג'ן, וועלכער האט שטענדיג געזוכט צו ערהויבען דיא דייטשע שפראך און וועלכער ווערט מיט רעכט גערופען דער רעפארמאטאר פון דער דייטשער שפראך וויא מיר וויסען עס שוין.

מיט זיינע „פילאזאפישע געשפרעכע" האט מענדעלסאהן גלייך ארויסגעצויגען אויף זיך דיא אויפמערקזאמקייט אין דער ליטעראַרישער וועלט; אבער נאך מעהר איז ער בעקאנט געווארן דעם נעכסטען יאהר, ווידער מיט דער הילפע פון זיין עדלען און גרויסען פריינד לעססינג. ביידע יונגע לייט האבען מוטהיג אנגעגריפען דיא בערלינער אקאדעמיע זעלבסט. אונטער לעססינג'ס איינפלוס האט דער הייקערדיגער אריס־בחור געקראגען פליגלען פון אן אדלער. דער ארימער איד, וועלכער האט אייגענטליך קיין רעכט געהאט צו וואהנען אין בערלין, האט געוואגט ארויסצוטרעטען געגען דיא קעניגליכע אקאדעמיע מיט איהרע פראנצויזישע שטערן!

---

*) זעה מיין לעבענסבעשרייבונג פון ברוך ספינאזא, ארויסגעגעבען פון דער אינטערנאציאנאלער לייברערי פובלישינג קאמפאני.

ביידע פריינד האָבען נעמליך אָנגעשריבען א ביכעל אונטער־ דעם נאָמען „פּאָופּ א מעטאפיזיקער.“ דאָס איז געווען א בייסענדע אנטוואָרט אויף א פרייז־פראַגע, וואָס דער פראַנצויזישער פּרעזידענט פון דער בערלינער אקאַדעמיע האָט געשטעלט וועגען דעם ענגלישען פּאָעט און פילאָזאָף פּאָופּ, מיט דעם צוועק א ביסעל שפּאָט צו מאַכען פון לייבניץ'ס פילאָזאָפיע וועגען דיא „פּאָרויסבעשטימטע אייביגע הארמאָניע אין דער וועלט.“ מענדעלסזאָהן האָט זיך אָנגענומען פאַר זיין ליעבלינג פילאָזאָף און האָט אָנגעשריבען דעם פילאָזאָפישען טהייל פון דיזער שריפט, און לעסינג האָט איבערהויפּט געוועלט זיך אָפּרעכענען מיט דיא אקאַדעמיקער און האָט געשליידערט דיא ליטעראַרישע פיילען.

דער רעזולטאט איז געווען, אז דיא אקאדעמיקער האָבען זעהר שאַרף געפיהלט דעם בים פון דיא שאַרפע צעהנער פון דיא יונגע לייט, ביי וועלכע טיעפע קענטניסע איז געווען פערבונדען מיט לעב־ האפטיגקייט און טאלענט. זייער אנטוואָרט אויף דער פרייז־פראַגע האָבען זיי אָבגעדרוקט אָהן זייערע נעמען, אָבער מען האָט זיך באַלד דערוואוסט, ווער דיא פערפאסער'ס זיינען, און דיא אקאדעמיקער, וועלכע האָבען געקענט מענדעלסזאָהן'ען אַלס א זעהר שטילען און שעמעוודיגען יונגען מאַן, האָבען זיך זעהר געוואונדערט, דאָס ער האָט געוואַגט אַרויסצוטרעטען געגען זיי אין פערבינדונג מיט דעם „צייטונגסשרייבער לעססינג“.

איינינע אקאדעמיקער האָבען איהם פון דעסטוועגען פריינדליך אויפגענומען און געצייגט זייער אַכטונג צו איהם אַלס א פילאָזאָף. אַנדערע זיינען געווען נייגעריג קענען צו לערנען א יונגען איד, וואס שרייבט דייטש און ערלויבט זיך זאָגאַר צו קריטיקירען דיא קעניג־ ליכע אקאדעמיע.

צו דער צייט האָט נאָך אָבער מענדעלסזאָהן ניט געשריעבען אַזוי פליסיג און עלעגאַנט דייטש, וויא עס צייגט זיך אַרוים אפילו אין זיינע ערשטע שריפטען. עס איז איהם זעהר שווער אָנגעקומען אָנפאַנגס צו געברויכען ריכטיגע דייטשע אויסדריקע, און עס האָט איהם פיעל צייט גענומען אָנצושרייבען אַן ארטיקעל אַזוי פיין, וויא ער האָט עס געוואונשען. נאָר לעססינג האָט איהם שטענדיג אַרויס־

געהאָלפען. ער פלעגט גוטמוטהיג פאָלירען זיין פריינד'ס שפּראַך און האָט איהם אַזוי ביסלעכווייז אומגעוואַנדעלט פון אַ טרוקענעם פילאָ־זאָפישען שרייבער אין אַ פיין־שרייבער, אין אַ שפּראַך־קינסטלער. מענדעלסזאָהן פלעגט איבערגעבען זיינע שריפטען צו זיין פריינד, וועלכער פלעגט זיי רעדיזשירען און אויסבעסערן אין זיי דיא שפּראַך. אָהן לעססינג'ס הסכמה פלעגט מענדעלסזאָהן קיין וואָרט ניט לאָזען דרוקען. שפּעטער, ווען מענדעלסזאָהן איז געוואָרן אַ מייסטער פון דער דייטשער שפּראַך, פלעגט ער אויך פריהער שיקען זיינע מאַנו־סקריפּטען צו זיין פריינד, אום צו הערען זיין מיינונג איבער זיי.

פון דער אַנדער זייט קען קיין צווייפעל ניט זיין, אַז מענדעלס־זאָהן'ס ערנסטקייט און טיעפקייט אין דענקען, זיינע פילאָזאָפישע אַנזיכטען האָבען געהאַט אַ טיעפע ווירקונג אויף לעססינג'ן.

אויף לעססינג'ס פאָרשלאַג האָט זיך מענדעלסזאָהן אויך גענו־מען צו איבערזעצונג פון זשאַן זשאַק רוססאָ'ס וועלטאויפרו־דערנדע ווערק „איבער דעם אורשפּרונג פון אונגלייכהייט אונטער מענשען", אום בעקאַנט צו מאַכען דיא דייטשען מיט דיא מיינונגען פון דעם גענפער פילאָזאָף, מיינונגען, וועלכע האָבען געהאַט אַזאַ ריזיגען איינפלוס אויף דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. *) דיא איבערזעצונג איז אַ פאָרטרעפליכע. מענדעלסזאָהן האָט אויך אָנגע־שריעבען אַ זעהר טיעפזיניגע הקדמה אונטער דעם נאָמען „זענדשריי־בען אַן דען הערן מאַגיסטער לעססינג אין לייפּציג", אין וועלכער ער האָט אויסגעדריקט זיינע מיינונגען איבער רוססאָ'ס פאַלשע אויספיהרונגען, אַז דיא ציוויליזאַציאָן האָט פערדאָרבען דיא מענ־שען, אַז דיא וויססענשאַפטען זיינען איין אונגליק פיר דיא מענשהייט און אַז מענשען האָבען געלעבט פיעל גליקליכער אַלס קינדער פון דער נאַטור אין ווילדען צושטאַנד.



*) זעה מיין געשיכטע פון דער „פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן", ארויסגעגעבען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ליבּרערי פּובּלישינג קאָמפּ.

## דריטער קאַפּיטעל.

## II.

## מענדעלססאָהן אַלס קונסט־קריטיקער.

ווען לעססינג האָט פערלאָזען בערלין, אום צו וואַנדערן איבער דער וועלט, איז עס געוועזן אַ שווערער קלאַפּ פיר מענדעלססאָהן׳ען, וועלכער איז געוואָהנט געוואָרן צו זיין כמעט יעדען טאָג אין זיין אינטימסטען פריינד׳ס געזעלשאַפט. ער האָט זיך דאַן בעפריינדעט מיט אַנדערע שרייבערס, בעזאָנדערס מיט ניקאָלאַאי, וועלכער האָט מיט איהם געלערנט דיא גריכישע שפּראַך. אין אַ קורצער צייט האָט ער עס אַזוי ווייט געבראַכט, אַז ער האָט געקענט פערשטעהן אין גריכישער שפּראַך פּלאַטאָן׳ס דיאַלאָגען (געשפּרעכען), וועלכע האָבען איהם נאַכהער געדיענט אַלס מוסטער פיר זיין „פעדאָן“. צוזאַמען מיט ניקאָלאַאי, וועלכער איז אויך געוועזן אַן אָטאָדידאַקט (אַזוי רופט מען איינעם, וואָס מאַכט ניט דורך אַ רעגעלמעסיגע שולע און שטודירט אליין), האָט ער געלעזען פיעלע פילאָזאָפישע ווערק און האָט איבערהויפּט פיעל געלערנט.

צייטענווייז, אין דיא פרייע שטונדען, פלעגט ער בעזוכען אַ קאַפע־הויז, וואו עס האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען שרייבערס, פילאָזאָפען, געלעהרטע און איבערהויפּט געבילדעטע יונגע דייטשען, פון וועלכע איינינגע זיינען געוואָרן וועלט־בעריהמטהייטען, וויא, צום ביישפיעל, דער מאַטעמאַטיקער אוילער. דר. גומפערץ און מענדעלססאָהן זיינען דאַן געוועזן דיא איינציגע אידען, וועלכע האָבען פערקעהרט אין דיזען קרייז. איין מאָל אין מאָנאַט פלעגען מיטגליעדער האַלטען פאָרטרעגע, און מענדעלססאָהן האָט דאָרטען אויך פאָרגעלעזען זיינע אַן אָבהאַנדלונג איבער מאַטעמאַטיק, נעמליך איבער דער טהעאָריע פון וואַהרשיינליכקייט.

איין אַבענד האָט מען זיך אין דיזען קאַפע־הויז אַמוזירט מיט דעם, דאָס יעדער האָט בעדאַרפט אויסרעכענען זיינע פעהלער, און

מענדעלסאָהן, וועלכער האָט אויסער זיין פּעקעל אויף'ן רוקען נאָך געשטאָטערט, האָט פערפאַסט וועגען זיך אזא שיר:

גראָס נעננעט איהר דען דעמאָסטהען,
דען שטאָטערנדען רעדנער פאָן אַטהען,
דען העקעריגען עזאָפּ*) האַלט איהר פיר ווייזע —
טריאומף! איך ווערד' אין אוירעם קרייזע
דאָפּפּעלט גראָס און ווייזע זיין,
דען איהר האבט ביי מיר אין פעראיין
וואס מאַן ביי עזאָפּ און דעמאָסטהען
האָט געטהיילט געהערט און געזעה'ן.

אין דיזען קרייז האָט ער זיך אַלץ מעהר, זאָ צו זאָגען, אויס־געמענשעלט, און פון דעם אָרים־בחור איז געוואָרן ניט נאָר אַ פּילאָ־זאָף און דייטשער שרייבער, זאָנדערן אויך אַ קונסט־קריטיקער און אַ'ן עסטעטיקער. ער האָט זאָגאַר אָנגעפאַנגען צו לערנען מוזיק, אָבער ניט אום צו ווערן אַ שפּיעלער, נאָר אום בעקאַנט צו ווערן מיט דער טאָן־דיכטונג און האַרמאָניע. זיין געהער איז אָבער ניט געווען גענוג שאַרף צו אונטערשיידען, וואָס מען רופט אין דער מוזיק, טריפּעל־טאַקט. ער האָט צו דיזער צייט בעזוכט קאָנצערטען און האָט זאָגאַר פּרובירט צו ריימען און פערפאַסען גערדיכטע. עס זיינען געבליבען איינינע פון זיינע פּאָעטישע פּראָבען, וועלכע צייגען, אַז ער האָט זעהר שעהן פערשטאַנען דיא קונסט צו שרייבען ווערזען; אָבער ער האָט בעזעסען אַ גאַנץ שוואַכען פּאָעטישען געפיהל. לעססינג האָט געפונען, אַז אַ פּאָאַר פון מענדעלססאָהן'ס גערדיכטען זיינען ניט שלעכט, נאָר ער האָט איהם דאָך געראַטהען צו שרייבען בעסער פּראָזע. ניקאָלאַאי האָט איהם אויפגעמונטערט צו פּאָעטיזירען און וויינינסטענס צו מאַכען פּאָעטישע איבערזעצונגען, און דיא ערשטע צייט האָט מענדעלססאָהן וואַהרשיינליך געמיינט, אַז ער וועט ווערן אַ קינד פון דער ליעבליכער מוזע, אַנשטאַט פון דער טרוקענער מע־טאַפיזיק. איבערזעצונגען זיינען איהם בעסער געלונגען וויא אייגענע דיכטונגען. דיא בעסטע פון זיינע איבערזעצונגען זיינען אָהן צוויי־

*) דער אַלט־גריכישער פאַבעל־שרייבער.

פעל קאפיטלעך פון תהילים, אויף וועלכען ער האט לאנג און זעהר רעגעלמעסיג געארבייט נאך אין דיא שפעטערע יאהרען.

נאר אויב ער אליין איז ניט געווען א דיכטער, האט ער געהאט א פיינעם געשמאק און אן אינערליכען געפיהל צו שעצען פרעמדע פאעטישע ווערק און איבערהויפט קונסט. נאטירליך, לעססינג און ניקאלאאי האבען פיעל געווירקט אויף דיא ענטוויקלונג פון זיינע עסטעטישע געפיהלען; אבער ווען ער וואלט ניט געהאט א נאטיר־ליכע נייגונג צו שעהנהייט און צו פאעזיע, וואלט ער דאך ניט גע־ווארן אזוי שנעל א קונסט־קריטיקער און עסטעטיקער. אהן איינגע־בארענע טאלענטען קען מען ניט ווערן א קונסט־קריטיקער, אזוי וויא מען קען ניט ווערן א קינסטלער.

איינינע מאנאטען נאך דעם וויא זיינע „פילאזאפישע געשפרע־כע" זיינען ערשיענען, האט ער שוין אנגעשריעבען זיינע „בריעפע איבער עמפפינדונגען", אין וועלכע ער האט פילאזאפיש אויסגע־שפראכען זיינע מיינונגען איבער קונסט און עסטעטיק. ער האט זיך בענוצט מיט דיא שריפטען פון איינינע דייטשע שריפטשטעלער און האט אויך געזוכט צו בעשטימען דיא גרענעצען פון פאלקאמענהייט און פון שעהנהייט. מיר קענען זיך דא ניט אריינלאזען אין אזעלכע פיינהייטען, וויא דיא טהעאריען פון קונסטען און דיא גרונדלאגען פון עסטעטיק, דען ניט נאר וועט עס אונז פערפיהרען צו ווייט, זאנ־דערן אין אונזער ארימען מאמע־לשון דארף מען אנשרייבען גאנצע זייטלעך, אום איבערצוגעבען דיא מיינונג פון איינצעלנע ווערטער און בעטראכטונגען איבער קונסט און עסטעטיק; מיר וועלען נאר בעמערקען, אז מענדעלססאהן'ס שריפטען איבער קונסט האבען געהאט א ווירקונג ניט נאר אויף לעססינג'ן, זאנדערן אפילו אויף הערדער, שיללער א. ז. וו.

מענדעלססאהן און ניקאלאאי האבען אין 1756 געפיהרט א קא־רעספאנדענץ וועגען קונסט־פראגען. זיי האבען דארטען דיספוטירט וועגען פערשיעדענע פונקטען. דיזע בריף האבען געלייגט דעם פונ־דאמענט צו לעססינג'ס בעריהמטען „לאאקאאן", וועגען וועלכען עס איז דיא רעדע געווען אין לעססינג'ס ביאגראפיע.

## פיערטער קאפיטעל.

## בוכהאלטער און זשורנאליסט.

נור ווייניגע שטונדען אין טאג האט מענדעלססאהן געקענט אפ־געבען צו זיינע געליעבטע שטודיען און נאך ווייניגער צום שרייבען, דען ער האט געמוזט ארבייטען פון 8 מארגענס ביז 9 אבענד איינפאך אלס בוכהאלטער אין דעם זיידענגעשעפט פון זיין פרינציפאל, ביי וועמען ער איז געוועזען הויזלעהרער. אין זיין צייט האט מען ניט גע־קענט מאכען א זיכערן לעבען פון שרייבעריי. מיר וויסען שוין, וויא שווער עס איז געוועזען אבילו אזא ליטעראַרישען ריעז, וויא לעססינג, צו לעבען פון זיין גלענצענדע פעדער און וויא פיעל נויטה און צרות ער האט געליטען דערביי. וויא שטארק מענדעלססאהן האט ניט גע־וואונשען צו פיהרען א גייסטיגען לעבען, האט ער געמוזט צוליעב חיונה אבזיצען גאנצע טעג לעבען געשעפטס־ביכער, וועלכע האבען שטענדיג געדריקט זיין געמיטה. שפעטער איז זיין ארבייט אין קאנטאר פיעל לייכטער געווארן, דען ער איז נאר געוועזען בעשעפ־טיגט מיט בוכהאלטעריי פון 8 אוהר מארגענס ביז 2 נאכמיטאג, אבער ווי ער האט זיך געפיהלט, קען מען זעהען פון מאנכע פון זיינע בריף.

„א גוטער בוכהאלטער, האט ער געשריעבען צו לעססינג׳ן אין 1758, איז געוויס א זעלטענע בעשעפעניס. ער בעדיענט די גרעס־טע בעלוינונג, דען ער מוז לייגען אן א זייט פערשטאנד, וויץ און עמפפינדונגען און ווערן א קלאץ, אום ריכטיג א בוך צו פיהרען. ווי בין איך היינט געקומען צו דיזע געדאנקען ? ווערט איהר פרעגען. איהר ווערט געוויס ניט טרעפען, דאס די געדיכטע פון הערן פאן־קלייסט זיינען די אורזאכע דערפון“. ער האט זיך נעמליך בע־קלאגט, וואס ער האט קיין צייט געהאט דורכצולעזען דיזע געדיכטע צוזאמען מיט זיין פריינד ניקאלאאי, וועלכער האט געקענט לעבען פון זיינע איינקינפטע ווי א פריץ. „איך האב פערשאלטען מיין לאגע, האט ער געענדיגט דיזען בריף, און האב דיזע געדיכטע אוועק־

געשיינקט צו אונזער עסקווייר ניקאלאאי, וועלכער לעבט פון זיינע געלדער, הא, ניט אהן נייד! און בין געוועזן פערדריסליך".

„דיא געשעפטען! דיא לעסטיגע געשעפטען! האט ער גע־קלאגט אין א בריעף צו לעססינג'ן אין 1763; זיי דריקען מיך ביז צו ערד און פערצעהרען דיא קרעפטע פון מיינע בעסטע יאהרען. וויא א לאסט־עזעל שלעפ איך דורך מיין לעבענסצייט מיט אן אנגע־לאדענען רוקען, און צום אונגליק זאגט מיר דיא אייגענליעבע אין איינער, דאס דיא נאטור האט מיך בעשאפען פיליייכט צו זיין א ראד־פערד. וואס זאל מען טהאן, מיין ליעבער פריינד? לאמיר איינער דעם אנדערן בעדויערן און צופריעדען זיין. זא לאנג דיא ליעבע צו וויסענשאפטען איז ניט ערקעלטעט, האבען מיר נאך א גוטע האפנונג."

וויא פיעל פרייע צייט ער האט דאן געהאט, האט ער איהר אבגעגעבען צו קריטיק אין צייטשריפטען און אין אלגעמיינען צו זשורנאליזמוס. אין דיזער הינזיכט האבען אויף איהם ספעציעל געווירקט לעססינג און ניקאלאאי, וועלכע האבען זיך געשטעלט דיא אויפגאבע אויפצולעבען דיא דייטשע ליטעראטור און צו קעמפפען געגען פאראורטהיילע. ער איז צוגעטראטען צו זיי מיט לייב און זעלע, אבוואהל דיא נאטור האט איהם גאר ניט געשאפען צו זיין א זשורנאליסט און א קעמפפער. איהם האט שטענדיג געצויגען צו מעטאפיזישע פילאזאפיע, צו חקירה, צום דענקען אן און פיר זיך, צו בעטראכטונגען איבער זעלבסט ערקענטניס (הכרת עצמו) און איבער דעם, וואס מען האט דאן גערופען „פילאזאפיע פון געזונדען מענשענפערשטאנד."

ער האט דארום כמעט אויסשליסליך געשריבען איבער פילא־זאפישע פראגען און איבער נייע ביכער. מיט פאליטישע פראגען האט ער זיך אייגענטליך קיין מאל ניט בעשעפטיגט. ער האט זיי אויסגעמיידעט ניט נאר, ווייל ער האט איינפאך מורא געהאט עס צו טאן אלס איד, און דערצו נאך אן ארימער און שוואכער, זאנדערן ווייל זיין גייסט איז ניט געוועזן גענייגט דערצו. היסטארישע פרא־גען האבען איהם אויך ווייניג אינטערעסירט, דען ער האט אפילו ניט פערשטאנען דעם נוצען פון געשיכטע פאר זייטיגע מענשען,

אויסער פאר שטאאטסמענער און פאָליטיקער, וויא מיר ווייסען עס שוין.

נאָר אויף דיא פעלדער פון פילאָזאָפיע און פון שעהנע ליטעראטור האָט ער זיך געפיהלט היימליך, און ער האָט דארום מיט גרויס חשק געשריעבען איבער דעם אין דיא צייטונגען, וועלכע זיין פריינד מיכלער האָט רעדאקטירט. ער האָט אויך איבערזעצט מאנכע זאכען פון העברעאישען, בעזאָנדערס געדיכטען פון יהודה הלוי. ווייטער האָט ער מיטגעארבייט אין דיא צייטונגען, וועלכע לעססינג און ניקאָלאאי האָבען אָנגעפאנגען ארויסצוגעבען און וועלכע האָבען געהאט אזא גרויסע בעדייטונג פיר דיא דייטשע ליטעראטור.

ניקאָלאאי'ס צייטשריפט „ביבליאָטהעק דער שעהנען וויסענשאפטען און דער פרייען קינסטע“ האָט זיך הויפטזעכליך געהאלטען אויף מענדעלססאָהן'ס ארטיקלען איבער עסטעטישע פראגען און איבער נייע ביכער. אין איינעם פון זיינע בריעף האָט דאן לעססינג בעמערקט שפאסהאפט וועגען מענדעלססאָהן'ען, אז „פון א מעטאפיזיקער איז ער געוואָרן א Bel-esprit (שעהן-גייסט)“.



## פינפטער קאַפּיטעל.

## מענדעלסזאָהן און פריעדריך דער גראָסער.

דורך זיין פרייע קריטיק האָט ער שיער ניט געהאַט אַ ביטערן סוף פון קיין אַנדער פּערזאָן, וויא זיינע מאַיעסטעט פריעדריך דער גראָסער. וויא דיזער קעניג האָט, טראָץ זיין פילאָזאָפיע און אפיקורסות, בעהאַנדעלט דיא אידען, ווייסען מיר שוין. דערצו נאָך האָט ער זיי איבערהויפּט פיינט געקראָגען אונטער דעם איינפלוס פון וואָלטער'ן, וועלכער איז געוועזן אַזאַ געניאַלער שרייבער וויא אַ שלעכטער און פערדאָרבענער מענש. וואָלטער האָט געגאָסען שמוץ אויף אידען ניט בלויז אויס איינגעבאָרענע שנאה צו זיי, זאָנדערן אויך, ווייל ער האָט בעטראַכטעט דיא אידישע רעליגיאָן אַלס דעם פונדאַמענט פון דער קריסטליכער, וועלכע ער האָט אויסגעלאַכט און בעקעמפּפט מיט אַ בייסענדען סאַרקאַזם און אויך גרויסען מוטה. ווען עס איז געקומען צו וואָלטער'ס בעריהמטען פּראָצעס מיט דעם בערלינער הענדלער הירש — וועגען דיזען פּראָצעס האָבען מיר שוין גערעדט אין לעססינג'ס ביאָגראַפיע — האָט דער קעניג זיך אַרומגעזעהען, וואָס פאַר אַ מאָראַלישער אויסוואורף וואָלטער איז געוועזן, אָבער זיין פעראַכטונג צו אידען איז פון דעסטוועגען גרעסער געוואָרן.

היינט שטעלט זיך פאָר דיזען קעניג'ס ערשטוינונג, ווען ער האָט ערפאַהרען, אַז זיינע געדיכטע זיינען קריטיקירט געוואָרן פון אַ הייקערדיגען איד, וועלכען ער האָט צו יעדער מינוט געקענט אַרויסיאָגען וויא אַ הונד פון זיין רעזידענץ־שטאָט! עס איזווירקליך אַ וואונדער, וויא אַזוי דער שטילער און שרעקעדיגער מענדעלסזאָהן האָט גאָר געוואַגט צו דענקען וועגען אַן עפענטליכע קריטיק איבער זיין קעניג'ס ליטעראַרישע פּראָדוקציאָן. דאָס איז אָבער געשעהען אין 1760, ווען פריעדריך האָט געמוזט לאָזען אָפּדרוקען זיינע פראַנצויזישע געדיכטע, ווייל מען האָט זיי אָנגעפאַנגען צו פערעפענטליכען געגען זיין ווילען אין פראַנקרייך.

מענדעלסזאָהן האָט אָנגעפאַנגען זיין רעצענזיע אין דיא „ליטעראַטור־בריעפע" מיט אַ לויב צו אַ קעניג, וואָס לייגט אַוועק דעם

שווערד צו נעהמען זיך צו דער פעדער; אָבער דיא גערדיכטע זעלבסט האָט ער ניט געשאָנעוועט. ער האָט ניט נאָר ערקלערט, אַז יי פּאָאָר גערדיכטען זיינען אַ נאָכאַמונג פון דיא גערדיכטע פון  עס אַלטע רוימיישען פּאָעט לוקרעץ, זאָנדערן האָט נאָך אויסגעדריקט זיין בע־דויערן, וואס דער קעניג שרייבט אַזוי לייכטזיניג וועגען דיא אונ־שטערבליכקייט פון דער זעלע. ער האָט געהאַט דעם מוטה צו מאַכען אַזאַ בעמערקונג: „מיר שיינט, דאָס אַ פריעדריך, וואָס צווייפעלט אין דער אונשטערבליכקייט, איז אַ פאַנטאַזיע, אַ פיער־עקיגער צירקעל אָדער אַ קיילעכדיקער פיערעק“....

אַ פּראָטעסטאַנטישער גייסטליכער, וועלכער איז געוועזן אין גרימצאָרן אויף דיא „ליטעראַטור־בריעפע,“ וועיל מען האָט דאָרט קריטיקירט זיינע אַ שריפט, האָט זיך בענוצט דערמיט, אום צו האָבען זיין נקמה. ער האָט דאַרום אַריינגעבראַכט אין שטאַאַטסראַטה אַ קלאַגע, אין וועלכער ער האָט גע׳מסר׳ט אַזוי: „עס ערשיינט אין בערלין אַ שענדליכע שריפט, בריעפע וועגען דיא נייעסטע ליטעראַטור, אין וועלכע אַ איד איז אַרויסגעטראָטען געגען דיא גאָטטהייט פון דער קריסטליכער רעליגיאָן און אויך געגען דיא עהרפורכט צום קעניג׳ס אַלערהעכסטע פּערזאָן דורך זיין פרייען אורטהייל איבער דיא Poesies Diverses (אַזוי איז געוועזן דער נאָמען פון דעם קעניג׳ס גערדיכטע).“

דער רעזולטאַט פון דיעזער מסירה איז געוועזן, דאס דיא צייט־שריפט איז פערבאָטען געוואָרן און דאָס מענדעלססאָהן האָט גע־קראָגען איין „איינלאַדונג“ צו ערשיינען אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ סאַנסוסי, אין פּאָטסדאַם. מיט שרעק אין הארצען איז מענדעלס־סאָהן אַוועק אַהין. ווען דער יונקער אויף דער וואַך האָט דערזעהען דעם אָרימען איד, פון וועמעס שריפטען ער האָט נאַטירליך קיין אַהנונג ניט געהאַט, האָט ער זיך ניט וויניג געוואונדערט און האָט מיט סאָלדאַטסקע ברכות געפרעגט, וויא, צום טייפעל, דער פער־דאַמטע יודע האָט געקראָגען דיא עהרע איינגעלאַדען צו ווערן אין קעניגליכען פּאַלאַץ. „איך בין אַ טאַשענשפּיעלער,“ האָט איהם מענדעלססאָהן קורץ געענטפערט. „דאָס איז וואָס אַנדערס,“ האָט דער יונקער צופריעדען געענטפערט און האָט איהם אַריינגעלאָזען.

ווען מען האָט איהם גענומען אויף׳ן פערהער וועגען דיא רעצענזיע, האָט ער גלייך צוגעגעבען, אַז ער איז דער שרייבער און האָט זיך פערטהיידיגט מיט דיא ווערטער: „ווער עס מאַכט ווערזע, שיעבט קעגעל, און ווער קעגעל שיעבט, ער זיי ווער ער וואָללע, קעניג אָדער בויער, מוז זיך געפאַלען לאַסען, דאס דער קעגעל־יונגע זאַגט, וויא ער שיעבט.“ דיזע אַנטוואָרט איז געפעלען געוואָרן, און דערצו נאָך האָט דער קעניג געהאַט צופיעל שכל צו מאַכען אַ שוויג וועגען דיא קריטיק, און מען האָט דאַרום צו רוהע געלאָזען מענדעלסזאָהן׳ען און אויך ערלויבט ווייטער אַרויסצוגעבען דיא „ליטעראַטור־בריעפע.“

נאָר אין גאַנצען פערגעסען אָן דעם האָט דער קעניג ניט. מען רעכענט, אַז צוליעב דעם האָט פריעדריך ניט אָנגענומען מענדעלסזאָהן׳ס ביטע צו געבען איהם דיא קלעגליכע רעכטע פון אַ „שוץ־יודע“. אַזוי וויא מענדעלסזאָהן איז ניט געבאָרן געוואָרן אין פרייסען, האָט ער נאָר דאָרט געקענט וואָהנען אונטער דעם שוץ פון אַ אידען, וואס האָט זיך ערוואָרבען דעם גלות־טיטעל „שוץ־יודע“ פון פרייסישען קעניג. וואס דאס בעדייטעט, דאס קען נאָר ביי היינטיגע צייטען פיהלען אַ איד אין רוסלאַנד.

ווען דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיקער מאַרקיז ד׳אַרזשאַן, אַ פריידיינקער, אַ זעהר ליעבענסווירדיגער מאַן און אַ נאָהענטער פריינד פון דעם פרייסישען קעניג, האָט זיך אַמאָל צופעליג דערוואוסט, דאָס פרעמדע אידען טאָרען ניט וואָהנען אין פרייסען, אָהן אַ ספעציעלע ערלויבניס, האָט ער אויסגערופען: „אָבער געוויס בעציהט זיך דאָס ניט אויף אונזער טהייערן מאָזעס!“ — „איהר האָט אַ טעות, האָט מען איהם געענטפערט, „מענדעלסזאָהן ווערט נאָר געדולדעט, ווייל ער דיענט ביי דעם פאַבריקאַנט בערנאַרד. ווען ער זאָל היינט ענטלאַסען ווערן און זאָל ניט געפינען קיין אַנדער „שוץ־יודע,“ וואָס זאָל איהם וועלען בעשעפטיגען, וועט איהם דיא פאָליציי צווינגען נאָך היינט צו פערלאָזען דיא שטאָט.“

דער מאַרקיז, וועלכער האָט זעהר געשעצט דעם אידישען פילאָזאָף, איז געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער, ווען ער האָט דאָס דערהערט. עס האָט זיך איהם ניט געוואָלט גלויבען, דאָס אַזאַ מאַן

וויא מענדעלססאָהן זאָל מען קענען צו יעדער מינוט אַרויסטרייבען פון שטאָט. ער האָט דאַרום בעשלאָסען צו קריעגען פאַר זיין פריינד דאָס רעכט פון א „שוץ־יודע." ער האָט גלייך געוואָלט ריידען וועגען דעם מיט'ן קעניג, נאָר מען האָט איהם אָבגערעט דערפון און געבעטען ווארטען אויף א גינסטיגערע צייט, ווען די דאַמאָלסדיגע מלחמה וועט זיך ענדיגען.

ער איז צוגעשטאַנען צו מענדעלססאָהן'ען אָנצושרייבען א ביטע צום קעניג, וועלכע ער וועט אייגענהענטיג דערלאַנגען דעם קעניג. מענדעלססאָהן האָט זיך אָנפאַנגס ענטזאַגט מיט דיא ווערטער: „עס טהוט מיר לייד, דאָס איך דאַרף נאָך בעטען א רעכט אויף עקזיסטענץ, וואָס יעדער מענש, וועלכער לעבט נאָר אַלס רוהיגער בירגער, בעזיצט. ווען אָבער דער שטאַאט האָט גרינדע אויפצונעהמען נור א געוויסע צאָהל פון מיינע ברידער, וואָס פאַר א בעזאָנדערע רעכט האָב איך צו פערלאַנגען אַן אויסנאַהמע."

נאָר שליסליך האָט ער נאָכגעגעבען אין די אינטערעסען פון זיין פאַמיליע, דען צו דער צייט איז ער שוין געווען פערהייראַטעט. ער האָט אָנגעשריעבען א קורצע ביטע, אין וועלכער ער האָט ערקלערט, דאָס אַנשטאָט פערמעגען בעזיצט ער קענטניסע און וויסענשאַפטען. דער מאַרקיז האָט געהאַלטען וואָרט און געשפּראָכען וועגען דעם מיט'ן קעניג, אָבער מענדעלססאָהן האָט קיין אַנטוואָרט ניט געקראָגען וועגען זיין ביטע. איין מאָנאַט איז אַוועק נאָך דעם אַנדערן, און מענדעלססאָהן'ס פריינדע זיינען געוואָרן זעהר אונרוהיג וועגען זיין שיקזאַל. ווען דער מאַרקיז האָט דערהערט דאָס זיין רעקאָמענדאַציאָן האָט גאָר ניט געווירקט, איז ער זעהר אויפגעבראַכט געוואָרן און האָט אָהן צרעמאָניעס געמאַכט פאָרווירפע דעם קעניג, ווארום ער האָט ניט אויסגעפיהרט זיין פערשפּרעכען צו געבען רעכטע אַזא ווירדיגען מאַן, וויא מענדעלססאָהן. דער קעניג האָט פערזיכערט, אַז ער האָט בעוויליגט מענדעלססאָהן'ען דיא פּריווילעגיעס פון א „שוץ־יודע", נאָר עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מענדעלססאָהן'ס ביטע איז פערלאָרען געגאַנגען דורך אַן „אונגעוועהנליכען צופאַל", וויא פריעדריך דער גרויסער האָט עס בעהויפּטעט.

וויא דיא מעשה איז דאָרט געוועזן, נאָר מענדעלססאָהן האָט

געמוזט אָנשרייבען נאָך אַ ביטע, און דער מארקיז האט געזאָגט צום קעניג : „גוט, איך וועל איינע אליין אָנשרייבען, אָבער פערליערט איהר דאָך ניט.“ ער האט וויעדער געהאלטען וואָרט, און ווען מענ־דעלססאָהן האט איהם איבערגעגעבען זיין נייע ביטע, האט ער צו־געשריעבען פאָלגענדע וויציגע און שארפזינניגע בעמערקונג :

Un philosophe mauvais catholique supplie un philosophe mauvais protestant de donner le privilege a un philosophe mauvais juif. Il y a trop de philosophie dans tout ceci que la raison ne soit pas du cote de la demande.

(אַ פילאָזאָף אַ שלעכטער קאטאָליק בעט אַ פילאָזאָף אַ שלעכ־טען פראָטעסטאנט צו געבען דאס פריווילעגיום צו אַ פילאָזאָף אַ שלעכטען איד. עס איז דאָ צופיעל פילאָזאָפיע אין דעם אלעם, אז דיא פערנונפט זאָל ניט זיין אויף דער זייט פון דער ביטע).

דיזע ביטע האט שוין טאקע געווירקט אויף דעם קעניגליכען פילאָזאָף, און ענדע 1763 האט מענדעלססאָהן ענדליך געקראָגען דיא פריווילעגיע פון אַ „שוץ־יודע“.



## זעקסטער קאפיטעל.

### הייראַטה — געקרוינט פון דיא בערלינער אַקאַדעמיע — דאַנקבאַרקייט פון דער בערלינער קהלה.

אַזוי האָט מענדעלססאָהן געלעבט ביז איהם איז געוואָרן 31 יאָהר, פערטיעפט אין זיינע ביכער און פערליעבט אין פילאָזאָפיע. נאָר אין 1761 איז איהם אויסגעקומען צו זיין אין האַמבורג וועגען געשעפטס־אַנגעלעגענהייטען און דאָרטען האָט ער זיך שנעל פער־ליעבט אין אַ גאַנץ געוועהנליכע יונגע מיידעל מיט דעם נאָמען פראָמעט גוגענהיים. אין יוני 1761 האָט ער וועגען דעם אַזוי גע־שריעבען צו לעססינג׳ן: „אונזער בריפוועקסעל איז שוין לאַנג געוועג אונטערבראָכען, איך מוז איהם יעצט ערנייערן. איך וואָלט ניט געקענט אַזוי לאַנג שווייגען, ווען איך וואָלט ניט געמאַכט אַ רייזע נאָך האַמבורג, וועלכע האָט מיך פערוויקעלט אין טויזענד צער־שטרויאונגען. איך האָב בעזוכט טהעאַטער, איך האָב קענען גע־לערנט געלעהרטע, און וואָס עס וועט אייך ניט ווייניג וואונדערן, איך האָב אין מיין דרייסיגסטען יאָהר *) בעגאַנגען דיא נאַרישקייט מיך צו פערליעבען. איהר לאַכט? אָבער ווער וויסט, וואָס עס קען נאָך מיט אייך פאַסירען? דאָס פרויענצימער, וואָס איך בין וויליג צו הייראַטהען, האָט קיין פערמעגען, איז ניט שעהן און ניט געבילדעט, אָבער איך בין אַזוי פערליעבט אַז איך גלויב מיט איהר צו קענען לעבען גליקליך.“

אין דיעזען גלויבען האָט ער קיין טעות געהאַט. זיא איז געוועזען אַ גוטע און ליעבענסווירדיגע פרוי, און איז צו איהם געוועזען זעהר צוגעבונדען, טראָץ דעם, וואָס ביי דעם ערשטען צוזאַמענטרעף האָט זיא אפילו ניט געוואָלט אַ קוק טאָן אויף איהם צוליעב זיין הייקער. מען דערצעהלט וועגען דעם פאָלגענדעס: אין אַ געשפרעך מיט

*) ער האָט זיך דאַ איינגער געמאַכט מיט איין יאהר.

איהר, האָט זיא איהם געפּרעגט, אויב ער גלויבט אויך, אַז חתונות זיינען בעשטימט אין הימעל. „געוויס, האָט ער געענטפערט, נאָך אַ תלמוד׳ישען לעגענדע ווערט ביי דער געבורט פון אַ קינד אויס־גערופען אויף׳ן הימעל: דער זאָל זיין דער בעשערטער פון יענער. יועז איך בין געבאָרן געוואָרן, האָט מען אויף׳ן הימעל אָנגעקינדיגט דעם נאָמען פון מיין צוקינפטיגער פרוי, אָבער דערביי האָט מען ערקלערט, אַז זיא וועט האָבען אַ גרויסען הייקער. דאַן האָב איך אויסגעשריען: גוטהערציגער גאָט! אַ מיידעל מיט אַ הייקער — וואָס קען דען זיין שרעקליכער? דאָס איז דאָך דער גרעסטער אונגליק! אַ פרוי מוז זיין שעהן. זאָל שוין, ליעבער גאָט, בעסער זיין, אַז איך זאָל האָבען דעם הייקער, און זיא זאָל אויסוואַקסען אַ שלאַנקע און גראַציעזע. און מיין בקשה איז, וויא איהר זעהט, ערפילט געוואָרן.“

מיט אַזעלכע וויציגע רייד און מיט זיינע דורכדרינגענדע אויגען אויף אַ פיינעם און קלוגען געזיכט האָט ער באַלד בעזיעגט דאָס איינפאַכע האַרץ פון דער גוטער און פרומער אידישער מיי־דעל, און עטליכע מאָנאַט שפּעטער זיינען זיי טאַקע געוואָרען אַ בעשערטע פּאָאַר.

זיין פערהייראַטער לעבען האָט איהם אפילו אין דיא ערשטע וואָכען נאָך דער חתונה ניט אָבגעהאַלטען פון זיינע פילאָזאָפישע שטודיען. דיא בערלינער אַקאַדעמיע פון וויסענשאַפטען האָט גראַדע בעשטימט אַ פּרייז פון 50 דוקאַטען פיר דיא בעסטע אַב־האַנדלונג איבער דער פראַגע: „אויב דיא מעטאַפיזישע וואהר־הייטען זיינען פעהיג אַזוי קלאָר בעוויזען צו ווערען וויא דיא מאַ־טעמאַטישע.“ דער פּרייז איז בעשטימט געוועזן פיר 1763 יאָהר. פיעלע דייטשע דענקער האָבען פּראָבירט זייערע קרעפטע צו ענטפערן אויף דיעזע האַרבע פילאָזאָפישע פראַגע, דאַרונטער אויך דער גרעסטער דייטשער פילאָזאָף קאַנט. מענדעלססאָהן, וועמען דיעזע פראַגע האָט בעזאָנדערס אינטערעסירט, האָט זיך אויך געגו־מען צו דער פעדער. זיין אַבהאַנדלונג, וועלכע האָט געטראָגען דעם נאָמען „איבער דיא עווידענץ אין מעטאַפיזישע וויסענשאַפ־טען“ האָט ער פריהער געשיקט צו לעססינג׳ן אין ברעסלוי, און ווען

דיעזער האָט איהם בעגריסט און צוגעגעבען מוטה, האָט ער זיין אנטוואָרט איבערגעגעבען צו דער אַקאַדעמיע.

גרויס איז געװעזען זיין פריידע און נאָך גרעסער איז געװעזען דיא איבעררַאשונג אין דער ליטעראַרישער וועלט, ווען דיא אַקאַדעמיע האָט אויף אן עפענטליכער זיצונג געקרוינט זיין שריפט. ניט װיסענדיג האָט ער בעזיעגט קאַנט'ן, וועלכער האָט געקראָגען דעם צווייטען פּרייז. ביידענס אַנטוואָרטען זיינען פערעפענטליכט געוואָרען פון דער אַקאַדעמיע און זיינען איבערזעצט געוואָרען אין לאַטיין און פראַנצויזיש.

דורך דעם האָט מענדעלסאָהן געקראָגען אַ גרויסען נאָמען אין דער וועלט און ער אַליין האָט זיך אָנגעהייבען צו פיהלען פעסטער און זיכערער אין זיינע ווייטערע שריפטען.

עס איז איבריג צו זאָגען, אַז אידען האָבען זיך זעהר געפרעהט מיט זיין זיעג, וועלכער האָט אָבגעשטראהלט מיט עהרע אויף אַלע זיינע גלויבענס־ברידער, און אַז דיא בערלינער קהלה איז שטאָלץ געװעזען מיט אַזאַ מיטגליעד. ער האָט זיך איבערהויפּט ערוואָרבען דיא האָכאַכטונג פון אַלע בערלינער אידען ניט נאָר דערמיט, דאָס ער איז פערבליבען אַ פרומער און זאָגאַר שטרענג־אָרטהאָדאָקסי־שער איד, טראָץ זיין פילאָזאָפיע און פריינדשאַפט מיט פיעלע קריסטען, זאָנדערן אויך, וויל ער פלעגט גערן פערפאַסען אין דייטש דרשות ביי פעסטליכקייטען. זיין ערשטע געשריבענע דרשה איז געדרוקט געוואָרען אין נאָמען פון דעם בערלינער רב אין 1757, צו פייערן דעם זיעג פון פּרייסען אין דער שלאַכט ביי ראָסבאַך. וועגען דעם האָט ער צו לעססינג'ן געשריעבען: „עס איז שוין אַזוי ווייט געקומען, דאָס איך האָב געשריעבען אַ פּרעדיגט און געלויבט דעם קעניג.“

דיא בערלינער געמיינדע האָט אין 1763 עפענטליך אויסגע־שפּראָכען איהר דאַנק „פאַר זיינע גרויסע פערדיענסטע, בעזאָנ־דערס פאַר דיא צופערטיגונג און איבערזעצונג פון דער פּרעדיגט און דיא געזאַנגען ביי דעם פריעדענס־פעסט“ און דערפאַר איהם בעפרייט פון אַלע געמיינדע־אָבצאָהלונגען.

## זיעבטער קאַפּיטעל.

### „פעדאָן“.

זיין עהרען־זיעג ביי דער בערלינער אַקאַדעמיע פון וויסענ־שאַפטען האָט איהם געגעבען פיעל מוטה צו ענדיגען אַ פילאָזאָ־פישעס ווערק, וואָס ער האָט שוין לאַנג פריהער אנגעפאנגען און וואָס ווערט גערעכענט פאַר זיין בעסטע ווערק. דאָס איז נעמ־ליך זיין „פעדאָן“, וואָס האָט איהם פערשאַפט דעם זעהר שמיי־כעלהאַפטען נאָמען „סאָקראַטעס פון 18טען יאָהרהונדערט“.

דער נאָמען קומט פון פלאַטאָן'ס אַ שריפט איבער סאָקראַ־טעס. אין דער פאָרמע פון אַ דיאַלאָג (געשפּרעך) גיט פלאַטאָן איבער דיא מיינונגען פון דעם ערהאַבענעם גריכישען דענקער אי־בער אונשטערבליכקייט פון דער זעעלע. מיט דעם מויל פון איי־נעם פון סאָקראַטעס'עס שילער, פעדאָן, וועלכער האָט צוזאַמען מיט אַנדערע שילער געזעהען, וויא זייער לעהרער האָט פילאָזאָ־פיש, אָהן דיא מינדעסטע אויפרעגונג אויסגעטרונקען דעם בעכער מיט גיפט, (דאָס איז געווען אַ גריכישער מנהג אויסצופיהרען אַ טויט־אורטהייל,) — האָט פלאַטאָן געשילדערט דיא לעצטע שטונ־דען פון סאָקראַטעס און איבערגעגעבען דיא געשפרעכען וואָס ער האָט געפיהרט מיט זיינע שילער.

מענדעלסאָהן האָט זיך בענוצט מיט דעם נאָמען און מיט דער פאָרמע פון פלאַטאָן'ס שריפט, נאָר האָט איבערגעגעבען דיא מיינונגען פון זיין צייט איבער דער אונשטערבליכקייט פון דער זעעלע. דאָ האָט ער אויך איבערגעגעבען זיינע טיעפסטע איבער־צייגונגען. אויבען איז שוין בעמערקט געווען, אַז ער איז זאָגאַר געווען אַן ארטהאָדאָקס אין זיין אידישען גלויבען. אָבער דאָס האָט ער ניט געטאָהן אויס צבוע'צסטווע, אויס פורכט פאַר פערפאָל־גונגען, אָדער אום איינפאַך ניט איינצורייסען מיט דער בערלי־נער קהילה, זאָנדערן אויס אינערליכער איבערצייגונג. ער האָט פעסט געגלויבט אין דער עקזיסטענץ פון גאָט, אין דער אונשטערב־

ליבקייט פון דער נשמה און אין גאָט'ס ענטפּלעקונג אין דער ביבעל. זיין צוועק איז אויך געווען צו ברייננגען אַלע בעווייזע פיר דיא אונ־שטערבליכקייט פון דער זעעלע, וואָס ער האָט געפונען ביי פער־שיעדענע פילאָזאָפען.

אין פעדאָן'ס מויל האָט ער אריינגעלייגט ספּעציעל דיא גרינדע פון דער פילאָזאָפיע, צו וועלכע ער איז זיין גאַנצען לעבען געבליבען טריי, נעמליך דיא לייבניץ־וואָלפישע. אייגענעס האָט ער אייגענטליך גאָר ניט געליפערט אויסער דעם גלענצענדען דייטשען סטיל, מיט וועלכען ער האָט זיך אין דיעזען ווערק בע־זאָנדערס אויסגעצייכענט. איבערהויפּט האָט ער אַלס פילאָזאָף גאָר ניט געלייסטעט אייגענעס, קיין שום סיסטעם געשאַפען, נאָר האָט פּאָפּולאַריזירט דיא אויספיהרונגען פון אַנדערע, נאָר וועגען דעם וועט זיין דיא רייד שפּעטער.

אַלע בעווייזע, וועלכע ער ברייננגט פיר דיא אונשטערבליכ־קייט פון דער זעעלע, זיינען ריין־מעטאַפיזישע, און אַנדערס קען עס אויך ניט זיין, דען דאס וואָס מיר רופען זעעלע איז נאָר א בע־גריף פון דער דענקונגס־קראַפט, וועלכע מיר בעזיצען וויא אויך וויינינגסטענס דיא העכערע סאָרטען חיות, נאָר אין אַ גרעסערע מאָס. ווען מען וויל פילאָזאָפירען אויף אַ שטרענג־וויסענשאַפטלי־כען וועג, דאַרף מען צוערשט איבערהויפּט בעווייזען, אַז דיא נשמה עקזיסטירט אַלס עטוואָס זעלבסשטענדיגעס, אַלס עטוואָס אונאַבהענגיגעס פון קערפּער. דאַן וואָלט שוין ניט שווער געווען אויסצופּיפּט'לען מיט חקירות, אַז דיא נשמה איז אונשטערבליך. נאָר אַזוי וויא דער פונדאַמענט פון דער גאַנצער לעהרע וועגען דיא אונשטערבליכקייט פון דער נשמה איז נאָר געבויט אייגענטליך אויף גלויבען, זאָ זיינען שלימ־ליך אַלע בעווייזע, וואָס דיא טיעפסטע דענקערס און גרעסטע פי־לאָזאָפען האָבען צוזאַמענגעפלאָכטען, נאָר אַ שפּינגעוועבס פון חקירות.

עס וואָלט פערנומען מעהר פּלאַץ, וויא פיעל מיר קענען אָפּגע־בען פיר דיעזע גאַנצע ביאָגראַפיע, ווען מיר זאָלען זיך אריינלאָ־זען אין אַ בעטראַכטונג פון אַלע בעהויפּטונגען און זאָ־גענאַנטע פי־

לאָזאָפישע בעווייזע אין מענדעלססאָהן'ס „פעדאָן". אין אונזער צייט האָבען אויפגעקלערטע און פאָרטגעשריטענע מענשען גאַנץ אַנדערע בעגריפע וועגען דיעזען ענין, וויא אויך וועגען דעם זאָגענאַנטען „פרייען ווילען", גאַנץ אַנדערע מיינונגען, וויא אין מענדעלססאָהן'ס צייטען. זיין „פעדאָן" האָט יעצט נאָר אַ היסטאָרישע בעדייטונג. קיינער אויסער דיא יעניגע וואָס שטודירען דיא געשיכטע פון פילאָזאָפיע אָדער וואָס ווילען גלאַט וויסען מענדעלססאָהן'ס מיינונגען, לעזט יעצט ניט דיזען ווערק, וואָס האָט געהאַט אַזאַ גרויסען אָפקלאַנג אין זיין צייט.

מענדעלססאָהן'ס „פעדאָן" האָט ווירקליך געמאַכט אַ רושם אין דער וועלט. מען האָט זיין „פעדאָן" בעטראַכטעט אַלס אַן אויסעראָרדענטליכע פערפאַסונג. פון אַלע זייטען האָט מען געלויבט און בעזונגען דעם פערפאַסער. אָבער דיזען גרויסען ערפאָלג האָט ער געהאַט צו פערדאַנקען ניט דער טיעפקייט פון דיא געדאַנקען, ניט דער קרעפטיגקייט פון דיא בעווייזע, זאָנדערן דעם גלאַנץ און דער לעבהאַפטיגקייט פון דער שפראַך, דער קינסטליכקייט און עלעגאַנץ פון דיא געשפרעכען וועגען פראַגען, וועלכע האָבען שטענדיג אין העכסטען גראַד אינטערעסירט אַלע מענשען. מיט דיזען ווערק האָט ער פערנומען אַ פלאַץ צווישען דיא דייטשע קלאַסיקער. דיא גרעסטע מענער פון זיין צייט זיינען געוועזען איינפאַך ענטציקט פון „פעדאָן", און דעם פערפאַסער האָט מען בעטראַכטעט אַלס אַ גלענצענדען שטערן אין דער געבילדעטער וועלט. מען האָט געזוכט זיין בעקאַנשאַפט, מען האָט איהם געוועלט זעהען, מיט איהם שפרעכען, מיט איהם קאָרעספאָנדירען, אָבוואָהל אידען זיינען איבעראַל געוועזען פעראַכטעט, אָבוואָהל אפילו אַזעלכע וועלטמענשען וויא געטהע זיינען ניט פריי געוועזען פון פאָראורטהיילע געגען אידען.

וויא פיעל דיזע קרוין־ווערק פון מענדעלססאָהן איז געלעזען געוואָרן ניט נאָר אין דייטשלאַנד, זאָנדערן אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, בעווייזען דיא שנעלע אויסגאַבען און איבער־זעצונגען אין אַלע שפראַכען. איין אויפלאַגע האָט געפאָלגט נאָך דער אַנדערער, און איבעראַל האָט מען בעוואונדערט דעם אידישען פערפאַסער אַלס אַ צווייטען סאָקראַטעס.

## אכטער קאפיטעל.

### דער ויכוח מיט דעם גלח לאפאטער.

צווישען דיא געלעהרטע און שרייבערס, וועלכע האבען געזוכט מענדעלססאהן'ס בעקאנטשאפט, האט זיך געפונען איינער, וועלכער האט איהם פערשאפט זעהר פיעל אונאנגענעהמליכקייטען און זאגאר לײדען. דאס איז געוועזען א גייסטליכער פון דער שווייץ מיט דעם נאמען י א ה א ן ל א פ א ט ע ר, א זעהר זאנדערבארע פערזענליכקייט, א טרוימער, איין איינגעבילדעטער קענער פון פיזיאגנאמיען. אין 1763, ווען ער האט געמאכט א רייזע נאך בערלין, האט ער עס געהאלטען פאר זיין הייליגע פפליכט אבצושטאטען א וויזיט מענדעלססאהן'ען. זיין צוועק איז שוין דאן געוועזען ניט אזוי צו אונטערהאלטען זיך וועגען פילאזאפיע, וויא צו פערפיהרען א געשפרעך איבער רעליגיאן, אום צו זעהען, אויב עס וועט מעגליך זיין צו בעוועגען מענדעלססאהן'ען צו ווערען איינפאך א קריסט. דיזער גייסטליכער, וועלכער וואלט זיכער געוועזען א יעזואיט, ווען ער וואלט געוועזען א קאטאליק, האט געטרוימט וועגען א פראפעטישע ראלע און אויך וועגען בעקעהרען אידען צום קריסטענטהום.

נאר מענדעלססאהן איז געוועזען צו געשייט אריינצולאזען זיך אין א ויכוח מיט א פרעמדען גייסטליכען איבער קריסטענטהום. מיר ווייסען שוין, אז ער האט שטענדיג אויסגעמיידעט אפילו צו בעריהרען פאליטישע און רעליגיעזע פראגען. לאפאטער האט דארום יאר ניט געקענט ארויסקריגען פון מענדעלססאהן'ען, וויא פיעל ער האט זיך ניט געסטארעט צו בעוועגען איהם זיך אויסצושפרעכען וועגען רעליגיאן. ער האט ניט געקענט פערשטיין, וויא א איד, וואס שרייבט אזוי שעהן דייטש, פערפאסט פילאזאפישע ווערק, געווינט א פרייז אין דער אקאדעמיע און פיהרט בעקאנטשאפט מיט אזוי פיעל קריסטען, זאל ניט גענייגט זיין צום קריסטענ־

טהום. מענדעלססאָהן האָט אויף איהם געמאַכט אַזאַ טיעפען איינ־דרוק אַז ער האָט אָנגעפאַנגען צו טרוימען וועגען אַ פּלאַן צו טויפען אַלע אידען דורך מענדעלססאָהן'ס בעקעהרונג. ער האָט געמיינט אַז ווען דיא אידען וועלען זעהען, דאס אַזאַ גרויסער דענקער און בעריהמטער מאַן וויא מענדעלססאָהן טויפט זיך, וועלען זיי גלייך נאָכפאָלגען זיין ביישפּיעל, און ער, לאַפאַטער, וועט אַלזאָ מיט איין קלאַפּ אויספיהרען דאָס, צו וואָס דיא קריסטען האָבען שטענדיג געשטרעבט אומזאָנסט. ווען „פעדאָן" איז ער־שיענען און האָט אָנגעמאַכט אַזאַ גערודער, האָט לאַפאַטער געי־קראָגען נאָך מעהר חשק דורכצופיהרען זיין מיסיאָנערסקען פּלאַן.

ער האָט דאַרום בעשלאָסען אַזוי צוצושפּאַרען מענדעלססאָהן'ען צו דער וואַנט, אַז ער זאָל מוזען עפענטליך ערקלערען זיינע מיי־נונגען וועגען דיא קריסטליכע רעליגיאָן. אום דאָס אויסצופיהרען, האָט ער איבערזעצט אין דייטש דאָס בעוואוסטע פראַנצויזישע ווערק פון פּראָפעסאָר באָנע אונטער דעם נאָמען „אונטערזוכונג פון דיא בעווייזע פיר קריסטענטהום", און האָט אין דער פאָררעדע אויפגעפאָרדערט מענדעלססאָהנען „דיעזע שריפט ווידערצולעגען, אָדער אויב ער געפינט דיא בעווייזע פיר ריכטיג, צו טאָן, וואָס דיא קלוגהייט, עהרליכקייט און ליעבע צו וואַהרהייט הייסען טאָן, וואָס אַ סאָקראַטעס וואָלט געטאָן, ווען ער וואָלט דיעזע שריפט געלעזען און געפונען פיר ריכטיג, נעמליך : אָנצונעהמען דיא קריסטליכע רעליגיאָן."

דער איינגעבילדעטער גלח איז געווען אַזוי פעסט איבערצייגט אין באָנע'ס בעווייזע אַז ער איז זאָגאַר געווען זיכער, דאָס וויא נאַר מענדעלססאָהן וועט איבערלעזען דיעזען בוך, וועט ער קיין וואָרט ניט זאָגען און וועט ווערען אַ קריסט.

פאַר מענדעלססאָהנען איז דיעזע אויפפאָרדערונג געווען וויא אַ דונער וואָלט זיך אַ לאָז געטאָן איבער זיין קאָפּ. ער האָט גלייך געזעהען אַז דיעזעס מאָל וועט ער זיך ניט קענען אַרויסדרעהען און אָפּקומען מיט שווייגען, און דאָס האָט איהם זעהר געקרענקט. אויסערדעם, וואָס ער האָט איבערהויפּט און נאָך מעהר אַלס איד ניט געוועלט זאָגען זיין מיינונג וועגען קריסטענטהום, האָט ער

סתם פיינט געהאַט דיספּוטען. ער האָט ניט איין מאָל ערקלערט, אַז דיא ויכוחים וועגען רעליגיאָן פיהרען צו גאָר ניט און זיינען נאָר אַ צייטפערלוסט. וואָס אָנבעלאַנגט צום יודענטהום, האָט ער אויך ערקלערט, אַז איהם קימערט גאָר ניט, אויב קריסטליכע טעאָלאָגען וועלען אין זייערע ביכער צוקלאַפּען אויף פּיצלעך דעם גאַנצען תלמוד, דען דיא אידען לעזען סיי וויא סיי ניט אַזעלכע ביכער. זיין מיינונג איז געווען, אַז מען דאַרף זוכען צו געווינען דיא אַכטונג פון קריסטען צו אידען ניט דורך רעליגיעזע שטרייטיגקייטען און דיספּוטען, זאָנדערן דורך גוטע מדות און אויפקלערונג.

אין יענער צייט איז עס אויך געווען געפעהרליך אַרויסצוטרעטען געגען קריסטענטהום, בפרט נאָך פאַר אידען. לאַפאַטער'ס אויפפאָרדערונג איז דאַרום פערדאַמט געוואָרען, ניט נאָר פון מענדעלסזאָהן'ס פריינד, זאָנדערן אויך פון אַלע אויפגעקלעהרטע קריסטען. זאָגאַר דער פּראָפעסאָר באָנע זעלבסט האָט אויסגעשפּראָכען זיין אונצופרידענהייט מיט לאַפאַטער'ס איינפאַל. דאַן האָט לאַפאַטער זיך אַרומגעזעהען, אז ער האָט געהאַנדעלט ניט איבערלייגט און האָט אין אַ בריעף צו מענדעלסזאָהנען געבעטען פערצייהונג פאַר דעם ניט ריכטיגען וועג, וואָס ער האָט אָנגענומען אום מענדעלסזאָהנען צו בעגליקען אין דער צוקינפטיגער וועלט.

עס איז אַ גרויסע פראַגע, אויב דיעזער זאָנדערבאַרער גייסטליכער האָט אויפריכטיג געבעטען פערצייהונג, נאָר זיין אויפפאָרערונג האָט אָנגעמאַכט אַזאַ גערודער, דאָס מענדעלסזאָהן האָט עמוזט עפּעס ענטפערן, אום מען זאָל ניט מיינען, אַז ער האָט גאָר ניט וואָס צו ענטפערן. ווען ער וואָלט בעזעסען לעססינג'ס מוטה אין ליכט צום קאַמפּף, וואָלט ער זיך בענוצט מיט דיעזער געלעגענהייט צו שלײדערן שאַרפע פיילען אין באָנע'ס בעווייזע; אָבער ער האָט געציטערט אויפצורייצען דיא קריסטליכע גייסטליכע און האָט פריהער אָנגעפרעגט דעם קאָנסיסטאָריום פון דיא גייסטליכע צענזאָרס, אויב ער זאָל יעדע בלעטעל פון זיין אַנטוואָרט צו לאַפאַטער זיי פאָרלייגען בעזונדער אָדער אַלעס מיט איין מאָל. פון קאָנסיסטאָריום האָט ער געקראָגען דיא אַנטוואָרט, דאָס „מען

איז אַזוי איבערצייגט פון זיין וויזהייט און בעשיידענהייט, אַז ער מעג זיינע שריפטען לאָזען דרוקען גאָר אָהן צענזור."

בערוהיגט פון דיעזער זייט און שטרעבענדיג אויסצומיידען דיא ברענענדע שטרייטפונקטען, האָט ער דאָך געציטערט, ווען ער האָט גענומען דיא פעדער אין האַנד צו ענטפערן לאַפאַטער'ן. דיזע אַנטוואָרט איז געוועזען אַ זעהר געקינצעלטע. צוערשט האָט ער ערקלערט, דאָס ער איז געבליבען טריי דער רעליגיאָן פון זיינע עלטערן אויס איבערצייגונג, דאָס ער האָט וועגען אַלעס גרינדליך נאָכגעטראַכט און דאָס ער האָט זאָגאַר שטודירט פילאָזאָפיע, אום זיינע איבערצייגונגען צו פערשטאַרקען. „ווען איך וואָלט געוועזען גלייכגילטיג צוביידע רעליגיאָנען (דיא אידישע און דיא קריסטליכע) און וואָלט זיך אויסגעלאַכט פון יעדע אָפענבאַרונג (ענטפּלעקונג), וואָלט איך שוין גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס דיא קלוגהייט ראַטה צו טאָן, ווען דאָס געוויסען שווייגט . . . וואָס וואָלט מיך געקענט אָפּהאַלטען (פון טויפע) ? פורכט פאַר מיינע גלויבענס־גענאָסען ? זייער וועלטליכע מאַכט איז צו קליין פאַר זיי צו פירכטען. אייגענזין ? אַנרענגליכקייט אָן געוואָהנטע בעגריפע ? אַזוי וויא איך האָב דעם גרעסטען טהייל פון מיין לעבען געווידמעט צו אונטערזוכונג, זאָ וועט מען אַנערקענען, דאָס איך האָב ניט געקענט אויפּאָפּפערן דיא פרוכטען פון מיינע אונטערזוכונגען צו אַזעלבע שוואַכהייטען. איהר זעהט אַלזאָ, אַז אָהן אויפריכטיגע איבערצייגונג אין מיין רעליגיאָן וואָלט איך איהר ניט געקענט בלייבען טריי," א. ז. וו.

נאָכהער איז ער איבערגעגאַנגען צו באָנע'ס בעווייזע און האָט איינגעדריקט זיין ערשטוינונג, וויא לאַפאַטער האָט גאָר געקענט דענקען, אַז זיי זיינען אַזוי איבערצייגענד, ווען דייטשע טעאָלאָגען האָבען אָנגעשריעבען פיעל גרינדליכערע ביכער איבער דיעזען געגענשטאַנד. אויסער דעם האָט ער געצייגט, אַז באָנע'ס בעווייזע וועגען קריסטענטהום קענען אָנגעווענדעט ווערן צו פערטהיידיגען יעדע רעליגיאָן.

אייניגע בעמערקונג וועגען באָנע'ס בוך האָבען אויך אַרויסגערופען דעם פּראָפעסאָר'ס אַנטוואָרט. איבערהויפּט האָט זיך

אָנגעפּאַנגען אַן אַלגעמיינע און זעהר לעבהאַפטע דיסקוסיאָן וועגען יודענטהום און קריסטענטהום אין בעצוג אויף מענדעלסזאָהנען און לאַפאַטער'ן. אויף מענדעלסזאָהן'ס קאָפּ האָבען זיך אַ לאָז געטאָן גייסטליכע און יודענפיינדליכע קריטיקער, וועלכע האָבען פערדרעהט זיינע ווערטער און אויסגעגאָסען זייערע ביטערע גאַל. ספּעציעל האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין יודענהאַס אַ גייסטליכער מיט דעם נאָמען קעלבעלע, וועלכער האָט זיך אויך אָנגעכאַפּט אַן אַ געלעגענהייט זיך אָפּצורעכענען מיט לעססינג'ס אינטימסטען פריינד.

אין אַ בריעף אָנפאַנגס 1770 האָט מענדעלסזאָהן אַזוי געשריעבען וועגען דיעזע דיספּוטען: „איך האָב שטענדיג געברויכט דיא גרעסטע פּאָרזיכטיגקייט אויסצומיידען רעליגיעזע און דאָגמאַטישע שטרייטיגקייטען, דען זיי פיהרען צו גאָר ניט, וויא מיר זעהען עס אָפט פון אַזעלכע פּאַרטיי־קעמפפען. וויא נור איך האָב ענטליך געענטפערט דעם איבעראיילטען טעאָלאָג (לאַפאַטער), האָבען מיך זיינע גלויבענס־גענאָסען געשטורמט פון אַלע זייטען. איינינגע גרייפען מיך אָן העפטיג און צאָרניג, אַנדערע מיט זאַנפטע און שמייכלערישע ווערטער, איינינגע לאַכען, אַנדערע שפּאָטען. יעדענפאַלס בעלעסטיגען מיך זייערע ווערטער און טרוימערייען און מאַכען מיר פיעל צו שאַפען."

וויא ווייט דיא געשיכטע מיט לאַפאַטער'ן האָט דאַן אויפגערעגט דעם עולם, קען מען אויך שליסען פון אַ גאַנצע רייהע אַרטיקלען און ביכלעך איבער דעם אין יענער צייט.

ניט ווילענדיג האָט מענדעלסזאָהן ווידער געמוזט ענטפערן לאַפאַטער'ן און אפילו קעלבעלע'ן. אַלע זיינע אַנטוואָרטען זיינען געווען זעהר העפליך, זעהר פיין געשריעבען, זאָגאַר מיט אַ פּעםטען טאָן; אָבער דאָך זעהר שוואַך און גאָר אָהן פעפער. מען האָט געפיהלט, אַז ער ענטפערט, ווייל ער קען זיך ניט העלפען, ווייל ער איז געצוואונגען עפּעס צו זאָגען. אפילו קייזערלינג, וועלכער איז אין זיין אויספיהרליכער ביאָגראַפיע איינפאַך בעגייסטערט פון מענדעלסזאָהן'ס כאַראַקטער און טהעטיגקייט, בעמערקט: „וויא

גאַנץ אַנדערס וואָלטען פונקען געפלויגען, ווען אַ לאַפּאַטער וואָלט געוואָגט אָנצופאַנגען מיט לעססינג'ן."

אין דיעזען שטרייט האָט זיך לעססינג גראַדע גאָר ניט אַריינ־געמישט, אָבוואָהל ער האָט ניט איין מאָל אויפגעמונטערט מענ־דעלססאָהן'ען אַרויסצוטרעטען אַלס אָפּענער און ענערגישער קעמ־פּפער געגען דיא קריסטליכע טעאָלאָגען. ווען מענדעלססאָהן איז אַרויס געגען לאַפּאַטער'ן, איז לעססינג געווען זעהר צופריעדען און איז אויך געווען זיכער, אַז זיין פריינד וועט בייקומען דעם גייסטליכען. דערצו נאָך האָט ער זעלבסט אין דיעזער צייט גע־פיהרט אַ פיעל אַלגעמיינערן און וויכטיגערן קאַמפּף מיט אַלע קריסטליכע גייסטליכע דורך דיא פערעפענטליכונג פון דיא „פראַג־מענטען", וויא מיר ווייסען עס פון לעססינג'ס ביאָגראַפיע. וואָס פאַר אַ ווערדע האָט פאַר לעססינג'ן געהאַט אַ לאַפּאַטער אָדער איי־בערהויפּט יעהער גייסטליכער בעזונדער?



## נ י י נ ט ע ר  ק א פ י ט ע ל.

### געוועהלט אַלס מיטגליעד פון דער בערלינער אַקאַדעמיע און אויסגעשטריכען פון קעניג — זיין קראַנקהייט און רייזע נאָך אַ קור־אָרט.

דער ויכוח מיט לאַפאַטער'ן און אנדערע גייסטליכע האָט הפּנים זעהר שלעכט געווירקט אויף מענדעלסאָהן'ס געזונדהייט. דער פאַקט איז יעדענפאַלס, אַז אין דיעזער צייט האָט זיך אָנגעפאַנגען זיין נערוועו־קראַנקהייט, פון וועלכער ער האָט אַזוי געליטען יאָהרענלאַנג, דאָס דאָקטוירים האָבען איהם געמוזט פערבאָטען אפילו צו לעזען. מיר ווייסען, אַז ער איז שטענדיג געווען אַ פיזיש־שוואַכער מענש, אָבער געקרייענקט האָט ער אייגענטליך ניט, אויסער אַ פּאָאָר וואָכען אין 1757. אָבער אין 1771 האָט איהם אָנגעפאַנגען צו שווינדלען אין קאָפּ און, וויא ער האָט אַליין געשריעבען, צייטענווייז האָט ער זיך געפיהלט, וויא איינער וואָלט איהם געשמיסען מיט גליהענדע ריטער איבער'ן רוקען. דיא נערוועו־אַטאַקען זיינען אַלץ עפטער און העפטיגער געוואָרען, און ניט איין מאָל האָט מען געמיינט, אַז זיין שוואַכער און פערקריפּעלטער קערפּער וועט עס ניט אויסהאַלטען.

אין אנפאַנג פון 1771 האָט ער זיך נאָך וויא עס איז געהאַלטען און אנגעשטרענגט צו שרייבען, וויינינגסטענס בריעף צו זיינע נעהענסטע פריינד. זאָנסט האָט ער געמעגט זיין העכסט צופריעדען ניט נאָר אַלס גליקליכער פאַמיליענפאָטער, זאָנדערן אויך אַלס בעריהמטער שרייבער און איבעראַל געאַכטעטער מאַן. צווישען זיינע פערעהרער האָבען זיך געפונען אפילו פרינצען און פרינצעסינען. מיט דעם קרוינפּרינץ פון ברוינשווייג האָט ער זאָגאַר געפיהרט אַ קאָרעספּאָנדענץ איבער פילאָזאָפישע פראַגען. דיעזער פרינץ האָט העכסט פריינדליך אויפגענומען אין זיין שלאָס דעם פּערפאַסער פון „פעדאָן", און זיין מוטער, אַ שוועסטער פון פרידריך דעם גרויסען, האָט אויסגעדריקט איהר אַכטונג צו דעם

אידיישען פילאָזאָף דערמיט, וואָס זיא האָט אויפגעהאַנגען זיין פאָרטרעט לעבען דעם פאָרטרעט פון איהר פאָטער.

דיא בערלינער אַקאַדעמיע האָט נאָך, אום צו צייגען איהר האָכ־אַכטונג צו איהם און איהר פילאָזאָפישע טאָלעראַנץ, איהם אויסגע־וועהלט אין אנפאַנג פון 1771 יאָהר אַלס אַ מיטגליעד. זיינע פריינ־דע האָבען טריאומפירט, און פאַר דיא גייסטליכע און יודענפרע־סערס איז עס געווען אַ ביטערער קלאַפּ. מען האָט גערעכענט, אַז פריעדריך דער גרויסער, דער פריינד פון פילאָזאָפען, דער פריי־דיינקער, וועט בעשטעטיגען דיעזע וואַהל; אָבער מען האָט זיך גענאַרט. ווען ער האָט דערזעהען מענדעלסאָהן'ס נאָמען אויף דער ליסטע פון דיא אַקאַדעמיקער, איז ער אין כעס געוואָרען און האָט געהייסען פאַרשלאָגען נייע קאַנדידאַטען. דיא אַקאַדעמיע האָט וויעדער אַריינגערעכענט מענדעלסאָהנען, אָבער דיעזעס מאָל האָט דער קעניג איינפאַך אויסגעשטריכען זיין נאָמען. איי־נער פון דיא אַקאַדעמיקער, וועלכער האָט זיך בעזאָנדערס אָנגע־שטרענגט צו גונסטען פון מענדעלסאָהנען, איז געפאַלען אין אונ־גנאַדע ביי'ם קעניג.

אַ לענגערע צייט האָט מען ניט געוואוסט, ווארום פרידריך דער גרויסער האָט אַזוי געהאַנדעלט; מען האָט אָנגעגעבען פער־שיעדענע סברות ביז מען איז דערגאַנגען דעם ריכטיגען סוד. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דיא קייזערין קאַטערינע דיא צווייטע פון רוסלאַנד האָט געוועלט מען זאָל איהר אויפנעהמען אַלס מיט־גליעד אין דער בערלינער אַקאַדעמיע, און אַזוי וויא פריעדריך האָט צוליעב וויכטיגע פּאָליטיישע צוועקען, בעזאָנדערס צוליעב דיא צוזאַמענשטעלונג פון פוילען, געוועלט זיין פריינדליך מיט איהר, האָט ער אויסגעשטריכען מענדעלסאָהן'ס נאָמען, דיינקענדיג, אַז זיא וועט זיך פיהלען בעליידיגט צו פיגורירען צוזאַמען מיט אַ אידען.

עס איז אָבער מעגליך, אַז דער פרייסישער קעניג האָט אי־בערהויפּט ניט געוועלט אַרויסלאָזען „זיינע" אידען פון דיא גהעטאָ־קלאַמערן. מענדעלסאָהן האָט יעדענפאַלס זיך גאַנץ ווייניג אָב־געגעבען דיא האַרץ, וואָס דער קעניג האָט איהם ניט געוועלט דאָ־

בען אין זיין אקאדעמיע. ער האט זיך נאר געוואונדערט, וואס דיעזע אקאדעמיע איז געגאנגען אזוי ווייט איהם אויסצו־ווערהלען פאר א מיטגליעד.

דיא נעכסטע פאאר יאהר האט ער זיך אזוי שלעכט געפיהלט, אז ער האט וועגען קיין זאך ניט געקענט דיינקען און האט געמוזט זיך פיהרען נאך דיא זטרענגע פארשריפטען פון דאקטוירים. מאנאטען לאנג האט ער זיך געמוזט שפייזען מיט ברויט און פרוכ־טען. נאר דאס ערגסטע מאר איהם איז געווען, וואס מען האט איהם ניט געלאזען אפילו זיך צוריהרען צו א בוך. אין איין בריעף האט ער שפעטער געשריעבען: „מען איז עלענד גענוג, ווען מען מוז איינריכטען דאס לעבען נאך דעם גלויבען פון דיעזע הערען (דאקטוירים).“

מען האט איהם געראטהען צו ערהאלען זיך אין דעם קוראָרט פירמאנט, אבער טראץ זיין גאנצער פילאזאפיע און בעריהמטהייט, האט ער נעבעך אליין ניט געהאט גענוג מיטעל דערצו. ער האט געהאפט, אז א רייכער איד, וועלכער האט זיך אויך געקליבען צו פאהרען נאך פירמאנט, וועט איהם מיטנעהמען, אום צו ער־שפארען איהם דיא קאסטען; אבער דיעזער האט זיין רייזע אב־געלייגט, און דער ארימער בוכהאלטער איז אויך געבליבען אין בער־לין, וואו ער האט געמוזט יעדען טאג געהן צו דער ארבייט אין קאנטאר, זא לאנג ער האט זיך געקענט האלטען אויף זיינע שוואַ־כע פיס.

אין פריהלינג פון 1773 איז איהם אזוי שלעכט געוואָרען, אז ער האט געמוזט אוועקפאהרען נאך פירמאנט נעהמען דארטען בעדער, אום איינפאך צו ערהאלטען דיא נשמה אין גוף. דיעזעס מאל האט עס איהם געגליקט, דען דער רייכער איד, א געוויסער פייטעל אפרים, איז אויך אוועק אהין און האט איהם א ביסעל אויסגע־האלפען.

אבער מעהר וויא א פאאר וואכען האט דער ארימער פילאזאף ניט געקענט פערבלייבען אין דיזען קוראָרט, ווייל דער רייכער איד האט געמוזט אפפאהרען פון דארטען. דיא איינציגע טרויסט פאר מענדעלסאהנען איז געווען, וואס אויפ'ן וועג האט ער זיך אפ־

געשטעלט אין וואָלפּענביטעל און זיך געזעהען מיט זיין אַלטען פריינד לעססינג.

ערשט אין זומער פון 1774 האָט ער געקענט פערברייננען א לענגערע צייט אין פּירמאָנט און זיך ערהאָלען אזוי וויים, אז ער זאָל קענען ווייטער לעזען און שרייבען.



## צעהנטער קאפיטעל.

## מענדעלססאָהן און דיא עמאַנציפּאַציאָן. דאָהם און מיראַבאָ.

מענדעלססאָהן׳ס נאָמען האָט אַזוי אַלץ מעהר געקלונגען אין דער וועלט, דאס אידען האָבען גענומען קוקען אויף איהם וויא אויף א מליץ יושר. יעדענפאַלס האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו ווענדען זיך צו איהם אין פאַל פון אַ גרויסע נויט, אום זיי צו בעשיצען געגען פערפאָלגונגען.

עב איז איבריג צו זאָגען, אַז ער האָט קיין מאָל ניט געזוכט צו שפּיעלען דיא ראָלע פון אַ בעשיצער פון יודענטהום. עס איז זיכער, אַז ער וואָלט געווען צופריעדען, ווען זיינע ברידער וואָלטען איהם געלאָזט צו רוה, אַז ער זאָל קענען זיין גאַנצע פרייע צייט אָבגעבען צו פילאָזאָפיע. אָבער וויא באַלד מען האָט זיך צו איהם געווענדעט, האָט ער זיך געפיהלט פערפפליכטעט צו העלפען נאָך זיין מעגליכקייט.

מיר ווייסען שוין אין וואָס פאַר אַ טרויעריגער, אונטערדריק־טער און שענדליכער לאַגע דיא אידען האָבען זיך דאמאלס געפו־נען אפילו אין דיא צענטערס פון בילדונג און אויפקלערונג. „דיא לאַגע פון מיינע ברידער, האָט מענדעלססאָהן געשריעבען, איז וויא אַ שווערע לאַסט געהאַנגען אויף דיא פליגלען פון מיין גייסט און האָט מיך געמאַכט אונפעהיג דעם הויכען פליהען פון אַ פרייגע־באָרענעם ווען עס איז צו פערזוכען.“ און וויא האָט ער זיך דען געקענט פיהלען אַלס „פרייגעבאָרענער מאַן“, ווען ניט איין מאָל איז ער אין דער הויפּטשטאָדט פון דעם פילאָזאָפישען קעניג בע־ליידיגט געוואָרען פון גראָבע יונגען ?

„איז דיעזען זאָ־גענאַנטען טאָלעראַנטען לאַנד, האָט ער מיט אַ וועהטאָג אין הארצען געשריעבען, לעב איך אַזוי גענעגט, אַזוי בעשרענקט פון אַלע זייטען דורך אינטאָלעראַנץ, דאָס איך מוז מיך איינשפּאַרען דעם גאַנצען טאָג אין אַ זיידענפאַבריק, אום צו־ליעב צו טאָן מיינע קינדער. אַבענדס געה איך אַמאָל ארוים

מיט מיין פרוי און קינדער. „פּאַפּאַ ! פרעגט דיא אונשולד, וואס רופט אונז דאָרט נאָך יינער יונג ? ווארום ווארפען זיי שטיינער אויף אונז ? וואָס האָבען מיר זיי געטאָן ?“ „יא, ליעבער פּאַפּאַ, זאָגט דער אַנדערער, זיי פערפאָלגען אונז אימער אויף דיא גאַסען און שרייען : יודע ! יודע ! איז עס דען ביי זיי אַזאַ שאַנדע צו זיין אַ איד ?“ — אַך, איך מאַך צו מיינע אויגען און זיפץ : „מענשען ! מענשען ! וואָס טהוט איהר ? אָבער וועג פון דיעזע בעטראַכטונגען — זיי מאַכען מיך צו אונמוטהיג . . .“

מיר האָבען שוין געזעהען, דאָס ער האָט געטאָן וואָס ער האָט געקענט פיר דיא בערלינער געמיינדע נאָך אין זיינע יונגע יאָהרען. דאַן האָט ער אויך געשטרעבט צו בעוועגען זיינע ברידער צו אייראָפּעאישע בילדונג. מיט דיעזען צוועק האָט ער נאָך אין 1750, מיט דער הילפע פון אַ געוויסען ב אָ ק, אָנגעפאַנגען אַרויס־צוגעבען אין לשון קודש אַ וואָכענשריפט אונטער דעם נאָמען „קהלת מוסר“, אָבער דיא רבנים און אַנדערע אָרטהאָדאָקסען האָבען באַלד דערשטיקט דיעזע אונטערנעהמונג, און מענדעלסאָהן האָט נאָך דיזער מיסגעלונגענער פּראָבע אין גאַנצען פערלאָרען דעם מוטה צו שרייבען דירעקט פאַר אידען. ער האָט זיך דאַן אָנגעשטרענגט צו ווערן אַ דייטשער שרייבער, וואָס עס איז איהם גליקליכערווייזע גלענצענד געלונגען.

האָט ער דאַן געטרוימט, אַז דורך דעם, וואָס ער וועט זיך ערווערבען אין דער קריסטליכער וועלט אַ נאָמען אַלס אַ פילאָזאָף, וואָס ער וועט זיך אויסצייכענען אויף דעם ברייטען פעלד פון דער דייטשער ליטעראַטור, וועט ער קענען בעסער ווירקען אויף זיינע ברידער, אַז זיי זאָלען נאָכפאָלגען זיין ביישפּיעל ? פיעלייכט, יעדענפאַלס איז דער רעזולטאַט אַזוי געוועזען, און נאָך פיעל שנע־לער און וויטער, וויא ער האָט עס וועזן געקענט טרוימען.

דורך זיין שטרייט מיט לאַפאַטער׳ן איז זיין שם צווישען אידען זעהר הויך און וויט געשטיגען. און פון לאַפאַטער׳ס פאַטערלאַנד האָבען זיך אויך דיא אידען צוגערשט געווענדעט צו מענדעלסאָהן׳ס הילפע. דאַן האָבען אידען נאָר געמעגט וואָהנען אין צוויי ערטער פון דער שווייץ, נעמליך, אין לענגנאַו און ענדיגען ; אָבער אויך

דאָרטען האָט מען זיי געדריקט וויא אין אַלע גהעטאָס פון מיטעל־אַלטער. אַרום 1775 האָט מען דאָרטען געוועלט איינפאַך אויס־ראָטען דיא אידען דורך אַ פערבאָט צו הייראַטהען. דער דאָרטיגער רב, וועלכער האָט געהערט פון מענדעלסאָהן׳ס דיספוט מיט לאַ־פאַטער׳ן, האָט זיך געווענדעט צו איהם מיט אַ ביטע, ער זאָל זיין אַ מליץ יושר פאַר זיינע ברידער ביי דעם גייסטליכען לאַפאַטער, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אין יענעם טהייל פון דער שווייץ.

מענדעלסאָהן האָט גלייך ערפילט זייער ביטע, אָבוואָהל עס איז איהם גאָר ניט אַנגענעהם געווען עפּעס צו בעטען ביי דיעזען מיסיאָנערסקען גייסטליכען. צו לאַפאַטער׳ס עהרע מוז מען זאָגען, אַז ער האָט זיך באַלד אָפּגערופען און אויסגעפיהרט מען זאָל דיא אידען מעהר ניט פערפאָלגען.

מיט צוויי יאָהר נאָכהער איז צו איהם געקומען אַ הילפסגע־שריי פון זיינע ברידער אין דרעזדען. מען האָט געוועלט פער־יאָגען פון דער הויפּט־שטאדט פון זאַקסען עטליכע הונדערט אידען, וועלכע זיינען מיט דער צייט אָרים געוואָרען און האָבען ניט גע־קענט בעצאָהלען דיא טאַקסעס. מענדעלסאָהן האָט זיך דאַן דער־מאָנט, דאָס ווען ער איז אין 1766 געווען אין דרעזדען, האָט ער זיך בעקענט מיט דעם זאַקסישען מיניסטער פערבער, און צו איהם האָט ער זיך געווענדעט מיט אַ ריהרענדען בריעף פאַר זיינע אָרימע ברידער. אין נאָמען פון איינפאַכע מענשענפריינדליכקייט האָט ער איהם געבעטען צו זעהען, אַז מען זאָל ניט רואינירען אָרימע אידישע פאַמיליען.

„גיטיגער, אַלוואָהלטהעטיגער פאטער! האָט ער מיט אַ געבראָכענע האַרץ געשריעבען, וואו זאָלען דיעזע עלענדע מענשען מיט זייערע אונשולדיגע פרויען און קינדער זיך אַהין טאָן? וואו זאָלען זיי זוכען שוץ און אַ רוהע־אָרט, ווען דאָס לאַנד, וואו זיי האָבען פערלאָרען זייער פערמעגען, וועט זיי אַרויסשליידערן? דיא פעריאָגונג איז פאַר אידען דיא האַרטעסטע שטראָף — דאָס איז איינפאַך אַ פערטיליגונג פון גאָט׳ס ערד, וואו דער פּאָראור־טהייל יאָגט איהם מיט אַ בעוואַפענטער האַנד פון יעדען גרענעץ.“

דיעזער צורוף האָט אויך שנעל געווירקט, און דיא אָרימע דרעזדענער אידען האָבען געדאַנקט דעם אָרימען אידישען פילאָזאָף אַלס זייער רעטער.

דיא אידען פון מעקלענבורג־שווערין האָבען זיך אויך געווענדעט צו זיין הילפע, נאָר זיי האָבען פון איהם געקראָגען אַ גאַנץ אונערוואַרטעטע אַנטוואָרט. דאָרט האָט זיך עס געהאַנדעלט וועגען אַ וואָהלגעמיינטען בעפעהל, אַז דיא אידען זאָלען האַלטען זייערע טויטע מינדעסטענס דריי טעג פאַר דער קבורה. אַלע אידען האָבען עס דאַן בעטראַכטעט ניט נאָר אַלס אַ גרויסע גזרה, זאָנדערן איינפאַך אַלס אַ מיטעל צו אונטערגראָבען דיא אידישע רעליגיאָן. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ גוואַלד אין גאַנצען הערצאָגטהום געגען דיעזען „גאָטלאָזען" בעפעהל צווישען דיא פערזונקענע אידען. זיי האָבען גלייך אויסגעגאָסען זייער ביטער האַרץ אין אַ שריפט צו מענדעלסזאָהנען, און איהם געבעטען רחמים, ער זאָל זיין זייער מליץ יושר ביי דער רעגיערונג, אום צו פערהיטען זיינע ברידער פון אַזאַ „אונגליק" און רעטען דיא אידישע רעליגיאָן פון אַזאַ „שרעקליכע געפאַהר".

אָבער וויא גרויס איז געווען זייער ערשטוינונג, ווען זיי האָבען באַלד געקראָגען פון איהם אַן אַנטוואָרט, אַז ער בעטראַכט דיעזען בעפעהל ניט פאַר אַן אַטאַקע אויף דער אידישער רעליגיאָן און גראַדע פאַר אַ זעהר גערעכטע און ניצליכע איינפיהרונג. אום צו פערשטאַרקען זיין מיינונג, האָט ער ערקלערט, אַז אַמאָליגע צייטען פלעגט מען האַלטען געשטאָרבענע ביי אידען 3 טעג אין העהלען, אום צו זיין זיכער, אַז זיי זיינען ווירקליך טויט.

„איך וויים, האָט ער צום שלוס געשריעבען, דאָס איהר וועט מיר ניט פאָלגען, דען דיא מאַכט פון געוואָהנהייט איז צו שטאַרק; פיליכט וועט איהר מיר אָננעהמען פאַר אַ פאַלשען לעהרער און אַפּיקורוס, נאָר איך בין צופריעדען, וואָס איך האָב געשפּראָכען וויא מיין געוויסען האָט מיר געהייסען."

דורך דיעזע ערקלערונג איז ער געקומען אין אַ שטרייט מיט דעם בעוואוסטען פאַנאַטישען רב יעקב הערשעל פון אַלטאָנא, וועלבער האָט אויך פערטהיידיגט דעם שלעכטען און אַברגלויבישען

מנהג וואס שנעלער צו בעערדיגען טויטע און וועלכער האט גע־לאזט וויסען, אז ער האט וויניג צוטרויען צו מענדעלססאהן'ס פרומקייט. אויף דיעזע אטאקע האט מענדעלססאהן ניט געענט־פערט, אום אויסצומיידען צאנקערייען. אנדערע האבען שפעטער, וויא בעוואוסט, געפיהרט אן ענערגישען קאמפף וועגען דיא זאַ־געגאנטע בעגרעבנים־פראגע, וועלכע בלייבט נאך אפען ביז היינט צו טאג ביי ארטהאדאקסישע אידען.

וויא וויים דיא פרייסישע אידען האבען איהם געהאלטען פאר זייער פערטרעטער, צייגען גענוג פאלגענדע פאקטען:

דער פרייסישע יוסטיץ־מיניסטער האט זיך אין 1777 געווענ־דעט צום בערלינער אבער־ראבינער איבערצוגעבען דיא אידישע גע־זעצע וועגען ירושה, צואות, אפעקונסטע, חתונות, גט'ן און ז. וו. דער אבער־ראבינער, וועלכער האט ניט געקענט שרייבען דייטש, האט זיך געווענדעט צו מענדעלססאהן'ס הילפע. דער רעזולטאט דערפון איז געוועזען דיא בעוואוסטע שריפט „ריטואל־געזעצע פון אידען", וועלכע איז ערשיענען אין 1778 און האט אין א קורצע צייט געהאט עטליכע אויפלאגען.

אין 1782 האט א פרייסישער בעאמטער געקראגען א בעפעהל אויסצואַרבייטען א שבועה פאר אידען אין געריכטען. ער האט זיך געווענדעט צו מענדעלססאהנען, און, וויא ער האט נאכהער אי־בערגעגעבען אין זיין אפיציעלען בעריכט צום קעניג, האט ער צו־זאמען מיט מענדעלססאהנען פערפאסט דיא פארמע פון דער אידי־שער שבועה, וועלכע איז בעשטימט געווארען אין דיא געריכטען אויף דעם פלאץ פון דער מיטעלאלטערליכער.

דירעקט פאר דיא עמאנציפאציאן פון אידען האט מענדעלס־סאהן ניט געקעמפפט און אפילו ניט געשריעבען. דאס איז געקו־מען ניט בלויז דורך דעם, וואס ער איז ניט געשאפען געוועזן פיר א קאמפף און וואס ער האט זיך ניט געוועלט מישען אין פאליטישע אנגעלעגענהייטען, זאנדערן ווייל ער האט געהאלטען, אז עס איז פיעל בעסער, דאס וואהלמיינענדע און גוטהערציגע קריסטען זאלען זיך אננעהמען פאר אידען און ארויסטרעטען אלס פערטהיי־דיגער פון זייערע פאליטישע רעכטע.

דארום האט ער זיך אויך געווענדעט צו א קריסט, ווען דיא אידען פון עלזאס האבען איהם געבעטען צו פערפאסען א שריפט פאר דעם פראנצויזישען שטאאטס־ראטה, אז מען זאל ערלייכטערן זייער ביטערע לאגע. דיעזער קריסט איז געווען ד א ה ם, וועלכער האט שפעטער געשפיעלט א זעהר וויכטיגע ראלע אין דער עמאנציפאציאן פון דיא פראנצויזישע אידען נאך דעם שטורם פון דער באסטיליע אין 1789.

דיעזער יונגער קעמפפער, וועלכער האט, קען מען זאגען, דער ערשטער ערהויבען זיין שטימע פיר דיא פאליטישע גלייכהייט פון אידען, איז געווען מענדעלסזאהן'ס א פריינד און א פערעהרער. זייענדיג אין בערלין, האט ער אפט בעזוכט מענדעלסזאהן'ס הויז, און אזוי וויא כמעט יעדער קריסט, וואס איז געווען בעפריינדעט מיט דעם פערפאסער פון „פעדאן", איז געווען מעהר אדער ווייניגער פריינדליך צו אידען אין אלגעמיינען, זא איז עס נאך מעהר דער פאל געווען מיט דאהם'ען. ער האט זיך זאגאר געקליעבען צו שרייבען א געשיכטע פון אידען זייט דעם צווייטען חורבן אלס אונפארטייאייטער היסטאריקער און פריי־דיינקענדער מענש.

דארום האט ער זעהר גערן אנגענומען מענדעלסזאהן'ס פארשלאג אנצושרייבען א ביטע פון דיא עלזאסער אידען צום פראנצויזישען שטאאטס־ראטה, וויא ס ע ר ף ב ע ע ר, דער בעוואוסטער פארקעמפפער פון דיא פארנצויזישע אידען, האט עס געוועלט. אין קיין פראנצויזישער פראווינץ זיינען ניט געווען אזוי פיעל אידען און אין קיינער האט מען ניט אין 18טען יאהרהונדערט אזוי שלעכט בעהאנדעלט דיא אידען, וויא אין עלזאס, בעזאנדערס אין שטראסבורג. דיא הויפט־אורזאכע דערפון איז געווין. וואס דיא בעפעלקערונג פון דיעזער פראווינץ איז געווען א דייטשע.

נאר אין דער צייט, ווען דאהם האט געשריעבען דיא פעטיציאן פאר דיא עלזאסער אידען, איז איהם ארויף דער גליקליכער געדאנקען צו פערפאסען א שריפט צו גונסטען פון אלע דייטשע אידען און צו פערלאנגען פאר זיי אלעמען בעסערע בעהאנדלונג און געזעצגעבונג. דער רעזולטאט איז געווען זיין בעריהמטע און עפאכען־

מאכטגרע שריפט „איבער דיא בירגערליכע פערבעסערונג פון דער לאגע פון אידען.“ „מיט דיזען ביכעל, בעמערקט גרעץ אין זיין „געשיכטע פון אידען“, האט דאהם, אזוי וויא לעססינג מיט זיין „נאטהאן דער וויזע,“ טהיילווייז אויסגעקויפט דיא זינד פון דער דייטשער נאציאן פאר דיא פערשקלאפונג און ערניעדערונג פון דיא אידען.“

אלס היסטאריקער און געזעץ־קענער האט דאהם אין גאנצען געלאזען אן א זייט דיא רעליגיעזע זייט פון דער פראגע און האט נאר געזוכט צו ברייננגען פאליטישע גרינדע, ווארום עס איז ניצליך פאר יעדע רעגיערונג צו געבען בירגער־רעכטע צו אידען. ער האט זיך אויך געשטיצט אין זיין פערטהיידיגונג פון דיא אידען אויף איינפאכע געפיהלען פון מענשליכקייט.

ער האט זיך ניט בעגנוגענט מיט א געשיכטליכען איבערבליק אויף דער לאנגער געשיכטע און אויף דיא וויכטיגע לייסטונגען און ציוויליזאציאנס־ראלע פון אידישען פאלק אין איירא פא זייט דעם פאל פון דער רוימישער אימפעריע, זאנדערן האט אויך פארגע־שלאגען א פראגראם, וויא צו פערבעסערן דיא לאגע פון אידען. זיין ערשטע און וויכטיגסטע פאדערונג איז געווען, דאס מען זאל אידען בעוויליגען גלייכע רעכטע מיט אלע אנדערע בירגער.

אין אלגעמיין קען מען זאגען, אז דער עדעלמוטהיגער און פראקטישער דאהם האט אנגעצייגט דעם עמאנציפאציאנס־וועג, וועלכער איז צוערשט דורכגעשניטען געווארן אין פראנקרייך אין דער צייט פון דער גרויסער רעוואלוציאן און וועלכער האט זיך נאכהער אויסגעצויגען איבער גאנץ וועסט־איירא פא.

וויא נאר דאהם'ס מערקווירדיגע שריפט איז אפגעדרוקט גע־ווארן אין 1781, זיינען דיא גייסטליכע און אלע, וואס זיינען געווען דורכגענומען מיט דיא פאראורטהיילע פון מיטעלאלטער געגען דיא אידען, ניט נאר ארויס געגען זיינע ארגומענטען און פארדערונגען, זאנדערן האבען איהם אויך פערלוימדעט, אז ער האט זיך איינפאך פערקויפט צו דיא אידען פאר א גרויסע סומע. נאר אין דיא אויפ־געקלערטע קרייזען האט דאהם'ס ביכעל ארויסגערופען סימפאטהיע צו אידען און אליז א שטארקערע נייגונג זיי צו עמאנציפירען. מען

האָט זיך אָנגעפאַנגען צו אינטערעסירען מיט דער אידישע־
פראַגע פון דער פּאָליטישער זייט, און אַלץ עפטער האָבען זיך געני־
מען דערען שטימען, אַז מען דאַרף פערבעסערן דיא פּאָליטישע לאַגע
פון אידישען פאָלק.

גראַדע אין דעם זעלבען יאָהר, ווען דאָהם׳ס שריפט איז פער־
עפענטליכט געוואָרן, האָט דער עסטרייכער קייזער יאָזעף דער צוויי־
טער אַרויסגעלאָזען זיינע בעריהמטע בעפעהלע צו גונסטען פון זיינע
אידיישע אונטערטהאַנען. מען האָט דאַרום בעטראַכטעט דאָהם׳ס
פּאָרשלעגע, וויא ראַדיקאַל זיי האָבען זיך פון ערשטען בליק ניט
אויסגעוויזען פיעלע וואָהלמיינענדע קריסטען, אַלס פּראַקטיישע,
וועלכע עס איז מעגליך מעהר אָדער ווייניגער דורכצופיהרען אין
יעדען ציוויליזירטען שטאַאט. אַכט יאָהר שפּעטער האָט דיא גרויי־
סע פראַנצויזיישע רעוואָלוציאָן מיט איין קלאַפּ אָפּגעהאַקט אַלע דיס־
פּוטען וועגען בירגערליכע רעכטע פאַר אידען און געצייגט אַלע
אַנדערע פעלקער, וויא מען דאַרף עמאַנציפּירען דיא אידען.

מענדעלסאָהן האָט שוין ניט דערלעבט צו זעהען דיזע גליק־
ליכערע צייט פאַר זיינע ברידער, ווען אידען אין פראַנקרייך זיינען
אַנערקענט געוואָרן פאַר בירגער נאָך דער וועלט־איבערקעהרענדער
„ערקלערונג פון מענשענרעכטע“; אָבער ער האָט דערצו פיעל מיט־
געהאָלפען אינדירעקט, ניט נאָר דורך דאָה׳ס פעדער, זאָנדערן אויך
דורך דעם פיעל מעכטיגערען מויל פון איינעם פון דיא גרעסטע
פיהרער פון דער פראַנצויזיישער רעוואָלוציאָן, פון אַזאַ ריזיגע פיגור
אין דער וועלט־געשיכטע, וויא מ י ר אַ ב אָ איז געוועזען *)
דיזער גלענצענדער שרייבער און נאָך גלענצענדערער רעדנער, וועל־
כער איז זיין גאַנצען לעבען געשטאַנען אויף דער זייט פון דיא
אונטערדריקטע געגען דיא אונטערדריקער, האָט קענען געלערנט
מענדעלסאָהן׳ען אין בערלין און האָט איהם זעהר הויך געשעצט
אַלס אַ פילאָזאָף און קלוגען מאַן, וויא עס צייגט זיין וויכטיגע

(*) זעה מיין „געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָ־
לוציאָן“. ארויסגעגעבען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לייברערי פּובלי־
שינג קאָמפּאניע.

שריפט „איבער מאָזעס מענדעלססאָהן און איבער דיא פּאָליטישע רעפאָרם פון אידען,“ וועלכע איז ערשיענען אין 1787 און האָט געהאַט אַ זעהר גרויסע בעדייטונג פיר דיא פּאָליטישע עמאַנציפּאַציאָן פון אידען אין איירָאָפּאַ.

מיראַבאָ איז נאָך אין זיין בערטהיידיגונג געגאַנגען ענערגישער און וויטער פאַר דאָהם׳ען, וועמעס געדאַנקען ער האָט ענטוויקעלט. „אויב איהר ווילט דיא אידען זאָלען ווערען בעסערע מענשען און ניצליכע בירגער, האָט ער געשריעבען, דאַן שאַפט אָפּ יעדען ערנידעריגענדען אונטערשיעד, עפענט פאַר זיי יעדען וועג צו מאַכען אַ לעבען. אַנשטאָט צו פערביטען זיי אַקערבוי, האַנדווערק און מעכאַנישע קונסטען, מונטערט זיי אויף צו דיזע בעשעפטיגונגען.“

אין אַן אַנדער אָרט שרייבט מיראַבאָ: „נור איין זאַך דאַרף מען בעקלאָגען, און דאָס איז, אַז אַזאַ הויך־בעגאַבטע נאַציאָן זאָל אַזוי לאַנג געהאַלטען ווערן אין אַ לאַגע, אין וועלכער עס איז אונמעגליך געוועזען צו ענטוויקלען איהרע קרעפטע. יעדער וייט־זעהענדער מענש דאַרף זיך פרעהען מיט דער פערמעהרונג פון ניצליכע אידישע מיט־בירגער.“

ביי יעדער געלעגענהייט פלעגט מיראַבאָ פערטהיידיגען דיא אידען און אָנצייגען אויף זייערע פעהיגקייטען און ניצליכקייט. ער איז אויך אַרויסגעטראָטען געגען פּראָפעסאָר מיכאַעלים און אַנדערע דייטשע אַנטיסעמיטען, וועלכע זיינען אַרוים מיט אַלע געוועהר פון מיטעלאַלטערליכען אַרסענאַל גלייך וויא דאָהם האָט פערעפענטליכט זיין בוך.

דיא ביטערע און שענדליכע אַטאַקעס פון פּראָפעסאָר מיכאַעלים אויף אידען, פון דעם זעלבען געלעהרטען גייסטליכען, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין יודענהאַס, ווען לעססינג׳ס קאָמעדיע „דיא יודען“ איז ערשיענען, האָבען אויך געצוואונגען מענדעלססאָהן׳ען זיך צו נעהמען צו זיין גלענצענדער פעדער, אום צו פערטהיידיגען זיינע ברידער. דאָס האָט ער געטאָן אין דער „פאָררעדע“ צו רבי מנשה בן ישראל׳ס בוך „דיא רעטונג“, וואָס דאָקטאָר הערץ, איינער פון דיא וויכטיגסטע בערלינער משכילים,

האָט איבערזעצט אין דייטש אויף זיין פאָרשלאַג. אין דיזער „פאָר־רעדע“ האָט ער צוגלייך געגענטפערט דיא געגנער פון אידען און אָנ־געצייגט, וויא אַזוי מען קען אויספיהרען דיא עמאַנציפּאַציאָן פון אידען.

דיא געדאַנקען, וועלכע מענדעלסאָהן האָט אין קורצען אויס־געדריקט אין דיזער „פאָררעדע“ האָבען איהם געפיהרט אָנצושרייבען אַ בוך, אין וועלכען ער האָט ענדליך ערקלערט זיינע מיינונגען איבער רעליגיאָן און יודענטהום, וויא אויך איבער דיא בעציהונגען פון רעליגיאָן צום שטאַאט. דיזער בוך איז ערשיענען אין 1783 אונטער דעם נאָמען: „ירושלים, אָדער איבער דיא רעליגיעזע מאַכט און יודענטהום“.



## עלפטער קאפיטעל.

## דיא איבערזעצונג פון חומש און דיא פערפאַסערס פון „ביאור“.

מענדעלסזאָהן ווערט גערעכענט פאַר דעם פאָטער פון השכלה צווישען דייטשע אידען, פאַר דעם אויפוועקער פון א „דראַנג נאָך בילדונג,“ און עס קען איבערהויפט קיין צווייפעל ניט זיין. דאָס ער האָט געהאַט א טיעפע ווירקונג אויף משכילים אין אָנפאַנג פון 19־טען יאהר־הונדערט; אָבער פון דער אַנדער זייט קען מען אויך ניט לייקענען, דאָס זיין אַנטהייל אין דעם אינערליכען קאַמפף, דאָס הייסט אין דעם קאַמפף צווישען דיא אָרטהאָדאָקסען און רעפאָרמירטע, צווישען דיא פאַנאַטיקער און משכילים, צווישען „פאָטערס און קינדער,“ איז געוועזען אייגענטליך אַזוי אינדירעקט, וויא אין דעם אויסערליכען קאַמפף, דאָס הייסט אין דעם קאַמפף פיר פאָליטישע עמאַנציפאַציאָן.

זיינע דייטשע שריפטען, אפילו זיין „ירושלים“, האָבען נאָר געקענט ווירקען אויף אַ גאַנץ קליינע צאָהל אידען, וואָס האָבען פערשטאַנען דייטש און זיך אינטערעסירט מיט פילאָזאָפישע פראַגען. צו דער אידישער מאַסע איז ער ניט צוגעקומען און האָט ניט געזוכט צוצוקומען. מיר האָבען שוין געזעהען, דאָס אין דער „בעגרעבענים־פראַגע,“ ווען רבי יעקב הערשעל האָט איהם שאַרף אָנגעגריפען, האָט ער זיך צוריקגעהאַלטען פון אַן אַנטוואָרט, אום אויסצומיידען אַ שטרייט מיט דיא אַלט־מאָדישע אָרטהאָדאָקסען. אַזוי האָט ער זיך שטענדיג געהאַלטען: ער איז זיך שטילערהייד געגאַנגען זיין וועג און האָט געוואַרט אויף דיא אונפערמיידליכע ווירקונג פון דער צייט אויך אויף דיא פערפינסטערטע אידען פון דיא גהעטאָס. דירעקט איז ער יעדענפאַלס ניט אַרויס מיט צורופען צו אידען בכלל, אַז זיי זאָלען זיך נעהמען צו אייראָפּעאישע בילדונג און האָט ניט פראָפּאַגאַנדירט זיינע אידעען אין העברעאיש, וויא זיינע שילער און איבערהויפט דיא זאָגענאַנטע „מאספים“, און אפילו וויא

דער אמת פרומער און אמת בראַווער נפתלי האַרטוויג וועססעלי (וויזעל) האָבען עס געטאָן.

זאָגאַר דיא איבערזעצונג פון דער ביבעל, זיין איינציגע ליטע־ראַרישע אַרבייט, מיט וועלכער ער האָט דערגרייכט ביז צו דער אידיישער מאַסע, האָט ער אָנגעפאַנגען ניט מיט דעם הויכען צוועק, צו וועלכען זיא האָט שליסליך געדינט, זאָנדערן איינפאַך, אום צו פערטייטשען דעם חומש פאַר זיינע אייגענע קינדער. אַלס פיינד פון דעם זשאַרגאָן האָט ער געוועלט, אַז זיין זוהן יוסף זאָל קענען איבערזעצען דיא ביבעל אין עכטע דייטש, און אום דאָס בעסער אויסצופיהרען, האָט ער פערשריעבען דיא איבערזעצטע קאַפּיטלעך.

האָט ער דערביי אויך געדיינקט אָפּצודרוקען זיין איבערזעצונג, אום אַנדערע אידישע קינדער זאָלען זיך קענען דערמיט בענוצען? פיליכט, נאָר יעדענפאַלס האָט ער גאָר ניט געטאָן, אום זיין איי־בערזעצונג צו פערעפענטליכען ביז שלמה דובנא האָט איהם ניט אויפגעמונטערט דערצו. דיזער דובנאָ איז געווען אַן אָרימער פוילישער איד מיט אַ יאָהר צעהן אינגער פאַר מענדעלס־סאָהן׳ען. אַ לעבען האָט ער געמאַכט פון געבען שטונדען אין העב־רעאיש. ער איז געווען בעקאַנט אַלס גוטער בעל דקדוק און האָט אויך געלערנט העברעאישע גראַמאַטיק מיט מענדעלססאָהן׳ס זוהן.

איינמאָל האָט איהם מענדעלססאָהן געצייגט דיא איבערזעצונג פון חומש, אום צו הערען זיין מיינונג. דיא איבערזעצונג איז דובנאַ׳ן אַזוי געפעהלען געוואָרן, אַז ער איז צוגעשטאַנען צו מענ־דעלססאָהן׳ען, צו לאָזען איהר אָבצודרוקען צום נוצען פון דער אי־דישער יוגענד. מענדעלססאָהן האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג, נאָר מיט דער בעדינגונג, אַז דובנאָ זאָל גרינדליך דורכזעהען, אויב דיא איבערזעצונג שטימט ריכטיג מיט דעם אָריגינאַל און מיט דיא ערקלערונגען פון דיא בעסטע קאָמענטאַטאָרס, און זאָל אויך געבען זיגען דעם ערקלערענדע בעמערקונגען. דובנאָ האָט עס גערן גע־נומען אויף זיך. צוזאַמען מיט מענדעלססאָהן׳ס ברודער, וועלכער איז אויך געווען אַן אָרים־מאַן, האָט ער גענזאָגט מאַכען דיא קאָרעק־טור און אויפפאַסען אויף דעם דרוק.

מענדעלססאָהן האָט זיך אָבגעזאָגט פון יעדער בעלוינונג פאַר

זיין ארבייט. דיא פערדינסטען פון דער אונטערנעהמונג האָבען געזאָלט צוטהיילט ווערן צווישען דובנאָ און מענדעלססאָהן׳ס ברודער. מענדעלססאָהן האָט זאָגאַר ניט געוועלט, אַז דיא איבער־זעצונג זאָל טראָגען זיין נאָמען, אָבער דובנאָ האָט עס פון איהם פערלאַנגט, אום צו קענען בעסער פערקויפען דאָס ווערק.

אַזוי איז ענטשטאַנדען דיא בעריהמטע איבערזעצונג פון חומש מיט דעם „באור", וועלכע האָבען געהאַט אַזאַ אונגעהייערע בעדיי־טונג פאַר דיא השכלה, פאַר דיא אויפקלערונג פון דייטשע און פוילישע אידען.

מענדעלססאָהן האָט אָנפאַנגס אַליין ניט פערשטאַנען, וואָס פאַר אַן אונגעהייער וויכטיגע אונטערנעהמונג דאס איז געווען צו דרוקען מיט פערנינפטיגע בעמערקונגען דיא דייטשע איבערזעצונג פון חומש, וועלכע ער האָט געמאַכט פאַר זיינע קינדער. נאָר דיא אַליז גרעסערע פיינדליכע געשרייען פון דיא פערביסענע אָרטהאָדאָקסען האָבען איהם און זיינע מיטאַרבייטער באַלד געוויזען, אַז דיא אי־בערזעצונג איז ניט בלויז ניצליך פיר דעם אונטעררינכט פון דער אידישער יוגענד אין העברעאיש און דייטש, זאָנדערן אויך נויט־וועגדיג פיר דיא אויפקלערונג און בעלעהרונג פון דערוואַקסענע אידען. „מיין מיינונג איז ביז יעצט געווען", האָט ער געשריעבען, „דאָס ווען דיא איבערזעצונג וועט אָנגענומען ווערן פון אַלע אידען אָהן ווידערשטאַנד, איז זיא איבערפליסיג. וואָס מעהר אָבער דיא זאָגענאַנטע חכמים טרעטען אַרויס געגען, אַליז נויטוועגדיגער ווערט זיא. איך האָב איהר אָנפאַנגס געמאַכט נור פאַר דעם פראָסטען איד, יעצט געפין איך, אַז זיא איז נאָך פיעל נויטוועגדיגער פאַר דיא ראַבינער . . ."

אייניגע פון דיא געגנער, בעזאָנדערס דעם שוין דערמאָנטען רבי יעקב הערשעל, וועלכער האָט געדונערט געגען דיא „אפיקורסי־שע" איבערזעצונג און געגען דיא גאַנצע „גאָטלאָזע" אונטערנעה־מונג, האָט מענדעלססאָהן געקענט לייכט איינשטילען דורך דיא וועלטליכע מאַכט פון זיינע קריסטליכע פריינד און פערעהרער. אין פראַג, פירטה און אַלטאָנאַ האָבען דיא רבנים גלייך אַרויסגעלייגט אַ חרם אויף דיא איבערזעצונג, און מענדעלססאָהן׳ס פריינד האָבען

גערועלט ענטפערן מיט געוואַלט אויף דיזע אַטאַקעס און זיך ווענדען צו דער הילפע פון אויפגעקלערטע רעגיערונגס־בעאַמטע; אָבער ער האָט זיי שטענדיג אויפגעפאָרדערט צו האַלטען זיך רוהיג און אויף קיין פאַל ניט צו געברויכען מסירות און רדיפות. וועגען זיך זעלבסט האָט ער געשריעבען, אז „קיין פאַנאַטיקער זאָל עס ניט לייכט אָנקומען צו ברייננגען מיין קאַלטע בלוט אין בעוועגונג; איך בעטראַכט דאָס שפיעל פון מענשליכע ליידענשאַפטען וויא אַ נאַטור־ערשיינונג.“ אין אַן אַנדער בריעף בעמערקט ער: „מען מוז זיין אַזאַ פערהאַרטעוועטער קעמפפער וויא לעססינג, אום פון זיי (דיא גייסטליכע) אויסצוהאַלטען. איך וואָלט אָבער גיכער געווען געדולדיג און פעסט גענוג צו יאָגען פון מיין הויט אַ גאַנצען שטאָק פון צורייצטע בינען, וויא דיעזע שטרייטזיכטיגע פריעדענס־פערקינדער.“

עס וואָלט גענוג געווען איין וואָרט צו זאָגען אַ מיניסטער פון קייזער יאָזעף, וועלכער האָט דאַן פערעפענטליכט זיין טאָלעראַנץ־געזעץ, אום דער פערביסענער פראַגער רב זאָל אַביסעל איינהאַלטען זיין גרימצאָרן; אָבער מענדעלסאָהן האָט אויף קיין פאַל ניט געוועלט געברויכען אַזעלכע מיטעל. זיין פריינד הענניגס, אַ שטאַאטס־ראַטה פון דענעמאַרק, האָט ער זאָגאַר געבעטען ניט אָנצונעהמען זיך פאַר איהם געגען דעם רבי יעקב הערשעל פון אַלטאָנא, זיין ביטערסטען געגנער. נאָר ענדליך, אום איינצושטילען דיעזען פאַנאַטיקער, איז מענדעלסאָהן געפאַלען אויף דעם קלוגען פלאַן אויסצופיהרען דורך דעם שטאַאטס־ראַטה הענניגס, אַז דער קעניג פון דענעמאַרק זעלבסט זאָל זיך אַבאָנירען אויף דיא גאַנצע איבערזעצונג. דאָס האָט ער לייכט גע'פועל'ט. דיא פרינצען און איינינגע גרויסע אַריסטאָקראַטען פון דענעמאַרק האָבען געפאָלגט דעם ביישפיעל פון זייער קעניג, און ווען דער רב פון אַלטאָנאַ האָט דאָס דערהערט, האָט ער ווירקליך איינגעהאַלטען דעם צונג צווישען דיא צייהנער.

עס האָבען זיך אויך געפונען רבנים, וועלכע האָבען געהאַלטען דיא אונטערנעהמונג פאַר אַ זעהר ניצליכע, וועניגסטענס אַלס אַ מיטעל צו פערשפרייטען דיא דייטשע שפראַך צווישען אי־

דען. פון פיעלע לענדער, אפילו פון פוילען, וואו דער חסידיזמוס האט זיך פאנאנדערגעפלאקערט, זיינען אנגעקומען בעגריסונגגען און בעשטעלונגען, וואס עס האט פערשאפט פיעל פרייד מענדעלס־סאהנען און זיינע מיטארבייטער און אונטערשטיצער.

דיא ארבייט איז אבער צוגעגאנגגען גאנץ לאנגזאם. דאס איז געקומען דערפון, וואס דובנא האט זיך לײדער אבגעזאגט פארטצו־זעצען זיין פירוש. צווישען איהם און מענדעלססאהנען איז עפעס פארגעקומען, דען זאנסט וואלט דובנא, וועלכער האט אזוי פיעל געלייסטעט פאר דיא גרויסע און שווערע אונטערנעהמונג גאנצע 4 יאהר, זיך ניט צוריקגעצויגען. מענדעלססאהן האט עפענטליך ערקלערט, אז ער וויים ניט, ווארום דער געלעהרטער פוילישער איד האט איהם פערלאזען. מען רעכענט, אז ער איז אין כעם געווארען, ווייל מענדעלססאהן האט זיך ענטזאגט צוליעב מאנגעל אין געלט צו דרוקען זיין צו לאנגע הקדמה צום צווייטען בוך פון חומש.

יעדענפאלס האט דאן מענדעלססאהן געמוזט שרייבען אויף דעם „ביאור“, אבער ער איז געוועזן צו שוואך אלעס אליין צו טאן. ער האט קוים אנגעשריעבען דעם ביאור אויף שמות, בע־נוצענדיג זיך טהיילווייז מיט דובנא׳ס איבערגעבליבענע בעמערקונ־גען. אבער גליקליכערווייזע האט ער געפונען א מיטהעלפער אין אזא וויכטיגען, עדעלען און הויך־געבילדעטען מאן וויא נפתלי הארטוויג וועססעלי (וויזעל). ער איז געוועזן עלטער פאר מענדעלס־סאהנען, אבער האט נאך בעזעסען דעם מוטה און פייער פון א יונגען מאן. אין זיינע יונגע יאהרען איז ער געוועזן זעהר רייך. א געווויסע צייט איז ער געוועזן א באנקיר אין קאפענהאגען; אבער ער האט פערלארען זיין גאנצען פערמעגען דורך דעם באנקראט פון אייניגע קויפלייטע אין ער איז געווארען אזוי ארים, אז אין בער־לין, וואו ער האט זיך בעזעצט אין 1774, האט ער איינפאך גע־הונגערט מיט זיין פאמיליע. ער איז געוואהנט געוועזן צו שטיצען אנדערע און האט געליטען, פערבארגענדיג זיין ביטערע ארמוטה וויא וויט ער האט עס געקענט.

דיעזער וועססעלי איז בעוואוסט געוועזן ניט נאר אלס שפראך־

קענער און אויסגעצייכענטער העברעאישער שרייבער, זאָנדערן אויך אַלס אַן עכט אָרטהאָדאָקסישער און אויפריכטיג פרומער מאַן. מענדעלססאָהן האָט געהאָפּט, אַז ווען עס ווערט ערקלערט ווערן, דאָס וועססעלי שרייבט דעם „ביאור“, וועלען דיא געגנער אויפהערען זייערע אַטאַקעס; נאָר ער האָט אַ טעות געהאַט. וועססעלי האָט גראָדע אַרויפגעצויגען אויף זיך דעם צאָרן פון אַלע פערבלענדעטע אָרטהאָדאָקסען מיט זיין ערעלמוטהיגע שריפט: „ווערטער פון פריעדען און וואַהרהייט“ אין 1782 צו אַלע אידישע קהילות אין עסטרייך, אַז זיי זאָלען זיך ניט שרעקען פאַר דיא רעפאָרמען פון קייזער יאָזעף און זאָלען לאָזען ערציהען זייערע קינדער אין שולען אויף אַן אייראָפּעאישען שטייגער. ער אַליין איז געווען עכט אייראָ־פּעאיש געבילדעט און איז געבליבען אַ גאַנץ פרומער איד — וואָ־רום זאָל עס ניט זיין מיט אַנדערע אידען? ווארום זאָלען זיי דוקא ווערן אַפּיקורסים? נאָר דיא עסטרייכער אידען, בעזאָנדערס דיא גאַליציאַנער, צווישען וועלכע דער חסידיזמוס האָט זיך אַזוי טיעף איינגעוואָרצעלט, זיינען געווען אין פערצווייפלונג דורך דעם קייזער׳ס רעפאָרמען, בעזאָנדערס דורך זיין בעפעהל צו ערציהען זייערע קינדער אין פּאָלקסשולען. אין זייער פערבלענדעניס האָבען זיי געמיינט, אַז מען וויל זיי איינפאַך אויף דיעזען וועג פיהרען צום שמד. וועססעלי אָבער, אָבוואָהל ער איז געווען ניט וויינ־יגער פרום וויא דיעזע פערפינסטערטע אידען, איז געווען בעגייסטערט פאַר דעם קייזער׳ס רעפאָרמען און האָט היים געוואונשען, דאָס אידען זאָלען געניסען אַן אייראָפּעאישע בילדונג.

אין זיינע „ווערטער פון פריעדען און וואַהרהייט“ האָט ער גע־זוכט צו צייגען דיא נוצען פון בילדונג און האָט זאָגאַר ערקלערט, אַז מען מוז שטודירען וואָס מעהר וויסענשאַפטען, אום צו קענען ריכטיג פערשטיין דיא אידישע תורה. אָבער דאָס איז געווען וויא אַ קול אין דער מדבר. דיא עסטרייכער אידען האָבען איהם איינ־פאַך פערשאָלטען, ווייל ער האָט אונטערשטיצט דעם קייזער׳ס רעפאָרמען. אַפילו אין טאָלעראַנטען בערלין האָט דיעזער מוטהיגער אַלטער מאַן געליטען פאַר זיינע מיינונגען. מען וואָלט איהם זאָ־גאַר אויסגעוויזען פון דער בערלינער קהלה, ווען מענדעלססאָהן

און בעזאָנדערס דער פּרייסישער מיניסטער פאָן צעדליץ וואָלטען זיך פאַר איהם ניט אָנגענומען.

דערפאַר האָט ער געהאַט דעם טרויסט, דאָס זיין צורוף האָט געפונען אַ סימפּאַטישען אָפּקלאַנג ביי דיא איטאַליענישע אידען, וועלכע זיינען קיין מאָל ניט אַזוי גיעדריג געזונקען וויא דיא דייטשע און פּוילישע.

נאָר ער האָט אויך ניט געקענט ענדיגען דעם קאָמענטאַר, און מענדעלססאָהן האָט זיך געמוזט ווענדען צו דער הילפע פון א ה ר ן י אַ ר אָ ס ל אַ ו ו, וועלכער האָט אָנגעשריעבען דעם „ביאור“ צום פערטען בוך, און צו ה ע ר ץ ה אָ מ ב ע ר ג, וועלכער האָט אָנגעשריעבען דעם „ביאור“ צום פינפטען בוך. דיא מיטווירקונג פון הערץ האָמבערג האָט ניט ווייניג אויפגערייצט דיא אָרטהאָדאָקסען געגען דיא גאַנצע איבערזעצונג, ווייל מען האָט איהם געהאַלטען פאַר אַן אַפּיקורוס צוליעב זיין טהעטיגקייט אין דער דורכפיהרונג פון קייזער יאָזעף׳ס רעפאָרמען.

דאָס גאַנצע ווערק איז געענדיגט געוואָרען אין 1783, מיט דריי יאָהר פאַר מענדעלססאָהן׳ס טויט, און האָט מעכטיג געווירקט פיר דיא אויפקלערונג און בילדונג פון דער אידיישער יוגענד, וועלכע האָט געשלונגען יעדען וואָרט פון „ביאור“ טראָץ אַלע פערפאָלגונגען פון דיא פערביסענע אָרטהאָדאָקסען.

„פערבאָטענע פרוכטען זיינען זיס“, שרייבט גרעטץ וועגען דיא ווירקונג פון דער איבערזעצונג. ישיבה בחורים האָבען זשעדנע שטודירט דיא דייטשע איבערזעצונג הינטער דיא פּלייצעס פון זייערע תלמודישע לעהרערס, וועלכע האָבען עס בעטראַכט פאַר אַן אפּיקורסות, און האָבען אַזוי אין געהיים געלערנט צוגלייך דיא דייטשע שפּראַך און דיא פילאָזאָפיע פון רעליגיאָן, העברעאישע גראַמאַטיק און פּאָעזיע. אַ נייע וועלט האָט זיך געעפענט פאַר זיי. דער העברעאישער פּירוש האָט געדיענט אַלס וועגווייזער ריכטיג צו פערשטיין דיא איבערזעצונג. אַזוי וויא דורך אַ צויבער זיינען דיא לערנערס פון תלמוד, דיא ישיבה־בחורים, אומגעוואַנדעלט געוואָרען, און אויך דיא פליגלען פון פערנונפט האָבען זיי געשוועבט איבער דיא צרות אַרום און האָבען דערלאַנגט אַ פליה אין

דער הויך צו דיא הימלען. אן אונערזעטליכער וואונש נאך קענט־
ניס האט זיי אנגעכאפט. טויזענדער פון דיא גרויסע ישיבות אין
פראג, פראנקפורט, פירטה, האמבורג און אפילו פון פוילען זיי־
נען געווארען קליינע מענדעלססאהנס, פיעלע פון זיי טיעפע דענ־
קערס. דורך זיי איז דער יודאאיזמוס אפגעפרישט און אינגער גע־
ווארען. אלע דיא יעניגע, וועלכע האבען צו ענדע פון אכטצענטען
יאהרהונדערט אנטהייל גענומען אויף פערשיעדענע וועגען אין
עפענטליכען לעבען, זיינען ביז א געוויסע צייט פון זייער לעבען
געווען איינזייטיגע תלמודיסטען. זיי האבען נאר געדארפט האבען
דעם אויפמונטערנדען ביישפיעל פון מענדעלססאהן, אום צו ווערן
דיא פערשפרייטערס פון השכלה און קולטור צווישען זייערע ברי־
דער. אין א גאנץ קורצער צייט זיינען אויפגעקומען א סך אידישע
פערפאסער, וועלכע האבען געשריעבען אין א פיינע דייטשער אדער
העברעאישער שפראך איבער זאכען, פון וועלכע זיי האבען פרי־
הער גאר ניט געוואוסט. מענדעלססאהן׳ס איבערזעצונג האט שנעל
געפיהרט צו א וואהרע רענעסאנס (וויעדערגעבורט, אויפלעבונג)
פון אידען.“



## צוועלפטער קאפיטעל.

### „ירושלים“.

זיינע רעליגיעזע און פּאָליטישע מיינונגען האָט מענדעלססאָהן אויסגעדריקט אין דעם אויבען־דערמאָנטען בוך „ירושלים, אָדער איבער רעליגיעזע מאכט און יודענטהום“. דאָס איז א טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט, אָבער וואָס פאַר א הימעלווייטער אונ־טערשיעד פון ספינאָזאַ׳ס וועלט־בעריהמטען „טעאָלאָגיש־פּאָליטי־שען טראַקטאַט“! ניט צו קריטיקירען אפילו א בוכשטאַב פון דער ביבעל, ניט אויסצודריקען אירגענד וועלכען צווייפעל איז געוועזען מענדעלססאָהן׳ס צוועק, זאָנדערן צו ערקלערען דעם כאַ־ראַקטער פון דער אידיישער רעליגיאָן און צו בעשטימען דיא בע־ציהונגען פון שטאַאט צו רעליגיאָן אין אַלגעמיין.

עס איז שוין דאַמאָלס ניט געווען א נייעס צו פערלאַנגען דיא פרייהייט פון געוויסען, טאָלעראַנץ און אַן אָבטהיילונג פון שטאַאט און קירכע — פאָדערונגען וועלכע זיינען יעצט מעהר אָדער ווייניגער אויסגעפיהרט געוואָרען אין אַלע ציוויליזירטע לענדער. נאָר מענדעלססאָהן האָט אַזוי אָפען און קלאָר געשטעלט דיעזע פאָרדע־רונגען אין פערבינדונג מיט דער עמאַנציפּאַציאָן פון אידען, אַז דאָס האָט אָנגעמאַכט א רושם אין דער וועלט.

„שטאַאט און קירכע — בירגערליכע און גייסטליכע פער־פאַסונג — דיעזע שטיצען פון געזעלשאַפטליכען לעבען, האָט ער געשריעבען, דאַרף מען אַזוי שטעלען, אַז זיי זאָלען דיא וואָג האַל־טען און זאָלען ניט ווערן לאַסטען פון געזעלשאַפטליכען לעבען און ניט דריקען דעם גרונד שטאַרקער, וויא זיי קענען עס טראָגען“. אום אויסצוגעפינען דיעזען לאַנג געזוכטען גלייכגעוויכט צווישען שטאַאט און קירכע, האָט ער פּרובירט געבען זייערע פילאָזאָפישע גרינדען.

נאָך זיין מיינונג, האָבען ביידע דעם צוועק אָנצוהאַלטען דיא

מענשליכע גליקזעליגקייט אין דיעזער און יענער וועלט.ביידע
ווירקען אויף דעם לעבען, מיינונגען און האנדלונגען פון מענשען,
נאר דער שטאאט האט צו טאן מיט דיא פערהעלטניסע צווישען
מענש און מענש, און דיא רעליגיאן מיט דיא פערהעלטניסע צווי־
שען מענש און גאט. נאכהער פיהרט ער אויס, דאס וועהרענד
דער שטאאט קען זיך ניט בעגיין אהן צוואנגס־מיטעל, דארף דיא
רעליגיאן דאס ניט טאן.

„ווען מענשען בעזיצען ניט דעם אינערן ווערטה פון גערעכ־
טיגקייט, ערקלערט ער, דאן ווערט דיא אונגערעכטיגקייט בע־
שרענקט, דער בעטרוג בעשטראפט; אבער נאך אלעם בעגנוגענט
זיך דער שטאאט מיט טויטע האנדלונגען, מיט ווערק אהן גייסט,
מיט איבעראיינשטימונג אין טהאן אהן איבעראיינשטימונג אין גע־
דאנקען . . . דיא רעליגיאן, דאגעגען, וויים ניט פון קיין צוואנג,
זיא ווירקט נאר אויף גייסט און הערץ. זיא טרייבט ניט מיט אן
אייזערנעם שטעקען, זיא לייטעט מיט ליעבע. . . איהרע וואפען
זיינען גרינדע, איהר מאכט — דיא געטליכע קראפט פון וואהר־
הייט . . .“ ער קומט דארום צום שלוס, אז דער שטאאט דארף
בלייבען אבגעזונדערט פון דער קירכע, אז דער שטאאט האט יעדענ־
פאלס קיין רעכט ניט אוועקצונעהמען ביי אירגענד וועלכען מענש
זיינע בירגערליכע רעכטע צוליעב זיינע רעליגיעזע איבערצייגונגען.

ריידענדיג ווייטער וועגען דיא מאכט פון דער קירכע אדער
איבערהויפט פון דער פארמעלער רעליגיאן פאדערט ער פאל־
שטענדיגע טאלעראנץ. ער טרעט ארויס אלס אנהענגער פון דער
נאטירליכער רעליגיאן, אלס ראציאנאליסט. „דיא וואהרע געט־
ליכע רעליגיאן, זאגט ער, פאדערט ניט געוואלט איבער מיינונגען
און אורטהיילע, גיבט ניט און פערלאנגט ניט קיינע ערדיישע גי־
טער, קיין רעכט אויף גענוס, בעזיץ און אייגענטהום; זיא קען
ניט קיין אנדערע מאכט אויסער דיא מאכט צו געווינען דורך גרינדע,
צו איבערצייגען און דורך איבערצייגונגען גליקליך צו מאכען.
דיא וואהרע געטליכע רעליגיאן דארף ניט קיין יד החזקה, זיא איז
לויטער גייסט און הערץ.“

מיט היץ און מוטה פראטעסטירט ער געגען רעליגיעזע בער־

פאָלגונגען, געגען אויסשליסונגען און חרם'ס. צו דיא אידען ווענדעט ער זיך מיט פאָלגענדע ריהרענדע ווערטער: „אַך, מיינע ברידער! איהר האָט צו שמערצליך געפיהלט דעם דריקענדען יאָך פון אינטאָלעראַנץ, און פיליכט האָט איהר גערעכענט צו געפינען אַ געוויסע בעפרידיגונג אין געברויכען אייער מאַכט אַרויפצודריקען אַ שווערען יאָך אויף אייערע ברידער. דיא ראַכע זוכט איהר געגענשטאַנד, און ווען זיא קען ניט אַנדערע איינבייסען, זאָ צופט זיא איהר אייגענע פלייש. פיליכט האָט איהר זיך אויך געלאָזען פערפיהרען פון דעם אַלגעמיינען ביישפיעל. אַלע פעלקער אויף דער ערד זיינען ביז יעצט געוועזען פערנאַרט און פערפיהרט פון דעם אונזין, אַז רעליגיאָן קען מען נאָר אויפהאַלטען דורך אַן אייזערנע מאַכט, אַז דיא לעהרען פון זעליגקייט קען מען נאָר פערשפרייטען דורך אונזעליגע פערפאָלגונגען, אַז וואַהרע בעגריפע פון גאָט, וועלכער איז, נאָך אונזער געשטענדניס, דיא ליעבע, קען מען נאָר איבערגעבען דורך דיא ווירקונג פון האַס. איהר האָט זיך פיעלייכט געלאָזען פערפיהרען דאס זעלבע צו גלויבען, און דיא מאַכט צו פערפאָלגען איז ביי אייך געוועזען דאס וויכטיגע פאָררעכט, וואס אייערע פערפאָלגער האָבען אייך איבערגעלאָזען. דאַנקט דעם גאָט פון אייערע אבות, דאַנקט דעם גאָט, וועלכער איז דיא ליעבע און באַרמהערציגקייט, וואס דיעזער אונזין שיינט אַלץ קלענער צו ווערן. דיא נאַציאָנען דולדען און פערטראָגען זיך און לאָזען אויך אַרויסצייגען ליעבע און שוינונג צו אייך.... אַה, מיינע ברידער, פאָלגט יעצט דעם ביישפיעל פון ליעבע אַזוי וויא איהר האָט ביז יעצט געפאָלגט דעם ביישפיעל פון האַס! אָטהעמט איין דיא טוגענד פון נאַציאָנען, וואס זייער אונטוגענד האָט איהר ביז יעצט נאָכגעאַהמט. ווילט איהר געדולדעט ווערן פון אַנדערע, זאָ דולדעט אייך צווישען זיך! ליעבט, וועט איהר געליעבט ווערן!“

ערהאַבענע ווערטער, וועלכע האָבען לײדער גאַנץ ווייניג ווירקונג געהאַט אויף דיא אידען שוין איינפאַך צוליעב דעם, ווייל זיי האָבען דעם בוך ניט געלעזען און אפילו ניט געקענט פערשטיין. דיא צייטען פון אַבסאָלוטע טאָלעראַנץ, פון וועלכער מענדעלסזאָהן

האָט געטרוימט, זיינען נאָך ביז יעצט ניט גקומען. עס וועלען נאָך פערגעהן יאָהרען און יאָהרען ביז מענשען וועלען אין רעליגיעזע זאַכען זיין טאָלעראַנט ניט מיט'ן מויל, זאָנדערן מיט'ן גאַנצען הארצען.

נאָר אין זיין אָבהאַנדלונג איבער דיא אידישע רעליגיאָן איז ער געקומען צו שליסע, וועלכע מען האָט גאָר ניט געקענט ערוואַרטען פון איהם אַלס אַנהענגער פון דער נאַטירליכער רעליגיאָן. גראַדע וויא לעססינג און פיעלע אַנדערע פון זיין צייט האָט ער געגלויבט אין דער זאָגענאַנטער „פערנונפט־רעליגיאָן“, וועלכע זאָל זיין איינגעבאָרען ביי אַלע מענשען און וועלכע דאַרף דיענען אַלעמען, קריסטען, מאָהאַמעדאַנער, אידען און זאָגאַר געצענדיענערס, אַלס וועגווייזערין אין לעבען. דיא אַנהענגער פון דער נאַטירליכער רעליגיאָן אָדער, וויא מען האָט זיי אויך גערופען, ראַציאָנאַליסטען האָבען בעהויפּטעט, אַז דער גלויבען אין אַ גאָט און אין אַ צוקינפטיגע וועלט איז ניט בלויז דער גרונד פון רעליגיאָן און איין איינגעבאָרענער געפיהל ביי מענשען, זאָנדערן אויך אַ נויטהווענדיגקייט פיר דעם מענשליכען לעבען אויף דעם גרונד פון פערנונפט.

דאס האָט נאַטירליך גאָר ניט געשטימט מיט דער אידיש־קריסטליכער לעהרע וועגען אַ ספּעציעלע געטליכע ענטפּלעקונג, וועגען דיא הייליגקייט פון דער ביבעל. ווען רעליגיאָן זאָל זיין בעגרינדעט אויף פערנונפט, ווען, וויא מענדעלסזאָהן ערקלעהרט, אַז „ער קען ניט קיין אַנדערע וואהרהייט, וועלכע איז ניט בעגרייפליך פאַר די מענשליכע פערנונפט, און אין בעצוג אויף לעהרע און מיינונג קען ער קיין אַנדערע איבערציינגונג וויא נאָר דורך פערנונפט־גרינדע“—טאָ וויא שטימט עס מיט אירגענד וועלכע פאָרמעלע רעליגיאָן, מיט דיא הייליגע ביכער, מיט דער געטליכער אָפּענבאַרונג דורך נביאים און איבערהויפּט מיט דעם יודענטהום?

דיא אידען, וויא געזאָגט, האָבען זיין „ירושלים“ דאַן ניט געלעזען, זאָ דאס דיא אידישע רבנים האָבען איהם צוליעב דעם צו רוהע געלאָזען, נאָר דערפאַר האָבען דיא קריסטליכע טעאָלאָגען איהם זעהר העפטיג אָנגעגריפען. זיי האָבען געפונען, אַז ער טרעט איינפאַך אַרויס געגען דיא ביבעל זעלבסט, געגען דיא ענטפּלעקטע

רעליגיאָן, וויא זיא איז בעגרינדעט אויף דיא הייליגע ביכער, און מען מוז צוגעבען, אַז אין דיעזען פאַל האָבען זיי רעכט געהאַט, דען דיא נאַטירליכע רעליגיאָן איז איינפאַך אַן איינבילדונג, דען גלויבען שטימט ניט מיט פערנונפט און יעדענפאַלס קען רעליגיאָן ניט בעגרינדעט ווערן אויף פילאָזאָפיע, נאָר אויף אמונה.

וויא אַזוי אָבער, פרעגט זיך, האָט מענדעלסזאָהן דער ראַציאָנאַליסט געקענט שטימען מיט מענדעלסזאָהן דעם אידישען אָרטהאָדאָקס? וויא אַזוי האָט ער איבערהויפט געקענט בלייבען צוגלייך אויף דעם באָדען פון דער נאַטירליכער און פון דער אידישער רעליגיאָן אָהן אַ ווידערשפּרוך מיט זיך זעלבסט? ער האָט זיך ארויסגעדרעהט פון דיזען ווידערשפּרוך מיט אַ געקינצעלטער חקירה, מיט דער אונבעגרינדעטער בעהויפּטונג, אַז „אין יודענטהום גיבט עס קיין קאַמפּף צווישען רעליגיאָן און פערנונפט“. ער איז אַזוי וויט פערקראָכען אין זיין ברייטען פילאָזאָפישען בליק אויף דער אידישער רעליגיאָן, אַז ער האָט גאָר געלייקענט, דאס זיא איז אַ געאָפענבאַרטע (ענטפּלעקטע) רעליגיאָן. ווען משה האָט נאָך דיא נסים אויף דעם באַרג סיני געגעבען דיא אידען דיא געזעצע, וועלכע זיינען פערצייכענט אין דער ביבעל, האָבען זיי, דיא אידען, שוין אייגענטליך, נאָך זיין מיינונג, געהאַט דיא נאַטירליכע רעליגיאן !...

„דאס יודענטהום וויים פון קיין געאָפענבאַרטע רעליגיאָן אין דעם זינען, וויא דיא קריסטען פערשטעהען עס, בעהויפּטעט ער; דאס יודענטהום האָט קיינע לעהרמייניונגען, קיינע רעטונגס־וואַהרהייטען, קיינע אַלגעמיינע פערנונפט־זעצע. דאס האָט דער אייביגער געאָפענבאַרט דיא אידען וויא אַלע איבעריגע מענשען דורך נאַטור און זאַכע, אָבער נימאַלס דורך וואָרט און שריפט.... דיא שטימע, וועלכע האָט זיך געלאָזט הערען אין יענעם גרויכען טאָג אויף דעם באַרג סיני, האָט ניט אויסגערופען: „איך בין דער אייביגער, דיין גאָט! דאס נויטווענדיגע, זעלבסטפערשטענדיגע וועזען, וואס איז אַלמעכטיג און אַלוויסענד, וואס בעלוינט דיא מענשען אין אַ צוקינפטיגען לעבען נאָך זייערע מעשים“. דאס איז אַלגעמיינע מענשענרעליגיאָן, ניט יודענטהום, און אַלגעמיינע מענשענרעליגיאָן, אָהן וועלכע מענשען קענען ניט זיין טו־

גענדהאַפּט און גליקזעליג, האָט דאָרט ניט בעדאַרפט געאָ־
פּענבאַרט ווערן“.

אום צו פערשטיין, וויא מענדעלססאָהן איז געקומען צו אַזעלכע
בעהויפּטונגען, וועלכע זיינען פאָלשטענדיג אין ווידערשפּרוך מיט
דער געשיכטע פון רעליגיאָנען און איבערהויפּט מיט דער קולטור־
געשיכטע און מיט דער עוואָלוציאָנס (ענטוויקלונגס)־לעהרע — דיא
אמת׳ע פילאָזאָפיע פון אונזער מאַטעריאַליסטישער צייט — אום
דאס צו פערשטיין, דאַרף מען וויסען, אַז ער איז געווען אַן אַנהענגער
פון לייבניץ׳ס מעטאַפיזישער פילאָזאָפיע מיט איהרע מאָנאַדען, איי־
ביגע וואַהרהייטען און „פּראויסבעשטימטע האַרמאָניע“. דיא בע־
גריפע פון אַ גאָט, פון זיין הערשאַפט איבער דיעזע און יענע
וועלט זיינען גערעכענט געווען אַלס פונדאַמענטאַלע אייביגע וואַהר־
הייטען. מען האָט עס געהאַלטען פאַר דיא גייסטיגע נאַטור פון
מענשען, פאַר איינגעבאָרענע געפיהלען און געדאַנקען. אַרום דעם
האָט זיך געדרעהט דיא גאַנצע לעהרע פון לייבניץ׳ס האַרמאָניע,
אָן וועלכער מענדעלססאָהן האָט זיך פעסט געהאַלטען ביז זיין טויט.

אַלס אייביגע וואַהרהייטען האָבען זיי נאַטירליך ניט געקענט
זיין עטוואס אַנדערס גראַדע פיר אידען, דאַרום איז מענדעלססאָהנען
קיין אַנדער ברירה ניט געבליבען, וויא צו ערקלערן, אַז דיא אידישע
רעליגיאָן איז קיין אָפּענבאַרונג, וויא ווייט זיא דריקט אויס דאס,
וואס ער האָט פערשטאַנען אונטער נאַטירליכע רעליגיאָן. נאָר
אויב ער וואָלט דערביי געבליבען, וואָלט עס דאָך געהייסען, אַז
ער ענטזאַגט זיך פון דער אידישער רעליגיאָן און אַז זיא איז אי־
בערהויפּט אַן איינגערעטע זאַך. ער איז אָבער דאָך געווען אַן
אָרטהאָדאָקסישער איד און האָט יעדענפאַלס אָבגעהיט אַלע פאָר־
שריפטען פון דער אידישער רעליגיאָן, וויא זיא ווערט פּראַקטיצירט
אין דער ווירקליכקייט אָהן שום פילאָזאָפיע, איינפאַך אַלס אמונה
אין פערבינדונג מיט טראַדיציאָנען (קבלה, מסורה). וויא האָט ער
עס געקענט זיין? איינפאַך דורך אַ בעהויפּטונג, אַז גאָט האָט
ענטפּלעקט ספּעציעלע געזעצע דורך משה׳ן פאַר זיין ערוועהלטעס
פאָלק, אַז יודענטהום איז גאָר אַן „ענטפּלעקטע געזעצגעבונג“ !....

וואָס דיא מענשען ברויכען אַלס מענשען, האָט ער געזאָגט, האָט

גאָט אַלעמען געגעבען, אָבער וואס זיי געברויכען אַלס  געווויסע מענשען, האָט ער נור געוויסע מענשען געגעבען". דיא אידען האָט גאָט אויסגעקליבען אַלס „געוויסע מענשען" און זיי געגעבען אַ גאַנצען פעקעל מיט ספּעציעלע געזעצע. ווארום? דאס ערקלעהרט אונז ניט מענדעלססאָהן דער ראַציאָנאַליסט, דאָ בלייבט ער אַ בלינדער גלויבענדער. אַזוי איז עס, אַזוי האָט גאָט געוואָלט, און פרעג קיין קשיות ניט און גלויב.

און מענדעלססאָהן האָט טאַקע דארום געהאַלטען, אַז דאס יודענטהום בעשטעהט נאָר אין אַ שטרענגער אבהיטונג פון אַלע געבאָטען, וויא ווייט זיי זאָלען ניט שטימען מיט דער פערנונפט. פון דער אידישער רעליגיאָן אַלס, זאָ צו זאָגען, אַ סיסטעם פון גלויבען, האָט ער געמאַכט אַ סיסטעם פון גאָטעס־דיענסט, פון געבאָטען און צערעמאָניעס. „קיינע ספּעציעלע דאָגמען, אפילו ניט „אני מאמין'ס" האָט דיא אידישע רעליגיאָן, זאָנדערן נאָר געזעצע, געברויכע, לעבענסרעגעלן און האַנדלונגען"...

טרוקענע פאָרשריפטען, וויא תלמודיסטען און רבנים האָבען זיי בעשטימט, דער שולחן ערוך—דאָס איז אַלזאָ, נאָך מענדעלסאָהנען, דיא קווינטעסענץ פון דער גאַנצער אידישער רעליגיאָן, וועלכע ווערט געערעבענט אַלס דיא ערשטע מאָנאָטעאיסטישע און אַלס דיא מוטער פון קריסטענטהום און מאָהאַמעדאַניזמוס! וואס פאר אַן ערניעדריגונג פיר דיזע רעליגיאָן! וואס פאַר אַ מייזעלע פון דעם גאַנצען בארג סיני! און ווער האָט עס געטאָהן? אַ דענקער, וואס האָט געוואָלט פערהערליכען און שטעלען דעם יודענטהום אויף אַ פילאָזאָפישען באָדען!

דאס צייגט נאָך אַמאָל, אַז מען מוז קומען צו פאַלשע און איינזייטיגע שליסע, ווען מען וויל פערבינדען גלויבען מיט פערנונפט, רעליגיאָן מיט פילאָזאָפיע.

אייגענטליך, נעהמענדיג נאָר אין אַנבעטראַכט דיא פּראַקטישע זייט פון יעדער רעליגיאָן, איז עס גאַנץ גלייך, אויב גאָט האָט ענטפּלעקט צוזאַמען מיט געבאָטען אַזעלכע „אייביגע וואַהרהייטען" פון דער „נאַטירליכער רעליגיאָן", וויא דיא „אונשטערבליכקייט פון דער זעעלע", אָדער ניט. דיא הויפּט זאַך איז דאָך צו  פאָלגען

ד י ע ז ע  ג ע ב אָ ט ע ן , אַנדערס איז מען דאָך גאָר ניט אַ רעלי־
גיעזער מענש. אַ גלויבען אין אַ גאָט און אין דיא זאָגענאַנטע „איי־
ביגע וואַהרהייטען“ דריקט ניט אויס אַנגעהעריגקייט צו אַ  ב ע ־
ש ט י מ ט ע ר  רעליגיאָן. מען איז דאַן אַ דעאיסט, אָבער ניט
א מאָזאַאיסט, אַ קריסט, מאָהאַמעדאַנער, בודדיסט א. ז. וו. וואס,
צום ביישפּיעל, אידען זאָלען ניט גלויבען וועגען דעם, ווען און וויא
אזוי גאָט האָט איינגעאָטהעמט אין דעם מענשען אַן אונשטערב־
ליכע נשמה, נאָר וויא באַלד דיזער גלויבען איז פערבונדען מיט
דער לעהרע וועגען צוקונפטיגע בעלוינונגען אָדער שטראָפען פאַר
געוויסע מצוות און עבירות, איז דאָך דאָס דער עיקר פון יעדער
רעליגיאָן אין דער ווירקליכקייט, וואָס פאַר אַ פילאָזאָפישע
בעגרינדונגען מיר זאָלען ניט געבען דיא צערעמאָניעס פון גאָטעס־
דיענסט אָדער, וויא מענדעלסאָהן האָט עס גערופען, „צערעמאָניאל־
געזעץ“.

קורץ, דער אונטערשיעד צווישען „געאָפענבאַרטע רעליגיאָן“
און „געאָפענבאַרטע געזעצגעבונג“ איז נאָר אַ האָאר־שפּאַלטענדע
חקירה, אַ שפּינגעוועבס פון מעטאַפיזיק, און האָט יעדענפאַלס קיין
שום פּראַקטישע בעדייטונג. נאָר מענדעלססאָהן האָט אַנדערס
ניט געקענט צוזאַמענפּאָארען לייבניץ׳ס פילאָזאָפיע מיט דעם שולחן
ערוך, דיא נאַטירליכע רעליגיאָן מיט, צום ביישפיעל, כפּרות שלאָ־
גען. דיא אידען זיינען אַזוי געוואָרן ביי איהם אתה בהרתנוניקעס
וויא ביי זיינע ביטערסטע געגנער, דיא בלינדעסטע פאַנאַטיקער.
ער האָט ערקלערט, אַז דיא אידען מוזען אָבהיטען אַלע געבאָטען
נאָך דיא הייליגע שריפטען. אַלע פעלקער קענען זיך האַלטען אָן
דיא נאַטירליכע געזעצע און זיין גליקזעליג, אָבער ניט דיא אידען.
זיי קענען נאָר גליקזעליג ווערן, ווען זיי האַלטען זיך אָן דיא „געאָ־
פענבאַרטע געזעצגעבונג“....

„דאס אידיישע פאָלק, שרייבט ער, מוז פערטראָגען מיט גע־
דולד און ערגעבענהייט אַלע שמאַך, אונטערדריקונג, פעריטפּאָטונג
און פערפאָלגונג, וואס עס טרעפט איהם אויף׳ן וועג, און דאַרף
אפילו איין שריט ניט אָבווייכען פון דיא געבאָטען.... אַלע אַנדערע
פעלקער קענען ענדערן זייערע געזעצע נאָך דער צייט, אומשטענדען,

בעדירפניסען און בעקוועמליכקייטען; מיר אָבער האָט דער שעפּפער זעלבסט פאָרגעשריבען; קען איך דען, שוואכעס געשעפּף, האָבען דיא הוצפּה צו ענדערן דיזע געטליכע געזעצע נאָך מיין שכל?.... מיר ווייסען אָבער, שרייבט ער ווייטער, צומאָל ניט דעם נוצען פון אַ טהייל פון דיעזע געבאָטען? גאַנץ ריכטיג. וואו האָט אָבער דער געזעצגעבער ערקלערט, אַז זיי זאָלען ניט בלייבען גילטיג לענגער וויא ביז זייער נוצען וועט אונז זיין בעקאַנט? און אָהן דיזע ערקלערונג, וועלכער שטערבליכער וועט עס וואַגען צו בעגרענעצען זייער גילטיגקייט? מענשליכע געזעצע קענען גע־ענדערט ווערן נאָך דער צייט און אומשטנדען, אָבער דיא געטליכע געזעצע בלייבען אונפערענדערט ביז עס איז דאָ א פאָלע איבערצייגונג, אַז גאָט האָט בעקאַנט געמאַכט זייער ענדערונג.... איך זעה ניט, וויא דיא וואס זיינען געבאָרן געוואָרן אין יעקב'ס הויז, קענען אָפּטרעטען פון געבאָט אויף אירגענד וועלכע געוויסענהאַפטע אַרט"... דארום שליסט ער, ווענדענדיג זיך צו דיא אידען: „פיהרט אייך נאָך דיא זיטען און פערפאַסונג פון דעם לאַנד, וואו איהר געפינט זיך; אָבער בלייבט שטענדיג פעסט ביי דער רעליגיאָן פון אייער׳ע עלטערן. טראָגטביידע לאַסטען אַזוי גוט, וויא איהר קענט.... שוואַך און קורצזיכטיג איז דעם מענשען'ס אויג! ווער קען זאָגען: איך בין געקומען אין גאָט'ס הייליגטהום, האָב אַריינגעבליקט אין דער סיסטעם פון זיינע אַבזיכטען און ווייס צו בעשטימען זייער מאָס, ציעל און גרענעץ? איך קען פערמוטהען, אָבער ניט ענטשיידען, ניט האַנדלען נאָך מיין פערמוטהונג"....

וויא פרעמד, זאָנדערבאַר און זאָגאַר ווילד דאס קלינגט פון מענדעלסזאָהן'ס מויל! דער פאטער פון השכלה רעדט וויא אַ מגיד, דער פילאָזאָף טענה'ט וויא אַ חסיד, דער קריטיקער ווערט פלוצלונג בלינד אין זיין אמונה וויא אַן אָרטהאָדאָקסישער רב. אַלע פעלקער מעגען זיך ענדערן נאָך דער צייט און אומשטענדען, דאס הייסט פּראָגרעסירען, נאָר דיא אידען טאָרען עס ניט און מוזען טראָגען דיא לאַסט פון אַ תרי"ג מצות, אַבוואָהל זיי פערשטעהען ניט דעם נוצען דערפון, דען גאָט האָט זיי אויסגעקליבען און זיי

געגעבען אַ „געאָפּענבאַרטע געזעצגעבונג“ — וויא אַזוי האָט זיך עס גאָר געקענט לייגען אויף מענדעלססאָהן’ס שכל? ווירקליך אַ וואונדער.

עס איז אָבער גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס פיעלע פון זיינע אנהענגער און אפילו זיינע אייגענע קינדער האָבען פון זיך אַזוי שנעל אַראָפּגעוואָרפען דיעזע לאַסט און האָבען זיך געטויפט, דען זיין ערקלערונג וועגען יודענטהום האָט גאָר ניט געגעבען דיא הערצער, האָט אפילו ניט אַפּעלירט צום געפיהל, נאָר האָט אונטערוואָרפען אַלעס צו אַ בלינדער געהאָרכזאַמקייט, צו אַן אָרטהאָדאָקסיע, קען מען זאָגען, אָהן אַ גלויבען.

אַוועק רויבען ביי דעם אידען דעם מאָנאָטעאיזמוס, דעם עיקר פון זיין אמונה, אַלעס וואָס אַלע לעהרעס פון דער אידישער רעליגיאָן האָבען מיט איהר פערבונדען, אויסער דיא צערעמאָניעלע זייט, און נאָר איהם איבערגעלאָזען אַלס זיין ספּעציעלע פּפליכט צו ליידען אונטער דער לאַסט פון צערעמאָניעס, פון אַ טרוקענעם און פאָרמיעלען גאָטעסדיענסט, — דאָס הייסט, איינפאַך איהם אָפּשרעקען, אָפּטרייסלען פון יודענטהום, איהם טרייבען אין שמד אַריין. צו וואָס זיך מאַטערן און זיין פערשטויסען און פערהאַסט פון אַלעמען צוליעב אַ רעליגיאָן, וועלכע דריקט זיך נאָר אויס אין פאָרמאַליטעטען, אין אַ ספּעציעלען גאָטעסדיענסט, ווען מען קען לעבען גליקזעליג נאָך דער „נאַטירליכער רעליגיאָן“, ווען מען קען פון דיעזען אתה בחרתנו’ניזמוס, וועלכער איז אין דער פּראַקטיקע נאָר אַ מאַרטירעריי, פּטור ווערן דורך אַזאַ קליינינגקייט, וויא אַ ביסעלע טויף־וואַסער? און באַלד נאָך מענדעלססאָהן’ס טויט האָט זיך טאַקע צוגאָסען אַ טייך מיט טויף־וואַסער אין בערלין....

וויא אַזוי מענדעלססאָהן האָט, נאָך אַזאַ אויפפאַסונג פון יודענטהום אַלס שטרענגע אבהיטונג פון אַלע געבאָטען, געקענט פערלאַנגען פאָלשטענדיגע טאָלעראַנץ און אָבשאַפונג פון יעדער אַרט חרם צווישען אידען, איז אויך אונפערשטענדליך; אָבער ער האָט עס פערלאַנגט און אין דעם, אַזוי וויא אין זיין פאָדערונג אָבצושטהיילען קירכע פון שטאַאַט, בעשטעהט דער הויפּט־ווערטה פון זיין „ירושלים“. וואַהרשיינליך צוליעב דעם האָט עס אַזאַ פריי־

הייטס־קעמפּפער וויא מיראַבאָ ערקלערט, אַז „מענדעלססאָהן׳ס „ירושלים“ פערדיענט איבערזעצט צו ווערן אין אַלע אייראָפּעאי־שע שפּראַכען ;“ וואַהרשיינליך צוליעב דעם האָט עס אַזאַ טיע־פער פילאָזאָף וויא קאַנט, וועלכער האָט מיט זיין „קריטיק פון ריינעם פערנונפט“ געמאַכט אַ תל פון לייבניץ׳ס פילאָזאָפיע, אַזוי שטאַרק געלויבט „ירושלים“, זאָגאַר געפונען פאַר אַן „אונווידער־לעגבארעם בוך !“



## דרייצעהנטער קאַפּיטעל.

## „דיא מאָרגענשטונדען".

ניט איין מאָל איז דאָ אויסגעקומען צו בעמערקען, אַז מענ־דעלסזאָהן איז געוועזן אַ פעסטער אַנהענגער פון דער לייבניץ־וואָל־פישער פילאָזאָפיע; אָבער אין קיין אַנדערע פון זיינע ווערק האָט ער עס ניט אַרויסגעוויזען אַזוי קלאָר און דייטליך ווייא אין זיינע „מאָרגענשטונדען". דאָס איז איבערהויפּט געוועזן זיין לעצטע ווערק, מען קען זאָגען זיין מאָראַל־פילאָזאָפישע צוואה. עס איז איהם שוין געוועזן זעהר שווער צו שרייבען, ווייל דיא אויגען זיינע האָבען זיך אַלץ מעהר ענטזאַגט צו דיענען.

דער נאָמען „מאָרגענשטונדען" קומט פון דעם, וואָס מענ־דעלסזאָהן האָט נאָר געקענט שרייבען אין דער פריה. אָנגעפאַנגען האָט ער זיינע „מאָרגענגעדאַנקען איבער גאָט און שעפפונג" מיט יאָהרען צוריק, נאָר צום דרוקען האָט ער זיי פערטיג געמאַכט אין 1785. זיין צוועק איז צוערשט געוועזן צו פערפאַסען פאַר זיינע קינדער אַ קיצור־רבות פון דער פילאָזאָפישער שולע, צו וועלכער ער האָט געהערט, גראַדע ווייא ער האָט זיך גענומען צו דער איבער־זעצונג פון דער ביבעל צוליעב דיא אויסבילדונג פון זיינע קינדער. ער האָט זעהר געזאָרגט וועגען דיא ערציהונג פון זיינע פעהיגע און ליעבליכע קינדער און האָט קיינע אָפּפער געשפּאַרט צו אונטער־ריכטען זיי אין אַלעס, וואָס ער האָט געהאַלטען פיר ניצליך. ער האָט בעזאָנדערס געשטרעבט, אַז זיין עלטערער זוהן יוסף זאָל זיך קענען אָבגעבען אין גאַנצען צו וויסענשאַפטען אין פילאָזאָפיע, און ער האָט זעהר בעדויערט, ווען דיא אומשטענדען האָבען גע־צוואונגען זיין זוהן צו ווערן אַ געשעפטסמאַן.

נאָר נאָך לעססינג'ס טויט, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, צו זיין טיעפסטען בעדויערן, אַז זיין אינטימסטער פריינד איז צו־לעצט געוואָרן אַ ספּינאָזיסט, האָט ער בעזאָנדערס אין אויג גע־האַט טיעפער צו בעגרינדען זיין פילאָזאָפיע געגען ספּי־נאָזאַ'ס. אין לעססינג'ס ביאָגראַפיע איז שוין איבער־געגעבען געוועזן, וויא דיעזער פרייער גייסט האָט אין אַ געשפּרעך מיט יאַקאָבי זיך ערקלערט פאַר ספּינאָזאַ'ס פילאָזאָפיע,

וויא יאַקאָבי האָט עס בעקאַנט געמאַכט, וויא דאָס האָט געפיהרט צו אַ דיספוט צווישען יאַקאָבי און מענדעלסזאָהן און וויא דורך דעם איז ספינאָזא׳ס פילאָזאָפיע מעהר בעקאַנט און ערקלערט געוואָרען פאַר דעם לעזענדען עולם. דאָ ווע־לען מיר זיך ניט אָפּשטעלען אויף דעם. מיר ווע־לען נאָר בעמערקען, אַז דיא גאַנצע אַנגעלעגענהייט האָט אַזוי שלעכט געווירקט אויף מענדעלסזאָהן׳ס געזונדהייט און געמיטה און האָט איהם אַזוי געערגערט, דאָס מען רעכענט, אַז זיינע יאָהרען זיינען דורך דעם פערקירצט געוואָרען.

עס איז יעדענפאַלס זיכער, דאָס ער האָט ניט געקענט אַריבערטראָגען דעם פאַקט, וואָס זיין בעסטער יוגענדפריינד האָט איהם ניט אַנפערטרויט זיין בעקעהרונג צו ספינאָזאַ׳ס פילאָזאָפיע. וויא לעססינג איז געשטאָרבען, האָט זייער גוטע פריינדין עליזע רייםאַרוס, דיא בראַווע און זעהר געבילדעטע טאָכטער פון דעם בעריהמטען האַמבורגער פראָפעסאָר, וואָס זיין קריטישע ווערק איבער קריסטענטהום האָט לעססינג פערעפענטליכט אונטער דעם נאָמען „פראַגמענטען“ — זיך געווענדעט צו מענדעלסזאָהנען ער זאָל אָנשרייבען עפּעס איבער זיין פריינד׳ס כאַראַקטער. מענדעלסזאָהן האָט זיך אַליין געקליבען עס צו טאָן, און ווירקליך קיינער האָט בעסער פאַר איהם ניט געקענט בעשרייבען לעססינג׳ן, דען מיט קיינעם איז לעססינג געווען אַזוי ענג און אינטים פערבונדען זייט זייערע יוגענד־יאָהרען.

אָבער ווען מענדעלסזאָהן האָט ערפאַהרען פון דיעזער פריינדין, דאָס ניט נאָר האָט זיך לעססינג בעקעהרט צום ספינאָזיזמוס, זאָנדערן ער האָט עס אָפען ניט געוואָלט ארויסזאָגען פאַר איהם, זיין יוגענד־פריינד, איז ער איינפאַך צוטומעלט געוואָרען. אָנפאַנגס האָט ער עס ניט געוואָלט גלויבען, און ווען ער האָט זיך שליסליך איבערצייגט, אַז יאַקאָבי׳ס בעהויפּטונג איז אַ ריכטיגע, האָט ער ניט געוואוסט וויא צו שרייבען זיין הספד איבער לעססינג׳ן. ער האָט געוועלט דערגיין פון יאַקאָבי׳ן געוויסע איינצעלהייטען וועגען דיעזע אנגעלעגענהייט, און דאָס האָט איהם פערפיהרט געגען זיין ווילען אין אַ פּאָלעמיקע מיט יאַקאָבי׳ן וועגען ספינאָזאַ׳ס פילאָזאָפיע.

עס איז שווער צו פערשטיין, ווארום לעססינג האָט ניט גע־וועלט זיין אויפריכטיג מיט זיין יוגענד־פריינד אין דיעזען פאל. פיעלייכט האָט ער איהם ניט געוועלט אָפּעסען דיא האַרץ דערמיט, דען ער האָט געוואוסט, וויא שטאַרק מענדעלססאָהן איז געגען ספּינאָזאַ'ס פילאָזאָפיע. מענדעלססאָהן איז יעדענפאלס געוועזען זעהר עמפּפינדליך צו פילאָזאָפּישע מיינונגען. ער איז געוועזען צו־געבונדען צו זיין פילאָזאָפיע אַזוי וויא צו אַ געליעבטע. ער האָט געזעהען, דאָס אַן אַנדערע איז איהם שוין שווער געוועזען צו פערשטיין. „איך וויים, האָט ער זיך מודה געוועזען, אַז מיין פילאָזאָ־פיע איז ניט מעהר דיא פילאָזאָפיע פון דיעזער צייט. זיא שמעקט נאָך צו פיעל מיט יענער שולע, אין וועלכער איך האָב זיך אויס־געבילדעט."

אין דיא „מאָרגענשטונדען" האָט ער טיעפער ענטוויקעלט דיא געדאַנקען וועגען זעלבסטערקענטניס( הכרת עצמו), וועגען גאָטט און דיא נאַטור, וועלכע ער האָט אויסגעדריקט אין זיינע פריהערע פילאָזאָפישע שריפטען. אָריגינעלעס האָט ער דאָ וויעדער ניט גע־זאָגט. ער האָט אייגענטליך נאָר פּאָפּולאַריזירט פרעמדע פילאָזאָ־פישע סיסטעמען, איבערגעגעבען דיא געדאַנקען פון זיינע לעה־רערס ; אָבער ער איז דאָך ניט געוועזען שקלאַוויש צו זיי. אין איינינגע פונקטען האָט ער זיי קריטיקירט זעהר גרינדליך.

אין דער געשיכטע פון פילאָזאָפיע פערנעהמט ער יעדענפאַלס קיין בעזונדערן פלאַץ. מען רעכענט איהם צו געוועהנליך צו דיא זאָ־גענאַנטע „פּאָפּולאַר־פילאָזאָפען". דיא גאַנצע פילאָזאָפיע פון אַכטצעהנטען יאָהרהונדערט טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פון רענעסאַנס, ספּעציעל פון אַן אויפלעבונג פון דעם מענשליכען פער־שטאַנד אין אַלע פראַגען איבער גאָט, נאַטור, דעם מענשען זעלבסט און זיין געזעלשאַפטליכען לעבען. זיא ווערט בעצייכענט אין אל־געמיינען אונטער דעם נאָמען „אויפקלערונגס־פילאָזאָפיע", ווייל איהר הויפּט גרונד איז געוועזען אויפקלערונג דורך דעם, וואָס מען האָט גערופען „געזונדער מענשענפערשטאַנד" אָדער אויף ענגליש :
Sound Common-Sense

דיא מוטערלאַנד פון דיעזער פילאָזאָפיע איז געוועזען ענג־

לאַנד, וואו דזשאַהן לאָק איז נאָך צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט אַרויסגעטראָטען מיט זיין עפּאָכע־מאַכענדער שריפט: „איבער מענשליכען פערשטאַנד“; נאָכהער האָט זיא אַריבערגעוואַנדערט נאָך פראַנקרייך, וואו זיא האָט זיך אומגעוואַנדעלט אונטער דעם איינפלוס פון דיא „ענציקלאָפּעדיסטען“ און ספּעציעל פון דידעראָ, וואָלטער און זשאַן־זשאַק רוסאָ אין אַ פּאָליטישען קאַמפּף געגען דיא קאַטאָלישע קירכע און דיא אַלטע מאָנאַרכיע; און פון פראַנקרייך איז זיא אַריבער דעם גרענעץ נאָך דייטשלאַנד, וואו איהרע וויכטיגסטע ערשטע פערטרעטער זיינען געוועזען לייבניץ, טהאָמאַסיוס און וואָלף.

מיר קענען זיך דאָ ניט אַריינלאָזען אין ערקלערונגען איבער דיעזער פילאָזאָפיע, וועלכע האָט געשפּיעלט אַזאַ אונגעהייער וויכטיגע ראָלע אין דער גייסטיגער ענטוויקלונג פון אייראָפּאַ, דען מיר שרייבען דאָך ניט אַ געשיכטע פון פילאָזאָפיע.

וואָס אַנבעלאַנגט צו מענדעלסזאָהנען, זאָ איז ער אַזוי וויט אַוועק אויף דעם וועג פון זיין לעהרער וואָלף, וועלכער האָט בעגרינדעט זיין סיסטעם אויך אויף ניצליכקייט, דאָס אין זיינע פילאָזאָפישע בעטראַכטונגען האָט ער ספּעציעל אין אויג געהאַט דיא גליקזעליגקייט פון מענשען. זיין ערשטע שטרעבונג איז געוועזען צו זוכען אויף דעם גרונד פון פראָסטען מענשענפערשטאַנד, אָהן טיעפע חקירות, וויא מענשען קענען לעבען צופריעדען און גליקזעליג.

אויב זיינע אויספיהרונגען זיינען געוועזען אָבערפלעכליך, אויב זיין גאַנצע פילאָזאָפיע איז געוועזען שוואַך און פעראַלטעט, אָבער דערפאַר האָט ער איבערשטיגען דיא טיעפסטע דייטשע פילאָזאָפען מיט זיין גלענצענדען און אנציהענדסטען סטיל, מיט זיין שריפטשטעלערישען טאַלענט. ניט פאַר פילאָזאָפען האָט ער געשריעבען — זיי האָט ער קיין נייעס וואָרט ניט געהאַט צו זאָגען — נאָר פאַר דעם געוועהנליכען לעזער, פאַר דעם גרויסען פּובליקום, און דאָס האָט ער דערגרייכט אַזוי, אַז ער איז געוואָרען איינער פון דיא בעליעבטעסטע שרייבערס אין דייטשלאַנד.

## פערצעהנטער קאפיטעל.

## מענדעלססאָהן'ס טויט און לויה.

כמעט אין דער זעלבער צייט, ווען מענדעלססאָהן האָט פערעפענטליכט זיינע „מאָרגענשטונדען", האָט יאַקאָבי געלאָזט דרוקען זיין אבהאנדלונג „איבער ספינאָזא'ס לעהרע" און אויך זיין בריעפליכען שטרייט מיט מענדעלססאָהנען וועגען לעססינג'ס ספינאָזיזמוס. דיא בריעף האָט יאַקאָבי פערעפענטליכט גאָר ניט פרעגענדיג מענדעלססאָהן'ס ערלויבנים. מענדעלססאָהן האָט זיך זעהר שטאַרק געערגערט וועגען דעם, און וויא שוואך ער האָט זיך ניט געפיהלט, האָט ער אָנגעשריעבען „אַן לעססינג'ס פריינדע."

עטליכע טעג נאָך דיעזער אָנשטרענגונג איז ער קראַנק געוואָרען. צו דאָקטאָר הערץ, זיין שילער, האָט ער געזאָגט: „לעצטען שבת, ווען איך האָב אַוועקגעטראָגען מיין שריפט וועגען יאַקאָבי'ס בעהויפטונגען צו פאָסס'ן (זיין פערלעגער), האָב איך מיך ערקעלטעט. נאָר עס פרעהט מיך וואָס איך האָב אָבגעפּטר'ט דיזע פערדריסליכע זאַך . . . ליעבער הערץ, זייט איינינגע צייט איז מיין געדעכענים זעהר שוואַך געוואָרען. מיין קאַסע-בוך איז גענצליך אין אונאָרדנונג."

זיינע קרעפטע זיינען שנעל אויסגעגאַנגען. צוויי טעג נאָכדעם, דעם 4 יאַנואַר 1786, איז יוסף מענדעלססאָהן גאַנץ פריה געקומען צו דר. הערץ אָנזאָגען, אַז זיין פאַטער'ס צושטאַנד איז פיעל ערגער געוואָרען. דר. הערץ האָט געפונען דעם „סאָקראַטעס פון 18טען יאָהרהונדערט" ליגענדיג מיט איינגעזונקענע אויגען אויף אַ סאָפאַ געגענאיבער לעססינג'ס ביוסט. מענדעלססאָהן האָט זיך בעקלאָגט, דאָס ער האָט דיא גאַנצע נאַכט שטאַרק געליטען פון שמערצען אין ברוסט. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו זעצען זיך אויף דער סאָפאַ, נאָר עטליכע מינוטען נאָכדעם איז ער אַנידערגעפאַלען, אום שוין ניט מעהר אויפצושטיין. ער איז אויסגעגאַנגען איינפאַך פון שוואַכקייט אין אַלטער פון 57 יאָהר.

אזוי וויא ער איז אימער געוועזן א קרענקליכער, דארום האט קיינער ניט ערוואַרטעט, דאָס ער זאָל אזוי פּלוצלונג אויסגיין. שנעל וויא אַ בליץ האָט זיך דיא טרויעריגע נאַכריכט וועגען זיין אונערוואַרטעטען טויט פערשפּרייטעט אין גאַנץ בערלין. גרויס איז געוועזן דער טרויער פון אַלע אידען אין דייטשלאַנד. מיט טרעהרען אין דיא אויגען האָבען זיי איינער דעם אַנדערן געזאָגט: „ברוך דיין אמת, מאָזעס דעסאַו איז געשטאָרבען.“

זיין לויה איז געוועזן אַזוי איינפאַך וויא ריהרענד. דיא געבילדעטסטע מענער פון בערלין האָבען געטראָגען זיין קערפּער, און דיא גאַנצע בערלינער געמיינדע, מיט אויסנאַהמע פון עטליכע פערביסענע פאַנאַטיקער, האָבען נאָכגעפאָלגט. אין דער טרויער־פּראָצעסיאָן האָבען אויך אנטהייל גענומען פיעלע קריסטען. ניט נאָר אין בערלין, זאָנדערן אויך אין עטליכע אַנדערע שטעדט אין דייטשלאַנד האָבען דיא אידען אויסגעדריקט זייער טרויער וועגען זיין טויט דורך צושליסען דיא קראָמען און געשעפטען אין דער צייט פון זיין בעערדיגונג.

דיא אידען, וועלכע האָבען וועניג געלעזען זיינע דייטשע ווערקע, האָבען זיך ערשט נאָך זיין טויט געמומען זיי צו לעזען און האָבען זיך אַרומגעזעהען, וואָס זיי האָבען אין איהם פערלאָרען. אַלץ גרעסער איז געוואָרען דיא צאָהל פון זיינע שילער און פערעהרער, וועלכע האָבען געוועלט נאָכפאָלגען זיין ביישפּיעל אין האָבען זיך אָנגעשטרענגט דירעקט צו פערשפּרייטען אויראָפּעאישע בילדונג צווישען זייערע פערפינסטערטע ברידער; אָבער קיינער האָט ניט געקענט פערנעהמען זיין הויכען פּלאַץ. דיא מאַסקים, זיינע דירעקטע נאַכפאָלגער, זיינען געוועזן זעהר געבילדעטע און וואָהלמיינענדע מענשען; אָבער זיי האָבען איבערטריבען דיא מאָס און איינינע זיינען פערקראָכען ביז צו דער טויפע.

אין מענדעלסזאָהנען זיינען גליקליכערווייזע פערבונדען געוועזן פיעל גרויסע מעלות: תורה מיט חכמה, פילאָזאָפיע מיט קונסט, קענטניסע מיט טאַלענט, גרינדליכקייט מיט לעבהאַפטיגקייט, ערנסטקייט מיט וויץ, פעסטקייט אין זיינע איבערצייגונגען מיט אַ ברייטע און פריינדליכע טאָלעראַנץ, אַ ליידענשאַפטליכע

זעעלע מיט אַ זעלטענע בעהערשונג און געדולד, צוגעבונדענקייט צו זיין פאָלק מיט אַ ליעבע צו דער גאַנצער מענשהייט, אַ בעשיידענ־הייט מיט אַן אינערליכען שטאָלץ. נאָך זיין כאַראַקטער האָט ער ווירקליך פערדיענט דעם נאָמען „סאָקראַטעס פון 18טען יאָהר־הונדערט“.

דיא פריינדשאַפט, וועלכע פיעלע פון דיא גרעסטע דייטשען האָבען איהם אַרויסגעצייגט אָפען און אויפריכטיג אין אַ צייט, ווען אַלע פון זיי, נור לעססינג אויסגענומען, האָבען יעדענפאַלס קיין סימפּאַטיע געהאַט צו אידען — דיעזע פריינדשאַפט צייגט, אַז ער האָט בעזעסען אַ געוויסע אַנציהונגסקראַפט, אַז ער איז געווען אַזוי ליעבענסווירדיג, אזוי גוטמוטהיג און גוטהערציג, דאָס ניט ווילענדיג האָט מען איהם געמוזט ליעבען. קיין איד פאַר איהם און אפילו נאָך איהם האָט ניט געצעהלט אזוי פיעל קריסטליכע פריינד וויא ער.

נאָר זיין גרעסטע מעלה, אַ מעלה, וועלכער ער האָט בעזאָנדערס צו פערדאַנקען זיין גרויסען איינפלוס, איז געווען זיין זעלטענער טאַקט ביי פערשיעדענע אַנגעלעגענהייטען אין וועלטליכע זאַכען. דיעזען טאַקט האָט ער בעזאָנדערס אַרויסגעוויזען ביי רעליגיעזע און פּאָליטיישע שטרייטיגקייטען, וויא אין דעם פאַל מיט לאַפאַטער’ן און ביי דער פערעפענטליכונג פון זיין איבערזעצונג פון דער ביבעל. ער איז ווירקליך געווען אַ וועלט־וויזע, דאָס וואָס דיא אידען רופען: לאַנד־חכם.

נאָך זיין טויט האָבען פיעלע פּאָעטען איהם בעזונגען און גע־ליובט, נאָר בעזאָנדערס טרעפליך און קורץ האָט איהם כאַראַקטע־ריזירט אַ דייטשער פּאָעט אַזוי:

„מאָזעס מענדעלססאָהן,
איין ווייזער וויא סאָקראַטעס,
דען געזעצען דער פעטער געטריי,
אונשטערבליכקייט לעהרענד,
אונשטערבליך וויא ער“.

ע נ ד ע.

# יצחק בער לעווינזאהן

זיין ביאָגראַפיע, זיינע ספרים, לעבען, שטרעבען און ווירקונג אויף זיין דור און זיינע נאכפאָלגער.



פון ד. מ. הערמאַלין.

# יצחק בער לעווינזאהן

## פאָרוואָרט.

ווען דיא „אינטערנאציאָנאַלע ביבליאָטהעק פעדלאג קאָמפּאַ־ניע“ האָט אויפגעפאָרדערט דעם פּערפּאסער פון דיזען בוך צו שרייבען דיא ביאָגראפיע פון יצחק בער לעווינזאָהן, האָט דער פער־פאסער זיך פאָרגעשטעלט, אז דאָס איז זעהר א לייכטע ארבייט, און אלעס וואָס ער וועט האָבען צו טהאָן, איז איבערצוגעבען אין אידיש וואָס אנדערע האָבען געזאָגט אין אנדערע שפּראכען.

דען, וויא קען עס אנדעריש זיין? איז ניט יצחק בער לעווינ־זאָהן געוועזען דער גרעסטער אידישער רעפאָרמאטאָר פון 19טען יאהרהונדערט? האָט ער ניט געבראכט דערצו וואָס דאָס רוסישע יודענטהום האָט געשאפען דיא מאָדערנע השכלה? האָט ער ניט פערטהיידיגט דאָס יודענטהום און בעזיעגט זיינע אינערליכע און אויסערליכע שונאים?

דאכט זיך דאָס לעבען פון אזא מענש, וועלכער איז אויך דאָ ניט לאנג געשטאָרבען, איז געווען וויכטיג פאר יעדען אידען, אז אונזערע ליטעראטען פון רוסלאנד זאָלען בעשרייבען אלע איינצעל־הייטען. דיא ביאָגראפיע פון אזא מענשען האָט בעדארפט זיין ענהליך צו „באזוועל'ס לאיף אָוו דזשאָהנסאָן“ און עס האָט בע־דארפט בילדען איינע פון דיא הויפּט־ווערקע אין דער העברעאישער ליטעראטור. וויא איבעררראשט ווערט מען אָבער ווען מען ערבליקט פאר זיך ברוכשטיקע, אונדייטליך, אונקלאר. אָהן א רעגעל און

אָהן א׳ן אָרדנונג און פון דאָרט דארף מען לערנען וועגן און וואָס יצחק בער לעווינזאָהן איז געוועזן.

דער פערפאסער האָט פאר זיך בלויז געהאט דעם „ספר הזכרונות“ פון דוד בער נאטאנזאָהן, דער ארויסגעבער פון לעווינזאָהן׳ס ווערקע. דערצו דעם ערשטען טהייל פון דער „הפקר וועלט“, וועלכעס בילדעט לעווינזאָהן׳ס ביאָגראפיע אין אידיש. אויסער דעם האָבען מיר געמוזט זוכען אין דיא פערשיעדענע אַלטע העברעאישע צייטונגען און שריפטען, און אויך עפּעס פון דיא נייע, וועלכע דערמאָהנען לעוועגזאָהן׳ען. אבער אלעס צוזאמען בילדעט נאָך אימער ניט דעם וויכטיגען מאטעריאל פיר דער לעבענס־בעשרייבונג פון אזא גרויסען מאן. עס איז געוועזן אונמעגליך צוזאמענצושטעלען מאנכע טהיילען פון זיין לעבען, וויסען גענוי, וואָס לעווינזאָהן האָט דאמאלס געטהאָן און בעגרייפען וואָס עס האָט איהם געטריעבען צו געוויסע האנדלונגען. עס זיינען אלזאָ גע־בליעבען ליקען און ווינקלען ניט אויסגעפילט.

זיין פאמיליען־לעבען, וואָס איז געוועזן זעהר קורץ, איז איינ־געהיעלט אין דונקלען. אונז בלייבט גאנץ אינבעקאנט ווארום לעווינזאָהן האָט אזוי ווייניג געלעבט מיט זיין פרוי, אויב ער האָט זיא גע׳גט, און ווען יא, ווארום ער האָט ניט נאָך אמאָל חתונה געהאט.

אלעס וואָס איז אונז געשטאנען פריי, זיינען זיינע געדרוקטע ספרים, פון וועלכע מיר האָבען גענומען זיין לעהרע, זיינע שטרע־בונגען און זיינע ציעלען. דאָס אלעס האָבען מיר פערקערפערט אין דיעזער אבהאנדלונג, און מיר ווילען האָפען, אז דער לעזער וואָס וויל בעקאנט ווערען מיט לעווינזאָהנען אויף אזוי ווייט וויא מיר קענען איבער איהם וויסען, וועט אין דיזען בוך צופריעדען שטעלען זיין נייגיעריגקייט.

**דער פערפאסער.**



# קאפיטעל 1.

עמיל זאָלאָ׳ס טהעאָריע איז געוועןֿ, אז דיא ליידעןֿ און פריי־
דען פון עלטערןֿ, האָבען א גרויסען איינפלוס אויף׳ן לעבען פון
זייערע קינדער. אויב דאָס איז וואהר, דאן וועט אינטערעסאנט
זיין צו שילדערן געוויסע בעגעבענהייטען אין לעבען פון דיא על־
טערן פון יצחק בער לעווינזאָהן, אָדער, וויא אנדערע האָבען איהם
גערופען, דער קרעמנעצער.

עס איז געוועןֿ אין דער ערשטער העלפט פון דעם 17טען יאהר־
הונדערט ווען א איד מיט דעם נאָמען ר׳ יקותיאל זלמן האָט גע־
וואָהנט אין אוסטרא, וואָהלין. ר׳ יקותיאל איז געוועןֿ א זעלטען
עהרליכער מאן, הויכגעבילדעט לויט זיין צייט און אומגעבונג, און
רייך. ער האָט געהאט א גרויסע פאמיליע, זיהן און טעכטער, און
דיזע האָט ער פערהייראטעט מיט דער דאמאליגער אידישער
אריסטאָקראטיע. דורך דיזע הייראטהען האָט ער צוליעב דיא
קינדער פערלאָזען אוסטרא און איז אוועק וואָהנען אין קרעמניץ.

זיין אינגסטער זוהן, יצחק, האָט גע׳ירשה׳ענט דעם טאטען
מיט אלעמען: עהרליכקייט, רייכקייט און א שעהנעם נאָמען. נאָך
אלס יונגער מאן האָט ער זיך אויסגעצייכענט אין מסחר, און, אויך
ער האָט געהייראטעט אין דער דאמאליגער העכסטער אידישער
אריסטאָקראטיע. זיין שווער אין געוועןֿ דער גביר ר׳ זלמן הכהן,
אָדער, וויא דאָס פאָלק פלעגט איהם רופען: „ר׳ זלמן דער רייכער“,
וועלכער האָט אָבער פון דעסטוועגען פערטהיילט דעם גרעסטען
טהייל פון זיין פערמעגען צו אָרימע לייט.

יצחק האָט געהאט מעהרערע קינדער און צווישען זיי איז געוועןֿ
זיין זוהן יהודה, דער פאטער פון יצחק בער לעווינזאָהן. אָבער ווען
יהודה איז אלט געוועןֿ בלויז 9 יאָהר איז זיין פאָטער געשטאָרבען.

ביז צו דיזער צייט בעמערקען מיר א גליקליכע, געעהרטע און
געאכטעטע אידישע פאמיליע; ערצויגען אין רייכטהום, בילדונג.

און פיעל אָדער ווייניג זאָרגלאָז, שפּאָטענדיג פון דיא גלות־צרות אויף אזוי ווייט וואָס איז געווען נוגע צו זייערע פאמיליען־מיטגליעדער.

אין יאָהר 1775, מיט א קורצער צייט נאָך דעם טויט פון יהודה'ס פאָטער, איז יהידה'ס ברודער, חיים, א רייכער און גע־אכטעטער קויפמאן, ארעטירט געוואָרען מיט זיין פאמיליע פאר עלילת דם. דיא געשיכטע איז געווען גאנץ איינפאך: דער פּאָלני־שער עדעלמאן, וואָס האָט בעהערשט יענע געגענד, פלעגט ביי חיים'ן אָפט באָרגען געלד. ער האָט שוין אָבער אזוי פיעל ביי איהם גענומען, אז ער האָט איהם מעהר ניט געוואָלט אָדער ניט געקענט געבען. דער פּאָלאק, אום זיך נוקם צו זיין, האָט איהם אונטער־געוואָרפען א קינד, דאָס הייסט, א'ן ערמאָרדעטען קריסטליכען נפש, און זיין ארעסט האָט געפאָלגט.

יהודה איז געווען זעהר א געפיהלפאָלעס קינד און שטארק געליעבט זיין ברודער. אין דער גאנצער צייט פון זיין געפאנגענ־שאפט, וואָס האָט געדויערט 12 יאָהר האָט יהודה זעהר פיעל געליטען. ער האָט אלעס מקריב געווען צוליעב דעם ברודער מיט דיא קינדער, און, ענדליך, ווען זיי זיינען ארויס פריי, האָט ער אויפגעהויבען זיינע הענד צום הימעל און געזאגט: „איך דאנק דיר, גאָט, פאר דעם חסד; און אויב איך וועל קענען, וועל איך אָפּפערן מיין גאנצעס לעבען צו בעווייזען פאר דער וועלט, אז דער עלילת דם איז א שקר“.

אויף וויא ווייט זיינע גייסטיגע פעהיגקייטען זיינען געגאנגען אום צו קענען דורכפיהרען אזא ריעזיגע ארבייט, וועט אונז פיעל־לייכט פערבלייבען אויף אימער אונבעקאנט, דען נאָך איידער ער האָט זיך גוט ענטוויקעלט האָט מיט איהם עפּעס פּאסירט וואָס האָט געקענט טייטען דעם גרעסטען זשעניע.

באלד וויא זיין ברודער איז בעפרייט געוואָרען, האָט יהודה געהייראטעט מיט זעהר א שעהנעם מעדכען, רחל, דיא קלוגע טאָכ־טער פון א דאמאליגען בעקאנטען גביר, ר' שמואל. און איידער יין גרויסער זוהן, ר' יצחק בער לעווינזאָהן, איז געקומען אויף

דער וועלט, האָט יהודה געמאכט א צווייטע טרויריגע ערפאהרונג מיט א פּאָלנישען עדעלמאַן.

יהודה איז אין א טאָג פאָרבייגעפאָהרען אין א'ן ענגער גאס אויף זיינער א דראָשקע און בעגעגענט דיא קארעטע פון א פּאָלנישען גראף. יהודה'ס דראָשקע איז געטריעבען געוואָרען פון א קריסטליכען דיענער, און, ניט ווילענדיג, האָבען זיך ביידע וועגען צוזאמענגעשטויסען. יהודה'ס דיענער האָט גוט געקענט דעם גראף'ס כאראקטער, און אום ניט צו ווארטען אויף קלעפּ, איז ער ארונטערגעשפּרונגען פון דער דראָשקע און איז אנטלאָפען. יהודה איז געבליעבען. דער גראף, ווילד פאר צאָרן, וואָס א אידען'ס דראָשקע האָט זיך אָנגעשלאָגען אָן זיין קארעטע, איז ארונטערגעשפּרונגען, און כאפּענדיג זיין שטעקען, האָט ער אָנגעהויבען אזוי צו שלאָגען דעם אונגליקליכען אידען, דאָס יהודה איז שפּעטער אבגעפיהרט געוואָרען אהיים אין א בעזינונגסלאָזען צושטאנד און ער האָט געהאלטען ביים שטארבען. גאנצע צוויי יאָהר האָט ער געקרענקט און צייטענווייז איז ער געווען אזוי צומישט, אז מען האָט געמיינט, דאָס ער וועט פערליערען זיין פערשטאנד אויף אייביג.

ענדליך האָט איהם אָנגעהויבען בעסער צו געהען, אָבער דיא דאָקטוירים האָבען איהם פערבאָטען אריינצוקוקען אין ספרים, וואָס איז אפיאָל געווען זיין גרעסטעס פערגניגען. עס האָט אויך געדויערט א פּאָאָר יאָהר ביז ער האָט געמעגט דאווגען פון א סידור. דאן איז ער געוואָרען מרה־שחורה־דיג און אזוי איז ער פערבליעבען אויף א היבשע צייט פון זיין לעבען. פון דעסטוועגען פלעגט ער צייטענווייז נעהמען דיא פעדער אין האנד און שרייבען געדיכטע אין ריין העברעאיש, בעקלאָגענדיג דעם צושטאנד פון זיינע אידישע ברידער.

וועהרענד דיזער צייט האָט יצחק בער לעווינזאָהן, זיין זשעניאַלער זוהן ערבליקט דיא וועלט.

יצחק בער איז געבאָרען געוואָרען אין מאָנאט סעפּטעמבער 1788, אָדער אום ערב ראש השנה פון יאָהר תקמ"ח. יצחק בער איז

געבאָרען געוואָרען אין קרעמעניץ, וואָהלין, אין דערזעלבער שטאדט וואו זיין עלטער־זיידע האָט זיך בעזעצט צום אָנפאנג פון 17טען יאהרהונדערט.

טראָטץ דעם וואָס יהודה האָט אזוי פיעל געליטען אין זיין לעבען איז ער דאָך ניט געוואָרען אָרעם. אין גענענטהייל, ער איז געווען א גאַנץ שעהנער בעל הבית, ווייל זיין פרוי רחל, איז געווען א זעלטענע טהעטיגע פרוי, און זיא האָט געפיהרט מיט ערפאָלג איהר מאַן'ס געשעפטען ווערענד זיין קראנקהייט.

אָט דאָס איז דער סדר היחוס פון יצחק בער לעווינזאָהן: דריי דורות פאר איהם, האָבען געלעבט אין עשירות און גענאָסען ביל־דונג. זיין פאָטער האָט פריהער געליטען א'ן אנדערן'ס צרות, און דאן האָט איהם א פאָלנישער גראף דער'הרג'עט זיין מח און גע־טייטעט זיין גייסט. יצחק בער לעווינזאָהן איז געווען א קינד פון דיזער נאכפאָלגערשאפט. פון זיין מוטער'ס זייט קענען מיר בעמערקען דאָס שטיללע לײדען, סיינמאָל זיך ניט בעקלאָגען און ארבייטען מיט דער גרעסטער ענערגיע זיך ניט בעקימערנדיג אום דעם ים צרות, מיט וועלכען זיא איז ארומגערינגעלט.



# קאפּיטעל 2.

צו דריי יאָהר, וויא דער מנהג איז דאמאלס געווען, האָט יצחק בער אָנגעהויבען צו בעזוכען דאָס חדר.

דאס קינד איז געווען א מערקווירדיגעס, און דערפאר ווערען איבערגעגעבען פיעלע אינטערעסאנטע איינצעלהייטען פון זיין פריהער יוגענד. איצי, וויא מען פלעגט איהם רופען, איז מאנכעס מאָל געווען זעהר לעבהאפט: געלאכט, געשטיפט און ליעב געהאט צו לויפען און שפּיעלען זיך פיעל מעהר וויא אנדערע קינדער. צייטענווייז — און דאָס האָט געדויערט מעהרערע טעג — איז ער געווען אונגעוועהנליך שטיל און פערטראכט. עס האָט אויסגעזעהען, גלייך וויא ער וואָלט גע׳ירשה׳ענט זיין פאָטער׳ס מרה־שחורה אין אזעלכע צייטען.

פון 5 יאָהר און ווייטער האָט ער ארויסגעוויזען זיינע זעלטענע פעהיגקייטען אין לערנען אלעס וואָס מען האָט איהם געוויעזען.

לויט וויא ער אליין האָט שפּעטער דערצעהלט, איז זיין פאָטער געווען זעהר א גוטער מענש מיט א ווייכען כאראקטער. ער איז געווען א גרויכער בעל־צדקה; זיך קיינמאָל ניט געמישט אין קהל׳שע זאכען; אויסגעמיעדען מחלוקת; געזוכט רוה און פאר יעדען איינעם האָט ער געהאט א שמייכעלע אויף דיא ליפּען. ער איז ניט געווען קיינעם׳ס געגנער; ער האָט זיך ניט געצעהלט צו דיא חסידים, מתנגדים אָדער משכילים. ווען יצחק בער האָט אָנגעהויבען ארויסצוצייגען פעהיגקייטען אין לערנען, האָט ער איהם גענומען אונטער זיין אייגענער השגחה און מיט איהם גע־לערענט תנ״ך און גמרא. ער האָט איהם אויך געלאָזען לערנען רוסיש וואָס איז דאמאלס געווען א גרויסע זעלטענהייט צווישען אידען.

פון יענער צייט איז אונז בעקאנט, דאָס ווען יצחק בער איז אלט געוואָרען זעהן יאָהר, איז ער שיין געווען בקי אין גאנץ תנ״ך,

געוואוקסט זעהר פיעל פון תלמיד און אויך פון אנדערע ספרים. און נאך זייענדיג אזוי יונג האט ער זיך שוין גענומען שרייבען פאר דער וועלט. פון זיין 9טען ביז זיין 10טען יאהר, הייסט עס, האט ער אויפגעשריעבען א ספר אויף קבלה. דער פאטער, וועלכער איז ניט געוועזן קיין פאנאטיקער, האט עס בלויז בעטראכט פאר א גרויסע חריפות אין זיין קינד און ער האט זיך דערמיט בעריהמט פאר'ן רב פון דער שטאדט. דער רב איז געווארען נייגיעריג און זיך געהייכען ווייזען דאס ספר אויף קבלה וואס דאס קינד האט געקענט אויפשרייבען.

ווען דער רב האט אבגעלעזען עטליכע בלעטלאך אין ספר, איז ער בלאס געווארען און אנגעהויבען צו ציטערען. ער האט מיט־געטהיילט דעם פאטער, אז דאס קינד איז א יחיד בדורו, א'ן אויס־נאהמע, און ער זאל פאר קיינעם ניט דערצעהלען וואס ער האט געשריעבען. אין דערזעלבער צייט האט דער רב מזהיר געוועז יהודה'ן, ער זאל אכטונג געבען ביי־נאכט אויב זיין קינד רעדט זיך ניט צוזאמען מיט דיא מלאכים, וועלכע ברייגגען איהם כודית פון דעם הימעל.

יהודה איז געוועזן שטארק פעראינטערעסירט אין דיזער וואר־נונג, אבער ער האט גאר ניט ענטדעקט. שפעטער, ווען יצחק בער איז עלטער געווארען, האט ער זיך אויסגעלאכט פון זיין קינדישע ארבייט און בעהויפטעט, אז עס איז בלויז געוועזן א נארישע פלוידעריי וואס ניט ער און ניט דער רב האבען געגוי געוואוסט וואס דארט שטעהט. ער האט עס בעטראכט בלויז פאר א פראבע פון א קינד צו שרייבען, וועלכעס האט אבער קיין ליטעראַרישען אדער אנדערן ווערטה.

און, וויא עס שיינט, האט לעווינזאהן, זייענדיג נאך גאנץ יונג, פערלוירען דעם חשק צו קבלה, און אנשטאט דעם, האט ער זיך גענומען פלייסיג שטודירען דיא העברעאישע און רוסישע שפראכען. ער האט פערשטאנען דעם ווערטה פון גראמאטיק און ער האט מיט גרויס פלייס געלערנט דיא בעסטע דקדוק ספרים פון העברעאיש און דיא בעסטע לעהרמעטהאדען פון רוסיש. ער

האָט אויך געזוכט זיך צו ערוועררבען א שעהנעם העברעאישען סטיל, לויט דעם גייסט פון דער ביבעל. און שפּעטער האָט ער זיך אויך דערבּאר אויגעצייכענט מיט זיין העברעאיש שרייבען אין זיינע כּפּרים, וועלכע טראָגען אויף זיך דעם שטעמפּעל פון שעהנהייט און פּליכטיגקייט. רוסיש ווידער האָט געהאט פאר איהם א'ן אַנדערע אנציהונג: ער האָט אין דיזער שפּראך געפונען ביכער וואָס האָבען שטארק בעפריעדיגט זיין פאָרשענדען גייסט, און ער האָט געשלונגען אלעס וואָס איז געקומען אין זיינע הענד.

יצחק בער לעווינזאָהן האָט דורכגעלעבט דיא גאנצע שטור־מישע צייט פון דעם איינדרינגען פון דיא פראנצויזען אין רוס־לאנד, און אין יאָהר 1812, ווען דיא פראנצויזען האָבען געמוזט אנטלויפען, האָט ער פערפאסט א מין פּאָעזיע צוליעב דיזער געלעגענהייט מיט'ן נאָמען „כּל ענות גבורה". דאָס איז געווען זיין ערשטע ליטערארישע שעפּפונג פון עפּעס א ווערטה. אָבוואָהל דאָס איז נישט געווען שטארק פּאָעטיש, האָט דאָס אָבער ענטהאלטען אין זיך א מערקווירדיגע גוטע און שטארקע שפּראך, אין ביבלישען זינן, און מבינים האָבען דאָס געלויבט. עס האָט זאָגאר צוגעצויגען דיא אויפמערקזאמקייט פון דעם גענעראל גירס, דער קאָמאנדאנט פון ראדזוויל, וועלכער האָט אויעקגעשיקט דערפון א קאָפּיע צום רוסישען מיניסטער פון אינלענדישע אנגעלעגנהייטען, צו צייגען דעם אידישען פּאטריאָטיזמוס צו רוסלאנד אויסגעדריקט אין דער נביאים־שפּראך.

דיזע אויפמערקזאמקייט, קען מען זאָגען, איז געווען דיא ערשטע ריכטיגע ערמוטהיגונג פאר יצחק בער לעווינזאָהן, צו לערנען ווייטער אום זיך צו פערפאָלקאָמענען.



# קאפיטעל 3.

מיט א קורצער צייט פאר דיא לעצטע עראייגניס, האט נאך לעווינזאהן געוואהנט מיט זיינע עלטערן. מיר ערפאהרען פון יענער צייט, אז ער האט התונה געהאט, און, וויא מאנכע פון זיינע ביאגראפען בעמערקען: „ער האט גענומען א ווייב, וויל זיינע עלטערן האבען אזוי פערלאנגט“. זעהר ווייניג ווערט אונז ווייטער דערצעהלט פון דיזער הייראטה, וועלכע איז ניט געווען קיין גליקליכע און אויך ניט געבראכט קיין פרוכט. לעווענזאהן איז געשטארבען ניט איבערלאזענדיג קיין קינדער.

לויט וויא מיר קענען זיך אבער מערקען, שיינט עס, אז דא איז צוזאמענגעפארט געווארען דער שטירמישער אקעאן מיט א שטילעס טייכעלע. לעווינזאהן'ס פרוי איז וואהרשיינליך געווען א פראסטע אידישע טאכטער, זעהר פרום און גענייגט צו א פריעדליכען און אונגעשטערטען פאמיליען-לעבען. לעווינזאהן, אבער האט ניט געקענט רוהען, זיין גייסט האט געשטורמט, און קרעמנייץ האט איהם דאמאלס ניט געקענט צופריעדען שטעלען. דאס האט פעראורזאכט עס זאל ניט זיין קיין שלום בית.

וויא אלע יונגע פרויען פון איהר גראד, האט זיא געוויס אויך פערלאנגט דיא בעשטענדיגע געזעלשאפט פון איהר מאן. אבער לעווינזאהן האט דאס ניט געהאט אין זינן. זיין פרוי האט איהם, וויא עס שיינט, ניט פיעל אינטערעסירט, דען זיין קאפ איז געלעגען אין לערנען און שטודירען.

מיר זעהען אלזא דיא פרוי פערשווינדען פון זיין לעבען און זיא האט מעהר קיין שייכות ניט מיט זיין עקזיסטענץ.

אז לעווינזאהן האט זיך אויסגעצייכענט אין דער רוסישער שפראך, קענען מיר מערקען פון דעם פאקט וואס ער האט צוגעצויגען דיא גרויסע אויפמערקזאמקייט פון גענעראל גירס, וועלכער איז אויך געווען פאליצמייסטער. גירס האט איהם צוגענומען אלס

זיין פריוואט־סעקרעטער און ער איז ביי איהם געווען אזוי לאנג ביז ער איז קראנק געוואָרען.

לעווינזאָהן האָט זיך שטארק אָנגעשטרענגט מיט זיין לערנען און מיט זיין ארבייט פאר דעם פּאָליצמייסטער, און ער האָט דער־פון בעקומען אזא נערוועז־שוואכקייט, דאָס דיא ערצטע האבען איהם גערעטהען ער זאָל פערלאָזען רוסלאנד און רייזען.

צארט אין קערפּער, שוואך און רואינירט אין גייסט, האָט דאמאלס לעווינזאָהן, קוים 25 יאָהר אלט, אָנגעפאנגען צו קלערען וואָס ער זאָל טהאָן.

וואוהין זאָל ער פאָהרען? צו וועמען? ענדליך האָט ער זיך דערמאָהנט אז אין גאליציען געפינט זיך דער צענטער פון אידישער וויסענשאפט, און אהין האָט ער בעשלאָסען אבצורייזען. מיט דער הילף פון זיינע עלטערן האָט ער פערלאָזען רוסלאנד און דיא רייזע האָט איהם גוט געטהאָן. אין גאליציען האָט ער באלד געשלאָסען בעקאנטשאפט מיט דיא פאָרשטעהער פון אידישען דענקען: ר' נחמן קראָכמאל, ישראל ראפּאפּאָרט, אליעזר לאנדוי, ליב מיזיס, יוסף פערל, יצחק ערטער, מיכל מאנים, לעטערים, בלאָך און בעריש בלומענפעלד.

אין דיזע מענער האָט ער ערבליקט דיא נאכפאָלגערשאפט פון דער מענדעלזאָהנישע שולע און זייער בעקאנטשאפט מיט דעם אויסטויש פון געדאנקען, האָט פאר איהם געעפענט א נייע וועלט.

איבערהויפּט האָט איהם צוגעצויגען דער גייסט פון דעם דאמאליגען גרויסען אידישען פאָרשער ה' יוסף פערל אין טארנאָ־פּאָל, וואו דער לעצטער איז געווען דער פערוואלטער פון דער דאָרטיגער אידישער שולע. ביידע זיינען נאָך געווען יונגע מענער און זיי זיינען צוגעבונדען געוואָרען איינער צום צווייטען אין פריינדשאפט.

אָבער לעווינזאָהן האָט פערבראכט אין גאליציען בלויז עטוואס איבער א יאָהר ווען עס האָט איהם עררייכט דיא טרויעריגע נאכ־ריכט, אז זיין מוטער איז געשטאָרבען. זיין מוטער רחל, דיא גוט־מוטהיגע, עדעלע און פיעלגעליעבטע מאמע, איז געשטאָרבען,

און ער האָט אפילו ניט געקענט זיין נעבען איהר ביי איהרע לעצטע אויגענבליקען. דאָס האָט יצחק בער'ן זעהר געערגערט און ער האָט געאיילט צוריק אהיים, און זיין ערשטער גאנג איז געווען אויף'ן בית עולם. ער איז געפאלען אויף איהר קבר און האָט נאָך געמאכט דיא פרישע ערד מיט זיינע טרערען.

ווען דיא געוועהנליכע טרויער־צייט איז פאָראיבער, האָט לעווינזאָהן צוריק אָבגערייזט נאָך גאליציען און זיך בעזעצט אין בראָדי, וואו עס האָבען געלעבט מעהרערע אידישע געלעהרטע. איבערהויפט האָבען איהם שטארק פעראינטערעסירט דיא ברידער טראכטענבערג. אין דער געזעלשאפט פון דיעזע מענער, קען מען זאָגען, האָט לעווענזאָהן צום ערסטען מאָל ערפאהרען וויא מען דארף ריכטיג לערנען דעם תלמוד און אלע אלטע און נייע אידישע ספרים. ער האָט איינגעזעהען, אז דיא הויפטזאך אין אזא לימוד בעשטעהט אין דער קריטישער אויפפאסונג און צוגליעדרונג פון היסטאָרישע פאקטען.

לעווינזאָהן איז נאטירליך אין אָנפאנג געווען בלויז א שילער, אָבער עס האָט ניט פיעל געדויערט, ביז דיא אנדערע געלעהרטע האָבען איהם אָנגעהויבען צו בעטראכטען אלס א קאמעראד און דאן אויך אלס א מייסטער.

אזוי וויא בראָדי איז געווען דער מיטעלפונקט פון אידישער געלעהרזאמקייט, האָבען אָדעכער אידישע כוהרים און אויפ־נעקלעהרטע מענער, בעזוכענדיג בראָדי, צייטענווייז מיטגענומען פון דיזע מענער נאָך רוסלאנד, וועלכע האָבען אין אָדעסא געלעגט דעם ווינקעלשטיין פאר אידישער וויסענשאפט אין רוסלאנד.

ווען לעווינזאָהן איז אלט געווען 29 יאָהר און נאָך זייענדיג אין בראָדי איז ער איין מאָל געזעסען אין דער געזעל־שאפט פון זיין יונגען פריינד אלעזר לאנדאָ, דער זוהן פון דעם רייכען ר' יודעל כג"ל לאנדאָ. אלעזר איז געווען א קראנקער זייט ער איז געבאָרען געוואָרען, זעהר מאָגער אין קערפער און אימער בלאס. לעווינזאָהן, נאָך אימער נערוועז און אויך זעהר אָב געמאגערט, האָט געשפּראָכען מיט זיין פריינד איבער זייער

טרויעריגעס אויסזעהען.

אלעזר האָט איהם „געטרייסט“ דערמיט, וואָס פעטע און דיקע מענשען זיינען אונטערוואָרפען צו שטארבען פּלוצלינג און דיא ווערים זאָלען האָבען א גוטען מיטאג. ווערהענד פון דיא מאָגערע, קענען אפילו דיא ווערים גאָר ניט האָבען. לעווינזאָהן האָט דאן אויפגעשריעבען דיעזען געדאנק אין פאָלגענדע שלאָגענדע העברעאישע פערזען:

אל התולעים.

הוי תולעים, שכנינו הרעים,
שוא תקוו, חנם תאוו
יום בואנו, לבור קברנו,
הלא בעודנו, תם גונו,
ומשמנו ירזה.
מדשני פגרים, ממלחים כבקרים
מאלה הגברים, בעלי בשרים
ימותו רגע, באין פגע,
בני רמה, תקחו תרומה
השוק והחזה.

דיעזע פערזען צייגען אפילו ניט קיין גרויסען פּאָעטישען גייכט, אבער דער סטיל איז א זעלטענהייט אין דער געדאנק איז אויסגעדריקט קורץ און צו דער זאך, וועלכעס האָט בעוויעזען, אז דער שרייבער איז א מייסטער.

לעווינזאָהן'ס נאָמען האָט אָנגעהויבען מעהר בעקאנט צו ווערען אין דער ברייטער וועלט, און איהם אליין האָט זיך שוין אָנגעהויבען וועלען צוריקקעהרען אהיים, נאך רוסלאנד, וואו ער זאָל פערווענדען אלעס וואָס ער האָט געלערנט אום אויפצוקלערען זיינע ברידער און ארונטערררייסען דעם שווארצען שלייער פון אונוויסענהייט וואָס האָט זיי בעדעקט.

# קאפיטעל 4.

נאָך אין דעמזעלבען יאָהר האָט לעווינזאָהן צוריק געקעהרט נאָך רוסלאנד. ניט האָבענדיג גענוי בעשלאָסען וואָס ער זאָל טהאָן, איז ער פריהער געקומען אין זיין געבורטס־שטאדט קרעמניין, וואו דיא פאמיליע לאנדסבערג האָט איהם אויפגענומען אלס לעהרער.

אזוי שנעל וויא לעווינזאָהן האָט זיך געזעהען בעזאָרגט מיט ברויט, קליידער און א דירה, האָט ער אָבגעגעבען זיין גאנצע צייט ארויסצוברענגען זיינע געדאנקען אין דער עפענטליכקייט. ער האָט געארבייט טאָג און נאכט ביז ער האָט פערטיג געמאכט זיין ערשטעס בעדייטענדעס ווערק „תעודה בישראל“, וועלכעס איז ערשט ערשיענען אין דרוק מיט 10 יאָהר שפּעטער.

דערווייל זיינען טהיילען פון זיינע כתבים בעקאנט געוואָרען, און אזוי גיך וויא מען האָט ערפאהרען אום וואָס דאָרט האנדעלט זיך, האָבען לעווינזאָהן׳ס צרות שוין אָנגעפאנגען.

זיין ספר „תעודה בישראל“ קען ערקלערט ווערען אין קורצען מיט דיעזע ווערטער : עס האָט אויפמערקזאם געמאכט אידען, אז אום עפּעס צו לערנען און פערשטעהן, מוז מען פריהער שטודירען דעם תנ״ך על פי חוקי הדקדוק ; לערנען דיא היסטאָריע פון אידישען פאָלק ; שרייבען אויב מעגליך העברעאיש אין גייסט פון דער נביאים־שפּראך. ווען א מענש וויל ווייטער לערנען און בעגרייפען, דאן מעג ער שטודירען פרעמדע שפּראכען, ווייל דיא שפּראך אליין איז איבערהויפּט ניט הייליג און ניט אונהייליג ; מען קען שרייבען אין העברעאיש אפּיקורסות און אין גריכיש ריינעם יודענטהום. דאן האָט ער געוועקט זיינע ברידער זיך אָבצוטרייכלען פון נאררישען אבערגלויבען, וועלכעס איז גאָר געגען אידישקייט, און זיי דערצעהלט, אז מען דארף זיך אויסמענשלען,

קומען אין בעריהרונג מיט דער גרויסער וועלט, זיך נעהמען צו ערד־ארבייט, א. ז. וו.

דאָס אלעס, געשריעבען שעהן, איבערצייגענד, מילד און אנגענעהם איז בעטראכטעט געוואָרען אלס שרעקליכע אפיקורסות און דער פערפאסער פון ספר איז גערודף'ט געוואָרען.

לעווינזאָהן איז אנפאנגס געווען זעהר ערביטערט געגען אזא האנדלונג, כטייטש, פאר וואָס קומט עס איהם? זוכט ער ניט מיט זיינע אויפקלעהרונגען און עצות דיא טובה פון זיינע ברידער? וויא איז דאָס מעגליך מען זאָל איהם פאר אזא זאך פערפאָלגען? דאָס האָט איהם זעהר געערגערט, אָבער ער האָט זיך אָנגעהויבען מיט דער צייט צוצוגעוואָהנען, אז געוויסענהאפטע אויפקלערער און דיא צושטערער פון געטצען, האָט מען תמיד גע'רודף'ט, און ער איז ניט דער ערשטער און וועט אויך ניט זיין דער לעצטער צו ליידען פיר אזעלכע זאכען.

פון דעסטוועגען איז איהם קרעמניין נמאס געוואָרען. ער האָט זיך איבערהויפט דאָרט געשפירט אין צו א גרויסער ענגשאפט. אליין איינקויפען א ביבליאָטהעק האָט ער ניט געהאט פון וואנען, און דיא קרעמניצער ביבליאָטהעק איז געווען צו קליין און צו אָרעם איהם צו בעזאָרגען מיט אלעס וואָס ער האָט בעדארפט צו זיין שטודיום. ער האָט אלזאָ בעשלאָסען צו פערלאזען קרעמניץ און פאר זיך אויסזוכען א פלאטץ וואו עס איז גראמער און וואוהין עס קען צוקומען מעהר ליכט.

ער איז אוועק נאָך בערדיטשעוו און דאָרט האָט איהם א בעקאנטער כוחר אויפגענומען און איהם אונטערשטיצט. דערפאר נאטירליך, האָט לעווינזאָהן פאָרבערייטעט זיינע צוויי זיהן זיי זאָלען קענען אריין אין ליצעאום.

עס ווייזט זיך ארויס, אז לעווענזאָן האָט געהאט זיין „תעודה בישראל“ בלויז אויפגעשריעבען פון דער ערשטער האנד און ער האָט שפעטער נאָך פיעל געארבייט איבער איהם אום צו פער־פאָלקאָמענען יעדען קאפיטעל.

אין דערזעלבער צייט וואָס זיינע פאנאטישע שונאים זיינען

געוואקסען האָבען זיך אָבער פערמעהרט זיינע פריינד, און, מיט זייער הילף, איז איהם געלונגען ענדליך צו פובליצירען דעם „תעודה בישראל“ פאר דער גאנצער וועלט.

דער „תעודה בישראל“ האָט צוגעצויגען דיא אויפמערקזאמקייט פון דעם בילדונגס־מיניסטער בלודאָף און דיעזער האָט דאריבער מיטגעטהיילט צאר ניקאָלאי דעם 1טען.

ווען ניקאָלאי האָט געהערט, אז עס געפינט זיך א איד וואָס שרייבט ספרים אויף העברעאיש מיט דעם צוועק אויפצוקלערען זיינע ברידער, און, איבערהויפט זיי צו בעוועגען צו ווערען ערד־ארבייטער, וואָס איז געווען ניקאָלאי׳ס א הייסער וואונש, האָט דער צאר באלד געאיילט אין ארייגגעשיקט דעם פערפאסער פון „תעודה בישראל“ דיא סומע פון טויזענד רובעל מיט א׳ן ערמונ־טערונג ווייטער צו ארבייטען לויט דעמזעלבען פראָגראם.

לעווינזאָהן איז געוועזן זעהר געריהרט פון דיזער קייזערליכער אנערקענונג און האָט זיך אוועקגעזעצט און אָבגעשריעבען דעם צאר א דאנק־בריעף אין דייטש, אין דערזעלבער צייט איהם אויף ערקלערענדיג דעם טרויעריגען צושטאנד פון זיינע ברידער.

דער בריעף איז געווען זעהר גוט געשריעבען און צאר ניקאָלאי דער 1טער איז פון איהם געווען העכסט צופריעדען. ער האָט איהם אויך באלד אייגענהענדיג געענטפערט אויף דיעזען בריעף.



# קאפיטעל 5

עס איז נויטהווענדיג זיך פּאָרצושטעלען אי דיא צייט אי דיא אומגעבונג אין וועלכער יצחק בער לעווינזאָהן האָט געלעבט.

ווער עס האָט שטודירט לעווינזאָהן׳ס ספרים און אויך דעם איינפלוס וואס דיעזע האָבען געמאכט, מוז באלד מודה זיין, אז ער איז געוועזן דער גרויסער רעפּאָרמאטאָר פון גאנצען רוסישען יודענטהום. מען מעג פּאָזיטיוו זאָגען, אז ער האָט פיעל מעהר געווירקט וויא מענדעלסזאָהן (רמבמ״ן) אין זיין צייט און זיינע אומגעבונגען.

מענדעלסזאָהן האָט געלעבט ניט נאָר אין א לאנד פון בילדונג און צווישען אידען וואָס האָבען געצעהלט צווישען זיך מענער פון דענקען און געלעהרזאמקייט, זאָנדערן בילדונג און אויפקלערונג איז דאמאלס געוועזן אין דייטשלאנד, צווישען אלע קלאסען, קריסטען און אידען, א געגענשטאנד וואָס איז געאכטעט געוואָרען. מענדעלסזאָהן, קענען מיר זאָגען, האָט אלזאָ געהאט דיא השפעה פון זיין צייט און פון זיין דור צו וועקען זיין זשעניאלען גייסט. דאן האָט מענדעלסזאָהן, וויא וויית מיר וויסען, געהאנדעלט מייסטענטהיילס אלס דער פערטהיידיגער פון יודענטהום אין דער קריסטליכער וועלט, וויא זיין ווערק „יערוזאלעם“ בעווייזט. וועהרענד זיין ארבייט צווישען זיינע ביידע איז ניט מעהר געוועזן וויא פּעדאגאָגיש, בתור מלמד, אָדער געשולטער לעהרער, לויט וויא זיין איינלייטונג צו דער ביבעל, איבערזעטצונגען אין דייטש און ביאור אויף דער ביבעל, בעווייזען. זיין העכסטעס ווערק אין דיעזען פעלד איז געוועזן זיין איבערזעטצונג און פירוש צום „מלת ההגיון“ פון רמב״ם, וואו ער האָט געוואָלט לערנען זיינע ברידער לאָגיק.

מיט לעווינזאָהן איז געוועזן גאנץ אנדערש. ארום איהם איז געוועזן פינסטער. אונוויסענהייט האָט געהערשט אין אלע קרייזען. געלעהרזאמקייט איז פערעהרט געוואָרען בלויז פון יחידי

סגולה. ער האָט אלזאָ ניט געקענט ערוואַרטען צו האָבען דיא השפּעה פון זיין צייט און פון זיין דור, זאָנדערן, ער האָט געמוזט אונטערנעהמען דיא ריעזיגע ארבייט משפּיע צו זיין אויף זיין צייט און אויף זיין דור.

און וואָס איז געוועזן זיין צייט און זיין דור?

אום זיך צו מאכען דאריבער א געניען בעגריף וואָלט פאר אונז גענוג געווען צו שטודירען בלויז איין אבטהיילונג פון זיין ווערק „דיא הפקר וועלט", געשריעבען אין מאמע-לשון, אידיש. דיעזע אבטהיילונג האָט אפילו ניט קיין רייטליכען נאָמען, נאָר דער טיטעל דאפיר פּאסט צו זיין „מעסמעריזמוס אָדער מאגנע-טיזמוס". עס איז געוועזן צו יענער צייט ווען אין אייראָפּא איז ארויס א קלאנג, דאָס מען קען „מאגנעטיזירען", אָדער, וויא מען רופט עס יעצט „היפּנאָטיזירען" א מענשען, און אונטער דיעזען איינפלוס, קען מען ערפאהרען סודות פון „יענער וועלט".

לעווינזאָהן, וועלכער, וויא עס שיינט, איז ניט געוועזן קיין שטארקער מאמין אין אלעס וואָס מען האָט געזאָגט (אפילו אין דיא וויסענשאפטליכע קרייזען,) האָט ער אויסגעקליבען דיעזע גע-לעגענהייט און דערצעהלט, אז איינער איז „מאגנעטיזירט" געוואָ-רען און אין דיעזען צושטאנד האָט ער דערצעהלט וואָס מיט א „גוטען אידען" האָט פּאסירט אָדער א „רבי בעל מופת", האָט מיט-צוטהיילען פון „יענער וועלט".

דיא אָבהאנדלונג איז זעהר גוט געשריעבען, פול מיט וויטץ און געזונדען הומאָר, אָבער, וויא זיא איז, איז אלעס דער ריינער און טרויעריגער אמת. מיר זעהען דאָרט א גראָבען יונג, פערדאָר-בען, פון דער ניעדריגסטער קלאסע מענשען, א נחות דרגא, וועל-כער ווערט א „רבי" און נארט דיא אידעלעך. זיינע געמיינהייטען איבערשטייגען אלעס וואָס מיר קענען זיך פאָרשטעלען; אין זיי געפינט זיך שווינדעל, בעטרוג, רויב און זאָגאר מאָרד אבי דורכצופיהרען זיינע שמוטציגע פּלענער. דאָך גלויבט מען אין איהם און מען ברענגט איהם געלד פון אלע זייטען אום ער זאָל זיין א פערמיטלער צווישען גאָט און זיינע אידעלעך. וועה דעם

וואָס האָט געוואגט געגען דעם „רבי'ן" אויפצוטרעטען. ער איז שוין ניט זיכער געוועזן מיט זיין לעבען.

און דיעזע שילדערונג איז געוועזן א קאָפּיע פון טהאטזאכען, פון לעבעדיגע פאקטען.

אָט, אין אזא צייט און אין אזא דור האָט לעווינזאָהן געלעבט, און זיי, דיעזע אָרימע פערפיהרטע און בעטראָגענע, האָט זיך לע־ווינזאָהן אונטערגענומען אויפצוקלערען דורך וויסענשאפט און קריטיק.

אום זיך צו מאכען נאָך א בעסערען בעגריף פון דיא אידען צווישען וועלכע לעווינזאָהן האָט געלעבט, מוזען מיר דערצעהלען און אָבשילדערן דיא מאכט געגען וועלכער ער האָט געהאט צו קעמפפען.

נאָך וואָהלין האָט זיך דאמאָלס אריבערגעקליבען דער גאנצער חסידיזמוס. דעם אורשפּרונג פון דעם חסידיזמוס ערבליקען מיר אויף דער גרענעץ צווישען רומעניען און בוקאווינא, וואו דער בעל־שם, אָדער בעש"ט איז ערשיענען. געננוי ווער און וואָס דער בעל־שם איז געוועזן, וועט דיא היסטאָריקער פיעללייכט קיינמאָל ניט געלינגען צו דערגעהען. מאנכע זאָגען, אז ער איז געוועזן א רעפאָר־מאטאָר און א פּראָטעסטירער געגען דיא לומדים וואָס האָבען גע־לערענט טאָג אזוי נאכט אין דיא בתי מדרשים און בעטראכט דעם ניט־געלערענטען אָדער עם־הארץ אזוי וויא א בהמה, און דערפאר האָט דער בעל־שם, הייסט עס, אויפגעטרעטען געגען דער זאָ־גע־נאנטער געבילדעטער קלאסע און געזאָגט, אז מען דארף ניט לער־נען און אן עם־הארץ מיט א גוט הארץ איז פיעל חשוב'ער ביי גאָט. אנדערע וויעדער זאָגען, אז ער האָט זיך פערליעבט אין א למדן'ס א טאָכטער און ווייל ער אליין, דער בעל־שם, האָט ניט גע־קענט לערנען, האָט מען איהם פערדאמט. וויא דיא זאך איז, פון דעם גאנצען תוהו־ובוהו נעהמען מיר ארויס, אז דער בעל־שם האָט געפרעדיגט געגען לערנען אין געזאָגט, אז ביי גאָט איז ליעבער ווען מען דאווענט מיט כונה אין מען וויים ניט וואָס מען זאָגט, וויא צו וויסען וואָס מען זאָגט און עס איז קיין כונה ניטאָ.

עס איז מעגליך, אז דער בעל־שם האָט געהאט גוטע אבזיכטען. עס שיינט אויך, אז ער איז געווען אן עהרליכער מאַן, דען עס איז ניטאָ קיין איינציגער בעוויז, אז ער האָט גענומען פדיונות און דערפון געלעבט גליקליך. מען ווייס, אז ער איז געווען אן אָרימאן און איז געשטאָרבען אן אָרימאן.

אָבער אזוי איז שוין דאָס מזל מיט פיעלע רעפאָרמאטאָרס: מען בעריועגדעט זייערע לעהרען צו אנדערע צוועקען, און שלעכטע פעררדאָרבענע מענשען נוטצען אויס דיא העכסטע געדאנקען פיר פערזענליכען בעררדיענסט.

דעם בעל־שם׳ס עקזיסטענץ האָט געשאפען דעם חסידיזמוס, און דער חסידיזמוס האָט פראָדוצירט געטצען, וועלכע זיינען געווען רביים. דיעזע רביים, מיט גאנץ קליינע אויסנאהמען, האָבען זיך בעדיענט מיט דער אונוויסענהייט פון פאָלק און איהם אויסגעזויגען. דיא אונוויסענהייט, ניט לערנען, איז אויך געווען דער עיקר, דער פונדאמענט פון דעם חסידיזמוס, און מיט אזא מעכטיגע וואפען האָבען שארלאטאנעס און פאָלקס־פערפיהרער געקענט אלעס טהאָן מיט דער מאסע.

וואָהלין, וואו יצחק בער לעווינזאָהן איז געבוירען געוואָרען און געלעבט, איז געווען דער הויפט נעסט פון דעם חסידיזמוס, און ער האָט דאָרט געהערשט און געוועלטיגט איבעראל. דיא מאכט פון דיא „גוטע אידען“ איז געווען אזוי גרויס און אזוי געוואלטיג, דאָס ווען איינער, אן אויפגעקלערטער, האָט בלויז געוואגט צו צווייפלען און אויסשפּרעכען זיין מיינונג, איז ער געווען אונגליקליך: מען האָט מיט אזעלכע געמאכט א קורצען פראָצעס: גע׳מכר׳ט, געשלאָגען מכת רצח, אונטערגעצונדען זייערע הייזער און ניט זעלטען אויך דער׳הרג׳עט. אחת לאחת, האָט מען דער־שטיקט יעדעס פרייע וואָרט, יעדען אויפגעקלערטען אויפטריט. און אלעס איז געפאלען צו דיעזער מאכט.

דאָרט און דאמאלס האָט לעווינזאָהן אָנגעפאנגען זיין ארבייט, זיין קאמפף פון ליכט געגען פינסטערניש, פון בילדונג געגען אונוויסענהייט.

דערצו איז ער געווען א קראנקער מענש, אָרים, עלענד, איינער אליין און אויך אונערפאהרען.

דיא לעצטע בעהויפּטונג נעהמען מיר פון זיין „תעודה בישראל", א ווערק געשריעבען אין א פאָלשטענדיגען מאָדערנעם גייסט, נאָך אלע רעגעלן פון וויסענשאפט, פאָרשונג און קריטיק.

בלויז איין מעלה האָט געהאט זיין ערשטעס ווערק, וואָס דאָס האָט פיעללייכט געווירקט דער פערפאסער זאָל ניט פערפעהלען זיין ערהאבענעם ציעל. דער „תעודה בישראל" איז געשריעבען געוואָרען אין דעם מילדען טאָן פון דעם וואהרען דענקער; ער האָט ניט אָנגעגריפען מיט כעס און געוואלט; ער האָט ניט געשני־טען מיט זיין קריטיק פונקט דאָרט, וואו עס טהוט וועה צום שטארקסטען; אמת, ער האָט געריסען דעם פונדאמענט, אָבער, וויא דיא אלטע אידישע געלעהרטע האָבען איהם געהייסען: „דברי הכמים בנחת נשמעים".

האָט לעווינזאָהן אבזיכטליך אזוי געשריעבען? האָט ער גע־וואוסט, אז דערמיט קען מען בעסער געווינען? ניין! לעווענזאָהן איז דאמאָלס געווען אין זיין בליהענדער יוגענד, ווען דער גייסט שטורמט און עס איז איהם שווער איינצוהאלטען. אָבער טיעפער אריינקוקענדיג, זעהען מיר אין דעם לעווינזאָהן'ס עדעלע נשמה, דעם מילדען גייסט און דאָס גוטע הארץ. עס איז געווען זיין נא־טור צו זיין עדעל און ער האָט אנדעריש ניט געקענט האנדלען. אפילו אין זיינע סאטירישע און בייסענדע ווערק, האָט ער אויך מעהר געזוכט צו זיין איבערצייגענד וויא אנגרייפענד.



# קאפיטעל 6.

לעווינזאָהן האָט געליטען הונגער, מאנגעל, נויט און רדיפות זייט דער צייט וואָס דער „תעודה בישראל“ איז ערשיענען.

וויא מיר האָבען שוין איינמאָל בעמערקט, איז ער אין אנפאנג געוועזן זעהר געקרענקט דאריבער, אָבער שפּעטער, ווען דיא אידישע גרויסע געלעהרטע פון זיין צייט האָבען איהם אנערקענט און איהם אָבגעגעבען זיין גוט־פערדיענטען שבח, האָט ער זיך געטרייסט און מקבל באהבה געווען זיינע ליידען. ער האָט באלד פערגעסען אן זיינע צרות און אָנגעהויבען צו קלערען וועגען ווייטערע מיטלען וויא צו עררייכען דיעזע וואָס ער האָט געזוכט צו ראטעווען.

לעווינזאָהן האָט איינגעזעהען, אז זיין „תעודה בישראל“ איז איינע פון יענע מעדיצינען, וועלכע ווירקען ערשט נאָך לאנגע יאָהרען. דיא וויסענשאפטליכע קריטיק, האָט ער איינגעזעהען, איז א צו הארטער ביסען און ער קען דערמיט ניט גרייכען אלעמען. ער האָט אלזאָ בעשלאָסען אָנצו־ווענדען אנדערע מיטלען, און ער האָט אויסגעפונען, אז דיא סאטירע איז דער בעסטער רעצעפּט.

אין יאָהר 1832 זיינען פון איהם ערשיענען צוויי פּאמפלעטען, „דברי צדיקים“ און „עמק רפאים“.

מיט א קורצע צייט צוריק איז ערשיענען א ספר מיט דעם נאָמען „מגלה טמירין“. דאָס איז א קאָרעספּאָנדענץ צווישען חסידים אין א מערקווירדיגע העברעאישע שפּראך, וועלכע איז א חוזק מאכען פון דעם פערדאָרבענעם אידיש־העברעאיש וואָס דיא חסידים האָבען געשריעבען. דאָרט ווערען דערצעהלט פון דיא ווילדע און נאררישע נסים ונפלאות פון דיא „גוטע אידען“ אין א בעהאלטענעם הומאָר. עס ווערט בעהויפּטעט, אז ענטוועדער לע־ווינזאָהן האָט אליין געשריעבען דעם „מגלה טמירין,“ אָדער ער איז געווען א הויפּט מיטארבייטער אין דעם.

דער „דברי צדיקים“ און דער „עמק רפאים“ איז א מין נאָכ־פאָלגענדע סעריע צום „מגלה טמירין“. דער „דברי צדיקים“ איז צום ערשטען געדרוקט געוואָרען אין וויען, און שפּעטער צוזאמען מיט דעם „עמק רפאים“ איז ער געדרוקט געוואָרען אין אָדעס.

דער „דברי צדיקים“ ענטהאַלט דריי בריעף און דיאלאָגען (געשפּרעכען) צווישען צוויי חסידים אין „חסידים שטיבעל“, אָדער קלייזעל „בק"ק אָליק". דיא קאָרעספּאָנדענץ און דיא דיאלאָגען זיינען איבער דעם „מגלה טמירין“ וואו מען האָט געדרוקט פאָלגענדען נאָמען פון פערפאסער: „החסיד ר׳ עובדיה בן פתחיה“. דיא סאטירע אין דיעזען ווערק איז איינע פון דיא בעסטע אין דיעזער ארט ליטעראטור. צום שלוס קומט א פראכטפאָלע סאטירישע ריימען־אבהאנדלונג מיט דעם נאָמען „בי־כסא“, וועלכעס איז א „מזמור לבן־יהודה להשכיר“, צייגענדיג דערמיט דיא צולאָזענהייט פון דיא חסידים. דער „עמק רפאים“ איז עהנליך צו זיין אידי־שעם ווערק דיא „הפקר וועלט“, שילדערנדיג דיא מעשים תעתועים פון דיא צדיקים, אויך דורך „מעסמעריזמוס“, אָבער פיעל ברייטער, דייטליכער און איבערצייגענדער.

דאָס אלעס איז געשריעבען אין דער קונסטפאָלער חסידים־שפּראך, און עס האָט געגרייכט זיין קרייז לעזער. דיא פערטשטעלט־קייט אין סטיל און געדאנקען איז געווען אזוי גוט און געלונגען, דאָס פיעלע חסידים האָבען עס גערעכענט אלס א ספר פון איינעם פון זיי, וואו עס ליעגט „קדושה“, און זיי האָבען עס געלעזען ניט בעגרייפענדיג אנפאנגס וואוהין עס ציעלט. ערשט ווען זיי זיינען פערטיג געוואָרען דערמיט, האָבען זיי איינגעזעהען, אז זיי האָבען געהאט א טעות, אָבער דיא ארגומענטען און בעווייזע האָבען שוין געמאכט זייער איינדרוק.

מיר ערבליקען דאמאָלס דעם קעמפּפער וויעדער וואָהנענדיג אין קרעמעניין. אָבער ער האָט ניט געוואָהנט אין שטאָדט, זאָנ־דערן ווייט אוועק, אָבגעזונדערט פון זיינע בני־עיר, ערגעץ־וואו אין א פערוואָרפענע שטיבעלע, וואו אונמוטה האָט איהם בעגריכט אין דער פריה, פערצווייפלונג אבענד און אונזיכערהייט מיט הונגער

אין דער טיעפּער שטילקייט פון דער נאכט, ווען ער איז געזעסען און געלערענט.

צו יענער צייט האָט לעווינזאָהן ערהאלטען א בריעף פון זיין אלטען פריינד פון גאליציען, ה׳ בעריש בלומענפעלד, וועלכער דערצעהלט איהם, אז ער האָט געלעזען זיינע לעצטע צוויי כאטי־ רישע ווערק און פיעל הנאה געהאט. „אָבער צו וועלכען צוועק, מיין פריינד", שרייבט ווייטער ה׳ בלומענפעלד, „זאָלסטו מקריב זיין דיין געזונד און דיין לעבען פיר אזעלכע זאכען? כלעבען אז אלע חסידים פון דער וועלט פערדיענען ניט, אז דו זאָלסט אָבגע־ בען דיין קאָסטבארע צייט פיר זיי. עס איז איבערהויפּט אן אומ־ זיסטע ארבייט, דוא קענסט זיי גאָר ניט טהאָן. זייער דומהייט אין פערביייטעטע נארישקייט, איבערשטייגט אלעס און מיר ווען ניט אימשטאנדע זיין ליכטיג צו מאכען אין זייערע פינסטערע מוהות. אדרבא, זיי ווערען נאָך פאנאטישער דורך אזעלכע אנ־ גריפע. איבעריגענס, איז עס געוועזען מיין פליכט דיר צו זאָגען, און וויא דוא ווילסט, אזוי זאָלסטו האנדלען".

אָבער זיין פריינד האָט איהם ניט פערשטאנען און אויך ניט געזעהען וואָס פאר א פריכטע לעווינזאָהן׳ס ארבייט טראָגט.



# קאפּיטעל 7.

דאָס מערקווירדיגסטע אין יצחק בער לעווינזאָהן'ס לעבען פון יענער צייט איז געווען, וואָס בשעת דיא פאנאטיקער האָבען איהם געזידעלט, בעליידיגט און געמאכט צו שאנד, האָבען זיי זיך אויך געווענדעט צו איהם נאָך הילף. ווען מען האָט איינעם געפּרעגט, ווארום, ווען ער האכט אזוי לעווינזאָהנען, וויא קומט עס ער זאָל פון איהם פערלאנגען טובות? האָט ער געענטפערט: „דער גוי איז טרפה, נאָר זיין מטבע איז כשר".

אָבער כאָטש ביים אָרימען לעווינזאָהן האָט מען קיין מטבעות ניט געקענט קריעגען, האָט מען פון איהם געהאט טובות, וועלכע האָבען ווערטה געהאט מעהר וויא געלד: ווען א קהלה אָדער א יחיד איז געווען אין נויט, טאקי דורך דיא מסירות פון איין הסידישער פארטיי אויף דער צווייטער, אָדער גלאט דורך א בלבול־דם וואָס איז דאמאָלס פאָרגעקומען זעהר אָפט, האָט מען זיך באלד געווענדעט צו לעווינזאָהן'ען, אז ער זאָל ממליץ זיין, דאָס הייסט, שרייבען צום קיסר, וואו ער איז געווען א חשוב, און בעטען רחמים, גנאדע.

לעווינזאָהן'ס בריעף האָבען אימער געווירקט און דערפאר איז זיין פאפולאריטעט געוואקסען. אָבער מען דארף ניט פערגעסען, אז דיא אונגליקליכע פאנאטיקער האָבען אויף איהם אלץ געקוקט ניט מעהר וויא אויף א גוטען גוי.

פון דעסטוועגען זיינען אויך אויפגעשטאנען אייניגע קהילות וואָס האָבען אָנגעהויבען אנדערש צו דענקען וויא דיא גרויסע און אונוויסענדע מאסע און זיי האָבען געוואָלט איינפיהרען אזעלכע רעפאָרמען אין זייער לעבען לויט וויא דער „תעודה בישראל" האָט זיי געלערענט. זיי האָבען זיך באלד געזעצט אין פערבינדונג מיט לעווינזאָהנען דורך בריעף און ער האָט זיי פיעל געהאָלפען דורך זיין איינפלוס ביי דער רעגיערונג.

וועהרענד דעם, האָט לעווינזאָהן געליטען פון קראנקהייט, אָרימקייט און איז געווען שטארק בעשעפטיגט אין זאמלען דעם גרויכען און וויטציגען מאטעריאל פיר זיין ווערק „אפס דמים“.

אויב דיא ארבייט פון דיעזעס ווערק האָט געהאט עפּעס צו טהאָן מיט דער טרויריגער ערפאהרונג וואָס זיין פעטער חיים האָט דורכגעמאכט, מיט דער שבועה וואָס זיין טאטע יהודה האָט געשוואָרען צו בעווייזען דעם ליגען פון עלילת דעם, אָדער מיט דיא בלבולים וואָס האָבען געהערשט אין זיין צייט, איז ניט דייטליך געננוג, אָבער א פאקט איז עס, אז לעווענזאָהן האָט זיך גענומען צו אן ארבייט וואָס וועט פערבלייבען אלס דער וויכטיגסטער דאקומענט פון אידישער אפּאָלאָגעטישער ליטעראטור פון יענער צייט.

לעווינזאָהן האָט פערשטאנען פרעמדע שפּראכען. אז ער איז ניט געווען פרעמד פון גריכיש און לאטייניש, זעהען מיר פון זיין ווערק „תעודה בישראל“, און אז ער איז געווען גוט בעוואנדערט אין רוסיש, מערקען מיר זיך פון זיין ווערק „יסודי השפה הרוסית“ וואָס ער דערמאָהנט אין „תעודה בישראל“, וועלכעס ער האָט אליין פערפאכט, און פון דעם פאקט, אז ער איז געווען א סעקרעטער נאָך אין זיין פריהער יוגענד ביי א רוסישען גענעראל. זיין קאָררעספּאָנדענץ אין דער דייטשער שפּראכע, ווייזט אויך, אז ער האָט גוט פערשטאנען דיא בעריהמטע דייטשע קלאסיקער און ער האָט געקענט שרייבען א בוך אין איינער פון דיעזע צוויי שפּראכען. דאָך, שיינט עס, אז זיין בעשיידענהייט איז געווען צו גרויס און ער האָט ניט געוואגט צו שרייבען ווערק אין א שפּראך, וואו ער איז ניט געווען קיין פאָלשטענדיגער מייסטער.

דער „אפס דמים“ איז ספּעציעל פערפאסט געוואָרען פאר דער קריסטליכער וועלט, צו בעווייזען, אז עלילת דעם איז אן אויסגעטראכטע זאך, און עס שטאמט גאָר דערפון וואָס דיא אידען האָבען דיעזע בעשולדיגונג צום ערשטען אויפגעהויבען געגען דיא קריסטען, ווען דיא לעצטע זיינען נאָך געווען צו שוואך, און דאן, ווען דיא קריסטען זיינען געוואָרען מעכטיגער, האָבען זיי דיעזע בעשולדיגונג אויפגעהויבען געגען דיא אידען.

דער „אפס דמים" איז א מייסטער־ווערק פון היסטאָרישע דאָקומענטען צו בעווייזען, אז אידען האָבען אימער געליטען פאר א בלבול וואָס איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען. דאָס ווערק איז צום ערשטען מאָל געדרוקט געוואָרען אין ווילנא אין יאָהר 1833 און איז ערשיענען אין דער פאָרמע פון א ויכוח, אָדער דיאלאָג צווישען א אידען און א קריסט.

דער סטיל איז זעהר לייכט און דייטליך, ווייל דיא אבזיכט פון דעם פערפאסער איז געווען, אז דאָס זאָל באלד איבערזעצט ווערען אין פרעמדע שפראכען און גרייכען דעם קרייז לעזער, פאר וועמען עס איז געשריעבען געוואָרען. אז לעווענזאָהן האָט זיין ציעל ניט פערפעהלט, בעווייזט דיא נאָהענטע צוקונפט, ווען דער „אפס דמים" איז ווירקליך איבערזעטצט געוואָרען אין אנדערע שפראכען און געמאכט זיין געווינשטען איינדרוק.

לעווינזאָהן איז אלט געווען בלויז 45 יאָהר, ווען ער האָט גע־ענדיגט זיין „אפס דמים", און אזוי שנעל וויא דאָס בוך איז ארויס אין דער עפענטליכקייט, האָט עס צוגעצויגען דיא אויפמערקזאמ־קייט פון דער געלעהרטער וועלט. מיט א קורצער צייט שפּעטער איז געשעהען דער עלילת־דם אין מאראָקאָ, וואָס האָט דאמאָלס אויפגעציטערט דיא גאנצע אידישע וועלט און ניט ווייניג אונרוהען ארויסגערופען אויך צווישען אייראָפּעאישע נאציאָנען.

סיר מאָזעס מאנטעפיאָר האָט זיך בעגעגענט מיט אדאָלף קרעמיע און אלבערט קאהן און זיי האָבען בעשפראָכען וואָס עס איז צו טהאָן אום דיא קריסטליכע וועלט זאָל אויפגעקלעהרט ווערען איבער דעם בלבול דם און מען זאָל וויסען, אז דאָס איז ניט מעהר וויא אויסגעטראכט. דער רעזולטאט פון דיעזען געשפּרעך איז געווען, וואָס דר. אליעזר לעווע, סיר מאָזעס מאָנטעפיאָר'ס סעקרעטער, האָט איבערזעטצט דעם „אפס דמים" אין ענגליש. דיא איבערזעטצונגען פון דעם „אפס דמים" אין דייטש און רוסיש, האָבען נאָכגעפאָלגט שפּעטער.

# קאפיטעל 8.

וועהרענד לעווינזאָהן האָט אזוי פיעל געארבייט און אזוי פיעל געווירקט פאר זיין פאָלק, האָט ער דערוויייל געליטען הונגער. ער האָט אפילו ערהאלטען זעהר פיעלע ליוב־בריעף מיט קאָמפּלימענטען פון דיא רייכע און מעכטיגע אידען פון זיין צייט אין אויסלאנד און רוסלאנד, אָבער זעלטען ווען איינער האָט זיך אינטערעסירט מיט דער פראגע: וויא לעבט דער גרויסער אידישער געלעהרטער? פון וואנען נעהמט ער אויף דער הוצאה?

מיר מוזען זיך יעצט צוריק קעהרען צום יאָהר 1837 אום דורכצולעבען מיט לעווינזאָהנען איינע פון דיא טרויעריגסטע בעגעבענהייטען אין זיין קאריערע. ער האָט געוואָהנט, וויא מיר האָבען שוין דערמאָהנט, אין א שטיבעלע, העט ווייט פערוואָרפען פון דער שטאָדט. זיין איינציגער בעשטענדיגער קאָמפּאניאָן איז געווען זיין פאָטער, דער אלטער יהודה. זוהן און פאָטער האָבען זיך גוט פערשטאנען איינער דעם צווייטען און זיי האָבען זיך געלערענט צוזאמען ליידען און ערטראגען דיא יסורים פון זייער שיקזאל.

צו יענער צייט, איז יהודה געשטאָרבען. דאָס איז געווען א שטארקער קלאפ פאר יצחק בער'ן. מיר ווילען דאָ איבערגעבען זיינע אייגענע ווערטער פון דיא שריפטען, וואָס ער האָט איבערגעלאָזען וועגען זיין פאָטער:

„מיין טאטע איז געווען ביי אלע זיינע חושים ביז זיין טויט", שרייבט יצחק בער. „בלויז זיין חוש־השמע (הערען) איז קאליע געוואָרען מיט א קורצע צייט פריהער. זיין געזיכט איז געווען קלאָר, זיינע אויגען ריין, און אין דעם טאָג וואָס ער איז געשטאָרבען, האָט ער עפּעס איבערזעטצט פון של"ה. אזוי האָט ער זיך אימער נוהג געווען ווען איהם איז געפעלען געוואָרען אן אָבהאנדלונג אין א ספר. ער האָט תמיד געשעפּאָטעט פון דער וועלט'ס נאַרישקייט אין יאָגען זיך נאָך פערגניגען, תאוות און פערמעגען.....

מיט א טיעפעם געפיהל פון מיטלייד האָט ער אימער בעטראכט אלע מענשען, און ניט זעלטען האָט ער אויך בעדויערט דיא בהמות און עפות, וואָס זיינען געבאָרען געוואָרען נאָר צום ליידען. דער־פאר פלעגט ער אימער זאָגען: „נח לו לאדם שלא נברא„ — בעסער אז מען ווערט גאָרניט געבוירען. אויף א יונגען מאן, וואָס האָט געטהאָן א פעהלער, האָט ער תמיד געפונען א זכות. איבערהויפט האָט ער קיינעם ניט פערדאמט און האָט בעמערקט: „בשגם הוא בשר“ — ער איז דאָך בלויז א מענש פון בלוט און פלייש. וואָס איז נוגע מצוות, האָט ער זיך שטרענג געהאלטען אן „שולחן ערוך“; וואָס עס אנבעלאנגט אָבער פון דיא אנדערע מצוות און מנהגים וואָס מען האָט איינגעפיהרט, האָט ער פון זיי ניט גע־וואָלט וויסען. ער האָט אויך בעמערקט: „צו אלעמען דארף מען האָבען מזל; דער שלחן ערוך אורח חיים האָט מעהר מזל פון דעם שולחן ערוך חושן משפט, וואָס רעדט פון דעם רעכט ווענען מיינע און דיינע; דער ערשטער טהייל פון דעם יורה דעה האָט מעהר מזל פון דעם צווייטען וואָס רעדט איבער פראָצענט, תלמוד תורה, צדקה, כבוד אב; מיט דעם ערשטען טהייל גיט מען זיך זעהר שטארק אָב און אָן דעם צווייטען פערגעסט מען“ — מיין טאטע האָט זיך געהיט קיינמאָל ניט צו רעדען א שלעכטעס וואָרט איבער א צווייטען.

צו זעטען זיין הונגער איז פאר איהם געגוג געווען ווענינ. ער איז געווען א מערקווירדיג שעהנער מענש און הויך געוואקסען. ער האָט זיך אימער געבעטען ביי גאָט ער זאָל ניט זיין קראנק פאר זיין טויט כדי ער זאָל ניט דארפען אנדערע פלאגען און זיך אליין מאטערן. און זיין וואונש איז מקוים געוואָרען. ער האָט אָבגעדאַ־ווענט מנחה, וויא זיין מנהג איז געווען, צוויי שטונדען פאר נאכט, עפעס געלערענט; דערנאָך האָט ער פערדויכערט זיין לולקע, זיך געלעגט אויף'ן בעט זיך אויסרוהען. דאן האָט ער צוגערופען מיין שוועסטער פייגע, איהר געגעבען דיא לולקע אוועקצולייגען און גע־בעטען זיא זאָל איהם צודעקען, ווייל ער שפירט קאלט. אזוי וויא זיא האָט זיך נאָר אומגעווענדעט, איז זיין נשמה אויסגעגאנגען“.

ר׳ יהודה איז אלט געווען 80 יאָהר, ווען ער איז געשטאָרבען. זיין זוהן, ר׳ יצחק בער לעווינזאָהן זאָגט ווייטער דיזע ווערטער: „מען האָט מיין טאטען בעהאלטען מיט זיינע עלטערן אויף׳ן בית עלמין פון קרעמעניץ, און פיר זיין מצבה האָב איך אויפגעשריעבען עטליכע פערזען, וועהרענד מיינע הענד האָבען געציטערט, מיינע אויגען זיינען געווען פול מיט טרערען, און זייענדיג אזוי בעטריעבט, האָב איך ניט געאכטעט אויף׳ן ליטעראַרישען סטיל, און דאָס איז ארויס פון מיין פעדער:

## מכתם לציון.

פה יישן איש אמונים
זקן נכבד נשוא פנים,
ירא אלהים הולך בתומתו,
חכם וסופר, יקר לאומתו,
מו״ה לעווין יכונה יהודה
בר׳ יצחק ז״ל ממשפחת כבודה,
הגיע לגבורות ומת בנשיקה,
עצם עיניו בשינה מתוקה
בירח בול בעשרים וארבעה
פה בשפל שמשו באה
ותזרח בעולם, מות בו אין
בשנה זו ה׳ תקצז״ן.

דער שוואכער און קראנקער לעווינזאָהן איז געווען אזוי גערירט פון זיין פאָטער׳ס טויט, אז עס האָט געדויערט היבשע עטליכע וואָכען ביז ער איז ווידער אימשטאנדע געווען פאָרטצוזעטצען זיין ליטעראַרישע ארבייט.

מיר ערפאהרען, אין דער זעלבער צייט, אז ער האָט געוואָהנט צוזאמען מיט זיין שוועסטער, פייגע. זיא האָט געהאט קינדער, אָבער מיר בעגעגענען ניט, אז זיי האָבען געשפיעלט אירגענד

וועלכע וויכטיגע ראָלע אין זיין לעבען ביז צום ענדע פון זיינע יאָהרען. מיר מערקען זיך, אז זיין שוועסטער איז אויך געוועזן אָרעם, אָבער זיא האָט דעננאָך געזעהען וויא וויים מעגליך איהר געלעהרטער ברודער זאָל ניט צו פיעל ליידען, און, מיר מעגען מיט רעכט זאָגען, אז דיעזער עדעלער פרוי איז פיעל צו פערדאנקען וואָס לעווינזאָהן׳ס זשעניאלע ווערקע האָבען געקענט פאָרטגעזעצט ווערען און ער זאָל ניט אונטערגעהען אין זיין פערצווייפלונג.

עס שיינט, אז דער פונדאמענט פיר זיין ווערק „בית יהודה“, איז געלעגט געוואָרען נאָך מיט יאָהרען צוריק. ער האָט שוין גע־ האט אויסגעארבייט דעם גאנצען סיסטעם וויא דאָס ווערק זאָל אויסזעהען און וואָס עס זאָל בעהאנדלען. אָבער אזוי וויא ער איז געוועזן איינער פון דיא פינקטליכסטע ליטעראַרישע ארבייטער, האָט עס איהם זעהר פיעל געשטערט וואָס ער האָט ניט געהאט דיא נעטהיגע רעפערענץ־ביכער צו זיין ארבייט.

לעווינזאָהנען האָבען ניט נאָר געפעהלט ווערקע אין אנדע־רע שפראכען, זאָנדערן, ער האָט אויך ניט געהאט דיא נעטהיגע העברעאישע ספרים. ער האָט זיך דערפאר געזעטצט אין פער־ בינדונג מיט זיינע בעקאנטע, דיא געלעהרטע פון אנדערע שטעדט, און ביי זיי געליהען ספרים.

ניט נאָר איינמאָל האָט עס פאסירט וואָס ער האָט געווארט אויף א ספר מען זאָל עס איהם בּאָרגען, און דאָס האָט געדויערט א חודש און אמאָל צוויי. א׳ן אנדער מאָל האָט געטראָפען, אז מען האָט איהם ערשט געענטפערט מיט א מאָנאט שפעטער, אז דאָס ספר וואָס ער זוכט, געפינט זיך ניט דאָרט. דערווייל איז זיין ארבייט אונטערבראָכען געוואָרען און ער פלעגט זיין אין דער גרעסטער פערצווייפלונג.

אזוי זיינען פאַראיבער יאָהרען, און ערשט אין 1828 איז בעדטיג געוואָרען דער „בית יהודה“. ער האָט דאָס גלייך אוועק געשיקט קיין ווילנא צום צענזאָר און ער האָט באלד ערהאלטען א׳ן ערלויבניס דאָס צו דרוקען. אום זיך צו מאכען א געגויען

בעגריף פון זיין צושטאנד, וועלען מיר דאָ איבערגעבען וואָס ער האָט אליין געשריבען וועגען יענער צייט:

„צרות האָבען מיר ניט געפעהלט. איך בין קראנק געוואָרען און האָב אָבגעקרענקט גאנצע צוויי יאָהר צייט. איך בין געבליבען אזוי עלענד, אז איך האָב בוכשטעבליך ניט געהאט א שטיקעל ברויט און אביסעל פרישע וואסער צום טרינקען. פערלאָזען פון אלעמען, אָהן א שטראהל פון האָפנונג, האָב איך געמוזט קעמפפען מיט מיין ביטערען מזל. פלוצלונג איז מיר אָנגעקומען א בריעף פון דעם געלעהרטען ר׳ מישה לאנדוי פון פראג, וועלכער האָט מיר געשריבען, אז ער האָט געהערט פון מיין ספר „בית יהודה" אין כתב יד און ער וויל דאָס דרוקען"...

אָט אין דעם זעהען מיר לעווינזאָהנען אין זיין גרויסער הערליכ־קייט. ער האָט געליטען אָהן א שיעור, אבער ער האָט באלד אָן אלעמען פערגעסען ווען ער האָט געהערט, אז עס געפינט זיך א מענש וואָס וויל פערעפענטליכען זיינע אידעען פאר דער וועלט.



# קאפיטעל 9

גים זיך צו מאכען דעם בעסטען בעגריף איבער לעווינזאָהן'ס „בית יהודה", מיזען מיר שטודירען דיא אורזאכע וואָס עס האָט איהם בעוואָגען צו שרייבען דיזעס ווערק.

עס איז געוועזען אין יאָהר 1821, ווען דער רוסישער בילדונגס־מיניסטער, עמנואל ליווען, איז אויפמערקזאם געוואָרען איבער לעווינזאָהן'ס טהעטיגקייט. ליווען איז געוועזען א געבילדעטער קריסט פון דער קלאס וואָס האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען וויא אזוי אידען קענען בלייבען הארטנעקיג און ניט אָננעהמען יעזוס קריסטוס אלס זייער משיח. ער האָט געלעזען מאנכע ווערק וואָס האָבען געוואָרפען א דונקלען שאטען אויף דעם יודענטהום, און רעכנענדיג לעווינזאָהן'ען פאר א'ן ערנסטען מענשען, עהרליכער דענקער און א'ן עקספערט אין יודענטהום, האָט ער זיך צו איהם געווענדעט מיט א בריעף וואָס האָט ענטהאלטען פאָלגענדע פראגען:

„וואָס איז דער פונדאַמענט פון תורת משה לויט דער אויפפאסונג פון דעם תלמוד און דיא רבנים?

„געפינען זיך אידישע פערפאַסערס פאַר תורת משה, און ווען יא ווארום ווערען זיי ניט דערמאָהנט אין תורת משה און דיא ווערקע פון דיא נביאים.

„אין וואָס פאַר א כתב איז געשריעבען געוואָרען דיא תורה?

„זיינען, וועהרענד דער צייט וואָס דיא ביבעל איז געשריעבען געוואָרען, ערשיענען נאָך אנדערע אידישע ספרים?

„איז דאָס אמת, אז דער תלמוד זאָגט, דאָס אין דיא מצוות פון תורת משה געפינט זיך גאָר קיין שכל ניט אָדער אורזאַכע, און ווען דאָס איז אַזוי, ווארום זאָלען דיא פעלקער מודה זיין, אַז מען דאַרף דאַנקען דיא אידען פאַר זייער חכמה און פערשטאַנד ווען עס איז אין דעם קיין שכל ניטאָ?

„איז דאָס א פאַקט, אַז דער תלמוד און דיא רבנים ערקלערען, דאס דיא מצוות פון תורת משה צווישען מענש און מענש, זיינען נאָר געזאָגט געוואָרען צווישען אידען און אידען און ניט אויף קיין אַנדערע?

„איז עס ערלויבט אַ אידען צו בעגעהען אַלע פערברעכענס געגען דעם ניט־אידען, איבערהויפּט געגען קריסטען וואָס דער איד רעכענט פאַר זיינע שונאים?

„אויף וואָס איבערהויפּט איז געגרינדעט געוואָרען דער תלמוד, וואָס איז זיין אינהאַלט, ווער האָט איהם פערפאַסט, אויף וואָס פיר אַ פּלאַטץ און אין וועלכער שפּראַך?

„וועלכע זיינען דיא ווערק וואָס בעלאַנגען צום תלמוד, און אויב עס געפינען זיך נאָך ספרים וואָס אידען פערהייליגען וויא דעם תלמוד, ווער האָט זיי פערפאַסט, וואָס איז זייער אינהאַלט?

„געפינען זיך אין תלמוד אויך שכל׳דיגע זאַכען, ווייל, לויט וויא מען בעהויפּטעט, איז ער בלויז פול מיט נאַררישקייטען און לעגענדען געגען דעם געזונדען מענשענפערשטאַנד?

„וויא האָבען זיך ערלויבט דיא תלמודיסטען צוצולעגען און אראָבצונעהמען פון דיא מצוות פון דער תורה, ביז דיא תורה זעהט היינט גאַנץ אַנדערש אויס, ווערענד דיא תורה זאָגט בפירוש: „לא תוסיפו ולא תגרעו“?

„געפינען זיך נאָך פון דיא סעקטען פון בית שני אויך היינט?

„ווער זיינען דיא קראים (קאַראַאימען) און ווען האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו עקזיסטירען?

„איז דאָס אמת, אַז דיא היינטיגע אידען בעלאַנגען צו דיא פרושים פון בית שני וואָס אונזער געזעצגעבער (יעזוס) האָט זיי פערדאמט פאַר זייערע בעטריעגערייען און שלעכטע אויפפיהרונגען?

„וואָס טויגען אייך דיא טויזענדער דינים און סייגים וואָס דורך זיי פערברייגגט איהר אייער גאַנצע צייט, אייער לעבען און שטערט אייער אַרבייט, ווען זיינען זיי געמאַכט געוואָרען? ווער האָט פאַר אייך פערפאַסט דיא אונצעהליגע נאַרישע צערעמאָניען, וועלכע זעהען אויס וויא געמצענדיענסט?

„וואָס בעדייטעט דיא סעודה אין דער נאַכט פון פסח, איהרע ווילדע צערעמאָניען, וואָס האָט געפיהרט אַז מען זאָל אייך דערפאר בעשולדיגען אין עסען קריסטען־בלוט?

„געפינען זיך ערגיין אין אייערע ספרים אזעלכע ווערטער וואָס זאָלען ארויסרופען האַסס און פעראכטונג געגען קריסטענטהום, געגען קריסטוס׳ן און געגען זיינע אַפּאָסטאָלען?

„איז דאָס וואַהר, אז לויט דעם תלמוד איז עס פערבאָטען פאַר אַ אידען צו לערנען פרעמדע שפראכען, וויסענשאַפט, קונסט אָדער זיך בעשעפטיגען מיט ערד־אַרבייט?

„ווער האָט פערפאַסט דיא אידישע תפילות, זייערע ניגונים, וואָס איז זייער אינהאַלט, אויב זיי ענטהאַלטען שימפּפערייען געגען אַנדערע אמונות, וואַרום זיינען זיי אַזוי לאַנג, וואַרום אָהן א סיסטעם, און וואַרום איז ביי אייך ניטאָ קיין אָרדנונג אין דיא שוהלען ווערענד אייערע געבעטע?

„וואָס איז דאָס פאַר אַ ספר זוהר, ווער האָט איהם פערפאַסט, געפינען זיך דאָרט זאַכען געגען תלמוד, איז ער ווירקליך גענייגט צו דיא פונדאַמענטאַלע פּרינציפּען פון אַנדערע גלויבענס. געפינט זיך דאָרט און אין אַנדערע קבלה־ספרים עפּעס וועגען דער קריסטליכער דריי־איינינקייט?

„וואָס איז דיא טהעאָלאָגישע און פראקטישע קבלה, ווער האָט זיא אויסגעפונען און צו וועלכער צייט?

„וואָס איז דיא שכינה, קליפּות, שטן׳ס, סודות, כוונות, שמות און בעשווערונגען?

„איז עס וואַהר, אז דער זוהר און דיא קבליסטען צייגען, אז תורת משה איז פול מיט אנדייטונגען און רמזים?

„איז דאָס אמת, אז דער גלויבען אין שבתי צבי הערשט נאָך היינט אויך און ער איז געגרינדעט אויף דעם זוהר און דיא קבלה?

„זיינען געוועזן אָדער זיינען אויך דאָ ביי אידען ריכטיגע בילדונגס־אַנשטאַלטען, האָבען זיי אַ וויסענשאַפטליכע ליטעראַטור, ווען יא, וואָס דענקען דיא מאסען דאַריבער?

„האָבען דיא אידען פראַקטישע און גוטע איינריכטונגען צו העלפען

זייערע אָרימע לייט, זייערע קראַנקע און זייערע אָרימע סטודענטען;

„ווער זיינען דיא חסידים אין רוסלאנד,וואָס ווילען זיי, ווער האָט זיי געגרינדעט, צו וועלכער צייט און אין וועלכע פרעצער האַלטען זיי זיך אויף, אויב זיי האָבען בעזונדערע שוהלען, וויפיעלע סעקטען געפינען זיך צווישען זיי, און אויב עס זיינען קירצליך נאָך געוואָרען נייע סעקטען?

„איז דאָ נאָך עפּעס א האָפנונג צו רעפאָרמירען דאָס יודענטהום, ווען יא, וויא אַזוי?

„וואָס איז דער משיח אויף וועלכען אידען האָפען, איז דאָס אמת, אַז אידען דענקען צו בעהערשען דיא גאַנצע וועלט ווען משיח וועט קומען און אַנדערע וועלען ניט האָבען קיין חלק אין עולם הזה און עולם הבא?

„וויא קען מען אויפנעהמען אַ אידען אין אַ קריסטליכען פעראיין, וויא קען ער זיך פערשאַפען קריסטליכע פריינד, וויא קען מען איהם אַנפערטרויען אַ'ן אַמט, ווען ער דערוויטערט זיך פון דעם קריסט, ער בעקימערט זיך ניט אום דער טובה פון לאנד און דערפאַר ווילען פיעלע לענדער איהם ניט געבען דאָס בירגער־רעכט?"



# קאפיטעל 10.

ווער עס האָט שטודירט דיא פראגען וואָס דער בילדונגס־מיניסטער האָט איהם געשטעלט, דער בעמערקט אין דעם צוויי וויכטיגע פונקטען: 1) אז ליווען איז געווען בעקאנט מיט דעם רוסישען יודענטהום וויא עס איז דאמאלס אויפגעפאסט געוואָרען, און, 2) אז ער האָט געטהיילט דיא מיינונג פון דיא שונאים פון יודענטהום, און ער איז געווען זעהר נייגיעריג צו הערען וואָס יצחק בער לעווינזאָהן האָט דארויף צו ענטפערן.

מערקווירדיג איז אָבער, וואָס לעווינזאָהן אליין האָט אויך געהאט דיא זעלבע פראגען פאר זיינע אויגען און ער האָט אויף זיך גענומען דיא עובדא זיי צו פערענטפערן. זיין ערשטער שריט איז געווען אין זיין „תעודה בישראל“, וועלכער איז געשריעבען געוואָרען נאָך איידער ליווען האָט געפרעגט דיא הארבע קשיות און לעווינזאָהן האָט פיעלע פון זיי פערענטפערט קודם דיא פראגען זיינען צו איהם געקומען אָפיציעל.

דאָס זעהען מיר אויך פון זיין ענטפער צום מיניסטער, וואו ער צייגט איהם אָן פיעלע תשובות אין „תעודה בישראל“. דאן צייגט ער איהם אויך אויף אנדערע ספרים, פון אידישע און קריסטליכע פערפאסערס, און אויף דעם רעסט, זאָגט ער, וועט ער פערפאסען כפעציעלע ווערקע. דער „בית יהודה“ איז הויפטזעכליך געווען דיא בעהאנדלונג פון אלע פראגען וואָס ליווען האָט געשטעלט.

לעווינזאָהן האָט געוויזען אין זיין „בית יהודה“ א גרויסע געניטקייט אין דער אידישער געשיכטע בפרט און אין דער קריסטליכער ליטעראטור בכלל. ער איז אויך געווען טריי, וואהר און אויפריכטיג און צוגעגעבען פעהלערן, וועלכע זיינען ווירקליכע חסרונות וואָס ער אליין האָט געקעמפפט זיי אויסצוּוואָרצלען; אָבער ער האָט קיין מאָל ניט פערגעסען מלמד זכות צו זיין אויף זיינע אונגליקליכע ברידער און בעוויזען, אז דיא הסרונות וואָס

זיי בעזיטצען זיינען ניט דערפאר ווייל אידען זיינען בטבע שלעכטע אָדער פערדאָרבענע מענשען, זאָנדערן, ווייל דאס טרויעריגע שיקזאל צווישען דיא נאציאָנען האָט זיי געטריעבען צו דיעזער שטופע. אין דערזעלבער צייט ווידער, האָט לעווינזאָהן בעהויפטעט, דאָס אין פאל אידען זאָלען בעסער בעהאנדעלט ווערען וואָלטען דיעזע הסרונות געמוזט אוועקפאלען.

דאס תלמודישע יודענטהום, אין זיין ריינקייט און איינפאכקייט, איז ביי איהם געשטאנען זעהר הויך און ערהאבען. אום דאָס צו פערטהיידיגען, און בעווייזען אז עס איז פערלייםדעט געוואָרען ענטוועדער פון אונוויסענדע אָדער פון שלעכטע מענשען, איז געוועזען זיין הייליגסטער און העכסטער וואונש.

ער האָט פרובירט דאָס צו טהאָן אין זיין „בית יהודה“, אבער ער האָט דאָרט קיין פּלאטץ ניט געהאט. דער פּראָגראם איז איהם געלעגען אין קאָפּ, נאָר אנשטאט עס זאָל בילדען א „תלמודישע אפּאָלאָגיע“, איז דאָס ארויסגעקומען א „יודענטהום אפּאָלאָגיע“, וואו ער האָט געצייגט דעם געשיכטליכען פּאָרטשריט פון דעם יודענטהום, זיינע ענטוויקלונגען אונטער דיא פערשיעדענע פּעריאָדען, דעם פאל און וואקסען לויט אומשטענדען, און דיא פּאָרמע וואָס עס האָט אָנגענומען אונטער דיא אונצעהליגע צוטרעפונגען מיט דיא אידען.

דאָס גאנצע ווערק „בית יהודה“ אָטהעמט מיט א ריינעם אידישען גייסט און ווארפט צום ערשטען מאָל, א מילדען און ווארימען ליכט־שטראהל אויף דער יודענטהום׳ס געשיכטע פון א וויסענשאפטליכען שטאנדפּונקט.

ביז דאמאלס, דאָס הייסט, ביז דער „בית יהודה“ איז ערשינען, איז נאָך יצחק בער לעווינזאָהן געשטאנען אין א צווייפעלהאפטער לאגע ביי דיא פרומע אידישע געלעהרטע. זיי האָבען איהם גערעכענט פאר א ווילדען רעפּאָרמאטאָר, פאר א צושטערער און פאר איינעם וואָס קימערט זיך ניט פיעל וועגען דיא הייליגע קבלות פון א פאָלק. אין „בית יהודה“ האָבען זיי איהם אָבער שויז בעסער פערשטאנען: ער האָט זיי פאָרגעשטעלט דאָס יודענ־

טהום אלס א פּרעכטיגען גאָרטען מיט געטטליכע בלומען, אבער ער האָט זיי אויך אָנגעצייגט דיא דערנער וואָס זיינען דאָרט אויסגעוואקסען און איהם פערוואנדעלט אין א ווילדערנים.

דער ערשטער פון דער פרומער געלעהרטער אידישער קלאסע וואָס האָט זיך אָבגערופען אויף דיעזער ערשיינונג, איז געוועזען ר' מתתיהו שטראשון פון ווילנא, וועלכער האָט געשריעבען צום פערפאסער א בריעף אין יאָהר 1838 און איהם געלויבט און געדאנקט פאר זיין גראָסארטיגער ארבייט.

נאָך איהם האָבען געפאָלגט אנדערע פרומע געלעהרטע און רבנים און אויסגעדריקט זייער טיעפסטע דאנקבארקייט צו לעווינזאָהנען פאר זיין יודענטהום אפּאָלאָגיע אין „בית יהודה".

דיעזע אנערקענונג האָט איהם געגעבען מעהר מוטה ווייטער צו ארבייטען און ער האָט אָנגעהויבען איינצוזעהען, אז זיין הויפּט־פּפליכט איז נאָך ניט ערפיללט. אמת, אין „תעודה בישראל" האָט ער געלאָזען הערען דעם טראָמפּעט צו דער געטטין פון אויפ־קלערונג און ליכט; אין „אפס דמים" האָט ער פערטהיידיגט זיין פאָלק געגען א'ן אונגערעכטער בעשולדיגונג, און אין „בית יהודה" האָט ער געוויעזען דיא שעהנהייט פון ריינעם יודענטהום. אָבער וואָס האָט ער געטהאָן צו דיא פראגען וועגען דעם תלמוד וואָס ליוזען האָט איהם געשטעלט? וואָס האָט ער געענטפערט אויף דיא אונצעהליגע בעשולדיגונגען געגען דיא תלמודיסטען? וואו איז זיין תשובה צו דיעזע, וועלכע האָבען אויסגעטראכט אלערליי בלבולים געגען א ווערק וואָס זיי האָבען ניט פערשטאנען און בעגריפען?

לעווינזאָהן האָט געזעהען, אז דיזען ענטפער איז ער שולדיג געבליעבען.

דער תלמוד. לויט לעווינזאָהן'ס אויפפאסונג, איז א ווערק וואָס מוז טיכטיג שטודירט ווערען, און עס דויערט יאָהרען, פיעלע יאָהרען, ביז מען ערגרינדעט זיין ציעל, זיין גייסט און זיינע שטרעבונגען. דאָס אלעס ערפאָרדערט א וויסענשאפטליכע און לאָגישע אבהאנדלונג אין א בעזאָנדערעס ווערק.

לעווינזאָהן האָט געפּאסט דעם בעשלוס אָנצופאנגען דיעזע ריעזינגע ארבייט, אָבער עס איז נאָך ביי איהם ניט געווען קלאָר אין קאָפּ אויף וועלכער ארט ער זאָל דאָס שאפען. שפּעטער, האָט ער געקריעגען א זעלטענע גלעגנהייט וואָס האָט ארויסגערופען זיין מאָנומענטאלעס ווערק „זרובבל”, וואו לעווינזאָהן האָט איינמאָל פאר אלע מאָל.געוויעזען ווער און וואס דער תלמוד איז.

אין זיינע לעהרע שטונדען, ווען לעווענזאָהן איז ניט געווען שטארק בעשעפטיגט מיט זיינע ליטעראַרישע ארבייטען, פלעגט ער צייטענווייז שרייבען פערזען. עס איז וואהר, קיין שטארקע פּאָעזיע געפינט זיך ניט אין זיי, דערפאר אָבער זיינען זיי שארף און זעהר געדאנקענרייך. אויף דער אידעע, דאָס אביסעלע פילאָזאָפיע פער'שיכור'ט און שאדעט דעם מענשען, און פיעל דענקען און שטודירען פילאָזאָפיע ניכטערט אויס, האָט ער אָנ־געשריעבען פאָלגענדע מייסטערהאפטע פערזען :

אוהב דעת פנה אלי ואורך,
עין החכמה אם מצאת, שתה דיך,
או על תטעם מאומה, שטה מהמבוע,
מעט כי תשתה תחוג כשכור ותנוע,
כל ימיך תתנהג בשגעון ובעורון,
אך אם תרבה שתות, וסר ממך השכרון.

אין אזעלכע צייטען איז ער אויך געווען זעהר פרוכטבאר אין זיין פּריוואט קאָררעספּאָנדענץ, געשריעבען קורצע אבהאנדלונגען אין אידיש און געארבייט אין פילאָלאָגישע ווערקע פיר דער העברעאישער ליטעראטור. זיין הויפּט־ארבייט איז ביי איהם געווען דיא פּאָלעמישע ליטעראטור, וואו ער האָט געזוכט אימער צו טרעפען צוויי ציעלען : 1) פערטהיידיגען דאָס יודענטהום געגען זיינע פערלוימדער, און, 2) אויפקלערען און בעלעהרען אידען איבער דיא וואהרע פרינציפּען פון זייער רעליגיאָן.

# קאפיטעל 11.

וואָס מעהר מיר קוקען אריין אין לעבען פון יצחק בער לעווינ־זאָהן, אלץ מעהר געפינען מיר אויס זיין עדעלען און אויפריכטיגען כאראקטער, זוכענדיג אימער צו בויען זיינע טהעאָריען און לעהרען אויף שכל מעהר וויא אויף גלויבען.

עס וועט אינטערעסאנט זיין דאָ איבערצוגעבען א בריעף געשריעבען צו איינעם פון זיינע פריינד רי"ש אין יאָהר 1840. דער בריעף האָט צוויי וויכטיגע פונקטען: דער ערשטער איז וועגען אָבלעגען שבת אויף זונטאג, און דער צווייטער איז וועגען ליטערא־רישע ארבייטען. מיר קענען פון ביידע צוזאמען פיעל לערנען, און מיר געבען דאָ א געטרייע איבערזעצונג:

„און וועגען דעם רב וואָס דו דערצעהלסט מיר, אז ער איז אויך מסכים אָבצולעגען שבת אויף זונטאג, זאָג איך דיר, אז וועה איז צו דיא מענשען וואָס יאָגען זיך נאָך פריעדען, פריינדשאפט און ברידערשאפט מיט זייערע שכנים, דיא איינוואָהנער פון לאנד, און ווילען דערפאר צושטערען גאָט'ס בונד, און וועה צו דעם רב, דעם אלטען און גרויען זינדער, וועלכער האלט נאָך אימער אויסגעשטרעקט דיא האנד צו צושטערען, צוברעכען און אומווארפען דיא פונדאמענטען פון דער תורה. דאָס וואס זיי טראכטען וועט קיינמאָל ניט זיין. איך האָב עס שוין געזאָגט דיעזער סעקטע וועלכע איז ער־שיענען פאר מיר און גע'טענה'ט אז מען דארף איבערבייטען דעם שבת אייף זונטאג: מה דאָך, האָב איך זיי דערצעהלט, איהר ווילט צושטערען דעם שבת וואָס איז געגעבען געוואָרען פון גאָט, וויא וועט איהר נאָך בעהאנדלען דעם זונטאג וואס איהר נעהמט זיך אליין? אויף אזא אופן וועט אי שבת אי זונטאג ביי אייך גאָר קיין ווערטה האָבען; שבת וועט איהר זיך פיהרען וויא דיא גוים און זונטאג וויא דיא אידען.

„און וואָס דו פרעגסט מיך וועגען דיין ספר וואָכ דוא האָסט מיר געשיקט, ראטה איך דיך, דו זאָלסט איהם ניט דרוקען אזוי גיך. קוק איהם איבער נאָך אמאָל און נאָך אמאָל, און וואָס מעהר ער וועט בלייבען ביי דיר אין מאנו־סקריפּט וועט ער אלץ מעהר גערייניגט ווערען פון פעהלערן. געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט מיך געמאכט פאר א׳ן עני ואביון, דערפאר קען איך ניט באלד דרוקען מיינע ספרים וויא זיי ווערען פערטיג. עס מוז דויערן א היבשע צייט ביז זיי ערשיינען, דערווייל האלט איך זיי אין איין פערבעסערן. ווען איך וואָלט חלילה געווען א׳ן עושר און געקענט באלד דרוקען אלעס וואָס איך שרייב, וואָלטען מיינע ספרים ארויסגעקומען פול מיט פעהלערן, פונקט וויא עס איז מיט דעם געלעהרטען יש״ר וועלכער איז רייך און דרוקט באלד וויא ער שרייבט, דערפאר קומען ארוים זיינע ווערקע זעהר שלעכט, און אויף מיינע ספרים און נאָך אנדערע אזעלכע איז געזאָגט געוואָרען: הזהרו בבני עניים שמהם תצא תורה.“

דער ערשטער טהייל פון דעם בריעף טראָגט מיט זיך א גרויסע וויכטיגקייט. ער פערצייכענט פאר אונז יענע פעריאָדע אין רוס־לאנד ווען דער רעפאָרמאטאָרישער גייסט פון דייטשלאנד האָט זיך ארייננגעכאפּט אויף צווישען דיא רוסישע אידען און דיא זאָ־גענאנטע רעפאָרמאטאָרס האָבען גערעכענט, אז זיי וועלען קענען זעהר לייכט צוציהען לעווינזאָהן׳ען אויף זייער זייט.

אָבער זיי האָבען געהאט אין איהם א טעות. לעווינזאָהן, מעהר וויא יעדער איינער, האָט געוואוסט, אז רעפאָרמירען דאס יודענ־טהום הייסט ניט צו בעריהרען און צושטערען דיא גרונד־פּרינציפּען פון דיעזער רעליגיאָן. אין געגענטהייל, דיא גרונדפּרינציפּען האָט מען נאָך בעדארפט מעהר בעפעסטיגען, נאָר דיא רעפאָרמאציאָן האָט געמוזט אָנפאנגען אין דיא אונערטרעגליכע לאסטען וואָס דיא קבליסטען און גלאט רבנים האָבען ארויפגעלעגט אויף דעם אָרימען פאָלק און דאָס האָט אין עצם גאָר ניט צו טהאָן געהאט מיט דעם יודענטהום.

לעווינזאָהן האָט געוואָלט ליכט און אויפקלערונג; ער האָט געוואָלט מען זאָל אויסרייסען דיא פרעמדע דערנער, נאָר דיא וואָרצלען פון יודענטהום האָט מען ניט געטאָרט טשעפּען.

עס איז אויך געווען צו יענער צייט, ווען זיין ערשטע אידעע פון „תעודה בישראל“ וועגען קינדער־ערציהונג און קינדער־אונטערריכט, האָט איהם ווידער אָנגעהויבען צו בעשעפטיגען. ער האָט געארבייט מיט אלע מעגליכקייטען אריינצוברייננגען א סיסטעמאטישען לימוד אין דיא אידישע שולען. ווען דיא רוסישע רעגיערונג האָט זיך ערקלערט בערייט צו העלפען גרינדען אזעלכע שולען, איז לעווינזאָהן שטארק בעגייסטערט געוואָרען און געארבייט מיט אלע מעגליכקייטען דאפיר. ער האָט אויך געהאט א'ן אויג אויף ראבינער־שולען, וואו א אידישער רב זאָל לערנען תורה און חכמה צוזאמען און זאָל דאן ווערען א אידישער פערטרעטער וואָס זאָל ווערטה האָבען צו רעפּרעזענטירען דאָס יודענטהום.

אָבער דיא פינסטערנים אין אידישען לאגער איז געווען פיעל גרעדיכטער וויא לעווינזאָהן האָט זיך פאָרגעשטעלט, און זיינע ליכטשטראהלען האָבען דאָס ניט געקענט דורכדרינגען.

דיא מאכט פון דעם פאנאטיזמוס האָט אלעס געשטערט, און דערזעלבער לעווינזאָהן וואָס האָט געקעמפּפט פאר'ן שבת און פאר אלע גרונד־פּרינציפּען פון יודענטהום, איז בעשולדיגט געוואָרען אין אפּיקורסות און אפילו אין אטהעאיזמוס.

אין דעמזעלבען יאָהר 1840, ווען לעווינזאָהן האָט זיך אָנגעהויבען פאָרצובערייטען פיר נייע ארבייטען, האָט ער ערהאלטען דיא נאכריכט, אז זיין בעסטער פריינד, דער גרויסער אידישער געלעהרטער, ר' נחמן קראָכמאל, דער מחבר פון „מורה נבוכי הזמן“, איז געשטאָרבען אין זיין 56טען לעבענס־יאָהר. דאָס האָט אזוי בעטריעבט דעם פערעהרער פון קראָכמאל'ן, אז ביז צום ענדע פון יאָהר זעהען מיר לעוועגזאָהן'ען כמעט אָהנמעכטיג אין אלעם וואָס איז פאָרגעקומען ארום איהם.

לעווינזאָהן האָט זיך ניט געשראָקען פאר'ן טויט, אָבער ער

האָט זיך גאָר ניט געקענט צוגעוועהנען צו דער אידעע, אז רנ"ק איז אזוי יונג אָבגעשטאָרבען און מיט איהם האָט דאָס יודענטהום, דיא ליטעראטור און דיא פילאָזאָפיע אזוי פיעל פערלוירען.

אלעס וואָס מיר בעמערקען פון איהם אין דיעזען יאָהר, איז געווען דיא אונגעוועהנליכע אויפרעגונג און ערביטערונג געגען זיינע קריטיקער. אנשטאט פון זיי אָבצולאכען, וויא זיין טבע איז געווען, האָט ער געזוכט זיי צו טרעפען און בעליידיגען. לעווינזאָהן האָט אפילו געהאט פאָלקאָם רעכט, אָבער פאר איהם האָט ניט געפאסט צו פערליערען זיין געדולד. אבער מיר קענען דאָס צושרייבען צו זיין טרויער איבער דעם טויט פון רנ"ק.



# קאפיטעל 12.

אין „תעודה בישראל“ בעקלאָגט זיך לעווינזאָהן זעהר פיעל אויף דיא אידישע מחברים און זייער סטיל אין שרייבען. ער האָט פאר זיך געזעהען צוויי קלאסען: דיא ערסטע, וועלכע האָט גע־שריעבען אין גמרא שפראך און נאָך אונטערגעמישט מיט ווערטער פון דיא תרגומים און פיוטים; און דיא צווייטען, דיא פוריסטען, וועלכע האָבען געשריעבען ריינע ביבלישע העברעאיש. לויט לעווינזאָהן'ס מיינונג האָבען ביידע ניט געטויגט: דיא ערשטע זיינען גלאט אונפערשטענדליך און היטען קיינע רעגעלן פון סטיליסטיק, און דיא צווייטע זיינען נאָר פאר ביבעל־שטודענטען; דערצו נאָך אָפּפערן דיא לעצטע פיעלע מאָל דעם געדאנק צוליעב דער שפראך. סיי־ווי־סיי שטעהען ביידערליי שרייבער ווייט פון וועלטליכער ליטעראטור, און עס איז אונמעגליך זיי צו איבערזעטצען אין אנדערע לשונות וויא מען טהוט אין אנדערע ליטעראטורען.

לעווינזאָהן האָט דערפאר געוועהלט א לייכטען סטיל אין זיין שרייבען — אזוי לייכט, אז מען קען איהם איבערגעבען אין איר־גענד א שפראך. זיין „אפס דמים“ בעווייזט איבערהויפּט, אז לעווינזאָהן האָט געשריעבען גוטע העברעאיש אין א פאָלשטענדיגען מאָדערנעם גייסט, ווייל דיא איבערזעצונג איז ארויס אין ענגליש, דייטש און רוסיש זעהר איינפאך און קלינגט איבעראל וויא א'ן אָריגינאל.

לעווינזאָהנען איז אלזאָ זעהר פיעל געלעגען דאראן אויך אום דער שפראך און סטיל פון דער העברעאישער ליטעראטור, און, ווען ער האָט צייט געהאט, האָט ער געארבייט אין דעם.

ווען דער „תעודה בישראל“ איז פערטיג געוואָרען, האָט ער אויפגעשריבען א קליינעם חיבור מיט דעם נאָמען „ימין צדקי“, אלס א'ן ענטפער צו ליוועןס פראגען איבער דעם תלמוד. אָבער דאָס איז געוועזן זעהר ווייט פון פאָלקאָמענהייט, און עס האָט שפּעטער

בלויז געדיענט אלס א ווינקעלשטיין צו זיין גרויסען חבור „זרובבל“.
דערוויילʼ האָט ער אָנגעהויבען צו פערפערטיגען זיין „שרשי לבנון“.

עס איז קיין צווייפעל, אז לעווינזאָהן האָט דערפון געוואָלט מאכען א גרויסע פילאָלאָגישע ביבלישע ענציקלאָפּעדיע און דאָס פערמישען פיעל אָדער ווייניג אויך מיט דעם תלמוד און מדרשים. אבער ער האָט איינגעזעהען, אז ערשטענס האָט ער קיין צייט ניט פיר אזא ריעזיגע אונטערנעהמונג און צווייטענס — זיין אלטעם אונגליק — פעהלען איהם ביכער צו שאפען דעם מאטעריאל פאר אזא ווערק. ער האָט אלזאָ מקצר געווען און געשאפען א קורצע אבער זעהר וויכטיגע אבהאנדלונג.

דער „שרשי לבנון“ איז א קליינעס ענציקלאָפּעדיש־פילאָלאָגי־שעס ווערטער־בוך אויסגעשטעלט נאָך׳ן אלף־בית, אָבער לעווינזאָהן האָט דאָ געוויעזען, אז ער איז אויך א גרויסער בקי אין דיא אָריענטאלישע שפּראכען וועלכע זיינען פערוואנדט מיט העברעאיש. ער האָט ערקלערט יעדעס וואָרט מיט זיין אבשטאמונג און פער־וואנדשאפט און אימער געזוכט דאָס צו פערגלייכען מיט דער שפּראך פון דיא תרגומים, תלמוד און מדרשים.

עס איז קיין צווייפעל, אז לעווינזאָהן וואָלט געשאפען א פיעל בעסערעס ווערק אויף דיעזען פעלד, ווען ער וואָלט דאפיר אָב־געגעבען מעהר צייט און געהאט גענוג ביכער צו הילף. וויא דיא זאך איז, האָט ער יעדענפאלס דערמיט א גרויסע טובה געטהאָן דער מאָדערנער העברעאישער שרייב־קונסט.

צו דיזעס ווערק, אלס א צווייטער טהייל (אָבוואָהל דאָס האָט קיין שייכות ניט,) געפינט זיך דער „בית האוצר“. דאָ זעהען מיר לעווענזאָהן׳ס שטרעבונג בעקאנט צו מאכען אידען מיט אלעס מעגליכע פון דיא אומות העולם כדי זיי זאָלען בעסער קענען זייער אייגענע אמונה און ליטעראטור. אין „בית האוצר“ געפינען זיך פערשידענע אבהאנדלונגען, וויא, צום ביישפּיעל: „דיא וועלט־שעפּפונג לויט דיא פערזער“; „הויפּט־פונקטען פון דער פערזישער געשיכטע“; „דיא וועלט־שעפּפונג לויט דיא באניאנען“; געשיכטע פון דער מיטהאָלאָגיע וואָס איז נוגע בעסער צו פערשטעהן תנ״ך;

דיא איבערזעצונג פון יאָזעפוס „געגען אפּיאָן“ מיט א פאָררעדע און בעמערקונגען; „אבהאנדלונג איבער דעם זוהר“; א בריעף וועגען קינדער־ערציהונג און זייער לערנען; א. ז. וו.

צום שלום האָט ער נאָך מאנכע תוספות צו זיין „בית יהודה“.

עס איז מערקווירדיג, דאָס לעווינזאָהן מיט אלע זיינע שריפּ־טען וואָס ער האָט געשאפען, האָט ער געהאט נאָר איין ציעל: אויפצוקלערען און צו בעלעהרען.

לעווינזאָהן האָט ניט גערוהט; קראנק, שוואך און עלענד וויא ער איז געוועזן, האָט ער ניט אויפגעהערט צו ארבייטען. דיא אינ־טעלליגענטע וועלט האָט פון איהם הנאה געהאט, פון איבעראל האָבען קהילות זיך געווענדעט צו איהם נאָך עצות און מיט בקשות און ער האָט ערפיללט יעדענס וואונש.

אבער וואו נעהמט דער אונגליקליכער צום לעבען? וויא לעבט ער? דיעזע פראגע האָט זיך דאָס אידישע פאָלק נאָך אליין ניט געשטעלט.

עס איז געוועזן אין יאָהר 1846, ווען מיר הערען דעם הערצ־רייסענדסדען קרעכץ זיך ארויסרייסענדיג פון דעם געלעהרטען׳ס ברוסט. עס איז קיין ספק אז ער האָט וואהרשיינליך אלעם מעגליכע אנגעווענדעט זיינע אייגענע ברידער זאָלען איהם העלפען. און וואָס האָט ער בעדארפט? א קלייניגקייט, נאָר אויך דאָס האָט איהם קיינער ניט געוואָלט געבען.

לויבען זיין ארבייט, האָבען זיינע פערעהרער — דארונטער עשירים און גבירים — ניט געזשאלעוועט, נאָר ווען עס איז געקומען וועגען ביישטייערן צו זיינע הצטרכות, האָט זיך יעדער צוריק־געצויגען.

אין זיין גרעסטער פערצווייפלונג האָט דאמאלס לעווינזאָהן געשריעבען א בריעף צו מיניסטער דעם איננערן און איהם אויפ־מערקזאם געמאכט, אז ער האָט אָבגעשריעבען 17 ספרים, מיט דעם צוועק צו בילדען אידען, לויט וויא עס איז דאמאלס געוועזן דער וואונש פון דער רוסישער רעגיערונג. ער האָט אויך פערפאסט א שיר צו דער חתונה פון צאר אלעקסאנדער דעם צווייטען מיט

צארינא מאריא אלעקסאנדראָוונא; דיעזער שיר איז געזונגען געוואָרען אין דער שוהל פון ברעסט ליטוואָסק (בריסק דליטאָ) אין אבענד פון דער התונה. אין דערזעלבער צייט האָט ער אויפמערק־זאם געמאכט דעם מיניסטער, אז ער איז זעהר אָרעם, אז ער איז קראנק און ליידענד, און דערפאר בעט ער דיא רעגיערונג זיא זאָל איהם אונטערשטיצען אום ער זאָל קענען ווייטער ארבייטען און פערעפענטליכען זיינע ספרים.

פון א בריעף אין לעווינזאָהן'ס כתבים ערפאהרען מיר, אז דיעזע ווענדונג צום מיניסטער האָט שטארק פערדראָסען זיינע פריינדע און זיי האָבען איהם געמאכט פאָרווירפע. עס שיינט אבער אויך, אז קיינער האָט זיך פון דעסטוועגען ניט אָבגערופען איהם צו העלפען.

אָט דאס איז לעווינזאָהן'ס בריעף צו זיינעם א פריינד פון פאָרווירפע:

„וואָס דען ווילסטו זאָל איך טהאָן ווען קיינער העלפט מיר ניט? עס איז מיר אינמעגליך אליין צו דרוקען מיינע ספרים, און איך האָב שוין אפילו קיין כח ניט צו מאכען פלענער איך זאָל ווען־עס־איז דערגרייכען מיין ציעל. איך בין קראנק, שוואך, און אָפטמאָל קען איך מעהר גאָר ניט דענקען. אָט זיין איך וויא געלעהמט אין גוף און נשמה. איך האָב געזעהן מיין צושטאנד, אז איך בין אלט, אָהן כוחות און וויים ניט ווען איך וועל שטארבען, און דאָ בין איך איינער אליין אין קרעמניץ וויא א בוים אין מדבר. מיין גאנצע נאָהענטע און רליינע מישפחה געפינט זיך אין אָדעס. דערפאר האָב איך געשריעבען צו מיין ברודער'ס זוהן, ר' יעקב ישראל לעווינ־זאָהן, אין אָדעס און איך האָב איהם געשיקט א צוואה. איך בין בערייט איהם צו שיקען א קעסטעל מיט מיינע געשריע־בענע ספרים, טאָמער וועט זיי דאָרט אימיצער זעהן און דרוקען. ווען זיי זאָלען דאָ פערבלייבען אין קרעמניץ נאָך מיין טויט, וועלען זיי נאָך מיין טויט חלילה פערלוירען געהען, און איך האָב געארבייט אזוי שווער און ביטער טאָג און נאכט,

ניט הנאה געהאט פון קיין שום תענוג אויף דער וועלט, גע־
זעסען טאָג אזוי נאכט פערשפּארט איינער אליין און נאָר
געארבייט און געארבייט".

וויא עס שיינט, האָט דער אינלענדישער מיניסטער אויפמערק־
זאם געמאכט דעם וואָהלינער גובערנאטאָר איבער לעווינזאָהנען
און דיעזער האָט געמאכט א'ן אונטערזוכונג. עס איז ניט בעקאנט
גענוי אויב דער גובערנאטאָר האָט עפּעס געטהאָן פאר איהם, עס
ווייזט אָבער אויס אז לעווינזאָהן האָט וויטער ווענינער געליטען.
דער גובערנאטאָר האָט אויך אויפמערקזאם געמאכט מעהרערע
מענשען איבער לעווינזאָהנען, זיי דערצעהלט, אז ער איז א גרויסער
געלעהרטער, אבער ער איז זעהר קראנק און אָרעם און ער פער־
דיענט מען זאָל איהם העלפען.

אויף וויא וויט ער איז דאמאלס געהאָלפען געוואָרען, שיינט
עס, אז דיא הילף איז ניט געקומען דירעקט פון זיינע ברידער, פאר
וועלכע ער האָט זיך מפקיר געווען.



# קאפיטעל 13.

יצחק בער לעווינזאָהן דערצעהלט אין איינער פון זיינע שריפ־טען, דאָס אין א נאכט, ליגענדיג אויף זיין בעט, עלענד און קראנק וויא געוועהנליך, בעדיענט בלויז פון זיין אָרימע שוועסטער פייגע, האָט זיך געעפענט דיא טהיר און עס איז אריינגעקומען א הויכער מיליטער־ישער בעאמטער, שטארק בעזויפען, וועלכער האָט פער־לאנגט מיט א פלוך, מען זאָל איהם געבען שנאפּס.

לעווינזאָהן האָט איהם ערקלעהרט, אז ער האָט געמוזט מאכען א טעות, מיינענדיג, אז דאָרט איז א קרעטשמע, וועהרענד אין דער קליינער הייזקע וואָהנען בלויז אָרימע מענשען. דער בעזוכער האָט נאָך מעהר געפלוכט און, וויא עס שיינט, האָט ער געוואָלט שלאָגען לעווינזאָהנען מיט אלע אין הויז. דער קראנקער געלעהר־טער האָט אויסגעשטרעקט זיין האנד און ארויסגענומען פון א קעסטעל א בריעף. דאָס איז געווען צאר ניקאָלאי׳ס בריעף אייגענ־הענדיג געשריעבען צו לעווינזאָהנען. דאָס האָט ער געוויזען דעם הויכען אָפיציער.

וויא א כישוף האָט דער בריעף געווירקט און דער אָפיציער האָט זיך באלד אויסגעניכטערט. ער האָט אָנגעהויבען צו ציטערען און בעטען אום פערצייהונג. דאן, ניט רעדענדיג מעהר א וואָרט, האָט ער שנעל פערלאָזען לעוועזאָהן׳ס וואָהנונג. אויף׳ן אנדער׳ן טאָג, האָט לעווינזאָהן ערהאלטען פון דעם אָפיציער א בריעף מיט א׳ן ענטשולדיגונג.

עס שיינט, אז דער אָפיציער האָט ניט נאָר געטראָגען א הויכען ראנג, זאָנדערן ער האָט אויך בעלאנגט צו א יחוס׳דיגער משפּחה. לעווינזאָהן האָט קיינעם ניט דערצעהלט ווער ער איז געווען. מיט א קורצע צייט שפּעטער, האָבען גנבים איינגעבראָכען אין לעווינ־זאָהן׳ס הויז, און ניט האָבענדיג וואָס צו נעהמען, האָבען זיי

צוגענומען דאָס קעסטעל מיט דיא בריעף וואו עס האָט זיך געפונען דעם צאר'ס שרייבען.

לעווינזאָהן'ס בריעף, וויא מיר האָבען בעמערקט אין לעצטען קאפיטעל, צום מיניסטער דעם אינערן, האָט ארויסגערופען א פרישע אינטערעסע ביי דער רוסישער רעגיערונג, און דערפאר, ווען מען האָט בעשטימט צו מאכען א'ן אסיפה אין סט. פעטערסבורג וועגען אידישע אנגעלעגענהייטען, איז לעווינזאָהן געוועזען איינער פון דיא הויפט געלאדענע.

אָבער, דיא אלטע געשיכטע, ניט האָבענדיג קיין געלד אויף דער הוצאה, האָט עס אויסגעזעהען, אז ער וועט ניט פאָהרען. ער האָט דאריבער, וויא עס שיינט, געשריעבען צו דר. ראובן קאלישער פון זשיטאָמיר, און דיעזער האָט איהם באלד געענטפערט, אז דיא רעגיערונג האָט בעשלאָסען איהם ניט נאָר צו געבען געלד אויף דער הוצאה, זאָנדערן אויך א היבשע סומע געלד צו בעצאָהלען זיינע חובות און פיללייכט אויך אויף צו דרוקען זיינע ווערקע פון כתב־יד. דר. קאלישער האָט איהם דאָס מיטגעטהיילט אין נאָמען פון דעם דירעקטאָר פון דער אסיפה, וועלכער האָט איהם געהייסען אזוי שרייבען צו לעווינזאָהנען. אין דער זעלבער צייט שרייבט איהם דר. קאלישער, אז ער וואָלט שוין געמעגט פערלאָזען קרעמניץ און קומען זיך בעזעצען אין זשיטאָמיר, א שטאדט וואו מען וואָלט בעסער געוואוסט אנצוערקענען זיין ווערטה.

וואָס לעווינזאָהן האָט געענטפערט אויף'ן לעצטען פאָרשלאג, איז אונז אונבעקאנט, נאָר אין דערזעלבער צייט געפינען מיר נאָך א בריעף, דאטירט: סט. פעטערסבורג, תר"ז, (1847) פון ה' אריה ליב מאנדעלשטאם, וועלכער שרייבט צו איהם פאָלגענדעס:

„נאכדעם וויא איך האָב דיר אזוי לאנג ניט געענפערט, קום איך דיך ערפרייען מיט צוויי בשורות, ערשטענס, אז דער מיניסטער האָט דיך ערנאנט צו זיין דער פערהערער און אויס־פראָבירער פון דיא לעהרערס וואָס ווילען אויפגענומען ווערען אין דיא אידישע שולען, און דאָס איז, וויא דו ווייסט, א ריינע און לייכטע ארבייט, וואָס וועט דיר ניט פיעל אנשטרענגען,

און דערפאר וועט דיר דיא רעגיערונג בעצאָהלען. צווייטענס, האָט מיך דער מיניסטער בעאויפטראגט, דיך דאָ אויפצוהאל־טען צוויי אָדער דריי חדשים, אויב דיין געזונדהייט וועט עס ערלויבען, און אזוי שנעל וויא דו וועסט מיר ענטפערן, וועט דער מיניסטער שרייבען נאָך קיעוו מען זאָל דיר פון דאָרט געבען 150 רובעל אויף דער הוצאה, און דאָס איבריגע וועלען מיר שוין דאָ בעזאָרגען. איך בעט דיך, פריינד, קום און וואַרט ניט. און ווען דיין שוואכע געזונדהייט ערלויבט דיר עס ניט, דאַן זאָלסטו ניט פערגעסען, אז דיא גרעסטע מענער שטעלען איין זייער לעבען אין מלחמה פאר זייער פאטערלאנד און פאר זייער פאָלק. נאָך אויב דו שרעקסט זיך צו ערשיינען פאר גרויסע הערען, ווייל דיין מויל רעדט ניט אזוי שעהן וויא דיין פעדער שרייבט, זאָלסטו ניט פערגעסען אז משה רבינו איז אויך געוועזן א כבד פה און ער האָט געפונען א ברודער וואָס האָט פאר איהם גערעדט. וואָס עס איז נוגע דיין קראנקהייט, זאָלסטו וויסען, אז איך און אלע אנדערע מיט מיר, ווייסען גאנץ גוט וויא גרויס עס איז משמש צו זיין תלמידי חכמים. פערגעס ניט וויפיעל טובות עס קען ארויס־קומען פאר אונז אידען, ווען דו וועסט מיטטהיילען זאכען מיט'ן מויל וואָס מען קען מיט דער פעדער ניט שרייבען. דיין ערשיינען, איבערהויפט, אין בילדונגס־מיניסטעריום, וועט געוויס מאכען א גרויסע ווירקונג. קיין זאך זאָל דיך ניט אָבהאלטען. שרייב אז דו קומסט".

לעווינזאָהן איז געפאָהרען. ליידער טהיילען אונז ניט מיט דיא ביאָגראפען גאנץ גענוי דעם רעזולטאט מיט דיא וויכטיגע איינצעלהייטען פון דעם בעזוך. אלעס וואָס מיר ווייסען איז, אז דער בילדונגס־מיניסטער, אוואראָוו, האָט אויף איהם געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק און ער האָט צו איהם געשריעבעג פאָל־גענדע פערזען:

על שמיש ההכמה כך עב נורא,
ויצו אל, ויקם מושיע ורב;

כמעט נשבה רוחו, והיתה אורה,
ויקרא העם : „עבר־עב ! עבר־עב !"

מיר בעמערקען, אז פון יענער צייט אָן, איז לעווינזאָהן'ם לאגע עטוואָס פערבעסערט געוואָרען. קוקענדיג דארויף וואָם דיא רעגיערונג האָט איהם גענומען אונטער איהר שוטץ, האָבען זיך שוין דיא אידישע גבירים געשעהמט צו שטעהען פון ווייטען און ניט העלפען זייער גרויסען געלעהרטען מאן.



# קאפיטעל 14.

מיר געהען יעצט איבער צום וויכטיגסטען טהייל אין לעווינ־זאָהן׳ס ליטעראַרישעס לעבען, דאָס הייסט, צו דער צייט, ווען ער האָט זיך גענומען צו דער ארבייט צו פערפאַסען דעם „זרובבל“.

אין ענגלאַנד האָט געלעבט א גרויסער קריסטליכער געלעהר־טער מים׳ן נאָמען דר. מעקאָל. דיעזער געלעהרטער איז געוועזן א קינד פון יענע קריסטען וואָס האָבען געגלויבט, אז זייער גאנצעס גליק הייננט אָב פון דעם, אז זיי זאָלען איינמאָל פאר אלעמאָל איבערצייגען דיא אידען, אז זיי האָבען געמאכט א טעות דערמיט וואָס זיי האָבען ניט אנערקענט יעזוס׳ן אלס זייער משיח.

וואָס איז אָבער צו טהאָן אום צו דערגרייכען צום ציעל? דער איינציגער אבן־נגף, אָדער שטערונג, דערצו, האָבען זיי געזעהען אין דעם תלמוד אָדער אין דעם רבינישען יודענטהום. אום דורכ־צופיהרען וואָס זיי ווילען האָט מען אלזאָ בעדארפט איבערצייגען דיא אידען אליין, אז דער תלמוד און דאָס רבנישע יודענטהום זיינען געגען תורת משה און דיא נביאים.

מעקאָל׳ס גאנצע פאמיליע זיינען געוועזן מיטגליעדער פון דער געזעלשאפט „מיסיאָן צו דער פערברייטונג פון קריסטענטהום צווישען אידען“. ביי דיא רעליגיעזע עפענטליכע און פּריוואט פערזאמלונגען האָט מעקאָל אימער געהערט פון דעם גרויסען פּלאַן פיר דער צושטערונג פון תלמוד און רבנישען יודענטהום, און מעקאָל האָט בעשלאָסען מקריב צו זיין זיין לעבען צו דער גרויסער איפגאבע.

מעקאָל איז געוועזן א זעלטען פעהיגער מענש און, לויט וויא דיא צוקונפט האָט בעוויעזען, האָט ער געקענט תלמוד, ספרא, ספרי, תוספות, מכילתא און אנדערע אידישע ספרים, מעהר וויא אלע קריסטליכע געלעהרטע פאר איהם וואָס האָבען זיך אינטערעסירט מיט אזא שטודיום. מעקאָל האָט אייך בעשלאָסען צו לערנען דיזען לימוד דאָרט וואו אלע אידען לערנען, ניט ביי קיין פּריוואט־

לעהרער אָדער אין א סעמינאר. עס ווערט בעהויפּטעט, אז מעקאָל האָט געלעבט היבשע עטליכע יאָהר אין גאליציען, און שפּיעלענדיג דיא ראָלע פון א פרומען אידען, האָט ער געלערנט אין דיא בתי מדרשים און ישיבות ביי דיא בעסטע תלמודיסטען פון זיין צייט.

ווען מעקאָל האָט צוריקגעקעהרט צו זיין פאמיליע, איז ער שוין געווען פאָלשטענדיג פאָרבערייטעט צו זיין ארבייט.

מען דערצעהלט, אז מעקאָל האָט געוואָלט שרייבען זיין ווערק אויף העברעאיש, אָבער, וויא עס שיינט, איז ער נאָך ניט פעהיג געווען צו שרייבען א ווערק אין דיזער שפּראך, און ער האָט זיך אוועקגעזעצט און אָבגעשריעבען זיין פּיעל־בעריהמטעס בוך „נתיבות עולם" אין ענגליש, און געבראכט אלע ציטאטען פון תלמוד און אנדערע ספרים אין אָריגינאל מיט א'ן ענגלישער איבער־זעצונג.

ביי דיא קריסטען אין ענגלאנד איז דאמאלס געווען א גרויסער יום טוב. מעקאָל אין זיין „נתיבות עולם" האָט אוועקגעוואנדערט פון אלע שונאים פון תלמוד פאר איהם: ער האָט ניט געזוכט צו פעלשען ציטאטען אום זיי זאָלען איהם דיענען צו זיין צוועק; ער האָט ניט געזידעלט, ניט געשימפּפט, נאָר זיך גערעדט רוהיג און געלאסען. ער האָט אויך ניט פערגעסען צו דערצעהלען, אז דיא גאנצע קריסטליכע וועלט מוז דאנקבאר זיין דיא אידען פאר זייער תורה און פאר יעזוס'ן, און נאָך עד היום זיינען דיא אידען אימער דער עם בחיר ה', נאָר זיי זיינען נעביך פערפיהרט.

אום צו בעשטעטיגען זיינע לעצטע בעהויפּטונגען, האָט ער גענומען פון תלמוד שטעלען, וועלכע דריקען אויס איינציגע מיינונ־גען, און מאנכע מאָל, דעם שמערצענס־געשריי פון דעם אידען אין גלות, ווען מען האָט איהם גאָר ניט געהאט צו פערדענקען ווען ער האָט געשאָלטען זיינע מאטערער. ער האָט אויך געבראכט דיא שטעלען וואו דיא פרוי ווערט בעטראכט וויא אין אלע אָריענטאלי־שע געגענדען, און אזוי פון פונקט צו פונקט איז ער געגאנגען און אין א גוטער און שעהנע ענגלישע ויכוח־שפּראך, האָט ער שטארק ארונטערגעריסען דעם תלמוד און דאָס רבנישע יודענטהום.

מעקאַל איז געוועזן א געלעהרטער און א קינסטלער אין זיין פאך, אבער ניט קיין עהרליכער מאן. ער האָט ניט בעטראכט דעם תלמוד אלס א'ן אונרעגעלמעסיגע ענציקלאָפּעדיע פון פערשיעדענע געדאנקען און מיינונגען; פון היסטאָריע, לעגענדע, געזעטץ און רעליגיאָן, זאָנדערן, וואָס איהם האָט געפּאסט האָט ער גענומען פאר זיין מאטעריאל און דאָס אוועקגעשטעלט אלס גרונד־לאגע פון רבנישען יודענטהום, וועלכעס יעדער פערנינפטיגער איד מוז בעקעמפּפען. אין דערזעלבער צייט האָט ער אויך ניט פערגעסען זיין ציעל אימער אריינצוברינגען אויסציגע פון „נייעם טעסטאַ־מענט" צו בעווייזען דיא גוטסקייט פון קריסטענטהום. אָבער פונקט וויא ער האָט געוועהלט פון תלמוד וואָס איהם האָט געלוינט, אזוי האָט ער אויך געוועהלט פון „נייעם טעסטאמענט" וואָס איהם האָט אם בעסטען געפּאסט.

אין אלגעמיינעם, איז דאָס ארויס זעהר א וויכטיגעס ווערק. דיא ענגלישע פּרעסע פון יענער צייט האָט דערמיט געקלונגען, און דיא ענגלישע אידען האָבען זיך געפיהלט זעהר שטארק געטראָפען. דיא ענגלישע אידען האָבען געשפּירט, אז מען קען מעקאָל'ס ארגו־מענטען אומוואַרפען און צושטערען, אָבער זיי האָבען צווישען זיך ניט געזעהען קיין איינציגען וואָס איז אימשטאנדע אונטערצונעה־מען אזא גרויסע ארבייט.

אין לאָנדאָן האבען דיא פאָרנעהמע אידען אָבגעהאלטען אסיפות, זיי האָבען געמיינט, אז עס נעהמט שוין א סוף פון יודענ־טהום, און מען האָט געקלערט עצות און תחבולות וויא אזוי צו ווידערלעגען דר. מעקאָל'ס טענות.

דער ערשטער שריט איז געווען וואָס סיר מאָזעס מאָנטע־פיאָר האָט געלאָזען שרייבען זיין סעקרעטער דר. לעווע א בריעף צו יצחק בער לעווינזאָהן און איהם אויך געשיקט דעם „נתיבות עולם", ער זאָל ענטפערן דארויף.

אבער סיר מאָזעס מאָנטעפיאָר האָט געמאכט א גרויסען טעות. ערשטענס איז דאָס ניט געווען קיין זשורנאליסטישע פּאָלעמיק וואָס מען קען דארויף ענטפערן אין אויגענבליק, און צווייטענס איז

דער „נתיבות עולם“ געווען אין ענגליש וואָס לעווינזאָהן האָט ניט פערשטאנען.

אין דיזען יאָהר אָבער, איז דר. מעקאָל׳ס ווערק איבערזעצט געוואָרען אין נאָך עטליכע אייראָפּעאישע שפּראכען און אויך אין העברעאיש.

דיא העברעאישע איבערזעצונג איז געווען א מייסטער־שטיק: א ריינע, קלאָרע און דייטליכע שפּראך; שעהן געדרוקט און דיא אלגעמיינע פאָרם האָט אויסגעזעהען, אז דאָס איז א געוועהנליכער אידישער ספר וואָס יעדער איד מעג לערנען.

דיא „מיסיאָן“ האָט אויך געזעהען, אז דער „נתיבות עולם“ זאָל שטארק פערברייטעט ווערען צווישען אידען. אנפאנגס האָט מען עס פערקויפט פאר שפּאָט־ביליגע פּרייזען און דאן האָט מען עס אָנגעהויבען צו פערשענקען אומזיסט, אבי אידען זאָלען עס לעזען.

דער איינדרוק איז געווען א געוואלטיגער. מעקאָל האָט ער־רייכט א טהייל פון זיין ציעל; דאָס הייסט, ער האָט אָבגעשאָסען א גיפטיגע פייל אין תלמוד און פיעל געווירקט. ער וואָלט פיל־לייכט נאָך מעהר געווירקט, ווען דיא לעזער פון „נתיבות עולם“ וואָלטען ניט געזעהען דייטליך וואוהין ער ציעלט, דאָס הייסט, אז אידען זאָלען ווערען קריסטען.

ווען לעווינזאָהן האָט איבערגעלעזען דעם „נתיבות עולם“ איז ער געווען עמפּעהרט. ער האָט דאמאלס אזוי געזאָגט: „מיך ארט ניט ווען איינער וויל רעדען גוטעס אויף זיין אייגענע רעלי־גיאָן און זוכען דיעזע צו פערברייטען צווישען אנדערע מענשען. מיך קריינקט בלויז ווען איך זעה, אז דאָס ווערט ניט געטהאָן עהרליך. דער פערפאסער פון „נתיבות עולם“ איז ניט קיין מענש וועמען מען קען אוועקמאכען מיט דער האנד; ער האָט זיכער געוואוסט, אז דיא בעשולדיגונגען וואָס ער ברענגט געגען רבינישען יודענטהום זיינען ניט קיין עהרליכע. איך וועל איהם דארויף ענטפערן“.

# קאפיטעל 15.

אין דיא פערגאנגענע קאפיטלען האָבען מיר שוין בעמערקט, אז לעווינזאָהן האָט פערפאסט א קליין ספר'ל „ימין צדקי", אום דאָס זאָל זיין אן ענטפער אויף ליוועןס פראגען וועגען תלמוד, אבער דער „נתיבות עולם" האָט איהם געציינט דיא צו קליינע ארבייט דערפון.

עס איז קיין צווייפעל, אז לעווינזאָהן, איבערלעזענדיג דעם „נתיבות עולם" האָט ער שוין געהאט אין קאָפּ יעדען ענטפער, אָבער ער איז געוועזן דער פּינקטליכער און אויפריכטיגער געלעהר־טער, וועלכער האָט ניט געקענט אָב'פטר'ן אזעלכע ארבייטען בלויז מיט ווערטער. ער האָט געוואָלט ענטפערן סיסטעמאטיש און אויף יעדער פראגע ליעפערן א'ן אונבעשטרייטבארע תשובה. און אום דיעזע ארבייט פערטיג צו מאכען, האָט עס ביי איהם געדויערט 12 יאָהר צייט. אָבער אין זיין ענטפער, אין ספר „זרובבל" האָט ער אויך איין מאָל פאר אלע מאָל ערקלערט אויף אימער וואָס דער תלמוד איז און וואָס רבנישעס יודענטהום בעדייטעט.

לעווינזאָהן האָט געוואוסט גאַנץ גוט, אז צווישען אידען הערשען מיאוס'ע מנהגים און פינסטערע נאררישקייטען. ער האָט זיך אָבער קיינמאָל ניט געשעהמט זיי צו דערצעהלען פאר דער וועלט און זיי בעקעמפפען מיט אלע זיינע מעגליכקייטען. ער האָט אויך געוואוסט, אז דיעזע מיאוס'ע מנהגים און פינסטערע אבערגלויבענס, זיינען ניט קיין רעזולטאט פון דעם ריינעם רבנישען יודענטהום. ביי איהם איז קיין צווייפעל געווען, אז צו דיעזע אלע זאכען זיינען אידען געקומען דורך זייער גלות, און ווען מען זאָל זיי בעהאנדלען וויא מענשען און העלפען זיך אויסמענש־לען, קען זייער רעליגיאָן ניט זיין קיין שטערונג צום מסחר און צו דעם אלגעמיינעם פערקעהר מיט זייערע מיט־בירגער, קריסטען אָדער מאָהאמעדאנער.

יצחק בער לעווינזאָהן האָט ליעב געהאַט דעם אמת, און ווען ער האָט בעדאַרפט פערדאַמען אַ פעהלער, האָט איהם ניט פיעל נעקימערט אויב ער וועט זיך דערמיט מאַכען דיא גאַנצע וועלט פאַר שונאים. ער האָט אַבער בשום אופן ניט געזעהען קיין פעהלער אין אַלגעמיינעם תלמוד און רבנישען יודענטהום, און דערפאַר, ווען ער האָט דורכגעשטודירט מעקאַל׳ס גרויסען אַנגריף, האָט ער בעשלאָסען צו ענטפערן וויא עס פּאַסט פאַר אַן אמת׳ן געלעהרטען.

און אויב מעקאַל האָט זיך דערמיט אויסגעצייכענט וואָס ער האָט גערעדט מילד און געלאַסען, האָט זיך אָבער לעווינזאָהן נאָך מעהר אויסגעצייכענט מיט זיין טאָלעראַנץ וואָס ער האָט דאָס קריסטענטהום ניט אָנגעגריפען וויא מעקאַל האָט געטהאָן געגען יודענטהום. לעווינזאָהן׳ס ארבייט איז נאָר בעשטאַנען אין דעם צו בעווייזען, אַז אָבוואָהל מעקאַל האָט פערשטאַנען דעם תלמוד, האָט ער אָבער ניט געהאַנדעלט עהרליך.

מיר ווילען דאָ ברענגען אַ פּאָר אויסציגע פון לעווינזאָהן׳ס בריעף איבער זיין לעצטע ריעזיגע ארבייט. אין איין בריעף צו זיין פריינד אהרן רייך, שרייבט ער אַזוי:

„וויא איך זעה ווייסטו גאָר ניט, אַז איך האָב אויפגעגעבען מיין ארבייט אין דעם ספר „ימין צדקי“, און איבערגעטראָגען מיין גאַנצע טהעטיגקייט אין מיין גרויסעם ווערק „זרובבל“. דאָרט רעכען איך, האָב איךווירקליך געצייגט וואונדער. ביי מיין וואָרט, זאָג איך דיר, אַז אַזאַ ווערק איז נאָך ביי אידען ניט געוועזען ביז יעצט. דו האָסט שוין אודאי געהערט אַז דיא גרעסטע רבנים פון דער ליטאָ און איבערהויפּט דער בעקאַנטער רב ר׳ דוד בוכוועץ, האָט מיך דאַריבער אויפגעהויבען ביז צום הימעל. זיי האָבען מיר אויך געשיקט אַ גרויסען דאַנק דערפאַר. קענסט דיר פּאָרשטעלען אויף וויא ווייט דיא אינטערעסע געהט, אַז זיי האָבען מיך פערזיכערט מען זאָל דעם „זרובבל“ איבערזעטצען אין רוסיש. דיא הערן מאַנדעלשטאַם און קאַלישער ווייסען אויך דאַריבער. — איך האָב איבער דיעזען ספר געאַרבייט טאָג און נאַכט מעהר וויא 12 יאָהר. איך האָב איבער איהם פערלאָרען מיינע לעצטע כוחות;

איך האָב פערלוירען יעדע קוועלע פון פרנסה, איך האָב פערלוירען כמעט אלע מיינע חושים און עס האָט שוין מיט מיר געהאלטען, אז אָט זאָל איך לאָזען דיא נשמה ווען איך האָב געוואָלט עפּעס שרייבען אָדער נאכפאָרשען. היינט בין איך א שברי כלי“.

אין א צווייטען בריעף, דאטירט 1853, צו זיין פריינד הרב דוד לוריא, ענטשולדיגט ער זיך פריהער ווארום ער קען איהם ניט שיקען דעם צווייטען טהייל „זרובבל“, ווייל ער האָט ניט געהאט ווער עס זאָל איהם אָבשרייבען אפילו א קאָפּיע דערפון; ער בעקלאָגט זיך אויך דארויף וואָס דיא ערצטע האָבען איהם פער־באָטען קיין בוך צו לעזען, און דאן זאָגט ער אזוי:

„און איך ליעג דאָ איינער אליין, אויסער דער שטאדט, עלענד און פערלאָזען. מיין גאנצע משפחה איז אוועק אין אָדעס און מיט מיר איז בלויז איבערגעבליעבען איין פרוי, וועלכע איך האָב ערנעהרט מיט איהרע קינדער, ווייל אלע האָבען אויף מיר אכטונג געגעבען און מיך זעהר אָבגעהיט. לעצטען ווינטער איז אָבער מישוגע געוואָרען איינער פון איהרע זיהן און ער איז נאָך ניט געהיילט געוואָרען. ער איז געווען זעהר א קלוגער און אינטעל־ליגענטער מענש, מיך זעהר ליעב געהאט, און איך האָב איהם אויך שטארק געליעבט, ווייל ער איז מיט מיר געווען 12 יאָהר צוזאמען און איך האָב איהם געהאלטען וויא א קינד. נו, האָט ער נעביך פלוצלינג פערלאָרען זיין פערשטאנד. דאָס טרויריגסטע דערביי איז, וואָס זיין מאמע, וועלכע איז מיט איהם געפאָהרען אין שטאָדט אריין, האָט איהם געוואָלט אָבהאלטען פון ארונטער־צושפּרינגען פון וואָגען, האָט דער משוגענער געכאפּט א שטיק האָלץ און זיא דערמיט דער׳הרג׳עט. איך האָב איהם שפּעטער געמוזט אריינגעבען אין משוגעים־הויז פון קיעוו. דיא איבריגע קינדער, זעהענדיג, אז זייער מוטער איז טויט, זיינען זיי אוועק אין דער וועלט אריין. און איצט בין איך איינער אליין“.

אין דעמזעלבען בריעף זאָגט לעווינזאָהן ווייטער דיעזע ווערטער:

„איך דענק מקדיש (דעדיקירען) צו זיין מיין ספר „זרובבל“

צו איינעם פון דיא הויכע בעאמטע. איך דענק, אז גראף טאָלסטאָי, וואָלט געוועזן פאַבענד דערפאר. איך וועל איהם פרעגען דורך א בריעף. עס איז אמת, אז מיניסטער ביביקאָוו קען מיך זעהר גוט און ווען ער איז דאָ געקומען אין קרעמעניין מיט עטליכע יאָהר צוריק, האָט ער מיך בעזוכט און אויסגעדריקט זיין גרעסטע פריינדליכ־קייט. שפּעטער, ווען ה׳ מאנדעלשטאם איז אהער געקומען פון מיניסטער אָוואראָוו, האָט ער מיר געזאָגט: „זייענדיג אין קיעוו ביי מיניסטער ביביקאָוו, האָב איך איהם געוויזען דעם בריעף פון מיניסטער אָוואראָוו, אז ער שיקט מיר צו דיר, האָט צו מיר ביביקאָוו געזאָגט: „איך קען לעווינזאָהנען זעהר גוט; איך האָב איהם זעהר ליעב, אין דערפאר זאָלסטו איהם לאָזען גריסען פון מיינעטוועגען״. איך וויים עס אויך פון אנדערע הערען, אז ביביקאָוו איז צו מיר זעהר פריינדליך, ער האָט אויך פאר מיר תמיד אלעס געטהאָן וואָס איך האָב פערלאנגט אין מיינע בריעף. ער האָט מיר אויך געזאָגט זייענדיג אין קרעמעניין: „עס שטעהט דיר פריי מיר צו שרייבען ווען דו ווילסט, איך וועל תמיד ערפילען דיין יעדען וואונש, ווייל איך וויים, אז אלעס וואָס דו וועסט פערלאנגען וועט זיין גערעכטיגקייט״. ווען ער איז געקומען קיין קרעמעניין, האָט ער צו מיר געשיקט זיין דראָשקע מיך בריינגען צו איהם. דאן האָט ער געזאָגט: „איך האָב מיט דיר עפּעס צו ריידען, ווייל איך האָב זעהר פיעל גוטעס פון דיר געהערט, איך ביז ספּעציעל געקומען נאָך קרעמעניין דיך צו זעהען״.

זיין בעקאנטשאפט מיט גראף טאָלסטאָי, דער פאטער לעוו טאָלסטאָי, שטאמט דערפון וואָס דער גראף האָט איבער איהם געהערט און איז ספּעציעל געקומען נאָך קרעמעניין איהם צו זעהען. דער גראף האָט דאמאלס געצייכענט זיין בילד און ערסט מיט פיעלע יאָהרען שפּעטער האָט מען עס געפונען צווישען דעם גראף׳ס נאכלאס. (א קאָפּיע דערפון געפינט זיך יעצט צום אָנפאנג פון דיעזער ביאָגראפיע). לעווינזאָהן, וויא עס שיינט, האָט זיך קיינ־מאָל ניט פאָטאָגראפירט ביי זיין לעבען.

# קאפיטעל 16.

מען מוז לערנען און שטודירען דעם „זרובבל“ אום צו בע־גרייפען זיין גרויסען ווערטה. אבער אום זיך עפּעס פּאַרצושטע־לען פון דיעזען ווערק, וועלען מיר מאכען אייניגע קורצע אויס־ציגע:

דיא תלמודיסטען זאגען, אז דיא פפליכט פון א שילער איז צו פערעהרען זיין לעהרער מעהר וויא א פאטער. דר. מעקאָל אין זיין „נתיבות עולם“, מאכט דערמיט א העפטיגען אנגריף אויף'ן תלמוד, בעווייזענדיג, פון זיין שטאנדפונקט, אז דיא תלמודיסטען זיינען געגען דיא עשרת הדברות וואו עס שטעהט בפירוש „כבד את אביך ואת אמיך“. דר. מעקאָל ציטירט ווייטער פון דעם תלמוד וואו עס שטעהט, אז „עם הארץ מותר לקרעו כדג“, דאָס הייסט, א גראָבען יונג מעג מען צורייסען וויא א פיש. דערביי צולאָזט זיך מעקאָל אויף דער סימפאטהיע־סטרונע צו דיא אָרימע און ניט־געלערנטע און בעווייזט וואָס פיר רוצחים דיא תלמודיס־טען זיינען געוועזן.

לעווינזאָהן'ס ענטפער איז ערהאבען. ערשטענס בעווייזט ער, אז דיעזע אלע אויסדריקע צייגען, אז בילדונג און אויפקלערונג ביי דיא תלמודיסטען, איז געשטאנען העכער וויא אלעס אין דער וועלט, און דאן שילדערט ער, דאָס אָבוואָהל על פי תורה האָט מען געמעגט געוויסע פערברעכער הרג'ענען, האָט אָבער א בית־דין, וואָס האָט פעראורטהיילט א מענשען צום טויט איין מאָל אין 70 יאָהר, זיך גערופען „בית דין קטלנית“, א מערדערישער טריבונאל. דאָס בעווייזט, אז דיא תלמודיסטען זיינען אלזאָ גאָר קיין מערדער ניט געוועזן. דער אויסדרוק „עם הארץ מותר לקרעו“, איז ניט מעהר וויא סימבאָליש און ער דארף צו ערנסט ניט גענומען ווערן. ווייטער וואָס דער תלמוד זאָגט וועגען דער עהרע וואָס א שילער איז שולדיג זיין טאטען און זיין לעהרער, איז עס ניט מעהר וויא רעכט, דאָס

דער פאטער, וועלכער גיט זיין קינד דעם קערפער און דער לעהרער וואס גיט איהם דיא נשמה, שטעהען ניט ביידע אויף איין שטופע. דיעזע פערהעררליכונג פון בילדונג ביי דיא תלמודיסטען, לויט לעווינזאהן'ס אויפפאסונג, פערדיענט דיא גרעסטע אכטונג.

מעקאל האט זיך געוואלט צושמייכלען צו דיא פרויען און דערצעהלט זיי אז דער תלמוד האט זיי ערניעדריגט מיט דער בע־הויפטונג : „כל המלמד את בתו תורה כאלו מלמדה תיפלות“, דאס הייסט, ווער עס לאזט זיין טאכטער בילדען, איז גלייך וויא ער לערענט זיא דיא גרעסטע נארישקייט, ווייל וייבער פער־שטעהען גאר ניט. לעווינזאהן זאגט, אז דאס איז געווען א מיינונג פון איינעם, ווערהענד דיא פיהרונג פון דיא תלמודיסטען צו לאזען זייערע טעכטער שטודירען און בילדען, בעווייזט, אז דיא מאיארי־טעט האט געהאט א'ן אנדערע דעה.

דער בעל „נתיבות עולם“ האט בעהויפטעט, אז דער תלמוד אטהעמט מיט האס און שנאה צו אלעמען וואס איז ניט קיין איד. לעווינזאהן האט צוגעגעבען אז עס געפינען זיך אזעלכע שטעלען אין תלמוד, אבער זיי זיינען ניט ערגער וויא דיא שטעלען אין דיא היסטאריעס פון אלע פעלקער, אויסדריקענדיג זייער האס צו זייערע שונאים. אין דערזעלבער צייט אבער, האט לעוועזנאהן בעוויעזען, אז ווען דער תלמוד רעדט אין אלגעמיינעם וועגען מענשען, מאכט ער קיין אונטערשיעד פון איד און ניט־איד. דער תלמוד זאגט אויסדריקליך „בלשון ציווי“, בעפעהלענדיג, אז א איד מוז העלפען זיין מיט־מענשען, וועלכער איז ניט קיין איד, איהם אונטערשטיצען אין זיין פרנסה, זעטען זיין הונגער, קליידען אין זיין נויט, מבקר חולה זיין, בעוויינען אין זיין עלענד און בעערדיגען זיינע טויטע צוזאמען מיט אידען.

לעווינזאהן בעווייזט דיא גרעסטע גאונות ווען ער געהט איבער צו דער תלמודישער יוריספרודענץ, צייגענדיג מיט גוטע ארגו־מענטען, אז ער איז געווען גוט בעוואנדערט אין רוימישען קאדעקס און אויך אין דיא געזעצע ביז זיין צייט. לעווינזאהן שילדערט דיא תלמודישע אלגעמיינע געזעטצע אלס דיא לאגישעסטע און מענש־

ליכסטע און צייגט דערמיט, אז דאָס וואָס דיא תלמודיסטען האָבען מוסיף געוועזן אויף דער תורה, איז געווען איינע פון דיא נויט־וועגדיגסטע פאָרדערונגען. ער ערקלערט דערמיט אויך דעם תמצית פון רבנישען יודענטהום, אז דאָס איז ניט קיין שטעהענדע רעליגיאָן וואָס לאָזט זיך ניט בעאיינפלוסען פון צייט און אומ־שטענדען; אין געגענטהייל, דיא תלמודיסטען האָבען פערוואנ־דעלט דאָס יודענטהום אין איין אייביג־בליהענדער פפלאנצונג פיר אלע געגענדען און קלימאטען, און לויט נאָך דער ערפאהרונג פון דעם תלמוד, קענען אידען עקזיסטירען צווישען אלע פעלקער און נאציאָנען און דאָס יודענטהום זאָל זיי גאָר ניט שטערען.

מעקאָל האָט געמאכט א שווערען אנגריף אויף דעם מנהג פון כפרות־שלאָגען ביי אידען. לעווינזאָהן האָט מודה געווען, אז דיזער מנהג איז ניט אידיש; דאָס הייסט, ניט דיא משנה, גמרא, ספרא, ספרי און מכילתות דערמאָהנען א וואָרט דעריבער. אפילו מיט עטליכע הונדערט יאָהר שפעטער, אויך נאָך'ן רמב"ם'ס טויט, האָט מען דערפון ניט געוואוסט. ערשט אין דער צייט פון רשב"א, א תלמיד פון רמב"ן, בערך 500 יאָהר צוריק איז ענטשטאנען דער מנהג אין א שטאָדט פון דער בארבאריי, און דער רשב"א אליין האָט פראָטעסטירט דאגעגען דאָס ערקלערענדיג פאר א געטצענ־דיענסט.

איבריגענס, זאָגט לעווינזאָהן, וועמען שאדעט עס? דער מנהג איז א גאנץ גוטער: מען שלאכטעט א סך עופות און מען פערשענקט א היבשען טהייל צו אָרימע לייט.

אין דיזע עטליכע אויסציגע, גלויבען מיר, האָבען מיר גענוי גיוויזען לעווינזאָהן'ס ציעל און אבזיכט. ער האָט ניט בעהויפ־טעט, אז דאָס יודענטהום איז פריי פון פעהלער, אבער ער איז געווען זיכער, אז דיא פעהלער זיינען אזוי אונבעדייטענד, דאָס ענטוועדער זיי שאדען קיינעם ניט, אָדער דיא צייטען און דיא אומ־שטענדען קענען זיי פערבעסערען. אין דערזעלבער צייט האָט ער אָבער געמאכט דיא גרעסטע ווירקונג אויף אידען אליין, דערמיט וואָס ער האָט זיי דערצעהלט וואָס עס איז יודענטהום און וואָס

עס איז פרעמד פון יודענטהום און איז ארייננעשמוגעלט געוואָרען דורך פערשיעדענע סיבות.

אין אמת גערעדט, האָט זיך לעווינזאָהן ניט שטארק געקימערט אום דעם וואָס דיא ענגלישע פּרעססע האָט געזאָגט וועגען דר. מעקאָל'ס אנגריף. ער האָט זיך אויך ניט דערשראָקען וויא דיא ענגלישע אידען, אז דערפאר וואָס דער „נתיבות עולם“ איז ערשיענען, געהט שוין אונטער דאָס יודענטהום. איהם איז מעהר געלעגען אין דעם וואָס ער האָט געהאט א געלעגענהייט צו אנאלי־זירען פאר זיינע אייגענע ברידער דאָס יודענטהום. ער האָט געזעהען אין דיא תלמודיסטען און אין תלמוד גוטעס און פערנינפ־טיגעס, און ער האָט געזאָגט וואָס ער מיינט. ער האָט ערבליקט אין זייערע ווערטער לעגענדעס, אין זייערע נאָכפאָלגער געוויסע נארישקייטען און אויך אָנגעצייגט וואָס עס איז ניט אידיש, און ער האָט דאָס אלעס ערקלערט פריי און אָפען.

און זיין אבזיכט האָט געטראָגען פריכטע. דיא שטודירער פון תלמוד און יודענטהום אין רוסלאנד און איבער דער גאנצער וועלט, וועלכע האָבען געלערנט לעווינזאָהן'ס ספרים, האָבען אָנגעהויבען דארויף צו קוקען מיט אָפענע אויגען און פאר זיך ערבליקט דיא ערהאבענע זייט און אויך דאָס וואָס זאָל פערוואָרפען און ניט אנערקענט ווערען.



# קאפיטעל 17.

אין יאָהר 1856 זעהען מיר, אז לעווינזאָהן האָט ענדליך ערדייכט דעם העכסטען טריאומף פון זיין לעבען. זיין ספר „בית יהודה“ איז איינגעפיהרט געוואָרען אלס א טעקסט־בוך אין ראבינער סעמינאר פון ווילנא, און צו יענער צייט איז זיין קאָררעס־פּאָנדענץ אונגעהויער פיעל געוואקסען. מיר זעהען פראָמינענטע מענער צו איהם שרייבען, פרעגען עצות און זיך מיט איהם בעראטהען אין אידישע אנגעלעגענהייטען.

אם 2־טען טאָג חולהמ״פּ, 1856, האָט לעווינזאָהן געשריעבען א בריעף צו זיין פריינד אהרן רייך. אין דיזען בריעף דערצעהלט לעווינזאָהן, אז דער גובערנאטאָר פון זשיטאָמיר האָט צו איהם געשיקט א בריעף דורך דעם פּאָליצמייסטער. דער גובערנאטאָר האָט איהם אָנגעפרעגט אין נאָמען פון אינלענדישען מיניסטעריום, איהם צו שרייבען וואָס ער פערלאנגט פאר 2000 עקזעמפּלארען פון זיין ספר „בית יהודה“. דארויף האָט איהם לעווענזאָהן געענטפערט, אז דער פּרייז איז אנדערטהאלבען רובעל פּער עקזעמפּלאר, נאָר, אום צו אונטערשטיצען דיא השכלה, וועט ער נעהמען ביי דער רעגיערונג בלויז 1000 רובעל פאר 2000 עקזעמפּלארען.

מיט א קורצע צייט שפּעטער האָט ה׳ אהרן רייך געשריעבען צו לעווינזאָהנען א בריעף פון סט. פּעטערסבורג. ער דערצעהלט איהם דאָרט, אז דער אינלענדישער מיניסטער האָט געשריעבען צום גובערנאטאָר, רעקאָמענדירענדיג לעווינזאָהנען אלס דער פּאָרשטעהער פיר אידישער בילדונג אין רוסלאנד, און פיר דיזען אמט זאָל איהם דיא רעגיערונג בעצאָהלען. מיט דעמזעלבען בריעף האָט איהם רייך געשיקט 150 רובעל וואָס ער האָט גע־זאמעלט פיר לעווינזאָהנען אין סט. פּעטערבורג.

שפעטער האָט איהם ה׳ רייך געשיקט איין בריעף מיט 160 רובעל און איינעם מיט 750 רובעל.

אויף דעם לעצטען בריעף האָט לעווינזאָהן געענטפערט מיט טויזענדער דאנקען, און ער דערצעהלט איך פאָלגענדעס:

„ווערהרענד איך האָב ערהאלטען דעם בריעף מיט דעם געלד, בין איך געלעגען אויף מיין בעט וויא געלעהמט און קראנק פון א גרויסער שרעק: מיט עטליכע טעג צוריק, אום האלבע נאכט, ווען א ליכט האָט געברענט און איך בין געלעגען וואכענדיג, זיינען אריין רויבער אין מיין הויז און צוגענומען אלעס וואָס זיי האָבען גע־וואָלט. קיין געלד האָבען זיי אָבער ניט געפונען“.

יא, ווען לעווינזאָהן האָט שוין ניט געקענט עסען, ווען ער האָט שוין ניט געקענט געניסען און הנאה האָבען פון דער וועלט, האָט מען אָנגעהויבען אויף איהם רחמנות צו האָבען און מען האָט איהם געשיקט געלד.

כל־זמן ער האָט נאָך געהאט כוחות און געוואָלט לעבען, האָט ער זיך ערנעהרט מיט א שטיקעל ברויט, א ציבעלע, א מאָל א שטי־קעל הערינג און זעלטען א ביסעל זופּ. זיין איינציגע לײדענ־שאפט איז געווען רויכען א לולקע, און אָפטמאָל האָט עס געטראָ־פען, ווען איהם האָט אויסגעפעהלט א ביסעל טאבאק.

אָבער לעווינזאָהן האָט זיך ניט בעקלאָגט. זיינע איינציגע נעדאנקען זיינען געווען דערביי, אז זיינע ספרים זאָלען געדרוקט ווערען, ער איז געווען צופריעדען מיט אלעמען און ווען ער איז אלט געוואָרען 71 יאָהר, האָט ער ערקלערט, דאָס לויט וויא ער רעכנט, האָט ער שוין פערטיג געמאכט זיין טאָג ארבייט און עס איז צייט צו געהן שלאָפען.

ער האָט פערשטאנען, אז זיינע טעג זיינען געצעהלט, און ער האָט זיך אוועקגעזעצט און אָנגעשריעבען פאָלגענדע צוואה:

קרעמעניץ, כ״ט כסליו, שנת תר״כ, 13טען דעצעמבער, 1859.

איך, דער אונטערגעשריעבענער, יצחק בער בן יהודה לעווין לע־ווינזאָהן פון קרעמעניץ, מיט א ריינעם און קלאָרען געדאנק, און איך וויים נאָך מיט מיין געזונדען און קלאָרען פערשטאנד צו אורטהיילען

איבער יעדע זאך, אזוי וויא איך, דער אונטערגעשריעבענער, בין אלט 71 יאָהר און ליג אויף'ן קראנקען בעט, און יעדען טאָג רעכען איך, אז דער סוף פון אלע מענשען איז שוין אויך צו מיר געקומען, האָב איך בעשלאָסען מיט א קלאָרען און ריינעם געדאנק צו אורטהיילען מיט פערשטאנד, און איך זאָג אָן וואָס מען זאָל טהאָן נאָך מיין טויט. הרב ר' אלעקסאנדער בערענשטיין און מיין קרוב הרב ר' מענדיל לאנד־זעסבערג, זאָלען דורכפיהרען אלעס וואָס איך זאָג וויטער אָן.

1) אזוי וויא איך האָב ניט זוכה געוועזען איבערצולאָזען קיין קינדער, קיין ברידער האָב איך אויך ניט אויסער צוויי שוועסטער, יונגע בלומע און דיא צווייטע פייגע. מיין שוועסטער בלומע איז שוין לאנג געשטאָרבען און האָט ניט געלאָזט קיין קינדער, ווייל אפילו איהר טאָכטער רחל איז געשטאָרבען אָהן קינדער, און מיין צווייטע שוועסטער פייגע איז שוין אַלט 80 יאָהר. זיא האָט איין זוהן, וועמען איך האָב ערצויגען אלס מיין קינד. זיין נאָמען איז יעקב ישראל בן יצחק מאנולי וואָס וואָהנט אין אדעס און רופט זיך לעווינזאָהן.

2) מיין פערמעגען בעטרעפט יעצט טויזענד און צוויי הונדערט רובעל. מזומן געלד האָב איך ניט, בלויז א ביסעל, וואָס פון דעם וועל איך נעהמען אויף מיינע הוצאות כל־זמן איך לעב, און אויב עס וועט נאָך פערבלייבען א ביסעל, זאָל מען דאָס פערברויכען אויף מיין קבורה.

3) ספרים האָב איך פון מיינע אייגענע פערפאסונגען וואָס געפינען זיך ביי ה' בערנשטיין 700 אין צאָהל און זיי האָבען ווערטה 700 רובעל, אויך אנדערע ספרים וואָס האָבען ווערטה 70 רובעל.

4) מיין שוועסטער פייגע ירשה'נט מיך, אי דורך דין תורה אי לויט זאקאָן, ווייל איך האָב ניט קיין אנדערן יורש אויסער איהר, און אזוי וויא זיא האָט ניט קיין זיהן און טעכטער אויסער יעקב ישראל, און דיעזער בן יחיד איז איהר מפרנס ביי זיך אין הויז זייט מעהרערע יאָהרען, דערפאר גיב איך איבער אלעס וואָס בלייבט נאָך מיין טויט צו יעקב ישראל'ן.

5) פון דער גענאַנטער סומע וואָס איך גיב איבער מיין

שוועסטער׳ס זוהן, זאָל מען צוטהיילען געלד צו אָרימע לייט און א מנין זאָל דאוונען אין מיין הויז 7 טעג. מען זאָל אויך אָנצינדען ליכט נאָך מיין טויט א גאנין יאָהר און שוהל וויא דער מנהג איז. אויסער דעם זאָל מען געבען 8 רובעל צו פעררינבטען דעם בית עלמין. אויף דיא הוצאות פון שפּיטאָל אין קרעמנעין זאָל מען געבען 50 רובעל. אלע מיינע זאכען, וויא בעט־געוואַנט און אנדערע כלים, וואָס געפינען זיך ביי מיר אין הויז, זאָל מען אוועקגעבען דער דיענסט בלומע בעקערמאן, דערפאר וואָס זיא האָט מיך בעדיענט זייט עטליכע יאָהר. פון דער רעגיערונג פערלאנג איך צו בעשטעטיגען אלע מיינע ווערטער. און אזוי וויא איך מוז דאָס טהאָן אין אייל־עניש און איך קען דאָס ניט שרייבען אויף רוסישע פאָרמאלנע פּאפּיער, האָב איך דאָס געהייסען שרייבען אויף העברעאיש, ווייל לויט דיא געזעצע פון קייזער איז עס ערלויבט פאר א שטערבענדען. נאָר אויב עס וועט נעט־היג זיין דאָס אנדערש צו מאכען, זאָל דאָס געטהאָן ווערען דורך דיא הערען בערנשטיין און לאנדעסבערג און דיא הוצאות דערפון זאָלען בעצאָהלט ווערען.

6) איך פערלאנג פון מיין שוועסטער׳ס זוהן ער זאָל זיך בע־מיהען און לאָזען דרוקען מיינע מאנוסקריפּטען, און ער זאָל איבער־נעהמען פון ה׳ יעקב האלפּערין פון בערדיטשעוו דריי פּאפּיערען פון דיא אקטען, וואָס איך האָב איהם איבערגעגעבען, ווייל זיי בעלאנגען אויך צו מיינע פערפאסונגען.

אלעס געגאנטע פערפליכטעט מיין שוועסטער און איהר זוהן צו בעשטעטיגען יעדע זאך פון מיין צוואה, וואָס איך אונטערגעשריעבענער זאָג אָן, ווערענד מיין פערשטאנד איז לויטער און קלאָר און איך וויים וואָס איך זאָג. — יצחק בער לעווינזאָהן.

אין דערזעלבער צייט האָט ער אויך געבעטען מען זאָל אויפ־שרייבען אויף זיין מצבה פאָלגענדע ווערטער, וואָס ער האָט אליין פערפאסט:

אומר לה׳ מחסי ומצודתי אלהי אבטח בו!
מאפס, יה העירני לנפש חיה.

ההו חלדי עף כמו לא היה
ואישן שנית בחיק הורתי
תחת גל זה עדה מצבתי.
עם אויבי ה׳ נלחמתי שערים
לא בנשק ברזל אך באמרים.
תמת ישרון גלותי לעמים,
עדי זרבבל, שהדי אפס דמים.

דיא צוואה האט ער געשריעבען אויף העברעאיש. מיר וועלען יעצט פרובירען איבערגעבען דעם אינהאלט פון זיין מצבה אויפ־שריפט אין אידיש:

פון גאר ניט האט מיך גאט געמאכט פאר א לעבעדיגע בעשעפעניס.
אך! מיין וועלט איז פערפלויגען גלייך וויא גאר ניט געווען,
און איך שלאף וויעדער איין אין שויס פון מיין ערצייגערין
אונטער דיעזען הויפען, וויא מיין מצבה צייגט אן,
מיט גאט׳ס פיינדע האב איך שווער געקעמפפט,
ניט מיט קיין אייזערנע וואפען, נור מיט ווערטער.
דעם אידען׳ס אונשולד האב איך פאר דיא פעלקער געוויזען,
אן עדות איז „זרבבל“, א בעוויז „אפס דמים“.

דיא צוואה און דער אויפשריפט אויף זיין מצבה שפיעגלען אין זיך אפ לעווינזאהן׳ס לעבען און כאראקטער; ער איז געווען א איד, ווייל ער האט ליעב געהאט דאס ריינע, שעהנע און זיבערע יודענטהום מיט זיינע מנהגים. אזוי וויא ער האט געלעבט, האט ער געוואלט שטארבען. אין זיך זעלבסט האט ער געזעהען דאס ערשיינען פון א גארניט אין אן עפעס, אדער בעסער געזאגט, צו ווערען נאך׳ן טויט דאס, וואס ער איז געווען איידער ער איז גע־בוירען געווארען. ער איז געווען שטאלץ אויף זיין קאמפף פיר אידען און יודענטהום. און „זרבבל“ און „אפס דמים“ זיינען ביי איהם געווען דיא וויכטיגסטע ארבייטען פיר זיין פאלק.

לעווינזאהן איז שוין מעהר ניט אויפגעשטאנען פון זיין קראנקען־בעט. דיא כוחות האבען זיך איהם לאנגזאם אויסגע־

לאָזט, און מיטוואָך, 24 טעג אין שבט, דאָס הייסט אויפ'ן דריטען חודש נאָך זיין צוואה שרייבען, האָט ער אויסגעהויכט זיין לעצ־טען אָטהעם אין דעמזעלבען ענגען שטיבעלע, וואו זיין נשמה האָט געלעבט אזוי פיעלע יאָהרען.

אויפ'ן צווייטען טאָג איז ער בעערדיגט געוואָרען מיט גרויס כבוד און כמעט דיא גאנצע שטאָדט איז נאָכגעגאנגען צו זיין לויה.

ר' יצחק בער לעווינזאָהן איז אלט געווען 71 יאָהר מיט קארגע 5 חדשים ווען ער איז געשטאָרבען.



# קאַפּיטעל 18.

ווען מיר זאָלען וועלען גענוי אָבשאַצען דיא ווירקונגען פון יצחק בער לעווינזאָהן, דאן מוזען מיר דאָס זאָגען בלויז אין עט־ליכע ווערטער:

דיא ערוואכונג צו בילדונג און פאָרשונג צווישען אידען אין רוסלאַנד, דיא גאנצע ענטשטעהונג פון דער מאָדערנער העברעאי־שער ליטעראטור, דיא שטרעבונג פיר א העברעעס און פערנינפ־טיגערעס יודענטהום — דאָס אלעס האָט יצחק בער לעווינזאָהן גורם געווען! אמת, אנדערע האָבען אויך מיטגעהאָלפען, אָבער ער איז געווען דער הויפט רעפאָרמער, און איהם און זיינע ספרים איז אלעס צו פערדאנקען.

פאָלגענדעס איז א ליסטע פון לעווינזאָהן'ס ווערקע:

1) זרבבל, 4 טהייל; 2) ספר הזכרונות, וואָס ענטהאלט מעהרערע פון זיינע בריעף, געדרוקט מיט דעם זרבבל דאָס ערשטע מאָל אין יאָהר תרל"ו (1875); 3) תולדות שם, צווייטער טהייל פון שרשי לבנון, תרל"ז; 4) בית יהודה; 5) ילקטי ריב"ל, בריעף, געדיכטע, חידות און קורצע אָבהאנדלונגען, געדרוקט אין תרל"ה; 6) תעודה בישראל; 7) אפס דמים; 8) ימין צדקי, געדרוקט אין יאָהר תרמ"א; 9) בקורי ריב"ל, קריטיק און פער־שיעדענעס, געדרוקט אין תרמ"ה; 10) אשכול הסופר, געדיכטע און פערשיעדענעס, געדרוקט אין תר"ן; 11) באר יצחק, ליטע־ראַרישע בריעף; 12) פתוחי חותם, קאבאליסטישע אָבהאנדלונ־גען; 13) יזרעאל, ליטעראַרישע אויפזעטצע; 14) הקר מלין, קריטיק געגען אוצר השרשים פון בן זאב; 15) אהלי שם, דריי־טער טהייל צום שרשי לבנון.

מען מעג מיט רעכט זאָגען, אז לעווינזאָהן האָט ניט איבגעלאָ־זען קיין ווינקעל אין דער אידיישער ליטעראַטור, וואָס ער האָט ניט, פיעל אָדער ווייניג, בעריהרט מיט זיין פעדער. איבעראל שוועבט

דיא הויכע און ערהאבענע שטרעבונג צו אויפקלעהרונג און בילדונג, צום בעגרייפען און פערשטעהען אלעס.

לעווינזאָהן האָט געגלייבט, אז דאָס יודענטהום איז א רעליגיאָן וואָס שרעקט זיך ניט פאר אויפקלערונג; אין געגענטהייל, וואָס מעהר מען לערענט, אלץ בעסער בעגרייפט מען דיא שעהנהייטען פון יודענטהום. דיעזע היילינע בעגייסטערונג האָט אויך בע־הערשט אלע זיינע ספרים, זיין גאנצעס לעבען און זיין שטרעבען ביז ער האָט געזאָגט אדיע צו דיעזער וועלט און איז אייועק שלאָ־פען אונטער א שטיין אויף׳ן קרעמניצער בית עלמין.

ע נ ד ע.



# דון יצחק אברבנאל

## און זיינע זיהן

זייער לעבען און טהעטיגקייט אין
פערבינדונג מיט דער געשיכטע
פון גלות שפאניען.

---



פון פיליפ קראנץ

# דון יצחק אברבנאל

## און זיינע זיהן.

---

### איינלייטונג.

---

### אַ בליק אויף דער געשיכטע פון אידען אין שפּאַניען.

דער נאָמען פון יצחק אברבנאל איז ענג פערבונדען מיט איינעם פון די פינסטערסטע פעריאָדען, פּיעלייכט דעם פינסטערסטען, אין דער הערצרייסענדער געשיכטע פון די גרויזאמע פערפאָלגונגען, וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט אויסגעליטען און ליידעט נאָך אין פיעלע ערטער ביז היינט צו טאָג. ווען מען לעזט דיעזע געשיכטע, קען מען ווירקליך מיינען, אז דאָס אידישע פאָלק איז נאָר בעשאַפען געוואָרען אָפּצוקומען אויף דער וועלט, ווי די אידען זעלבסט האָבען זיך עס איינגערעדט, ווען זיי האָבען נאָך געהערשט אין זייער אייגען לאנד. אָבער ווען מען פאָרשט נאָך די פאסירונגען מיט אַ קריטישע אויג, געפינט מען זעהר גרינדליכע וועלטליכע אורזאַכען פאר דיעזע אויסעראָרדענטליכע פערפאָלגונגען געגען די אונגליקליכע „אתה בחרתנו'ניקעס".

מיר קענען זיך דאָ ניט ארייגלאָזען אין איינצעלהייטען וועגען דיעזער העכסט וויכטיגער און אינטערעסאנטער היסטאָרישער פראַגע, דען מיר שרייבען דאָך ניט אַ געשיכטע פון אידען. אונזער צוועק איז צו שילדערען דעם לעבען און טהעטיגקייט פון איינעם פון די עדעלסטע און בעסטע פערטרעטער, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט ווען געהאַט; פון אַ מאַן, וואָס האָט זיך ניט נור אויסגעצייכענט אין תורה, חכמה און שטאַאטס־פּאָליטיק, זאָנדערן וואָס האָט זיך אָבגעזאָגט פון רייכטהום און כבוד אויס אַ העלדענמוטהיגען עהרען־געפיהל, אום אויסצוּוואַנדערן און צו ליידען צוזאמען מיט זיינע פעריאָגטע ברידער. אנשטאט צו בלייבען פינאַנץ־מיניסטער

ביי דעם זעלבען שפּאַנישען מלך, וועלכער האָט אונבארעמהערציג פערטריבען 300.000 אידען פון לאַנד, ניט ערלויבענדיג זיי אפילו מיטצונעהמען דעם גרעסטען טהייל פון זייער פערמעגען, האָט ער זיך גענומען צום גלות־שטעקען, אום אויך דיא עלטערע יאָהרען אויסצואוואַנדערן אין אַ פרעמדע לאַנד וואו ער האָט וויעדער נאָר געקענט ערוואַרטען פערפאָלגונגען. ער האָט געצייגט אַן ערהאַ־בענעם ביישפּיעל זיינע אונגליקליכע ברידער, וועלכע זיינען נאַ־טירליך געווען אין דער גרעסטער פערצווייפלונג אויסגעוויעזען צו ווערען פון אַ לאַנד, וואו זיי האָבען פריהער געפונען די בעסטע היימאַט און וואו זיי האָבען אזוי פיעל אויפגעטהאָן פיר זייער פאָלק און פיר די גאַנצע מענשהייט.

נאָר אויך אין דיעזען פאַל, ווען מען קוקט אריין טיעפער אין דער געשיכטע פון אידען אין שפּאַניען, געפינט מען די זעלבע אורזאכען, וועלכע האָבען איבעראַל געפיהרט צו פערפאָלגונגען, אונטערדריקונגען און אויסווייזונגען. צוליעב די זעלבע אורזאכען האָט מען נאָך פריהער ארויסגעיאָגט די אידען פון ענגלאַנד, פראַנק־רייך און אַנדערע לענדער, נאָר דיעזע גרויזאמע אויסווייזונגען האָ־בען ניט אָנגעמאַכט אַזאַ רעש און האָבען ניט אזוי שטאַרק אויפ־גערעגט אַלע אידען, וועלכע זיינען שוין געוואָהנט געווען צו די גרעסטע צרות אין פינסטערן מיטעלאַלטער, ווי גלות שפּאַניען, ווייל אין קיין אַנדער לאַנד זיינען דאַן אידען ניט געווען אזוי צאָהל־רייך און געבילדעט און האָבען ניט געשפּיעלט אַזאַ וויכטיגע ראָ־לע ווי אין שפּאַניען. אייגענטליך, ווען מען זאָל ניט רעכענען די אינקוויזיציאָן, וועלכע האָט מייסטענס פערפאָלגט און געברענט די מאַראַנען, האָט מען אין שפּאַניען בעהאַנדעלט די אידען בעסער ווי אין אַנדערע קריסטליכע לענדער אפילו אין די ערגסטע צייטען, יעדענפאַלס פיעל בעסער ווי אין דייטשלאַנד; נאָר די שפּאַנישע אידען האָבען פריהער פערהעלטניסמעסיג זעהר גוט געלעבט, און דאַרום איז זייער שמערץ געווען גרעסער, ווען מען האָט זיי שלים־ליך פערטריבען. זיי זיינען אויך געווען געבילדעט און האָבען געהאַט גרויסע שריפטשטעלער און פּאָעטען, וועלכע האָבען מיט

פייערדיגע פארבען בעשריעבען זייערע צרות און לײדען, וועהרענד אין אנדערע לענדער האָבען אידען געדולדיג געליטען, נאָר גע־קרעכצט אין זייערע גהעטאָס און גאנץ וועניג געלאָזט הערען זייערע שמערצענס־געשרייען אין שריפטען פאר די גאנצע וועלט.

די פערפאָלגונגען, וואָס די שפּאַנישע אידען האָבען געליטען, זיינען דאַרום מעהר בעקאַנט געוואָרען און זיינען געבליבען אלס דער שרעקליכסטער אנדענקונג פון אידישען גלות אין מיטעל־אלטער. נאָר די אורזאכען פון די פערפאָלגונגען זיינען געוועזען, ווי געזאָגט, די זעלבע אין שפּאַניען, ווי אין אנדערע לענדער. דיעזע אורזאכען דארף מען צוערשט זוכען אין דעם לאַנגען און שרעק־ליכען קאמפף צווישען ארץ ישראל און די רוימישע אימפּעריע, א קאמפף, וועלכער איז הויפּטזעכליך געוועזען א נאַציאָנאַל־פּאָליטי־שער, און נאַכהער אין קריסטענטהום, וועלכער האָט ארויסגע־שפּראָצט פון אידישע סעקטאַנטען, אָבער וועלכער איז ביסלעכווייז ארויסגעטראָטען אלץ שאַרפער און פיינדליכער געגען דיא איבער־געבליעבענע אנהענגער פון „אלטען גלויבען“ און האָט אומגע־וואנדעלט דעם פריהערען נאַציאָנאַלען האַס פון די רוימער און גריכען געגען די אידען אין א רעליגיעזען, ווי נאָר דער „נייער גלויבען“ האָט זיך בעפעסטיגט אין רוים.

דיעזע אלגעמיינע אורזאכען פון אנטיפּאטיע און האַס צו אידען האָבען זיך ארויסגעוויעזען צוערשט, קען מען זאָגען, אין שפּאַניען, ווייל דאָרטען האָבען זיך אידען בעזעצט אין דער צייט, ווען רוים איז געוועזען אַ רעפּובליק — עס זיינען דאָ גרינדע צו גלויבען, אז אידען האָבען זיך בעזעצט אין זיד־שפּאַניען נאָך אין די צייטען פון ערשטען חורבן בית המקדש און האָבען דאָרט געלעבט צוזאמען מיט זייערע סעמיטישע ברידער, די פיניקער, די גרעסטע און מוטהיגסטע הענדלער און ים־פאָהרער פון די אלטע צייטען — און ווייל קריסטליכע מיסיאָנערען האָבען דאָרט גאנץ פריה געהאַט ערפאָלג.

שוין אר:ם 320 יאָהר, איידער די קריסטליכע רעליגיאָן האָט געזיעגט אין רוים מיט דער הילפע פון דעם קייזער קאָנסטאַנטין,

האָבען זיך ביסקופּען און גלחים פון שפּאניען פערזאמעלט אין דער אמאָליגער שטאָדט איליבערים (לעבען גראנאדא) און האָבען פער־באָטען די קריסטען צו פערקעהרען פריינדליך און צו האָבען חתונה מיט אידען, ווי אויך ניט צו לאָזען אידען בענשען די פעדלער פון די קריסטליכע אקערבויער. דיעזער ערשטער ארויסטרעטען פון קריסטען געגען אידען אין שפּאניען צייגט קלאָר, אז אידען האָבען געלעבט פריינדליך מיט די איביריאנער, די איינגעבאָרענע אויף דעם פּירענעאישען האַלבאינזעל, און מיט די ערשטע קריסטען. אין שפּאניען איז דאַן געווען דאָס זעלבע וואָס אין זיד־פראנקרייך, וואו אידען האָבען אויך חתונה געהאַט מיט קריסטען. די קריס־טען זיינען איבערהויפּט גערעכענט געווען פאַר א אידישע סעקטע אונגעפעהר 200 יאָהר, און די רוימישע געצענדיענערשע קייזערס האָבען, ווי בעוואוסט,ביידען גלייך פערפאָלגט.

נאָר די ביסקופּען און אנדערע פיהרערס פון די קריסטליכע סעקטען האָבען געזוכט אלין מעהר אָבצושיידען זיך פון אידען. די פיינדשאפט צווישען אידען און אידישע קריסטען האָט זיך איינגעוואָרצעלט אין דער צייט פון אדריאן׳ס פערפאָלגונגען נאָך בר־כוכבא׳ס אויפשטאַנד *) און איז אלין געוואקסען ביז די קריסטען זיינען געוואָרען שטאַרק גענוג צו פערפאָלגען זייערע פריהערע ברידער. די קריסטליכע סעקטע, וועלכע האָט געקראָגען די אויבערמאַכט אין רוים, האָט אויך איבערגענומען דעם פריי־הערען נאַציאָנאַלען האַס פון די רוימער צו די אידען און האָט זיי דאַרום בעזאָנדערס שטאַרק פערפאָלגט. פון דיעזער קריסט־ליכער סעקטע האָט עס זיך ענטוויקעלט די רוימיש־קאַטוילישע קירכע, וועלכער איז געווען און פערבליעבען דער גרעסטער, ביטער־סטער און געפעהרליכסטער שונא ישראל.

די ערשטע קריסטען אין זיד־שפּאַניען האָבען געהערט צו

*) זעהע דיא לעבענסבעשרייבונג פון בר־כוכבא אין פערבינדונג מיט אידישע אויפשטאַנדען נאָך חורבן בית שני, אַרויסגעגעבען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לייברערי פּובלישינג קאָמפּאַניע.

דיעזער קירכע, וועלכע האָבען איבערגענומען אזוי פיעל געזעצ־דיענערשע מנהגים, אום לייכטער צו געווינען אנהענגער, און זייערע ביסקופּען האָבען דארום באלד אָנגעהויבען ארויסצוצייגען זייער פיינדשאפט צו אידען, ווי נאָר דער רוימיישער קייזער קאָנסטאַנטין האָט זיך בעקעהרט צום קריסטליכען גלויבען. נאָר, צום גליק פון די אידען, איז שפּאַניען איבער 200 יאָהר געוועזען אונטער דער הערשאפט פון אייניגע גערמאַנישע שטאַמען, בעזאָנדערס די וויסיגאָטהען און וואנדאלען, וועלכע זיינען געראדע בעקעהרט געוואָרען צום קריסטענטהום נאָך דעם גלויבען פון דער אריאנער סעקטע (די אריאנער האָבען געלייקענט די געטליכקייט פון יעזוס קריסטוס און האָבען זיך אין פיעלע אנדערע פּונקטען אונטערשיידעט פון די קאַטאָליקען). דיעזע קריסטען האָבען גאַנץ גוט בעהאַנדעלט די אידען, אָבער ניט אויס פריינדשאפט צו זיי, זאָנדערן אויס האַס צו די רוימער. אזוי ווי זיי האָבען בעטראכטעט אלע קאַטאָליקען פאר רוימער, האָבען זיי אָנפאנגס אויך פערפאָלגט די קאַטאָליקען אין שפּאַניען. די אידען האָבען זיי יעדענפאלס בעסער בעהאַנדעלט ווי די קאַטאָליקען.

די אידען האָבען דאַן געהאַט אַ סך פּריווילעגיען. מען האָט זיי אפילו ערלויבט צו בעקעהרען זייערע שקלאַפען צו זייער רעליגיאָן. אָבער ביסלעכווייז האָט די קאַטאָלישע קירכע געקראָגען מעהר אנהענגער ביז זי איז צו ענדע פון זעקסטען יאָהרהונדערט געוואָרען די הערשענדע אויף דעם פּירענעאישען האַלבאינזעל. דאַן האָבען זיך אויך גלייך אָנגעפאנגען פערפאָלגונגען געגען אידען. אין 589, ווען רעקארעד, דער קעניג פון די וויסיגאָטהען, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון ארניאנער „אפּיקורסות“ און איז געוואָרען אַ קאַטאָליק, האָבען די קאַטאָליקען דורכגעפיהרט, אז מען זאָל פערבאָטען די אידען חתונה צו האָבען מיט קריסטען, צו בעזיצען שקלאַווען און צו פערנעהמען עפענטליכע פּלעצער. אָבער דיעזע אנטי־אידישע געזעצע זיינען מייסטענס פערבליעבען טויטע בוכשטאַבען אפילו אין דער צייט פון רעקארעד'ס הערשאַפט. זיינע נעכסטע נאָכפאָלגער, מיט אויסנאהמע פון סיזעבוט, וועלכער האָט

געצוואונגען די אידען אָנצונעהמען קריסטענטהום אָדער צו פער־לאָזען דאָס לאַנד, נאָר האָט געהערשט סך הכל 9 יאָהר, זיינען געווען גינסטיג צו די אידען, וועלכע האָבען אין אלגעמיין גע־לעבט בעסער אין שפּאַניען, ווי אין אנדערע קריסטליכע לענדער פון יענער צייט. צו דער צייט אָבער האָט מען ספּעציעל גענומען פערפאָלגען אזעלכע אידען, וועלכע זיינען געצוואונגען געווען זיך צו שמד'ן, נאָר וועלכע זיינען געבליעבען אין געהיים טריי צו זייער אלטען גלויבען. דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון די צרות פון די מאראנאָס, צרות, וועלכע זיינען בעזאָנדערס שרעקליך גע־ווען מיט אַ יאָהר 700 שפּעטער, ווען די אינקוויזיציאָן איז איינ־געפיהרט געוואָרען.

די גרויזאמע בעהאַנדלונגען פון מאראנאָס אָדער געהיימע אידען האָט זיך אָנגעפאנגען אין 7טען יאָהרהונדערט, ווען די קאַטוילישע גייסטליכע האָבען געקראָגען אלין מעהר דעה אין שטאַאַט־אַנגעלעגענהייטען און האָבען אונטערגעהעצט די קעניגע צו בעשרענקען די רעכטע פון אידען, אום זיי דורך דעם צו צווינ־גען אָנצונעהמען דעם קריסטליכען גלויבען. אזוי האָבען די קריסט־ליכע הערשער איבריגענס געהאַנדעלט אין גאַנץ אייראָפּא. אָבער די שפּאַנישע אידען האָבען ווידער געהאַט מעהר מזל ווי זייערע ברידער אנדערסוואו, דען די מאהאָמעדאַנער זיינען זיי געקומען צו הילפע. נאָך אין 694 האָבען די אידען, וועלכע זיינען זעהר שטאַרק פערפאָלגט געווען אונטער דער הערשאפט פון דעם פאָר־לעצטען וויסיגאָטהער קעניג עזשיקאַ, זיך פערבונדען מיט זייערע ברידער אין אפריקא און מיט איינינגע אונצופריעדענע אדעליגע אין שפּאַניען, אום מיט דער הילפע פון די זיעגרייכע אראבען צו שטירצען די גאנצע וויסיגאָטהער מלוכה. דיעזע פערשווערונג איז אָבער ענטדעקט געוואָרען, און די אידען האָבען זעהר טהייער בעצאָהלט דערפאַר. מען האָט זיי פערשקלאַווט, זייערע קינדער אונטער 7 יאהר געטויפט און אַ טהייל געטויטעט.

אָבער דאָס האָט דאָך ניט געבראַכט זייער מוטה. ווי בע־וואוסט, האָט זיך דער מאהאָמעדאנער גלויבען מערקווירדיג שנעל

פערשפרייטעט איבער וועסט־אזיען און נאָרד־אפריקא. א יאָהר צעהן נאָך מאַהאָמעד'ס טוידט זיינען שוין די אראבען, בעגייס־טערט פון זייער נייען גלויבען, געווען הערשער אין נאָרד־אפריקא אזוי וויט ווי מאָראָקאָ. די אידען האָבען זיי איבעראל געהאָלפען, ווי פיעל זיי האָבען נאָר געקענט, אום זיך אָפּצורעכענען מיט זייערע קריסטליכע פערפאָלגערס. אויך די שומרונים האָבען צו־ליעב דעם זעלבען גרונד געהאָלפען די מאַהאָמעדאנער, וועלכע האָבען שנעל איינגענומען גאנץ ארץ ישראל און קליין־אזיען אונ־טער דער פיהרונג פון דעם כאליף אָמאַר.

ווען די אראבען האָבען זיך בעפעסטיגט אין נאָרד־אפריקא האָבען זיי זיך אַ לאָז געטהאָן איבער דעם גיבראלטאר־וואסערוועג נאָך שפּאַניען אונטער דער פיהרונג פון זייער קריעגספיהרער טאַ־ריק. די אידען האָבען זיי אונטערגעיאָגט און געהאָלפען אויף יעדען שריט. אין 711 יאהר האָבען טאַריק'ס מחנות בעזיעגט די קריסטען אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם לעצטען וויסיגאָטהער קעניג ראָדריק נאָך אַ גרויסע שלאַכט לעבען קסערעס, און נאָך דעם איז זיי שוין לייכט געווען איינצונעהמען דעם גאַנצען פּירע־נעאישען אינזעל. די מאַהאָמעדאנער האָבען זיך פערלאָזען אויף די אידען אין די איינגענומענע שטעדט און האָבען אליין ווייטער געיאָגט די וויסיגאָטהען צום נאָרד. ווען טאַריק איז צוגעקומען צו טאָלעדאָ, די הויפּטשטאדט פון די וויסיגאָטהען, האָבען די אידען געעפענט די טויערן פון דער שטאָדט און אויפגענומען די זיעגערס מיט דער גרעסטער פריידע.

פון פערשקלאַוטע זיינען זיי מיט אַ מאָל געוואָרען הערשער, דען די אראבען האָבען זיי געגעבען פולע בירגערליכע און פּאָלי־טישע רעכטע. אלע מאַראנען, וועלכע האָבען פריהער געציטערט ביי דעם אָנבליק פון אַ קאַטאָלישען גלח, האָבען יעצט אָפען געקענט זיך ערקלערען פאר אידען. מיט איין קלאַפּ זיינען זיי אזוי פּטור געוואָרען פון זייערע קריסטליכע אונטערדריקער און פּייניגער, דען די זיעגרייכע מאַהאָמעדאנער האָבען זיי בעהאַנדעלט אזוי פריינד־ליך אין שפּאַניען ווי אין בבל און פּערסיען.

דאָס איז געווען די גאָלדענע צייט פיר אידען אויף דעם פירענעאישען האַלבאינזעל. דאָס איז אויך געווען אַ גליק פאַר די מענשהייט אין אַלגעמיינען, דען די אראבען צוזאמען מיט די אידען זיינען דאַן געווען די ציוויליזאַציאָנס־טרעגער. אין דער צייט, ווען גאַנץ אייראָפּא איז פאַרוואָלקענט געווען מיט קאַטוי־לישע פינסטערנעס, ווען די גריכישע פילאָזאָפיע איז פערשטויסען און פעריאָגט געוואָרען פון טרוקענע און אבערגלויבישע פּלפּולים, פון טהעאָלאָגיע (חכמת האלהות), איז די אראבישע מלוכה אין זיך־שפּאַניען געווען אַ לייכט־טהורם פון פילאָזאָפיע און וויסענ־שאפט. די שטראהלען פון דיעזען לייכט־טהורם האָבען ביסלאַכ־ווייז בעלויכטען אנדערע לענדער ביז דער פרייער געדאַנקען האָט זיך אַ מעכטיגען הויב געטהאָן מיט 700 יאָהר נאָך דעם אראבישע ערָאבערונג פון שפּאַניען, ביז עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין 15טען יאָהרהונדערט די צייט, וועלכע טראָגט מיט רעכט דעם נאָמען רענעסאַנס (אויפלעבונג) און וועלכע האָט אונז געפיהרט צו אונ־זער יעצטיגער ציוויליזאַציאָן.

די אידען האָבען זעהר פיעל מיטגעהאָלפען צו ברייננגען די רענעסאַנס־צייט און אויף דיעזער ווייזע האָבען זיי זיך אָפּגערע־כענט מיט זייער שרעקליכסטען שונא: דיא קאַטוילישע קירכע. נאָר ביז דער פרייער גייסט האָט אַ שיין געטהאָן דורך די געדיכטע וואָלקענס פון קאַטאָליציזמוס האָבען זיי געליטען ווי אין אַ גיהנום, מען האָט זיי געשטיקט, גערדריקט, געיאָגט, אויסגעשלאַכטעט, בע־זאָנדערס אין די גרויליכע צייטען פון די קרייץ־ציגע, איבעראל אויסער אין די טהיילען פון שפּאַניען, וועלכע זיינען פערבליעבען אונטער דער הערשאַפט פון די אראבען, די זאָגענאַנטע מאַווּרען. דאָרט איז פאַר די אידען געווען פערהעלטניסמעסיג אַ גן־עדן. זיי האָבען געלעבט אונגעשטערט און געקענט זיך ענטוויקלען גייסטיג. אפילו אין די ערטער פון דעם פּירענעאישען האַלב־אינזעל, וואו די קאַטאָליקען האָבען אָנגעהאַלטען זייער אונאבהענ־גיגקייט און פון וואנען זיי האָבען זיך אַלץ ווייטער געריקט צו פעריאָגען די אראבען, האָט מען אויך ניט שלעכט בעהאַנדעלט די

אידען. זאָ לאנג די קאַטאָליקען האָבען געהאַט צו פיהרען אַ שווערען קאמפּף מיט די מאַהאָמעדאנער, האָט מען ניט פערפאָלגט די אידען, אום צו האָבען זייער הילפע, וועלכע איז זעהר ניצליך און נויטווענדיג געווען. דער קאמפּף צווישען די שפּאניער און אראבען האָט זיך, ווי בעוואוסט געצויגען קנאַפּע 800 יאָהר, ביז די לעצטע אראבישע מלוכה אויף דעם פּירענעאישען האַלבאינזעל, גראנאַדא, האָט זיך געמוזט אונטערגעבען אין 1491 יאָהר.

אין פערלויף פון אזא לאנגע צייט האָבען די שפּאנישע אי־דען דערגרייכט צו אַ זעהר הויכע שטופע אין אַלע בעציהונגען. די ערשטע 500 יאָהר נאָך דער אראבישער עראָבערונג האָבען זיי געלעבט, קען מען זאָגען, אונגעשטערט, און מען האָט זיי אין אלגעמיין ניט פערפאָלגט פאר זייער גלויבען אפילו אין די קאַ־טאָלישע מלוכות פון פּירענעאישען האַלבאינזעל. זיי האָבען דאַ־רום געשפּיעלט די העכסטע ראָליע צווישען אלע אידען, און שפּאַ־ניען איז געוואָרען דער מאטעריעלער, מאָראלער און גייסטיגער צענטער פון יודענטהום. די גרעסטע רבנים, די טיעפסטע דענ־קערס, די בעסטע שרייבערס און פּאָעטען זיינען ארוים פון די שפּאַנישע אידען.

אָבער זייער לאגע איז אלין ערגער געוואָרען, וואָס מעהר די קאטאָליקען האָבען געזיעגט אין דעם פייערדיגען קאמפּף מיט די אראבען. דאָס איז געווען צוגלייך אַ נאַציאָנאַלער און אַ רעלי־גיעזער קאַמפּף, און פוןביידע זייטען האָט מען געפיהרט מלחמה מיט פאנאַטיזמוס. איינער פון די ערגסטע רעזולטאַטען פון דיע־זען לאנגען נאַציאָנאַל־רעליגיעזען קאמפּף איז געווען, דאָס די מאַסען פון שפּאנישען פאָלק זיינען פאנאַטיזירט געוואָרען ביז צו דער העכסטער שטופע. די קאַטוילישע קירכע האָט זיך נאַטיר־ליך בענוצט דערמיט צו פערשטארקען איהר מאַכט און צו קריעגען די אויבערהאַנד אויף אין פּאָליטישע אנגעלעגענהייטען. גלחים האָבען געפיהרט די רעדעל פון שטאַאט און די מענשען־פרעסענדע אינקוויזיציאָן האָט געפונען דעם בעסטען באָדען אין שפּאַניען. די אידען, וועלכע האָבען אין 14טען יאָהרהונדערט געהאָלפען די

שפּאניער געגען די אראבער, האָבען ניט געזעהן, אז זיי גראָבען א קבר פאר זייערע קינדער. ווען זיי האָבען זיך ארומגעזעהען, איז שוין געווען צו שפּעט, דען די שפּאניער זיינען געוואָרען צו שטאַרק געגען די אראבען, וועלכע זיינען פערבליעבען נאָר אין עטליכע זידליכע שטעדט און זיינען צופריעדען געווען, ווען מען האָט זיי צו רוהע געלאָזען.

ביז צו ענדע פון 14טען יאָהרהונדערט איז נאָך די לאגע פון די שפּאנישע אידען געווען ערטרעגליך אין אלגעמיינען. די דאָמעניקאָנער גלחים, וועלכע זיינען געווען די פינסטערסטע פאנאטיקער און האָבען געקראָגען א גרויסען איינפלוס אויפ׳ן פאָלק, האָבען ניט אויפגעהערט צו העצען געגען די אידען און האָבען ניט איין מאָל דורכגעפיהרט פערשידענע בעשרענקונגס־געזעצע, אום צו צווינגען די אידען זיך צו טויפען. א געוויסער טהייל פון פאָלק איז דאַן געווען פיינדליך צו אידען אויס עקאָנאָמישע גרינדע, בעזאָנדערס אָרימע אדעליגע און הענדלער, וועלכע האָבען ניט פערגונען די אידען זייער רייכטהום און איינפלוס אין קעניגליכען הויף (ספּעציעל האָט מען געפאָדערט, אז מען זאָל ניט ערלויבען אידען צו פערנעהמען עפענטליכע שטעלן). די גלחים, וועלכע האָבען הויפּטזעכליך פערפאָלגט די אידען צוליעב זייער רעליגיאָן, האָבען זיך געשטיצט אויף דיעזען טהייל פון דער שפּאנישער בעפעלקערונג, אום אויסצופיהרען זייערע שטרעבונגען.

אזוי איז ענטשטאַנען א גרויסער קלאַס, וואָס האָט געוואָלט איינפאך אויסראָטען אָדער פערטריבען פון לאנד אלע אידען און וואָס האָט אונטערגעלייגט די פייער פאר די אויטאָ־דע־פעס, וועלכע האָבען אָנגעפאנגען צו פלאַקערן אין 15טען יאָהרהונדערט. נאָר ערשט צום ענדע פון 14טען יאָהרהונדערט איז עס געקומען אין דער מלוכה פון קאסטיל, וואו די אידען זיינען בעסער בעהאַנדעלט געוואָרען, ווי אין די מלוכות פון נאַוואַר און אַראַגאָן, צו אזא מערדערישען אָנפאַל אויף אידען, ווי אין דייטשלאַנד. דאָס איז געשעהען דעם 15טען מערץ, 1391 אין דער שטאָדט סעווילאַ — אַן אונגליקליכער טאָג פאר די שפּאנישע אידען.

א געוויסען פאנאַטישען גלח מיט דעם נאָמען פערנאַנדראָ מארטינעז איז ענדליך געלונגען אויפצוהעצען דעם המון צו אטאַ־קירען די אידען אין סיווילא. טהיילווייז זיינען די אידען אליין שולדיג, דען זיי האָבען ניט נאָר אויפגערעגט די בעפעלקערונג געגען זיך דורך זייער אנטהייל אין דעם ציוויל־קריעג צווישען די אנהענגער פון דעם קעניג פעדרא און פון זיין ברודער הענרי 2, זאָנדערן אויך דורך די שענדליכע ערמאָרדונג פון יוסף פּיכאָן. דיעזער איד איז געוועזן דער טאקס־זאמלער פון קעניג הענרי דעם צווייטען און איז זעהר בעליעבט געוועזן פון די קריסטען אין סעווילא. אין 1379, גראדע ווען דער יונגער קעניג זשואַן דער ערשטער איז געקרוינט געוואָרען, האָט אַ אידישער געריכט פעראורטהיילט צום טויט דיעזען וויכטיגען מאַן אלס אַ פיינד פון דער אידישער קהילה און אַלס אַ פעררעטהער. מיט וואָס ער האָט ארויפגעצויגען אויף זיך דעם צאָרן פון זיינע ברידער, וויים מען ניט; נאָר זיי זיינען אין זייער האַס צו איהם געגאנגען אזוי ווייט, אז זיי האָבען איהם אפילו ניט געגעבען די מעגליכקייט זיך צו פערטהיידיגען אין געריכט. זיי האָבען אויך אויסגעפיהרט דורך עטליכע אידען, וועלכע האָבען געהאַט איין איינפלוס אין קעניגליכען הויף, אז דער קעניג זאָל אונטערשרייבען אַ בלאַנקען טויט־אורטהייל. פּי־כאָן׳ס פיינדע האָבען געוואוסט, אז דער קעניג וועט ניט דערלאָ־זען איהם אומצוברייננגען, און זיי האָבען דארום אונטערגעקויפט די מיניסטערס, אום אָפּצונאַרען דעם קעניג. גלייך ווי מען האָט געקראָגען דעם קעניג׳ס אונטערשריפט, האָבען די בעאַמטע פון בית־דין אויפגעוועקט זייער אָפּפער, ווען ער איז נאָך געשלאָפען, האָבען איהם ארויסגענאַרט פון זיין הויז מיט אַ פאַלשען תירוץ און איהם געקעפּט אָהן שום צערעמאָניעס.

דיעזער מאָרד האָט אין העכסטען גראד אויפגעבראכט די בעפעלקערונג פון סעווילאַ אויף די אידען. דער קעניג איז געוועזן אויסער זיך, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, ווי מען האָט איהם אָפּגענאַרט. ער האָט גלייך געהייסען היגריכטען די שמשים פון בית־דין און איינעם פון די אידישע ריכטער. נאָר דאָס וואָלט

ניט אויסגעמאַכט, ווען ער וואָלט צוליעב דעם ניט געוואָרען א פיינד פון אידען. די ניעדערטרעכטיגע ערמאָרדונג פון יוסף פּיכאָן האָט געהאַט זעהר טרויעריגע רעזולטאַטען פאַר אַלע אידען אין שפּאַניען. צוערשט האָט דער קעניג אָבגעשאַפט דאָס אַלטע רעכט פון אידען צו האָבען זייערע אייגענע קרימינאַל־געריכטען. נאָכ־הער האָט ער אונטערשריעבען אנדערע געזעצע געגען אידען, ווי, צום ביישפּיעל, אז אידען טאָרען ניט האַלטען קריסטליכע מאַמ־קעס.

די איינוואָהנער פון סעווילאַ האָבען זיך געקליבען צו בע־פאַלען די אידען, צו מאַכען אַ פּאָגראָם נאָך דעם מוסטער פון אנדערע לענדער, אָבער עס האָט דאַן געפעהלט אַ פאַנאַטישער אָנפיהרער. מיט 12 יאָהר שפּעטער, ווען פערנאַנדאָ מארטינעץ האָט געפּרעדיגט אַ קרייץ־צוג געגען די „פערשאָלטענע“ אידען, האָט מען געמאַכט אַ סוף פון דער גאַנצער אידיישער געמיינדע אין סעווילאַ. דאָרט האָבען זיך דאַן געפונען 7000 אידישע פאַמי־ליען, אַן ערך פון 30 טויזענד נפשות. דיא מייסטע פון זיי האָבען זיך געטויפט צום שיין, אום צו רעטען זייער לעבען, 4000 זיינען ערמאָרדעט געוואָרען, די איבעריגע — זעהר אַ קליינע צאָהל — איז געלונגען צו אנטלויפען. צווישען די יעניגע, וואָס האָבען זיך גערעטעט דורך אַ טויפע, איז אויך געווען שמואל אברבנאל, דער זיידע פון יצחק אברבנאל, נאָר ער, אזוי גוט ווי אנדערע מאראנען, האָבען זיך ביי דער ערשטער געלעגענהייט אָבגעטרייסעלט פון קריסטענטהום.

דער שרעקליכער אויסברוך אין סעווילאַ איז געווען ווי אַ פונק אין אַ פאַס פּולווער. אין זיעבעציג שטעדט האָט מען געראַובט און געמאָרדעט די אידען און זיי געצוואונגען זיך צו טויפען. אין טאָלעדאָ, די הויפּטשטאדט פון קאַסטיל, איז מען בעפאַלען די אידען גראָדע תשעה באב און מען האָט דאָרטען געמאַכט אַ שרעקליכע שחיטה. דאָרט איז געווען די גרעסטע און וויכטיג־סטע אידישע קהילה, און פיעלע בעוואוסטע רבנים זיינען אומ־געקומען. די גאַסען פון טאָלעדאָ זיינען פערפלייצט געוואָרען מיט

דעם בלוט פון די אידען, וועלכע האָבען זיך מוסר נפש געוועזן פאר זייער גלויבען. אין איניגע שטעדט איז קיין איינציגער איד ניט געבליעבען. ווער עס האָט געקענט, האָט זיך גערעטעט נאָך פּאָרטוגאַל, גראַנאַדא און נאָרד־אפריקא.

זייט דאַן האָבען זיך עס אָנגעפאַנגען די שרעקליכע ליידען פון די מאַראַנאָס (דער וואָרט בעדייטעט: „די פערשאָלטענע", און ער איז פאָרטרעפליך צוגעפּאַסט צו די אונגליקליכע, וועלכע מען האָט געטויפט מיט געוואַלד און וועלכע האָבען זיך געריסען מיט ליב און זעעלע צו בלייבען אידען). דורך זיי האָבען די יעניגע, וואָס זיינען נאָך אָפען פערבליעבען אידען אין שפּאַניען, אויך געהאַט געברענטע צרות.

איניגע פון די מאַראַנאָס האָבען געוואָלט שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע אין דער קאַטוילישער קירכע און זיינען געוואָרען די גע־פעהרליכסטע שונאי ישראל. די נידערטרעכטיגסטע פון זיי זיינען געוועזן רבי שלמה לעווי פון בורגאָס, וועלכער איז בעקאַנט אונטער זיין קריסטליכען נאָמען פּאָול דע־סאַנטאַ־מאַריאַ, און יהושע לאָרקי וועלכער איז געווען דער לייב־ארצט פון דעם אנטי־פּאַפּסט בענע־דיקט 13טער און האָט אָנגענומען דעם נאָמען יעראָנימוס דע סאַנטאַ־פע. ביידע זיינען געוועזן גוטע תלמודיסטען און פעהיגע מענשען און האָבען שנעל עררייכט די העכסטע שטעלען אין דער קאַטוילישער קירכע. זיי האָבען אפילו געשטרעבט צו ווערען פּאַפּסטען. פּאָול דע־סאַנטאַ־מאַריא איז געווען אַ בעוואוסטער רב און זעהר אַ שטרענגער אָרטהאָדאָקס ביז זיין שמד נאָך די הריגות פון 1391; אָבער גלייך נאָך דער איבערקעהרענעם האָט ער ער־קלערט, אז ער האָט זיך געטויפט, ווייל ער גלויבט אויפריכטיג אין יעזוס קריסטוס, און האָט נאָכדעם אויסגענוצט אַלע זיינע קענטניסע און פעהיגקייטען צו בעקעהרען אידען צום קריסטענ־טהום און צו פערפאָלגען די יעניגע, וועלכע זיינען געבליבען טריי זייער אַלטען גלויבען. צוזאַמען מיט זיין שילער יהושע לאָרקי האָט ער אָנגעמאַכט די גרעסטע צרות אַלע שפּאַנישע אידען. אום צו בעפריעדיגען זייער אמביציאָן האָבען זיי ניט נור געפיהרט

ויכוחים מיט אידישע רבנים אין דער אנוועזענהייט פון קעניג און פון די העכסטע בעאמטע פון שטאאט און קירכע און גע־שריעבען ביכער, אין וועלכע זיי האָבען איבערגעדראָשען אלע תענות פון קריסטליכע מיסיאָנערען וועגען די ביבלישע בעווייזע, אז יעזוס איז געוועזן דער ערוואַרטעטער משיח; זאָגדערן האָבען נאָך אויף יעדען שריט אויפגעהעצט צו פערפאָלגען די אידען, אז זיי זאָלען געצוואונגען זיין זיך צו טויפען.

דורך דיעזע משומדים מיט דער הילפע פון דעם פאנאַטישען נלח ווינסענט פעררער און דעם לעצטען אווינישער פאפסט בע־נעדיקט 13טער, וועלכער האָט געהאָפט אנערקענט צו ווערען אלס פאפסט אין רוים דורך דעם וואָס ער וועט אויספיהרען אַן אלגע־מיינע בעקעהרונג פון אידען צום קריסטענטהום. צו דיעזען צוועק האָט דיעזער אנטי־פאפסט, וועלכער איז שליסליך אראָבגעזעצט געוואָרען (ווי בעוואוסט, האָבען די קאַטאָליקען געהאַט אַ געוויסע צייט צוויי שטעלפערטרעטער פון יעזוס: איין פאפסט אין רוים און אַן אנדערן אין אווינישאָן, זיעד־פראנקרייך, וועלכע האָבען זיך גאָר ניט געמליך ארומגעריסען), — בעשטימט, אז דער משומד לאָרקי זאָל פיהרען אַ דיספוט מיט אידישע פערטרעטער אין טאָרטאָזאַ, אום צו בעווייזען, אז אפילו דער תלמוד אנערקענט יעזוס'ן פאר אַ משיח.

דאָס איז געוועזן דער גרעסטער און בעריהמטעסטער פון די אידיש־קריסטליכע ויכוחים אין מיטעלאַלטער. ער האָט זיך גע־צויגען קנאַפע צוויי יאָהר (1413—1414), די ביטערסטע און שרעקליכסטע אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק. בענעדיקט 13טער האָט געהאָפט, אז איהם וועט געלינגען איבערצוריידען און איינצושרעקען די אונגליקליכע אידישע פערטרעטער, וועלכע האָ־בען ביי דיעזען דיספוט רעזיקירט מיט זייער לעבען (עס איז אי־בעריג צו זאָגען, אז די אידען האָבען שטענדיג געציטערט פאר אזעלכע דיספוטען אונטער די אויגען פון זייערע ביטערסטע פיינד און האָבען געזוכט זיי אויסצומיידען), זיי זאָלען זיך טויפען, דאַן וועלען אלע אידען זיי נאָכפאָלגען. נאָר זעהענדיג, אז די רבנים

האַלטען זיך פעסט, האָט ער אָבגעהאַקט די ווייטערע דיסקוסיאָ־
נען און האָט אויסגעלאָזען זיין צאָרן צום אָרימען תלמוד. די
אידען איז שטרענג פערבאָטען געוואָרען צו לערנען גמרא און אַלע
קאָפּיעס פון תלמוד האָט מען געזוכט צו פערברענען. מען האָט
נאָך ארויסגעלייגט אנדערע גזרות אויף אַלע אידען, אָבער גליק־
ליכערווייזע איז בענעדיקט 13טער באַלד נאָכדעם אראָפּ פון
פּאַפּסטליכען שטוהל און איז געשטאָרבען אין 1416.

אין דער זעלבער צייט, ווען מען האָט דיספּוטירט אין טאָר־
טאָזאַ, האָט דער גלח פערערער געברויכט געוואַלד צו טויפען די
אידען. ער האָט צוזאַמענגעקליבען אַרום זיך אַ באַנדע פאַנאַ־
טישע פלאַזשעלאַנטען (מלקות־קלאַפּערס) און פלעגט מיט זיי
ארומוואַנדערען פון איין שטאָדט צו איין אנדערע, אום צו בעפאַ־
לען סינאַגאָגען. מיט אַ קרייץ אין האַנד פלעגט ער זיך אריינ־
רייסען אין די סינאַגאָגען און דאָרטען האַלטען פייערדיגע דרשות
מיט נאָך פייערדיגערע סטראַשונקעס. זיין חברה פלעגט שטעהן
אָנגעגרייט צו בעשטעטיגען זיינע פאַנאַטישע געשרייען מיט שווער־
דען און שטעקענס איבער די קעפּ פון די אונגליקליכע אידען. די
קריסטליכע בעפעלקערונג פון יעדער שטאָדט, וואו דיעזער משוגע־
נער פאַנאַטיקער פלעגט זיך בעווייזען, פלעגט געוועהנליך בעפאַ־
לען די אידישע הייזער און דאָרט רויבען און מאָרדען. די אידע־
וואָס האָבען זיך געקענט רעטען אין איין שטאָט פון זיינע ב יטיגע
דרשות דורך פליטה, פלעגען איהם טרעפען אין אַן אנדער שטאָרט,
דען ער האָט שנעל מאַרשירט מיט זיין פאַנאַטישער באַנדע איבער
שפּאַניען.

אונטער שטרענגסטע שטראָפען איז עס פערבאָטען געווען
די אונגליקליכע צו אנטלויפען. זיי זיינען געווען ווי אין אַ
פּאַסטקע פון יעגערס, און פיעלע פון זיי האָבען זיך דארום אין
זייער טויט־שרעק בעקעהרט צום קריסטענטהום. מען רעכענט,
אַז פערדינאַנד פערערער האָט אַזוי געצוואונגען איבער 20 טויזענד
אידען זיך צו טויפען. ער האָט קיין אנדער זאַך אין זינען ניט
געהאַט אויסער די בעקעהרונג פון אידען צום קריסטענטהום ; אָבער

בענעדיקט 13טער מיט די צוויי אידישע משומדים, סאנטא־מאריא און סאנטא־פע, האָבען אויסגענוצט זיין ווילדען פאנאטיזמוס צו זייערע פּאָליטישע צוועקען, און אלע צוזאמען האָבען זיי אומ־געוואנדעלט שפּאניען אין אַ גיהנם פאר אידען.

פערדער מיט זיין פאנאטישער באנדע האָבען אויך אָנגעמאַכט גרויסע צרות די אידען אין אנדערע לענדער, וואו ער איז נאָר צוגע־קומען, אויסער אין פּאָרטוגאַל, וואו מען האָט די אידען נאָך דאַן צורוה געלאָזען. אין שפּאניען איז דער שיקזאַל פון די אידען גע־האנגען אויף אַ האָאָר דעם גאנצען 15טען יאָהרהונדערט, בעזאָנ־דערס נאָך דעם ווי די אינקוויזיציאָן איז ענדליך אויך איינגע־פיהרט געוואָרען צום אונגליק און צו דער שאנדע פון גאנץ אייראָפּא.

אַ יאָהר 20 נאָך דער שרעקענס־צייט פון פערדינאנד פּעררער און פון בענעדיקט 13טער מיט זיינע משומדים איז געבאָרען גע־וואָרען יצחק אברבנאל, וועמען עס איז באַשערט געווען דורכצו־ליידען דעם לעצטען אקט אין דער הערצרייסענדער טראַגעדיע פון די שפּאנישע אידען און וועמעס לעבען און טהעטיגקייט מיר וועלען בעשרייבען אין די נעקסטע קאפּיטלאך.

❦ ❦ ❦

## 1.

אָבשטאַמונג און ערציהונג. — זיינע ערשטע ווערק. — פינאַנצמיניסטער פון קעניג אַלפאָנסאָ 5. — גליקליכע צייט פאַר אידען אין פּאָרטוגאַל. — אויסקויף פון געפאַנגענע. — פּאָרטוגעזער געזאַנדטע צום פּאַפּסט.

---

יצחק אברבנאל האָט געשטאַמט פון איינער פון דיא העכסטע און בעריהמטעסטע אידיישע פאַמיליען אין שפּאַניען. זיא האָט שטאָלצירט מיט אַן אָבשטאַמונג דירעקט פון דוד המלך, און וויא עס ווייזט אויס, איז עס ניט געווען א פוסטע גדלות, אום אָפּצונאַרען דעם עולם. אין זיין פירוש אויף זכריה'ס נביאות בעמערקט ער אין איין אָרט: „נאָך חורבן בית ראשון האָבען צוויי פאַמיליען פון דוד המלך'ס הויז זיך אויך בעזעצט אין שפּאַניען, נעמליך: דיא פאַמיליע דאַאוד אין לוצען און דיא פאַמיליע אברבנאל אין סעווילאַ.“

נאָר יעדענפאַלס, אויב דיזע טראַדיציאָן פון דער פאַמיליע אברבנאל איז בעגרינדעט אויף א פאַקט אָדער אויף איין איינבילדונג, נאָר איהרע מיטגליעדער האָבען זיך שטענדיג אויסגעצייכענט מיט רייכטהום, תורה און איבערגעבענהייט צו זייער פאָלק. יצחק אברבנאל איז ניט געווען אַן אויסנאַהמע, זאָנדערן איינער פון איהרע גלענצענדסטע פערטרעטער. ער איז געבאָרען געוואָרען אין 1437, אָבער ניט אין שפּאַניען, נאָר אין פּאָרטוגאַל, נעמליך אין דער הויפּט־שטאָדט ליסאַבאָן, וואוהין זיין זיידע שמואל אברבנאל האָט עמיגרירט, הפנים אַ קורצע צייט נאָכדעם וויא מען האָט איהם געצוואונגען זיך צו טויפען אין דער צייט פון דעם שוידערליכען אָנפאַל אויף אידען אין סעווילא אין 1391, וויא דאָס איז בעמערקט געווען אין דער איינלייטונג.

דיזער שמואל אברבנאל איז געווען איינער פון דיא דעפוטאַ־
טען, וואָס דיא שפּאַנישע אידען האָבען געשיקט נאָך רוים צום
ניי־ערוועהלטען פּאַפּסט מארטין 5. (ער איז אויסגעוועהלט געוואָ־
רען נאָך דיא לאַנגע רייסערייען פון פּאַפּסטען און אנטי־פּאַפּסטען
אַלס דער איינציגער הויפּט פון דער קאַטאָלישער קירכע; דאַן איז
עס אראָפּגעזעצט געוואָרען דער אנטי־פּאַפּסט בענעדיקט 13, פון
וועלכען עס איז גערעדט געוואָרען אין דער איינלייטונג). צוזאַמען
מיט פערטרעטער פון איטאַליענישע אידען האָט ער אויסגעפיהרט,
אַז דיזער פּאַפּסט זאָל אַרויסלאָזען א מענשליכען בעפעהל, נאָך
יענער פינסטערער צייט, נעמליך, אז מען זאָל ניט טויפען אידען
מיט געוואַלד, אַז מען זאָל זיי ניט צווינגען צו פייערן דיא קריסט־
ליכע יום־טובים און זיי ניט שטערען אין זייער געשעפטליכע אַנ־
געלעגענהייטען מיט קריסטען. דיזער בעפעהל, פאר וועלכען דער
פּאַפּסט מאַרטין 5 האָט געקראָגען אַ סך טהייערע געשאַנקען פון
דיא אידישע דעפּוטאַטען, איז אָבער מייסטענס פערבליבען אַ
טויטער בוכשטאַב, בעזאָנדערס אין שפּאַניען, וואו דיא דאָמיני־
קאַנער און אַנדערע פאַנאַטישע גלחים האָבען געקענט אויספיה־
רען אַלעס וואָס זיי האָבען געוואָלט.

יצחק׳ס פּאָטער, יהודה, איז געווען דער שאַץ־מייסטער ביז
אַ פּאָרטוגעזער פרינץ און האָט אויך געהאָלפען זיינע ברידער ווי
ווייט ער האָט געקענט. זיין זוהן האָט ער געגעבען דיא בעסטע
ערציהונג נאָך יענער צייט. נאָך אַלס איינגעל האָט יצחק אברבנאל
אַרויסגעוויזען גלענצענדע פעהיגקייטען. ער האָט ניט נאָר שנעל
אויסגעלערנט אַלע געגענשטאַנדען, זאָנדערן האָט אַלעס גרינדליך
בענומען און פערשטאַנען. ער האָט געהאַט אַ פילאָזאָפישען פער־
שטאַנד, וועלכער איז פערשאַרפט געוואָרען דורך אַ פריהצייטיגע
בעקאַנטשאַפט מיט דיא פּאָליטישע אנגעלעגענהייטען פון פּאָרטו־
גאַל און שפּאַניען און מיט דיא צרות פון זיינע ברידער. אָבער ער
איז דאָך ניט געווען אַ טיעפער דענקער און האָט נאָר אין זיינע
שריפטען געצייגט גרויסע קענטניסע אין תורה, שפּראַכען און
**פּאָליטיק.**

מיט דעם גרעסטען חשק האָט ער שטודירט דיא תורה, אום נאָכצופאָרשען דיא גרונדלאַגען פון אידישען גלויבען און דיא אי־דישע געשיכטע אין דיא עלטעסטע צייטען. נאָך אַלס יונגער מאַן האָט ער אָנגעשריעבען דעם רעליגיעז־פילאָזאָפישען בוך „עטרת זקנים", אין וועלכען ער האָט געזוכט צו ערקלערען דיא געטליכע השגחה אין אלגעמיינען און ספּעציעל אין בעצוג אויף אידען. וויא נאָר ער האָט געענדיגט דיזע ערשטע ווערק, האָט ער זיך גענומען צו אַ פּירוש אויף „דברים". אין דער הקדמה צו דיזען פּירוש, וועלכע ער האָט אָנגעשריעבען, ווען ער האָט אויסגעוואנדערט פון שפּאַניען, בעמערקט ער, אַז ווען ער איז נאָך געווען א יונגער מאַן און האָט געלעבט אין זיין פאָטער'ס הויז אין ליסאבאָן, האָט ער זיך שטאַרק פעראינטערעסירט מיט דער פראַגע וועגען „דברים".

„איך האָב געשטעלט דיזע פראגע פיעלע בעוואוסטע גע־לעהרטע, לעהרערס פון ישיבות, אָבער יעדערער האָט מיר געענט־פערט נאָך זיין אייגענע וועלט־בעטראַכטונג. קיינער פון זיי האָט ניט ענטשיעדען דיזע פראגע געניגענד. דאַרום האָב איך זיך אָנגע־שטרענגט און אַליין זיך גענומען צו לייזען דיזע פראגע דורך אַ פּירוש אויף „דברים". אין דיזען פּירוש וועל איך צייגען דיא ער־האַבענהייט פון דיא לעהרען, וועלכע „דברים" ענטהאַלט, דען דיא אַלטע און נייע קאָמענטאַטאָרס האָבען ניט גענוג אויפמרקזאם דאָס נאָכגעפאָרשט."

אין דער זעלבער צייט, ווען ער האָט זיך אַזוי פערטיעפט אין דער תורה, האָט ער אויך שטודירט וועלטליכע זאַכען, בעזאָנדערס פינאַנצען, געשיכטע און פּאָליטיק. ער איז אַזוי געוואָרען איינער פון דיא געבילדעסטע מענשען פון זיין צייט. אונטער דער אָנ־ווייזונג פון זיין פאָטער האָט ער גרינדליך זיך בעקאַנט מיט דער פערוואלטונג פון שטאַאטס־פינאַנצען און מיט רעגיערונגס־אַנגעלע־גענהייטען. ער איז שנעל בעקאַנט געוואָרען אַלס איינער פון דיא בעסטע פינאַנסיסטען, און אַלפאָנסאָ 5, א געבילדעטער און גוט־מוטהיגער קעניג, האָט איהם דאַרום אויסגעקליבען פאַר זיין פי־נאַנץ־מיניסטער. דיזער קעניג האָט איהם אויך אָנגעפרעגט ווע־

געגן דיא וויכטיגסטע שטאַאַט־פראַגען און האָט איבערהויפּט געהאַט צו איהם און צו זיינע קענטניסע גרויס צוטרויען.

אין קעניגליכען הויף האָט מען זעהר געגליכען דעם יונגען אידישען פינאַנץ־מיניסטער, ווייל ער האָט זיך געהאַלטען וויא אַן אָרעלמאַן, האָט געגען קיינעם ניט אינטריגירט און האָט ניט געזוכט רייך צו ווערען אויף דער רעכנונג פון שטאַאַט. אַלע האָבען איהם געשעצט אַלס אַן עהרליכען מאַן, קלוגען מיניסטער און גרויסען קענער. ער איז געווען בעפריינדעט מיט פיעלע הויכע גראַנדען (אריסטאָקראַטען), בעזאָנדערס מיט דעם הערצאָג פערדינאַנד דע־בראַגאַנזאַ, וועלכער האָט בעזעסען 50 שטעדט און האָט געקענט צושטעלען אַן אַרמעע פון 10 טויזענד אינפאַנטעריע און 3 טויזענד קאַוואַלעריע אין צייט פון קריעג. שטענדיג פלעגט ער געברויכען זיין גרויסען איינפלוס אין קעניגליכען הויף צו בעשיצען זיינע ברידער. זיין לעבען אין דיזער צייט, זאָ לאַנג אלפאָנסאָ 5 האָט געלעבט, בעשרייבט ער אליין מיט דיזע ווערטער:

„רוהיג האָב איך געלעבט אין מיין געירשנטע הויז אין פרעכטיגען ליסאַבאָן. גאָט האָט מיר געגעבען מזל ברכה, רייכטהום און כבוד. איך האָב אויסגעבויט פאַר מיר הערליכע זאַלען און צימערן. מיין הויז איז געווען דער זאַמלונגס־פונקט פון געלעהרטע און חכמים. איך בין געווען געליעבט אין דעם הויף פון אַלפאָנסאָ, אַ מעכטיגער און גערעכטער קעניג, אונטער וועמעס הערשאַפט דיא אידען האָבען גענאָסען פרייהייט און הצלחה. איך בין געווען נאָהענט צו איהם, האָב איהם אונטערשטיצט און זאָ לאַנג ער האָט געלעבט, האָט ער זיך בעראַטהען מיט מיר וועגען שטאַאַטסזאַכען.“

דיא אידען האָבען דאַן ווירקליך געהאַט פערהעלטניסמעסיג אַ גליקליכע צייט אין פּאָרטוגאַל. עס האָבען אפילו עקזיסטירט בעשרענקונגס־געזעצע געגען זיי; אָבער דיזע געזעצע זיינען מייסטענס געבליבען אויפ'ן פּאַפּיר, טראָץ דיא אנשטרענגונגען פון גלחים זיי אָפּצושעבען און דורכצופיהרען. אידען האָבען געטראָגען דיא קליידער פון לאַנד מיט שווערדען, זיינען געריטען אויף מולען

און פערד, זאָ דאָס מען האָט זיי קוים געקענט אונטערשיידען פון דיא פּאָרטוגעזער. דיא גרעסטע צאָהל פון טאַקסען־זאַמלער זייּנען געוועזן אידען. אויסער יצחק אברבנאל האָבען נאָך אַנדערע אידען געהאַט אַ צוטרעט און אַן איינפלוס אין קעניגליכען הויף. זיי האָבען געהאָלפען און בעשיצט זייערע ברידער. יצחק'ס בעריהמטער זוהן, יהודה לעאָן מעדיגאָ, האָט אַזוי בעשריעבען זיין פאָטער'ס צדקה און ליעבע צו אידען: „ער איז געוועזן א שיעלד און וואַנד פאַר זיין פאָלק, האָט ערלייזט דיא ליידענדע, פערהיילט וואונדען און געהאַלטען גרויזאַמע לייבען אין צוים."

וויא ווייט ער איז אין דיזער גליקליכסטער צייט פון זיין לעבען געוועזן איבערגעבען צו זיינע אונגליקליכע ברידער, צייגט פאָלגענדער פאַל. דער קעניג אַלפאָנסאָ, וועלכער האָט געפיהרט מלחמה מיט דיא אַראַבען איז מאַראָקאָ, האָט דאָרטען איינגענומען דעם פּאָרט אַרזילאַ און געבראַכט נאָך פּאָרטוגאַל עטליכע טויזענד געפאַנגענע, דאַרונטער אויך 250 אידען, וועלכע זיינען פערקויפט געוואָרען פאַר שקלאַווען. אברבנאל האָט ניט געקענט רוהען, דאָס אידען זאָלען זיך מאַטערען אין שקלאַווערייּ, און האָט אויפגעמונטערט אַנדערע רייכע פּאָרטוגעזער אידען צו זאַמלען געלד זיי אויסצוקויפען. נאַכהער איז ער אַרומגעפאָהרען איבער דעם גאַנצען לאַנד, זוכענדיג דיא אונגליקליכע, אום זיי אויסצוקויפען. פאַר אייניגע פון זיי האָט ער געהאַט צו צאָהלען הויכע פּרייזען, אָבער ער האָט דערויף ניט געאַכטעט. ווען מען האָט אויסגעקויפט אַלע געפאַנגענע, האָט מען זיי געשטיצט אַזוי לאַנג ביז זיי האָבען אויסגעלערענט דיא פּאָרטוגעזער שפּראַך און זיינען אין שטאַנד געוועזן צו מאַכען אַ לעבען.

אַרום דער צייט האָט דער קעניג געשיקט זיינע פערטרעטער צו בעגריסען דעם ניי־ערוועהלטען פאַפּסט זאקסטוס 4 און איהם אויך אָנזאָגען וועגען דעם זיעג פון דיא פּאָרטוגעזער איבער דיא מאַהאָמעדאַנער אין מאָראָקאָ. איינער פון דיא געזאַנדטע איז געוועזן אַ געוויסער סעזורא, אברבנאל'ס אַ זעהר נאָהענטער פריינד. דיזער סעזורא איז אויך געוועזן פריינדליך צו אידען איבערהויפּט

און אברבנאל האָט איהם געבעטען צו זאָגען דעם פּאַפּסט אַ גוט וואָרט פאר דאָס פערפאָלגטע פאָלק. צוגלייך האָט אברבנאל גע־לאָזט וויסען דיא אידען אין איטאַליען, אַז זיי זאָלען אויפנעהמען אַלע פּאָרטוגעזער געזאַנדטע וואָס פריינדליכער, אום דערמיט אויסצודריקען זייער דאַנקבאַרקייט דעם גוטען קעניג אַלפאָנסאָ.

אַט אַזוי האָט יצחק אברבנאל שטענדיג געהאַט אין אויג דיא אינטערעסען פון זיין פאָלק און האַט געזוכט צו העלפען זיינע פער־פאָלגטע ברידער.

❧ ❧ ❧

## .2

פערדעכטיגט פון קעניג זשואַן 2 אין אַ פערשווערונג. — מוז אַנטלויפען פון פּאָרטוגאַל. — בעזעצט זיך אין טאָלעדאָ. — פּירוש אויף דיא ערשטע נביאים. — געגנער פון פרייע קריטיק. — ווערט פינאַנצ־מיניסטער אין שפּאַניען. — פערטהיידיגט זיינע ברידער. — דיא אינקוויזיציאָן און בלבולים אויף אידען.

---

מיט דעם טויט פון קעניג אַלפּאָנסאָ אין 1481 האָט זיך געענדיגט אברבנאל׳ס גליקליכע צייט. אויך האָט זיך אָנגעהויבען אַ שלעכטע צייט פאר זיינע ברידער אין פּאָרטוגאַל. אויפ׳ן טראָן איז אַרויף אַלפּאָנסאָ׳ס זוהן זשואַן 2, וועלכער איז געווען אַ שלעכטער און פאַלשער מעניש. דיזער קעניג האָט געזוכט צו פערשטאַרקען זיין מאַכט אויף דער רעכנונג פון דיא אַדעליגע. אום צו האָבען שטיצע געגען דיא אַדעליגע, האָט ער געזוכט צוצוציהען אויף זיין זייט דיא גלחים און האַנדעלס־לייטע, דיא פיינדע פון אידען. דעם אָנפאַנג האָט ער געמאַכט מיט דעם שטאַרקסטען און רייכסטען פון דיא אַדעליגע, דעם הערצאָג דע בראַגאַנזאַ, אברבנאל׳ס פריינד. דיזער הערצאָג האָט געהערט צו דער קעניגליכער פאַמיליע און איז געווען בעליעבט אין פאָלק מעהר וויא דער קעניג. אין דער צייט, ווען זשואַן האָט געשפּיעלט אין פריינדשאַפט מיט דעם הערצאָג, האָט ער פאַבריצירט געגען איהם בעווייזע אין האָכפערראַטה. דעם הערצאָג האָט מען פערקלאָגט אין פעררעטהערישע פערבינדונגען מיט דעם שפּאַנישען קעניג, ארעסטירט, פעראורטהיילט צום טויט און היגגעריכטעט. דער קעניג האָט זיך בענוצט דערמיט צו קאָנפיסצירען אַלע מאַיאָנטקעס פון דעם אונגליקליכען הערצאָג.

אזוי וויא אברבנאל איז געווען זעהר בעפריינדעט מיט דעם הערצאָג, האָט דער קעניג אויך געוואָרפען אויף איהם אַ בייזע אויג. דיא שונאים פון אידען אין אַלגעמיינען און אברבנאל'ס פיינדע בעזאָנדערס האָבען געזוכט איהם אריינצופּלאָנטערן אין אַ פערשווערונג געגען דעם קעניג, וועלכער איז איבערהויפּט געווען אַ פערדעכטיגער מענש, וויא אַלע טיראַנען זיינען עס. איין מאָל, ווען דער קעניג האָט געשיקט רופען צו זיך דעם אידישען מיניסטער, איז דער לעצטער געוואָהר געוואָרען דורך זיינעם אַן אונבעקאַנטען פריינד, אז זיין לעבען איז אין געפאהר. גראדע ווען אברבנאל האָט זיך געקליבען אָפּצופאָהרען צום קעניג, האָט דער אונבעקאַנ־טער פריינד איהם געראַטהען וואָס שנעלער צו פערלאָזען פּאָרטו־גאַל. אברבנאל האָט וואהרשיינליך אַליין אויך פערשטאַנען, אז ער קען קיין גוטעס ערוואַרטען נאָך דער הינריכטונג פון דעם הער־צאָג דע־בראַגאַנזאַ, און האָט דאַרום זיך אַ לאָז געטהאָן גלייך צום גרענעץ פון שפּאַניען. דאָס איז געשעהן אין 1483טען יאָהר.

ווען דער קעניג האָט זיך דערוואוסט, אז אברבנאל האָט גע־מאַכט פּליטה, האָט ער געשיקט רייטערס איהם צו דעריאָגען און צו פאַנגען, אָבער גליקליכער־ווייזע האָבען זיי איהם ניט געקענט כאַפּען, און ער איז בשלום אַריבער דעם פּאָרטוגעזער גרענעץ. ער האָט דיא ערשטע זאך געשיקט אַ בריעף צום קעניג מיט אַ לאַנגע ערקלערונג, אַז ניט נאָר ער איז אונשולדיג אין אירגענד וועלכער פערשווערונג, זאָנדערן אויך דער הערצאָג דע־בראַגאַנזאַ. נאָר דער פערדעכטיגער קעניג האָט עס ניט געגלויבט און האָט געהייסען קאָנפיסצירען אברבנאל'ס פערמעגען. זיין צאָרן האָט ער אפילו אויסגעלאָזען צו אברבנאל'ס עלטערן זוהן יהודה לעאָן, וועלכער האָט פּראַקטיצירט מעדיצין, דען אויך זיין פערמעגען האָט מען קאָנפיסצירט. דאָך האָט דער קעניג ערלויבט אברבנאל'ס פרוי און קינדער אָפּצופאָהרען נאָך שפּאַניען.

אברבנאל האָט זיך דאַן בעזעצט אין טאָלעדאָ, דיא הויפּט־שטאָדט פון קאַסטיל, וואו דיא אידישע געמיינדע האָט איהם נאַ־

טירליך אויפגענומען מיט גרויס כבוד און אויך פריידע. ער האָט זיך גלייך בעפריינדעט מיט דיא געלערענטעסטע מיטגליעדער. פיעלע נאָכפאָלגערס און פערעהרערס האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן צו איהם. בעזאָנדערס האָט ער זיך בעפריינדעט און וואַהרשיינליך אויך געשעפטליך פערבונדען מיט אַ געוויסען אברהם סעניאָר, וועלכער איז געווען דער הויפּט־קאָלעקטאָר פון שטייערען אין דער מלוכה קאסטיל.

זיין פרייע צייט האָט ער בענוצט צו נעהמען זיך צו דער פעדער, אום אָנצושרייבען דעם פירוש אויף דיא ביכער פון דיא ערשטע נביאים, אַ ווערק, וועלכע ער האָט פערנאַכלעסיגט אין פּאָרטוגאַל צוליעב זיין פּאָליטישע טהעטיגקייט. עס האָט איהם זעהר געערגערט, וואָס ער האָט אַ געוויסע צייט אויפגעהערט צו לערנען תורה, ווען ער איז געווען פינאַנצמיניסטער. ער האָט זאָגאַר געגלויבט, אַז צוליעב דעם האָט איהם גאָט בעשטראָפט, זאָ דאָס ער האָט געמוזט אַנטלויפען פון זיין געבורטשטאָדט. ער האָט דאַרום אַזוי פלייסיג געשריעבען אין טאָלעדאָ, דאָס אין אַ יאָהר צייט האָט ער געענדיגט זיין פירוש אויף יהושע, שופטים און שמואל.

אין דיזען פירוש צייגט ער בעזאָנדערס אַרויס זיין פּאָליטישען פערשטאַנד. ער האָט געזוכט צו ערקלערען דיא פּאָליטישע אנגעלעגענהייטען פון ארץ ישראל אין יענער צייט. זיין ערפאַהרונג אַלס שטאַאטסמאַן און זיין בעקאַנטשאַפט מיט דער וועלט און מיט פרעמדע שפּראַכען און ליטעראַטור האָבען איהם דערביי זעהר פיעל צוגעהאָלפען. פריהערע קאָמענטאַטאָרס האָבען זיך וויניג בעשעפטיגט מיט דיא ערשטע נביאים און מיט דיא געשיכטליכע בעריכטען פון דער צייט, ווען דיא בני ישראל האָבען איינגענומען כנען און זיך דאָרטען בעזעצט, און זיין צוועק איז געווען צו ערקלערען פיעלע דונקעלע פּונקטען. דערביי האָט ער זיך אויך בענוצט מיט דיא ווערק פון איינעגע קריסטליכע נאָכפאָרשער און זאָגאַר פון משומדים.

טראָץ זיין טיעפען בליק אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק און בעקאַנטשאַפט מיט פילאָזאָפישע ווערק, האָט ער דאָך

געשריעבען זיין פירוש אין א שטרענגען אָרטהאָדאָקסישען זינען. זיין שטאַנדפּונקט איז געווען אַ בלינד רעליגיעזער, ער איז אַרויס־געטראָטען געגען אירגענד וועלכע פילאָזאָפישע פרייהייט מיט דעם בוכשטאַב פון דער ביבעל. אין דיזער בעציהונג האָט ער זיך ווייניג אונטערשיידעט פון אַן אָרטהאָדאָקסישען רב, וועלכער קען קיין אַנדער זאַך און וויל קיין אַנדער זאַך וויסען אויסער דעם תלמוד און וועלכער פאָלגט שקלאַוויש דעם געשריעבענעם וואָרט.

דיא ווערק פון אייניגע בעוואוסטע תלמודיסטען, וועלכע האַבען זיך ערלויבט געוויסע פרייהייטען און געבראָכט זייער קריטישען פערשטאַנד, האָט ער, צוזאמען מיט אַנדערע סטריקטע אָרטהאָדאָקסען, פערדאמט אַלס אפּיקורס׳ישע. זיין גאַנצען לעבען האָט ער געהאַלטען מיט דיא געגנער פון פילאָזאָפיע, איז געבליבען אַ שטרענגער אָרטהאָדאָקס, אָבוואָהל זיין פּאָליטישע טהעטיגקייט האָט איהם בעדאַרפט פיהרען אויף אַ פרייען וועג. ער האָט אויך געגלויבט, אַז דיא שפּאַנישע אידען זיינען בעשטראָפט געוואָרען מיט פערפאָלגונגען פאַר זייער אַפּיקורסות.

אָבער באַלד איז ער אונטערבראָכען געוואָרען אין זיין אַרבייט אַלס קאָמענטאַטאָר דורך איין איינלאַדונג פון דער קעניגליכער פּאָאָר פערדינאַנד און איזאַבעלאַ איבערצונעהמען דיא פערוואַלטונג פון דיא שטאַאטס־פינאַנצען. מיט גרויס בעדויערען האָט ער זיך אָבעגריסען פון זיינע געליעבטע שטודיען און ביבלישע נאָכפאָרשונגען. ער האָט זיך גראדע געקליבען אָנצושרייבען אַ פירוש אויף מלכים, ווען ער איז גערופען געוואָרען צום קעניגליכען הויף. דאָס איז געווען אין 1484, מיט 8 יאָהר פאַר דיא אויסוויזונג פון אַלע שפּאַנישע אידען.

עס איז אַ וואונדער וויא אזוי דיא זעלבע קעניגליכע פּאָאָר, וועלכע האָט אַזוי אונבאַרמהערציג ארויסגעיאָגט אַלע אידען און איז געווען אונטער דעם איינפלוס פון דער שוידערליכער אינקוויזיציאָן מיט דעם שרעקליך בעריהמטען טאָרקוועמאַדאָ אַן דער שפּיצע, האָט זיך ערלויבט אנצופערטרויען דיא פינאַנצען צו אַ איד, נור וואהרשיינליך האָט מען זיך אַנדערש ניט געקענט העל־

פען. דיא פינאַנצען פון דער פעראייניגטער שפּאַנישער מלוכה (איזאַבעלא איז געווען דיא קעניגין פון אַראַגאָן און פערדינאַנד — דער קעניג פון קאַסטיל) זיינען געווען אין א זעהר שלעכטען צו־שטאַנד, און אברבנאל׳ס שם אלס גוטער, עהרליכער און פעהיגער פינאַנץ־מיניסטער איז געווען אַזאַ גרויסער, אז מען האָט גאָר ניט געאַכטעט, וואָס ער איז אַ איד, און איהם אָנגעשטעלט צו פער־בעסערען דיא לאַגע און אָנצופילען דיא פּוסטע קעניגליכע קאַסע.

ער איז געוויס געווען ניצליך דער קעניגליכער פּאָאָר און דער רעגיערונג, ווען ער איז 8 יאָהר נאָכאַנאַנד פערבליבען פינאַנץ־מיניסטער, און דאָס נאָך אין אַ צייט, ווען דער שיקזאַל פון אַלע אידען אין שפּאַניען איז געהאַנגען אויף אַ האָאָר, ווען דיא אינקווי־זיציאָן האָט געברענט מאַראַנען און האָט פערביטערט און פעראונ־גליקט דעם לעבען פון יעדען איד אויף יעדען שריט. ער וואָלט נאָך געקענט פערבלייבען מיניסטער אפילו נאכדעם, וויא מען האָט אַלע זיינע ברידער אַרויסגעיאָגט, ווען ער וואָלט עס וועלען, ווען זיין עדעלע נשמה און עהרענגעפיהל וואָלטען עס איהם דערלאָזען. דער קעניג פערדינאַנד, וועלכער ווערט גערופען אין דער געשיכטע „קאַטאָליק“ און וועלכער האָט פערדיענט דיזען נאָמען פאַר זיין איבערגעבענהייט צו דער קאַטאָלישער קירכע און צו דער אינקווי־זיציאָן, האָט פון דעסטוועגען גאָר ניט געאַכטעט אויף דיא קאַ־נאָנישע (גייסטליכע) געזעצע און אויף דיא בעשליסע פון דיא קאָר־טעסען (פּאַרלאַמענט), אז מען טאָר ניט צולאָזען אידען צו פער־נעהמען אירגענד וועלכע עפענטליכע פּלעצער, און האָט דאָך געהאַל־טען אברבנאל׳ן אַלס פינאַנצמיניסטער און געפרעגט זיין ראטה אין וויכטיגע אנגעלעגענהייטען — אזוי נויטיג האָט ער איהם בע־דאַרפט האָבען.

אברבנאל האָט אָנגענומען דיזען הויכען און וויכטיגען פּאָסט ניט אַזוי צוליעב פּערזענליכע אינטערעסען און כבוד — ער וואָלט צופריעדען געווען צו לעבען און צו שרייבען אין רוהע — וויא צו־ליעב דיא אינטערעסען פון זיינע אונגליקליכע ברידער. אַליין האָט ער דאַן געקענט לעבען וויא אַ פּרינץ. אין איינע פון זיינע

שריפטען דערצעהלט ער, אז ער איז געוואָרען זעהר רייך אין דעם קעניגליכען דיענסט, האָט געקויפט לאַנד און שלעסער און איז גע־ווען זעהר אָנגעזעהען אין קעניגליכען הויף און בעפריינדעט מיט הויכע אַריסטאָקראַטען. ער האָט זיך אָבער גאָר ניט גוט געפיהלט אין דיזע הויכע פענסטער, ווייל זיינע ברידער זיינען שרעקליך פער־פאָלגט געוואָרען. וויא ווייט ער האָט נאָר געקענט, האָט ער זיי געשטיצט און געהאָלפען. ער איז געווען זייער שויז־וואַנד אין שפּאַניען, אַזוי וויא פריהער אין פּאָרטוגאַל. ווען עס האָט זיך גע־האַנדעלט צו רעטען א אידען, און ער האָט געזעהען, אַז ער קען עפּעס אויספיהרען מיט זיין איינפלוס אין קעניגליכען הויף, האָט ער זיך איין מינוט ניט אָבגעשטעלט און האָט גאָר ניט געאַכטעט אויף זיינע פּערזענליכע אינטערעסען צו טאָן דאָס, וואָס זיין גע־וויסען האָט איהם געבאָטען, וואָס ער האָט בעטראַכטעט פאַר זיין היילינסטע פּפליכט. ער איז געווען דער מליץ יושר פון זיינע ברי־דער אין פּולען זינען פון דיזען וואָרט.

דיא דאָמיניקאַנער גלחים, וועלכע האָבען אָנגעפיהרט דיא מענשענפרעסענדע אינקוויזיציאָן, און אַנדערע פאַנאַטישע גלחים האָבען אויסגעטראַכט פערשיעדענע בלבולים צו שעדיגען דיא אי־דען, וועלכע האָבען זיך אַזוי אויך געפונען אין א פערצווייפעלטער לאַגע. דיזע פּרעדיגער פון דער „ברודערליעבענדער רעליגיאָן" האָבען זיך ניט געקענט בערוהיגען זאָ לאַנג איין איד איז פערבלי־בען אין שפּאַניען און זיי האָבען געהעצט דעם עולם מיט געשיכטען וועגען שענדונג פון קרייץ און וועגען עלילת דם. טאָרקוועמאַדאָ, דער הויפּט־אינקוויזיטאָר, פּלעגט נאָר זוכען פּאַנאַנדערצובלאָזען אַזעלכע בלבולים, אום צו האָבען אָפּפער פאַר דיא אָטאָ־דא־פעס, וועלכע זיינען געוואָרען אַ גאַנץ געוועהנליכער שוישפּיעל אין שפּאַ־נישע שטעדט.

דיא אידען פון דער שטאָדט לאַ־גאַרדיא זיינען פערלוימדעט געוואָרען, דאָס זיי האָבען גע׳גנב׳עט און געקרייציגט א קריסטלי־כעס קינד. טאָרקוועמאַדא האָט גלייך געשיקט זיינע מלאכי־חבלה נאָכצופאָרשען דיא קלאַגע, און דער רעזולטאַט איז געווען,

דאָס עטליכע אידען זיינען פערברענט געוואָרען נאָך אַן אינקווי־זיטאָרישען דין ומשפט לשם שמים. אויף דיא אידען פון וואַלענסיא האָט מען ארויפגעוואָרפען אַ בלבול, דאָס זיי האָבען געוואָלט קריי־ציגען אַ קריסט, נאָר מען האָט זיי אונטערבראָכען אין מיטען דער אַרבייט.

אין אַזעלכע פעלע פלעגט זיך אברבנאל בעזאָנדערס אנשטרענ־גען צו רעטען פון דיא בלוטיגע הענד פון דער אינקוויזיציאָן אַזוי פיעל אָפּפער, וויפיעל עס איז נאָר מעגליך געווען. ער האָט גע־ברויכט זיין תורה, חכמה, ענערגיע און איינפלוס צו בעווייזען דיא פאַלשקייט פון אַזעלכע בעשולדיגונגען. אין אַלגעמיינען האָט ער זיך געסטארעט, אַז אַלע אידען זאָלען ניט ליידען דורך זייערע פערבינדונגען מיט דיא נאָך מעהר אונגליקליכע מאַראַנאָס, וועלכע האָבען געלעבט אין שטענדיגען טויטשרעק דורך דיא שפּיאָנען פון דער אינקוויזיציאָן.



## .3

דער שפאניש־אראבישער קאמפף. — דיא אידען פון מאלאגא אויסגעקויפט. — דער פאל פון גראנאדא. — דיא שפאנישע הערשער ברעכען דעם אפמאך מיט דעם מאהאמעדאנער קעניג. — דער אויסווייזונג־בעפעהל. — אברבנאל׳ס ביטעס און טארקוועמאדא׳ס סטראשונקעס. — אברבנאל׳ס עדעלמוטהיגער ענטפער.

אין דער צייט, ווען אברבנאל איז געווארען פינאנץ־מיניסטער אין שפאניען האט פערדינאנד־קאטאליק געפיהרט א היילינע מלחמה מיט גראנאדא, דיא לעצטע מלוכה פון דיא אראבען, וועלכע האבען מיט 700 יאהר צוריק בעהערשט כמעט דעם גאנצען פירענעאישען האלבאינזעל. דיזע מלחמה, וועלכע איז געוועזען א גרויסער אונגליק פאר דיא אידען, האט זיך געצויגען צעהן יאהר. זיא האט זיך אנגעפאנגען אין 1481 און האט באלד געקראגען דעם כאראקטער פון א פאנאטיש־רעליגיעזען קאמפף. דיא שפאניער האבען געקעמפפט צו מאכען דעם גאנצען פירענעאישען האלבאינזעל קאטאליש און צו פעריאגען יעדען מוסולמאן, יעדען איד און איבערהויפט יעדען איינעם, וואס איז ניט אנערקענט געווארען פאר א קריסט פון דער קאטאלישער קירכע. דיא נאציאנאלע פעראייניגונג פון שפאנישען פאלק איז אין דיזער מלחמה פערבונדען געווארען מיט דעם לאנגען קאמפף צווישען קריסטענטהום און מאהאמעדאניזמוס, און דיא מאסען פוןביידע זייטען זיינען פאנאטיזירט געווארען.

אין גראנאדע האבען זיך געפונען א סך אידען. זייער צאהל איז אלין גרעסער געווארען דורך דיא מאראנאס, וועלכע פלעגען זיך רעטען דארטען פון דיא בלוטהינד פון דער אינקוויזיציאן. מען קען ניט זאגען, אז דיא לאגע פון אידען איז צו דער צייט געוועזען א

גוטע אין דער מאהאמעדאנער מלוכה; אָבער אין פערגלייך מיט שפּאַניען איז דאָרטען פאַר זיי געווען א גן־עדן. זיי האָבען פערשטאַנען, אַז דורך דעם פאַל פון גראנאַדאַ וועט זייער לאַגע נאָך שרעקליכער ווערען; אָבער זיי האָבען גאָר ניט געקענט העלפען דיא מאַהאָמעדאַנער, וועלכע זיינען אָבגעשוואַכט געוואָרען דורך אינערליכע שטרייטען. דיא שפּאַנישע רעגירונג האָט נאָך אַרויפגעלייגט אַ ספּעציעלען שטייער אויף דיא אידען, אום צו דעקען דיא אויסגאַבען פון דיזער אונגליקליכער פאַר זיי מלחמה. מען האָט אַזוי געצוואונגען דיא אידען אויסצוגראָבען זיך א קבר.

דאָ איז ניט דער אָרט צו בעשרייבען דיזען לעצטען בלוטיגען קאַמפּף צווישען קריסטען און מאָהאַמעדאַנער אויף דעם פּירענעאישען האַלבאינזעל. נאָך פיעלע שלאַכטען האָבען דיא אַראַבען זיך געמוזט אונטערגעבען. אין 1487 איז דער פּאָרט מאַלאַגאַ אריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דיא שפּאַניער. אַלע ניט־קריסטליכע איינוואָהנער זיינען ערקלערט געוואָרען פאַר שקלאַווען. צווישען אַזעלכע האָבען זיך געפונען 450 אידען. נאָר זייערע ברידער אין שפּאַניען האָבען זיך אָנגעשטרענגט זיי צו ערלייזען. יצחק אברבנאל און זיין פריינד אברהם סעניאר, דער הויפּט־זאַמלער פון שטייערן אין קאסטיל, האָבען אָרגאַניזירט אַן אויסקויפס־קאָמיטעט, און דער יונגער שלמה אבן וירגא, וועלכער האָט שפּעטער אָנגעשריעבען דאָס היסטאָרישע ווערק „שבט יהודה“, איז אַרומגעפּאָהרען איבער אידישע געמיינדען אין שפּאַניען צו זאמלען נדבות פאַר דיא אידישע געפאַנגענע. מען האָט אַזוי צוזאמענגעקליבען ביז 100 טויזענד טאַלערס און מען האָט אויסגעקויפט אַלע אידען פון מאַלאַגאַ.

ענדליך איז געקומען דיא רייהע פון דער פּראַכטפאָלער הויפּט־שטאָדט גראנאַדא אַריינצופאַלען אין פערדינאַנד׳ס הענד. דער לעצטען מאהאָמעדאנער קעניג מולעי אבו־אבדאלאַה האָט זיך אַרומגעזעהען, אז יעדער ווייטערער ווידערשטאַנד איז נוצלאָז, ווייל דיא שפּאַניער זיינען צאָהלרייכער און שטאַרקער, און ער האָט דאַרום געשלאָסען א געהיימען אָפּמאַך אין 1491 מיט דער

קעניגליכער פּאָר פון שפּאַניען זיי איבערצוגעבען דיא שטאָדט אין פערלויף פון צוויי מאָנאַט. דערפאַר האָט ער געקראָגען צימ־ליך גוטע בעדינגונגען פאר דיא מאָהאַמעדאַנער איינוואָהנער: רע־ליגיעזע פרייהייט, אייגענע ציוויל־געזעצע, דאָס רעכט אויסצו־וואַנדערן, א. ז. וו. אויך האָט דער מאָהאַמעדאַנער קעניג אויס־גערעדט, אז מען זאָל ניט העכערען דיא שטייערען און ניט פער־פאָלגען דיא קריסטען, וועלכע האָבען זיך בעקעהרט צו דער מאָ־האַמעדאַנער רעליגיאָן אָדער וועלכע זיינען אַנטלאָפען פון דער אינקוויזיציאָן. דיא אידען זיינען אַריינגערעכענט געוואָרען אין דעם כלל פון דער בעפעלקערונג פון גראַנאַדאַ. נאָך דיא מאַראַנאָס, וועלכע זיינען אָפען געוואָרען אידען, האָבען געמוזט פערלאָזען דאָס לאַנד אין פערלויף פון דעם ערשטען מאָנאַט נאָך דער אונטערגע־בונג פון דער שטאָדט. דיא יעניגע, וואָס וועלען פערבלייבען לענ־גער, האָט מען אָפּגעמאַכט איבערצוגעבען אין דיא הענד פון דער אינקוויזיציאָן. אין בעצוג אויף דיא אידען האָט דער מאָהאַמע־דאַנער קעניג נאָר אויסגערעדט, אַז קיינער פון זיי זאָל ניט אָנגע־שטעלט ווערען אַלס ריכטער, בעפעהלגעבער אָדער טאַקס־זאַמלער איבער דיא אַראַבען אין גראַנאַדאַ.

נאָך דער היפּאָקריטישער און פאַלשער פערדינאַנד־קאַטאָליק האָט גאָר ניט געדיינקט צו האַלטען ריכטיג דיזע בעדינגונגען. ער האָט נאָר אונטערגעשריעבען דעם אָפּמאַך, אום צו בעהערשען וואָס גיכער גראַנאַדאַ. רעליגיעזע פרייהייט איז נאָך דאַן אין ערגעץ ניט איינגעפיהרט געוואָרען און דאָס האָט וויינינגער פון אַלץ גע־שטימט מיט דעם כאַראַקטער פון דיא דאַמאָלסדיגע שפּאַניער און מיט דער גאַנצער אָרגאַניזאציאָן פון דער שפּאַנישער מלוכה. אַ צייט, ווען דיא אינקוויזיציאָן האָט געפּייניגט און געברענט לשם שמים טויזענדער מענשען, ווייל מען האָט זיי בלויז חושד געווען אין אפּיקורסות, האָט ניט געקענט דולדען דעם מינדעסטען שיין פון רעליגיעזע פרייהייט. צוערשט האָט מען געבראָכען דיא פּונק־טען פון דעם אָפּמאַך וועגען דיא אידען. זיי זיינען, וויא געוועהנ־ליך, געווען דיא ערשטע כפּרה־הינדעל.

דעם 2טען יאַנואַר, 1492, זיינען פערדינאַנד און איזאַבעלאַ אַריין מיט גרויס פּאַראַד אין גראַנאַדאַ. דער לייכטזיניגער מולעי אבו־אַבדאלאַה האָט געוואָרפען דעם לעצטען בליק אויף זיין פּראַכטפאָלען פּאַלאַץ, דעם גלאַנץ פון דער מאַוריטאַנער אַרכיטעקטור, און האָט זיך זיפצענדיג געזעגענט מיט זיין הויפּט־שטאָדט, וואו דיא אַראַבען האָבען געהערשט קנאַפּע 800 יאָהר. מען האָט איהם אָבגעגעבען א פּאַלאַץ און א סך לאַנד אין אַלפּונאַראַס, לעבען גראַנאַדאַ; אָבער ער האָט ניט געקענט אַריבערטראָגען זיין אונטערטהעניגקייט צו שפּאַניען און איז אין אַ קורצע צייט אַרום אַוועק צוריק נאָך אַפריקא, פון וואַנען זיינע אורעלטערן זיינען געקומען. אַזוי איז פערשוואונדען דער לעצטער צייכען פון דער אַראַבישער הערשאַפט אין שפּאַניען.

וויא נור פערדינאַנד און איזאבעלא האָבען געקענט אויפהענגען דעם קריסטליכען פלאַג פון שפּאַניען אויף דעם הערליכען אַלהאַמבראַ פּאַלאַץ, האָבען זיי שוין געטראַכט צו פּערטיאָגען דיא אידען. דיא אינקוויזיציאָן האָט עס געפאָדערט, און טאָרקוועמאדא האָט געקוואָלען ביי דעם געדאַנקען, וויא ער וועט קענען פערברענען א סך מאראנאס און אָנמאַכען נאָך מעהר צרות דיא אידען. אום יוצא צו זיין אַ ביסעל פאר דער וועלט און צו האָבען אַ תירוץ צו ברעכען דעם אָפּמאַך מיט מולעי אבו־אבדאלאה וועגען רעליגיעזע פרייהייט, האָבען פערדינאַנד און איזאבעלאַ געשיקט געזאנדטע צום פּאַפּסט אינאָסענט 7 מיט אַן ערקלערונג, אַז דיא שפּאַנישע רעגיערונג איז צופריעדען צו פּעריאָגען אַלע אידען פון לאַנד, אויב ער, אַלס פערטרעטער פון יעזוס קריסטוס אויף דער ערד, וועט פריהער דאָס זעלבע טאָן אין זיין לאַנד. אָבער דיזער פּאַפּסט, וויא פערדאָרבען ער איז ניט געווען, האָט זיך ענטזאַגט צו בעווייליגען דעם פערלאַנג פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציאָן. דיא אידען אין איטאַליען האָבען זיך בעצייטענס דערוואוסט דערפון און האָבען ניט געדרעמעלט ביז זיי האָבען אויסגעפיהרט, אַז דער פּאַפּסט זאָל צוריקווייזען דעם שפּאַנישען פּאָרשלאַג.

דאַן האָבען פערדינאַנד און איזאבעלא בעשלאָסען אויסצו־

פיהרען זייער וואונש און דעם פערלאנג פון דער אינקוויזיציאָן אָהן דער צושטימונג פון פאפסט. פערברענגענדיג לוסטיג דיא צייט אין דעם אלהאמברא־פאלאיז, האָבען זיי אונטערשריעבען דעם בארבארישען בעפעהל דעם 31טען מערץ, 1492, אז אין פערלויף פון 4 מאָנאט מוזען אלע אידען פון קאסטיל, אראגאָן, סיציליען און סארדיניען — דאָס הייסט, פון דער גאנצער דאמאָלסדיגער שפאַנישער מלוכה — ארויסוואנדערן אונטער א טויטשטראָף. מען האָט זיי נאָר געלאָזען דיא ברירה זיך צו טויפען, ווען זיי ווילען פערבלייבען אין דעם לאנד, וואו זייערע אור־עלטערן האָבען זיך בעזעצט נאָך מיט א 500 יאָהר פאר יעזוס'עם געבורט.

וויא שרעקליך דיזער בעפעהל איז ניט געוועזן, איז ער נאָך גרויזאמער געוואָרען דורך דעם, וואָס מען האָט דיא אונגליקליכע ניט ערלויבט מיטצונעהמען גאָלד, זילבער געלד און איבערהויפּט אזעלכע ארטיקלען, וועלכע עס איז פערבאָטען געווען צו עקספּאָרטירען. אין דער פּראָקלאמאציאָן, וועלכע פערדינאנד און איזאבעלא האָבען ארויסגעלאָזען, אום צו רעכטפערטיגען זייער גרויזאמקייט צו דיא אידען, האָבען זיי קיין וואָרט ניט דערמאָנט וועגען דיא געוועהנליכע קלאגען, וויא דיא שענדונג פון קרייצען, עלילת דם, וואוכעריי, א. ז. וו. אלס הויפּט־גרונד האָבען זיי אָנגעגעבען, דאָס זאָ לאנג אידען וועלען פערבלייבען אין לאנד, וועט מען ניט קענען מאכען דיא מאראנאָס פאר אויפריכטיגע קריסטען. שוין לאנג האָט מען בעדארפט פעריאָגען דיא אידען, אום דיא מאראנאס זאָלען זיך ניט קענען אָפּטרייסלען פון קריסטענטהום — ווערט ערקלערט אין דער פּראָקלאמאציאָן — נאָר מען האָט גערעכענט, אז מען וועט דערגרייכען דיזען היילינגען צוועק, ווען מען וועט אויסווייזען דיא אידען פון דער פּראָווינץ אנדאלוזמען און מען וועט שטרענג בעשטראָפען דיא שולדיגע; אָבער אזוי וויא דאָס האָט שליסליך ווייניג געהאָלפען, זאָ איז קיין אנדער אויסוועג ניט געבליבען וויא צו פעריאָגען אלע אידען פון לאנד, אום אלע אפּיקורסים און מאראנאס זאָלען זיך אומקעהרען צו דער הייליגער קאטאָלישער קירכע.

דער גרונד פון דעם שרעקליכען בעפעהל איז אלזאָ געווען אַ ריין־רעליגיעזער. דיא פּראָקלאַמאַציאָן האָט עס גאָר ניט געזוכט צו בעהאַלטען. אלע אידען האָבען אויף דיעזער ווייזע געליטען פאר דיא אונגליקליכע, וועלכע מען האָט מיט געוואלד געטויפט און וועלכע האָבען זיך נעבעך מוסר נפש געווען אויף יעדען שריט, אום צו בלייבען ביי דער רעליגיאָן פון זייערע עלטערן. דיעזע פּראָקלאַמאַציאָן איז אויך אַ בעוויז, אז דיא שפּאַנישע אידען זיינען ניט געווען וואוכערניקעס און האָבען זיך מייסטענס בעשעפ־טיגט מיט האַנדעל און האַנדווערקען. דיא פערבלענדעטע שפּאַ־ניער האָבען עס אַ קורצע צייט נאָך דער אויסווייזונג דערפיהלט, דען זייער לאַנד איז אלין אָרימער און הינטערשטעליגער געוואָרען.

דיא קעניגליכע פּאָאָר מיט זייערע ראטהגעבערס, דיא גראַנ־דען און פיהרערס פון דער קאטאָלישער קירכע, האָבען ניט בערע־כענט, ווען זיי האָבען אונטערשטיצט דעם פּאָרשלאַג פון דער אינ־קוויזיציאָן, דאָס זיי פעריאָגען איינפאך דעם ניצליכסטען און ארבייטסזאמסטען קלאַס אין לאַנד. אום קיין איד זאָל ניט קע־נען פערבלייבען אפילו אַ קורצע צייט נאָך דעם בעשטימטען טער־מין, האָט מען שטרענג פערבאָטען דיא קריסטען זיי צו העלפען אָדער צו בעהאַלטען. דיא שטראָף דערפאר איז געווען קאָנפיס־קאַציאָן.

דיא לאַגע פון דיא אידען איז געווען אזא שרעקליכע, אז מיר קענען זיך עס קוים פאָרשטעלען. עס איז אמת, אז זיי האָ־בען זיך געריכט, דאָס דיא אינקוויזיציאָן וועט שליסליך צווינגען דיא רעגיערונג זיי ארויסצויאָגען; אָבער דאָך האָבען זיי אלין געהאָפט, אז עס וועט נאָך לאַנג דויערען און האָבען גערעכענט אויף דעם, דאָס זיי זיינען זעהר ניצליך פאר דעם האַנדעל און אויך אלס בעלי מלאכות. יעדענפאַלס האָבען זיי ניט ערווארטעט, דאָס דער גרויזאַמער בעפעהל זאָל ארויס אין דער צייט, ווען פער־דינאַנד און איזאבעלא האָבען געפייערט זייער זיעג איבער דיא אראבען, וועלכע זיי האָבען פערשפּראָכען זאָגאר רעליגיעזע פריי־

הייט. דער בעפעהל האָט זיי דארום געטראָפּען און נידערשלאָ־
גען וויא א דונער.

אברבנאל איז גלייך אוועק נאָך גראנאדא ביטען דעם קעניג
און דיא קעניגין רחמנות צו האָבען אויף זיינע ברידער און צוריק־
צו רופען דעם בעפעהל. ער האָט געהאָפּט עפּעס אויסצופיהרען
מיט זיין איינפלוס און זיינע ערקלעהרונגען וועגען דעם שאדען
פאר שפּאניען, ווען דיא אידען וועלען אויסוואנדערן. ער איז
פריינדליך אויפגענומען געוואָרען אין קעניגליכען הויף, וואו פיעלע
גראנדען האָבען איהם אונטערשטיצט. אום צו פערשטאַרקערן
דעם איינדרוק פון זיינע ארגומענטען האָט ער אויך פאָרגעשלאָגען
אין נאָמען פון אלע אידען א ריזיגע סומע געלט, ווען מען וועט
צוריקרופען דעם בעפעהל.

פערדינאַנד, וועלכער האָט זיך שטענדיג גענויטיגט אין געלט,
און האָט ניט פערשטאַנען, וויא פיעל זיין קאסע און זיין לאנד
וועלען ליידען דורך זיין באַרבאַרישען בעפעהל,האָט זיך גלייך
אָנגעכאַפּט אָן דאָס געלד, וואָס מען האָט איהם פאָרגעשלאָגען.
דיא אויסזיכט אָנצופילען זיין קאסע מיט אידישע געלט האָט
איהם שטאַרק געצויגען נאָכצוגעבען אברבנאל׳ס ביטעס, און עס
איז מעגליך, אז ער וואָלט צוריקגערופען דעם בעפעהל, ווען טאָרק־
וועמאַדאַ, וועלכער האָט זיך צוגעהערט דורך א האלב־אָפענע טיר
צום געשפּרעך צווישען אברבנאל און דיא קעניגליכע פּאָאר, וואָלט
זיך ניט אריינגעמישט. וויא נאָר דיעזער ווילד־פאַנאַטישער אינ־
קוויזיטאָר האָט דערזעהען, אז דער קעניג איז גענייגט נאָכצוגעבען,
האָט ער זיך אָהן צערעמאָניעס אריינגעריסען אין זאל מיט א
צלם אין האנד און האָט מיט א דונערנדע שטימע אויסגערופען:
„יהודה איסקאריאָט האָט פערקויפט יעזוס׳ן פאר דרייסיג שטיק
זילבער, און אייערע מאַיעסטעטען ווילען איהם פערקויפען פיר
300 טויזענד דוקאטען. אָט איז ער, נעהמט איהם, פערקויפט
איהם!" און אוועקלייגענדיג דעם צלם, איז ער ארויס אין גרויס
צאָרן..

דיעזע ווערטער האָבען געמאַכט א בעזאָנדערס טיעפען איינ־

דרוק אויף דיא קעניגין. זיא האָט זיך איינגעשפּארט, אז דער בעפעהל מוז אויסגעפיהרט ווערען אין נאָמען פון גאָט און פון דער קאַטאָלישער קירכע און האָט אויך געווירקט אויף דעם קע־ניג ער זאָל זיך האַלטען פעסט און ניט אָננעהמען דיא גרויסע געלט, וואָס אברבנאל האָט געהאַט אָנגעגרייט. אברבנאל האָט געמוזט פארלאָזען דעם קעניגליכען זאָל אַ געבראָכענער אין דער גרעסטער פערצווייפלונג. פאר׳ן ארויסגיין האָט איהם פערדינאנד געבעטען פערבלייבען אין שפּאַניען אלס פינאַנץ־מיניסטער, אָבער דער עדעלער מאַן האָט טרויעריג געענטפערט:

„יעצט אינטערעסירט מיך ניט מיין שטעלע: וואו מיינע ברידער וועלען זיין, דאָרט וועל איך זיין“.

❦ ❦ ❦

## .4

דיא אויסוואנדערונג. — רעגיערונג און קירכע פערבונדען צו בערויבען דיא אידען. — טאָרקוועמאדא'ס מלאכי־חבלה און דיא מאַראַנאַס. — דיא טויפע פון אברהם סעניאָר. — נאָך אַ שרעקליכער תשעה באב. — דעפּוטאַציאָן צום פּאָרטוגעזער קעניג. — אברבנאל'ס אויסוואנדערונג נאָך נעאַפּעל. — דיא אידישע קללה און שפּאַניען'ס שטראָף.

---

ענדע אפּריל 1492 זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען עסטאפּעטען איבער'ן גאנצען לאנד אָנצוזאָגען דיא אידען דיא ביטערע בשורה, אז זיי האָבען נור צייט ביז ענדע יולי צו קלייבען זיך אין וועג און אז ווער פון זיי עס וועט געפונען ווערען שפּעטער אין שפּאַניען, וועט דערפאר בעצאָהלען מיט זיין לעבען.

מען קען זיך פּאָרשטעלען, וויא דיא שפּאנישע אידען האָבען זיך געפיהלט, ווען זיי האָבען געהערט דיא טרומייטערס און געשרייען פון דיא עסטאפּעטען, אז זיי מוזען אין פיער מאָנאַט צייט פערלאָזען דאָס לאנד, מיט וועלכע זיי זיינען צוזאמענגעוואקסען געוואָרען זייט וועניגסטענס 15 הונדערט יאָהר און וועלכע זיי האָבען געליעבט טראָץ אלע אונגערעכטיגקייטען און פערפאָלגונגען נאָכדעם וויא דיא דאָמיניקאנער גלחים האָבען געקראָגען דיא אויבערהאנד. זייער פערצווייפלונג איז נאָך גרעסער געוואָרען דורך דעם, וואָס אין זעהר וועניגע ערטער אין אייראָפּא האָבען זיי געקענט האָבען אַ בעסערע בעהאנדלונג, ווי אין זייער געבורטסלאנד, שוין ניט ריידענדיג פון אַ פריינדליכע אויפנאַהמע. אין אלע קריסטליכע לענדער האָבען זיי נאָר געקענט ערווארטען ערנידעריגונגען און פערפאָלגונגען. וואוהין וואנדערט מען אוים? וואו קען מען קריעגען אַן אָרט זיך אָפּצורוהען? וואו

קען מען האָפען צו בעזעצען זיך אזוי, אז מען זאָל דאָרט זיכער זיין צו פערבלייבען?

דיזע פראגען האָבען זיי אלעמען געלעכערט דיא הערצער. זיי האָבען מיט פערצווייפלונג געקוקט אויף זייער צוקונפט אין פיינדליכע לענדער, וואו זיי האָבען צוערשט געמוזט לערנען דיא שפּראך, אום צו קענען דערהאַלטען דיא נשמה אין גוף. נאָר זייער פעסטער גלויבען האָט זיי אויפגעמונטערט אריבערצוטראָגען אזעלכע שרעקליכע צרות. זעהר אַ קליינע צאָהל איז אזוי ווייט געבראָכען געוואָרען, אז זיי זאָלען אָננעהמען דעם גלויבען פון זייערע גרויזאמע פערפאָלגערס, אום צו קענען פערבלייבען אין לאנד אונטער דער שרעקליכער השגחה פון דער אינקוויזיציאָן. זיי האָבען געטרייסט און אויפגעמונטערט איינע דיא אנדערע מיט דיא ווערטער: „פערליערט ניט דעם מוטה און שטאַרקט זיך. לאָמיר בלייבען טריי דעם גלויבען פון אונזערע עלטערן. ווען מען וועט אונז לאָזען לעבען, וועלען מיר לעבען; ווען מען וועט אונז טויטען, וועלען מיר שטאַרבען וויא אידען. גאָט וועט אונז ניט פערלאָזען!“

מיט דיעזען בטחון אויף גאָט האָבען 300 טויזענד אידען זיך גענומען צום גלות־שטעקען און זיינען אוועק אין אנדערע לענ־דער. פיעלע זיינען געגאנגען וואו דיא אויגען האָבען זיי געטראָגען. אויסער ווייטאָג און האַרצקלעמענעס, וואָס זיי מוזען אויסוואַנדערען פון זייער אלטע היימאטה, האָבען זיי נאָך געמוזט זיך שלעפּען מיט כמעט ליידיגע קעשענעס. אפילו דיא רייכערע זיינען רואינירט געוואָרען דורך דעם קורצען טערמין פון דער אויסוואַנדערונג. ווען מען האָט ארויסגעיאָגט אידען פון ענג־לאנד צו ענדע פון 13טען יאָהר הונדערט און מיט הונדערט יאָהר שפּעטער פון פראנקרייך, האָט מען זיי וועניגסטענס ערלויבט מיט־צונעהמען אלע זייערע זאכען, זייער גאָלד און זילבער. אָבער דיא גרויזאמקייט פון דיא שפּאנישע פאנאטישע הערשער איז אזוי ווייט געגאנגען, אז מען האָט ניט געלאָזען דיא אידישע קויפלוי־טע און באנקירען מיטנעהמען זייער געלט. דיא אונגליקליכע

האָבען זיך געזוכט צו העלפען דורך וועקסלען, וויא ווייט דיא אומ־שטענדען האָבען עס ערלויבט. דיא מאַראַנאָס וואָלטען נאַטיר־ליך גערן געהאָלפען זייערע ברידער אין נויט און זיי געבען וועקס־לען, ווען זיי וואָלטען ניט געציטערט פאר דיא אינקוויזיציאָן.

דיא אידען, וואָס האָבען בעזעסען לאַנד און הייזער, האָבען עס געמוזט פארקויפען פאר אַ קליינינקייט. זיי האָבען זיך געמוזט בעטען ביי דיא קריסטען צו געבען זיי וואָס ניט איז פאר זייערע מאַיאָנטקעס. שעהנע הייזער זיינען אין אייניגע ערטער אָפּגע־געבען געוואָרען פאר אַן עזעל, וויינגערטנער — פאר אַ שטיק ליי־וועגט אָדער טוך... אזוי איז עס צוגעגאַנגען אין קאַסטיל. אין אייניגע טהיילען פון שפּאַניען, ספּעציעל אין אראַגאָן און קאַטאַ־לאָניא, האָט מען נאָך פערבאָטען דיא קריסטען אָפּצוקויפען וואָס ניט איז ביי דיא אידען. טאָרקוועמאַדאַ האָט אזוי בעפוילען אין נאָמען פון דער „הייליגער אינקוויזיציאָן“, אום צו טרייבען דיא אידען צום שמד. פערדינאַנד האָט איינפאך קאָנפיסקירט זייער פערמעגען מיט דעם תירוץ, אז זיי זיינען אויך שולדיג דיא קליים־טערס געוויסע חובות. דער קעניג און דיא קאַטאָלישע קירכע האָבען זיך פערבונדען, אום צו בערויבען דיא אידען אויף דער שענדליכסטער און גרויזאַמסטער ארט.

רעכענענדיג, אז דיא אידען וועלען דורך אזעלכע אונמענש־ליכע האַנדלונגען זיך טויפען אויס פערצווייפלונג, האָט טאָרקווע־מאַדאַ ארויסגעשיקט דאָמיניקאַנער גלחים צו פרעדיגען אין דיא סינאַגאָגען און אין דיא אידישע קווארטאַלען, אז זיי זאָלען רע־טען אויף יענער וועלט זייערע נשמות און אויף דיעזער וועלט זייערע פערמעגענס דורך אַ טויפע. דיעזע דרשות האָבען אָבער גאָר ניט געווירקט. דיא אידען האָבען נאָר געקוקט מיט האַס אויף זייערע פּייניגער, וועלכע זיינען געקומען צו זיי מיט האָניג אויף דיא ליפּען, זיי האָבען געוואוסט, אז הינטער דיעזע זיסע רייד פלאַקערען שייטערהויפענס, זיי האָבען צו גוט געוואוסט, ווי דיא אינקוויזיציאָן פּייניגט און ברענט דיא אונגליקליכע מאַ־ראַנאָס. אפילו דיא יעניגע, וועלכע וואָלטען ניט אויסגעהאַלטען

דעם נסיון און וואָלטען זיך געטויפט אונטער אנדערע אומשטענ־דען, האָבען מורא געהאַט דאָס צו טהאָן, ווייל דיא מאַראַנאָס האָבען זיך געמאַטערט וויא אין אַ גיהנם. אין דער צייט, ווען מען האָט געיאָגט דיא אידען, האָט מען געברענט דיא מאַראַנאָס. גליקליך זיינען געווען דיא יעניגע מאַראַנאָס, וועלכע האָבען זיך געקענט ארויסרייסען פון שפּאַניען אָדער וועלכע דיא אינקוויזי־ציאָן האָט נאָר פערורטהיילט צו תשובה־שטראָפען.

נאָכדעם וויא גראַנאַדא איז איבערגעגאַנגען צו דער שפּאַני־שער קרוין האָט טאָרקוועמאַדאַ ארויסגעלאָזען אַ פּראָקלאַמאַציאָן, אז דיא יעניגע מאַראַנאָס, וואָס ווילען זיך ווידער אומקעהרען צו דער „ליעבענדער קאַטאָלישער קירכע“, וועלען בעגנאַדיגט ווע־רען, און מען וועט זיי צו רוהע לאָזען. דיא „מוטער־קירכע“ וועט זיי פערגעבען זייער זינד, וואָס זיי האָבען געזוכט רעטונג אין גראַנאַדאַ און האָבען דאָרטען זיך אָפען ערקלערט פאר אידען. עטליכע אזעלכע מאַראַנאָס האָבען זיך געלאָזט איינריידען, נאָר וויא זיי זיינען אָנגעקומען אין טאָלעדאָ, האָט מען זיי ארעסטירט און מיט „ליעבע“ פערברענט אויף אַן אָטאָ־דע־פע !...

נאָך אזעלכע שוידערליכע ביישפּיעלען פאר זייערע אויגען איז קיין וואונדער ניט, וואָס נאָר געצעהלטע רייכע אידען האָבען זיך געטויפט. דער בעוואוסטער פון זיי איז געווען דער אויבענ־דערמאָנטער אברהם סעניאָר, אברבנאל׳ס פריינד. ער האָט זיך געטויפט מיט זיין גאַנצער פאמיליע. מען האָט בעהויפּטעט, אז ער האָט עס געטהאָן אויס פערצווייפלונג, ווייל דיא קעניגין איזאַ־בעלאַ, וועלכע האָט איהם געוואָלט אָנהאַלטען פאר אַ שטייער־זאמלער און פינאַנץ־מיניסטער, האָט געסטראשעט, אז אויב ער וועט זיך ניט טויפען, וועט מען נאָך מעהר פערפאָלגען און בע־רויבען דיא אידען פאר זייער אויסוואַנדערונג. יעדענפאַלס האָט מען זיך אין קעניגליכען הויף שטאַרק געפרעהט, ווען אזא וויכטיגע פאמיליע איז איבערגעגאַנגען צום קריסטענטהום. דער קעניג זעלבסט און דער קאַרדינאַל פון טאָלעדאָ זיינען געווען דיא טויף־פּאָטערס פון אברהם סעניאָר.

וואָס נעהענטער עס איז געקומען דער פאטאלער טאָג צו פערלאָזען שפאניען, אלץ הערצרייסענדערע יללות האָבען זיך גע־הערט אין דיא סינאגאָגען און בעזאָנדערס אויף דיא בית־עולם׳ס. אין פיעלע שטעדט האָבען זיך דיא אונגליקליכע פערזאמעלט פאר זייער אָפּרייזע ארום דיא קברים פון זייערע עלטערן און האָבען אזוי ביטער געקלאָגט און געיאָמערט, אז אפילו קאטאָליקען האָ־בען ניט געקענט איינהאלטען טרערען פון מיטלייד. פיעלע לייכ־טערע מצבות האָבען דיא אידען מיטגענומען אין וועג צום אנדענ־קען און א טהייל האָבען זיי אָפּגעגעבען צו דיא מאורען, וועלכע האָבען צו דער צייט אויך פיעל געליטען פון דער אינקוויזיציאָן.

מען האָט דיא אידען געגעבען דריי טעג גנאדע, זאָ דאָס עס איז געראדע אויסגעקומען, אז זיי האָבען פערלאָזען שפאניען תשעה באב, א טאָג וואָס איז פערצייכענט אין דער אידישער געשיכטע אלס דער אונגליקליכסטער. פון דיא 300 טויזענד אידען, וועל־כע האָבען אויסגעוואנדערט אין 1492 — געראדע אין דעם יאָהר ווען קאָלומבוס האָט ענטדעקט אמעריקא — זיינען דיא מייסטע אוועק נאָך פּאָרטוגאל. אברבנאל האָט ניט געקענט קומען אהין בעטען דעם קעניג זשואן פאר זיינע ברידער, דען מען וואָלט איהם ארעסטירט פאר האָכפערראטה. ער האָט דארום געשיקט זיין פריינד, דעם אלטען רב יצחק אבוהב צוזאמען מיט נאָך 30 פאָר־שטעהער נאָך פּאָרטוגאל. זשואן דער 2טער האָט זיי אויפגענומען צימליך גוט, און זיי האָבען אויסגעפיהרט, אז מען זאָל ערלויבען דיא שפאנישע אידען צו בעזעצען זיך אין פּאָרטוגאל און זיי געבען דיא זעלבע רעכטע, וואָס דיא פּאָרטוגעזער אידען האָבען געהאט. וויא אזוי דער קעניג און דיא פּאָרטוגעזער רעגיערונג האָבען נאכ־הער געבראָכען וואָרט און פערפאָלגט דיא אידען, איז ניט דער אָרט צו ריידען דאָ. אָבער אין דער צייט איז פּאָרטוגאל ווירק־ליך געוועזען א מקום מנוחה פאר דיא אויסוואנדערער. עס איז שווער צו זאָגען, וואָס עס וואָלט געוואָרען פון דיא שפאנישע אידען, ווען פּאָרטוגאל וואָלט זיי ניט אריינגעלאָזען.

א טהייל פון דיא אויסוואנדערער, אונגעפעהר 12 טויזענד

נפשות, זיינען אוועק צום .נאָרד און האָבען זיך בעזעצט אין דער מלוכה נאַוואַרא, דיא איבעריגע האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן נאָך אפריקא, טירקיי און איטאַליען, ספּעציעל נאָך נעאַפּעל, וואו עס האָט דאַן געהערשט דער זעהר ליבעראלער קעניג פערדינאַנד דער 1טער, וועלכער האָט געשטיצט דיא וויסענשאפט און קונסט. צווי־שען דיא יונגע, וואָס האָבען זיך בעזעצט אין נעאַפּעל, איז אויך געוועזן יצחק אברבנאל מיט זיין פאמיליע.

קיין איינציגער איד איז ניט געבליעבען אין שפּאַניען, ווען מען זאָל ניט רעכענען דיא מאַראַנאָס, וועלכע מען האָט אלין מעהר פערפאָלגט און געברענט לשם שמים. זייער לאגע איז געוואָרען טויזענד מאָל ערגער נאָך דער אויסוואנדערונג פון זייערע אידי־שע ברידער. זיי האָבען אפילו ניט געהאַט פאַר ווענמען אויסצור־גיסען זייערע ביטערע הערצער. ניט ווייניגער וויא צוויי טויזענד מאַראַנאָס זיינען פערברענט געוואָרען אין דיא אויטאָ־דע־פעס פון דער אינקוויזיציאָן אין דיא 14 יאָהר (פון 1485 ביז 1498), ווען טאָרקוועמאַדאַ האָט אויף אלעמען ארויפגעיאָגט אַ שרעק. זיין נאָכפאָלגער דעזאַ האָט נאָך מעהר מענשען פערברענט.

דיא אידען האָבען פערשאָלטען דאָס לאנד, וואו זיי האָבען אם בעסטען געלעבט אין פערלויף פון וויניגסטענס טויזענד יאָהר און וואו זיי האָבען אויך דערגרייכט דיא העכסטע שטופע פון ביל־דונג און קולטור; און דיעזע מדינה איז טאקע געוואָרען אזוי ווי אַ פערשאָלטענע. זייט דיא פעריאָגונג פון אידען הייבט זיך טאקע אָן דער פאַל פון דער שפּאַנישער אימפּעריע. טראָץ דיא ענטדע־קונג פון אמעריקא, טראָץ דיא מאסען גאָלד און זילבער פון פּערו און מעקסיקאָ, איז זיא אלין שוואכער און אָרימער געוואָרען. דיא קלָלה פון דיא אידען איז דיעזעס מאָל מקוים געוואָרען — פון אַ מעכטיגע אימפּעריע, דיא גרעסטע אין דער וועלט אין 16־טען יאָהרהונדערט, איז זיא געוואָרען דיא שוואכסטע און אָרימסטע מדינה אין אייראָפּא. סינאַגאָגען האָט מען אומגעוואנדעלט אין קירכען, דיא אידישע האָספּיטעלער און אנדערע אנשטאַלטען האָט מען קאָנפיסקירט; אָבער זייער פלאַן אין האַנדעל און אינדוסטריע

האָט קיינער ניט געקענט פערנעהמען. פיעלע שטעדט, וועלכע זיינען בעלעבט געווען דורך דיא טהעטיגקייט פון אידען, זיינען אין אַ קורצער צייט געזונקען צו דער שטופע פון דערפער. דיא גראַנדען האָבען זיך בעקלאָגט, דאָס זייערע שטעדט און דערפער זיינען געוואָרען אָרים און האָבען פערלאָרען זייער פריהערע בעפעלקערונג. ניט איין מאָל האָבען זיי ערקלערט, אז ווען זיי וואָלטען פאָראויסגעזעהען דיא טרויעריגע רעזולטאַטען פון דער אידישער אויסוואנדערונג, וואָלטען זיי ארויס געגען דעם קעניגליכען בעפעהל. אלע קעניגע האָבען דאַן איינגעזעהען, אז שפּאַניען רואינירט זיך דורך דיא ארויסיאָגונג פון אידען נאָר דיא אינקוויזיטאָרען האָבען זיך וועגען דעם גאָר ניט געקימערט און דיא הערשער פון שפּאניען זיינען פארבלענדעט געוואָרען פון פאנאַטיזמוס. מען זאָגט, אז ווען דער טערקיישער סולטאַן באַיאַזעט האָט געהערט, וויא מען לויבט דעם שפּאַניישען קעניג אַלס אַ מאַן מיט שכל און אלס גוטען דיפּלאָמאַט, האָט ער אויסגערופען: „און איהר רופט איהם נאָך קלוגער קעניג, אַ הערשער וועלכער האָט אָרים געמאַכט זיין לאַנד און רייך געמאַכט אונזערע!“ דיא טערקישע הערשער זיינען דאַן זיכער קליגער געווען פאר דיא שפּאנישע. זיי האָבען פערשטאַנען, אַז די אידען זיינען זעהר ניצליך פאַר זייער אימפּעריע, און זיי האָבען זיך זיכער ניט גענאַרט, ווען זיי האָבען ברייט געעפענט זייערע פּאָרטען און שטעדט פאר דיא שפּאנישע אויסוואנדערער.

## .5

**אברבנאל בעשיצט אויך זיינע ברידער אין נעאַפּעל. — זיין אָפּרייזע מיט'ן קעניג נאָך סיציליען. — זיין הויז בערויבט פון פראנצויזישע סאָלדאַטען. — זיין פאמיליע פערוואָגעלט. — דיא ליידען פון זיין עלטסטען זוהן. — זיין אייניקעל געטויפט מיט געוואלט. — אויס־וואנדערונג נאָך קארפו. — זיין ליטעראַרישע טהעטיגקייט אין קאָרפו און מאָנאָפּאָלי. — זיינע לעצטע יאָהרען אין ווענעציא.**

---

אין אוגוסט 1492 זיינען עטליכע טויזענד שפּאַנישע אידען אָנגעקומען אין נעאַפּעל, וואו דיא אידישע געמיינדע האָט זיי אמת ברידערליך אויפגענומען. דער קעניג האָט געהאַלטען וואָרט, און האָט געזאָרגט, אז דיא קריסטען זאָלען ניט דריקען דיא עמי־גראַנטען. יצחק אברבנאל, וועמען פערדינאַנד און איזאַבעלא האָבען נאָך אַ מאָל געבעטען צו פערבלייבען, איז נאַטירליך פערעהרט געוואָרען פון אַלעמען, ווען ער איז אָנגעקומען אין איטאַליען. וויא נאָר דער נעאַפּאָליטאַנער קעניג האָט זיך דערוואוסט, אז דער גרויסער פינאַנצמיניסטער פון פּאָרטוגאַל און שפּאַניען געפינט זיך אין זיין הויפּטשטאָדט, האָט ער איהם איינגעלאַדען צו זיך און איהם פאָרגעשלאָגען אַ הויכען פּאָסט. דיעזער קעניג האָט דאַן געהאַט צו פיהרען אַ מלחמה מיט פראנקרייך און האָט געהאָפט, אז דער ערפאהרענער אידישער מיניסטער וועט פערבעסערען דיא פינאַנצען פון לאַנד. אַ געוויסע צייט האָט אברבנאל געקענט זיך אָפּגעבען צו זיין פירוש אויף מלכים, וועלכען ער האָט נאָך אָנגעפאנגען אין שפּאניען, אָבער ער האָט געמוזט אונטערברעכען צוליעב זיין פּאָליטישע טהעטיגקייט אלס מיניסטער און פער־טהיידיגער פון זיינע אונגליקליכע ברידער.

אויך אין נעאפעל האָט אברבנאל געהאט א געלעגענהייט צו בעשיצען דיא אונגליקליכע עמיגראנטען. אין דעם פערצווייפעל־טען און עלענדען צושטאנד, צו וועלכען זיי זיינען געקומען דורך זייערע ליידען ביי דער אויסוואנדערונג, האָט צווישען זיי אויס־געבראָכען אַ מגפה, וועלכע האָט אַ סך פון זיי שנעל בעפרייט פון מאַטערנעסען אויף דער וועלט. אום דיא קריסטען זאָלען ניט ארויסטרעטען געגען דיא אונגליקליכע עמיגראנטען, האָט אברבנאל געבעטען דעם קעניג, אז מען זאָל וויא ווייט מעגליך ניט בעקאַנט מאַכען, דאָס אַ מגפה האָט אויסגעבראָכען. דער ליבעראלער קע־ניג האָט עס פערשפּראָכען און האָט אָנגעזאָגט, אז מען זאָל יע־דענפאלס בעערדיגען דיא אָפּפער פון דער מגפה ביי נאַכט. נאָר דיא מגפה איז געוואָרען אזוי גרויס, אז מען האָט איהר שוין מעהר ניט געקענט פערדעקען מיט תירוצים. דאַן האָט מען אָנגעפאנגען פון אלע זייטען שרייען, אז מען זאָל פעריאָגען דיא שפּאנישע אידען; אָבער דער קעניג האָט עס אויף קיין פאל ניט געוואָלט נאָכ־געבען. ער האָט געהייסען אויסבויען הינטער דער שטאָדט האָס־פּיטאַלען פאר דיא קראנקע פון דער מגפה, און דאָרטען זיינען זיי בעהאנדעלט געוואָרען פון ספּעציעלע דאָקטוירים ביז דיא מגפה איז פאָראיבער.

אברבנאל איז פערבליעבען אין פינאַנץ־מיניסטעריום ביז דעם קעניג׳ס טויט. דער יורש פון טראָן, אלפאָנסאָ דער 2טער, האָט איהם אָנגעהאַלטען אויף דעם זעלבען פּאָסט. דיעזער אלפאָנסאָ איז אזוי געווען צוגעבונדען צו זיין אידישען מיניסטער, דאָס ווען ער האָט זיך צוליעב דיא אַטאַקעס פון דיא פראנצויזען געמוזט אָפּזאָגען פון טראָן צו גונסטען פון זיין זוהן, האָט ער איהם מיט־גענומען נאָך סיציליען. נעאַפּעל איז דאַן אריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דיא פראנצויזען, און אברבנאל האָט זיך צוריקגעצויגען מיט זיין פאמיליע נאָך סיציליען, וויא דער קעניג אלפאָנסאָ האָט איהם געבעטען. דיא פראנצויזישע סאָלדאַטען האָבען דערפאר בערויבט זיין הויז און צושטערט זיין ביבליאָטהעק, וועלכע איז געווען ביי איהם דיא טהייערסטע זאַך.

אברבנאל'ס פאמיליע, וועלכע האָט פיעל געליטען דורך דיזע געצוואונגענע וואנדערונגען, איז דאַן צוזעהט געוואָרען. אם ערג־סטען האָט געליטען זיין עלטערער זוהן יהודה לעאָן, בעקאנט אונ־טער דעם נאָמען מעדיגאָ, ווייל ער איז געווען אַ גוטער דאָקטאָר. מען האָט איהם אַזוי געליעבט און אויך געדארפט האָבען אלס דאָקטאָר אין שפּאנישען הויף, דאָס מען האָט איהם געוואָלט פער־האַלטען מיט געוואלד. אזוי וויא מען האָט ניט געקענט אויס־פיהרען, דאָס ער זאָל זיך אליין טויפען, האָט מען בעשטימט, אז מען זאָל ביי איהם צונעהמען זיין איין־יעהריגען זוהן און גלייך טויפען. מען האָט גערעכענט, אז דאַן וועט דער פאָטער שוין מוזען פערבלייבען אין שפּאניען. אָבער ער האָט זיך בעצייטענס דערוואוסט פון דיעזען פלאַן און האָט גלייך אוועקגעשיקט אין געהיים זיין זוהן נאָך פּאָרטוגאַל, און אליין האָט ער זיך אָפּגעטראָ־גען נאָך נעאַפּעל. ער האָט מורא געהאַט צו בעזעצען זיך אין פּאָרטוגאַל און האָט איבערהויפּט ניט געטרויט דעם קעניג זשואַן, וועלכער האָט טאַקי באַלד בעוויעזען, אז ער איז געווען אַ ניעדער־טרעכטיגער טיראַן. דיא אידען, וועלכע האָבען זיך פערלאָזען אויף זיינע פערשפּרעכונגען, האָבען שרעקליך טהייער בעצאָהלט דער־פאר. וויא נאָר דיעזער געמיינער קעניג האָט זיך דערוואוסט, דאָס יצחק אברבנאל'ס אַן איינציקעל געפינט זיך אין זיין לאנד, האָט ער איהם געהייסען פארהאַלטען אלס אַ משכון. דעם אינ־געלע האָט מען נאַכהער געטויפט און קיין מאָל ניט ערלויבט צו זעהען זיינע עלטערן...

יצחק אברבנאל איז פערבליבען אין סיציליען ביז דעם טויט פון דעם פעריאָגטען נעאַפּאָליטאַנער קעניג אלפאָנסאָ דער 2טער אין 1495. ער האָט אַזוי געטריי געדיענט דיעזען קעניג אָהן אַ טראָן, דאָס ער האָט מורא געהאַט צו פערבלייבען ווייטער אין סיציליען זאָ לאַנג דיא פראנצויזען האָבען געהערשט אין נעאַפּעל מיט דער מאַכט פון זייערע שווערדען. ער איז דארום אוועק־געפאָהרען נאָך דעם אינזעל קאָרפו אלס דעם זיכערסטען אָרט פאר איהם. דאָרט איז ער נאָר פערבליבען ביז דיא פראנצויזען

האָבען זיך געמוזט צוריקציהען פון נעאפעל. נאכהער האָט ער זיך בעזעצט אין דער איטאַליענישער שטאָדט מאָנאָפּאָלי, וואו ער האָט פערבראכט אכט יאָהר.

אין דיזער צייט, ווען ער איז אין גאנצען געווען פריי פון פּאָליטיק און קעניגליכע הויפען, האָט ער זיך אָפּגעגעבען צו זיינע ביבלישע נאָכפאָרשונגען און רעליגיעז־פילאָזאָפישע שריפטען. ער האָט געארבייט אייפריג, אום אָנצוויאָגען דיא צייט, וועלכע ער האָט פערלאָרען אין וועלטליכע אנגעלעגענהייטען. אין קאָרפו האָט ער זיך צוערשט גענומען שרייבען א פירוש אויף ישעיה, נאָר ער האָט באלד אונטערבראָכען דיזע ארבייט, ווען ער האָט צופעליג געפונען דעם מאַנוסקריפט פון זיין פירוש אויף „דברים“, וועלכען ער האָט נאָך אָנגעפאנגען בשעת ער האָט געלעבט אין ליסאבאָן און וועלכען ער האָט פערלאָרען, ווען ער האָט געמוזט זיך רעטען אין שפאניען. ער האָט זיך זעהר דערפרעהט מיט דיזע ווערק פון זיינע יונגע יאָהרען, א ווערק, וואָס ער האָט געהאלטען פאר פערלאָרען. דאָס איז געווען א טרויסט פאר איהם נאָך דיא צרות, וואָס ער האָט געליטען צוזאמען מיט דיא פעריאָגטע שפאנישע אידען. ער האָט יעצט געקענט רוהיג בעארבייטען און אויס־בעסערען דיעזען פירוש אויף דעם וויכטיגסטען טהייל פון דער ביבעל.

דעם גרעסטען טהייל פון זיינע ווערק האָט ער אָנגעשריעבען אין מאָנאָפּאָלי. אין 1496 האָט ער געענדיגט „מרכבת המשנה“ און אין דעם זעלבען יאָהר פאר פסח האָט ער אָנגעשריעבען „זבח פסח“. אין דער הקדמה צו דיזער שריפט בעקלאָגט ער זיך זעהר ריהרענד, דאָס זיין פאמיליע איז צושפּרייט דורך דיא אונגליקען פון זיין פאָלק, דאָס זיין פרוי און קינדער לעבען אנדערסוואו און ער געפינט זיך אויף דער עלטער (איהם איז שוין געגאנגען דאָס זעכציגסטע יאָהר) אליין אין א פרעמדע מדינה, וואָס איהר שפּראך פערשטעהט ער ניט. דעם נעכסטען יאָהר האָט ער געענדיגט „נחלת אבות“, וואָס ער האָט געווידמעט זיין אינגסטען זוהן שמואל, וועגען וועלכען מיר וועלען ריידען שפּעטער. דאן האָט ער אויך אָנגעשריעבען דעם גרויסען און מערקווירדיגען פירוש

אויף דניאל'ס נביאות און אויף דיא אגדות אונטר דעם נאָמען „מעיני הישועה“. אין 1498 האָט ער אָנגעשריעבען „משמיע ישועה“, „ישועת משיחו“ און האָט געענדיגט דעם פירוש אויף ישעיה. דיא אנדערע ווערק, וועלכע ער האָט אָנגעשריעבען אין מאָנאָפּאָלי זיינען „שמים חדשים“, „ראש אמונה“, „מפעלות אלהים“.

וועגען דעם כאראקטער און דיא בעדייטונג פון דיזע ווערק וועלען מיר ריידען אין נעכסטען קאפיטעל. יעצט וועלען מיר פאָרטזעצען זיין לעבענס־בעשרייבונג.

אין 1503 איז יצחק אברבנאל אריבערגעפאָהרען צו זיין צווייטען זוהן יוסף, וועלכער האָט דאָן פראקטיצירט מעדיצין אין ווענעציא (ווענעדיג). דאָרט איז איהם ווידער אויסגעקומען צו בעשעפטיגען זיך מיט פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען. דיא ווענע־ציאַנער רעפּובליק האָט דאַן געהאַט אַ שטרייט מיט פּאָרטוגאַל וועגען זייערע קאָלאָניעס אין אינדיען און בעזאָנדערס וועגען דעם האַנדעל מיט בשמים. דיא פיהרערס פון דער רעפּובליק האָבען זיך געווענדעט צום בעריהמטען פינאַנץ־מיניסטער נאָך אַ ראטה און זייט דאַן האָבען זיי איהם אָנגעפרעגט וועגען דיא וויכטיגסטע שטאַאטס־אנגעלעגענהייטען.

נאָר איהם איז שוין ניט לאַנג געבליבען צו לעבען. זייט דיא אויסווייזונג פון דיא שפּאנישע אידען האָט ער אזוי פיעל געליטען, אז עס איז אַ וואונדער וויא אזוי ער האָט געקענט דער־לעבען ביז 71 יאָהר. דיא געצוואונגענע וואנדערונגען און דיא האַרצקלעמענעס, וואָס זיין פאמיליע איז פערוואָגעלט געוואָרען אין גלות און וואָס איבעראל איז דיא אידען אזוי שלעכט און ביטער, האָבען געבראָכען זיין געזונד. ער איז שנעל געזונקען אין ווענעציא, וואו ער האָט געהאַט דעם פערגעניגען צו לעבען צוזאמען מיט זיינע זיהן יהודה לעאָן מעדיגאָ און יוסף.

אין 1507 האָט זיך אַ געוויסער שאול כהן פון קאַנדיא גע־ווענדעט צו איהם מיט צוועלף פראגען וועגען רעליגיאָן און פילאָ־זאָפיע. דעם נעכסטען בוך האָט ער אָנגעשריעבען זיין „תשובה“

אויף דיעזע פראגען. דאָס איז געווען זיין לעצטע ווערק. אין זיין בריעף צו שאול כהן בעקלאָגט ער זיך, דאָס ער איז געווען רען זעהר אלט און שוואך. זיינע טעג זיינען שוין דאַן געווען געצעהלטע. אין 1509 איז דער גרויסער מליץ יושר, שטאאטס־מאַן און געלעהרטער אויסגעגאנגען. זיין טויט איז בעוויינט גע־וואָרען פון אלע אידען איבער דער גאנצער וועלט. אלע האָבען געפיהלט, אז זיי האָבען פערלאָרען אין איהם א פאָטער.

זיין לויה איז געווען א גרויסארטיגע. אויף פיעלע קריסטען און וועניציאנער אריסטאָקראטען זיינען געקומען איהם אָבגעבען דעם לעצטען כבוד. זיינע זיהן האָבען איהם בעגראָבען אויף דעם אלטען אידישען בית־עולם אין דער איטאליענישער שטאָט פאדוא.

❧ ❧ ❧

## 6.

**דיא בעדייטונג פון אברבנאל'ס ווערק. — זיינע פירושים אויף געשעצט פון קריסטען. — געגען פרייע פילאָזאָפיע, אריסטאָטעל און רמב"ם. — זיינע שריפטען וועגען משיח'ס צייטען און זייער איינפלוס אויף דיא פערשפרייטונג פון קבלה און מעסיאניזמוס.**

---

אָבוואָהל מען קען ניט זאָגען, אז יצחק אברבנאל איז געווען אַן אָריגינעלער דענקער, אַ זעהר טיטפער פילאָזאָף, און אז זיינע ווערק ענטהאַלטען נייע לעהרען, דאָך האָט ער געהאַט אַ זעהר גרויסען איינפלוס אויף דיא גייסטיגע טהעטיגקייט פון אידישען פאָלק און אויף דיא אידישע ליטעראַטור אין 16־טען און 17טען יאָהרהונדערט. זיין איינפלוס איז טהיילוויז געקומען דורך זיין ערעלע פאָליטישע טהעטיגקייט, דורך זיין הויכע לאַגע אלס פינאַנץ־מיניסטער אין פאָרטוגאַל, שפאַניען און נעאַפעל, און טהיילוויז דורך זיין ארויסטרעטען **געגען פרייע פילאָזאָפיע**, וואָס עס האָט גראדע געשטימט מיט דעם גייסט, וועלכער האָט דאַן געהערשט צווישען אפילו די געבילדעטסטע אידען און וועלכער האָט געפיהרט צו דער אַלגעמיינער פערעהרונג פון קבלה, צו מיסטיציזמוס (סתרי תורה) און צו אַן אויפלעבונג פון מעסיאניזמוס.

זיינע ווערק קענען צוטהיילט ווערען אין דריי קלאַסען: 1) עקזעגעטאַלע (ערקלערענדע) — דאָס זיינען נעמליך זיינע פירושים אויף דער ביבעל. 2) רעליגיעז־פילאָזאָפישע און 3) אפאָלאָגעטישע (פערטהיידיגענדע) — דאָס זיינען דיא שריפטען, אין וועלכע ער פערטהיידיגט דיא אידישע רעליגיאָן און ספּעציעל דעם גלויבען אין אַ משיח.

זיינע פירושים אויף דער ביבעל זיינען זיכער זיינע בעסטע

ווערק, דען דאָרטען האָט ער ניט נאָר ארויסגעוויזען זיינע טיפע און גרויסע קענטניסע, זאָנדערן אויך אַ וועלטליכען גייסט און אַ פערשטאַנד פון אַ שטאַאַטסמאַן. דיעזע פירושים האָבען בעזאָנדערס אַ היסטאָרישען ווערטה. ער האָט געזוכט צו ערקלעהרען פיעלע דונקעלע פונקטען אין דער ביבלישער געשיכטע פון אידישען פאָלק. דאָס וואָס געוועהנליכע רבנים, וועלכע האָבען זיך גאָר ניט אינטערעסירט מיט וועלטליכע פראגען, האָבען דורכגעלאָזען אין זייערע פירושים, דאָס פערנעהמט אַ וויכטיגען פלאַץ אין אברבנאל׳ס קאָמענטאַרען. מען מעג איהם דערפאר רעכענען פאר איינעם פון דיא ערשטע גרינדליכע נאָכפאָרשער פון דער ביבעל. דיא הקדמות צו זיינע פירושים ערקלערען זעהר גוט דעם אינהאלט. דאָס איז געווען געוויסערמאסען אַ נייעס אין זיין צייט.

אברבנאל׳ס עקזעגעטישע ווערק זיינען פיעל בענוצט געוואָרען ניט נאָר פון אידישע, זאָנדערן אויך פון קריסטליכע קאָמענטאַטאָרס און ביבלישע נאָכפאָרשערס. דיעזע ווערק זיינען איבערזעצט געוואָרען פון קריסטליכע שרייבערס אין לאַטיין און זיינען הויך געשעצט געוואָרען. מען קען זאָגען, אז קיין אידישער קאָמענטאַטאָר איז ניט שטודירט און געאכטעט געווען אזוי פיעל פון קריסטליכע עקזעגעטען וויא אברבנאל. טהיילוייז איז עס געקומען דורך דעם, וואָס ער האָט זיך גאנץ עהרליך און אונפארטייאיש בענוצט מיט דיא פירושים פון איינינע קריסטליכע נאָכפאָרשערס פון דער ביבעל.

זיינע פילאָזאָפישע ווערק זיינען זעהר שוואכע. ער האָט זיך שטרענג געהאַלטען אָן דעם בוכשטאַב פון דער תורה און איז נאָך ארויסגעטראָטען געגען אלע זיינע פאָרגענגער, וועלכע האָבען זיך ערלויבט מעהר אָדער ווענינער פריי צו פילאָזאָפירען, צו מאַכן חקירות. ער האָט עס ניט געוואגט אָפען ארויסצוריידען, נאָר פון זיינע שריפטען קען מען שליסען, אז אפילו דער רמב״ם איז אַן אפיקורס. זיין בעסטע פילאָזאָפישע ווערק איז „שמים חדשים“. אין דיעזען בוך זוכט ער צו בעווייזען, אז דיא וועלט איז בעשאַפען געוואָרען אין צייט, אַז עס איז דאָ אַ חידוש העולם. מיט דיזער

מעטאפיזישער פראגע איז ענג פערבונדען דיא עקזיסטענץ פון גאָט, און ניט ווייניג טהעאָלאָגען האָבען זיך אויף דעם געבראָכען דיא קעפּ דעם גאַנצען מיטעלאַלטער, ווען מען האָט זיך כמעט אויסשליסליך בעשעפטיגט מיט דיא זאָגענאַנטע חכמת האלהות און מיט פירושים אויף הייליגע שריפטען. דען ווען מען זאָל בעווייזען, דאָס דיא וועלט איז ניט אָהן א'ן אָנהויב און אָהן א סוף, הייסט אַז זיא עקזיסטירט ניט פון אייביג אָן, בעדייטעט עס דאָך, אַז זיא איז בעשאַפען געוואָרען; און אזוי וויא אַלעם געשאַפענעם האָט דאָך אַ בורא, איז שוין דערפון געדרונגען, אַז גאָט האָט בעשאַפען דיא וועלט און אַז ער עקזיסטירט.

וויא בעוואוסט האָט אַריסטאָטעל, דער גרעסטער און טיעפּ־סטער גריכישער פילאָזאָף, וועלכער האָט געהאט דעם גרעסטען איינפלוס אויף דיא גאנצע ציוויליזירטע מענשהייט, ערקלערט, אַז דיא וועלט עקזיסטירט אייביג. מאַימאָניד (רמב"ם) וועלכער איז געוועזען א'ן אָנהענגער פון אַריסטאָטעל'ס פילאָזאָפיע*) און האָט געזוכט איהר אויסצוגלייכען מיט דעם ביבלישען גלויבען, האָט ערקלערט אין זיין בעריהמטען „מורה נבוכים (וועגווייזער פיר פער־בלאָנדזשעטע)", אַז מען קען ניט ברענגען ריכטיגע בעווייזע וועגען דיא שעפּפונג פון דער וועלט אין צייט. אברבנאל טרעט אַרויס זעהר ענערגיש געגען אזא אַפּיקורסישע פילאָזאָפיע און לייקענט אָב דיא עווינקייט פון דער וועלט. ער טרעט אין אַלגע־מיינען אַרויס געגען דעם רמב"ם'ס פילאָזאָפיע און בלייבט אויף דעם שטאַנדפּונקט פון בלינדע אמונה ניט נאָר אין דער ביבעל, זאָנדערן אויך אין תלמוד.

זיינע מיינונג וועגען דיא שעפּפונג פון דער וועלט אין צייט ערקלערט ער נאָך גרינדליכער אין „ראש אמונה" און „מפעלות אלהים".

מיר קענען זיך דאָ ניט אַריינלאָזען אין בעטראַכטונגען וועגען

---

*) דיא לעבענסבעשרייבונגען פון אַריסטאָטעל און פון רמב"ם, אַרויסגעגעבען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לייברערי פּאָבלישינג קאָ.

דיא אַלטע מעטאפיזישע (איבערנאַטירליכע) חקירות איבער דיא שעפּפונג פון דער וועלט, אויב אַריסטאָטעל אָדער זיינע געגנער האָבען געהאט רעכט (אין אונזער צייט פילאָזאָפירט מען איבער־הויפּט אויף אַ גאַנץ אנדערען וועג); אבער מען מוז צוגעבען, אַז אברבנאל האָט זעהר געשיקט אָנגעוויזען אויף פיעלע שוואַכע פּונקטען פון מאַימאָניד׳ס פילאָזאָפיע, וועלכע האָט איבערהויפּט געשטרעבט צו א׳ן אונמעגליכע זאַך, נעמליך: צו איינשטימונג פון פילאָזאָפיע מיט אמונה, פון קריטישע פערנונפט מיט בלינדען גלויבען.

ווען מען נעהמט אין אַנבעטראַכט, דאָס אברבנאל איז געוועזען אַ שטרענגער אָרטהאָדאָקס אפילו אין זיינע פילאָזאָפישע ווערק און דאָס דער בוכשטאַב פון דער ביבעל איז ביי איהם געשטאַנען העכער פאַר אַלע חקירות, דאַרף מען זיך ניט וואונדערן, דאָס ער האָט ניט נאָר פעסט געגלויבט אין משיח׳ס צייטען, זאָנדערן האָט אויך אויסגערעכענט, ווען משיח דאַרף קומען. דיא אידען האָבען דאַן אַזוי פיעל געליטען אויף דער וועלט, אַז זיי האָבען זיך אַלץ מעהר גענומען טרייסטען מיט האָפנונגען אויף אַ נאָהענטע ערלייזונג פון משיח, אום זיי צו ערלייזען ענדליך פון זייערע שרעקליכע צרות. אברבנאל איז ניט געווען א׳ן אויסנאַהמע, ער האָט געהאָפט צוזאַמען מיט זיינע ברידער, אַז משיח׳ס צייטען זיינען נאָהענט.

גאַנצע דריי ביכער האָט ער אָנגעשריעבען וועגען דיזען גלויבען. דאָס זיינען דיא אַפּאָלאָגעטישע ווערק: „מעיני הישועה“, „ישועת משיחו“, און „משמיע הישועה“.

אין דעם ערשטען בוך בעשעפטיגט ער זיך ספּעציעל מיט דניאל׳ס נביאות, וועלכע ער בעטראַכטעט מיט רעכט אלס דעם פונדאמענט פון מעסיאַניזמוס. ער זוכט צו ערקלערען דעם אידישען שטאַנדפּונקט וועגען משיח׳ן און דערביי קריטיקירט ער זעהר גרינדליך דיא קריסטליכע בעהויפּטונגען.

אין צווייטען בוך ברענגט ער אַרויס זעהר אויספיהרליך דיא שילדערונגען פון תלמוד און מדרש וועגען משיח׳ן.

אין דריטען בוך רעכענט ער אויס אַלע פּסוקים, וועלכע בעציהען זיך אויף משיח'ן, מיט זיינע ערקלערונגען און מיט אַ שאַרפע קריטיק פון קריסטליכע מיינונגען. ער גיט דאָרטען אויך אַ בעשרייבונג פון משיח'ס צייטען נאָך דיא איינבילדונגען פון דיא רבנים אין מיטעלאַלטער.

שטיצענדיג זיך אויף דניאל'ס נביאות, האָט ער גערעכענט, אַז ער האָט אונבעשטרייטבאַר בעוויעזען, דאָס משיח מוז קומען און דאָס דיא אידען וועלען האָבען אַ גלענצענדע צוקונפט. דערביי איז ער אזוי וויט פערקראָכען אין זיין הייסען גלויבען, דאָס ער האָט זיך גענומען אויסצורעכענען אויף דעם שטייגער פון געוועהנ־ליכע קאַבאַליסטען, ווען משיח דאַרף זיך בעוויזען. נאָך זיינע רעכנונגען איז אויסגעקומען, אז משיח'ס ערשיינונג וועט זיין אין יאהר 5263 (1503 נאָך דער קריסטליכער רעכנונג) און אַז דיא וועלט וועט אונטערגעהן און אַז רוים וועט פאַלען מיט 20 יאהר שפּעטער.

מיט דיזע ביכער און בעזאָנדערס מיט זיינע משיח'רעכנונגען האָט אברבנאל ניט־ווילענדיג געשטיצט דיא קאַבאַליסטען. ער איז ניט געוועזען אַ פריינד פון דער קבלה, דען ער איז געוועזען אַ שטרענגער תלמודיסט און אויך צו פיעל פילאָזאָף צו ווערען בעגייסטערט פון אַזאַ ווילד־מישונה'דיגע ווערק, וויא דער „זוהר"; אבער ווען ער איז ארויס מיט זיין „מעיני הישועה", האָבען זיך אַלע אנהענגער פון דער קבלה אן דעם אָנגעכאַפּט. זיי האָבען זיך בענוצט מיט דעם צו פערשפּרייטען זייערע מיסטיישע איינבילדונ־גען און רעכנונגען. אַלע אידען האָבען דאַן און אויך אין שפּעטערע צייטען גערעכענט, דאָס ווען אַזאַ געלאַסענער שטאַאַטסמאַן און גרויסער געלעהרטער פערנעהמט זיך מיט אויסרעכנונגען פון משיח'ס צייטען, דאַן דאַרפען אַלע גלויבען אין דעם און זיך פערלאָזען אויף דיא „סודות" פון דער קבלה.

דיא ווירקונג פון אברבנאל'ס ווערק וועגען משיח'ס צייטען איז געוועזען אזוי גרויס, דאָס אין 1502, מיט אַ יאהר פאַר דער צייט, וועלכע ער האָט בעשטימט פאַר משיח'ס ערשיינונג, האָט

זיך אין איסטריא, ניט ווייט פון ווענעציא, בעוויעזען איינער, וואָס האָט זיך ארויסגעגעבען פאַר דעם אָנזאָגער, אז משיח קומט. דאָס איז געווען אשר לעמלין. ער האָט בעקאַנט געמאַכט, דאָס ווען דיא אידען וועלען טאָן תשובה, וועלען פאַסטען און טהיילען צדקה, וועט משיח זיכער קומען אין 6 מאָנאַט ארום. דער עולם איז אזוי פאָרבערייטעט געווען דורך קאַבאַליסטישע פלוידערייען צו גלויבען אין משיח׳ס נאָהענטע ערשיינונג, דאָס לעמלין האָט גלייך געפונען א סך נאָכשלעפערס, וועלכע האָבען פערשפרייט זיינע נביאות. אין איטאַליען און דייטשלאנד האָבען אידען אָנגעפאַנגען צו פאַסטען, זאָגען תפילות און טהיילען נדבות. מען האָט דעם יאהר 1502 א נאָמען געגעבען „תשובה יאהר“. מען האָט שוין גערעכענט, אַז אָט־אָט קומט מען אין ירושלים. ווער ווייסט וואָס עס וואָלט געוואָרען פון דיזער קאָמעדיי, ווען לעמלין וואָלט ניט פערשוואונדען אָדער געשטאָרבען פלוצלינג. מען וויים ניט, וואָס עס איז געוואָרען מיט איהם; נאָר זיין משוגעת איז שנעל אָבגעשטאָרבען מיט איהם. לעמלין האָט געהאט וועניגער מזל, וויא דער פאַלשער משיח שבתי צבי מיט א 150 יאהר שפעטער. *)



*) זעה דיא לעבענסבעשרייבונג פון שבתי צבי, אַרויסגעגעבען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לייברערי פּאָבלישינג קאָמפּאַניע.

# .7

יהודה לעאָן אברבנאל : דאָקטאָר, אַסטראָנאָם און פּאָעט. — ליבאַרצט פוז גאָנזאַלוואָ דע קארדאָווא. — זיינע „דיאַלאָגען איבער ליעבע" אין איטאַליעניש. — זיינע העברעאישע פּאָעזיען צו זיין געטויפטען זוהן.— שמואל אברבנאל : אונטערשטיצער פון רבנים און אידישע ליטעראַטור, פינאַנץ־מיניסטער, בעל צדקה און בעשיצער פון אידען אין נעאַפּעל.— זיין עדעלע פרוי. — פערקעהר מיט קריסטליכע געלעהרטע. — דיא אינקוויזיציאָן אין נעאַפּעל. — זיין פרוי'ס ביטע ביי דעם קייזער קאַרל פאַר דיא אידען. — דיא געצוואונגענע אויסוואַנדערונג פון דיא אידען אויס נעאַפּעל. — שמואל אברבנאל האַנדעלט וויא זיין גרויסער פאטער.

---

דיא פאַמיליע אברבנאל האָט געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אין איטאַליען. יצחק אברבנאל זעלבסט איז שוין געוועזן צו אַלט און שוואַך, ווען ער האָט זיך דאָרטען בעזעצט. דערצו האָט ער נאָך ניט געקענט דיא לאַנד־שפּראַך. זיינע דריי זיהן האָבען זיך דערפאַר שנעל אויסגעצייכענט.

דער פעהיגסטער און געבילדעסטער פון זיי איז געוועזן דער עלטסטער, דער אויבען־דערמאָנטער יהודה לעאָן מעדיגא. ער איז זאָגאר געוועזן פעהיגער פאר זיין פאָטער, יעדענפאַלס אַ פיעל טיעפערער און זעלבסטשטענדיגערער דענקער, נאָר אויף דיא אידען דירעקט האָט ער קיין איינפלוס געהאַט, ווייל ער האָט זיך ווייניג בעשעפטיגט מיט תלמודישע חקירות און רבנישע ליטעראטור און ווייל ער איז, נאָך דעם מאַסשטאַב פון זיין צייט, געוועזן פאַר אַ פריידענקער.

אין דער צייט, ווען זיין פאָטער איז אָבגעפאָהרען נאָך דעם אינזעל קאָרפו, איז ער פערבליעבען אין גענוא, וואו ער האָט

פראקטיצירט מעדיצין. ער האָט אבער ניט פיעל פערדיענט פון זיין פּראָפעסיאָן, דען זיין גייסט איז ניט געלעגען אין דער מעדיצין, וועלכע האָט דאַן וועניג געקענט בעפריעדיגען א מענשען מיט הויכע פילאָזאָפּישע געדאַנקען, זאָנדערן אין מאטעמאטיק, אסטראָנאָמיע, פילאָזאָפיע און פּאָעזיע. ער איז געוועזן בעקאַנט און בעפריינדעט מיט דיא פריעסטע דענקער פון זיין צייט, דארונטער אויך מיט דעם בעריהמטען איטאַליענישען געלעהרטען פיקא־דע־מיראַנדאָלאַ. ער האָט ערפונדען א'ן אסטראָנאָמישען אינסטרומענט און אָנגעשריעבען אַ בוך איבער „הימלישע הארמאָניע“, וואָס איז ליידער פערלאָרען געגאַנגען. איבערהויפּט קען מען איהם רעכענען פאַר אַ קינד פון דער רענעסאַנס־צייט, וועלכע האָט דאַן אָנגעפאנגען אלײן שארפער צו וועקען דיא מוחות פון דעם טיעפען דרעמעל אונטער דעם גייסטיגען שלאָף־טרונק פון דער קאטאָלישער קירכע.

ווען יהודה לעאָן איז נאָך געוועזן אין שפּאַניען, האָט ער זיך בעפריינדעט מיט פיעלע גראַנדען. מיר ווייסען שוין, אַז מען האָט איהם געוואָלט פערהאַלטען מיט געוואַלט אפילו נאָכדעם, וויא מען האָט אַלע שפּאַנישע אידען ארויסגעיאָגט און אז דורך דעם איז זיין ערשטער זוהן אריינגעפאלען אין דיא הענד פון דעם פּאָרטוגעזער קעניג און איז געטויפט געוואָרען. דיזען פערלוסט פון זיין זוהן, וועלכען ער האָט שוין קיין מאָל ניט געקענט זעהן, האָט ער בעקלאָגט זיין גאנצען לעבען און הארצרייסענד אויסגעדריקט אין זיינע פּאָעזיען.

דורך זיין בעקאַנטשאפט מיט שפּאַנישע גראַנדען איז ער געוואָרען דער לייבארצט פון גאָנזאלוואָ דע־קאָרדאָוואַ, דעם בעריהמטען שפּאַנישען קריעגספיהרער, וועלכער האָט געקראָגען דעם נאָמען „גרויסער קאפּיטאַן“. אונטער דער קאָמאַנדע פון דיזען קריעגספיהרער, וועלכער איז אויך געוועזן א'ן עדעלער מענש און פריינדליך צו אידען, האָבען דיא שפּאַניער איינגענומען נעאַפּעל. ער איז געוואָרען דער וויצע־קעניג פון זיד־איטאַליען. וויא נור דיא שפּאַניער זיינען געוואָרען הערשער פון נעאַפּעל, האָט פערדינאַנד־

קאטאָליק בעפוילען, אַז מען זאָל פון דאָרטען פערטריבען די אידען. אָבער גאָנזאַלוואָ דע־קאָרדאָוואָ האָט ניט אויסגעפיהרט דיזען באַר־באַרישען בעפעהל. ער האָט ערקלערט דעם יודענפרעסענדען קעניג, אַז אין נעאַפּעל זיינען אייגענטליך פערבליבען וועניג אידען, און אַז די שטאָדט וועט זעהר פיעל פערליערען דורך זייער אויסוויזונג, ווייל זיי וועלען זיך דאַן בעזעצען אין ווענעציא און פערקלענערען דערמיט דעם האַנדעל פון נעאַפּעל.

פערדינאַנד האָט געהייסען איינפיהרען די אינקוויזיציאָן, אום צו פערפאָלגען די אַנטלאָפענע שפּאַנישע און פּאָרטוגעזער מאַראַנאָס. זיי זיינען זיך דאַרום באַלד צולאָפען אין אַנדערע איטאַליענישע שטעדט. יהודה לעאָן מעדיגאָ איז פערבליבען אונגעפעהר 2 יאהר (ביז 1507) אלס דער לייב־אַרצט פון דעם וויצע־קעניג, און ווען פערדינאַנד איז געקומען בעזוכען זיין נייע קעניגרייך, האָט ער איהם געזעהען אין נעאַפּעל. באַלד נאָך דעם קעניגליכען בעזוך, איז גאָנזאַלוואָ דע־קאָרדאָוואָ ענטלאָסען געוואָרען, און יהודה לעאָן מעדיגאָ איז געבליבען אָהן בעשעפטיגונג. דאַן איז ער עס אוועקגעפאָהרען נאָך ווענעציא, וואו עס האָבען זיך געפונען זיין פאָטער און ברודער יוסף, וועלכער האָט אויך פּראַקטיצירט מעדיצין.

אין אַ קורצער צייט האָט ער אַזוי גוט אויסגעלערנט די איטאַליענישע שפּראַך, דאָס זיין בעסטע ווערק „דיאַלאָגען איבער ליעבע" ווערט גערעכענט פאַר אַ מוסטער אין דער איטאַליענישער ליטעראַטור. דאָס איז אַ טיעף־פילאָזאָפישער געשפּרעך צווישען אַ מאַן און אַ פרוי וועגען ליעבע און וועגען די העכסטע צוועקען פון לעבען. ער ערקלערט דאָרטען, אַז דער העכסטער צוועק פון לעבען איז ליעבע, די שטרעבונג פון איין וועזען זיך צו פעראייניגען מיט דעם אַנדערען. גאָט, זאָגט ער, האָט געשאַפען די וועלט מיט ליעבע, און דורך ליעבע פערבינדעט זיך די גייסטיגע וועלט מיט דער מאַטעריעלער. דעם מענשען'ס נשמה דאַרף זיך טראָגען מיט ליעבע צו גאָט. ערשט דורך דעם דערגרייכט זיא איהר העכסטען

צוועק, איהר העכסטער גליק. דיא גאנצע נאטור ווערט ערדלער און שעהנער דורך ליעבע פון מענשען צו גאָט.

דיעזער בוך האָט גאַנץ װעניג צו טאָן מיט רעליגיאָן אין דעם געװעהנליכען זינען, אָבוואָהל דער פּערפאסער לויבט דיא אידישע רעליגיאָן און סטאַרעט זיך צו בעווייזען, אז דיא וועלט איז בעשאַפען געוואָרען נאָך דער ביבלישער מעשה בראשית און ניט נאָך דער פילאָזאָפיע פון אַריסטאָטעל און איבערהויפּט פון דיא גריעכען. יעדענפאַלס האָבען קריסטען מעהר געלעזען און געשעצט זיין ווערק און פילאָזאָפי וויא אידען. דיא געבילדעטע איטאַליענער האָבען שטאָלצירט, וואָס אַזאַ ערהאַבענעס ווערק איז געשריעבען געוואָרען אין זייער שפּראַך. זיי האָבען מיט פערגעניגען געלעזען דיא „דיאַלאָגען איבער ליעבע“, וועלכען איינער פון זיי האָט אָנגערופען „געטליכער דיאַלאָג.“ אין פערלויף פון 20 יאהר האָט דיזער בוך געהאַט פינף אויפלאַגען. מען האָט איהם באַלד איבער־זעצט אין פראַנצויזיש, און דער איבערזעצער האָט איהם געווידמעט צו דער קעניגין מאַריא דע־מעדיטשי. כמעט אין דער זעלבער צייט זיינען ערשיענען איבערזעצונגען אין לאַטייניש און שפּאַניש. דער איבערזעצער אין שפּאַניש איז געוועזן אַ איד און האָט דעם בוך געווידמעט דעם שפּאַנישען קעניג זעלבסט.

אויף לשון קודש האָט יהודה לעאָן בעזאָנדערס געשריעבען געדיכטע צו זיין זוהן, וועלכער איז ערצויגען געוואָרען אין פּאָרטו־גאַל אַלס קריסט. אין זיי האָט ער אויסגעגאָסען זיין ביטערע האַרץ און האָט איהם געבעטען צו געדענקען, אז ער איז אַ איד, צו שטודירען דיא העברעאישע שפּראַך און ליטעראַטור און ניט צו פערגעסען אָן דיא האַרצקלעמענים פון זיין פאַטער און מוטער. וואָס עס איז געוואָרען מיט דיזען געטויפטען אברבנאל, וויים מען ניט.

יצחק אברבנאל׳ס אינגסטער זוהן, שמואל, איז געוועזן גראַדע דער היפּוך פון זיין פילאָזאָפישען און פּאָעטישען ברודער. ער איז געוועזן אַ גוטער תלמודיסט און האָט גע־שפּיעלט אַ גרויסע ראָלע צווישען דיא איטאַליע־

נישע אידען. ער האָט שטודירט תלמוד אין דער דאָן בעריהמטער ישיבה פון סאלאָניק און האָט זיך זעהר אויסגעצייכענט דאָרטען. אין פיעלע היגזיכטען איז ער געראטהען געווען אין זיין פאטער, בעזאָנדערס אין זיין פעהיגקייט צו געשעפטען און פינאַנצען. אַ געוויסע צייט איז ער געווען דער פינאַנצמיניסטער פון דעם שפּאַנישען וויצע־קעניג אין נעאַפּעל און האָט זיך ערוואָרבען אַ גרויסען פערמעגען. אַ אידישער פּאָעט האָט וועגען איהם געזאָגט: „שמואל אברבנאל איז גרויס אין תורה, אַדעלקייט און רייכטהום. מיט זיין רייכטהום איז ער אימער גרויסמוטהיג. ער העלפט זיינע ברידער אין נויט, ערלייזט געפאנגענע, שטיצט יתומים און בעזיצט אַלע מעלות פון א נביא.“

זיין הויז איז אימער געווען אָפען פאר אידען, בעזאָנדערס פאר רבנים און תלמודיסטען. ער פלעגט אונטערשטיצען אָרימע תלמודיסטען, אום צו פערשפּרייטען דיא אידישע תורה און ליטעראטור.

גראדע וויא זיין פאטער האָט ער זיך אָבגעגעבען צו העלפען זיינע ברידער געגען אונטערדריקונגען און האָט אויך צוזאַמען מיט זיי אויסגעוואַנדערט פון נעאַפּעל, ווען מען האָט זיי געצוואונגען צו טראָגען דעם שאַנדע־צייכען אויף זייערע קליידער, וויא דאָס איז איינגעפיהרט געוואָרען אין פיעלע ערטער אין מיטעלאַלטער.

אין דיזער בעציהונג, וויא אויך אין צדקה און אין אונטער־שטיצונג פון תלמודיסטען, האָט ער געפונען אַ ווירדיגע מיט־העלפערין אין זיין עדעלער און ליעבליכער פרוי בענוועניד אַבאַרבאַנעלאַ. אַלע אידען אין איטאַליען האָבען איהר פערעהרט און אויך קריסטען האָבען איהר געאַכטעט. בעזאָנדערס בעפריינ־דעט איז זיא געווען מיט דער טאָכטער פון דעם וויצע־קעניג דאָן פעדראָ דע־טאָלעדאָ. דער וויצע־קעניג זעלבסט האָט זיי בעקאַנט געמאַכט, אום זיין טאָכטער זאָל זיך נעהמען א ביישפּיעל פון דער עדעלער אידישער פרוי. דיזע פריילייןַ האָט נאכהער חתונה געהאַט מיט דעם הערצאָג פון טוסקאַניא און האָט גערופען בענוועניד אַבאַרבאַנעלאַ „מוטער“.

זײן דער הויז פון דיזער רײכער און ערעלער פּאָאַר פלעגען זיך צוזאַמענקומען ניט נאָר דיא בעסטע פאָרשטעהער פון אידען, זאָנדערן אויך פיעלע געלעהרטע קריסטען. דאָרטען האָט מען געלערנט תלמוד און דיא העברעאישע שפּראַך, דאָרטען האָבען בעוואוסטע קאַבאַליסטען געגעבען ערקלערונגען איבער דעם „זוהר“, און דאָרטען זײנען אויך געווען אזעלכע קריסטליכע געלעהרטע, וויא יאָהאַן ווידמאַנשטאַט, אַ שילער פון דעם בעריהמטען רײכלין, דעם פערטהײדיגער פון תלמוד. דיזער ווידמאַנשטאַט האָט דאָרטען אויסגעלערנט דיא העברעאישע שפּראַך. אנדערע קריסטליכע געלעהרטע זײנען בעקאַנט געוואָרען מיט דער קבלה דורך זײער פערקעהר מיט אידען אין אברבנאל׳ס הויז.

אונגעפעהר 40 יאהר האָט שמואל אברבנאל רוהיג געלעבט אין נעאַפּעל, העלפענדיג דיא אונגליקליכע מאַראַנאָס, וויא ווייט ער האָט נאָר געקענט. וויא איבען שוין בעמערקט האָט פערדינאַנד־קאַטאָליק אײנגעפיהרט דיא „הײליגע“ אינקוויזיציאָן, ווען זײן ארמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון גאָנזאַלוואָ דע־קאָרדאָוואָ האָט אײנגענומען נעאַפּעל. אַ סך מאַראַנאָס האָבען זיך גלײך אָבגע־טראָגען אין אַנדערע ערטער, וואו דיא שפּאַנישע אינקוויזיציאָן האָט זײ ניט געקענט דערגרײכען, אבער דיא וואָס זײנען פערבליבען, האָבען געליטען אַלין גרעסערע צרות.

דיא אינקוויזיטאָרען אין נעאַפּעל האָבען פערלאַנגט, אַז מען זאָל ארויסיאָגען אַלע אידען, אום דיא מאַראַנאָס זאָלען קענען ווערען אמת׳ע קריסטען. זײ האָבען זיך געווענדעט צום קײזער קארל דער 5טער, אַז ער זאָל נאָכפאָלגען דעם בײשפּיעל פון פערדינאַנד און איזאַבעלאַ און פּעריאַגען דיא אידען פון נעאַפּעל. דאַן איז בענ־ווענידאַ אַבאַרבעאַנעלאַ ארויסגעטראָטען אַלס בעשיצערין פון איהרע ברידער און שוועסטער. דורך דער מיטווירקונג פון איהר פרײנדין, דעם וויצע־קעניג׳ס טאָכטער, איז זיא צוגעקומען צום קײזער און האָט איהם געבעטען ער זאָל ניט אונטערשרײבען דעם אויסוואַנדערונגס־בעפעהל געגען דיא נעאַפּאָליטאַנער אידען, און

דער קייזער האָט ניט געקענט ענטזאָגען דיא ביטעס פון דיזע צוויי עדלע דאַמען.

אבער דיא אינקוויזיטאָרען האָבען ניט גערוהט און אַזוי לאַנג געהעצט ביז זיי האָבען אויסגעפיהרט, אַז קאַרל דער 5טער זאָל אונטערשרייבען אַ בעפעהל, דאָס דיא נעאַפּאָליטאַנער אידען זאָלען טראָגען אַ ספּעציעלען צייכען אויף זייערע קליידער אָדער פערלאָזען דיא נעאַפּאָליטאַנער פּראָווינץ.

דיא אידען האָבען אויסגעקליבען דאָס לעצטע. שמואל אברבנאל האָט זיי אויפגעמונטערט בעסער אויסצוּוואַנדערען איידער צו לאָזען זיך שענדען. ער און אַנדערע אידישע פאָרשטעהער האָבען פּאָראויסגעזעהען, אַז דיא אינקוויזיציאָן וועט זיך ניט בערוהיגען מיט דיזער גזרה און וועט זיי נאָך ווייטער פערפאָלגען.

נאָר ווען זיי האָבען גענומען אויסוואַנדערען, האָט מען ארויסגעלאָזען אַ בעפעהל, אַז זיי מוזען פערלאָזען דיא שטאָדט און טאָרען זיך ניט צוריקקעהרען. דאָס איז געשעהן אין 1540. דיא מייסטע זיינען אָבגעפאָהרען נאָך טירקיי, און אַ טהייל האָבען זיך בעזעצט אין דער איטאַליענישער שטאָדט פעררארא, וואו עס האָט דאַמאַלס געהערשט אַ פּרינץ, וועלכער האָט ניט פערפאָלגט אידען. צווישען דיא אויסוואַנדערער, וועלכע זיינען פערבליבען אין פעררארא, איז אויך געוועזען שמואל אברבנאל מיט זיין עדלער פרוי. דער וויצעקעניג האָט איהם געבעטען צו פערבלייבען אין נעאַפּעל און האָט איהם פערשפּראָכען ספּעציעלע בעשיצונג, אָבער ער האָט ערקלערט אַזוי וויא זיין פאָטער, דאָס וואו זיינע אונגליקליכע ברידער וועלען זיין, דאָרטען וועט ער אויך זיין.

דיזער עדלער זוהן פון אַ'ן עדלען פאָטער האָט געענדיגט זיינע יאָהרען אין פעררארא. ער איז געשטאָרבען אין 1550. זיין ווירדיגע פרוי איז געשטאָרבען מיט עטליכע יאָהר שפּעטער.

אייניגע מיטגליעדער פון דיזער פאַמיליע האָבען איבערגעוואַנדערט נאָך אַמסטערדאַם אין 17טען יאָהרהונדערט.

ענדע

# בר־כוכבא

דער העלדישער קריעגספיהרער און
קעניג פון אידען אין זייער לעטצטען
גרויסען אויפשטאַנד געגען רוים.



פון פיליפּ קראַנץ.

# בר־כוכבא

## איינלייטונג.

### געשיכטע און תלמוד.

נאָך דער צערשטערונג פון מלכות יהודה, נאָך דעם שרעקליכען חורבן ירושלים, האָט זיך דער פייערדיגער און בלוטיגער קאמפף פון אידען געגען דיא רוימישע אונטערדריקער ניט געענדיגט. מען קען זאָגען, אז דיזער נאציאָנאל־רעליגיעזער קאמפף, וועלכער האָט קיין גלייכען צו זיך אין דער וועלט־געשיכטע, האָט זיך געצויגען אונגעפעהר הונדערט יאָהר נאָך הורבן ירושלים, דען אויך אין דער צייט, ווען אנטאָניוס פיוס איז געוועזן קייזער פון רוים, האָט אין ארץ ישראל אויסגעבראָכען א נייער אויפשטאנד. דאָס איז געוועזן ארום 165—161, ווען דיא פארטהען אָדער פערסען, וועלכע זיינען אייגענטליך קיין מאָל ניט אין גאנצען בעהערשט געוועזן פון דיא רוימער, האָבען זיך אריינגעריסען אין סיריען און האָבען בעזיעגט דיא ארמעע פון דעם רוימישען גובערנאטאָר קאָרנעליאנוס.

ירושלים איז געלעגען אין שטויב. אויף דעם אָרט פון א גרויסער און רייכער שטאָט זיינען געלעגען חורבות צוזאמענגעמישט מיט דיא ביינער פון העלדישע קעמפפערס. מען האָט דאָרט אויפגעבויט א געצענדיענערשע שטאָט אונטער דעם נאָמען עליא קאַפיטאָלינא. דאָרט וואו דער בית המקדש איז געשטאנען האָט מען אוועקגעשטעלט א הערליכען טעמפעל לכבוד יופיטער. אָבער דאָס האָט ניט געבראָכען דעם נאציאָנאל־רעליגיעזען גייסט פון אידישען פאָלק.

ליידער אָבער האָבען מיר זעהר וויניג ריכטיגע היסטאָרישע

קוועלען וועגען דיזע שרעקליכע און העכסט אינטערעסאנטע פעריאָדע. אין דיא הונדערט יאָהר נאָך דעם חורבן, ווען אידען זיינען צייטענווייז פערפאָלגט געוואָרען אין ארץ ישראל פיליינכט נאָך גרויזאמער וויא דיא שפאנישע אידען אין דיא צייטען פון דער אינקוויזיציאָן, האָט זיך ניט געפונען איינער, וואָס זאָל אלעס פער־צייכנען און בעשרייבען פאר דיא צוקינפטיגע דורות, וויא יאָזעפוס פלאוויוס האָט עס געטאָן ביז זיין צייט. עס איז מעגליך, אז אידען האָבען עפּעס אָנגעשריעבען אין לשון קודש וועגען דיא אויפשטאנ־דען פון זייערע ברידער און דיא שריפטען זיינען פערלאָרען גע־גאנגען; נאָר ווען זיי וואָלטען געברויכט דיא גריכישע שפּראך, וואָלט געוויס עפּעס פערבליבען דערפון. דיא היסטאָרישע ווערק פון יאָזעפוס פלאוויוס זיינען דאָך ניט פערלאָרען געגאנגען.

אין תלמוד געפינט מען נאָר, און דאָס אויך צו־וואָרפען, איינציגע זייטיגע איינצעלהייטען און לעגענדארישע געשיכטען. פיעלע תנאים זיינען געוועזען פערמישט אין דעם קאמפּף געגען דיא רוימער, אָבער קיינער פון זיי האָט זיך ניט אָפּגעגעבען צו א גרינדליכע און ווירקליך היסטאָרישע בעשרייבונג אפילו פון דיא וויכטיגסטע פּאַ־סירונגען, וועלכע זיינען פערצייכענט געוואָרן מיט בלוט אונטער זייערע אייגען. זיי האָבען זיך אינטערעסירט פיעל מעהר מיט זיי־ערע רעליגיעזע פּלפּולים, מיט חקירות וועגען קליינליכע און אָפּט גאנץ לעכערליכע זאכען, וועגען אן אויסגעבלאָזענע איי, וויא מיט דיא וויכטיגסטע וועלטליכע פּאסירונגען, אפילו אזעלכע, פון וועל־כע דיא צוקונפט פון זייער פאָלק און זייער גאנצע תורה איז גע־ווען אָפּהענגיג. פארבייגעהענדיג ווערען אין תלמוד איבערגעגע־בען מעשה׳לעך וועגען אידישע העלדען און קעמפּפערס, אָבער גע־וועהנליך צוזאמענגעפּלאָכטען מיט נסים און סתם פאנטאזיעס. פון כראָנאָלאָגיע האָבען דיא תנאים איבערהויפּט ניט געהאלטען. דיא צייט, ווען א געוויכע פּאסירונג האָט געטראָפען, האָט זיי גאנץ ווייניג אינטערעסירט. אויך האָבען זיי ווייניג וואָס זיך גע־קימערט וועגען דיא אורזאכען פון יעדען בעזונדערן אויפשטאנד, אויסער נאטירליך דיא רעליגיעזע זייט פון דעם גאנצען קאמפּף.

קורץ, פון תלמוד קען מען אזוי פיעל וויסען וועגען אידישע געשיכטע, וויא פון פאָלקס־לעגענדען. נאָר אין פערבינדונג מיט אנדערע קוועלען קען מען זיך בענוצען מיט דיא תלמוד׳ישע מעשה׳לעך און בעמערקונגען ביי אן ערנסטע היסטאָרישע נאָכפאָר־שונג. אָבער אזוי וויא אויך דיא איבערגעבליבענע גריכישע און רוימישע היסטאָרישע שריפטען ענטהאלטען גאנץ ווייניג וועגען אידען, זאָ בלייבען פיעלע פונקטען זעהר דונקעל.

אפילו וועגען בר־כוכבא געפינען מיר אין תלמוד מייסטענס וואונדערליכע געשיכטען. אָהן רוימישע בעריכטען וואָלט מען זאָגאר ניט געוואוסט, ווען ער האָט אָנגעפאנגען דעם אויפשטאנד און ווען ביתר איז צושטערט געוואָרן. נאָך אלע גרינדליכע היסטאָרישע נאָכ־פאָרשונגען פון אונזער צייט בלייבט זיין פערזאָן א לעגענדארישע, וויא מיר וועלען עס זעהען.

נאָר איידער מיר וועלען איבערגעבען אלעס, וואָס מען קען יעצט וויסען וועגען דיזען זאָנדערבארען אידישען העלד, וועלען מיר אין קורצען שילדערן דיא געשיכטע פון דעם קאמפף נאָך חורבן ירושלים ביז זיין צייט, וויא אויך דעם דאמאָלסדיגען צושטאנד פון אידישען פאָלק.



# ערשטער קאַפּיטעל.

## דער אלגעמיינער אויפשטאנד פון אידען אין דער רוימישער אימפעריע.

נאָך דאָמיציאן'ס טויט אין 96טען יאָהר איז אויפ'ן רוימישען טהראָן ארויף נערווא, וועלכער האָט בלויז געהערשט 16 מאָנאט זיין טויט איז בעדויערט געוואָרען פון אידען און קריסטען, וועלכע ער האָט צורוה געלאָזען. ער איז געווען גראדע דער היפּוך פון דעם קאפריזנעם טיראן דאָמיציאן, טיטוס'עס ברודער, וועלכער האָט גרויזאם פערפאָלגט אידען, אידישע קריסטען און בעזאָנדערס גרים(*). ער האָט ערלויבט יעדען איינעם אָנצונעהמען דעם אידי־שען גלויבען און האָט אויך פערקלענערט דיא ספּעציעלע טאקסע אויף אידען. צום אנדענקען פון דיזער טאָלעראנץ האָט מען ארויס־געלאָזען א ספּעציעלע מטבע, אויף איין זייט פון וועלכער עס איז פאָרגעשטעלט געוואָרן דער קייזער נערווא און אויף דער אנדער זייט א פאלם־בוים (דאָס איז איבערהויפּט דער צייכען פון ארץ־ישראל) מיט דער אויפשריפט: „אלע קלאגען וועגען דיא אידישע טאקסע זיינען צו ענדע".

אָבער באלד נאָך נערוואַ'ס טויט האָט זיך אָנגעפאנגען, קען מען זאָגען, אן אלגעמיינער אויפשטאנד געגען דיא רוימישע אימפעריע. נעווראַ'ס נאָכפאָלגער איז געווען דער גענעראל טראיאנוס, וועלכער האָט געוואָלט נאָך ווייטער פערשפרייטען דיא הערשאפט פון רוים איבער אזיען. ער האָט געטרוימט צו דערגרייכען ביז אינדיען, אזוי

(*) זעה דיא לעבענסבעשרייבונג פון יאָזעפוס פלאוויוס (יוסף בן מתתיהו), ארויסגעגעבען פון דער אינטערנאציאָנאלער לייברערי פּובּ־לישינג קאָמפּ.

וויא אלכסנדר מוקדון. ער האָט דארום אָנגעפאנגען א נייע מלחמה מיט דיא פּארטהען (פּערסען). אין דער צייט האָבען אין דיא לענ־דער צווישען דיא טייכען עפראטוס (פרת) און טיגריס געלעבט א סך גריכען און אידען. נאָך הורבן ירושלים זיינען פיעלע אידען געקומען אהין און האָבען זיך בעזאָנדערס בעזעצט אין בבל און אין דער געגענד אדיאבענע לעבען דעם טייך טיגריס (פריהער איז דאָרטען געוועזען דיא אבירישע מלוכה), וואו דיא הערשענדע פּא־מיליע האָט זיך א מאָל בעקעהרט צום יודענטהום. דיא אלטע פּער־סישע מלוכה איז געוועזען צוטהיילט, צוברעקעלט און האָט ניט גע־קענט אויסהאלטען דיא אטאקע פון דיא רוימישע לעגיאָנען אונ־טער דער קאָמאנדע פון טראיאנוס. אָבער דיא דאָרטיגע אידען האָ־בען ניט געוועלט צולאָזען, אז דיא רוימער, דיא צערשטערער פון בית המקדש, זאָלען ווידער ווערן זייערע הערשער. זיי האָבען זיך דארום בעוואפענט וויא פאר א הייליגע מלחמה און בעשלאָסען צו קעמפפען אזוי וויא זייערע ברידער אין ירושלים געגען טיטוס'עם לעגיאָנען.

נאָר אזוי וויא דיא אידען זיינען געוועזען צוזאוואָרפען אין פּער־שיעדענע ערטער און האָבען זיך אויך ניט פערבונדען וויא געהעריג, זיינען זיי בעזיגט געוואָרן. דיא שטאָט ניזבים, וואו עס האָבען זיך געפונען א סך אידען, האָט זיך בעזאָנדערס מוטהיג פערטהיי־דיגט. טראיאנוס האָט איהר געקענט איינגעהמען ערשט נאָך א לאנגע בעלאגערונג. דער קעניג פון אדיאבענע האָט זיך זעהר בראוו געוועהרט געגען דעם איבערפאל פון דיא רוימער, אָבער ער האָט זיך שליסליך אונטערגעגעבען. דערמיט איז אָבער דיא מלחמה נאָך ווייט ניט געוועזען צו ענדע. דיא רוימער האָבען ניט איין מאָל בע־זיעגט דיא פּארטהען, אָבער דיא לעצטע פלעגען זיך אין א קורצער צייט אויפהויבען און פעריאָגען דיא זיעגערס.

נאָך זיינע ערשטע זיעגען האָט טראיאנוס, וועלכער איז שוין געוועזען אן אלטער מאן (ער איז אלט געוועזען 60 יאָהר, ווען ער איז געוואָרען קייזער), זיך אָבגערוהט אין אנטיאָכיא אין ווינטער פון 115; אָבער וויא עס איז געקומען פריהלינג, האָט ער זיך ווידער

א לאַז געטאָן, אום צוצוקומען צו אינדיען און אויפ׳ן וועג זיך אָפּ־צורעכענען מיט דיא אידען, וועלכע האָבען בעזאָנדערס געקעמפפט געגען איהם און וועלכע האָבען גענומען א גרויסען אנטהייל אין דעם אויפשטאנד פון דיא פּארטהען.

אין דער צייט זיינען דיא אידען ארויסגעטראָטען געגען רוים כמעט אין אלע ערטער, וואו זיי האָבען זיך נור געפונען. זייער אויפ־שטאנד האָט זיך פערשפּרייטעט איבער אזיען און אפריקא, פון בבל ביז מצרים און ליביא (אזוי האָט מען דאן גערופען גאנץ נאָרד־אפריקא פון מצרים ביז דעם אטלאנטישען אָקעאן). וויא אזוי דיעזער אויפשטאנד האָט זיך אזוי שנעל און ווייט פערשפּריי־טעט און ווער עס האָט איהם אָרגאניזירט, ווייס מען ניט, נאָר ער איז געווען א שרעקליך בלוטיגער.

דער צענטר פון דיזען אויפשטאנד איז געווען ארץ ישראל, וואו עס זיינען אויפגעוואקסען נייע קרעפטע אין דיא 45 יאָהר נאָך חורבן ירושלים. דיא אָנפיהרערס, רעכענט מען, זיינען געווען צוויי אלעקסאנדרינער אידען מיט דיא נעמען פּאפּוס און יוליאנוס. זיי זיינען געווען זעהר רייך און האָבען געהאט א גרויסען איינפלוס אויף זייערע ברידער.

דיא אידען אין מצרים, וועלכע זיינען געווען טריי צו דיא רוי־מער אפילו אין דער צייט פון חורבן ירושלים, אום צו האָבען א שטיצע אין זיי געגען דיא גריכען, האָבען זיך דיזעס מאָל פער־בונדען מיט זייערע ברידער אין ארץ ישראל און אין אנדערע ער־טער. זיי האָבען זיך הפנים אנפאנגס גוט אָרגאניזירט, דען זיי האָבען ניט נאָר אטאקירט עטליכע שטעט, וואו זיי האָבען אויסגע־שלאכטעט דיא רוימער און דיא גריכען, זאָנדערן זיינען אויך בע־פאלען דיא רוימישע ארמעע אונטער דער קאָמאנדע פון דעם גע־נעראל לופּוס. דיזער אויפשטאנד איז שנעל אומגעוואנדעלט גע־וואָרען אין א שוידערליכען ראסען־קאמפּף. דיא רוימער האָבען זיך פערבונדען מיט דיא גריכען און אלע געצענדיענערישע פעלקער געגען דיא אידען, און ביידע זייטען האָבען פערגאָסען טייכען בלוט.

ווען דיא ארמעע, וועלכע דיא אידען האָבען צוזאמענגעקליבען,

האַט בעזיעגט לופוס'עס לעגיאָנען, האָבען דיא גריכען און רוימער צוזאמענגעקליבען זייערע קרעפטע און זיינען בעפאלען דעם אידישען קווארטאל אין אלעקסאנדריא, וואו זיי האָבען בעגאנגען דיא גרעסטע גרויזאמקייטען. דיא אידישע סאָלדאטען האָבען זיי געצאָהלט מיט דער זעלבער מטבע. זיי זיינען בעפאלען אנדערע שטעט, וואו זיי האָבען אָהן ערבארמען געשאָכטען דיא רוימער און גריכען. דער גריכישער היסטאָריקער אפיאן, וועלכער האָט איבערגעלאָזען א קורצע בעשרייבונג וועגען דעם אויפשטאנד פון דיא אידען אין מצרים, וואָלט וואהרשיינליך ערמאָרדעט געוואָרען פון אידישע סאָלדאטען, אזוי וויא טויזענדע אנדערע גריכען, ווען איהם וואָלט ניט געלונגען צו אנטלויפען ביי נאכט אויף א שיפעל אויף דעם נילוס. ער דערצעהלט, אז אידישע סאָלדאטען האָבען זיך נאָכגעיאָגט נאָך דיא שיפלאך, אויף וועלכע דיא גריכען האָבען געזוכט רעטונג, און אז זיי פלעגען אויסשלאכטען אלע געפאנגענע. ער דערצעהלט, אז דער האס פון דיא אידען צו דיא רוימער און גריכען איז געווען אזוי גרויס, דאָס זיי פלעגען זאָגאר פרעסען דיא פלייש פון דיא גפאנגענע, זיך אויסשמירען אין זייער בלוט און זיך ארומוויקלען אין דיא הויט, וואָס זיי פלעגען אראָפרייסען פון זייערע געטויטעטע שונאים.

נאָר דאָס איז געוויס איבערטריבען. זיכער איז אָבער, אז דיא אידען זיינען בעגאנגען אזעלכע רציחות, וויא דיא רוימער און גריכען. מען רעכענט, אז דיא אידען האָבען אויך געצוואונגען זייערע געפאנגענע שונאים זיך צו ראנגלען אין צירקען מיט ווילדע חיות, גראדע וויא אספסינוס און טיטוס האָבען עס געטאָן מיט דיא געפאנגענע אידען נאָך חורבן ירושלים.

וויא ווייט מען ווייס פון דיא גריכישע בעריכטען, האָבען דיא אידען אויסגעשלאכטעט 200 טויזענד גריכען און רוימער אין דער געגענד סירענאיקא (צום וועסטען פון מצרים). פילע ערטער אין ליביא זיינען אזוי פערוויסטעט געוואָרען דורך דיזען אויפשטאנד, אז עטליכע יאָהר שפעטער האָט מען געשיקט מענשען צו גרינדען קאָלאָניעס דאָרטען.

אויך אויף דעם אינזעל סיפּרוס, וואו אידען האָבען זיך זייט לאנג בעזעצט, האָט אויסגעבראָכען א בלוטיגער אויפשטאנד געגען רוים. מען האָט בעהויפּטעט, אז דיא אידען האבען דאָרטען צו־שטערט דיא הויפּטשטאָט סאלאמיס און געטויטעט איבער 200 טויזענד גריכען.

אין דער צייט האָט זיך טראיאנוס געפונען מיט זיין ארמעע אין בבל. ווען נאָר ער האָט דערהערט פון דעם אויפשטאנד אין מצרים, סירענאיקא און סיפּרוס, האָט ער געשיקט איינעם פון זיינע בעסטע גענעראלען, מארציוס טורבאָ, צו מאכען א סוף פון דיא אידען אים יעדען פּרייז. דעם זעלבען בעפעהל האָט ער אויך געגעבען דעם גע־נעראל קוויעטוס, וועלכען ער האָט בשטימט פאר זיין נאָכפאָלגער.

דער לעצטער גענעראל האָט געהאט צו פיהרען א לאנגען און שווערען קאמפף מיט דיא באבילאָנער אידען. וועגען דיזען קאמפף וויים מען כמעט גאָר ניט אויסער, אז קוויעטוס האָט אומגעבראכט טויזענדער אידען און האָט צושטערט דיא שטעט ניזבים און עדעסא, וועלכע דיא אידען האָבען פערטהיידיגט מיט פערצווייפ־לונג. עס איז זאָגאר אונבעקאנט, ווער עס האָט אָנגעפיהרט דיא אידען אין בבל. פון איין גרויסע שלאכט וויים מען נאָר אזוי פיעל, אז דער רוימייטער גענעראל מאקסימוס איז דאן געטויטעט געוואָרן. אויב אידען פון בבל האָבען איבערגעלאָזען בעריכטען וועגען דיזען אויפשטאנד, זיינען זיי פערלאָרען געגאנגען. דיא רוימער האָבען דאן געהאט צו אונטערדריקען אזוי פיעל אויפשטאנדען, אז זיי האָ־בען זיך ניט געקימערט וועגען איינצעלהייטען אין יעדען פאל.

וועגען דיא אונטערדריקונג פון דיא אויפשטאנדען אין מצרים, סירענאיקא און סיפּרוס זיינען אויך געבליבען זעהר קורצע בע־ריכטען. מארציוס טורבאָ האָט געצייגט זיינע פעהיגקייטען אלס גע־נעראל און זיין ווילדע גרויזאמקייט ביי דער אונטערדריקונג פון דיזען אויפשטאנד. ער האָט אטאקירט מיט א שטארקער ארמעע יעדען פלאץ בעזונדער. דיא אידען האָבען זיך פערצווייפעלט פער־טהיידיגט, אָבער האָבען אויך איבעראל פערלאָרען. טייכען אידישע בלוט זיינען דערביי פערגאָסען געוואָרען. דיא געפאנגענע פלעגט

מען צוהאקען אין שטיקער. דיא פּראכטפּאָלע אלקעסאנדריער סי־
נאגאָגע איז דאן אויך צושטערט געוואָרן.

ווען טורבאָ האָט איינגעשטילט דיא אידען אין מצרים און סי־
רענאיקא, האָט ער זיך א נעהם געטהאָן צו סיפּרוס. וואָס עס איז
דאן דאָרטען פּאָרגעקומען, וויים מען גאָר ניט. וואהרשיינליך איז
דאָרטען איין איד ניט לעבעדיג געבליבען, דען מען האָט נאכהער
ארויסגעלאָזען א געזעץ, אז קיין איד טאָר ניט צוקומען נאָהענט
צו דיא ברעגעס פון דעם אינזעל, אפילו אזעלכע, וואָס וועלען
צושווימען פון אונטערגעגאנגענע שיפען אין צייט פון א שטורם.
אזוי אונמענשליך איז מען געווען צו אידען.



# צווייטער קאפיטעל.

## אדריאַן'ס פערשפּרעך צו לאָזען בויען א בית המקדש.

טראיאנוס האָט דאָך ניט געקענט אויספיהרען זיין פּלאַן איינ־צונעהמען דיא לענדער פון דיא פּארטהען. ער האָט שליסליך גע־מוזט אָפּטרעטען פון בבל. פון ערגערנעס איז ער קראנק געוואָרן און אין עטליכע מאָנאט געשטאָרבען אין סיריען. זיין נאָכפאָלגער האָט געזאָלט זיין קוויעטוס, וועלכער האָט אונטערדריקט דעם אויפ־שטאנד פון אידען אין בבל און וועמען ער האָט נאכהער געשיקט, אלס בעלוינונג, נאָך פּאלעסטינא צו שטיקען און ווערגען דיא דאָרטיגע אידען. נאָר זיין ווייב פּלאָטינא האָט אויסגעפיהרט, אז אדריאן (אדריאנוס), איהרער א נאָהענטער קרוב, זאָל ערקלערט ווערן פון דער ארמעע פאר דעם קייזער.

דאָס איז געוועזען אין 117טען יאָהר נאָך דער קריסטליכער צייט־רעכענונג. קוויעטוס איז שוין דאן געוועזען אין ארץ ישראל, וואו דיא אידען האָבען זיך אָרגאניזירט צו א גרויסען אויפשטאנד. ווען דיא אידען וואָלטען אין אלע פּונקטען גלייכצייטיג ארויס מיט אלע זייערע קרעפטע געגען דיא רוימער און וואָלטען געוועזען שטארק פערבונדען, קען זיין, אז זיי וואָלטען געבראָכען דיא רוימישע אימ־פעריע, וועלכע האָט זיך אלץ מעהר געטרייסעלט. נאָר נאכדעם, וויא טורבאָ האָט זיי אונטערדריקט אין אפריקא און קוויעטוס אין בבל, האָבען זיי שוין גאנץ ווייניג געקענט אויפטהאָן אין פּאלעסטינא. וועגען דיא אונטערדריקונג פון דיזען אויפשטאנד ווייס מען אויך זעהר ווייניג. וואהרשיינליך, האָבען דיא אידען זעהר שמארק געלי־טען, וויא נאָר קוויעטוס איז אָנגעקומען, דען צו דער צייט האָט מען איינגעפיהרט נייע טרויער־טעג. מען האָט אויך גרינדע צו רעכענען, אז קוויעטוס האָט אונטערדריקט דעם סנהדרין פון יבנה.

עס איז שווער צו זאָגען, וויא פיעל צרות קוויעטוס וואָלט נאָך אָנגעמאכט דיא אידען, וועלכע ער האָט געוועלט איינפאך אויסראָטען אויף דעם בעפעהל פון טראיאנוס, ווען דער נייער קייזער וואָלט איהם אליין ניט געשיקט אויף יענער וועלט. אַדריאַן איז געווען א זעהר זאָנדערבארער מענש. ער האָט ניט געקענט רוהען און בלייבען אויף איין אָרט. ער האָט אויך ניט געקענט צושטעהן צו אירגענד וועלכע פילאָזאָפישע לעהרע; ער האָט זיך געסטארעט, אז מען זאָל איהם ניט נאָר פערעהרען אלס קייזער, זאָנדערן אויך בעטראכטען פאר א פילאָזאָף און א ליעבהאָבער פון קונסט. אָבער וואָס לענגער ער האָט געהערשט, אלץ טיראנישער איז ער געוואָרען. דיא אידען האָבען יעדענפאלס געליטען פון איהם מעהר צרות וויא פון אלע אנדערע רוימישע קייזערס צוזאמען.

אָנפאנגס האָט ער זיך ארויסגעצייגט זעהר פריינדליך צו אידען, אבער דאָס איז הפנים ניר געווען א דיפּלאָמאטישער שריט. וויא נאָך דער טויט פון טראיאנוס איז בעקאנט געוואָרען, האָבען פיעלע פעלקער זיך אויפגעהויבען אראָפּצושליידערן פון זיך דעם רוימישען יאָך. אין בבל און דיא לענדער ארום, וויא אויך אין עטליכע געגענדען פון קליין־אזיען און אין בריטאניען (ענגלאנד) האָט מען זיך בענוצט מיט דיעזער געלעגענהייט צו ווערען אונאבהענגיג. עס האָט אויסגעוויזען, אזוי וויא דיא גאנצע ריעזיגע געביידע פון דער רוימישער אימפּעריע וועט צופאלען ווערען אויף שטיקער. אונטער אזעלכע אומשטענדען האָט אדריאן געפינען, אז עס איז בעסער און זיכערער אָנצוגיין מיט גוטען און נאָכגעבען א ביסעל, איידער צו אונטערדריקען מיט מיליטערישע מאכט אזוי פיעל אויפשטאנדען מיט איין קלאפּ. ער האָט דאן געצייגט, אז ער איז א בעסערער פּאָליטיקער וויא א גענעראל און האָט דערמיט געררעטעט דיא אימפּעריע.

דיא פּערסען האָט ער גלייך בעוויליגט אלע זייערע פאָדערונגען. ער האָט געמוזט אנערקענען דיא אונאבהענגיגקייט פון דיא מלוכות אין דיא פּארטהאנער לענדער, ווייל ער האָט גוט געזעהען, דאָס ער איז ניט אין שטאנד זיי איינצונעהמען. ער האָט אויך בעוויליגט

פיעלע פאָרדערונגען אין אנדערע פּראָווינצען. וואָס אנבעלאנגט צו דיא אידען פון פאלעסטינא, האָט ער ניט נאָר פערשפּראָכען אראָפּ־צוזעטצען דעם גרויזאמען קוויעטוס, זאָנדערן אויך צו לאָזען אויפּ־בויען א נייעם בית המקדש. דאָס לעצטע איז נאטירליך געווען דיא הויפּטפאָרדערונג פון דיא אידען.

מיט דיזע פערשפּרעכונגען האָט אדריאן גלייך בערוהיגט אלע אידען. עס איז שווער צו זאָגען, אויב ער האָט אין דער צייט אויפּ־ריכטיג געדיינקט אויסצופיהרן זיין פערשפּרעך וועגען בית המקדש, נאָר זיכער איז עס, אז ער האָט זיך באלד אָבגעזאגט דערפון און האָט נאָך אויף דער ערגסטער ארט גענומען פערפאָלגען דיא אידען. זיין פערשפּרעך וועגען אראָפּזעצען דעם גובערנאטאָר קוויעטוס האָט ער אויף'ן אָרט אויסגעפיהרט, אָבער דאָס האָט ער געטאָן ניט אוים פריינדשאפט צו דיא אידען, זאָנדערן אוים האס צו זיין מעג־ליכען קאָנקורענט, צו א מאן, וועלכער איז געווען א געוויסע צייט טראיאנוס'עס יורש.

נאָך אידישע בעריכטען, האָט קוויעטוס געקראָגען אדריאן'ס בעפעהל צו פערלאָזען פאלעסטינע גראדע אין דעם טאָג, וויא דיא אָנפיהרערס פון דעם אויפשטאנד, פאפוס און יוליאנוס, זיינען געפיהרט געוואָרען צום עשאפאָט. יעדענפאלס האָט מען דעם טאָג פון דער בעפרייאונג פון דיזע צוויי פיהרערס געפייערט מיט גרוים שמחה. דאָס איז געווען דעם 12טען אדר (מערץ 118), און דיזער יום טוב האָט געטראָגען דעם נאָמען „יום טראיאנוס". א קורצע צייט נאָכדעם האָבען דיא אידען געהאט דיא צופרידענהייט, דאָס קוויעטוס איז הינגעריכטעט געוואָרען אויף אדריאן'ס בעפעהל.

אבער זייערע האָפנונגען אויף דער אויפבויאונג פון בית המקדש זיינען געבליבען א זיסער טרוים. זיי האָבען זיך אומזיסט געפרעהט, דאָס איידער עס וועלען פאָראיבער 50 יאהר נאָך דעם צווייטען חורבן, וועט מען אָנפאנגען צו בויען א נייעם בית המקדש, דען וויא נאָר אדריאן האָט זיך גענומען פיהלען פעסטער אויף זיין טהראָן, האָט א דרעה געטאָן דאָס רעדעל צוריק. גלייך אָפּזאָגען זיך פון זיין פערשפּרעכען האָט איהם ניט געפּאסט, נאָר ער האָט אלץ

אָבגעלייגט. איינמאָל, ווען דיא אידען זיינען שטארק צוגעשטאנען צו איהם, האָט ער געגעבען צו פערשטעהן, דאָס ער וויל, אז דער בית המקדש זאָל ניט געבויט ווערען אויף דעם פריהערען אָרט. א׳ן אנדערס מאָל האָט ער ערקלערט, אז דער נייער בית המקדש דארף זיין קלענער וויא דער אלטער.

אזוי זיינען פאַראיבער צעהן יאהר. דיא אידען האָבען גאנץ גוט פערשטאנען, אז אדריאן זוכט נאָר תירוצים זיך ארויסצודרעהען און זיי אָפּצונארען. נאָך איין בעריכט האָבען דיא סאמאריטאנער (שמרונים) אונטערגעהעצט דעם קייזער ניט נאָכצוגעבען דעם פערלאנג פון דיא אידען. זיי האָבען איהם ערקלערט, אז וויא נאָר דיא אידען וועלען האָבען א בית המקדש, וועלען זיי גלייך אנפאנגען א׳ן אויפשטאנד צו געווינען אונאבהענגיגקייט. אבער אדריאן זעלבסט האָט גוט געוואוסט, דאָס דער בית המקדש איז פאר דיא אידען ניט נאָר א רעליגיעזער טעמפעל, זאָנדערן אויך א פאָליטישע קראפט, דארום האָט ער בעשלאָסען ניט צו האַלטען זיין פערשפּרעכען.

א גרויסער טהייל פון דיא אידען אין פּאלעסטינא איז אזוי אויפגערעגט געוואָרען דורך דיא דריידלעך פון דעם קייזער, דאָס זיי האָבען גלייך געוואָלט מאכען א׳ן אויפשטאנד. א סך האָבען זיך בעוואפענט און האָבען זיך צוזאמענגעקליבען אויף א פעלד לעבען רמון און זיי וואָלטען וואהרשיינליך אָנגעפאנגען א נייעם קאמפף געגען רוים, ווען דער תנאי יהושע, וועלכער איז צו דער צייט געווען דער ראש הסנהדרין, וואָלט ניט מיט נאָך אנדערע וויכטיגע מיטגליעדער פון דער פרידענס־פּארטיי זיי אָבגעהאלטען פון אזא געפעהרליכען שריט.

אין 130טען יאהר האָט אדריאן, וועלכער האָט ארומגערייזט צו זעהען אלע פּראָווינצען פון זיין ריעזיגע אימפעריע און צו בעפרידיגען זיין נייגיעריגקייט און ליעבע צו ענדערונגען און נייע סצענען, אויך בעזוכט פּאלעסטינע. ער האָט אויפגענומען פערטרעטער פון רוימער, גריכען, אידען, קריסטען, שמרונים און אנדערע פעלקער, וועלכע האָבען דאָרטען געלעבט, און האָט אויסגעהערט

זייערע מיינונגען. אלע פעלקער האָבען זיך געבוקט צו איהם אזוי וויא זיי וואָלטען איהם געהאלטען פאר א גאָט. זיי האָבען אויך געבעטען, ער זאָל ניט נאָכגעבען דעם פערלאנג פון דיא אידען.

וויא דיא אידען האָבען איהם אויפגענומען, ווייס מען ניט, וואהרשיינליך, ניט פריינדליך, דען זיי האָבען איהם נאטירליך ניט געקענט פערגעבען, דאָס ער האָט ניט געהאלטען זיין וואָרט. ער פון זיין זייט האָט אָפען ארויסגעצייגט זיין פיינדשאפט צו זיי, דען עס האָט איהם געערגערט, וואָס ער איז פריהער געצוואונגען געוועזען זיך צו בויגען פאר זיי. ער האָט זיך געזעהען מיט אייניגע אידישע פערטרעטער, ספּעציעל מיט דעם תנאי יהושע, וועלכער איז געוועזען געאכטעט פון גאנצען פאָלק און האָט אָנגווענדעט זיין גאנצען איינפלוס אבצוהאלטען זיינע ברידער פון א'ן אויפשטאנד. נאָר ווענען זיינע געשפרעכען מיט דיא אידישע פערטרעטער ווייס מען גאָר ניט, אויסער לעגענדען.

דער רעזולטאט פון אדריאן'ס רייזען איבער פאלעסטינע איז יעדענפאלס געוועזען, אז ער האָט געלאָזט וויסען דעם סענאט אין רוים, דאָס דיא אידען זיינען פריעדליך און דאָס מען דארף גאָר ניט מורא האָבען פאר זייערן א'ן אויפשטאנד. צו דער צייט האָט ער זיך איינגערעדט, אז ער וועט קענען אויסגלייכען אלע פעלקער און גלויבענס און זיי צוזאמענשמעלצען מיט דיא רוימער. ער האָט זיך הפנים גערעכענט פאר א גאָט, וועו ער האָט געקענט טרוימען, דאָס דיא אידען און אויך דיא קריסטען וועלען קענען לעבען פריינדליך מיט דיא געצענדיענערס און דאָס דיא אידען וועלען אין גאנצען פערגעסען, וואָס זיי האָבען אויסגעליטען פון דיא רוימער.

אין דער ווירקליכקייט האָבען דיא אידען נאָר געווארט אויף א געלעגענהייט אָנצופאנגען א נייעם אויפשטאנד. זאָ לאנג אדריאן איז פערבליבען אין סיריען (ארום 131טען יאָהר), האָבען דיא פיהרערס פון דער קריעגס־פארטיי זיך צוריקגעהאלטען; נאָר וויא ער איז אוועק נאָך מצרים, האָבען זיי געמאכט אלץ גרעסערע פאָר־בערייטונגען צו דעם קאמפף. ער האָט זיי אליין געטריעבען דערצו מיט זיין משוגע'נעם פּלאן אויפצובויען א געצענדיענערשע שטאדט

אויף דעם פּלאַץ פון ירושלים. גראַדע ווען ער איז אָפּגעפאָהרען פון אלעקסאנדריא, האָט מען אָנגעפאנגען אָפּצוראמען דיא חורבות פון אמאָליגען ירושלים, אום דאָרט צו בויען א שטאדט נאָך א גריכישען מוסטער.

אדריאן האָט געמיינט, אז דערמיט וועט ער מאכען א גוטען אָנפאנג צו פערבינדען אלע פעלקער אין דער רוימישער אימפּעריע, אבער ער האָט נאָר נאטירליך אויפגעבראכט אלע אידען. אדריאן'ס פּלאן האָבען זיי בעטראכטעט אלס א פערזוך צו שענדען זייער רעליגיאָן און זייער הייליגע שטאדט.

אום אויסצומיידען אן אויפשטאנד, האָט די פריעדליכע פּארטיי געשיקט דעם אלטען תנאי יהושע נאָך מצרים בעטען דעם קייזער ער זאָל זיך אָבזאָגען פון זיין פּלאן אומצו־וואנדלען ירושלים אין א געצענדיענערשע שטאדט. אבער אדריאן האָט זיך אויסגעלאכט פון דיא אידישע און קריסטליכע רעליגיאָנען און האָט זיך איינגעשפּארט, אז ניט אנדערש ער מוז צייגען זיין מאכט אפילו איבער דיא גלויבענס פון זיינע אונטערטהאנען. דער תנאי האָט אומזיסט געבעטען. ער האָט זיך צוריקגעקעהרט א געבראָכענער, און פון הארצוועהטאָג איז ער באלד געשטאָרבען.

נאָך יהושע'ס טויט האָבען דיא אויבער־האנד געקראָגען דיא פיהרערס פון דער קריעגס־פּארטיי. דיא אויפרעגונג געגען דעם קייזער און געגען דער רומישער הערשאפט איז געוואָרען אלץ גרעסער, ביז עס האָט אויסגעבראָכען דער גרויסער אויפשטאנד, אין וועלכען דער מערקווירדיגער מענש, וואס איז בעריהמט געוואָרען אונטער דעם נאָמען בר־כוכבא, האָט געשפּיעלט דיא הויפּט־ראָלע.

# דריטער קאפיטעל.

## דער אָנפאנג פון בר־כוכבא׳ס אויפשטאנד.

װעניג קאפיטלעך אין דער אידישער געשיכטע זיינען אזוי דונקעל, וויא דער אויפשטאנד אונטער דער פיהרונג פון בר־כוכבא. דיא אורזאכען פון דיזען אויפשטאנד זיינען קלאָר, ווען מען נעהמט אין אנבעטראכט אלע פאסירונגען אין דיא זעכציג יאהר נאָך דעם צווייטען חורבן. מען קען זאָגען, אז דיא אידען זיינען דיזע צייט געוועזן אין א׳ן אָפענעם קאמפף מיט דיא רוימער און האָבען איין מינוט ניט אויפגעגעבען דיא האָפנונג ערלייזט צו ווערען פון דעם אונערטרעגליכען יאָך. מיר האָבען אויבען געזעהן, וויא ווייט דיא אידען האָבען אין אלע טהיילען פון דער רוימישער אימפעריע געקעמפפט פאר זייער גלויבען און נאציאָנאלע אונאבהענגיגקייט; מיר האָבען אויך געזעהען, אז ווען זיי וואָלטען געוועזן בעסער אָרגאניזירט און פערבונדען אין דער צייט, ווען טראיאנוס האָט געוואָלט ווערען א צווייטער אלכסנדר מוקדון, וואָלט זיי פיעלייכט געלונגען צו ברעכען דיא מאכט פון דיזער אימפעריע וועניגסטענס אין אזיען.

נאָר נאָך אזא ריעזיגע אָנשטרענגונג האָבען שוין דיא צוזייעטע אידען מעהר גאָר ניט געקענט מאכען. עס איז זאָגאר א וואונדער, וויא אזוי זיי האָבען געקענט פיהרען אזא לאנגען קאמפף מיט דיא רוימישע לעגיאָנען אין מצרים. נאָך דיא אונטערדריקונג פון דיא אויפשטאנדען אין בבל, מצרים, כירענאיקא און סיפרוס זיינען דאָרטען דיא אידען אזוי אָבגעשוואכט געוואָרען, דאָס זיי האָבען שוין ניט געקענט העלפען זייערע ברידער אין זייער פאטערלאנד. פאלעסטינע האָט זיך געמוזט פערלאָזען אויף איהרע אייגענע קרעפטע.

וויא גרויס זיינען געוועזן דיזע קרעפטע, ווען אדריאן האָט ניט נאָר געבראָכען זיין וואָרט, זאָנדערן האָט זיך נאָך אויסגעלאכט פון דיא אידען, ווען יהושע האָט איהם געבעטען רחמים ניט צו שענדען דיא חורבות פון דער הייליגער שטאדט? דאָס קען מען ניט וויסען. מיר האָבען קיינע געשיכטליכע בעריכטען וועגען דיא גרויסקייט פון דיא שטעדט און וועגען דיא צאָהלען פון זייערע איינוואָהנער אין פאלעסטינע. נאָך חורבן ירושלים און דיא אויסשלאכטונגען פון געפאנגענע האָבען ניט פיעל אידען געקענט פערבלייבען אין ארץ ישראל; אבער דאָך זיינען שוין געוועזן גרויסע אידישע שטעדט אין אדריאן'ס צייט. האָבען זיי זיך אזוי שנעל פערמעהרט אָדער זיינען צוגעקומען אידען פון אנדערע ערטער? וועגען דעם האָבען מיר וויעדער קיינע ריכטיגע בעריכטען. אזוי וויא אדריאן האָט געמוזט שיקען זיין בעסטען גענעראל מיט א'ן ארמעע פון א 100,000 סאָל־דאטען צו אונטערדריקען דעם אויפשטאנד אונטער בר־כוכבא'ס פיהרונג, זאָ מוז מען אָננעהמען אז דיא אידישע בעפעלקערונג איז דאן געוועזן א ציעמליך גרויסע. דער צענטער פון דיזער בעפעלקע־רונג איז געוועזן אין גאלילעא (גליל). הפנים דיא שטעדט, וואָס האָבען זיך בעצייטענס אונטערגעגעבען אין דער צייט פון אספסינוס און טיטוס, האָבען געקענט וואקסען אָהן בעזונדערע שטערונגען.

דיא בעסטע און זיכערסטע קוועלען וועגען דיזען אויפשטאנד געפינט מען אין דיא בעשרייבונגען פון דעם גריכישען היסטאָריקער דיאָ קאסיום. ער בעהויפטעט, אז בר־כוכבא האָט צוזאמענגעקלי־בען ביז א האלבען מיליאָן סאָלדאטען און ביי דער אונטערדריקונג פון דעם אויפשטאנד זיינען געפאלען א האלבער מיליאָן אידען, ניט רעכנענדיג דיא יעניגע וואָס זיינען געשטאָרבען פון הונגער.

וויא אזוי דער אויפשטאנד האָט זיך אָנגעפאנגען און וויא בר־כוכבא איז געוואָרען דער אנפיהרער, דאָס קען מען זיך יעצט פאָר־שטעלען, ווען מען פאָרשט נאָך דיא לעגענדען און נסים־געשיכטען וועגען זיין פערזאָן און דיא עטליכע היסטאָרישע פאקטען וועגען דעם קאמפף מיט דיא רוימער.

דער ריכטיגער נאָמען פון דיזען זאָנדערבארען קריעגס־פיהרער,

וועלכער האָט אויך געשפּיעלט דיא ראָלע פון א משיח, איז געווען בר־כוזיבא, ווייל ער איז געבאָרען געוואָרען, רעכענט מען, אין דער שטאדט כוזיבא. ווען ער איז געבאָרען געוואָרען, ווער זיינע עלטערן זיינען געווען, וואָס ער האָט געטאָן ביז ער איז פּלוצלונג געוואָרען דער פערגעטערטער פיהרער פון אידישען פאָלק — דאָס בלייבט אין גאנצען אונבעקאנט. מען האָט בעהויפּטעט אז ער שטאמט פון דוד המלך; נאָר דאָס האָט מען הפנים געטאָן, אום צו קענען איהם ערקלערען פאר א משיח בן דוד. דיא רוימער האָבען זיך נאטירליך גאָר ניט געקימערט וועגען דעם, און דיא איבערגעבליבענע אידישע בעריכטען זיינען פול מיט נסים און לעגענדעס.

מען רעכענט, אז דעם נאָמען „בר־כוכבא“, וואָס עס בעדייטעט דער „שטערן־זוהן“, האָט ער געקראָגען פון רבי עקיבא, וועלכער איז געווען א הייסער פאטריאָט און האָט געשפּיעלט א וויכטיגע ראָלע אין דעם אויפשטאנד. דיזער תנאי איז גאָר ניט געראָטען געווען אין רבי יהושע, וועמעס אָרט ער האָט פערנומען אין סנהדרין. ער איז ניט נאָר געווען אייינער פון דיא גרעסטע תנאים, זאָנדערן אויך א פייערדיגער פאטריאָט און א מוטהיגער מאן. דיא רוימער האָט ער געהאסט מיט זיין גאנצען הארצען און האָט אויפגעמונטערט דיא אידען צום קאמפף. פאר זיין פאטריאָטיזמוס האָט ער אויך בע־צאָהלט מיט זיין לעבען.

מען מוז אָננעהמען, אז רבי עקיבא איז ניט נאָר געווען דיא נשמה פון דעם אויפשטאנד, זאָנדערן ער האָט אויך געשאפען דיא שטארקע האנד, וועלכע האָט דערלאנגט שטארקע קלעפּ דיא רוימישע לעגיאָנען. נאָך איידער בר־כוכבא איז ארויסגעטראָטען אלס א קריעגספיהרער, האָט רבי עקיבא שטילערהייד אָרגאניזירט דעם אויפשטאנד. אין דער צייט, וואָס אדריאן האָט פערבראכט אין מצרים, גלויבענדיג, אז דיא אידען וועלען ישוין ניט וואגען אָנצופאנגען א קאמפף מיט זיינע לעגיאָנען, האָט מען אין פאלעסטינע שטילערהייד פאבריצירט געוועהר און אויסגעגראָבען געהיימע הייהלען און דורכגענגע אין די בערג, אום צו קענען בעסער אטאקירען דיא רוימער. דער רוימישער גובערנאטאָר רופוס האָט

אָנגעהאלטען א כך שפּיאָנען, אבער דיא פאָרבערייטונגען צום אויפ־שטאנד זיינען אזוי געהיים געמאכט געוואָרען, דאָס ער האָט איינ־פאך דעם קאָפּ פערלאָרען און אדריאן איז א צוציטערטער געוואָרען, ווען בר־כוכבא איז ארויסגעטראָטען מיט א גרויסע ארמעע.

ווען און וויא אזוי רבי עקיבא און בר־כוכבא האָבען זיך צוזאמענגעטראָפען, וויים מען ניט, נאָר עס קען קיין צווייפעל ניט זיין, אז דער פיזיישער ריעז האָט געמאכט א גרויסען איינדרוק אויף דעם גייסטיגען ריעז. בר־כוכבא איז געוועזן יונג, מוטהיג און שטארק געבויט. וועגען זיין גבורה דערצעהלט מען וואונדער. זיינע פעהיגקייטען אלס קריעגספיהרער האָט ער ניט איין מאָל בעוויזען אין שלאכטען מיט דיא רוימער. מען קען זאגען, אז אזא קאָמאנדיר האָבען דיא אידען ניט געהאט זייט דיא חשמונאים. אין דיזער בעציהונג האָט רבי עקיבא זיך ניט גענארט, ווען ער האָט איהם אויסגעקליבען פאר דעם אָנפיהרער.

דיא וואונדערליכע געשיכטען, מיט וועלכע בר־כוכבא'ס נאָמען איז פערבונדען געוואָרען, צייגען, אז ער איז ניט געוועזן א גע־וועהנליכער מענש און אז מען האָט איהם גלייך גענומען פער־געטערן פאר זיינע מיליטערישע פעהיגקייטען און פאטריאָטישע בעגייסטערונג. ער איז וויא געשאפען געוואָרען צו פיהרען דיא אידען געגען דיא רוימער. דער גלויבען, אז ער איז א משיח, איז וואהרשיינליך איינגעפלאנצט געוואָרען פון רבי עקיבא, וועלכער האָט איהם בעוואונדערט און האָט עס אָפען ארויסגעצייגט ביי יעדער געלעגענהייט, אום אלע פאטריאָטען זאָלען איהם אנערקענען פאר זייער בעשערטען פיהרער און איהם פאָלגען. אָהן דיא מאָראלישע שטיצע פון רבי עקיבא וואָלט בר־כוכבא וואהרשיינליך ניט געקענט שפּיעלען אזא גרויסע ראָלע און אנערקענט ווערען פאר א משיח און קעניג.

דיזער אויפשטאנד האָט זיך אָנגעפאנגען אזוי ערפאָלגרייך, אז מען האָט ווירקליך געקענט מיינען, דאָס ענדליך וועט מען ברעכען דיא מאכט פון דיא רוימער און געווינען אונאבהענגיגקייט. דיא בעגייסטערונג איז געוועזן גרויס אין אלע ווינקעלאך פון ארץ

ישראל. פון אלע זייטען זיינען געקומען קעמפפערס אונטער דער משיח־פאהן פון בר־כוכבא. אפילו דיא שמרונים זיינען דיזעס מאל צוגעשטאנען צו דיא אידען, דען זיי האבען אויך זעהר געליטען אונטער דעם רוימישען יאך. דיא אטאקע איז געוועזן אזוי שטארק און גוט געפיהרט, דאס דער רוימישער גובערנאטאר טיניוס רופוס האט געמוזט צוריקטרעטען אליץ ווייטער צו דיא פארט־שטעדט לעבען מיטעל־מעער. אין פערלויף פון איין יאהר, ספעציעל אין אנפאנג פון 133טען יאהר, האט רופוס פערלארען איין פעסטונג נאך דער אנדערער. ביז 50 בעפעסטיגטע ערטער און 985 שטעדט און דערפער זיינען געבליעבען אונטער דער הערשאפט פון בר־כוכבא. אין דער צייט איז וואהרשיינליך קיין איינציגער רומישער סאלדאט ניט פערבליעבען אין ארץ יהודה, גליל און שמרון.

פון דעם נארד־טהייל פון גליל, ספעציעל אין דער אומגעגענד פון רמון, וואו דער אויפשטאנד האט זיך אנגעפאנגען, האט בר־כוכבא אליץ ווייטער געיאגט דיא רוימער און איז אין עטליכע מאנאט געווארען דער הערשער, קען מען זאגען, פון גאנץ ארץ ישראל. אויך ירושלים איז פערנומען געווארען פון בר־כוכבא'ס מחנות, און דיא בעגייסטערטע קעמפפערס האבען זיך שוין געקליבען צו בויען א בית המקדש. יעדענפאלס האבען זיי דאן גערעכענט, אז זיי וועלען באלד קענען אויספיהרען זייער טרוים וויעדער אויפצו־בויען דיא הייליגע שטאדט. עס איז איבעריג צו זאגען, אז אלע סמנים פון גריכיש־רוימישען געצענדיענסט זיינען דארט צושטערט געווארען.

אום צו צייגען פאר דיא גאנצע וועלט, אז דיא אידען האבען וויעדער געגרינדעט א'ן אייגענע מלוכה, האט בר־כוכבא געהייסען ארויסלאזען אידישע מטבעות, וועלכע מען האט גערופען געוועהנליך מיט זיין נאמען און פון וועלכע אייניגע זיינען נאך ביז'ן היינטיגען טאג פערבליעבען אין מוזעאומען.

# פיערטער קאפיטעל.

## דיא אונטערדריקונג פון דעם אויפשטאנד.

ווען אדריאן האָט ערהאלטען דיא ערשטע נאכריכטען וועגען דעם אויפשטאנד אין פאלעסטינע, האָט ער זיך וועניג געקימערט. ער האָט געגלויבט, אז דיא רוימישע סאָלדאטען וועלען לייכט ביי־קומען דיא אידען. מיר ווייסען שוין, אז ער האָט זיך איבערהויפט איינגערעדט, דאָס דיא אידען וועלען מעהר ניט מאכען א'ן אויפ־שטאנד. נאָר ווען ער האָט געקראָגען בעריכטען וועגען דיא נידער־לאגעס פון זיינע לעגיאָנען און וועגען דיא ביטערע לאגע, אין וועל־כער זיין גובערנאטאָר האָט זיך דאן געפונען, האָט ער זיך זעהר דערשראָקען און גענומען האסטיג שיקען פערשטערקונגען.

אבער בר־כוכבא האָט זיי אויך געשלאָגען. זיין שטערן האָט דאן אזוי געגלאנצט, דאָס עס איז קיין וואונדער, וואָס דיא אידען האָבען איהם געהאלטען פאר א משיח און יעדענפאלס פאר א געט־ליכען מאן, וואָס איז געשיקט געוואָרען זיי צו ערלייזען פון רוימישען יאָך. צוויי יאהר האָט בר־כוכבא געהערשט ווירקליך וויא א'ן אונ־אבהענגיגער קעניג. אויף יעדען פונקט האָט ער געזיעגט. פיעלע בעריהמטע רוימישע גענעראלען, וועלכע אדריאן האָט ארויסגעשיקט נאָך פאלעסטינע, האָבען פערלאָרען זייער רעפוטאציאָן אין שלאכ־טען מיט דער אידישער ארמעע אונטער דער קאָמאנדאָ פון בר־כוכבא.

אדריאן איז דאן אזוי פערצווייפעלט געוואָרען, אז ער האָט גערופען צו הילפע דעם גענעראל סעווערוס, וועלכער האָט דאן געהאט צו אונטערדריקען דעם אויפשטאנד פון דיא מוטהיגע און קריגערישע איינוואָהנער פון בריטאניא (ענגלאנד). דיזער סעווערוס איז גערעכענט געווען פאר דעם בעסטען גענעראל אזוי וויא

אספּסינוס אין זיין צייט, און ער האָט אויך באלד בעוויזען, אז מען האָט אין איהם קיין טעות געהאט. ווען ער איז אָנגעקומען אין פּאלעסטינע און האָט בעטראכט דיא לאגע, האָט ער בעשלאָסען ניט צו שטעלען אלעס אויף איין קאָרט און אויסצומיידען א'ן אָפּענע שלאכט מיט בר־כוכבא'ס ארמעע, ביז ער וועט ניט איינ־געהמען עטליכע פעסטונגען. אין אלגעמיין האָט ער געהאנדעלט אזוי וויא אספּסינוס מיט קנאפּע 70 יאהר צוריק, ווען ער האָט מאר־שירט דורך גליל.

דיא שטארקסטע אידישע פעסטונגען האָבען זיך געפונען אין דער געגענד צווישען עכו און ביתר, לעבען דיא ברעגעס פון מיטעל־מעער און דעם ירדן, מייסטענס אין דיא בערג לעבען דיא אָזערע פון גליל (ים כנרת). דיא שטעדט קאבול, סיכין און מאגדאלא זיינען געווען אזוי שטארק בעפעסטיגט, אז סעווערוס האָט לאנג געמוזט אָנשטרענגען אלע זיינע קרעפטע ביז ער האָט זיי איינ־גענומען. דיזע דריי שטעדט האָבען געבילדעט דיא ערשטע רייהע פון דיא פעסטונגען, וועלכע בר־כוכבא האָט פערזאָרגט מיט אזוי פיעל בעשיצונגס־מיטעל וויא פיעל ער האט נאָר געקענט. אין דיזער געדיכט־בעפעלקערטער געגענד איז נאָר איין שטאדט געוועזען שטילערהייד געגען דעם אויפשטאנד. דאָס איז געוועזען סעפּפאָרים (צפּוריה), וועלכע האָט זיך אויך שנעל אונטערגעגעבען צו דיא רוימער אין דער צייט פון אספּסינוס. אויסער דיזע ליניע פון פעסטונגען, האָט נאָך בר־כוכבא אויפגעבויט א'ן אנדערע, וועלכע האָט זיך געצויגען אין אונטערשטען טהייל פון גליל, אבער מען וויים ניט אויף ריכטיג זייערע נעמען.

יוליוס סעווערוס האָט זיך אריינגעריסען אין ארץ ישראל דורך גליל אזוי וויא אספּסינוס און טיטוס. ער האָט צוזאמענגעקליבען זיינע לעגיאָנען אין סיריען און פעניקיען און האָט מארשירט אויף דיא ערשטע רייהע פעסטינגען פון גליל. ער האָט זיך ניט געאיילט זי אטאקירען און האָט איבערהויפּט אויסגעמיידעט זיך צוזאמענ־צוטרעפען מיט א שטארקע ארמעע אונטער בר־כוכבא'ס קאָמאנדע, ווייל ער האט זעהר מירא געהאט טאָמער וועט איהם ניט געלינגען

צו זיגען. זיין רעכנונג איז געווען ביסלעכווייז אויסצומאטערען די אידישע קרעפטע און זיי צוטהיילען וויא ווייט נאָר מעגליך. בעזאָנדערס האָט ער געהאָפט, אז די אידען וועלען בלייבען אָהן לעבענסמיטעל, ווען די מלחמה וועט זיך ציהען לענגער, דען די פעלדער וועלען בלייבען אונבעארבייטעט, וויא באלד די אקער־בויער וועלען מוזען בלייבען אין די פעסטונגען. ער האָט געוואוסט, אז די אידען וועלען ניט קענען קריעגען שפייז פון די לענדער ארום אפילו פאר א סך געלט, און פיעל געלט האָבען זיי איבערהויפּט ניט געהאט. ארץ ישראל איז דאן געווען א לאנד פון אקער־בוי, און ווי באלד מען האָט א יאָהר ניט געקענט פערזייהען גענוג, האָט מען טאקי געהאט ווייניג שפייז. ווייטער פלעגט סעווערוס ארויסשיקען זיין קאוואלעריע צו אטאקירען איינצעלנע אבטהיילונגען פון אידישע סאָלדאטען און אויך דערפער. די אידען האָבען, קען מען זאגען, גאָר קיין קאוואלעריע ניט געהאט און האָבען דורך דעם זעהר פיעל געליטען.

דיזער קאמפף איז געווען אזא שרעקליכער וויא אין די צייטען פון אספּסינוס און טיטוס, אבער ליידער האָט זיך ניט געפונען א יאָזעפוס פלאוויוס וואָס זאָל בעשרייבען די איינצעל־הייטען און איבערגעבען די העלדענטהאטען פון די נייע קעמפפערס פאר נאציאָנאלע אונאבהענגיגקייט. מיר ווייסען אפילו ניט די נעמען פון די העלדען, וועלכע האָבען זיך אויפגעאָפּפערט צו פערטהיידיגען די פעסטונגען, וועלכע זיינען ביסלעכווייז ארייג־געפאלען אין די הענד פון די רוימער. פון די אידישע לעגענ־דען ,וועלכע זיינען פערצייכענט געוואָרן, קען מען שליסען, אז דיזער נייער דור פון ענטהוזיאסטישע פאטריאָטען האָט פרגאָסען מיט בלוט יעדען שריט פון די רוימישע לעגיאָנען. דיזע לעגענדען דערצעהלען, אז א'ן ארמעע פון 100,000 מאן אונטער דער קאָמאנדע פון סעווערוס האָט איינעגנומען די פעסטונג טור־שמעון (וואהר־שיינליך איינע פון די פעסטונגען וועלכע שמעון, איינער פון די ברידער־השמונאים, האָט אויפגעבויט) און האָט דריי טעג און דריי נעכט געשלאָגען די איינוואָהנער.

דיא ערשטע פעסטונג, וועלכע פעזוערוס האָט איינגענומען, איז וואהרשיינליך געוועזן קאבול, ניט ווייט פון דער פעסטונג יאָטאַ־פאטא, וועלכע האָט זיך בעריהמט געמאכט מיט איהר פערטהיידי־גונג געגען אספּסינוס און אין וועלכער יאָזעפוס פלאוויוס איז געפאנגען געוואָרען. דיא פעסטונג קאבול איז געלעגען אויף'ן וועג פון פעניקיען און פון עכו און איז געפאלען, לויט אידישע בעריכטען, דורך דיא אונאייניגקייט פון איהרע פערטהיידיגער. נאָך דיא זעלבע בעריכטען, איז דיא פעסטונג סיכין צושטערט געוואָרען דורך „כישוף" און דיא פעסטונג מאגדאלא לעבען ים כנרת איז אונטער־געגאנגען דורך דיא „גרויסע עבירות פון איהרע איינוואָהנער". נאטירליך, אזעלכע בעריכטען זאָגען אונז גאָר ניט אויסער דעם פאקט, אז אלע דריי פעסטונגען זיינען איינגענומען געוואָרען פון דיא רוימער.

דורך דעם איז יעדענפאלס געבראָכען געוואָרען דיא הויפט־מאכט פון דיא אידען. דער אויפשטאנד איז שוין געוועזן פערלאָרען גראדע ווי ווען אספּסינוס האָט צושטערט די פעסטונגען יאָטאפאטא און גיסכאלא. אין דעם טהאָל פון רמון, וואו גרויסע מחנות פאטריאָ־טען האָבען זיך פערזאמעלט, אום אָבצוהאלטען דעם מארש פון דיא רוימער, איז פאָרגעקומען דיא גרעסטע שלאכט, נאָר וועגען איהר וויים מען יעצט מעהר ניט וויא עטליכע לעגענדען. מיר האָבען קיינע היסטאָרישע בעריכטען וועגען דיא צאהלען קריעגערס און וועגען דיא געטויטעטע פון יידע זייטען. געזיעגט האָבען דיא רוימער. נאכדעם זיינען זיי צוגעקומען צו דער צווייטער רייהע פעסטונגען, וועלכע זיי האָבען שוין לייכטער און שנעלער איינגענומען.

ביסלעכווייז זיינען אלע 50 בעפעסטיגטע פלעצער אריינ־געפאלען אין רוימישע הענד. אין אלגעמיין, רעכענט מען, זיינען פאָרגעקומען איבער 50 שלאכטען צווישען דיא רוימער און דיא אידען. בר־כוכבא האָט אלץ געמוזט צוריקטרעטען צו ביתר, וועלכע איז דאן געוועזן דיא הויפטשטאדט פון ארץ ישראל און וועלכע האָט געהאט א זעהר גרויסע בעפעלקערונג, ווען מען זאָל זיך פערלאָזען אויף דיא לעגענדארישע בעריכטען. יעדענפאלס זיינען זיך דאָר־

טען צוזאמענגעקומען אלע פאטריאָטען, וועלכע האָבען זיך גערעטעט פון דיא רוימישע שווערדען. בר־כוכבא האָט זיך דאָרטען בעפעס־טיגט און בעשלאָסען צו פּרובירען זיין מזל, וועלכער האָט איהם פערלאָזען זייט סעווערוס האָט איבערגענומען דיא קאָמאנדע איבער דיא רוימישע לעגיאָנען.

אויף׳ן וועג נאָך ביתר האָבען דיא רוימער אלעם חרוב געמאכט. דיא פאטריאָטען, וועלכע האָבען געהאט דעם אונגליק אריינצופאלען אין זייערע הענד, זיינען אָהן ערבארמען אויסגעשלאכטעט געוואָרען. סעווערוס האָט אונטערדריקט דעם אויפשטאנד נאָך גרויזאמער וויא אספּסינוס און טיטוס. וואָס אנבעלאנגט צו בר־כוכבא, האָט ער ניט בעהאנדעלט גרויזאם דיא געפאנגענע רוימער.

וויא ווייט מען ווייס, איז ער איבערהויפּט ניט געווען א גרויזאמער מענש. בלויז דיא אידען, וועלכע האָבען זיך בעקעהרט צום קריסטענטהום, די אנטי־פאטריאָטישע אידיש־קריסטליכע סעקטאנטען, האָט ער ניט געשאנעוועט. אָבער ער האָט זיי נאָר פערפאָלגט דערפאר, וואָס זיי האָבען זיך ענטזאגט צו מאכען יד אחת מיט זייערע ברידער, וועלכע זיינען געבליעבען טריי דעם אלטען גלויבען. ער האָט זיי בעטראכטעט פאר פעררעטהער און האָט זיי אומגעבראכט, ווען זיי פלעגען זיך אָפּזאָגען צו קעמפּפען געגען דיא רוימער. נאָך דיא קריסטליכע בעריכטען האָט ער פערלאנגט פון דיא אידיש־קריסטליכע סעקטאנטען, אז זיי זאָלען זיך אָפּזאָגען צו אנערקענען יעזוס׳ן פאר א משיח. עס איז מעגליך, אז ער האָט אזוי געהאנדעלט, ווייל ער האָט אליין געשפּיעלט דיא ראָלע פון א משיח און איז יעדענפאלס געווען געגען א גלויבען, דאָס א משיח האָט זיך בעוויזען פאר איהם און איז געקרייציגט געוואָרען.

אָבער דיא בעריכטען, אז ער האָט פערלאנגט, דאָס דיא קריסטען זאָלען איהם אנערקענען פאר דעם ריכטיגען משיח, זיינען וואהרשיינליך פאלש. עס זיינען ניטאָ קיינע היסטאָרישע בעווייזע, אז בר כוכבא האָט פערפאָלגט דיא אידישע קריסטען, דיא מינים, אביונים און דיא אסיים בלויז פאר זייער גלויבען. ווען זיי וואָלטען צוגעשטאנען צו דיא אידען אין דיזען שרעקליכען און

לעצטען קאמפף געגען רוים, וואָלט מען זיי געוויס ניט געריהרט. זיי זיינען אָבער געשטאנען פון ווייטענס און האָבען גלייכגילטיג צוגעקוקט, וויא זייער פאָטערלאנד ווערט פערוויסטעט און וויא דיא בעסטע מענשען ווערען איסגעשלאכטעט. קיין וואונדער דארום, דאָס אלע אידישע פאטריאָטען האָבען זיי געהאסט און פערפאָלגט. מען רעכענט, אז פון דיזער צייט האָט זיך עס אָנגע־פאנגען דער ביטערער האס צווישען אידען און קריסטען, א האס. וועלכער האָט געפיהרט צו דער פערגיסונג פון טייכען בלוט אין דער וועלט. ביז דער צייט האָט מען אויף קריסטען געקוקט, וויא אויף אידישע סעקטאנטען און מען האָט נאָר געפיהרט שטריי־טען מיט'ן פעדער און מיט'ן צונג, אָבער אין דער צייט פון דיזען קאמפף פאר די אונאבהענגיגקייט פון ארץ ישראל האָט זיך אָפען בע־וויזען דער אָבגרונד צווישען אידען און קריסטען, און דיא אידען האָבען גענומען קוקען אויף זייערע קריסטליכע ברידער וויא אויף פעררעטהער.



# פינפטער קאפיטעל.

## דיא צערשטערונג פון ביתר און בר־כוכבא׳ס טויט.

מען רעכענט, אז ניט ווייניגער וויא אַנדערטהאלבען יאָהר האָט עס געדויערט ביז סעווערוס האָט געקענט צוקומען צו ביתר, דיא לעצטע און גרעסטע פעסטונג פון דיא פאטריאָטען, וועלכע האָבען זיך געצויגען אהין פון אלע זייטען אזוי וויא אונגעפעהר מיט 70 יאָהר צוריק נאָך ירושלים. דיא רוימער האָבען אלץ ענ־גער ארומגערינגעלט דיזען פלאַץ; אָבער ביז זיי האָבען איינגענו־מען און צושטערט ביתר, דיזע קרוין פון עמק השרון, איז פאַר־איבער א יאָהר.

נאָך אידישע נסים־בעריכטען איז ביתר געווען אזא גרויסע שטאָדט, אז דאָרטען האָבען זיך געפונען עטליכע הונדערט שולען און אז דיא תלמידים וואָלטען געקענט פערטריבען א גאנצע ארמעע מיט זייערע שרייב־שטעקעלעך. אויב אפילו א העלפט פון אזא צאָהל מענשען האָבען זיך דאָרטען געפונען אין דער צייט פון דער בעלאגערונג, איז אויך צו גלויבען, אז פערד האָבען געשוואומען אין בלוט און אז דער בלוטיגער שטראָם האָט זיך געטראָגען צום ים, מיטשלעפענדיג טויטע קערפערס, נאכדעם וויא דיא רוימער האָבען זיך אהין אריינגעריסען און האָבען אלעמען אויסגע־שלאכטעט.

דער אמת איז, אז אפילו וועגען דיא צערשטערונג פון ביתר האָבען מיר יעצט נאָר א פאָר ריכטיגע איינצעלהייטען. דיא קעמפפער האָבען זיך מוטהיג פערטהיידיגט און האָבען גע־קראָגען וואסער און שפייז דורך אונטער־אירדישע פערבינדונגען, זאָ דאָס דיא רוימער זיינען אויסגעמאטערט געוואָרען און סעווע־רוס האָט זיך זאָגאר געקליבען אָפּצוטרעטען. לויט נאָך אידישע און כאמאריטאנער בעריכטען האָט סעווערוס אויפגעגעבען דיא

בעלאגערונג, ווען דיא איינוואָהנער פון ביתר האָבען געצייגט, אז זיי האָבען ערהאלטען א סך שפייז. דער רוימישער גענעראל האָט זיך איבערצייגט, אז דיא אידען בעקומען פערשטערקונג און נאה־רונגס־מיטעל דורך א געהיימען וועג אונטער דער ערד. אזוי וויא ער האָט דיזען וועג ניט געקענט ענטדעקען, האָט ער הפנים זיך בערעכענט, אז עס איז גלייכער פאר איהם אָפצוטרעטען. נאָר אין דיזען מאָמענט זיינען דיא בעלאגערטע פערראטהען געוואָרען פון דיא שמרונים, וועלכע זיינען אנפאנגס צוגעשטאנען צום אויפ־שטאנד. דיזע פעררעטהער האָבען אָנגעצייגט דיא רוימער וויא אזוי מען קען אריין אין דער שטאָט דורך א הייל.

איין אידישע לעגענדע דערצעהלט, אז ביתר איז צושטערט געוואָרען, ווייל בר כוכבא האָט ערמאָרדעט זיין אָנקעל, דעם פער־עהרטען רבי אליעזר. דיזער רבי איז פון אָנפאנג אָן געווען געגען דעם אויפשטאנד. ער האָט ניט אויפגעהערט אָפצוריידען דיא אי־דען פון א נייעם קאמפף מיט רוים און האָט זיי פּאָראויסגעזאָגט א ביטערען סוף. ווען דער אויפשטאנד האָט אויסגעבראָכען, האָט ער געטרויערט און געקלאָגט. ווען ביתר איז בעלאגערט געוואָרען, איז ער געשטאנען וויא אין טרויער, בעשאָטען דעם קאָפּ מיט אש, און האָט געבעטען גאָט, אז וויינינגסטענס דיזע שטאָט זאָל גערע־טעט ווערען פון רוימישע הענד. פיעלע האָבען געגלויבט, אז דורך זיין זכות וועלען דיא רוימער ניט קענען איינגעהמען דיא שטאָט. דאָך שיינט עס צו זיין זיכער, אז דיזער צדיק איז ערמאָרדעט גע־וואָרען פון בר כוכבא.

וויא אזוי דאָס איז געשעהען, ווייס מען ניט אויף ריכטיג. איין מעשה דערצעהלט, אז רבי אליעזר האָט אין דער צייט פון דער בעלאגערונג געהאלטען א דרשה, אין וועלכער ער איז ארויס־געטראָטען געגען דיא פאטריאָטען און וואהרשיינליך אויך די־רעקט געגען בר כוכבא. ער זאָל האָבען ערקלערט, אז דער ווידער־שטאנד איז נוצלאָז אין אז מען וועט נור אומזיסט פערגיסען אי־דישע בלוט, ווען מען וועט זיך ניט אונטערגעבען.

דיזע דרשה האָט שרעקליך אויפגעבראכט ניט נאָר בר כוכבא'ן,

זאָנדערן אויך אלע פאטריאָטען. בר־כוכבא האָט גלייך צוזאמענגע־רופען זיינע אדיוטאנטען און די״א עלטסטע פון שטאָט, אום צו בעשטימען, וואָס מען זאָל טאָן מיט דעם רבי. מען דערצעהלט, אז בר־כוכבא האָט, זיצענדיג אויף דעם טהראָן אלס קעניג, געהאל־טען אזא רעדע:

„רבותי, איהר ווייסט גאנץ גוט, אז אלע אידען האָבען גע־שוואָרען אין גאָט'ס נאָמען צו קעמפפען געגען די״א רוימער ביז דעם לעצטען אָטהעם. יעדערער וואָס וועט ברעכען דיזע שבועה, פער־דינט דעם טויט. נון, רבי אליעזר האָט געהאלטען א דרשה אין סי־נאגאָגע און האָט געראטהען דעם פאָלק צו שליסען פריעדען מיט די״א רוימער און האָט א״יך פאָראויסגעזאָגט, אז זאָנסט וועט אונ־זער שטאָט צושטערט ווערן. דארום פאָרדער איך אייך אויף אָפּ־צוגעבען אן עהרליכען א״ין אונפארטייאישען פסק“.

די״א ריכטער האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. פון איין זייט האָבען זיי צוגעגעבען, אז רבי אליעזר פערדינט דעם טויט, ווייל ער האָט געפּרעדיגט פריעדען מיט די״א רוימער אין א צייט, ווען דער גאנצער ערפאָלג פון דעם אויפשטאנד העngt אָפּ פון איי־ניגקייט; פון דער אנדער זייט האָבען זיי געוואוסט, אז דער רבי איז א הייליגער מאן און זיינען געווען אונטער דעם איינפלוס פון דעם פערשפּרייטען אבערגלויבען, דאָס זאָ לאנג ער וועט בלייבען לעבען, וועט ביתר ניט אונטערגעהן, נאָר בר־כוכבא איז ארויס פון געדולד און אין א מינוט פון ווילדער אויפרעגונג האָט ער זיך א וואָרף געטאָן אויף רבי אליעזר און האָט איהם ארייןגעשטאָכען א שווערד אין הארץ.

נאָך אן אנדער מעשה איז רבי אליעזר געטויטעט געוואָרן פון בר־כוכבא דורך אן אינטריגע פון א סאמאריטאנער שפּיאָן. דיזער סאמאריטאנער האָט זיך צוגעג'גנב'עט צום רבי, ווען דער לעצטער איז געווען פערטיפט אין א תפילה וויא געוועהנליך, און האָט איהם עפּעס ארייןגעראמט א סוד, אום ארויפצוציהען א פערדאכט אויף איהם. אזוי וויא מען האָט געוואוסט, אז דער רבי איז געגען די״א מלחמה, האָט מען דעם סאמאריטאנער פערהאלטען און גע־

נומען פארנאנדערפרעגען, וואָס ער האָט איהם מיטגעטהיילט. ער האָט געגעבען אזא אנטוואָרט צו בר־כוכבא: „אויב איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, וועט מיין הערר מיך טויטען; אייב איך וועל האלטען דעם סוד, וועסטו מיך טויטען; אָבער איך וויל בעסער שטארבען פון דיין האנד וויא פון מיין הערר'ס". בר־כוכבא האָט ניט אנדערס גערעכענט, אז עס האנדעלט זיך עפּעס וועגען א פערד־רעטהערישע פערשווערונג, און ער איז אזוי א־ן כעס געוואָרן אויף רבי אליעזער, אז ער האָט איהם דערלאנגט א זעץ מיט'ן פוס, דאָס דער אלטער איז באלד אויסגעגאנגען. דאן, הייסט עס אין דער לע־גענדע, האָט זיך דערהערט א בת־קול: „דו האָסט פערקריפּעלט דיא האנד פון ישראל און איהם בלינד געמאכט, דארום וועלען דיינע הענד און אויגען פערלירען זייער קראפט".

מיט אזעלכע לעגענדען, וויא געזאָגט, איז פערבונדען דיא גאנצע לעבענס־געשיכטע פון בר־כוכבא און פון דער מלחמה, וועלכע ער האָט אָנגעפיהרט אונגעפעהר פיער יאָהר. אָבער ניט אלע זיינען זיי אפילו בעגרינדעט אויף ווירקליכע פּאסירונגען. דיא מעשה מיט רבי אליעזר האָט א גרונד אין דעם פאקט, דאָס ער איז אָפען ארויסגעטראָטען געגען דעם קאמפּף און דאָס ער איז דערפאר פעראורטהיילט געוואָרן צום טויט אלס א פערעטהער.

מען קען אויך אָננעהמען פאר א היסטאָרישען פאקט, דאָס ביתר איז פערראטהען געוואָרן פון איינעם אָדער עטליכע סא־מאריטאנער, וועלכע זיינען אונטערגעקויפט געוואָרן פון דיא רוימער, דען דיא געשיכטען פון דיא סאמאריטאנער בעשטעטי־גען עס. יעדענפאלס איז עס זעלבסט־פערשטענדליך, אז דיא רוי־מער האָבען אָנגעהאלטען שפּיאָנען אין ביתר און אז דורך דיזע שפּיאָנען האָבען זיי ענדליך אויסגעפונען דיא געהיימע וועגען אונ־טער דער ערד, דורך וועלכע זיי האָבען זיך ארייננעריסען אין דער שטאָט.

אָבער וויא אזוי דיא רוימער איז ניט געלונגען ארייננצורייסען זיך אין דער שטאָט, נאָר אן אויכשלאכטונג האָבען זיי געמאכט א שרעקליכע אפילו נאָך יענע בארבארישע צייטען. דיא אידען

האָבען געקעמפפט וויא לייבען און האָבען א פּאָר מאָל צוריקגע־
שטויסען דיא אטאקעס פון דיא רוימער, וועלכע זיינען אלץ צו־
ריקגעקומען אין גרעסערע צאָהלען, אָבער שליסליך האָבען זיי
ניט געקענט אויסהאלטען דעם אנגריף. עס האָבען זיך וואהרשיינ־
ליך ווידערהאָלט דיא זעלבע שוידערליכע סצענען וויא אין דער
צייט, ווען טיטוס'עס לעגיאָנען האָבען זיך אריינגעריסען אין
ירושלים; נאָר עס פעהלען אירגענד וועלכע היסטאָרישע בעריכ־
טען וועגען דעם. מען קען זיך פאָרשטעלען, אז דיא אידען האָבען
טהייער בעצאָהלט פאר זייער לעבען. אין דיא טייכען בלוט, וועל־
כע זיינען דאָרט פערגאָסען געוואָרען, זיינען אויך געווען גרויסע
שטראָמען פון רוימישע בלוט.

דער קאמפף אין דיא גאסען האָט געדויערט עטליכע טעג. יע־
דען פינקט האָבען דיא רוימער געמוזט שטורמען, און ביי יעדער
אטאקע זיינען פילע פון זיי געפאלען צוזאמען מיט דיא פערצווייי־
פעלטע פאטריאָטען. סעווערוס האָט אזוי פיעל סאָלדאטען פערלאָ־
רען, אז אדריאן האָט ניט געוואגט צו געברויכען אין זיין בעריכט
צום סענאט אין רוים דיא געוועהנליכע ווערטער: „איך און דיא
ארמעע זיינען וואָהל". דער סענאט האָט אויך ניט בעוויליגט דעם
קייזער א טריאומף־פראָצעסיאָן, דען דער זיעג האָט צו טהייער גע־
קאָסט. מען האָט נאָר ארויסגעלאָזען מעדאלען מיט א דאנק צו דער
ארמעע.

לויט גריכישע און אידישע בעריכטען האָבען זיך דיא רוימער
אריינגעריסען אין ביתר א געוויסען שבת, ווייל זיי האָבען צו גוט
געוואוסט, אז דיא אידען פלעגען אויסמיידען צו פיהרען שלאכטען
און צו געברויכען געוועהר אין דיזען טאָג. צוליעב שבת האָבען דיא
אידען ניט איין מאָל פערלאָרען וויכטיגע שלאכטען. זייערע
שונאים פלעגען געוועהנליך אויסקלייבען א שבת פאר זייערע אטא־
קעס. ווען ביתר איז צושטערט געוואָרען, ווייס מען ניט גענוי. נאָך
אידישע לעגענדען איז עס געראדע געשעהן תשעה באב, נאָר
וואהרשיינליך האָט מען דיזען טאָג אויסגעקליבען, ווייל ער איז
געווען געזעבענט פאר אן אונגליקליכען ביי אידען. מען האָט

הפּנים געוואָלט, אז אין דיזען טאָג זאָל מען טרויערן חורבן ביתר צוזאמען מיט חורבן ירושלים.

ווען און וויא אזוי בר־כוכבא איז געפאלען, איז אונבעקאנט וואהרשיינליך איז ער געטייטעט געוואָרען אין א שלאכט. א רוי־מיישער כאָלדאט האָט געבראכט זיין קאָפּ צו גענעראל סעווערוס און האָט זיך גערימט, אז ער האָט עס געטויטעט דעם אידישען העלד; אָבער ווען מען האָט בעטראכט זיין קערפּער האָט מען געפונען, אז ער איז גאָר געטויטעט געוואָרען פון א שלאנג. א לעגענדע דער־צעהלט, דאָס סעווערוס האָט דערביי בעמערקט: „ווען גאָט'ס האנד וואָלט איהם ניט געטויטעט, וואָלט קיין מענשליכע האנד איהם ניט געקענט בייקומען".

זיכער איז עס, אז בר־כוכבא האָט העלדיש געקעמפּפט ביז דער לעצטער מינוט און אז ער האָט ניט פערידענט דעם שימפּף־נאָ־מען בר־כוזיבא, וואָס מען האָט איהם געגעבען נאָך זיין נידער־לאגע און טויט. ער איז ניט געוועזען א „שטערן־זוהן", וויא אבער־גלייבישע מענשען האָבען איהם גערופען, ווען ער האָט בעזיעגט די רוימער, און ער איז ניט געוועזען א „זוהן פון ליגענס", ווען ער איז געשלאָגען געוואָרן. ווען איהם וואָלט געלונגען צו פעריאָגען דיא רוימער און אָנצוהאלטען דיא אונאבעהענגיגקייט פון ארץ ישראל, וואָלט מען איהם געווים פערעהרט נאָך מעהר וויא יהודה המכבי; אָבער ער איז בעזיעגט געוואָרען און — וועה צו דיא בעזיעגטע! ער איז ניט געוועזען דער ערשטער און דער לעצטער העלד, וועלכער האָט בעצאָהלט מיט זיין לעבען פאר זיין טרייהייט און ליעבע צו זיין פאָלק און וואָס איז נאָך דערפאר נאכהער פערלוימדעט און געשענדעט געוואָרן. עס איז ניט געוועזען זיין שולד, וואָס זיינע בעגייסטערטע נאָכפאָלגער האָבען איהם ער־קלערט פאר א משיח, ווייל זיי האָבען ניט געקענט גלויבען, דאָס א מענש זאָל קענען בעזיעגען רוימיישע ארמיען אָהן א געטליכע הילפע, און ער פערדיענט זיכער ניט דעם נאָמען „בר־כוזיבא", ווייל זיי האָבען זיך געגנארט אין זייערע איינבילדונגען.

# זעקסטער קאפּיטעל.

## אדריאַן'ס שרעקליכע גזרות און דיא אויפבויאונג פון א געצענדיענערשע שטאָט אין ירושלים.

נאָך דיא צערשטערונג פון ביתר איז דער אויפשטאנד נאַטירליך געווען צו ענדע. דיא הייסעסטע פּאטריאָטען האָבען פערלאָרען יעדע האָפנונג און האָבען נאָר געזוכט זיך צו רעטען פון רוימישע שווערדען. פיעלע פון דיא קעמפּפערס אין ביתר האָבען זיך הפנים גערעטעט דורך געהיימע וועגען אונטער דער ערד, דען דער קייזער אדריאן, וועלכער איז ארום דער צייט אליין געקומען נאָך ארץ ישראל, האָט אויסגעקליבען דריי סטראטעגישע פונקטען, וואו אבטהיילונגען פון דער רוימישער ארמעע פלעגען אויפפּאסען, אז פּאטריאָטען זאָלען ניט קענען זיך רעטען דורך א פליטה אין דיא ארומיגע לענדער. ווער עס פלעגט ארייןפאלען אין דיא הענד פון דיא רוימער סאָלדאטען, פלעגט גלייך געטויטעט ווערן.

אדריאן האָט איינפאך געוואָלט אויסראָטען אלע אידען, וועלכע זיינען נור געווען פעהיג צו טראָגען געוועהר. זיין האס צו דיא פּאטריאָטען איז געווען אזוי גרויס, אז ער האָט זיך ניט אָבגעשטעלט פאר דיא גרעבסטע געמיינהייטען אפילו נאָך דיא בארבארישע קריעגס־מנהגים פון יענער צייט. ער האָט נעמליך ארויסגעשיקט עסטאפעטען איבערן לאנד מיט א בשורה, אז די יעניגע, וואָס וועלען זיך פרייוויליג אונטערגעבען, וועלען בעגנאדיגט ווערן. א סך פּאטריאָטען האָבען זיך דאן בעהאלטען אין היילען און האָבען זיך ארומגעשלעפּט אין דיא פערוואָרפענסטע ווינקעלאך פון דיא בערג־געגענדען, וואַרטענדיג אויף א געלעגענהייט צו אנטלויפען. ווען זיי האָבען דערהערט, אז אדריאן וועט זיי שענקען דעם לע־

בען, אויב זיי וועלען זיך נאָר אליין אונטערגעבען, האָבען א טהייל פון זיי ביסלעכווייז פארלאָזען זייערע בעהאלטונגס־ערטער און זיך פערלאָזט אויף דיזען פערשפּרעך. אָבער מען האָט זיי שענדליך אָבגענארט. מען האָט זיי אלעמען אוועקגעשלעפּט נאָך רמון, וואו מען האָט זיי אויסגעשלאכטעט אונטער אדריאן׳ס אויגען.

דער גרעסטער טהייל פון גליל און פון דיא געגענדען ארום ביתר זיינען צושטערט און פערוויסטעט געוואָרן. דיא מענער זיינען אויסגעשלאכטעט געוואָרן, און דיא פרויען און קינדער האָט מען אוועקגעשלעפּט נאָך חברון און עזה, וואו מען האָט זיי פערקויפט אין שקלאווערייַ. אדריאן האָט אויך געלאָזט פיהלען זיין צאָרן דיא אידען, וועלכע האָבען געלעבט אין רוים און אין דיא פראָווינצען פון דער אימפּעריע. דיא ספּעציעלע טאקסע, וועלכע מען האָט אויף זיי ארויפגעלייגט נאָך חורבן ירושלים, איז יעצט פערגרעסערט געוואָרן און מען האָט איהר קאָלעקטירט פיעל שטרענגער. אויף יעדען טריט האָט מען דיא אידען געלאָזט פיהלען, אז זיי זיינען דיא בעזיעגטע און אז זיי מוזען ליידען. דיא קריסטען, וועלכע מען האָט דאן צוזאמענגעמישט מיט אידען, אָבוואָהל דיא מייסטע פון זיי האָבען עס שטארק געלייקענט און געזוכט צו בעווייזען, דאָס זיי זיינען אליין פיינדע פון אידישען פאָלק און ספּעציעל פון אידישען גלויבען, האָבען אויך פיעל געליטען פון אדריאן׳ס צאָרן.

וויא פיעל אידען עס זיינען פערבליבען נאָך דער שוידערליכער אונטערדריקונג פון דעם אויפשטאנד און נאָך דער צערשטערונג פון ביתר, ווייס מען ניט. דיא שטעט, וועלכע האָבען קיין אנטהייל ניט גענומען אין דעם אויפשטאנד אָדער אזעלכע, וועלכע האָבען זיך בעצייטענס אונטערגעגעבען, זיינען געבליבען גאַנץ, נאָר דיא איינוואָהנער האָבען געהאט אויסצושטעהן א סך ערניעדריגונגען און צרות. נאָר א קליינע צאָהל פון דיא קעמפּפערס איז געלונגען זיך צו רעטען. דיא מייסטע פון זיי האָבען זיך בעזעצט איז דיא נארדליכע טהיילען פון אראביען, וואו זיי האָבען געגרינדעט קאָלאָניעס און האָבען שפּעטער געשפּיעלט א וויכטיגע ראָלע

אין מאָהאמעד'ס צייטען(*). דיא גרענעצען צום זידען פון א"י ישראל, מייסטענס וויכטע געגענדען, זיינען ניט געוועזן אזוי בע־וואכט פון דיא רוימישע סאָלדאטען, וויא דיא גרענעצען פון גליל און דיא פּאָרטען. אין אראביען, וואוהין דיא רוימער, האָבען נאָך ניט דערגרייכט, האָבען זיך דיא אידען געפיהלט זיכערער וויא אנדערסוואו. דיא אנטלאָפענע האָבען אויך געפונען אין אאזיסען פון אראביען און אין דיא פרוכטבארע געגענדען לעבען דיא ברע־געס פון רויטען ים ברידער, וועלכע האָבען שוין לאנג עמיגרירט אהין. אזוי איז דאָרטען ענטשטאנען א צאָהלרייכע אידישע בע־פעלקערונג, וועלכע האָט ביסלעכווייז אָנגענומען דיא מנהגים פון דיא אראבען, זייערע שטיף־ברידער.

אין ארץ ישראל האָבען דיא פערבליבענע אידען שרעקליך גע־ליטען ביז דעם טויט פון אדריאן אין 138טען יאָהר, דריי יאָהר נאָך דער צערשטערונג פון ביתר, פון וועלכער עס זיינען נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג פערבליבען איינגע חורבות. אזעלכע פערפאָלגונ־גען האָבען דיא אידען וואהרשיינליך קיין מאָל ניט געליטען אין זייער פאטערלאנד. רופוס, וועלכער איז פערבליבען דער גובערנא־טאָר, האָט זיך אָפּגערעכענט פאר זיינע פריהערע נידערלאגען מיט דער גרעסטער רציחה. ער האָט נאָך איבערטראָפען דיא גרוי־זאמע בעפעהלען פון זיין אויבערהאר און האָט געשטיקט און גע־דריקט דיא אידען אונערטרעגליך.

אדריאן און רופוס האָבען געשטרעבט ניט נאָר צו ברעכען אזוי דיא אידען, אז זיי זאָלען מעהר ניט קענען א קאָפּ אויסהויבען, זאָנדערן אויך זיי אָפּצורייסען פון זייער רעליגיאָן, צו צווינגען זיי צו ווערען געצענדיענערס. צו דיזען צוועק האָבען זיי אויסגעפיהרט דעם פּלאן אומצו־וואנדלען ירושלים אין א געצענדיענערשע שטאָט. נאָך דער אונטערדריקונג פון דעם אויפשטאנד האָט שוין אדריאן געקענט טאָן מיט דער הייליגער שטאָט וואָס ער האָט געוואָלט.

---

(*) זעה דיא לעבענסבעשרייבונג פון מאהאָמעד, ארויסגעגעבען פון דער אינטערנאציאָנאלער לייברערי פּובלישינג קאָמפּאניע.

סעווערוס איז באלד נאָך דער צערשטערונג פון ביתר אוועק צוריק נאָך בריטאניא צו מאכען א כוח דאָרטען פון דעם אויפשטאנד, און רופוס האָט זיך גענומען צו דער ארבייט אויפצובויען א גרי־בישע שטאָט ארום דיא ערטער, וואו דער בית המקדש איז נאָך מיט 66 יאָהר צוריק געשטאנען. צוערשט האָט ער ארויסגעשיקט ארבייטער, וועלכע האָבען אָבגעראמט דיא חורבות און זיינען ארי־בער מיט אן אקער דעם בארג פון בית המקדש און איבער דיא וויכ־טיגסטע קווארטאלען פון דער אמאָליגער הויפּשטאָט. דאָס האָט פּאסירט א יאָהר נאָך דער צערשטערונג פון ביתר און גראדע ווי־דער תשעה באב. דיא רוימער האָבען הפנים אויסגעקליבען דיזען אידישען טרויער־טאָג צום אנדענקען פון זייער זיעג אין דיא צי־־טען פון טיטוס.

רוים האָט אזוי אָבגעראמט פון דער ערד דיא לעצטע סמנים פון ירושלים. נאָר דיא נייע שטאָט, וועלכע האָט געקראָגען דעם נאָמען Aelia Capitolina (עליא קאפּיטאָלינא), איז געבויט געוואָרן א ביסעל מעהר צום נאָרד וויא דיא אלטע שטאָט. מען האָט געבראכט ארבייטער פון אלע לענדער ארום און מען האָט דאָרטען בעזעצט אייבגעדיענטע סירישע און פעניקיישע סאָלדא־טען. דיא גריכיש־רוימישע שטאָט איז צוטהיילט געוואָרן אין זיע־בען קווארטאלען אין האָט געהאט צוויי מארק־פּלעצער, א טהע־אטער און א צירקוס. אויף דעם בארג פון בית המקדש האָט מען אוועקגעשטעלט א זייל צו עהרע פון אדריאן און דערביי האָט מען אויפגעבויט א טעמפּעל צו יופּיטער, דעם הויפּט־גאָט פון דיא גריכען און רוימער. אין אנדערע פּלעצער האָט מען געשטעלט געצקעם פון רוימישע, גריכישע און פעניקישע געטער. אויף דעם בארג גלגל (גאָלגאָטה) האָט מען אויפגעבויט א שעהנעם טעמ־פּעל לכבוד וועננס, דיא געטין פון ליעבע, און אין א הייל לעבען בית לחם האָט מען אוועקגעשטעלט א סטאטוע פון אדאָניס אָדער תמוז און מען האָט דאָרט געפּראוועט דיא געוועהנליכע געצענדי־נערישע צערעמאָניעס, דיא עקעלהאפטעסטע עבודה זרה.

גראדע וויא א מאָל אנטיוכוס עפּיפאנעס (ביי אידען בע־

קאנט אונטער דעם נאָמען אנטיוכוס הרשע), האָט אדריאַן גע־
זוכט צו שענדען דיא הייליגסטע אידישע פלעצער מיט געצקעם
און געצענדיענסט; אָבער יעצט זיינען שוין דיא אידען געווען אזוי
נידערשלאָגען און אָפּגעשוואכט פון דעם אונגלייכען קאמפף מיט
רוים, דאָס זיי האָבען נאָר געקענט קרעכצען פון ווייטאָג און הארצ־
קלעמענעס. דיא צייטען פון דיא חשמונאים זיינען אויף אייביג
פאָראיבער.... אדריאַן האָט אויך קיינע צערעמאָניעס ניט געמאכט
מיט דיא שמרונים: אויף זייער הייליגען בארג, אויף דעם הר
זריזים, וואו עס איז א מאָל געשטאנען זייער בית המקדש, האָט
מען אויך אויפגעבויט א יופיטער־טעמפעל, אום איינצופיהרען דעם
גריכיש־רוימישען געצענדיענסט.

אדריאַן, וועלכער האָט אלין מעהר גענומען האסען דיא אידען,
דיא קריסטען און איבערהויפּט דיא מאָנאָטעאיסטישע סעקטען,
האָט מיט געוואלד איינפלאנצען דעם גריכיש־רוימישען
גלויבען; אָבער ער איז דאָך ניט געגאנגען אזוי ווייט, וויא דער
משוגענער גריכיש־סירישער טיראַן אנטיוכוס עפּיפאנעס, דען ער
האָט וויינינגסטענס ניט געצוואונגען דיא אידען און דיא קריסטען
זיך צו בוקען צו דיא געצקעס. ער האָט פערשטאנען, אז דערמיט
וועט ער נאָר אָבשטויסען נאָך מעהר דיא אידען פון דעם גריכיש־
רוימישען גלויבען און ער האָט דארום געזוכט זיי אָבצורייסען פון
זייער רעליגיאָן דורך א גאנצע רייהע פון גזרות. ער האָט
שטרענגסט פערבאָטען דיא אידען צו האלטען שבת און אנדערע
ימים־טובים און אויך מל צו זיין זייערע קינדער. פאר ניט פאָלגען
פלעגט מען גרויזאם בעשטראָפען. מען האָט איינגעפיהרט א מאסע
שפּיאָנען, וועלכע פלעגען זוכען דיא געהיימע ערטער, וואו דיא
אידען פלעגען זיך צוזאמענקומען צו זייער גאָטעס־דיענסט. דיזע
שפּיאָנען האָבען אויך געהאט אויסצוגעפינען, וועלכע אידישע
מנהגים מען בעדארף אָבשאפען, אום די אידען שנעלער צו בעקעהרען
צום געצענדיענסט. מען האָט אפילו אזוי פערבאָטען חתונות אם
מיטוואָך. אום וואָס מעהר צו ערגערן דיא אידען און שענדען זייער
גלויבען, האָט מען זיי אונטער א טויט שטראָף פערבאָטען אריינ־

צוקומען אין עליא קאפיטאָלינא דורך אן אנדער טויער, וויא דורך דעם זידליכען טייער, וואָס האָט געפיהרט צום וועג פון בית־לחם און וואָס איז בעציערט געוועזן מיט דעם קאָפּ פון א חזיר.....

דער סנהדרין איז נאטירליך אָבגעשאפט געוואָרען, און דיא תנאים און רבנים זיינען בעזאָנדערס גרויזאם פערפאָלגט געוואָרן. דער סנהדרין פון יבנה, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן פון יוחנן בן זכאי באלד נאָך חורבן בית שני, האָט זיך אריבערגעצויגען נאָך אושא ניט ווייט פון עכו (אין נאָרד פון גליל) הפּנים נאָך פאר בר־כוכבא'ס אויפשטאנד. א סך פון דיא תנאים זיינען אומגעקומען אין דער צייט פון דער מלחמה, און דיא וואָס זיינען לעבען גע־בליבען, האָבען זיך פערזאמעלט אין געהיים אין א שטעדטעל אין לידא (לוד). צווישען זיי איז אויך געוועזן רבי עקיבא, וועלכער האָט זיך אזוי וויא מיט נסים ארויסגעדרעהט פון דיא רוימישע הענד.

דיא לאגע איז געוועזן אזא שרעקליכע און הערצרייסענדע, דאָס דיזע רבנים האָבען זיך דאן בעזאָנדערס בעשעפטיגט מיט דער פראגע, אויב אידען מוזען ניט אנדערס ערפילען אלע פאָר־שריפטען פון זייער רעליגיאָן, דיא וויכטיגע וויא דיא ניט־וויכטי־גע, ווען אפילו עס זאָל זיי פאָרשטיין א מערטירער־טויט, אָדער זיי זאָלען צום שיין נאָכגעבען און פערבלייבען אידען אין הארצען. פיעלע אידען האָבען דאן געהאנדעלט אזוי וויא דיא מאראנען מיט 12 הונדערט יאָהר שפּעטער אין שפּאניען און פּאָרטוגאל, ווען דיא אינקוויזיציאָן האָט געצוואונגען דיא אידען אָנצונעהמען דעם קריסטליכען גלויבען.

אייניגע רבנים האָבען ערקלערט, אז דיא תורה איז געגעבען געוואָרן צו פיהרען א ריכטיגען לעבען, אָבער ניט צו שטארבען דורך איהר. נאָך א לאנגען ויכוח האָט מען בעשלאָסען אָפּצושטי־מען דיזע פראגע, פון וועלכער דאָס לעבען פון דיא אידען אין ארץ ישראל איז געוועזן אָפּהענגיג. דיא מאיאָריטעט איז געוועזן פאר דעם פּאָרשלאג, אז אום אויסצומיידען פייניגונגען, מעג מען

פערביינגען אלע פֿאַרשריפטען פון דער תּורה, הײַן עבודה זרה, גלוי עריות און שפכת דמים.

דאָס הייכט אלזאָ, אז מען האָט דאן ערלויבט אפילו ניט צו האלטען פון מילה, פון שבת און פסח. דאָס צייגט אין וואָס פאר א שרעקליכען צושטאנד דיא אידען האָבען זיך דאן געפונען. נאָר וויא עס ווייזט אויס, האָט מען דערביי אין געהיים אָנגעזאָגט, אז מען זאָל וויא ווייט נאָר מעגליך אָבהיטען אלע פֿאַרשריפטען. אָבער דאָס איז געווען איבעריג אָנצוזאָגען, דען זעהר וויניג אידען זיי־נען דאן געוואָרען משומדים, אזוי ווי „אחר“ (אלישע בן אבויה) פון וועלכען עס ווערט אזוי פיעל דערצעהלט אין דער גמרא.

דיא שפּאנישע אינקוויזיציאָן איז ניט געווען ערגער וויא דיא רוימיישע אין אדריאן'ס צייט. דיא אידען האָבען געמוזט זיך פאר־שטעלען און זוכען דיא פערבאָרגענסטע ערטער פאר זייער גאָ־טעסדיענסט. רוימישע שפּיאָנען, וועלכע זיינען געהאָלפען געוואָרן פון עטליכע משומדים און אויך פון אידישע קריכטען, וועלכע האָ־בען דערמיט געוואָלט קריגען חן אין דיא אויגען פון דיא גרויזאַ־מע הערשער, פלעגען זיך נאָכיאָגען נאָך אידען אויף יעדען שריט. איין שפּיאָן האָט געכאפּט א געוויסען אלישע מיט תּפילין אויף'ן קאָפּ, דערפאר האָט מען דעם אונגליקליכען צובראָכען דעם שארבען. אן אנדער שפּיאָן האָט דערזעהען, וויא א איד האָט אָנגעשלאָגען א מזוזה דערפאר האָט מען איהם בעשטראָפט צו בעצאָלען 1000 דענאַ־רען (אונגעפעהר 1000 פראנק). עס איז אפילו געווען געפעהרליך צו טראָגען אידישע נאציאָנאלע קליידער. איינער פון דיא רבנים האָט אזוי בעשריעבען דיא דאמאָלסדיגע לאגע פון אידען אין ארץ ישראל: „ווארום הייסט מען דיך שמייסען? ווייל דו האָסט געטראָגען א לולב. ווארום הייכט מען דיך קרייציגען? ווייל דו האָסט געגעסען מצות אום פסח. ווארום הייכט מען אייך פער־ברענען אָדער צוהאקען מיט שווערדען? ווייל איהר האָט געלע־זען דיא תורה און האָט געלאָזען מל זיין אייערע קינדער.“

רבי ישמעאל, וועלכער איז געווען דאפיר, אז אידען מעגען רע־טעי זייער לעבען דורך פערשטעלונגען און ניט פאָלגען דיא פאַר־

שריפטען פון דער תורה, האָט אזוי ערקלערט זיין שטאנדפונקט: „אזוי וויא דיא זינדיגע רוימער פערפאָלגען אונז גרויזאם, לאָזען אונז ניט אָפּהיטען אונזערע געזעצע און פערוועהרען אונז בע־זאָנדערס דיא מצוה פון מילה, זאָ בלייבט אונז נאָר גאָר ניט חתונה צו האָבען. אָבער דאן וועלען דאָך דיא קינדער פון אברהם פער־שווינדען פון דער ערד. דארום איז עס גלייכער, אז דיא רעליגיאָן זאָל אויף צייט ניט געפאָלגט ווערן".

צווישען דיא תנאים זיינען געווען אזעלכע, וועלכע האָבען געפּרעדיגט צו פאָלגען דיא רוימער אום יעדען פרייז. זייער פיה־רער איז הפנים געווען יוסי בן קסמא, וועלכער איז געווען אין גרויס גנאדע ביי דעם גובערנאטאָר רופוס און ביי אנדערע רוי־מישע בעאמטע אין ארץ ישראל. פון איהם דערצעהלט מען, אז ווען ער האָט בעגעגענט דעם תנאי חנינה בן תרדיון, וועלכער איז געווען בעריים זיך אויפצואָפּפערן פאר דיא אידישע רעליגיאָן און איז טאקי געפאלען וויא א מערטירער, האָט ער אזוי צו איהם גע־זאָגט: „דו קענסט זעהען, מיין ברודער, אז אפילו דער הימעל העלפט דיא רוימער: דער בית המקדש איז צושטערט; דיא פרומע זיינען אויסגעשלאכטעט, דיא בעסטע מענשען זיינען אויסגעראָ־טעט, און דאָך עקזיסטירט דיזע אימפעריע! וויא אזוי וואגסטו צו פּרעדיגען געגען דעם קייזערליכען געזעץ? עס וועט מיך ניט וואונ־דערן ווען מען וועט דיך פערברענען צוזאמען מיט דיא הייליגע שריפטען".

דיזער תנאי, זאָל ער אונז מוחל זיין, איז איינפאך געווען אַן אונטערלעקער און א פייגלינג. צו עהרע פון דיא דאמאָלסדיגע אי־דישע לעהרערס מוז מען זאָגען, אז דיא גרעסטע צאָהל פון זיי זיי־נען בעריים געווען זיך מוסר נפש צו זיין פאר זייער גלויבען און זיי־נען געווען פאטריאָטען. א סך פון זיי זיינען טאקי הינגעריכטעט געוואָרן פון דיא רוימישע הענקערס און א סך זיינען זיך צולאָפען מייסטענס נאָך בבל, וואו עס האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעביל־דעט אזא צענטער פון יודענטהום, וועלכער האָט פערנומען דעם פלאַץ פון צושטערטען און געשענדעטען ירושלים.

דער נאָמען פון דער הויפּשטאָט פון אידישען פאָלק, וועלכער האָט נאָך מיט 70 יאָהר צוריק געגלאנצט, איז פערגעסען געוואָרן. אין אלע אָפיציעלע רוימישע דאָקומענטען ווערט זיא דערמאָנט אונטער איהר געצענדיענערישען נאָמען „עליא קאפּיטאלינאָ“. אין דער גמרא ווערט זיא גערופען שלום (א פערקירצונג פון ירושלים), ווייל עס איז הפּנים פערבאָטען געוועזען צו געברויכען דעם ריכטיגען נאָמען. מען דערצעהלט, דאָס אונגעפעהר מיט א יאָהר הונדערט שפּעטער, ווען א רוימישער גובערנאטאָר פון פּאלעסטינא האָט געהערט, וויא א קריסטליכער ביסקאָפּ האָט דערצעהלט, דאָס ער איז געקומען פון ירושלים, האָט ער געפרעגט, וואו געפינט זיך אזא שטאָט.....



# זיעבעטער קאַפּיטעל.

## רבי עקיבא׳ס מארטירער־טויט און דער פערבאָט צו בעער־דיגען דיא געפאלענע פאטריאָטען.

צווישען דיא תנאים, וועלכע האָבען זיך מוסר נפש געווען פאר זייער גלויבען אין דיזער שרעקליכער צייט, איז דער גרעסטער און וויכטיגסטער געווען רבי עקיבא. אויבען איז שוין אָנגעצייגט געווען, אז ער איז געווען דיא נשמה פון דעם אויפשטאנד אונטער דער לייטונג פון בר־כוכבא און אז ער האָט זיך געראַטעט פון דיא רוימישע שווערדען נאָך דער צערשטערונג פון ביתר. אָבער שפּיאָ־נען האָבען איהם נאָכגעפאָלגט אויף יעדען שריט, און זיין לעבען איז שטענדיג געהאנגען אויף א האָאָר, ווען אדריאן האָט בעפוי־לען ספּעציעל צו אונטערדריקען ישיבות און אומצוברענגען דיא לעהרערס. אדריאן און רופוס האָבען גאנץ גוט פערשטאנען, אז זאָ לאנג מען וועט צולאָזען אויסצובילדען נייע רבנים, וועט שווער זיין צו בעקעהרען דיא אידען צום גריכיש־רוימישען גלויבען. רופוס האָט דארום זיך א נעהם געטהאָן צו דיא גרעסטע תנאים און האָט פיעלע פון זיי אומגעבראכט נאָך שרעקליכע פייניגונגען.

דיא אידישע לעגענדען דערצעהלען וועגען צעהן בעריהמטע מארטירער, דיא עשרה הרוגי מלכות. דיא מייסטע פון זיי זיינען טאקי אומגעבראכט געוואָרען אין דער צייט, ווען דער הארצלאָזער רופוס האָט אויסגעפיהרט אדריאן׳ס גרויזאמע בעפעהלען, דיא איבריגע זיינען מארטירער פון אנדערע צייטען. דער ערשטער פון דיא תנאים, וואָס רופוס האָט הינגעריכטעט, איז געווען ישמעאל, א זוהן פון דעם כהן גדול אלישע. רבי עקיבא האָט איבערגעגעבען זיינע שילער, מיט וועלכע ער האָט געלערנט אין געהיים, וויא אזוי דיזער תנאי האָט זיך אויפגעפּאָפּערט און וויא דיא רוימישע הענ־

קערם האָבען איהם געפייניגט. צו ענדע האָט ער געזאָגט: „גרייט זיך צו צום טויט, דען שרעקליכע טעג קומען“. ער אליין איז געווען גרייט צום טויט.

מען האָט איהם געווארנט, אז ער זאָל ניט לערנען אין געהיים מיט זיינע שילער און אז ער זאָל איבערהויפּט פערלאָזען ארץ ישראל, וואו מען האָט איהם שטארק נאָכגעשפּיאָנירט; אָבער ער האָט ניט געאכטעט דערויף ביז מען האָט איהם ארייננגעשליידערט אין געפענגניס. אזוי וויא רופוס האָט איהם בעטראכטעט פאר דעם גייסטען פיהרער פון אידישען פאָלק, האָט ער איהם בעהאנדעלט נאָך גרויזאמער וויא דיא אנדערע תנאים און פאטריאָטען. מען האָט איהם געפייניגט מיט דיא גרעסטע רציחות. זיין הויט האָט מען אראָפּגעריסען מיט אייזענס פאר זיין טויט. מען דערצעהלט, אז דער מארטירער האָט דאן אויסגעשריען „שמע ישראל!“ און אז ער האָט ארויסגעלאָזען דעם לעצטען אָטהעם ביי דיא ווערטער „אדני אחד!“ מען דערצעהלט, אז ווען רופוס האָט געזעהען, וויא ר׳ עקיבא פערטראָגט געדולדיג דיא שרעקליכסטע פייניגונגען און האָט איהם געפרעגט, אויב ער איז ניט א מכשף, האָט ער געקראָגען פאָלגענדע אנטוואָרט פון דעם מארטירער: „איך בין ניט א מכשף, אָבער איך פרעה זיך וואָס מיר איז בעשערט צו ליעבען גאָט מיט מיין לעבען“.

חנינא בן תרדיון, וועלכער איז אויך ארעסטירט געוואָרען פאר לערנען אין געהיים מיט זיינע שילער, איז ארומגעוויקעלט געוואָרן אין א ספר תורה און איז אזוי פערברענט געוואָרן אויף א פייער פון טרוקענע צווייגלאך. זיין פרוי איז אויך פערארורטהיילט געוואָרן צום טויט און זיין טאָכטער צו שקלאווערייא. ווען רופוס האָט געפרעגט דיזען מארטירער, ווארום ער האָט ניט געפאָלגט דעם קייזערליכען בעפעהל, האָט ער מוטהיג געענטפערט: „ווייל גאָט האָט מיר אזוי געהייסען!“

אפילו דיא טויטע אידען האָבען דיא רוימער דאן געשענדעט און פערפאָלגט. אדריאן האָט ארויסגעלאָזען א בעפעהל, אז מען זאָל ניט בעערדיגען דיא געפאלענע פאטריאָטען, נאָר זייערע קער־

פערס זאָלען זיך וואלגערן אלס א ווארנונג פאר דיא לעבעדיגע. ערטערווייז זיינען הרוגים געלעגען אין גרויסע צאָהלען, און ווילדע חיות האָבען זיי געפרעסען. דיא לופט איז געוועזן פערפעסטעט, אָבער דיא רוימער האָבען זיך גאָר ניט געקימערט וועגען דעם. ווען מען פלעגט כאפען א אידען, וואָס פלעגט אין געהיים בע־ערדיגען א הרוג, פלעגט מען איהם צוהאקען אויף שטיקער.

אין דיזער צייט, רעכענט מען, איז עס אָנגעשריבען געוואָרן דער ספר טוביה, אין וועלכען עס ווערט בעזאָנדערס אָנגעצייגט, אז עס איז דיא היילינסטע פפליכט פון אידען צו בעערדיגען זייערע געפאלענע ברידער. דיזער בוך צייגט אויך, וויא אונגליק־ליך דיא אידען זיינען דאן געוועזן אין זייער אייגען לאנד.

אָט אזוי האָט עס געענדיגט אדריאן, וועלכער האָט געמאכט אזעלכע זיכע פערשפרעכונגען דיא אידען, ווען ער איז געוואָרן קייזער; אָט אזוי האָט ער זיך אָפּגערעכענט מיט זיי דערפאר, וואָס ער איז געצוואונגען געוועזן זיי צוצוזאָגען, אז ער וועט ער־לויבען צו בויען דעם בית המקדש. אנשטאט א בית המקדש האָט ער אייבגעבויט א טעמפעל צו יופיטער, אָנשטאָט ירושלים איז אויסגעוואקסען א געצענדיענערשע שטאָט, וואו די אידען איז אפילו פערבאָטען געוואָרן אריינצוקומען אונטער א טויט־שטראָף; אָנשטאָט א געוויסע זעלבסט־פערוואלטונג — פערוויסטונג און בערג מיט הרוגים.

נאָר צו דיזע שרעקליכע ליידען איז געקומען אן ענדע נאָך דעם טויט פון דיזען האלב־פילאָזאָפישען, האלב־פעריקטען טיראן. ער איז געשטאָרבען דריי יאָהר נאָך דעם פאל פון ביתר, דריי פון דיא ערגסטע און שוידערליכסטע יאָהרען אין דער געשיכטע פון דיא ליידען פון אידישען פאָלק. כך הכל האָט ער געהערשט 21 יאָהר, נאָר אין דיזער צייט האָט ער אָנגעמאכט דיא אידען פיעל מעהר צרות, וויא אלע אנדערע רוימישע הערשער צוזאמענגענומען.

עס איז איבריג צו זאָגען, אז דיא נאכריכט וועגען זיין טויט האָט ארויסגערופען דיא גרעסטע שמחה צווישען אלע אידען און אויך קריסטען, וועלכע ער האָט אויך גרויזאם פערפאָלגט, ווייל ער

האָט זיי נאָר געהאלטען פאר א אידישע סעקטע. אין דיזער בע־ציהונג האָט ער געוויסערמאסען רעכט געהאט, דען א טהייל פון דיא דאמאָלסדיגע קריסטען האָבען זיך געהאלטען כמעט אָן אלע אידישע מנהגים. נאָך מעהר האָבען זיי זיך געפרעהט, ווען זיין נאָכפאָלגער אנטאָניוס, וועלכער האָט געקראָגען דעם נאָמען פיוס (פרומער), האָט זיי גענומען בעהאנדלען מענשליכער.

דיזער אנטאָניוס איז געוועזען אדריאן׳ס אדאָפטירטער זוהן און האָט ניט פערפאָלגט דיא אידען און דיא קריסטען. ווען ער איז גע־וואָרען קייזער, האָבען דיא אידען געשיקט צו איהם א דעפּוטא־ציאָן מיט א ביטע, אז מען זאָל אויפהערען דיא פערפאָלגונגען געגען זיי. א קורצע צייט נאָכדעם איז אָנגעקומען דיא פרעהליכע בשורה, אז מען מעג בעערדיגען דיא קערפּערס פון דיא געפאלענע פאטריאָטען, און עטליכע מאָנאט שפּעטער האָט אנטאָניוס אָבגע־שאפט אדריאן׳ס גזרות. ער האָט אויך ערלויבט דיא מלה, אָבער ניט פיר גרים. דער בעפעהל, אז אידען טאָרען ניט אריינקומען אין עליא קאפּיטאָלינא איז אבער פערבליעבען אין קראפט; נאָר דיא אידען האָבען אליין אויסגעמיידעט דיא געצענדיענערישע שטאדט וויא דיא פעסט.

**ע נ ד ע.**

לעבענסבעשרייבונגען ❧ ❧ ❧
❧ ❧ ❧ פון בעריהמטע מעננער

---

# דיא פאמיליע ראטהשילד

זייער לעבען און פינאַנציעלע טהעטיגקייט.

---



פון פיליפ קראַנץ

# די פאמיליע ראטהשילד.

## איינלייטונג.

### אמאליגע און היינטיגע קרעזוסען.

מיליארדער אדער ביליאנער — דאס זיינען ניי־געבארענע ווערטער פון אונזער צייט. אפילו אין אנפאנג פון 19טען יאהר־הונדערט האט מען נאך ניט געוואוסט פון פערזאנען, וואס זאלען צעהלען זייער קאפיטאל אין סומען פון מעהר ווי ניין ציפערען. זעהר רייכע מענשען זיינען נאך געווען אין גאנץ אלטע צייטען. אין דער געשיכטע זיינען איינציגע פון זיי פערצייכענט געווארען אלס א וועלטוואונדער. דער נאמען פון דעם קעניג קרעזוס, וועלכער האט געהערשט אין לידיא (קליין־אזיען) אין זעקסטען יאהרהונדערט פאר דיא קריסטליכע צייטרעכנונג, ווערט איבעראל געברויכט צו בעצייכענען א זעהר רייכען מאן; אבער אלע זיינע אוצרות, אפילו צוזאמען מיט „קרח'ס אוצרות“, זיינען געווען א קלייניגקייט אין פערגלייך מיט דיא ריזיגע קאפיטאלען פון היינטיגע געלד־מאגנא־טען. א פערצייטיגער קרעזוס איז געווען אן ארעמאן געגענאיבער א ראקעפעללער, א ראטהשילד, א וואנדערבילט א. ז. וו. אזא קרעזוס וואלט מען ניט אריינגענומען אין דיא „פיער הונדערט“, דעם צימעס פון דער אמעריקאנער געלד־אריסטאקראטיע, וועלכע קוקט מיט פעראכטונג אויף איינעם, וואס בעזיצט בלויז איין מיליאן דאלאר.

דיא גרעסטע און גרויזאמסטע דעספאטען פון דיא אמאליגע מלוכות אין אזיען האבען ניט געקענט אנקלייבען אזעלכע רייכ־טהימער, וויא א מאדערנער געלד־קעניג קען מאכען אין איין טאג דורך א געלונגענע ספעקולאציאן אויף דער בערזע. אין איין שטונדע ווערען יעצט געשאפען פיעל מעהר מיליאנען, וויא אן אזיאטישער דעספאט האט געקענט ארויסדריקען פון זיינע אונ־טערטאנען און פון בעזיעגטע פעלקער זיין גאנצען לעבען. וואס

האָט ער דען דאַן געקענט צוזאַמענקלייבען אויסער גאָלד, זילבער און עדעלשטיינער? דיא תבואות און אנדערע שפייז־ארטיקלען, וויא אויך געוועבטע שטאָפען האָט ער געוועהנליך ניט געקענט האָבען מעהר וויא אויפצוהאַלטען אַ פּאָאָר יאָהר זיינע סאָלדאַטען און דיענערס. דאָס האָט שליסליך ניט פיעל בעטראָפען. זיינע „אוצרות“, דאָס הייסט דיא צוזאַמענגערויבטע טייערע שטיינער, גאָלד און זילבער — וויא פיעל האָט עס דען געקענט ווערטה זיין? וויא פיעל גאָלד האָט דאַן איבערהויפּט צירקולירט אין דער וועלט? דיא גרעסטע גאָלד־מינען זיינען דאָך ענטדעקט געוואָרען אין דער נייער צייט, בעזאָנדערס אין לעצטען יאָהרהונדערט. וואָס פאַר אַ ווערדע האָט דען גאָלד אַלס אַן ארטיקעל, אלס סחורה, אין פערגלייך מיט דער גאנצער סומע קאפּיטאַלען אין אַ מאָדערנער געזעלשאפט? אין דער וועלט איז נאָך ווארשיינליך ניטאָ אזוי פיעל גאָלד, אז מען זאָל דערפון קענען אויסשלאָגען אַ גאַנצען מיליארד דאָלארס, יעדענפאַלס איז דיא סומע פון גאָלד, וואָס צירקולירט אלס געלט, איינפאך אַ טראָפּען אין פערגלייך מיט דיא סומע פון קרעדיט־פּאַפּירען, וועלכע שטעלען פאָר דעם אמת׳ען רייכטהום פון אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאפט.

דאָס גאנצע גאָלד פון אמאָליגע צייטען, אפילו אין דער צייט פון רוים׳ס הערשאפט, וואָלט זיך בעהאַלטען אין דיא קאַסעס פון אַ פינאַנץ־קעניג פון אונזער צייט. דער רייכטהום פון אזא קעניג בעשטעהט ניט אין גאָלד און זילבער — עדעלשטיינער דיענען נאָר צום פוּץ — זאָנדערן אין דער מעגליכקייט צו קריגען געלט פאר זיינע ווערטה־פּאַפּירען, פאר זיינע אַקציעס און אָבליגאַציעס, וועלכע זיינען אייגענטליך וועקסלען אויף דיא אייזענבאַהנען, טעלעגראַפען, פאבריקען, מינען א. ז. וו. אין וועלכע זיין קאפּיטאַל איז פארטאָן. זאָלען דיעזע געשעפטען רואינירט ווערען, ווערט דער מאָדערנער קרעזוס, דער מיליארדער, אַן אָרימאַן.

דיא ארט און וויזע, וויא מען קען יעצט ווערען אַ קרעזוס, איז אויך אַ גאַנץ אנדערע וויא אפילו מיט אַ פּאָאָר הונדערט יאָהר

צוריק. אַמאָל פּלעגט מען אָנזאמלען אוצרות דורך מעהר אָדער וועניגער אָפּענעם רויב, יעצט — דורך אַ געקינצעלטען און פערשטעלטען רויב אין דער פאָרמע פון בערזען־ספּעקולאציאָנען. אַ מיליארדער קען מען ניט ווערען אפילו דורך פרעמדע ארבייט אויף דעם אינדוסטריעלען וועג. פון אייגענע ארבייט איז שוין אָבגערעדט. מישטיינס געזאָגט, וואָס מען קען אָנקלייבען פון דיא אייגענע צעהן פינגער, ווען מען זאָל אפילו האָרעווען איבער דיא כחות און אָבשפּאָרען פון דער קישקע, אז דיא נשמה זאָל זיך קוים האַלטען אין גוף. אויב איהר האָט געטראָפען אזא ארבייטער, וואָס זאָל נאָר פון זיינע אייגענע פראצע, גאָר אָהן דער מיטווירקונג פון אנדערע ארבייטער, קענען אָפּשפּאָרען עטליכע טויזענד דאָלאר, האָט איהר געזעהען איינע פון דיא זעלטענסטע זאַכען אין דער וועלט. עס איז איבעריגענס אַן אלגעמיין בעקאַנטער פאקט, דאָס פון אייגענע ארבייט קען מען ניט ווערען רייך. אָבער ניט אַלע ווייסען נאָך, אז בלויז פון פרעמדע ארבייט איז איינפאך אונמעגליך צו ווערען אַ מיליארדער. אַ פאַבריקאנט, ווען ער זאָל אפילו בעשעפטיגען עטליכע טויזענד ארבייטער, וועט העכסטענס קענען אָנקלייבען אַ פּאָאָר מיליאָן דורך דעם רעגעלמעסיגען גאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. ווען זיינע פּראָפיטען זאָלען ווערען זעהר גרויס צוליעב אירגענד וועלכע אורזאכען, וועלען אנדערע קאַפּיטאַליסטען באלד זיך אַ לאָז טאָן צו קאָנקורירען מיט איהם, און ער וועט שליסליך ניט קריעגען אַ גרעסערען פּראָצענט אויף זיין קאַפּיטאַל וויא אַלע אנדערע פאבריקאַנטען אונטער עהנליכע אומשטענדען. דער פּראָפיט אין אינדוסטריע און זאָגאר אין האנדעל איז פּראָפּאָרציאָנעל צום געברויכטען קאַפּיטאַל און קען לאנג ניט איבערשטייגען דיא געוועהנליכע דורכשניטליכע מאָס. ווען איהר זאָלט אפילו אָנפאנגען צו פאבריצירען אָדער צו האַנדלען מיט אַ מיליאָן דאָלאר -- נאָר געצעהלטע מענשען קענען אזוי אָנפאנגען — וועט איהר דאָך אונטער קיינע אומשטענדען ניט ווערען אַ מיליארדער.

פּרובירט מאַכען דעם פאָלגענדען קליינעם חשבון. לאָמיר

אָנגעהמען, אז איהר הויבט אָן צו פאבריצירען טוך מיט אַ קאפּיטאַל פון אַ מיליאָן דאָלאר, אז אייער אונטערנעהמונג געהט אזוי גוט, דאָס איהר מאַכט ניט ווענינער וויא 20 פּראָצענט אויף אייער קאַפּיטאַל (היינטיגע צייטען זיינען גרויסע קאפּיטאַליסטען זעהר צופריעדען צו קריעגען 5 פּראָצענט און נאָך ווענינער), און אז איהר וועט לעבען גאַנצע 100 יאהר נאָכדעם וויא איהר זיינט געוואָרען אַ פאבריקאנט, דאַן וועט אייער גאנצער פּראָפיט אויס־מאַכען ניט מעהר וויא 20 מיליאָן דאָלאר.

זאָל אָבער דער זעלבער מיליאָנער אָנפאנגען צו ספּעקולירען אויף דער בערזע, און ספּעקולירען גליקליך, דאָס הייסט מאַכען אונגליקליך אנדערע ספּעקולאנטען, דאַן איז גאָר קיין שיעור ניטאָ צו דעם רייכטהום, וואָס ער קען זיך „ערווערבען". ערשט דאַן האָט ער מעגליכקייט צו ווערען אַ מיליארדער. אויף דער בערזע קען איהם געלינגען צו „פערדיענען" אין איין שטונדע מעהר וויא דעם גרעסטען פאבריקאנט אַ גאַנצען יאָהר.

נאָר אויף דיזען וועג קען מען „מאַכען" מיליאָנען היינטיגע צייטען און נאָר אזוי זיינען אויפגעקומען דיא עטליכע מיליארדערען, וועלכע בעהערשען דיא בערזע און דורך דעם דיא גאַנצע וועלט. נאָך מיט אַ יאָהר 30 צוריק האָט ראקעפעללער געדיענט אלס בוכ־האַלטער אין דעם קעראָסין־געגענד פון פּענסילווייניא, יעצט איז ער דער רייכסטער מאַן פון אמעריקא און וואהרשיינליך אויך פון דער גאנצער וועלט. דעם אָנפאנג האָט ער געמאַכט דורך דער אונ־געהייערער ענטוויקלונג פון דער קעראָסין־אינדוסטריע, ספּעציעל דורך זיינע אונגעזעצליכע און יעדענפאלס ניט־כשר'ע אָפּמאַכונגען מיט דיא אייזענבאַהנען, און נאָך יעצט שעפּט ער אוצרות פון קעראָסין; אָבער ער וואָלט דאָך ניט געוואָרען אַ מיליארדער, ווען ער וואָלט גאָר ניט ספּעקולירט. נאָך מעהר איז עס דער פאַל מיט אַנדערע פינאַנץ־קעניגע פון אַמעריקא, דאָס לאנד פון מי־ליארדערען.

אום צו קענען אָנזאמלען אזוי פיעל מיליאָנען דורך ספּעקולא־ציאָן איז נאָך ניט גענוג צו האָבען וואָס מען רופט מזל, זאָנדערן

גאַנץ ספּעציעלע פּעהיגקייט. אַזוי גוט וויא מען קען ניט ווערען אַ וועלט־בעריהמטער שאַך־שפּיעלער אָהן אַ ספּעציעלען טאַלענט דערצו, אַזוי קען מען ניט ווערען אַ גרויסער און ערפאָלגרייכער בערזען־שפּיעלער. דער פעלד פון ספּעקולאַציאָן איז אונבעגרע־נעצט. מען ספּעקולירט ניט נאָר אויף זאכען וואָס עקזיסטירען אָדער וואָס האָבען אַ ווערטה, זאָנדערן וואָס וועלען נאָך ערשט עקזיסטירען אָדער קריעגען אַ ווערטה. מען קען, צום ביישפּיעל, מאַכען מיליאָנען דורך אַ ספּעקולאַציאָן אויף דיא גערעטענעס פון דיא נעכסטע יאָהרען, מען קען אָבער אויך ברעכען דעם קאָפּ, וויא דאָס פּאסירט יעצט גאַנץ אָפט. מען קען אויך שעפּען מיליאָנען דורך אַ ספּעקולאציאָן אויף מינען, וואָס וועלען מיט דער צייט בריינגען פּראָפיטען אָדער זאָגאר גאָר ניט. פון אַזעלכע ספּעקולאַ־ציאָנען, וואָס זיינען פון אָנפאנג אָן בערעכענט אויף שווינדעל, אויף אָפּנאַרען דעם עולם, ריידען מיר דאָ ניט, הגם אויך זיי האָ־בען ניט וויניג בייגעטראָגען צו פערגרעסערען דיא ריזיגע קאַ־פּיטאַלען פון אלע מיליארדען; מיר מיינען דאָ דעם „רעגעלמעסיגען“ און געזעצליך־אנערקענטען בערזען־שפּיעלער. אין דיעזען בערזען־שפּיעל איז דיא ראָלע פון צופאַל זעהר א גרויסע, וויא אין יעדען שפּיעל; אָבער פריהער פאר אלין, אפילו פאר באַארעס געלט, דארף מען זיין געבאָרען דערצו, מען דארף זיך געפינען אויף דער בערזע וויא אַ פיש אין וואסער, מען דארף פערשטיין, ווען, וואו און וויא אַזוי צו ריזיקירען, מען דארף קענען ריזיקירען און אין דער זעל־בער צייט קאַלטבלוטיג און פּאָרזיכטיג בערעכענען, מיט איין וואָרט, מען דארף זיין איין זשעניע אין פינאַנציעלע ספּעקולאַציאָנען.

וויא ריכטיג דאָס איז און וויא אַזוי מען מאכט און מען קען מאַכען מיליאָנען דורך בערזען־שפּיעל, וועלען מיר זעהען אין דער בעשרייבונג פון דעם לעבען פון דיא ערשטע ראָטהשילדען, וועלכע זיינען אין אַ קורצער צייט געוואָרען „דיא רייכסטע צווישען דיא רייכע“. זייער פינאַנציעלע טהעטיגקייט איז ניט נאָר אינטערע־סאנט, זאָנדערן אויך בעלעהרענד, דען זיא כאראקטעריזירט אויך דעם נערוו פון דער קאַפּיטאליסטישער געזעלשאַפט — דיא בערזע.

## 1.

## מאיר אמשעל׳ס ערציהונג און ערשטע „געשעפטען“.

איינע פון דיא מערקווירדיגקייטען אין דער אלטער דייטשער שטאָדט פראנקפורט־אם־מיין איז דיא הויז נומ. 152 אויף דער אלטער יודענשטראַסע, אין דעם צענטער פון דער געוועזענער גהעטאָ. פון דרויסען צייכענט זיך דיעזע הויז מיט גאָר נישט אויס — עס איז אַ געוועהנליכע געביידע, אַ הויכע און אַ שמאָלע, מיט שמאָלע פענסטער, בעפּוצט נאָר מיט אַ רויטען שילד. אָבער דער־פאר, ווען דער בעזוכער וויים, וואָס דאָרטען איז פּאָרגעקומען הינ־טער דיא פּראָסטע ווענט און שמאָלע פענסטער, וואונדערט ער זיך נאָך מעהר, ווען ער ווארפט אַ בליק אויף דיא אלטע געביידע.

יא, עס איז א הויז מיט אַ גרויסע און מערקווירדיגע געשיכטע. יאָהרענלאנג איז דאָרטען געווען, קען מען זאָגען, דער פינאַנז־צענטער פון דער וועלט. דער שיקזאַל פון מלוכות איז דאָרטען ניט איין מאָל געהאַנגען אין דער וואָגשאָל פון גאָלד. דיא גרעסטע אריסטאָקראטען, דיפּלאָמאַטען, מיניסטערס און אפילו פּרינצען האָבען געמוזט אָנקומען אהין; זיי האָבען געמוזט דורכפאָהרען דיא זעלבע גאס, וועלכע איז נאָך ביז דעם אָנפאנג פון 19טען יאָהר־הונדערט גערעכענט געווען פאר א פערשאָלטענע, פאר אַ פערפּעס־טעטע.

עס איז אמת, אז זיי האָבען געמוזט קומען אהין צוליעב דיא זעלבע אורזאכע, וועלכע האָט נאָך אין מיטעלאלטער געטריעבען אין דער יודענשטראַסע איינינע אדעליגע און שטאָלצע ריטער, נעמליך: צו קריעגען געלט געבאָרגט; אָבער דיא אומשטענדען זיינען שוין געווען גאנץ אנדערע. אין דיעזען אונטערשיעד האָט זיך אם קלאָרסטען ארויסגעוויעזען, אז דיא פינסטערע צייטען פון מיטעלאַלטער זיינען פּאָראיבער און, אַז עס איז אויפגעקומען אַ נייע וועלט. דער אַמאָליגער ריטער פלעגט זיך אריינ׳גנב׳ענען אין דער גהעטאָ אין דער פינסטער, ער האָט זיך געשעמט, וואָס ער מוז זיך ווענדען צו אַ אידיישען פּראָצענטניק, דען קיין אנדער שייכות האָט ער ניט געקענט האָבען מיט אידען, אויסער ביי זיי

באַרגען געלט אָדער זיי צו בעפאַלעז און צו בערויבען; און אלע אידען האָבען דאַן געציטערט פאַר איהם אין זייער פערשאָלטענעם ווינקעל, דיא שוידערליכע נהעטאָ, וואו זיי זיינען קיינמאָל ניט זיכער געוועזן מיט זייער פערמעגען און לעבען; אָבער דיא אדע־ליגע און אפילו פּרינצען, וועלכע פעלגען מוזען קומען אין דער הויז נומער 152 פון דער אלטער יודענשטראסע, האָבען זיך גע־רעכענט גליקליך, ווען דער אמאָליגער מלוה און וואוכערניק האָט זיי גוט אויפגענומען. ער האָט געפיהלט, אז ער איז אַ מאכט, פאר וועלכע זיי מוזען זיך בויגען, פאר וועלכע זיי מוזען זאָגאר קריעכען אויף דיא פיס, און זיי האָבען עס אויך גאנץ גוט געפיהלט. ווען זיי פלעגען זיך אַ מאָל פערגעסען און פעררייסען דעם נאָז, פלעגט ער זיי אָהן צערעמאָניעס דערמאָנען, דאָס זיי ליגען ביי איהם אין דיא הענד, און פלעגט זיך אויך גראָב אויסלאכען פון זייער פוס־טען יחוס.

דער בעל הבית פון דיזער הויז איז געוועזן מאיר אמשעל, דער גרינדער פון דער גרעסטער און מעכטיגסטער באַנקיר־קאַנטאָר אין דער וועלט. ער איז דאָרטען געבאָרען געוואָרען אין 1743, ווען זיין פאָטער איז געוועזן אַ געוועהנליכער מלוה, אזוי וויא פיעלע אנ־דערע אין דער פראנקפורטער נהעטאָ. וועגען דעם פאָטער פון דיעזען פינאַנציעלען זשעניע וויים מען נאָר, אז ער האָט געהייסען אַמשעל משה אָדער אַנשעל משה, האָט געהאַנדעלט מיט אַנטיקען און אַלטע מטבעות און אויך געליהען געלד אויף פּראָצענט. ער האָט גע־לעבט זעהר פּראָסט און קאַרג, געקליבען דעם גראָשען אלס דעם העכ־סטען צוועק אין לעבען. מען דערציילט פון איהם, אַז ער פלעגט אָפט זאָגען: „אַ מענשען׳ס רייכטהום בעשטעהט ניט אין דעם וואָס ער קריעגט, נאָר אין דעם וואָס ער שפּאָרט אָפּ.“ אלע ראָטהשילדען האָבען זיך ביז איצט געהאַלטען אָן דיעזע „גאָלדענע“ רעגעל, דען זיי האָבען קיינמאָל ניט פארלעבט מעהר וויא זייערע יעהרליכע איינקינפטע, וויא פיעל עס איז זיי ניט אויסגעקומען אויסצוגעבען.

אין אַלגעמיין האָט אַמשעל משה זיך מיט קיין זאַך ניט אויס־געצייכענט פון אנדערע איינוואָהנער פון דער יודענשטראסע, וועל־

כע האָבען נאָך געדיינקט דיא ביטערע און פינסטערע צייטען, ווען מען האָט זיי געהאַלטען עפּעס וויא ווילדע ברואים אין דער שטיקענדער גהעטאָ, וויא פארפּעסטעטע חיות אויף צוויי פיס; ווען מען האָט זיי געצוואונגען צו טראָגען בעזונדערע קליידער אלס צייכען פון שאנדע; ווען מען האָט זיי געמאַכט פאר „אתה בחרתנו־ניקעס“ אין צרות און יסורים; ווען מען האָט אפילו בעשרענקט דיא צאָהל פון זייערע התונות, אום דיא „פערשאָלטענע ראסע“ זאָל זיך ניט פערמעהרען... נאָך אין 1614 האָט מען אלע אידען וויעדער ארויסגעיאָגט אפילו פון זייער שרעקליכער גהעטאָ אין פראנקפורט, און אזוי וויא זיי האָבען איבעראל געקענט ערוואר־טען יעדען טאָג א בעפעהל: „מאַרש!“ האָבען זיי אָנגעשטרענגט אלע זייערע כחות און זייער גאנצען שכל צו האָבען אויף׳ן וועג וואָס מעהר גאָלד און איבערהויפּט געלט.

אין פערלויף פון יאהרהונדערטע האָבען דיא אונגליקליכע איינוואָהנער פון דיא גהעטאָס געקראָגען ניט נאָר אַן אייגענאַרטיגע מאָראַל, אַ ספּעציעלען כאַראַקטער, צוגעפּאַסט צו דער „אָבשפּאָרונג“, צום אָנזאַמלען פון באַארעם געלט, זאָנדערן אויך אַ בעזונדערע פיזיאָגנאָמיע, ספּעציעלע מאַניערען, נאָך וועלכע מען האָט זיי גלייך געקענט דערקענען אפילו אונטער דיא בעסטע אומשטענדען און אין דיא פּאָלקסקליידער. ווען דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזמוס האָט זיך דורכגעבראָכען אַ וועג דורך דיא פערגרעסערונג פון אינדוסטריע און האַנדעל און האָט צובראָכען דיא ראַמקעס, אין וועלכע דיא מיטעל־אַלטערליכע געזעלשאַפט איז געווען איינגעפּאַסט מיט אייזערנע קלאַמערן, האָבען דיא אידען געגומען ארויספליהען פון דיא גהעטאָס אויף דער גרויסער וועלט און האָבען זיך, דורך זייערע אָנגעקליבענע קאַפּיטאַלען און איינגעזויגענע פעהיגקייטען צום האַנדעל און צו פינאַנצען, שנעל אויסגעצייכענט. פון פריהערע ציטערנדיגע און דערשלאָגענע מלוה׳ס און וואוכענריקעס זיינען זיי געוואָרען באַנקירען, ספּעקולאַנטען אויף דער בערזע און פינאַנז־קעניגע.

אבער קיינעם פון זיי איז ניט געלונגען אזוי שנעל צו דער־

גרייכען צו אַזאַ הויכע שטופע אין דער פינאַנץ־וועלט, וויא אמשעל משה׳ס זוהן, וועלכער האָט געהאַט דיא מעגליכקייט צו פערד אייניגען זיין פינאַנציעלען זשעניע מיט דיא מיליאָנען פון א פּרינץ, וויא מיר וועלען עס זעהען.

דער גרינדער פון דער באַנקירען־דינאַסטיע ראָטהשילד איז וויא געבאָרען געוואָרען צו זיין פינאַנץ־ראָלע. מאיר אמשעל, אמשעל משה׳ס ווירדיגער זוהן אין „אבשפאָרען" און וואוכער, האָט אנגעפאנגען זיין לעבען טרויעריג וויא אנדערע אינגלעך פון גהעטאָ. דערצו נאָך איז ער צו צוועלף יאהר געבליבען א יתום. פאר׳ן טויט האָט אמשעל משה אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל זיין איינ־ציגען זוהן געבען אַזאַ ערציהונג, דאָס ער זאָל קענען ווערען א רב. מען האָט דאַרום אַוועקגעשיקט דעם צוקינפטיגען פינאַנץ־קעניג אין דער דאמאלס בעריהמטער ישיבה פון דער שטאדט פירט. אבער ער האָט גלייך ארויסגעוויעזען, דאָס ער איז ניט בעשאַפען געוואָרען צו קוועטשען דיא באַנק און גריבלען זיך אין תלמוד. דאָס איז געווען אַ טהעטיגע און ענערגישע נאַטור, וועלכע האָט זיך געריסען צו געשעפטען און געשטרעבט נאָך גאָלד, וואָס מעהר גאָלד, ניט אַזוי־אום צו געניסען מאַטעריעלע פערגניגען דערפון, וויא צו קלייבען הנאה פון דעם בלעסק פון געלען מעטאַל.

אין דער הויז פון זיין פאטער, דעם מלוה און מטבעות־הענדלער, איז ער געוואָהנט געוואָרען צו בעטראַכטען אַ סך געלד און צו לעזען דיא אויפשריפטען אויף אַלטע מאָנעטען. זייער קלאַנג איז געווען דיא זיסעסטע מוזיק פאר איהם. קיין אַנדער זאַך האָט איהם ניט געצויגען. דארום האָט ער ביי זיך בעשלאָסען צו האַנדלען מיט געלד נאָך ווען דיא אפּעקונעס האָבען איהם אוועקגעשיקט אין דער ישיבה. צום תלמוד איז ער געווען זעהר גלייכגילטיג און האָט דיא ערשטע צייט געלערנט נאָר פאַר א׳ן אָבקומענעס. אין עטליכע יאהר ארום האָט ער אין גאנצען אוועקגעוואָרפען אלע פּלפּולים, אום זיך איבערצוגעבען צו וואוכער און זיינע „באַנק־געשעפטען".

ער איז געוואַקסען אַ לייט. נאָך אין דער ישיבה האָט ער אנגעפאַנגען צו באָרגען געלד זיינע חברים אויף פּראָצענט. דאָס

געלד וואָס ער פלעגט קריגען פון זיינע אָפּעקונעס אויף קלייניגקייטען און נאַשעריי, האָט ער געלאָזט „וואַקסען“ דורך וואוכער. זיין פאטער׳ס „גאָלדענע“ תורה וועגען אָבשפּאָרען האָט ער פּראַקטיצירט אויף יעדען שריט. אויף דיא אָבגעשפּאָרטע געלד האָט ער אויך געקויפט עטליכע אַלטע מטבעות, וועלכע ער האָט פערקויפט מיט אַ גוטען פּראָפיט. דאָס האָט איהם צוגעגעבען חשק צו ווייטערע אזעלכע אָפּעראַציאָנען, זאָ דאָס ער האָט שנעל געקראָגען אַ נאָמען אין דער ישיבה אַלס אַ געשייטער פינאַנסיסט און גרויסער וואוכערניק.

ער האָט זיך אויך געסטאַרעט צו לערנען, אבער דיא תורה איז איהם ניט געקראָכען אין קאָפּ. וואָס ווייטער האָט ער זיך אַלץ מעהר אַריינגעלאָזען אין זיינע „געשעפטען“, אום צו קלייבען דעם גראָשען. ווען ער האָט זיך, נאָך עטליכע יאהר האנדלען אין דער ישיבה, איבערצייגט אַז ער וועט זיין אַ גוטער באַנקיר, אבער אַ זעהר שלעכטער רב, האָט ער, קיינעם ניט פרעגענדיג, זיך אומגעקעהרט נאָך פראַנקפורט, וואו ער האָט זיך בעזעצט אין זיין פאטער׳ס הויז און זיך אַ נעהם געטהאָן צו אַלערליי געשעפטען, וואו נאָר ער האָט פאָראויסגעזעהען, אז ער וועט עפּעס פערדיענען; נור בעזאָנדערס האָט ער געשטרעבט צו באַנק־אָפּעראַציאָנען. דיא בערזע, וועלכע האָט זיך שוין דאַן ענטוויקעלט כמעט וויא אין אונזער צייט, האָט איהם געצויגען וויא אַ מאַגנעט; ער האָט אבער מורא געהאט צו ריזיקירען און האָט געוואַרט אויף א געלעגענהייט אָנצופאַנגען אזוי, אז ער זאָל זיכער זיין צו פערדיענען. ריזיקע איז איבערהויפּט ניט געלעגען אין זיין נאַטור, נור ווען ער האָט געפיהלט און אויסגערעכענט, אַז ער געהט אויף אַ זיכערען וועג, האָט ער זיך אויך ערלויבט צו ספּעקולירען גאַנץ הויך.

ביי אַלע זיינע געשעפטען און ספּעקולאציאָנען האָט ער זיך שטענדיג אויסגעצייכענט מיט פינקטליכע עהרליכקייט, גראַדע וויא פיעל עס איז נויטיג געווען, אום ניט צו איבערטרעטען דיא געזעצע. ער האָט געהאַלטען וואָרט און האָט זיך געסטאַרעט צו קריעגען אַ נאָמען פון א געשעפטסמאַן, אויף וועלכען מען קען זיך פערלאָזען

און צו וועמעז מען מעג האָבען צוטרויען. ער האָט אזוי זיך ערוואָרבען א שם ניט נאָר פאר א פעהיגען פינאנסיסט, זאנדערן אויך פאר א געלאסענעם און עהרליכען געשעפטסמאַן, וואָס עס האָט איהם זעהר פיעל געהאָלפען דיא ערשטע צייט.

אום צו ערלערנען גרינדליך באַנק־אָפּעראַציאָנען און ספּעקולאַציאָנען אויף דער בערזע איז ער אָנגעקומען אין דער גרויסער קאָנטאָר פון אָפּענהיים אין האַנאָווער. דאָרטען האָט ער א פּאָר יאהר געדיענט און אויך פאָרטגעזעצט זיינע אייגענע וואוכער־געשעפטען. ער האָט זיך באַלד אזוי אויסגעצייכענט מיט זיינע פעהיגקייטען צו פינאַנסען, דאָס מען האָט איהם אויפגענומען אַלס א שותף אין דער קאָנטאָר. וואָס מעהר געלד ער האָט געמאַכט אין פערבינדונג מיט דער פירמע אָפּענהיים, אַלץ מעהר האָט ער גענומען טראַכטען וועגען אַ׳ן אייגענעם באַנק. דארום האָט ער זיך ניט פארגונען אויסצוגעבען אַ׳ן איבריגען גראָשען און האָט אַלץ געשפּאָרט ביז ער האָט בערעכענט, אז ער מעג שוין אָנפאַנגען אויף זיין אייגענער רעכנונג. מען קען ניט וויסען, וויא פיעל געלד ער האָט אזוי צוזאַמענגעקליבען, ווען איהם איז געוואָרען א יאהר 25 ; אבער עס איז בעוואוסט, אז ער האָט געלעבט זעהר קאַרג, נאָך איינפאַכער וויא פיעלע פון דיא קלענסטע אָנגעשטעלטע אין דער קאָנטאָר.

זיין קאַפּיטאַל האָט נאָר געקענט זיין א קליינער, ווען ער האָט אַרום 1770 יאהר פערלאָזען האַנאָווער און געעפענט א מין באַנק אין זיין הויז אויף דער יודענשטראַסע אין פראַנקפורט. זיין ערפאַהרונג אין אָפּענהיים׳ס קאָנטאָר האָט ער גוט אויסגענוצט אין פראַנקפורט, וואו ער האָט מייסטענס געזוכט צו מאַכען באַנק־אָפּעראַציאָנען. אזוי וויא ער איז שטענדיג געגאַנגען אויף א זיכערען בריק און געאַרבייט ענערגייש, האָט ער זיין קאַפּיטאַל שנעל פערגרעסערט. ערשט דאַן האָט ער בעשלאָסען חתונה צו האָבען. זיין ווייב איז געוועזען א געוויסע גדולה שנופּע, ווענגען וועלכער עס וועט אויסקומען שפּעטער צו ריידען. מען ווייס ניט, אויב ער האָט געקראָגען נדן, וואַהרשיינליך יא ; נאָר דאָס האָט יעדענפאלס ניט געקענט פיעל פערגרעסערן זיין קאַפּיטאַל.

.2

## דעם העססענער לאַנדגראַף׳ס מיליאָנען און נאַפּאָלעאָנ׳ס מלחמות.

וויא פּעהיג מאיר אמשעל איז ניט געוועזן אין באַנק־אָפּעראַציאָ־
גען, וויא פיעל ער האָט ניט געשפּאָרט און וואָלט ניט געשפּאָרט,
וואָלט ער דאָך ניט געוואָרען אַ פיעלפאַכער מיליאָנער אין אַ גאַנץ
קורצער צייט, ווען אַ צופאַל וואָלט איהם ניט צוגעהאָלפען. דיזער
צופאַל וואָלט אבער ניט געטראָפען, ווען מאיר אמשעל וואָלט ניט
בעקאַנט געוואָרען אַלס א׳ן עהרליכער און פּעהיגער פינאַנסיסט
ניט נאָר אין פראַנקפורט, זאָנדערן אויך ווייט ארום. מען מוז זאָגען,
אַז דער צופאַל האָט געטראָפען דעם ריכטיגען אָרט. גראדע אזוי
וויא אַ קערנדיל, וואָס פאַלט אויף אַ גוטען באָדען, הייבט שנעל אָן
צו וואַקסען, אזוי האָבען דיא פרעמדע מיליאָנען וועלכע זיינען
אַריינגעפאלען אין מאיר אמשעל׳ס הענד, אָנגעפאנגען צו שטייגען
אַלץ העכער און העכער.

דיזע מיליאָנען האָט ער געקראָגען פון דעם לאַנדגראַף פון
העססען, ווילהעלם דער 9טער, וועלכער האָט אָנגעקליעבען ריעזיגע
סומען דורך דעם שענדליכען האַנדעל מיט זיינע רעקרוטען און
וועלכער האָט געזוכט אַ פּעהיגען פינאַנציעלען אַגענט זיי צו בענוצען
אין געשעפטען.

וויא אזוי מאיר אמשעל, וועלכער האָט שוין דאן געטראָגען
דיא פאַמיליע ראָטהשילד — זיינע עלטערן האָבען קיין בעזונדערען
פאַמיליען־נאָמען ניט געהאט, יעדענפאלס וויים מען ניט פון
אזעלכען ; דעם נאָמען ראָטהשילד האָט מען אָנגעפאנגען צו געברוי־
כען צוליעב דעם רויטען שילד אויף דער הויז נומער 152 פון דער
יודענשטראַסע — איז צוגקומען צום העססענער לאַנדגראַף, וויים
מען ניט אויף זיכער. זיינע זיהן און איניקלעך האָבען זיך שטענדיג
ענטזאַגט צו געבען אירגענד וועלכע אויסקינפטע וועגען דעם און
האָבען איבערהויפּט פיינט געהאט צו דערצעהלען עפּעס פון זייער
פאַמיליע. וויא ווייט מען האָט געקענט דערגיין, איז מאיר אמשעל

רעקאמענדירט געווארען פון א געוויסען באראן עסטארף, וועלכער איז געוועזען א נאהענטער פריינד פון דעם לאנדגראף. מיט דיזען באראן האט מאיר אמשעל געהאט געוויסע געשעפטען נאך אין האנאווער. וואהרשיינליך האט דער יונגער שותף פון אפענהיים׳ס קאנטאר געבארגט געלד דעם באראן. מען דערצעהלט, אז ווען מאיר אמשעל איז געקומען זיך פארשטעלען פאר דעם לאנדגראף נאך דער רעקאמענדאציאן פון באראן עסטארף, האט ער זיי ביידען געפונען פערטיעפט אין שאך־שפיעל. ער האט זיך אוועקגעשטעלט לעבען טהיר און האט זיך שטילערהייט צוגעקוקט צום שפיעל. ווען דער לאנדגראף האט געהאלטען ביים פערליערען האט ער זיך ארומגעקוקט, אזוי וויא ער וואלט זוכען הילפע. דערזעהענדיג דעם באנקיר האט ער איהם א פרעג געטאן: „קענט איהר שפיעלען שאך?“ אנשטאט צו ענטפערן יא, האט מאיר אמשעל בעמערקט: „וויל אייער האהייט געפעליגבט א רוק טהון אט דיעזע שטיק?“ דער לאנדגראף האט אנגענומען דעם ראטה פון דעם באנקיר און האט שליסליך געוואונען דיא פארטיע. נאכהער האט ער זיך פאנאנדערגערעדט מיט דעם איד, און דער רעזולטאט פון זייער געשפרעך איז געוועזען, אז מאיר אמשעל האט מיט א מאל ארייגעקראגען אין זיינע הענד א׳ן ערך פון 200 מיליאן פראנק פיר פינאנציעלע ספעקולאציאנען. מען דערצעהלט אויך, אז נאכדעם וויא מאיר אמשעל איז אוועק, האט דער לאנדגראף געזאגט צום באראן: „עס איז גאר קיין צווייפעל ניט, אז איהר האט מיר ניט רעקאמענדירט א נארר“.

דער ריעזיגער פערמעגען, וואס דיא העססענער לאנדגראפען האבען אנגעקליעבען דורך פערדינגען זייערע סאלדאטען צו פרעמדע מלוכות, בעזאנדערס צו ענגלאנד, האט אויפגעלעבט אין מאיר אמשעל׳ס הענד און האט געלעגט, מען קען זיכער זאגען, דעם פונדאמענט פון דער פינאנציעלער גרויסקייט פון ראטהשילד׳ס הויז. טויזענדער ארימע דייטשע בויערן זיינען געפאלען אין פערשידענע שלאכטען אין פרעמדע לענדער, און פון זייערע בלוט און ביינער זיינען געוואקסען בערג מיט גאלד אין ראטשילד׳ס קעלערן. ווען

.2

## דעם העססענער לאַנדגראַף'ס מיליאָנען און נאַפּאָלעאָנ'ס מלחמות.

וויא פעהיג מאיר אמשעל איז ניט געוועזן אין באַנק־אָפּעראַציאָנען, וויא פיעל ער האָט ניט געשפּאָרט און וואָלט ניט געשפּאָרט, וואָלט ער דאָך ניט געוואָרען אַ פיעלפאַכער מיליאָנער אין אַ גאַנץ קורצער צייט, ווען אַ צופאַל וואָלט איהם ניט צוגעהאָלפען. דיזער צופאַל וואָלט אבער ניט געטראָפען, ווען מאיר אמשעל וואָלט ניט בעקאַנט געוואָרען אַלס א'ן עהרליכער און פעהיגער פינאַנסיסט ניט נאָר אין פראַנקפורט, זאָנדערן אויך ווייט ארום. מען מוז זאָגען, אַז דער צופאַל האָט געטראָפען דעם ריכטיגען אָרט. גראַדע אזוי וויא אַ קערנדיל, וואָס פאַלט אויף אַ גוטען באָדען, הייבט שנעל אָן צו וואַקסען, אזוי האָבען דיא פרעמדע מיליאָנען וועלכע זיינען אריינגעפאַלען אין מאיר אמשעל'ס הענד, אָנגעפאַנגען צו שטייגען אלץ העכער און העכער.

דיזע מיליאָנען האָט ער געקראָגען פון דעם לאַנדגראַף פון העססען, ווילהעלם דער 9טער, וועלכער האָט אָנגעקליבען ריעזיגע סומען דורך דעם שענדליכען האַנדעל מיט זיינע רעקרוטען און וועלכער האָט געזוכט אַ פעהיגען פינאַנציעלען אַגענט זיי צו בענוצען אין געשעפטען.

וויא אזוי מאיר אמשעל, וועלכער האָט שוין דאַן געטראָגען דיא פאַמיליע ראָטהשילד — זיינע עלטערן האָבען קיין בעזונדערען פאַמיליען־נאָמען ניט געהאַט, יעדענפאַלס ווייס מען ניט פון אזעלכען; דעם נאָמען ראָטהשילד האָט מען אָנגעפאַנגען צו געברויכען צוליעב דעם רויטען שילד אויף דער הויז נומער 152 פון דער יודענשטראַסע — איז צוגקומען צום העססענער לאַנדגראַף, ווייס מען ניט אויף זיכער. זיינע זיהן און אייניקלעך האָבען זיך שטענדיג ענטזאַגט צו געבען אירגענד וועלכע אויסקינפטע וועגען דעם און האָבען איבערהויפּט פיינט געהאַט צו דערצעהלען עפּעס פון זייער פאַמיליע. וויא ווייט מען האָט געקענט דערגיין, איז מאיר אמשעל

רעקאָמענדירט געוואָרען פון אַ געוויסען באַראָן עסטאָרף, וועלכער איז געוועזען אַ נאָהענטער פריינד פון דעם לאַנדגראַף. מיט דיזען באַראָן האָט מאיר אמשעל געהאט געוויסע געשעפטען נאָך אין האַנאָווער. וואַהרשיינליך האָט דער יונגער שותף פון אָפּענהיים'ס קאָנטאָר געבאָרגט געלד דעם באַראָן. מען דערצעהלט, אז ווען מאיר אמשעל איז געקומען זיך פאָרשטעלען פאר דעם לאַנדגראַף נאָך דער רעקאָמענדאציאָן פון באַראָן עסטאָרף, האָט ער זיי ביידען געפונען פערטיעפט אין שאַך־שפּיעל. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט לעבען טהיר און האָט זיך שטילערהייט צוגעקוקט צום שפּיעל. ווען דער לאַנדגראַף האָט געהאַלטען ביים פערליערען האָט ער זיך ארומגעקוקט, אזוי וויא ער וואָלט זוכען הילפע. דערזעהענדיג דעם באַנקיר האָט ער איהם אַ פרעג געטאָן : „קענט איהר שפּיעלען שאַך ?“ אנשטאט צו ענטפערן יא, האָט מאיר אמשעל בעמערקט : „וויל אייער האָהייט נעפעליגסט אַ רוק טהון אָט דיעזע שטיק ?“ דער לאַנדגראַף האָט אָנגענומען דעם ראַטה פון דעם באַנקיר און האָט שליסליך געוואונען דיא פּאַרטיע. נאכהער האָט ער זיך פאַנאַנדערגערעדט מיט דעם איד, און דער רעזולטאט פון זייער געשפּרעך איז געוועזען, אז מאיר אמשעל האָט מיט אַ מאָל ארייננעקראָגען אין זיינע הענד אַ'ן ערך פון 200 מיליאָן פראַנק פיר פינאַנציעלע ספּעקולאַציאָנען. מען דערצעהלט אויך,אַז נאָכדעם וויא מאיר אמשעל איז אוועק, האָט דער לאַנדגראַף געזאָגט צום באַראָן : „עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז איהר האָט מיר ניט רעקאָמענדירט אַ נארר“.

דער ריעזיגער פערמעגען, וואָס דיא העססענער לאַנדגראַפען האָבען אָנגעקליעבען דורך פערדינגען זייערע סאָלדאטען צו פרעמדע מלוכות, בעזאָנדערס צו ענגלאַנד, האָט אויפגעלעבט אין מאיר אמשעל'ס הענד און האָט געלעגט, מען קען זיכער זאָגען, דעם פונדאַמענט פון דער פינאַנציעלער גרויסקייט פון ראָטהשילד'ס הויז. טויזענדער אָרימע דייטשע בויערן זיינען געפאלען אין פערשידענע שלאַכטען אין פרעמדע לענדער, און פון זייערע בלוט און ביינער זיינען געוואָ'ען בערג מיט גאָלד אין ראָטשילד'ס קעלערן. ווען

ווילהעלם דער 9טער איז געוואָרען דער לאַנדגראַף פון העססען, האָט ער געי׳רש׳ענט פון זיין פאטער פריעדריך דער 2טער ניט ווייניגער פון 56 מיליאָן טהאַלער. ענגלאנד האָט גוט געצאָהלט פאר דיא סאָלדאטען, וועלכע זיא פלעגט דינגען ביי דיא קליינע דייטשע פרינצען. דיא העססענער לאַנדגראַפען האָבען זיך ספּעציעל אָבגעגעבען צו דיזען ניעדערטרעכטיגען מסחר. ווען דיא אמעריקאַנער קאָלאָניעס האָבען זיך פערבונדען, אום אראָבצושליידערן פון זיך דעם ענגלישען יאָך, האָט דער לאַנדגראַף פריעדריך דער 2טער צוגעשטעלט דער ענגלישער רעגיערונג 16 טויזענד רעקרוטען און האָט דערפאר געקראָגען 22 מיליאָן טהאַלער. זיין זוהן ווילהעלם דער 9טער, וועלכער האָט זיך ניט בענוגענט דערמיט, וואָס דיזע מיליאָנען זיינען געלעגען אין זיינע קעלערן און האָט זיי געזוכט „פרוכטבאַר״ צו מאַכען דורך מאיר אמשעל׳ס פינאַנציעלען קאָפּ,— ער האָט אויך פערדונגען צו ענגלאנד 16 טויזענד רעקרוטען, וועלכע זיינען געברויכט געוואָרען צו שלאָגען זיך געגען נאַפּאָלעאָנען און פון וועלכע נאָר געצעהלטע האָבען דערלעבט צוריקצוקעהרען זיך מיט גאַנצעביינער.

דערפאר האָט נאַפּאָלעאָן, ווען ער איז געוואָרען דער הערשער פון אייראָפּאַ בעשטראָפט דיזע הענדלער מיט פולווער־פּלייש. אין 1806 האָט ער ארויסגעלאָזען אַ בעפעהל, וועלכער האָט געלויטעט אזוי: „אין אַנבעטראַכט, דאָס דיא העססענער לאַנדגראַפען האָבען ארויסגעצייגט אַ ניעדערטרעכטיגען גייץ, פערקויפענדיג זייערע אונטערטהאַנען צו דער ענגלישער רעגיערונג, און האָבען אויף אַזאַ שטייגער צוזאַמענגעקליבען אַ ריעזיגען פערמעגען — ערקלערען מיר, אַז דיא פרינצליכע הויז פון דיזע לאַנדגראפען הערט אויף צו עקזיסטירען.״

נאָר נאָך נאַפּאָלעאָן׳ס פאַל אין 1814, ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דיא צייט, וועלכע טראָגט אין דער געשיכטע דעם נאָמען רעסטאָראַציאָן (צוריקשטעלונג, ערנייערונג) און וועלכע האָט ווידער געבראַכט דיא פעריאָגטע מלכים אויף זייערע טראָנען, האָט אויך דער העססענער לאַנדגראַף ווידער געקענט פערדינגען

זיינע ליעבהארציגע אונטערטהאַנען צו פרעמדע מעכטע; אבער דיא צייטען האָבען זיך נאָך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן אַזוי געענדערט, אַז דיא דייטשע אונטערטהאַנען זיינען קליגער געוואָרען און האָבען אויף געקראָגען אַ דעה. דער שענדליכער האַנדעל פון דיא העססענער און אנדערע קליינע דייטשע פרינצען מיט זייערע רעקרוטען איז געוואָרען א זאַך פון דער פינסטערער פערגאַנגענהייט צוזאַמען מיט אַנדערע באַרבאַרישע פיהרונגען, וועלכע דער שטורם פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן האָט פאַנאַנדערגעיאָגט; אבער דער „פערדיענסט" אין דיעזען האַנדעל איז פערבליבען אונטער אַזעלכע פעסטע שלעסער, אַז אפילו נאַפּאָלעאָן האָט זיי ניט געקענט איינברעכען.

אין דער צייט, ווען נאַפּאָלעאָן האָט פעריאָגט דעם העססענער לאַנדגראַף צוזאַמען מיט אַנדערע מלכים און פרינצען, האָט שוין דאָס גאָלד, וואָס מען האָט אויסגעשלאָגען פון דיא ביינער פון דיא אָרימע העסענער סאָלדאַטען, צירקולירט איבער דער וועלט דורך דיא פערמיטלונג פון מאיר אמשעל. דער לאַנדגראַף האָט גענאָסען גאַנץ רוהיג דיא פּראָצענטען, וועלכע דער געניאַלער אידישער פינאַנסיסט האָט איהם פינקטליך און עהרליך געצאָהלט. נאָך מעהר, דעם העססענער לאַנדגראַף'ס מיליאָנען האָבען ניט וויי‌ניג מיטגעהאָלפען צו ברעכען נאַפּאָלעאָן'ס מאַכט, דען, וויא מיר וועלען עס שפּעטער זעהען, האָט מאיר אמשעל'ס דריטער זוהן, נאַטהאַן ראָטהשילד, אויף אַ פינאַנציעלער זשעניע, ספּעקולירט געגען איהם אין געמאַכט מיליאָנען נאָך דער שלאַכט פון וואַטערלאָ.

נאָר וויא אַזוי מאיר אמשעל האָט ניט געקראָגען דעם לאַנד־גראַף'ס מיליאָנען פיר פינאַנציעלע ספּעקולאַציאָנען — דיזער פּונקט בלייבט נאָך אַלין אַ געהיימניס — זיכער איז עס, אַז ער האָט זיך דערמיט אַזוי קונציג בענוצט, דאָס אין אַ קורצער צייט איז ער אַליין געוואָרען אַ פיעלפאַכער מיליאָנער. דעם לאַנדגראַף'ס מיליאָ־נען זיינען געווען פאַר איהם וויא פליגלען צו שוועבען איבער דער בערזע אַזוי וויא אַ מעכטיגער אדלער הויך אין דער לופט. ער האָט אויסגעצייכענט פערשטאַנען, וויא צו לאָזען אין גאַנג יעדען

טהאַלער, אז ער זאָל זיך שנעל, זאָ צו זאָגען, אבקינדלען מיט נייע. „מען דארף ניט לאָזען געלד ליעגען אין קאסטען“, פלעגט ער טענה'ן. ווען עס איז נאָר מעגליך, לאָזט אייערע טהאַלערס און פראַנקען אין וועג. וואָס גרעסער דיא סומע אין צירקולאַציאָן, איז אלץ בעסער. 100 טהאַלערס זיינען ניט הונדערט מאָל „מעכטיגער“ וויא 1 טהאַלער, זאָנדערן „טויזענד מאָל“. ער האָט זיך שטענדיג געהאַלטען אָן דיזע רעגעל, און זיין זעלטענע ענערגיע, זיין מערקווירדיגען פינאַנציעלען זשעניע האָט ער זיין גאנצען לעבען אָנגעווענדעט צו געפינען פאַר זיינע טהאַלערס דעם בעסטען און אויף דעם זיכערסטען וועג צו פערמעהרען זיך וואָס שנעלער.

מאַיר אמשעל איז דאַן ניט געווען דער איינציגער אזוי צו האַנדלען. אז געלד וואקסט דורך צירקולאַציאָן און געשעפטען, איז גוט בעקאַנט געווען אין אַלטע צייטען. מען האָט נאָר בעדאַרפט וויסען, וויא דאָס אויסצופיהרען. ביי דיא פרינצען, גראַפען, באַראָנען און אלע אַדעליגע, וויא אויך אין דיא קלויסטערס און ביי פיעלע בורזשואַזנע פאַמיליען זיינען געלעגען אָנגעזאַמעלט אַ סך גאָלד און זילבער; נאָר אין מיטעלטאַלטער האָבען זעהר ווענים פינאַנסיסטען געוואוסט, וויא דאָס צו געברויכען אין געשעפטען. ביסלעכווייז, דורך דיא ענטוויקלונג פון אינדוסטריע און האַנדעל, האָט מען גענומען ארויסשלעפען דיא בעהאַלטענע אוצרות אויף דער האַנדעלסוועלט און זיי לאָזען אין גאַנג. דיא פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט אין גאַנצען צוטרייסעלט אַלע פונדאַמענטען פון דער מיטעלאַלטערליכער געזעלשאַפט און אויך געצייגט דיא אַדעליגע, אַז מיט זייערע פערבאָרגענע גאָלד קענען זיי גאַנץ פיין לעבען אָהן זייערע מאַיאָנטקעס, ווען נאָר זיי זאָלען עס איבערגעבען אין ריכטיגע הענד פיר פינאַנציעלע ספּעקולאַציאָנען — אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן און פון דיא נאַפּאָלעאָנישע מלחמות זיינען מאַסען אַדעליגע געצוואונגען געווען אויסצו־וואַנדערן און זיך צו פערלאָזען אויף זייערע באַנקירען, ווען זיי האָבען געהאַט שכל איבערצוגעבען בעצייטענס דיא אָנגעקליעבענע גאָלד און זילבער — דיזע רעוואָלוציאָן

האָט אויך אַריינגעטריעבען אין דער בערזע מאַסען נייע קאַפּיטאַלען. דיא עקאָנאָמישע ענדערונגען, וועלכע דיזע גרויסע פּאָליטישע איבערקעהרענים האָט ארויסגערופען, זיינען דורך דעם נאָך גרעסער געוואָרען.

דיא פערמיטלערס צווישען דיזע טויטע אוצרות פון מיטעל־אַלטער און דיא בערזע זיינען אַ געוויסע צייט, בעזאָנדערס צו ענדע פון 18טען און אין אנפאנג פון 19טען יאהרהונדערט, מייסטענס געוועזען אידישע באַנקירען; אבער קיינעם פון זיי, אָבוואָהל איינינע זיינען געוועזען זעהר געשייטע און פעהיגע פינאַנסיסטען, איז ניט געלונגען ארויסצוטרעטען מיט אַזאַ ריעזיגען פרעמדען קאַפּיטאַל, וויא מאיר אמשעל. דארום האָט אויך קיינער פון זיי ניט געקענט דערגרייכען צו אַזעלכע רעזולטאַטען און האָבען אַזאַ אונגעהויערען ערפאָלג, וויא ער.

דיא מלחמות, וועלכע האָבען זיך געצויגען זייט דעם אָנפאנג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן אין 1789 ביז דעם וויענער קאָנגרעס אין 1814 און האָבען איינגעשלונגען מיליאָנען מענשען און מיליאַרדען געלד, האָבען געצוואונגען דיא רעגיערונגען צו מאַכען הלואות וואו נור זיי האָבען געקענט. מאיר אמשעל, וועלכער האָט גוט פערשטאַנען, אז אזעלכע הלואות זיינען דיא בעסטע און זיכערסטע פינאַנציעלע אָפּעראַציאָנען, האָט זיך אָבגעגעבען ספּעציעל אויסצוהעלפען דיא מלכים מיט דעם העססענער גראַף׳ס מיליאָנען און מיט אַנדערע סומען, וועלכע ער האָט געקראָגען ביי אַנדערע פריצים. אין זיינע הענד האָט שוין קיין גראָשען ניט געדרעמעלט. ער איז אָבער געוועזען זעהר פאָרזיכטיג, ווען ער פלעגט מאַכען אַ׳ן הלואה. דערביי האָט ער זיך נאַטירליך געלאָזט גוט בעצאָהלען. אויסער אַ קאָמיסיאָן, וועלכע האָט אָפט דערגרייכט ביז אַנדערט־האַלבען פּראָצענט, פלעגט ער נאָך נעהמען ניט וויינינגער וויא 6 פּראָצענט יעהרליך אויפ׳ן געבאָרגטען קאַפּיטאַל. פון יעדען מיליאָן פלעגט ער אזוי „מאַכען" יעהרליך ניט וויינינגער וויא 60 טויזענד.

ווען ער האָט אָנגעפאַנגען צו באָרגען געלד דירעקט צו רעגיערונגען, ווייס מען ניט גענוי, נאָר זיכער איז עס, אז דורך דעם האָט

ער ניט נור „געבאָרען“ אַ סך נייע מיליאָנען, זאָנדערן האָט אויך געלעגט דעם פונדאַמענט פון דער געוואַלדיגער פינאַנציעל־פּאָליטי־שער מאַכט, מיט וועלכער זיינע זיהן האָבען זיך גלענצענד און וואונדערבאַר אויסגענוצט. פון דיא ערשטע אָפּעראַציאָנען האָט דאָס פּובליקום כמעט גאָר ניט געוואוסט. דיא פערהאַנדלונגען פלעגען געפיהרט ווערען אונטער געשלאָסענע טהירען אין זיין הויז מיט דעם רויטען שילד. אויב ער האָט איבערגעלאָזען ביכער, וואו זיינע פינאַנציעלע אָפּעראַציאָנען זיינען פערצייכענט געוואָרען, ליעגען זיי ביי זיינע יורשים, וועלכע האַלטען זיי אין גרויס געהיים. ביז יעצט האָט מען ביי דיא ראָטהשילד׳ס קיין שום אויסקונפט ניט געקענט קריעגען וועגען דיזע אָפּעראַציאָנען, וועלכע האָבען אויך אַ היסטאָרישען ווערטה, ווייל זיי זיינען אויך פערבונדען מיט דעם קאַמפּף פון אַלע מלכים געגען נאַפּאָלעאָן.

מאיר אמשעל האָט ביז זיין טויט אין 1812 געוואָהנט אין דער אַלטער הויז פון זיין פאטער, נאָר ער האָט געהאט געשיקטע אַגענטען, זיינע געזאַנדטע, אין דיא גרעסטע שטעדט פון אייראָפּאַ. דיזע אגענטען האָט ער אבער געהאלטען ניט דערצו, אז זיי זאָלען פיהרען פאַר איהם געשעפטען, נאָר אום צו קריעגען נאַכריכטען פון דיא ערשטע און זיכערע קוועלען. אין זיינע פינאַנציעלע אָפּעראַ־ציאָנען האָט ער קיינעם ניט צוגעלאָזען זיך אריינצומישען. ער פלעגט אַלעמען אליין אויסהערען און דורכקוקען אלע רעכנונגען. ער האָט פיינט געהאט פערמיטלערס און האָט זיך אויף קיינעם ניט פערלאָזען איז זיינע געשעפטען, דען ער האט איבערהויפּט ווייניג צוטרויען געהאט צו מענשען. געאַרבייט האָט ער אונערמיעדליך אפילו ווען ער איז קראַנק געווען. זיין ענערגיע און פלייס פלעגען יעדען וואונדערען. אויף דער פראַגע, ווארום ער האוועט אַזוי, ווען ער האָט שוין אָנגעזאַמעלט אפילו פאר זיינע אור־אייניקלעך, האָט ער קורץ און איינפאַך געענטפערט : „יעדער דאַרף טהון זיין זאַך, איך טהו מיינע.“

אין זיין הויז פלעגען זיך יעדען טאָג שטופּען מאַסען מענשען. ניט זעלטען פלעגען זיך דאָרטעז אָבשטעלען קאַרעטען פון מיניס־

טערם און פּרינצען. ער פלעגט יעדען אויסהערען פּערזענליך אָהן צערעמאָניעס. אין זיין בענעהמען זיך איז ער געבליבען אזוי פּראָסט, וויא ווען ער איז נאָך אַרויס פון דער ישיבה. ווער עס האָט נור געוואָלט האָט איהם געקענט זעהען און מיט איהם ריידען, נאַטירליך וועגען געשעפטען. אַנדערע זאַכען האָט ער ניט פער־שטאַנען און אויך ניט געוואָלט פערשטעהן.

אין אַלגעמיין האָט ער זיך געפיהרט וויא א טרייער אידישער פאַמיליען־פאַטער. ער האָט געלעבט צוזאַמען מיט זיינע פינף זיהן און צאהלרייכע אייניקלעך מערקווירדיג איינפאַך.

אויף דער עלטער האָט ער זיך גענומען א ביסעלע צו צדקה. זיין געוואָהנהייט איז געווען צו געבען א נדבה יעדען אָרימאַן, וואָס ער פלעגט טרעפען אין גאַס אין דער צייט, ווען ער פלעגט נאָך מיטאג ארויסגעהן שפּאַציערען, מייסטענס אבער דיא זעלבע גאַסען. נאַטירליך, דיא אָרימע לייט פלעגען איהם נאָכלויפען, און ער איז דורך דעם זעהר בעליעבט געוואָרען פון זיינע אָרימע ברידער אין דער געהעטאָ.

ער האָט זיי אויך פּאָליטיש געהאָלפען. אזוי וויא ער האָט נאַטירליך געהאט אַ גרויסע דעה ביי דעם לאַנדגראַף, האָט ער אויסגעפיהרט, אז מען זאָל דיא פראַנקפורטער אידען בעוויליגען גלייכע פּאָליטישע רעכטע. דאָ ביי האָט ער אויך געהאַנדעלט אזוי פּאָרזיכטיג וויא אין זיינע באַנקיר־געשעפטען. ער איז ניט געקראָכען צום לאַנדגראַף מיט ביטעס פאר אידען און האָט איבער־הויפּט ניט געזוכט צו שפּיעלען דיא ראָלע פון א מליץ יושר; נאָר ער פלעגט ניט פערפעהלען צו בענוצען זיך מיט אַ גינסטיגער געלעגענהייט צו זאָגען אַ גוט וואָרט און צו פערטהיידיגען זיינע ברידער.

ער איז געווען אַ פרומער איד און האָט זיין הויז געפיהרט אָרטהאָדאָקסיש גראַדע אַזוי וויא זיין פאַטער. נאָר מיט אידישע קהל׳שע אנגעלעגענהייטען האָט ער זיך אזוי וועניג אָבגעגעבען וויא זיינע זיהן, וועלכע זיינען אייגענטליך געבליבען אידען, ווייל זיי

זיינען אזוי געבאָרען געוואָרען און האָבען פערשפּראָכען זייער פאטער אויף דער שטערבע־בעט זיך ניט צו טויפען.

פאר׳ן טוידט האָט ער צוזאַמענגערופען אלע זיינע זיהן און האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלען בלייבען טריי דער אידישער רעליגיאָן, האַנדלען צוזאַמען און קיין זאַך ניט אונטערנעהמען, ניט אָנפרעגענדיג פריהער זייער מוטער. „האַלט זיך אָן דעם, האָט ער צו זיי געזאָגט, און איהר וועט ווערען דיא רייכסטע צווישען דיא רייכע.“ מען בעהויפּטעט, אַז דאָס זיינען געווען זיינע לעצטע ווערטער. זיינע זיהן האָבען יעדענפאלס הייליג געהאלטען זיין לעצטען וואונש און זיינען טאקע אין אַ קורצער צייט געוואָרען דיא רייכסטע צווישען רייכע.



## .3

## דיא מוטער פון בערזען־נאַפּאָלעאָנען.

מאיר אמשעל'ס פינף זיהן האָבען זיך צושפּרייט אויף דער וועלט, אבער זיי האָבען זיך ניט אָבגעטהיילט און צושיידעט. זיי האָבען נאָר אויסגעקליבען בעזאָנדערע צענטערס פיר זייער טהעטיג־קייט, אום בעסער צו קאָנטראָלירען דיא בערזע און דורך דעם צו בעהערשען דיא פינאַנץ־וועלט. זיי האָבען צווישען זיך צוטהיילט אייראָפּאַ, און געמיינשאַפּטליך איהר צו האַלטען אין זייערע „גאָלדענע" הענד. דער עלטסטער, אנסעלם, איז פערבליעבען אין דייטשלאנד, אין זיין פאטער'ס געבורטס־שטאדט, שלמה האָט אויס־געקליבען וויען, נתן—לאָנדאָן, קארל—נעאַפּעל, יעקב—פּאַריז.

אין דער אַלטער געהעטאָ־הויז איז נאָר פערבליעבען זייער מוטער גדולה, וועלכע האָט איבערגעלעבט איהר מאַן 37 יאהר. זיא איז געשטאָרבען אין 1849, ווען זיא איז אַלט געוועזען 96 יאהר. זיא האָט אויף קייז פאַל ניט געוואָלט פערלאָזען דיא אַלטע הויז, וויא פיעל איהרע קינדער האָבען עס איהר ניט געבעטען, און וויא פיעל דיא דאָקטוירים האָבען עס איהר ניט געראטהען צו טהון. זיא האָט זיך איינגעגלויבט, אז דיא הויז איז מזל'דיג און אַז זיא מוז אין איהר שטאַרבען. זיא האָט געציטערט, דאָס ווען זיא וועט ארויסציהען, וועלען זיך דאָרט אַריינכאַפּען שדים און ברענגען אונגליק אויף איהרע קינדער. אויך איז זיא געוועזען שטאַרק צוגעבונ־דען צו דער הויז, וואו זיא האָט פערבראַכט איהרע בעסטע און גליקליכסטע יאהרען און וואו זיא האָט געזעהן, וויא איהר מאַן איז געוואָרען, קען מען זאָגען, א וועלט־מאַכט.

זאָ לאנג זיא האָט געלעבט, פלעגען זיך איהרע זיהן צוזאַמענ־פאָהרען, אום צו בעשפּרעכען וויכטיגע אנגעלעגענהייטען אין איהר אַנוועזענהייט, וויא זייער פאטער האָט עס זיי אָנגעזאגט פאַר זיין טויט. זיא פלעגט זיך ניט מישען אין זייערע פערהאַנדלונגען און שטרייטען; נאָר ווען זיא פלעגט זעהען, אַז זיי צוהיצען זיך און נעהמען זיך קריעגען, פלעגט זיא זיי דערמאָהנען אָן דער צוואה פון

דעם פאטער, אז זיי זאָלען האנדלען צוזאמען און בלייבען טריי דעם אידישען גלויבען. דאָס פלעגט אויף זיי שטארקער ווירקען וויא דיא בעסטע עצות. עס קען זיין, אז צוליעב דעם האָט עס מאיר אמשעל זיי אָנגעזאָגט אָנצופרעגען זייער מוטער אין אלע זייערע אונטערנעהמונגען. זיא האָט זיך געפיהרט וויא א פראָסטע אידענע און האָט געלעבט זעהר איינפאך. היינריך היינע שרייבט וועגען דיזע גדולה און איהר הויז אזוי — „דאָ, אין דער אלטער קליינער הויז לעבט א ווירדיגע פרוי, וועלכע האָט געבאָרען אזוי פיעל נאפּאָלעאָנען פון דער בערזע. זיא דיא גרויסע מוטער פון מיליאָנען־הלואות, ניט אכטענדיג אויף דיא אלוועלטליכע מאכט פון איהרע קעניגליכע זיהן, וויל דאָך אויף קיין פאל ניט פערלאָזען איהר קליי־נעס, אבער טהייערען אָרט אויף דער יודענשטראסע. היינט האָט זיא צוליעב חנוכה בעפּוצט דיא פענסטער מיט ווייסע פאָרהאנגען. וויא געמיטהליך עס ברענען דיא ליכט, וועלכע דיא אלטעטשקע האָט אנגעצונדען מיט איהרע ציטערנדע הענד צום אנדענקען פון דעם טאג, ווען יהודה המכבי מיט זיינע העלדישע ברידער האָבען בעפרייט זייער פאטערלאנד״...

* * *

## נאטהאן ראָטהשילד אין לאָנדאָן.

פון דיא פינף זיהן איז דער גרעסטער און פעהיגסטער פינאַנ־ציסט געווען נאַטהאַן (נתן) ראָטהשילד, דער גרינדער פון דער לאָנדאָנער קאנטאָר, דער זיידע פון דעם יעצטיגען פינאַנץ־קעניג לאָרד נאַטהאַניעל ראָטהשילד. ער האָט גע׳ירש׳ענט דיא גרויסע פעהיגקייטען פון זיין פאטער און דערצו נאָך האָט ער אויך געקענט ריזיקירען אין וויכטיגע מאָמענטען. ער איז דער אינטערעסאַנטעס־טער פון אלע ראָטהשילדען און אויך אַ מערקווירדיגער טיפּ פון א גרויסען בערזען־ספּעקולאַנט. מיר ווע־לען דאַרום צוערשט בעשריי־בען אין קורצען זיין לעבען און טהעטיגקייט.

ער אליין האָט אזוי דערצעהלט וועגען דעם אָנפאנג פון זיין פינאַנציעלע קאריערע: „אין מיין פאטער׳ס הויז האָב איך געהאט אויפצופּאַסען אויף ענגלישע סחורות. אין 1798 איז צו אונז אין פראַנקפורט געקומען אַ גרויסער ענגלישער סוחר, וועלכער האָט בעהערשט דעם בוימוואָל־מארקעט. איך האָב איהם מיט עפּעס בעליידיגט, און ער האָט זיך אָבגעזאָגט מיר צו צייגען סעמפּעלס (מוסטערס). דאָס, געדענק איך, האָט געטראָפען א דיענסטאג. דאַן האָב איך געזאָגט צו מיין פאטער: „איך פאָהר נאָך ענגלאנד“. איך האָב ניט געקענט רעדען אירגענד וועלכע שפּראַך אויסער דייטש. דעם צווייטען טאָג, דאָנערשטאג, בין איך שוין געווען אין וועג. וואָס נעהנטער איך בין צוגעקומען צו ענגלאנד, אלץ ביליגער זיינען געווען ענגלישע סחורות. ווען איך בין אָנגעקומען אין מאַנטשעסטער, האָב איך בענוצט דאָס געלד, וואָס איך האָב מיטגענומען, אויף אָנקויפען פערשידענע סחורות, וועלכע זיינען געווען זעהר ביליג און וועלכע איך האָב נאַכהער פערקויפט מיט אַ זעהר גוטען פּראָפיט. באַלד האָב איך זיך ארומגעזעהען, אַז מען קען פערדיענען אויף דריי זאַכען מיט אַ מאָל: אויף בוימוואָל, פארבען און דיא פאַבריקאַציאָן. דארום האָב איך געזאָגט צום פאַבריקאַנט: „איך וועל אייך צושטעלען בוימוואָל און פארבען און

איהר וועט מיר ליפערן אייערע פאַבריצירטע אַרטיקלען". צוליעב דעם האָב איך ניט נאָר געקאנט מאַכען אַ סך געלד ביי יעדען מסחר, זאָנדערן בין נאָך אין שטאַנד געוועזן צו פערקויפען ביליגער פאַר יעדען אַנדערן. אין אַ גאַנץ קורצער צייט האָב איך אזוי אומגע־וואַנדעלט מיינע 20 טויזענד פונט סטערלינג אין 60 טויזענד. מיין נאַנצער ערפאָלג איז בעגרינדעט געוואָרען אויף פאָלגענדער רעגעל: „איך קען אויספיהרען אַלעס, וואָס אַ'ן אנדערער קען טהון, און דאַרום וועל איך קאָנקורירען מיט דעם סוחר, וואָס האָט מיר ניט געוואָלט צייגען זיינע מוסטערס, און מיט אירגענד וועלכען פאַבריקאַנט".

איהם איז דאַן געוואָרען אַ יאהר 24. מעהר וויא דיא געשעפ־טען פון זיין פאטער האָט ער ניט געלערנט. מאיר אַמשעל האָט אַליין ניט געהאַלטען פון וויסענשאַפטען און קונסט, אויסער דיא קונסט צו מאַכען געלד, און האָט אויך זיינע זיהן ערצויגען אויף זיין וועג. אויסער א ביסעל אידיש און דייטש האָבען זיי גאָר ניט געקענט. מאיר אמשעל האָט קיינמאָל ניט געלעזען אַ בוך איבער אירגענד וועלכע פראגע, אפילו ניט איבער פינאַנצען, און האָט אויך איינגעפלאַנצט אין זיינע זיהן אַ פעראַכטונג צו ביכער און איבערהויפט צו לערנונג. דערפאַר האָט ער זיך גע־סטאַרעט, אז זיי זאָלען דורכמאַכען זיין שולע און ווערען דורכגעריעבענע געשעפטסלייט. אין דעם האָט ער אזוי פיעל ערפאָלג געהאַט, אַז די שילער האָבען איבערגעשטיגען דעם רבי'ן. ווען נאַטהאַן איז אַלט געוועזן 12 יאהר, האָט איהם זיין פאטער שוין אנפערטרויט געוויסע געשעפטען, וועלכע האָבען געפאָדערט גרויסע פאָרזיכט און געשיקטקייט. דער צוקינפטיגער וועלט־ספעקולאַנט האָט זיך יעדעס מאָל אויסגעצייכענט, זאָ דאָס ווען איהם איז געוואָרען 18 יאהר, איז ער שוין געוועזן דער פער־וואַלטער פון דעם האַנדעל מיט ענגלאַנד.

דער פאַל מיט זיין ערשטע רייזע נאָך ענגלאַנד כאַראַקטעריזירט איהם זעהר גוט. ער האָט דערביי אַרויסגעוויעזען דיא פעהיגקייטען, וועלכע האָבען איהם שפּעטער געמאַכט פאַר דעם הערשער איבער דער

לאָנדאָנער בערזע, נעמליך: שנעלקייט צו פאַסען אַ בעשלוס, פאָל־קאָמענע זיכערהייט אין זיך זעלבסט, ריזיקע אויף אַ בערעכענטען וועג און פיעבערהאַפטע טהעטיגקייט. אין זיין שטרעבונג בייצו־קומען אַלע קאָנקורענטען האָט ער זיך אם וועניגסטען געקימערט וועגען מאָראַל און מענשליכקייט, אָבוואָהל ער האָט אייגענטליך קיינע שווינדעל בעגאַנגען — דאָס הייסט שווינדעל וועלכע ווערען אַנערקענט אַלס אזעלכע אין דער געשעפטס־וועלט. ער האָט געקוקט אויף דיא געפאַלענע אין דיא בערזען־שלאַכטען, אויף דיא רואינירטע, גלייכגילטיג און מיט פעראַכטונג, עפּעס אזוי וויא ער וואָלט זיי גאָר ניט גערעכענט פאר מענשען.

„איך האָב קיין מאָל ניט געהאט און וועל קיינמאָל ניט האָבען אירגענד וועלכע געשעפטען מיט מענשען, וועלכע עס געהט ניט: ווען זיי קענען ניט פיהרען זייערע געשעפטען, טאָ צו וואָס טויגען זיי מיר?“ דאָס איז געוועזען איינע פון זיינע שטרענגסטע רעגעלן אין זיינע בעציהונגען צו מענשען און דאָס צייגט, פון וואָס פאר אַ האַרטע טייג ער איז געקנאָטען געוואָרען. האָסט קיין ערפאָלג ניט אין לעבען — אַרונטער פון מארק! דו ביזט אַ קבצן — געה אין דר'ערד אריין! עס מאַכט ניט אויס, צוליעב וועלכע אורזאכען דו האָסט קיין ערפאָלג געהאט, ווארום דו ביזט געבליעבען א'ן אָרימאַן. נאַטהאַן ראָטשילד האָט גאָר ניט געטראַכט וועגען דעם, וויא עס טראַכטען ניט אַלע אַנדערע געלד־מאַכערס, וועלכע שעצען אַ מענשען נאָר אויף אזוי פיעל, וויא פיעל ער איז ווערטה אויפ'ן געלד־מאַרקעט, וויא ווייט זיין קרעדיט דערגרייכט.

דאָס איז דיא פילאָזאָפיע פון דער געלד־אַריסטאָקראַטיע און איבערהויפּט פון דער גאַנצער בורזשואַזער געזעלשאַפט, נאָר ניט אַלע זיינען אָפענהערציג גענוג דאָס אַזוי גראָב און ציניש ארויס־צוזאָגען, וויא אַ נאַטהאַן ראָטהשילד, פאר וועמען געלד איז געוועזען דער העכסטער ציעל אין לעבען.

דיא צייט איז גראדע געוועזען דיא בעסטע צו מאַכען געלד דורך געשיקטע ספּעקולאַציאָנען אויף דער בערזע. נאַטהאַן ראָטה־שילד איז געוועזען דער ריכטיגער מאַן אין דער ריכטיגער צייט אוי

אויפ׳ן ריכטיגען פלאַץ. אָהן דיא נאַפּאָלעאָנישע מלחמות און אָהן דיא לאָנדאָנער בערזע וואָלט ער מיט אַלע זיינע פעהיגקייטען, אפילו מיט דער הילפע פון דעם העססענער לאַנדגראַף׳ס מיליאָנען, ניט געקענט אַזוי שנעל מאַכען אזוי פיעל מיליאָנען. דער אָנפאַנג פון 19טען יאהרהונדערט איז אויך געוועזן דער אָנפאַנג פון א׳ן אינ־דוסטריעלע אויפבליהונג. דאַן האָט מען געקראָגען אזא מעכטיגע וואַפע אין דער פאַבריקאַציאָן וויא דיא דאַמפף־מאַשין. דיא אינדוסטריע און דער האַנדעל פון ענגלאנד זיינען ריעזיג געוואַקסען טראָטץ דיא מלחמות מיט דער פראַנצויזישער רעפובליק און מיט נאַפּאָלעאָנען. לאָנדאָן איז געוועזן ניט נאָר דער צענטער פון דער האַנדעלסוועלט, אזוי וויא יעצט, זאָנדערן אויך פון דיא לאַנגע און קאָסטבאַרע מלחמות מיט נאַפּאָלעאָנען. געשייטע באַנקירען האָבען זיך בענוצט דערמיט צו באָרגען דיא רעגיערונגען געלד פאר דיא מלחמות, רעכענענדיג הויכע פּראָצענטען, און אין דערזעלבער צייט צו ספּעקולירען אויף דיא רעזולטאַטען פון דיא שלאַכטען, וועלכע האָבען אָפט ענטשיידעט דעם שיקזאַל פון עטליכע מלוכות.

פאַר נאַטהאַן ראָטהשילד האָט זיך אזוי געעפענט א ריעזיגער פעלד צו ספּעקולירען, און ער איז שנעל געוואָרען דער נאַפּאָלעאָן פון דער לאָנדאָנער בערזע. ער איז געשטאַנען וויא אַ גענעראַל אויף אַ שלאַכט לעבען איינעם פון דיא זיילען פון דער בערזען־געביידע, און אַלע ספּעקולאַנטען האָבען מיט אַנגסט געקוקט אויף איהם, זוכענדיג עפּעס אַן אָנווייזונג וויא דער ווינד בלאָזט, וויא זיי דאַרפען שפּיעלען. נאָר זיי האָבען אומזיסט געקוקט — זעלטען וועז זיין געזיכט האָט איהם ארויסגעגעבען.

דיזער בערזען־נאַפּאָלעאָן האָט אונערמיערליך געאַרבייט געגען דעם קריעגס־נאַפּאָלעאָן. זיין פאטער האָט אונטערשטיצט, וויא מיר ווייסען עס שוין, דיא מלכים געגען נאַפּאָלעאָנען. מאיר אמשעל האָט געהאַט אַ וויטען און טיעפען בליק אין דיא פּאָליטישע פער־העלטניסע פון זיין צייט און האָט פאָראויסגעזעהן נאַפּאָלעאָן׳ס פאַל. אין דער צייט ווען נאַפּאָלעאָן האָט דערגרייכט דיא העכסטע שטופע פון זיין גדולה און מאַכט, ווען אייראָפּאַ איז געלעגען צו זיינע פיס,

ווען ער האָט געשאַפען און אָבגעשאַפען קעניגע און געבאַקען נייע מלוכות — אין דער צייט האָט דער גרויסער געלד־הענדלער פון דער פראַנקפורטער יודענשטראַסע געזאָגט : „דיא אַקציען פון קייזער שטעהען אַ סך ניעדריגער וויא מען צאָהלט פאר זיי“. זיין זוהן האָט זיך ניט בענוגענט מיט שטיצען נאַפּאָלעאָנס געגנער, ער האָט אויך דירעקט ספּעקולירט אויף נאַפּאָלעאָנס פאַל. דאָס האָט ער ניט געטאָן אויס ליעבע צו ענגלאנד, וואו ער האָט זיך בעזעצט אויף שטענדיג — ער האָט אפילו ניט געוואוסט מיט וואָס פּאַטריאָטיזמוס שמעקט, איבערהויפּט זיינען אידעען און הויכע שטרעבונגען געווען ווייט פון איהם — אבער, ספּעקולירענדיג אויף דער לאָנדאָנער בערזע, האָט ער זיך אַליין מעהר איבערצייגט, אז נאַפּאָלעאָן מוז שליסליך פערליערען און ענגלאנד מוז זיעגען. וויא נאָר ער איז געקומען צו דיזער איבערצייגונג, האָט ער זיך שוין ניט געוואָרפען אַהין און אהער און האָט ענערגיש אונטערשטיצט ענגלאנד, מאַכענדיג שטענדיג דערביי מיליאָנען.

וויא ער האָט איין מאָל אליין דערצעהלט, ווען ער איז געווען אין א גוטען מוטה, איז איינע פון זיינע ערשטע גרויסע אָפּעראַציאָנען אין לאָנדאָן געווען פאָלגענדע : „א קורצע צייט נאכדעם, וויא איך האָב געגרינדעט מיין פירמע אין לאָנדאָן, האָב איך צונויפגעקויפט אַלע וועקסלען פון הערצאָג וועלינגטאָן, וועלכע האָבען כמעט גאָר ניט געקאָסט. אבער איך האָב געוואוסט, אז ענגלאנד וועט בעצאָהלען פאר זיי, ווען זייער איינציגער פעהיגער גענעראל וועט זיעגען. נאָך דער שלאַכט ביי וואטערלאָ האָב איך טאַקע געקראָגען פאר זיי ביז דעם לעצטען גראָשען.“

„א׳ן אנדערס מאָל, האָט ער דערצעהלט, האָב איך זיך דערוואוסט, אז דיא אָסט־איידישע קאָמפּאַניע האָט צו פערקויפען 800 טויזענד פונט שטערלינג אין גאָלד, און איך האָב עס גלייך געקויפט. איך האָב דאַן אויך געוואוסט, אז הערצאָג וועלינגטאָן׳ס ארמעע אין פּאָרטוגאַל נויטיגט זיך זעהר אין באַארעס געלד און אז איך וועל דורך דעם מאַכען א גוט געשעפט. מיין רעכנונג איז געווען א ריכטיגע. ווען דיא ענגלישע רעגיערונג האָט זיך דערוואוסט

פון מיין מסחר, האָט זיא געשיקט נאָך מיר און פערלאנגט איך זאָל איהר אָבטרעטען דאָס געלד. איך האָב עס געטאָן, אבער קיינער האָט ניט געוואוסט, וויא אזוי איך האָב עס טראַנספּאָרטירט נאָך פּאָרטוגאַל. איך האָב דיא גאַנצע סומע איינפאַך געשיקט דורך פראַנקרייך!... דאָס איז געווען מיין בעסטע און קונציגסטע אָפּעראַציאָן."

מען האָט בעהויפּטעט, אַז ביי דיזער אָפּעראַציאָן האָט ער געמאַכט ביז א מיליאָן טהאַלער; אבער דערביי האָט ער דאָך ריזיקירט מיט 800 טויזענד פונט שטערלינג, דען עס איז איבריג צו זאָגען, אַז דיא פראַנצויזען וואָלטען מיט ביידע הענד צוגעכאפּט דאָס געלד, ווען זיי וואָלטען נור געהאַט דיא קלענסטע אהנונג, אַז אימיצער וועט וואַגען צו שיקען שטיצע דער ענגלישער אַרמעע דורך זייער לאַנד. דורך דיזען קונץ האָט נאַטהאַן ראָטהשילד געקראָגען חן אין דיא אויגען פון דיא ענגלישע מיניסטערם, און דאָס האָט איהם געגעבען דיא מעגליכקייט צו בעקומען פון זיי פריהער פון אַנדערע אזעלכע נאַכריכטען, וועלכע האָבען איהם געדיענט אָדער געקענט העלפען אין זיינע ספּעקולאַציאָנען אויף דער בערזע. יעדע וויכטיגע נאַכריכט, וועלכע עס פלעגט איהם געלינגען צו ערהאלטען כאָטש מיט עטליכע שטונדען פריהער פאר אנדערע בערזען־ספּעקולאַנטען, פלעגט איהם רייכער מאַכען מיט טויזענדער פונטען. דער צופאַל האָט איהם דערביי נאָך אַזוי מערקווירדיג געהאָלפען, דאָס אין פינף יאָהר האָט ער פּרעגרעסערט זיין קאַפּיטאַל 2500 מאָל! קיינער פון דיא גרעסטע ספּעקולאנטען אין יענער צייט האָט ניט בעוויעזען אַזא קונץ.

איהם איז דאַן געווען 30 יאהר. ער איז שוין געווען אַ גרויסער מיליאָנער אויף זיין אייגענער רעכנונג. דיא מיליאָנען פון דעם העססענער לאַנדגראַף האָבען איהם פערהעלטניסמעסיג וויניג געהאָלפען אין זיינע אייגענע ספּעקולאַציאָנען. ער האָט אַליין דערצעהלט, אַז איין מאָל האָט ער געקראָגען 600 פונט שטערלינג פון דעם געלד, וואָס דער לאַנדגראַף האָט אנפערטרויט זיין פאַטער. „איך האָב זיי גלייך געלאָזען אין גאַנג אזוי גוט, אז דער לאַנדגראַף

האָט מיר געשאָנקען זיין וויין און וועש", האָט ער זיך מודה געווען.

וועגען זיינע איינפעלע און קונציגע ספּעקולאַציאָנען דערצעהלט מען לעגענדען. מיר וועלען דאָ איבערגעבען נאָר איינע פון דיא וויכטיגסטע, וועלכע איז היסטאָריש ריכטיג און כאַראַקטעריזירט איהם אַם בעסטען.

עס איז געווען דיא רעכטע צייט, ווען דער שיקזאַל פון פיעלע מלוכות, פון גאַנץ אייראָפּאַ קען מען זאָגען, איז אָבהענגיג געווען פון איין שלאַכט; ווען אַלע האָבען געוואַ־ט אויף דעם אויסגאַנג פון דער בעריהמטער וואַטערלאָאָ־שלאַכט, אין וועלכער נאַפּאָלעאָן האָט געשטעלט זיינע לעצטע קרעפטע אין קאָן. נאָך מיט אַ פּאָר יאהר פריהער האָט נאַטהאַן ראָטהשילד איינגעפיהרט זיין אייגענע פּאָסט צו קריגען שנעלער אין ענגלאַנד זיכערע נאַכריכטען פון קאָנטינענט, בעזאָנדערס פון פראַנקרייך און דייטשלאַנד. דיא נאַכריכטען וואָס ער פלעגט בעקומען פון דיא ענגלישע מיניסטאָרען, אָפט דער ערשטער, זיינען געווען גענוג פאר איהם. ער האָט אָרגאַניזירט אַ'ן אייגענעם סיסטעם, געדונגען אייגענע עסטאַפעטען און שיפען, זאָ דאָס ער פלעגט ניט זעלטען קריעגען נייעס פאר דער רעגיערונג. אין יענער צייט, ווען מען האָט נאָך ניט געוואוסט פון טעלעגראפען, האָט מען אָפט ניט געקענט קריעגען דיא וויכטיגסטע נאַכריכטען צוליעב, צום ביישפּיעל, אַ שטורם אויפ'ן ים. פון איין פּאָסט ביז דער אנדערער האָבען אזוי געקענט פאַראיבערגעהן, טעג. דער וואָס פלעגט קריעגען פריהער אַ נאַכריכט, האָט געקענט זיכער זיין וועניגסטענס עטליכע שטונדען, אז קיינער וועט עס ביי איהם ניט אויסכאַפּען.

נאַטהאַן ראָטהשילד האָט געהאט אַגענטען און קאָררעספּאָנדענטען, וועלכע פלעגען נאַכפאָלגען דיא אַרמעען און איהם גלייך מעלדען אלע וויכטיגע פּאַסירונגען, וועלכע ער פלעגט קונציג בענוצען אין זיינע ספּעקולאַציאָנען אויף דער בערזע. ער האָט אויך איינגעפיהרט אַ טויבען־פּאָסט, אום ניט נאָר צו זיין אונאַבהענגיג פון שיפען, זאָנדערן אויך שנעלער קריעגען נייעס אין ענגלאַנד. נאַטירליך, דאָס האָט איהם נעקאָסט אַ סך געלד; אבער ביי איין

געלונגענער ספּעקולאַציאָן פּלעגט ער כּפל כּפלים אויסשלאָגען אַלע זיינע הוצאות. אויף דיזער וויזע האָט ער געקענט אָנזאָגען דער ענגלישער רעגיערונג וועגען נאַפּאָלעאָן׳ס ניעדערלאגע און וועגען דיא רעוואָלוציאָן אין פּאַריז אין יולי 1830.

צוליעב דעם, וואָס ער האָט דער ערשטער געוואוסט אין ענג־לאַנד וועגען דעם רעזולטאט פון דער שלאַכט ביי וואַטערלאָאָ, האָט ער אין איין טאָג געמאַכט עטליכע מיליאָן פונט סטערלינג. וויא אַזוי אבער ער האָט געקענט קריעגען אַזאַ נאַכריכט נאָך פריהער פאַר דער ענגלישער רעגיערונג? אָט וויא ער האָט בעוויעזען דיזען קונץ און וויא ער האָט זיך בענוצט דערמיט:

ווען נאַפּאָלעאָן איז אַנטלאָפען פון אינזעל עלבאַ און איז אויפ־גענומען געוואָרען מיט פריידע אין פראַנקרייך, איז דאָס געווען אויף אַ ביטערער קלאַפּ פאַר דעם נאַפּאָלעאָן פון דער לאָנדאָנער בערזע. נאַטהאַן ראָטהשילד האָט, וויא מיר ווייסען עס שוין, שטענדיג שפּעקולירט אויף נאַפּאָלעאָן׳ס פאַל. זיין גלויבען אין דעם שליסלי־כען זיעג פון ענגלאַנד האָט איהם אויף אַ מינוט ניט פערלאָזען אפילו, ווען נאַפּאָלעאָן איז וויעדער געוואָרען קייזער. נאָר יעצט, פיהלענדיג, אז זיין צוקונפט הענגט אויף אָב פון דער שלאַכט ביי וואַטערלאָאָ, האָט ער בעשלאָסען אליין אוועקצופאָהרען נאָך בעל־גיען, אום צו זיין ביי דער ענטשיידענדער שלאַכט. ער האָט אין אַזאַ וויכטיגען פאַל מורא געהאט צו פערלאָזען זיך אין גאַנצען אויף זיינע אַגענטען. וויא נאָר ער זיא אָנגעקומען אין בעלגיען, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו דער ענגלישער אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון הערצאָג וועלינגטאָן. ווען דיא בעריהמטע שלאַכט לעבען וואַטערלאָאָ האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָט ער אויסגעקליבען אַ׳ן אָרט, פון וועלכען ער האָט געקענט בעטראַכטען דעם גאַנצען שלאַכט־פעלד. ער איז געווען זעהר נערוועז, וואָס עס האָט מיט איהם זעלטען פּאַסירט, און האָט יעדע מינוט געפּרעגט אַנדערע צוקוקערס, צווישען וועלכע עס זיינען געווען אייניגע מיניסטערס, דיפּלאָמאַטען און גענעראַלען, וואָס זיי דענקען וועגען דעם רעזולטאַט פון דער שלאַכט. אבער ווען ער האָט דערזעהן, אַז דיא בעריהמטע פראַנ־

צוויזישע גוואַרדיע, וועלכע איז ביז דאַן געוועזן אונבעזיעגבאַר, איז צוריקגעשטויסען געוואָרען פון דיא ענגלענדער, האָט ער שוין גאָר קיינעם ניט געפרעגט וועגען דעם רעזולטאַט, זאָנדערן האָט גלייך פערלאָזען דעם שלאַכטפעלד און איז האַסטיג אַוועקגעפאָהרען נאָך בריסעל. דער קריעגס־שטורם, דיא קנאַקעריי פון דיא קאַנאָנען, דיא מאַסען געפאַלענע סאָלדאַטען האָבען איהם דיא גאַנצע צייט ניט אינטערעסירט. ער האָט נור אין אויג געהאַלטען איין זאַך: צו דערגעהן וואָס שנעלער דעם רעזולטאַט פון דער שלאַכט און אויך וואָס שנעלער אָנקומען מיט דיא נייעס נאָך ענגלאַנד. יעצט נאָך דער צוריקגעשטויסענער אַטאַקע פון נאַפּאָלעאָנס גוואַרדיע, איז ער געוועזן זיכער, אַז דער זיעג איז אויף דער זייט פון דיא ענגלענדער, און מיט דיזער זיכערהייט האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן נאָך ענגלאַנד. עס איז מעגליך, אַז ווען דיא פּרייסען וואָלטען ניט אונטערגעקומען אין דער ריכטיגער מינוט צו העלפען דיא ענגלענדער, וואָלט נאָך אַלעמען נאַפּאָלעאָן דאָך געזיעגט, נאָר נאַטהאַן ראָטהשילד האָט גראַדע געטראָפען. זיין „גאָלדענער“ שטערן האָט איהם אויך דיזעס מאָל ניט פערלאָזען.“

פון בריסעל איז ער אוועק נאָך דעם פּאָרט אָסטענדע, וואו ער איז אָנגעקומען אין דער פריה זעהר אַ׳ן אויסגעמאַטערטער. אויפ׳ן ים האָט געשטורמט, און דיא פישערס האָבען מורא געהאַט אריבער־צופאָהרען דעם לאַמאַנש. ניט אַכטענדיג אויף זיין אויסגעמאַטערט־קייט און אויף דעם שטורם, איז ער ארומגעלאָפען אין פּאָרט, זוכענ־דיג אַ מוטהיגען פישער, איהם גלייך אריבערצופיהרען נאָך ענגלאַנד. ער האָט אַלץ געהעכערט דעם פּרייז, אום צו בעוועגען דיא פישערס צו ריזיקירען. ענדליך האָט ער געקראָגען איינעם, וועלכער האָט אונטערנומען איהם אריבערצופיהרען פאַר 2000 פראַנק מיט דער בעדינגונג, אַז דאָס געלד זאָל אויסגעצאָהלט ווערען צו זיין ווייב איידער מען וועט ארויס פון פּאָרט אין שטורמדיגען ים.

נאַטהאַן ראָטהשילד האָט דאָ ווידער געהאַט מזל. וויא נאָר דער פישער איז ארויס מיט זיין קליינער זעגעל־שיפעל אין ים, האָט דער שטורם אויפגעהערט, און עס האָט גראַדע אָנגעפאַנגען

צו בלאָזען אַ ווינד צו דיא ברעגעס פון ענגלאנד. דארום האָט ער דעם זעלבען אבענד געקענט אָנקומען אין דאָווער, וואו ער האָט זיך ניט ערלויבט צו רוהען אפילו אַ שטונדע. ער האָט גלייך געדרונגען דעם בעסטען דיליזשאַנס, און דעם נעכסטען מאָרגען איז ער שוין געשטאַנען אין דער לאָנדאָנער בערזע אָנגעשפּאַרט אָן דעם זייל, וואו ער פלעגט געוועהנליך מאַכען זיינע אָפּעראציאָנען. קיינער האָט נאָך דאַן נישט געוואוסט וועגען דעם שיקזאל פון נאַפּאָלעאָן ביי דער וואַטערלאָא־שלאכט.

דער נאַפּאָלעאָן פון דער לאָנדאָנער בערזע איז געשטאַנען מיט אַ זעהר פערזאָרגטען פּנים. ער האָט זיך געמאַכט, אז ער איז זעהר צוטראָגען און שרעקט זיך פאר עפּעס. אויף דער בערזע איז נאַטירליך גלייך בעקאַנט געוואָרען, אז ראָטהשילד האָט זיך אין איילענעס צוריקגעקעהרט פון קאָנטינענט און אַז זיינע אגענטען פערקויפען אין איילענעס אַלע ווערטה־פּאַפּיערען. איינינגע האָבען דערפון געצויגען דעם שלוס, אז עפּעס אַ גרויסער אונגליק פאר ענגלאנד האָט געטראָפען אויף דעם קאָנטינענט, און דיזע מיינונג האָט זיך שנעל פערשפּרייט, און אלע ספּעקולאנטען זיינען צומיישט און איבערגעשראָקען געוואָרען, וויא דאָס טרעפט ניט זעלטען אויף דער בערזע, ווען מען ערוואַרטעט זעהר וויכטיגע נייעס. דערצו נאָך האָט נאַטהאַן ראָטהשילד איינעם איינגערוימט אַ סוד כלומרשט אַלס צייכען פון בעזאָנדערער פריינדשאַפט, אַז גענעראל בליכער איז בעזיעגט געוואָרען פון דיא פראנצויזען, און אַז הערצאָג וועלינג־טאָן וועט מיט זיין קליינער אַרמעע ניט זיין אין שטאַנד אָבצו־שטויסען נאַפּאָלעאָנ׳ס זיעגרייכען מאַרש. ווען דיזער „סוד“ איז בעקאַנט געוואָרען אויף דער בערזע, האָט זיך גלייך אָנגעפאנגען אַ פּאַניקע, אלע האָבען געגלויבט, אַז נאַפּאָלעאָן האָט געזיעגט און וועט ווידער ווערען דער הערשער פון אויראָפּאַ, און דער רעזולטאט איז געווען, אז אלע ווערטה־פּאַפּיערען זיינען שטאַרק געפאלען אין פּרייז.

נאָך דעם נעכסטען טאָג, ווען מען האָט זיך דערוואוסט דיא וואַהרהייט, אַז נאַפּאָלעאָן איז געשלאָגען און אז וועלינגטאָן האָט

נאָך גלענצענד געזיעגט, איז דיא פּאַניקע אומגעוואַנדעלט געוואָרען אין אַ ווילדע פריידע. נאַטהאַן ראָטהשילד, וועלכער האָט געוואוסט, אז באלד וועלען אָנקומען דיא נאַכטריכטען פון דער רעגיערונג וועגען וועלינגטאָן'ס זיעג, האָט עס פערכאַפּט בעצייטענס און אַליין אָנגעזאָגט דיא ענגלענדער דיא פרעהליכע בשורה אויף דער בערזע. ער האָט בלויז געהאלטען דיעזע וויכטיגע נייעס פאַר זיך 24 שטונדען, אבער אין דיזער צייט האָט ער געמאכט מיליאָנען. וויא נאָר ער האָט מיט אַ פרעהליכען טאָן, רייבענדיג דיא הענד פאר שמחה, ארויסגעלאָזען דעם קלאַנג, אז וועלינגטאָן האָט געזיעגט, האָבען זיך אלע ווערטה־פּאַפּיערען דערלאנגט אַ הויב. דיא 24 שטונדען האָט ראָטהשילד איינפאַך אויסגענוצט אויף אַזאַ אופן: אין דער צייט ווען אייניגע פון זיינע אגענטען האָבען אָפען פערקויפט פערשידענע ווערטה־פּאַפּיערען, אום צו פערקלענערן זייער פרייז, האָבען אַנדערע אגענטען פיעל מעהר צוזאַמענגעקויפט אין דער שטיל נאָך דיא ניעדריגסטע פרייזען. אזעלכע קונצען פּראַקטיצירט מען יעצט גאַנץ אָפט אויף דיא בערזען, אבער אין יענע צייטען איז דאָס געווען אַ זעלטענהייט און יעדענפאַלס האָט נאָך קיינער פריהער ניט געמאכט דיזען קונץ אין אַזאַ גרויסער מאָס. אין איין טאָג, דורך דיא קינסטליכע ערנידערונג און נאַטירליכע הייבונג פון אַקציען, איז נאַטהאַן ראָטהשילד רייכער געוואָרען מיט ווענינגסטענס 5 מיליאָן פראַנק.

ווען דיא איינצעלהייטען פון דיזען ווירקליך מערקווירדיגען בערזען־קונץ זיינען בעקאַנט געוואָרען, זיינען ראָטהשילד'ס איינ־פלוס און אויטאָריטעט נאָך פיעל גרעסער געוואָרען. אפילו דיא גרעסטע ספּעקולאַנטען האָבען איהם ניט ווילענדיג בעוואונדערט. אַלע האָבען איהם בלינד געגלויבט, איהם נאָכגעפאָלגט און נאָכ־געטאַנצט וויא ווייט זיי האָבען נאָר געקענט. זיין וואָרט איז געוואָרען אויף דער בערזע אזוי וויא אַ הייליגע תורה. אלע רעגיע־רונגען, וועלכע האָבען זיך גענויטיגט אין געלד, האָבען זיך מייסטענס געווענדעט צו איהם, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אַז דורך זיין פערמיטלונג קענען זיי שנעלער און לייכטער אויספיהרען זייער

וואונש. ער האָט ניט אָבגעזאָגט צו באַרגען געלד א רעגיערונג, דען ער האָט גוט געוואוסט, אז דאָס זיינען דיא בעסטע און זיכערסטע פינאַנציעלע אָפּעראציאָנען; אבער דערביי האָט ער שטענדיג געפאָרדערט, אז אין לאנד זאָל הערשען רוהע, אום נאָך זיכערער צו זיין מיט זיין געלד. רעוואָלוציאָנען און מרידות האָט ער זעהר פיינד געהאט. „פעלקער און דעמאָקראטיישע רעגירונגען טאָר מען ניט געטרויען אַ גראָשען", פלעגט ער זאָגען. מען דערצעהלט, אז אַ מיניסטער פון דער נעאַפּאָליטאַנער מלוכה האָט פריהער געשיקט אויף קאַטאָרגע 500 פּאָליטישע געפאַנגענע איידער ער האָט זיך געווענדעט צום נאַפּאָלעאָן פון דער לאָנדאָנער בערזע נאָך אַ'ן הלואה. יעדענפאלס איז עס זיכער, אז נאַטהאַן ראָטהשילד האָט אויף דיזער וועיזע געהאט אַ'ן איינפלוס אויף דער אינערליכער פּאָליטיק אין פיעלע לענדער, און נעמליך: געגען ליבעראַליזמוס און דיא אינטערעסען פון דיא פעלקער.

אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך אויך אריינגעלאָזען אין פערשידענע אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען, וואו נאָר עס איז געוועזען אַ מעגליכקייט צו מאַכען געלד דורך ספעקולאַציאָנען. בעזאָנדערס כאַראַקטעריסטיש איז זיין ספעקולאַציאָן מיט דיא שפּאַנישע קוועקזילבער־מינען. ביז דיא ענטדעקונג פון דיא מינען אין קאַליפאָרניא פלעגט מען אין אייראָפּאַ קריגען קוועקזילבער פון דיא מינען אין אלמאַדען (שפּאַניען) און אינדריא (עסטרייך). אין 1831 האָט דיא שפּאַנישע רעגיערונג פערזעצט דיא אלמאדענער מינען ביי ראָטהשילדען פאר אַ'ן הלואה. ער האָט זיך גלייך בענוצט דערמיט צו פערדאָפּלען דעם פרייז פון קוועקזילבער. דיא הענדלער האָבען זיך דאַן געווענדעט צו דיא עסטרייכישע מינען; אבער ראָטהשילד איז געוועזען גיכער פאר זיי. ער איז אויך געוואָרען דער בעל הבית איבער דיזע מינען, און דער עולם האָט געמוזט צאָהלען וויפיעל ער האָט בעשטימט. פון אלע זייטען האָט מען געשריען און פּראָטעסטירט, וואָס אַזאַ נויטיגע זאַך פאר מעדיצין איז טהייערער געוואָרען, און דיא צייטונגען האָבען געזידעלט דעם בערזען־נאַפּאָלעאָן וויפיעל עס איז אין איהם אריין; אבער ער

האט זיך אויסגעלאכט דערפון, וויא אלע זיינע ברידער, וועלכע האבען נאר געקוקט אויף דער פרעסע וויא אויף זייערע א דיענערין פאר געלד, ווען זיי האבען בעדארפט האבען איהר מיטווירקונג, — און ער האט נור געזאגט ווענען דיזע אפעראציאנען: „דאס איז א פיינער שפיצעל“. זייט דאן ווערט דער קוועקזילבער קאנטראלירט פון דער פירמא ראטהשילד.

מען דערצעהלט וועגען איהם אויך אזא אנעקדאט. מיר גיבען איהם דא איבער, ווייל ער צייגט וואס פאר א מערקווירדיגע פערזאן נאטהאן ראטהשילד איז געוועזן.

איין מאל האט מען אין ענגלישען באנק געבראכט צו דיסקאנ־טירען א וועקסעל אויף א גרויסער סומע, וועלכען זיין ברודער אנסעלם פון פראנקפורט האט איהם צוגעשיקט. דיא דירעקטארען פון באנק האבען זיך ענטזאגט אנצונעהמען דעם וועקסעל מיט דער ערקלערונג, אז זיי דיסקאנטירען נאר זייערע אייגענע וועקסלען; אבער ניט פון פריוואט־פערזאנען.

ווען זיינער א׳ן אגענט האט איהם איבערגעגעבען דיזע אנט־ווארט, האט ער אויסגערופען: „פריוואט־פערזאנען! גוט, איך וועל געבען דיא דירעקטארען א לעקציע וואס פאר פריוואט־פערזאנען מיר, ראטהשילדען, זיינען.“

אין א וואכען דריי ארום האט ער זיך אריינגעכאפט אין ענגלי־שען באנק מיט זיינע אגענטען פונקט ווען מען האט געעפענט דיא טהירען. דיזע עטליכע וואכען האט ער צוזאמענגעקויפט אזוי פיעל באנק־נאטען, וויא פיעל ער האט נאר געקענט קריענען. אין דעם בעשטימטען טאג, ווען ער האט בערעכענט, אז ער האט גענוג באנק־נאטען, האט ער זיי צוטהיילט צווישען זיינע אגענטען, און אלע האבען זיך אויסגעשטעלט לעבען דיא קאסירען, וויא נאר דיא קאסען זיינען געעפענט געווארען. נאטהאן ראטהשילד האט ארויס־גענומען פון קעשענע א באנק־נאט אויף 5 פונט און געבעטען גאלד. דער קאסיער האט איהם גלייך דערלאנגט 5 גאלדענע מטבעות. ראטהשילד האט לאנגזאם ארומגעקוקט דיא מאנעטען, אויב זיי זיינען ריכטיגע, און האט זיי לאנגזאם אריינגעלעגט אין א זעקעל,

וואָס איז אראָבגעהאנגען פון זיין גארטעל. נאכהער האָט ער ארויסגענומען איין באַנק־נאָט נאָך דעם אַנדערען און יעדעס מאָל לאַנגזאַם ארומגעקוקט דיא גאָלדענע פונטען, איידער ער האָט זיי אריינגעלעגט אין זעקעל. אַ פּאָר מאָל האָט ער זאָגאר פערלאַנגט, מען זאָל איבערוועגען דיא גאָלדענע מטבעות, אזוי וויא דאָס געזעץ ניט איהם רעכט דערצו. ווען דאָס זעקעל איז פול געוואָרען מיט גאָלד, האָט ער עס דערלאַנגט זיינעם אַ'ן אַגענט, און ארויסגענומען אַ'ן אַנדער טייסטער מיט באַנק־נאָטען און נאָך אַ זעקעל. אזוי איז ער אָבגעשטאַנען לעבען איין קאסע אַ גאנצען טאָג, בייטענדיג קאַלטבלוטיג באַנק־נאָטען אויף גאָלד. דאָס זעלבע האָבען געטאָן זיינע אַגענטען ביי אַלע אנדערע קאַסען פון באַנק. מען קען זיך פאָרשטעלען דיא ערשטוינונג פון דיא קאַסירען און דיא ערגערנים פון פּובליקום, וואָס האָט ניט געקענט צוקומען צו דיא קאַסען און אויסבייטען אפילו איין באַנק־נאָט. אין דיזען טאָג, רעכענט מען, האָט ראָטהשילד מיט זיינע אַגענטען אויסגעביטען אויף גאָלד ניט וויינינגער וויא 210,000 פונט סטערלינג. זייטיגע מענשען האָבען געלאכט פון דיזען איינפאַל; אבער דיא דירעקטאָרען פון באַנק זיינען געוואָרען דערשראָקענע, ווען דעם נעכסטען טאָג האָט זיך ראָטהשילד ווידער בעוויעזען מיט זיינע אַגענטען לעבען אַלע קאסען און ווען ער האָט זיי געגעבען אָנצוהערענים, אז ער האָט גענוג באַנק־נאָטען צו בייטען אויף גאָלד אין פערלויף פון גאַנצע צוויי מאָנאַט. דאָס האָט געהייסען, אַז ער קען ארויסציהען פון באַנק ניט וועניגער וויא 11 מיליאָן פונט סטערלינג אין גאָלד, כמעט אַלעס וואָס דער באַנק האָט דאַן געהאט אין זיינע קעלערן. דארום האָבען דיא דירעקטאָרען בעשלאָסען זיך גלייך אונטערצוגעבען, און דעם נעכסטען טאָג איז אין באַנק אָנגעקלעפּט געוואָרען א צעטעל, אַז פון יעצט אָן וועט מען דיסקאָנטירען ראָטהשילד'ס וועקסלען אָהן שום שוועריגקייטען.

עטליכע מאָל האָט עס געטראָפען, אז ער איז דורכגעפאלען אין זיינע רעכנונגען, אדער אז מען האָט איהם אויך אָבגענאַרט, וויא שטארק ער האָט זיך ניט געהיט אין וויא געשייט און אויסגערעכענט

ער איז ניט געווען. בעזאָנדערס קוריעז איז עס וויא א געוויסער ספּעקולאַנט לוקאַס האָט איהם אָנגעפּייפט. דיזער לוקאַס האָט זיך דערוואוסט, אז ראָטהשילד וויל אויספיהרען עפּיס א וויכטיגע ספּעקולאציאָן, און אום צו דערגעהן דעם סוד, האָט ער זיך פערשטעלט פאר א שכור און האָט זיך אָהן צערעמאָניעס אריינגעריסען אין ראָטהשילד'ס קאָנטאָר. ער איז אַנידערגעפאלען לעבען דעם קאַבינעט, וואו ראָטהשילד האָט געגעבען אינסטרוקציאָנען זיינע אַגענטען. אויף דעם גערויש איז ראָטהשילד אליין ארויס און האָט פּרובירט אָבמינטערען זיין קאָלעגע פון דער בערזע. אבער וויא פיעל וואסער מען האָט ניט געגאָסען אויף לוקאס'ן, איז ער אלץ געבליבען ליגען וויא אַ פלאַכטע. זעהענדיג, אז מען קען איהם ניט אָבמינטערען, האָט מען איהם געלאָזען ליגען און פאָרטגעזעצט דעם אונטערבראָכענעם געשפּרעך. לוקאס האָט מעהר ניט געוואונשען. ער האָט זיך גאַנץ גוט צוגעהערט, וועלכע פאַפּיערען ראָטהשילד האָט אָנגעזאָגט זיינע אַגענטען צוזאַמענצוקויפען דעם נעכסטען טאָג, און איז שפּעטער ארויס שאָקלענדיג זיך וויא אַ שכור. ווען ראָטהשילד איז געקומען אויף דער בערזע, איז ער ניט ווייניג ערשטוינט געוואָרען, דאָס אַלע פאַפּיערען, וועלכע ער האָט זיך געקליבען צו קויפען, זיינען אויסגעקויפט געוואָרען פון לוקאס'ן. ער האָט נאַטירליך פערשטאַנען, אז לוקאס האָט זיך מיט איהם אָבגערעכענט, און ער האָט געשריען: „עס איז געמיין, עס איז שענדליך!" אבער לוקאס האָט איהם נור געענטפערט מיט אַ געלעכטער. דיזען ספּעקולאַנט איז גלאַט געפעלען געווען, וואס איהם איז געלונגען אָבצונאַרען און צו ערגערן דעם בערזען-נאַפּאָלעאָן, און וועגען דיא מיטל דערצו האָט ער זיך אזוי ווייניג געקימערט, וויא ראָטהשילד זעלבסט, ווען פאָראויס האָט געשיינט דער גלאַנץ פון געלען מעטאַל.

אין זיין פּריוואַט-לעבען האָט זיך נאַטהאַן ראָטהשילד געפיהרט וויא אַ געוועהנליכער איד. ער האָט חתונה געהאט אין 1806 מיט דער טאָכטער פון אַ געוויסען לעווי קאָהן, וועלכער איז דאן געווען איינער פון דיא רייכסטע אידישע קויפלייטע אין ענגלאנד. זיין וואָהנונג איז געווען פול מיט לוקסוס-זאכען, אבער ער אלייז האָט

אָפּט געטראָגען א'ן אלטע אויסגעריבענע קאַפּאָטע און פלעגט זיך ניט פערגינען דיא צייט צו עסען מיטאג מעהר וויא אַ האַלבע שטונדע. ער איז שטענדיג געוועזען פערטאָן אין זיינע געשעפטען. דיא גאַנצע וועלט איז אין זיינע אויגען געוועזען וויא אַ גרויסע בערזע, וואו ער דארף נאָר מאַכען געלד, געלד אָהן א שיעור. ביז זיין לעצטע מינוט (ער איז געשטאָרבען אין 1835, ווען ער איז אַלט געוועזען 60 יאהר) האָט ער ניט גערוהט, זוכענדיג אַלץ נייע ספּעקולאַציאָנען און אונטערנעהמונגען.

מיט מענשען איז ער זיך בעגאַנגען גראָב און שטאָלץ. ער האָט זיי געלאָזט פיהלען, אז ער פעראַכטעט זיי, אז ער שעצט דיא מאַכט פון געלד און נאָך מעהר דיא פיעבערהאַפטע טהעטיגקייט צו שאַפען מיליאָנען, עס מאַכט ניט אויס מיט וועלכע מיטעל, אבי נור צו האַלטען זיך אין דיא גרענצען פון געזעץ. זיינע בעאַמטע פלעגט ער בעהאַנדלען שטרענג און אָפט אויך האַרצלאָז. מען האָט איהם געמוזט פאָלגען אויפ'ן וואונק.

❧ ❧ ❧

.5

## דזשעמס ראָטהשילד אין פּאַריז.

אַ גאַנץ אַנדערער געלדמאַכער איז געווען מאיר אמשעל'ס אינגסטער זוהן יעקב (דזשעמס), וועלכער האָט זיך בעזעצט אין פּאַריז אין 1812 און איז געווען דער גרינדער פון דער פּאַריזער פירמע. ער האָט ניט בעוויזען גרויסע קונצען אין בערזען־ספּעקולאַציאָנען, נאָר האָט פערהעלטניסמעסיג שטילערהייט געמאַכט וואַהרשיינליך ניט וויינינגער מיליאָנען וויא דער נאַפּאָלעאָן פון דער לאָנדאָנער בערזע. ער איז יערענפאלס געווען דער פעהיגסטער פון מאיר אמשעל'ס זיהן נאָך נאַטהאַן ראָטהשילד. אויסער געלד האָט ער אויך געשטרעבט צו כבוד און טיטולען און האָט גרויס פערגניגען געהאט, ווען ער פלעגט קענען דערלאנגען אַ שטאָך און ערניעדריגען די אַדעליגע, וועלכע האָבען שטאָלצירט מיט זייער יחוס. אין דער צייט, ווען דיא בורבאָנען זיינען צוריק אַרויף אויפ'ן טראָן, נאָך דער בעשטימונג פון וויענער קאָנגרעס, האָט זיך איהם פערגלוסט פּאָרצושטעלען זיין פרוי אין קעניגליכען הויף. דיא שטאָלצע פּרינצעסין אנגולעם האָט דאַן אויסגעשריען: „ניין, קיינמאָל ניט! מען דאַרף ניט פערגעסען, אז דער פראנצויזישער קעניג טראָגט דעם טיטול: קריסטליכער." דזשעמס האָט געענט־פערט: „גוט, זאָלען זיי אבער וויסען, אז איך וועל זיי ניט געבען אַ גראָשען," און ער האָט ניט נאָר נעהאלטען וואָרט, זאָנדערן האָט זיך אַ פּאָאָר מאָל זעהר עמפּפינדליך אָבגערעכענט אויף דער בערזע מיט דיא בורבאָנען.

זיין קאָנטאָר האָט ער געעפענט אויף דער לאַפּיט־שטראַסע, וואו זיא געפינט זיך נאָך עד היום, אין דער צייט, ווען נאַפּאָלעאָן האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך רוסלאנד. דאָס איז ניט געווען אַ פּאַסענדע צייט צו ספּעקולירען אין פּאַריז, און דזשעמס האָט ניט געקענט זיך אַרויסצייגען. אונטער דיא בורבאָנען האָט ער א ביסעל פּאַנאַנדערגעלאָזען דיא פליגלען מיט דער הילפע פון זיין פאטערס און ברודערס מיליאָנען, אבער עס האָט ניט פיעל געפעהלט, אז ער

זאָל אלעם פערלירען. דאָס איז געשעהן ביי דיא יולי־רעוואָלוציאָן אין 1830. קארל דעם צעהנטענ׳ס מיניסטער פּאָליניאַק האָט זיך געקליבען צו פערעפענטליכען דיא בעריהמטע דעקרעטען (בעפעה־לע) געגען דיא קאָנסטיטוציאָנעלע פרייהייטען, בעפעהלע, וועלכע האָבען טאַקי ארויסגערופען אַ רעוואָלוציאָן און געפיהרט צו דער פּליטה פון דיא בורבאָנען.

אַ פראנצויזישער באַנקיר האָט זיך בעצייטענס דערוואוסט פון פּאָליניאַק׳ס פּלאַן אָבצושאפען דיא פּאָליטישע פרייהייטען, וועלכע דאָס פראנצויזישע פּאָלק האָט זיך ערוואָרבען מיט זיין בלוט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן, און איז אוועקגעפאָהרען נאָך לאָנדאָן, וואו ער האָט גענומען פערקויפען פראנצויזישע ווערטה־פּאַפּיערען אין מאַסען, אום פון זיי וואָס גיכער פּטור צו ווערען. נאַטהאַן ראָטהשילד, וועלכער האָט זיי צוזאַמענגעקויפט און האָט ניט פערשטאַנען ווארום מען פערפּלייצט מיט זיי דיא לאָנדאָנער בערזע, האָט טעלעגראפירט צו זיין ברודער דזשעמס צו ערקונדיגען זיך אויף זיכער דיא אורזאכע. דזשעמס איז גלייך אוועק צו פּאָלי־ניאַק׳ן און געפאָדערט אַ׳ן ערקלערונג אין נאָמען פון זיינע וויכ־טיגסטע אינטערעסען. פּאָליניאַק האָט געענטפערט, אז ער וויל איינפיהרען געוויסע ענדערונגען און געזעצע, נאָר דאָס איז אַ קלייניגקייט. דער פערבלענדעטער מיניסטער האָט ניט געזעהן, אַז דיזע „קלייניגקייט״ וועט פעריאָגען אויף אימער דיא בורבאָנען דינאַסטיע פון פראַנקרייך. נאָר דזשעמס האָט אָנגענומען דעם מיניסטער׳ס ערקלערונג פאַר אַ כשר׳ע מטבעה און האָט זיך געהאל־טען מיט דיא פראנצויזישע ווערטה־פּאַפּיערען ביז דיא רעוואָלוציאָן האָט אויסגעבראָכען און ער האָט טאַקי פערלאָרען אַ רעכט ביסעל מיליאָנען.

דערפאַר האָט ער געקראָגען דיא בעסטע געלעגענהייט צוריק־צוקריגען דיא פערלאָרענע מיליאָנען מיט גרויס ריוח, ווען דער אָרלעאנער פרינץ לואי פיליפּ איז געוואָרען קעניג נאָך דער יולי־רעוואָלוציאָן. דיזער קעניג איז ניט נאָר געווען דער רייכסטער מאַן אין פראַנקרייך, זאָנדערן האָט אויך ספּעקולירט אויף דער

בערזע און האָט זיך געפיהרט וויא א פּראָסטער בורזשוא, א געמיטה־ליכער קויפמאַן. דיא 18 יאהר וואָס דיזער זאָגענאַנטער „בירגער־קעניג“ איז געזעסען אויפ׳ן טהראָן — פון יולי 1830 ביז פעברואר 1848 — זיינען געוועזן דיא גאָלדענע צייט פון דער בורזשואַזיע איבערהויפּט און פון דזשעמס ראָטהשילד בעזאָנדערס. עס איז שוין גאָר קיין רעדע ניט געוועזן וועגען אויפנעהמען איהם אין קעניגליכען הויף. ער איז דאָרטען געוואָרען א בן־בית; נאָך מעהר, ער האָט געקענט גערעכענט ווערען פאר דעם שני למלך. יעדע וואָך פלעגט ער עסען מיטאג מיט׳ן קעניג, וועלכער פלעגט איהם דערצעהלען אנעקדאָטען. אויף זיינע בעלער פלעגען קומען מיניסטערס און אפילו געקרוינטע קעפּ. עס איז גערעכענט געוועזן פאַר א גרויסע עהרע צו זיין איינגעלאדען אויף ראָטהשילד׳ס א באל. אין דער צייט האָט ער זיך אָפּט זעהר גראָב אָבגערעכענט מיט דיא געבאָרענע אַריסטאָקראַטען פאר דיא בעליידיגונג, וואָס ער האָט געקראָגען פון דיא בורבאָנען, וועלכע ער האָט זייט דאַן געהאַסט. עס איז געוועזן זיין גרעסטער פערגניגען צו זעהען, וויא זיי בייגען זיך פאר איהם און טראָגען אַריבער זיינע שטעכווערט־לעך און בעליידיגונגען, ווייל ער, דער פריהער „פערפלוכטער יודע“, בעזיצט מיליאָנען. מען דערצעהלט, אז ווען א געזאנדטער האָט איהם א פרעג געטאָן: „וואָס מאַכט אייער פרוי?“ האָט ער געקראָגען אַזאַ אַנטוואָרט: „וואָס איז דאָס אייער דאגה, זאָגט מיר נאָר?“

זיין מאַכט איז געוואָרען אזוי גרויס, דאָס אין 1840 האָט ער ניט דערלאָזען צו אַ מלחמה צווישען פראַנקרייך און דייטשלאַנד. טיער איז דאַן געוועזן דער הויפּט־מיניסטער און האָט געוואָלט אָנפאַנגען אַ מלחמה מיט דייטשלאַנד צוליעב אַ רייסעריי וועגען דיא ברעגעס פון טייך רהיין. דער קעניג האָט אָבער פריהער געוואָלט אויסהערען דיא מיינונגען פון דיא גרעסטע באַנקירען. ראָטהשילד האָט איהם גלייך אהן צערעמאָניעס ערקלערט, אז אין פאַל פון אַ מלחמה וועט ער זיין אויף דייטשלאנד׳ס זייט. דאָס האָט אַזוי איבערגעשראָקען דעם קעניג, אז ער האָט בעשלאָסען

אַרונטערצושליינגען אַ בעליידיגונג פון דייטשלאַנד און אַז טיער האָט געמוזט רעזיגנירען.

ארום דער צייט איז דזשעמס ראָטהשילד'ס פערמעגען געשאַצט געוואָרען אין 600 מיליאָן פראַנק. ער איז געווען דער צווייטער רייכסטער מאַן אין פראַנקרייך, דער ערשטער איז געווען דער קעניג לואי פיליפּ זעלבסט, אלס דער הויפּט פון דער ריעזען־רייכער אָרלעאַנער פאַמיליע (זיין פערמעגען האָט בעטראָפען 800 מיליאָן פראַנק). אלע פערבינדונגען פון באַנקירען געגען איהם, מיט דעם איד פעריירא אַן דער שפּיצע, האָבען איהם ניט געקענט שעדיגען, דען ער איז געווען צוויי מאָל אזוי רייך וויא זיי אלע צוזאַמען.

דיזע מיליאָנען האָט ער אָנגעזאַמעלט ניט דורך אזעלכע ריזיקאַלישע ספּעקולאַציאָנען, וויא זיין ברודער, זאָנדערן דורך הלוואות און געוועהנליכע גרויסע באַנק־אָפּעראַציאָנען.

זיין מערקווירדיגסטע „אָפּעראַציאָן" איז געווען אין נאַפּאָ־לעאָן דעם דריטענס צייט. דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ פיעבער אויף בויען אייזענבאַהנען. ווען נאַפּאָלעאָנס רעגיערונג האָט בעקאַנט געמאַכט, אַז זי וועט געבען אַ קאָנצעסיאָן אויף דער נאָרד־אייזענבאהן (פון פּאַריז ביז ליטיך אין בעלגיען) דעם יעניגען וואָס וועט איהר בויען ביליגער, האָט דזשעמס ראָטהשילד אונטער־געקויפט איינינע קאָנקורענטען און אַנדערע האָט ער פערשפּראָכען אַקציעס, זאָ דאָס ער איז שליסליך געבליעבען דער איינציגער אָנבאָטער. ער האָט דאַן נאַטירליך געקראָגען דיא קאָנצעסיאָן נאָך זיין אייגענעם פּרייז, אָבער דערמיט האָט ער זיך נאָך ניט בענוגענט. ער האָט גלייך אַרויסגעלאָזט 300,000 אַקציעס צו 500 פראַנק יעדע אלס קאַפּיטאל צו בויען דיא אייזענבאַהן. דעם גרעסטען טהייל פון דיא אַקציעס האָט ער געלאָזען פאַר זיך און נאָר אַ זעהר קליי־נעם טהייל געגעבען צום פערקויפען. פיעלע האָבען זיך אַ כאַפּ געטאָן צו קויפען, ערוואַרטענדיג גרויסע פּראָפּיטען פון דער אייזענ־באַהן, זאָ דאָס אין אַ קורצער צייט האָט אַ'ן אַקציע געשטיעגען ביז 850. דאַן האָט ראָטהשילד אַ לאָז געטאָן זיינע אַקציעס אויף דער בערזע און האָט אזוי „געמאַכט" אָן יעדער פערקויפטע אַקציע

350 פראנק. דורך דעם גרויסען אָנגעבאָט פון דיזע אַקציעס זיינען זיי אבער געפאַלען ביז 550. דאַן האָט ראָטהשילד געהייסען זיינע אגענטען זיי צוזאַמענקויפען אויף דיזען פרייז און האָט זיי אַ געוויסע צייט געהאלטען ביי זיך ביז זיי האָבען וויעדער אָנגע־פאַנגען צו שטייגען. נאכהער האָט ער געגומען וויעדער פערקויפען זיינע אייגענע אקציעס. עטליכע מאָל האָט ער אזוי קינסטליך געהויבען און פערקלענערט דעם פרייז פון דיא אַקציעס, פערדינענ־דיג שטענדיג דערביי מיליאָנען. מען האָט אויסגערעכענט, אז צוזאַמען האָט ער ביי דיזען „שפּיעל“ געמאַכט ניט וויינִיגער וויא פינף אין צוואנציג מיליאָן פראַנק. נאָך איידער די נאָרד־אייזענ־באַהן, וועלכע געהערט ביז יעצט צו דיא פּאַריזער פירמע ראָטה־שילד, איז אויסגעבויט געוואָרען, האָט דזשעמס אזוי „פערדיענט“ 75 מיליאָן פראַנק, ניט אריינלעגענדיג אין דעם „געשעפט“ אַ סענט געלד, אויסער דיא קאָסטען צו דרוקען דיא אַקציעס...

אָט אויף אַזאַ איינפאַכען, אָבער זיכערען וועג האָט דזשעמס ניט איין מאָל געמאַכט מיליאָנען. עס איז קיין קונץ ניט צו מאַכען אַזעלכע, פּשוט גערעדט, רויבערישע „אָפּעראַציאָנען“, נאָר דערצו דאַרף מען האָבען אַ סך געלד, אום צו קענען צו יעדער צייט איינ־קויפען אַ סך אַקציעס אין א קורצער צייט. דזשעמס ראָטהשילד האָט דערביי אפילו ניט ריזיקירט מיט איין גראָשען. ער איז פון אָנפאַנג אָן זיכער געווען צו מאַכען מיליאָנען אויף דער רעכנונג פון קליינע ספּעקולאַנטען און איבערהויפּט פון פּובליקום, וואָס האָט זיך געלאָזט איינרעדען פון צייטונגען, אז דיא נאָרד־אייזענ־באַהן איז אַ גאָלד־גרוב. א גאָלד־גרוב איז זיא טאַקע, אבער נאָר פאר ראָטהשילד'ן...

נאָך דער רעוואָלוציאָן פון 1848 יאהר, ווען דיא רעפּובליקאַ־נישע רעגיערונג פון פראַנקרייך האָט זיך געווענדעט ניט צו דיא באַנקירען, נאָר צום פאָלק נאָך געלד, דאָס הייסט, ווען זיא האָט איינגעפיהרט זאָגענאַנטע אינערליכע הלואות, האָבען דיא ראָטה־שילדס און אַנדערע גרויסע באַנקירען זיך גענומען צו אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען און בעזאָנדערס צו בויען אייזענבאַהנען. דערביי

האָבען זיי אָפט געמאַכט נאָך מעהר וויא ביי דיא פריהערדיגע בעסטע הלואות. נאָר קיינער האָט ניט אַרויסגעשלעפּט פון „האָכ־געשעצטען פובליקום“ 75 מיליאָן פראַנק מיט איין קלאַפּ, איינפאַך פאַר שטיקלעך פאַפּיער, וויא דזשעמס ראָטהשילד, ווען ער האָט פערכאַפּט דיא נאָרד־אייזענבאַהן פון פראַנקרייך.

אויף דיזער אַרט האָט ער געקענט איבערלאָזען זיינע יורשים ניט ווייניגער וויא אַ מיליארד פראַנק... וועגען זיינע פינאַנציעלע טהעטיגקייט קען מען אין אַלגעמיין זאָגען, אז ער האָט געמאַכט מיליאָנען, ווייל ער האָט אַרויסגעטראָטען בעוואַפּענט מיט זיין פאטער׳ס און ברודער׳ס מיליאָנען. נאַטהאַן ראָטהשילד וואָלט געקענט מאַכען מיליאָנען איינפאַך אַלס ספּעקולאַנט, מיט אַ גאַנץ קליינעם קאַפּיטאל אין אנפאנג, דזשעמס — ניט.

דיזער איננגסטער זוהן פון מאיר אמשעל האָט איבערגעלעבט אַלע זיינע ברידער. ער איז געשטאָרבען אין 1868, ווען ער איז אַלט געוועזען 90 יאהר, אָבוואָהל ער האָט שטענדיג געליטען פון אַ מאָגען־קראַנקהייט און האָט דיא לעצטע 20 יאהר פון זיין לעבען זיך געשפּייזט נור מיט מילך.

ער איז געוועזען אַ מערקווירדיג פלייסיגער מענש. ער האָט געארבייט אזוי פיעל און לאַנג, דאָס זעהר ווייניג מענשען וואָלטען עס געקענט אויסהאַלטען אפילו עטליכע יאהר. מיר וועלען דאָ אין קורצען איבערגעבען, וויא אַזוי ער האָט פערבראַכט אַ טאָג אין זיין קאָנטאָר, ווען ער איז שוין געוועזען איבער 70 יאהר :

פינף אוהר אין דער פריה איז ער שוין געזעסען לעבען זיין שרייב־טיש אין אַ ווינקעל פון זיין גרויסען קאַבינעט. ארום ניין אוהר, ווען מאַסען מענשען האָבען זיך געשטופּט איהם צו זעהען ווענען געשעפטען, איז ער שוין געווען פערטיג מיט זיין אייגענער ארבייט. א רייהע אַגענטען, מאַקלערס, באַנקירען, געשעפטסלייטע האָבען זיך געצויגען צו איהם אין פערלויף פון וויניגסטענס דריי שטונדען ביז מיטאג־צייט. ער פלעגט יעדען אַליין אויסהערען קאַלטבלוטיג און עטוואָס בייז און זעלטען ווען ער פלעגט אימיצען זאָגען אַ גוט וואָרט. זיינע צוויי זיהן און איידעם, וועלכע האָבען

זיך ארומגעדרעהט אין קאַבינעט, האָבען מייסטענס נאָר זיך פער־גומען מיט דער אינערליכער ארבייט פון דער קאָנטאָר. יעדער מאַקלער פלעגט איהם דערלאנגען א טאַבעלע פון קורס און ווארטען אויף אַ בעפעהל צו קויפען אָדער צו פערקויפען. מיט זעלטענע גערולד פלעגט ער אויסהאלטען דיא טעגליכע אטאַקעס פון הונדער־טער מענשען מיט פערשידענע פאָרשלעגע. ער פלעגט אַלעם אויסהערען און בעטראַכטען אזוי וויא פערטיעפט אין זיינע געדאַנקען. אַ זייטיגער מענש וואָלט זיך געוואונדערט צו וואָס דאַרף ער דאָס אין גאנצען. אבער ער האָט דורך דעם געהאַט א קורצען איבערבליק אויף דעם צושטאנד פון דער בערזע יעדען טאָג.

אָט האָט ער מיט כעס אראָבגעריסען 80 פראנק פון דער רעכנונג פון איינעם פון זיינע אַגענטען. באלד נאָך דעם איז אַ הענדלער מיט אַנטיקען צוגעקומען און האָט איהם פאָרגעשלאָגען צו קויפען אַ גאָלדענע קעסטעלע מיט אַ זעלטענע עמאַל. דאָ זיינען צוגעשטאַנען צו איהם צוויי אריסטאָקראַטישע דאַמען, אַ מוטער מיט אַ יונגע שעהנע טאָכטער, און איהם געבעטען קומען זעהען ביי זיי אַ קאָמאָד פון לודוויג דעם פונפצעהנטען, וואָס ער האָט זיך קורץ און שאַרף אָבגעזאָגט צו טאָן. ווייטער איז געקומען אַ דיאַמאַנטען־הענדלער, אַ'ן ערפינדער, אַ'ן אינזשיניער, אַ'ן ענג־לענדער, אַ'ן איטאַליענער, מענער און פרויען פון פערשידענע נאַציאָנען און קלאַסען — יעדער מיט אַ פאָרשלאַג און אַ בעזונדער מינע.

דער טומעל אין דעם פאָרדער־צימער און אין קאַבינעט פון דעם געלד־קעניג איז אַלץ געוואָרען גרעסער, כמעט אזוי וויא אויף אַ בערזע, און דאָ איז נאָך מיט אַ מאָל אריינגעלאָפען א 6־יעהריגער אינגעלע, רייטענדיג אויף אַ שטעקעל און בלאָזענדיג מיט אַלע כחות אין אַ טרומייטער. נאָך איהם האָבען זיך געיאָגט צוויי מיידעלעך מיט פרעהליכע געשרייען. זיי האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן אויף זייער זיידען און גענומען קריכען אויף זיינע קניע. ער האָט אויך געדולדיג אויסגעהאלטען דיזע אטאַקע און האָט זיי מיט ליעבע געקושט.

אין מיטען דערינגען האָט אַ בעאַמטער אריינגעפיהרט אַ בלאָנדען יונגען מאַן און האָט שטילערהייט געזאָגט ראָטהשילד'ן זיין נאָמען. דאן האָט זיך דער פינאַנץ־קעניג געלאַסען אויפגעהויבען פון זיין שטול, אויף וועלכען זיין עלטערער זוהן האָט זיך געזעצט אויפצונעהמען דיא מאַקלערס און אגענטען. דער באַנקיר און דער יונגער בלאָנדער מאַן האָבען זיך אָבגעשטעלט לעבען אַ פענסטער. דער יונגער מאַן איז געוועזען אַ פערטרעטער פון אַ גרויסמאַכט, וועלכער האָט זיך געהאַלטען זעהר שטאָלץ אין טוילערי (נאַפּאָלעאָן'ס פּאלאַץ), אבער איז דאָ געשטאַנען מיט אַ'ן איינגעבויגענע קאָפּ און בעטענדען שמייכעל. אין דיזען צימער, וועלכער איז געוועזען אזוי וויא אַ'ן עפענטליכער פּלאַץ און וואו עס האָט געהויישט וויא אויף דיא טרעפּ פון דער בערזע, האָט ראָטהשילד ניט איין מאָל עמפּפאַנגען דיפּלאָמאַטען און אפילו דעם קייזער'ס מיניסטערס, שטעהענדיג לעבען אַ פענסטער אָדער אין אַ ווינקעל.

דערוויילע איז געקומען מיטאָג־צייט, און דער פינאַנץ־קעניג איז אוועק אין עסצימער, בעגלייטעט פון זיינע שרייענדע אייניקלעך. דאָרטען האָט זיך שוין געפונען זיין פאמיליע, זיהן, טעכטער און אייניקלעך, ארום אַ גרויסען טיש. דיזען טאָג זיינען דאָרט געוועזען 19 שטיק, דארונטער 8 אייניקלעך. לעבען זיין אָרט, ביי'ן עק פון טיש, איז געשטאַנען אַ טאַסע מילך — זיין איינציגע שפּייז. ווען ער האָט זיך אנידערגעזעצט, האָט ער צוגעמאַכט דיא אויגען פון אויסגעמאַטערטקייט. נאַכהער האָט ער מיט ציטערענדע הענד צוגעטראָגען דיא טאסע מילך צום מויל, דערלאנגט אַ זופּ און אויסגערופען מיט אַ קרעכץ: „וויא האָב איך זיך היינט אויסגעמאַטערט!" אָבער מען האָט איהם ניט געלאָזען רוהיג אויסטרינקען דאָס ביסעל מילך, דען דיא מאקלערס און אגענטען, וועלכע זיינען ערשט געקומען פון דער בערזע, האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן צו איהם אין עסצימער, וואו זיין פאמיליע, וועלכע איז געוואָהנט געווען צו דיזען שטענדיגען טומעל, האָט גאנץ לוסטיג געגעסען אלערליי געריכטען, און דיא קינדער האָבען געלאַרעמט....

אָט אזוי גליקליך האָט געלעבט אויף דער עלטער דיזער

מיליארדער, דיזער הערשער פון דער פאריזער בערזע, דיזער מעכ־טיגער פינאנץ־קעניג....

אין דעם ראָמאַן „געלט" שילדערט עמיל זאָלא אזוי דיזען מיליאַרדער : „סאקאר (אַ ספּעקולאַנט און דער העלד פון ראָמאַן) האָט ניט אראָפּגעלאָזען דיא אויגען פון ראָטהשילדען, וועלכער האָט לאנגזאם געשלונגען מילך מיט אזא אָנשטרענגונג, אז עס האָט געשיינט, דאָס ער וועט עס קיינמאָל ניט אויסטרינקען. ער האָט ניט געטאָרט אָנריהרען איר־גענד וועלכע אנדערע שפּייז אויסער מילך. צו וואָס דאַרף ער אַ מיליארד פראנק? האָט סאקאר געטראכט. פרויען האָבען איהם קיין מאָל ניט געצויגען. פערציג יאָהר איז ער געבליבען טריי זיין פרוי, און יעצט איז ער שוין אלט און שוואך. צו וואָס דאַרף ער אויפשטיין פינף אַ זייגער אין דער פריה, זיך פערנעהמען מיט אזא שרעקליכען געשעפט, ווערען אויסגעמאַטערט ביז'ן ביין, פּיה־רען אַ קאטאָרזשנעם לעבען, פון וועלכען יעדער בעטלער וואָלט זיך אָפּגעזאָגט, און ארומטראָגען זיך מיט אַ קאָפּ פול מיט ציפער און מיט אַ שאַרבען וואָס האַלט ביי'ן פּלאצען? צו וואָס דאַרף ער צוגעבען נאָך נוצלאָזעס געלד צו זיין גאָלד, ווען מען קען אפּ[illegible] ניט קויפען אין גאַס אַ פונט וויינשעל און עס אויפעסען, ווען מען קען ניט אוועקפיהרען אין אַ קליינעם רעסטאָראַן אויפ'ן ב[illegible] טייך אַ פרויענצימער, וואָס מען בעגעגענט אין גאַס, ווען מען ק[illegible] ניט געניסען פון אלעס, זיך פוילען, זיין פריי! און סאקאר האָ[illegible] טראָץ זיין אונערזעטליכען גייץ, געליעבט געלד פאר דיא מאַ[illegible] וואָס זיי גיבען, האָט געפיהלט אַ הייליגען ציטער, ווען ער האָ[illegible] געקוקט ניט אויף אַ געוועהנליכען קמצן, וועלכער קלייבט גלאַ[illegible] געלט, נור אויף אַ פליסיגען ארבייטער אָהן טהירישע לײדענשאַ[illegible] טען, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון פערגעניגען, פון אלעס, נאָר וועלכער זעצט פאָר, טראָץ זיין קרענקליכען אלטער, צו הויבען אַלץ העכער זיין מיליאָנען־טהורם מיט דעם איינציגען ציעל איבע[illegible]־צולאָזען עס זיינע קינדער, אז זיי זאָלען דיעזען טהורם העכער מאַכען ביז ער וועט בעהערשען דיא וועלט."

דערבײַ איז דזשעמס אויך געווען קראַנק. וועגען זײַן קראַנקקייט דערצעהלט מען אַ סך געשיכטען. מיר וועלען נאָר איבערגעבען איינע, וועלכע איז זעהר כאַראַקטעריסטיש. איין מאָל איז ער אוועק צום בעריהמטען מאַלער האַראַס ווערנע צו בעשטעלען זײַן פּאָרטרעט.

— וויא פיעל וועט איהר פערלאַנגען ? — האָט ער געפרעגט.

— ביי אייך ? 4000 פראַנק.

— אָט באַלד וועל איך זיי אייך שטעקען ! 4000 פראַנק פאַר עטליכע שמירעכצען מיט'ן פּינזעל ! דאָס איז שוין אַ צו לייכטער מיטעל צו מאַכען געלט !

— פון דעסטוועגען 4000 פראַנק און אפילו אַ סאַנטים ניט ווייניגער, האָט דער מאַלער קאַלטבלוטיג ערקלעהרט.

— איהר זייט פּשוט אַ משוגענער ! האָט דער מיליאַרדער אויסגערופען און איז אַרויס.

— וואַרט אַ ביסעל, האָט איהם דער מאַלער נאָכגעשריען, איך וועל מאַכען אייער פּאָרטרעט אומזיסט.

דער קינסטלער האָט עס ווירקליך געמאַכט, אָבער אַזוי, אַז אפילו דזשעמס ראָטהשילד, וועלכער האָט זיך ווייניג געקימערט וועגען דיא עפענטליכע מיינונג וויא זײַן ברודער אין לאָנדאָן, האָט געמוזט זײַן אונצופריעדען. דער קינסטלער האָט איהם אָפּגעמאָלט אויף אַ בילד, וואָס האָט פאָרגעשטעלט דיא אונטערגעבונג פון דעם אַלזשירער העלד אַב־דעל־קאַדער צו דיא פראַנצויזען, אין דער פערזאָן פון אַ העסליכען און קאַרגען איד, וועלכער אַנטלויפט אין שרעק מיט אַ קעסטעלע געלד און צירונג. אין דעם געזיכט פון דיזען פייגען אידעל האָט יעדערער געקענט דערקענען דעם מיליאַרדער, און דער עולם האָט ניט ווייניג געלאַכט פון דיזען איינפאַל.

טראָץ זײַן קאַרגקייט האָט ער דאָך זיך ערוואָרבען אַ נאָמען פון אַ פילאַנטראָפּ. ער פלעגט מנדר זײַן גרויסע סומען אויף פערשיעדענע צדקה־אַנשטאַלטען ; אָבער דאָס האָט ער ניט געטאָן אויס מיטלייד און ליעבע צו מענשען, וויא אויס ליעבע צו כבוד.

ווען ער פלעגט געבען צדקה, האָט ער זיך געסטאַרעט, אז מען זאָל עס גוט וויסען. זיין שטרעבונג זיך אויסצופיינען האָט איהם אויך געפיהרט צו קויפען זיך אַ באראָן־טיטעל אין עסטרייך. אַ מאָל פלעגט ער זוכען אויסצושלאָגען דיא הוצאה אויף צדקות דורך אַ קליינע ספּעקולאַציאָן אויף דער בערזע. מען דערצעהלט, אז איין מאָל האָבען איהם עטליכע אידען פאָרגעוואָרפען, דאָס ער זאָרגט גאָר ניט וועגען זיינע אָרימע ברידער, און האָבען איהם פאָרגעשלאָגען .ער זאָל זיי געבען עפּעס אַ געלעגענהייט צו מאַכען געלט אויף דער בערזע. ער האָט דאַן ארויסגערופען אַ קינסטליכע העבערונג פון געוויסע ווערטה־פּאַפּירען, און אַ געוויסע צאָהל אידען האָבען דערביי „פערדיענט“ 850 טויזענד פראנק. מען בעהויפּטעט אויך, אז אַ טהייל פון דיעזען „פערדיענסט“ איז פערברויכט געוואָרען צו בויען אַ סינאַגאָגע אין פאריז...

אויסהעלפען אימיצען מיט זיין געלד האָט ער זעהר פיינד געהאַט. מען דערצעהלט, אז ווען אַ פריינד האָט זיך צו איהם געווענדעט מיט אַ ביטע צו געבען איהם קרעדיט פאַר אַ געוויסען געשעפט, האָט ער געענטפערט: „געלד וועל איך אייך ניט געבען אפילו איין סאנטים, נאָר העלפען קען איך אייך. קומט, מיר וועלען צוזאמען פאָהרען אויף דער בערזע“. ווען זיי זיינען געקומען, איז ראָטהשילד עטליכע מאָל מיט איהם ארומגעגאנגען געאָרמט איבער'ן זאל. נאַכהער, ווען ראָטהשילד איז אוועקגעפאָהרען, האָבען אלע ארומגערינגעלט זיין פריינד און איהם פאָרגעשלאָגען זעהר גוטע געשעפטען. זיין קאריערע איז אזוי געמאַכט געוואָרען, ווייל מען האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ פריינד פון דעם בערזען־קעניג.

.6

## דיא יורשים פון דיא ערשטע פינאַנץ־קעניגע.

ווענען דיא איבעריגע דריי זיהן פון מאיר אנשעל איז ניטאָ וואָס בעזאָנדערס צו זאָגען. זיי האָבען נאַטירליך אויך געמאַכט געלט אין זייערע קאַנטאָרען אין פראַנקפורט, וויען און נעאַפּעל; אָבער זיי זיינען ניט געווען פעהיגע ספּעקולאַנטען און האָבען אויך ניט ארויסגעצייגט אזא זשעדנעקייט צו גאָלד און אזא האַלזברעכענדע טהעטיגקייט וויא זייערע ברידער אין לאָנדאָן און פּאַריז. קאַרל, וועלכער האָט זיך בעזעצט אין נעאַפּעל, האָט פערהעלטניסמעסיג וויינינג געטויגט צו פינאַנציעלע געשעפטען. אַ געוויסע צייט האָט ער אפילו ניט געעפענט אַ קאַנטאָר. פון דעסטוועגען האָט ער אויך איבערגעלאָזען ניט וויינינגער וויא 200 מיליאָן פראַנק. זיינע קינדער האָבען גאָר קיין נייגונג געהאַט צו געשעפטען. זיי האָבען געלעבט אָהן שום בעשעפטיגונג, ווען מען זאָל ניט רעכענען זייערע וואַנדערונגען איבער בילדער־גאַלערעען און מוזעאומען. לעבענדיג אין איטאַליען, האָבען זיי ליעב געקראָגען קונסטווערק און זיינען אַזוי פערטאָן געווען אין קאָלעקציאָנען פון אַנטיקען, וויא איינינגע זייערע שוועסטער־קינדער אין ענגלאַנד מיט רייסעס (ווענטרענען), טייערע פערד, הינד און אַנדערע ספּאָרטס נאָך דעם ענגלישען מוסטער. דער גייסט פון דיא רייכע און געבילדעטע קלאַסען אין דיזע לענדער האָט זיך אָבגערופען אויף דיא יעניגע פון מאיר אמשעל׳ס אייניקלעך און אור־אייניקלעך, וועלכע האָבען איבערגעגעבען זייער חלק אין דיא הענד פון דיא געשעפטס־פיהרער פון זייער פאַמיליע און געלעבט נאָך זייער געשמאַק און פערגניגען.

דיא געשעפטען פון דער נעאַפּאָליטאַנער פירמע זיינען אין גאַנצען איבערגעגאַנגען צו דער פּאַריזער.

דער פראַנקפורטער ראָטהשילד האָט זיך אונטערשיידעט פון אַלע זיינע ברידער דערמיט, וואָס ער איז געווען א פרומער איד. ער איז געשטאָרבען אָהן קינדער, איבערלאָזענדיג זיינעם אַ פּלימעניק אַ 200 מיליאָן פראַנק. דער גרינדער פון דער וויענער פירמע

האָט זיך מיט גאָר נישט אויסגעצייכענט אויסער מיט זיין געקויפטען טיטול באַראָן. דיזע פירמע איז איינענטליך געוועזן אַ'ן אבטיילונג פון דער פּאַריזער.

אַלע ברידער האָבען געלעבט זעהר פריינדליך צווישען זיך, געשטיצט איינער דעם אַנדערען, זאָ דאָס פּראַקטיש זיינען זיי געוועזן שותפים פון איין געשעפט. אַלע צוזאַמען האָבען זיי אויסגעפיהרט פיעלע גרויסע אונטערנעהמונגען וויא, צום ביישפּיעל, דיא אויפבויאונג פון דיא וויכטיגסטע אייזענבאַהנען אין עסטרייך־אונגאַרן.

ווען מאיר אמשעל וואָלט געקענט זעהען, וואָס זיינע אייניקלעך טהוען, וואָלט ער בעזאָנדערס נחת געהאט פון נאַטהאַן'ס שפּאָרעוודיגען זוהן ליאָנעל. דיעזער האָט גע'יריש'ענט דיא פינאַנציעלע פעהיגקייטען פון דעם זיידען און פאַטער. נאַטהאַן ראָטהשילד האָט איבערגעלאָזען פיער יורשים: נאַטהאַניעל, ליאָנעל, מעיער און אַנטאָני. דער עלטערער איז געוועזן אַ מעלאַנכאָלישער מענש און האָט זיך ענטזאגט פון אירגענד וועלכע געשעפטען. ער איז אוועק נאָך פּאַריז, וואו ער האָט געלעבט איינזאַם, שטיל און אונפעררהייראַטעט. זיין ליעבלינג־בעשעפטיגונג איז געוועזן זאַמלען אַלטע מטבעות. נאַטהאַן'ס צוויי אינגערע זיהן האָבען זיך אין גאַנצען אָבגעגעבען צו ספּאָרטען און האָבען געזוכט זיך אויסצוצייכנען מיט זייערע פערד און געיעג־פּלעצער. זיי האָבען נאָכגעטאַנצט דיא רייכע ענגלישע לאָרדען, וועלכע האָבען אויך ניט וואָס צו טהון מיט זיך און טויטען דיא צייט אין ספּאָרטס. קיין מענש קען ניט זיצען אין גאַנצען ליידיג, אָבלעבען זיינע יאהרען מיט פערלייגטע הענד, און ספּאָרט איז וויא צוגעפּאַסט צו דיא רייכע, וועלכע האָבען קיינע פעהיגקייטען און קיין נייגונג צו עפּעס א ניצליכע טהעטיגקייט.

מעיער'ס גרעסטע אַמביציאָן איז געוועזן צו געווינען דיא בעריהמטע דערבי־רייסעס מיט זיינע פערד, און ווען דאָס איז איהם געלונגען איז ער געוועזן איבערגליקליך. ער האָט זיך אפילו געפוילט צו זיצען אין פּאַרלאַמענט, ווען מען האָט איהם אויס־

געקליבען נאָך דעם הייסען קאמפף פאר דיא פּאָליטישע רעכטע פון אידען אין ענגלאנד.

ליאָנעל האָט געפיהרט אַלע געשעפטען. דיא ברידער האָבען איהם אַנפערטרויט זייער חלק און האָבען זיך ניט גענאַרט, דען ער איז געוועזען אַ שפּאָרעוודיגער און שטרענגער בעל הבית. ער האָט נאָכגעפאָלגט זיין פאָטער, וועלכער האָט איהם פריה בעקאנט געמאכט מיט דיא אָפּעראַציאָנען און געהיימניסע פון דער בערזע. נאָר ער האָט ניט געהאַט דיא פעהיגקייטען פון זיין פאָטער צו ספּעקולאַציאָנען און האָט מורא געהאַט צו ריזיקירען. ער האָט מעהר געאַרבייט אין זיין קאָנטאָר וויא אויף דער בערזע און האָט דאָרט איינגעפיהרט אַ זעהר שטרענגע צענטראַליסטישע אָרגאַני־זאַציאָן. זיין פינאַנציעלע טהעטיגקייט איז כמעט אויסשליסליך בעשטאַנען אין באָרגען געלד צו רעגיערונגען. ער האָט געהאַט 44 הלואות אויף צוויי מיליארד פראַנק, און איז געוועזען דער פינאַנץ־אַגענט פון איינינגע רעגיערונגען. דאַרונטער אויך פון דער רוסישער. געלד האָט קיין מאָל ניט געפעהלט אין זיינע קעלערן. ער האָט שטענדיג געוואוסט, וויא ער האַלט אין דער וועלט מיט זיין אייגענעם ריעזיגען קאַפּיטאַל און מיט דיא קאַפּיטאַלען, וועלכע ער האָט צו יעדער צייט געקענט שאַפען. ווען דיא ענגלישע רעגיערונג האָט געמוזט קריעגען 40 מיליאָן פונט אין געלד, אום אויסצוקויפען די אקציעס פון זועץ־קאַנאַל, האָט עס ליאָנעל ראָטהשילד איהר צוגעשטעלט אָהן שוועריגקייטען. דורך דיזע אָפּעראַציאָנען האָט ענגלאנד אַריינגעקראָגען אין איהרע הענד דעם קאַנאַל, וואָס דיא פראַנצויזען האָבען געבויט. דאס איז געוועזען צוגלייך אַ פינאַנציעלער און פּאָליטישער זיעג איבער פראַנקרייך, אַ זיעג, וועלכער האָט שליסליך געפיהרט דערצו, אז ענגלאנד האָט אויך פערכאַפּט עגיפּטען.

אזוי וויא דיא ראָטהשילדס זיינען ניט איין מאָל בע׳גנב׳עט און בערויבט געוואָרען פון זייערע אַגענטען און בעאַמטע, האָט ליאָנעל איינגעפיהרט אַ ספּעציעלע געהיים־פּאָליציי אין זיין קאָנ־טאָר און פלעגט פלוצלונג מאַכען רעוויזיעס אין דיא ביכער.

בעזאָנדערס האָט ער זיך אזוי געהיט נאָכדעם, וויא זיין אָנקעל דזשעמס איז בערויבט געוואָרען אויף גאַנצע 32 מיליאָן פראַנק פון א געוויסען קארפּאַנטיע, וועלכער האָט עס אויסגעארבייט און אָרגאַניזירט דעם פּלאַן צו בערויבען דאָס פּובליקום אויף 75 מיליאָן פראַנק דורך די אויפהויבונג און נידריגונג פון דיא אקציעס פון דער פראַנצויזישער נאָרד־אייזענבאַהן, וויא דאָס איז אויבען ערקלערט געוואָרען. דיזער געשייטער פראַנצויז האָט מערקווירדיג קונציג בע'גנב'עט זיין בעל הבית און איז נאכהער וויא אין וואסער אריין.

וועגען ליאָנעל ראָטהשילד קען מען זאָגען, אז ער איז געזעסען אויף זיינע קאַסעס מיט גאָלד ווי א הוהן אויף אייער. דיא לעצטע 20 יאָהר פון זיין לעבען איז ער איבערהויפּט געוועזען צוגעשמידט צו זיין שטול, ווייל ער האָט געליטען פון רעוומאַטיזמוס אין די פיס; נאָך פריהער האָט ער אויך גאַנץ וויניג געוואוסט פון פערגעניגען. ער האָט זיך ניט געפיהלט היימליך אין געזעלשאַפטען און פלעגט נאָר אויפלעבען אין זיין קאָנטאָר.

נאָר בעריהמט איז ער געוואָרען דורך דעם קאַמפּף פאַר דיא פּאָליטישע רעכטע פון אידען אין ענגלאַנד. דערביי איז ער געוועזען מעהר אַן אינסטרומענט, ווי א בעוועגונגס־מאַשין. אין 1847 יאהר איז ער אויסגעוועהלט געוואָרען אַלס מיטגליעד פון פּאַרלאַ־מענט צו פערטרעטען דיא באַנקירען און רייכע קאָרפּאָראַציאָנען פון דער לאָנדאָנער סיטי, דעם רייכסטען פונקט אויף דער ערד. נאָר ער האָט ניט געקענט פארנעהמען זיין פּלאַץ אין פּאַרלאַמענט, ווייל מען האָט, נאָך דעם געזעץ, געמוזט שווערען אויף דעם עוואַנגעליום (ברית חדשה) און געברויכען אין דער שבועה דיא ווערטער „נאָך דעם אמת'ן גלויבען פון קריסטען."

דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען א בעוועגונג פאַר דיא ענדערונג פון דיזער שבועה אזוי, אז אידען זאָלען קענען זיצען אין פּאַרלאַ־מענט. דיא ליבעראַלען זיינען אַרויסגעטראָטען פאַר דיא אידען, און דיא קאָנסערוואַטיווע, בעזאָנדערס דיא לאָרדען, האָבען זיך

איינגעשפּאַרט אָנצוהאַלטען דיא אַלטע שבועה. אין דער האוז אָוו קאָמאָנס (רעפּרעזאַנטען־ אָדער דעפּוטאַטען־קאַמער) איז מיט אַ גרויסע מאַיאָריטעט אָנגענומען געוואָרען אַ פאָרשלאַג אָבצושאַפען דיא קריסטליכע שבועה, אָבער דיא האוז אָוו לאָרדס (דיא קאַמער פון אַריסטאָקראַטען, אַ מין סענאַט) האָט עס פערוואָרפען. ליאָנעל וואָלט פיליייכט אויפגעגעבען דעם קאַמפף, אָבוואָהל ער האָט נאַטירליך געוואָלט אויספיהרען דעם וואונש פון אַלע אידען, און איבערלאָזען אַן אַנדערען צו ווערען אַ דעפּוטאַט; אָבער זיינע פריינד זיינען צו איהם צוגעשטאַנען און האָבען איהם איינגערעדט ער זאָל אַרויסטרעטען אַלס קאַנדידאַט ביי דיא נעכסטע פּאַרלאַמענטס־וואַהלען. מען האָט איהם ווידער אויסגעקליבען אין דער לאָנדאָנער סיטי נאָך מיט אַ גרעסערער מאַיאָריטעט וויא דעם ערשטען מאָל. דיא באַנקיערען און געשעפטסלייטע האָבען דערמיט געוואָלט אויסדריקען זייער פּראָטעסט, וואָס זייער פערטרעטער ווערט ניט אָנגענומען אין פּאַרלאַמענט. אויף אַ גרויסען פּראָטעסט־מיטינג איז דאַן בעשלאָסען געוואָרען, אַז ליאָנעל ראָטהשילד זאָל קומען אין פּאַרלאַמענט און ערקלערען דעם ספּיקער (פּאָרזיצענדער פון דעפּוטאַטען־קאַמער), אַז ער וויל שווערען אויף דעם אַלטען טעסטאַ־מענט, וויא אַ איד. עס האָט זיך דאַן אָנגעפאַנגען אַ נייע גרויסע דעבאַטע וועגען דיזער פראַגע, נאָר דער סוף איז דיזעס מאָל געוועזן, אַז מען האָט בעשלאָסען דאָס „סער ראָטהשילד אַלס אַ איד, קען ניט פערנעהמען אַ פּלאַץ אין פּאַרלאַמענט.“

דאָ איז ניט דער פּלאַץ צו שילדערן דיזען אינטערעסאַנטען קאַמפף, וועלכער האָט זיך געצויגען 11 יאהר און וועלכער האָט זיך געענדיגט אין 1858 מיט אַ זיעג פאַר דיא אידען. ליאָנעל ראָטהשילד האָט ענדליך געקענט זיצען אין פּאַרלאַמענט, אָבער ער איז דאָרטען וועניג געזעסען. ער איז אייגענטליך נאָר געוועזן אַ נאָמען פאַר דיא יודענפריינדליכע קעמפּפער. אין פּאַרלאַמענט האָט ער זיך מיט קיין זאַך ניט אויסגעצייכענט. דיא דעבאַטען האָבען איהם וועניג אינטערעסירט און ער האָט קיינמאָל ניט פּרובירט צו האַלטען עפּעס אַ רעדע. געשטימט האָט ער מיט דער

ליבעראַלער פּאַרטיי, צו וועלכער ער האָט געהערט אַזוי וויא כמעט אַלע אידען פון זיין צייט.

געשטאָרבען איז ער אין 1879, ווען ער איז אַלט געוועזען 69 יאהר. זיין פּלאַץ איז פערנומען געוואָרען פון זיין זוהן נאַטהאַניעל, דעם יעצטיגען לאָרד ראָטהשילד. דער אור־אייניקעל פון דעם פעראַכטעטען מלוה פון דער פראַנקפורטער יודענשטראַסע זיצט יעצט צוזאַמען מיט דער העכסטער ענגלישער אַריסטקראַטיע, וועלכע האָט נאָך מיט אַ יאָהר 40 צוריק ניט געוואָלט צולאָזען זיין פאָטער אין פּאַרלאַמענט. דיזער אַלמעכטיגער לאָרד, דער גרעסטער פינאַנץ־קעניג אין דער וועלט, איז געראָטהען אין זיין פאָטער. ער איז דער איינציגער פון ליאָנעל׳ס דריי זיהן צו פיהרען דיא ריעזיגע געשעפטען פון דער פירמע. דיא אַנדערע צוויי זיהן, לעאָפּאָלד און אַלפרעד, האָבען זיך מייסטענס אָבגעגעבען צו ספּאָרטס און צו אַ לוקסוס־לעבען. זיי גיבען דעם טאָן דער ענגלישער אַריסטאָקראַטיע, ווייל זיי קענען אויסגעבען מעהר געלד אויף בעלער, באַנקעטען, טהייערע פערד, יאַכטען, פּאַרקען פּאַר געיעג א. ז. וו. ווער איז דען אים שטאַנד אויסצוגעבען אַ יאהר ביז 100 מיליאָן פראַנק ? דער לוקסוס פון דיא ראָטהשילדען איבערטרעפט יעצט אַלעם וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלען.

לאָרד ראָטהשילד קלייבט ווייטער מיליאָנען. דער מיליאָנען־טהורם ווערט אַלץ העכער דורך זיין אונערמיעדליכע ארבייט. ער האָרעוועט אַזוי ווי זיין פאָטער אין דער קאָנטאָר, ספּעקולירענדיג גאַנץ ווייניג, אָבוואָהל ער דאַרף גאַנץ ווייניג מורא האָבען צו פערלירען אונטער געוועהנליכע אומשטענדען. ער האָט אויך קיין פערגעניגען אין דער געזעלשאַפט און פיהלט זיך נאָר גוט אין זיין קאָנטאָר, וואו ער איז דער דיקטאַטאָר, דער אונבעשרענקטער הערשער. ער איז אַזוי פערנומען מיט דער פיהרונג פון דיא ריעזיגע געשעפטען, דאָס ער האָט כמעט קיין צייט ניט פאַר זייטיגע זאַכען. ער איז אַלזאָ אַזאַ שקלאַוו פון זיינע מיליאָנען וויא זיין פעטער דזשעמס ראָטהשילד.

דאָס זעלבע קען מען אויך זאָגען וועגען די מיטגליעדער

פון דער פאריזער פירמע. דיא געשעפטען ווערען דאָרטען אויך געפיהרט פון איינעם, וועלכער איז פעהיגער צו פינאנצען און וויל זיך דערמיט פערנעהמען, אום ניט אָבצושטעהן פון זייערע זיידעס. דיא איבריגע לעבען וויא מאָנארכען און טויטען זייער צייט אין פערגעניגען, רעכנענדיג דארונטער אויך איינקויפען בילדער, סטאטוען און איבערהויפט קונסטווערק. מאנכע פון זיי זיינען פעראינטערעסירט אין ליטעראטור און נאטורוויסענשאפטען, אונטערשטיצענדיג ניט זעלטען געלעהרטע צו מאכען קאָסטבארע נאכפאָרשונגען. זיי ווילען זיך ארויסצייגען אלס אונטערשטיצער פון קונסט און וויסענשאפט. אנדערע גיבען זיך אָב מעהר צו פילאנטראָפיע, האלטען אויף אָדער אונטערשטיצען צדקה־אנשטאלטען. אין אלגעמיין קען מען זאָגען, אז קיינער פון זיי האָט זיך נאָך מיט גאָר נישט אויסגעצייכענט אויף אירגענד וועלכען פעלד און אז זיי פיהרען זיך פיעל אנשטענדיגער און בעסער, וויא אירגענד וועלכע יורשים פון מיליארדערען. אין זייער אונגעהויערן לוקסוס פערגעסען זיי דאָך ניט א געוויסע מאָס פון אינטעליגענץ און אדעלקייט. פאָרלויפיג איז נאָך דיא פאמיליע ניט דעזשענע־רירט געוואָרען, וויא דאס טרעפט געוועהנליך מיט זעהר רייכע פאמיליעס.

דער ריעזיגער פערמעגען, וועלכער קען גערעכענט ווערען אין מיליארדען, געפינט זיך אייגענטליך אויף יעצט אין עטליכע הענד, גראדע וויא נאָך מאיר אמשעל׳ס טויט. דיא פאמיליע איז גאָר ניט גרויס, סך הכל אונגעפעהר 50 פערזאָן. דאָס איז פון ערשטען בליק זעהר זאָנדערבאר, ווען מען נעהמט אין אנבעטראכט, דאָס מאיר אמשעל האָט איבערגעלאָזען פינף זיהן, פון וועלכע פיער האָבען געהאט גאָר ניט וויי ניג קינדער אין אָנפאנג פון לעצטען יאהרהונדערט. אָבער אין דער ווירקליכקייט איז דאָס געקומען דורך צוויי גאנץ איינפאכע אומשטענדען : ערשטענס, דורך דעם וואָס אין דער פאמיליע איז איינגעפיהרט געוואָרען חתונה צו האָבען צווישען זיך, געוועהנליך צווישען שוועסטער־קינדער, און צווייטענס, האָבען דיא מייסטע פון די מיטגליעדער, וועלכע

האָבען קיינע געשעפטען געפיהרט, אויך ניט חתונה געהאַט. דאס איז אַ צופאַל אָדער אַ געוויסע פאַמיליען־רעגעל, אָבער דער פאַקט איז יעדענפאַלס אַ מערקווירדיגער. זעהר וויינינ פרעמדעס בלוט פליסט אין די אָדערן פון מאיר אמשעל'ס אור־אייניקלעך. אַן אנדער פאַמיליע וואָלט צוליעב דעם שוין אין גאַנצען פערשוואונדען אין פערליוף פון 100 יאהר; אָבער די ראָטהשילד פאַמיליע איז אַ זעלטען קרעפטיגע און לאַנג־יעהריגע, דען דער דורכשניטליכער לעבען פון דיא זיהן און אייניקלעך פון מאיר אמשעל איז אונ־געפעהר 70 יאהר.

נאָר וויא מען זאָל ניט ערקלערען דיזע זעלטענע לעבענס־קראַפט פון דער פאַמיליע, טראָץ דיא חתונות פון נאָהענטע בלוט־פערוואנדטע — די מיליארדען, וואָס זיינען אָנגעקליבען געוואָרען אין דיא לעצטע 120 יאהר, זיינען יעצט צענטראַליזירט אין אַ פּאָר הענד. דער הויפּט קאָמאַנדיר פון דיזער ריעזיגער פינאַנציעלער מלוכה איז לאָרד נאַטהאַניעל ראָטהשילד.

עֹנָּדֹעֹ.

מיר זיינען די איינציגע אגענטור פאר בוכהענדלער אין די פאראייניגטע שטאטען און קאנאדע אויף

# אלע ווערק פון שלום־עליכם

## נייע פאפולערע פראכט־אויסגאבע

איך פיהל, ווי צווישען מיר און צווישען דעם פאלק עקזיסטירט עפּעס אַ מין בונד. עפעס פיהל איך מיך היימיש מיט מיינע לעזער. עפעס דאכט זיך מיר, אַז איך דארף זיי און זיי באדארפען מיך...

(פון שלום־עליכם׳ס אַ בריף).

אויף דעם וואונש פון טויזענטער אידישע לעזער, וואס האָבען פארלאנגט אלע ווערק פון שלום־עליכם אין א צוגענגליכער אויסגאבע, — האָט דער „שלום־עליכם פאָנד" פון דאָס ניי ארויסגעגעבען אלע 28 בענד פון שלום־עליכם׳ס שריפטען אלס א

נייע פאפולערע פראכט־אויסגאבע.

די נייע פאָפּולערע פראכט־אויסגאבע פון שלום־עליכם׳ס ווערק אנטהאלט אלע, אכט און צוואנציג בענד פון די פריהעריגע אויסגאבעס, ניט געמינערט פון זיי קיין שורה. דער אונטערשייד פון דער נייער אויסגאבע ביז די פריהעריגע איז נאָר אין דעם, וואָס אין דער נייער פאָפּולערער פראכט־אויסגאבע זיינען די פריהעריגע 28 בענד געדרוקט און געבונדען אין 14 טאָפּעלע (צווייענדיגע) דיקע פראכט־בענד, און דאָס האָט פארלייכטערט די שווערע פראגע, ווי אזוי צו געבען דעם אידישען פובליקום די ווערק פון שלום־עליכם פאר א ביליגען פרייז. דער פרייז אויף דער נייער פאָפּולערער פראכט־אויסגאבע איז פארקלענערט געוואָרען פון דעם פרייז אויף דער פריהעריגער פראכט אויסגאבע אויף אַ פערטעל, און מיר האָפען, אז די אידישע לעזער וועלען אונז העלפען אריינצוברענגען די ווערק פון שלום־עליכם אין יעדען אידישען הויז, וואו אידיש ווערט פארשטאנען.

